## צו דעם וואָס האָט דאָס פאַרדינט

געלעבט אַ האַלב יאָרהונדערט —
מיט קינסטלער און רעזשיסאָרן,
גרינג איז ניט צו שרייבן —
וועגן יידישע אַקטיאָרן.

פון דעם אָבער קען מען —
גאַנצע ביכער שרייבן,
דאָס איז מיין מיינונג —
און דערביי וועל איך בלייבן.

מ ח ב ר



מאָריס שוואַרץ אין זיינע שאַפונגען

דוד דענק

# שוואַרץ
# אויף ווייס

•

ווי אַזוי איך האָב אים געקענט,
און וואָס איך געדענק

•

# פאָרוואָרט



אויף וועלכן געביט אַ קינסטלער זאָל זיך ניט אויסצייכענען, לאָזט ער עפּעס איבער פון זיין אַרבעט, מ׳זאָל אים געדענקען, אַ מאַלער לאָזט איבער ווערטפולע בילדער. אַ שרייבער ליטעראַטור. אַ דיכטער לידער. קאָמפּאָזיטאָרן, געטלעכע מוזיק. סקולפּטאָרס, גרויסע מאָנומענטן אָדער קינסטלערישע סטאַטועז. וואָס אָבער בלייבט פון דעם גרעסטן קינסטלער אַלס אַקטיאָר?

מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן מיט די בעסטע וואָס די יידישע בינע האָט פאַרמאָגט, און אַ יעדער פון זיי איז נאָר געווען גרויס פאַר זיך, אַ יעדערער האָט נאָר זיך אין זינען געהאַט, כמעט אַלע, די וועלכע מ׳האָט גערופן מיטן באַרימטן נאָמען „סטאַר״.

שוין לאַנג ווי איך האָב באַמערקט, אַז אַ יעדער אַקטיאָר איז אַ קלאַס פאַר זיך, ס׳איז אָבער ניט שווער צו פאַרשטיין, אַז ניט אַלע זיינען גלייך, אַ פּאָר פון זיי האָב איך שוין אין מיין בוך „הינטער די קוליסן״ אָנגעוויזן... אויף זייער גרויסקייט, און וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

דאָ אָבער קען איך מיך ניט אַזוי גיך אָפּשטעלן, איך בין אפילו זיכער, אַז דער בוך אַליין, וועט ניט זיין גענוג, ווייל מ׳קען אָנשרייבן גאַנצע ביכער, פון בלויז זיינע גרויסע אויפפירונגען, און אפשר פון אַ יעדער אויפפירונג באַזונדער, ווער ס׳פאַרשטייט טעאַטער, און ווער ס׳האָט אים געזען ביי דער אַרבעט, פון אויפפירן אַ פּיעסע, וועט זיכער זיין איינשטימיק מיט מיר, מ׳דאַרף אָבער אויך געדענקען, אַז ס׳איז געווען נאָך גוטע אַקטיאָרן, אָבער ניט אַלע קענען זיין גרויס,

פונקט ווי ביי אַנדערע פּראָפעסיאָנאַלן, זיינען אַלע מאלער גרויס? אַלע שרייבער? אפילו ביי דאָקטוירים זיינען פאַראַן פאַרשיידענע, ניט אַלע קענען דאָך זיין פּראָפעסאָרן.

ווייל איך ביי דער געלעגנהייט אָנווייזן, אַז אפילו דעם וואָס מ'האַלט פאַר אַ קלענערן אַקטיאָר, איז ער פונקט אַזוי וויכטיק, ווי דער גרויסער, ווען עס האַנדלט זיך אין שפּילן טעאַטער. אָבער אַק־טיאָרן וועלן דאָס ניט צוגעבן.

פון אַלע גרויסע וואָס זיינען געווען אין יידישן טעאַטער, האָט איינער גענומען קלעטערן צו דערגרייכונג, אין יאָר 1905. איך געדענק אים פון יאָר 1911, און אָנגעהויבן האָט ער אין יאָר 1918.

ביי מיר אָבער איז ער פאַרבליבן דער גרעסטער פון אַלע גרוי־סע, מיט זיין איבערנאַטירלעכער דערגרייכונג אין יידישן טעאַטער.

ניט נאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע אַליין, נאָר וואו ער האָט געשפּילט, אין אַלע טיילן פון דער וועלט, איז ער פאַר אַזעלכן פאַררעכנט געוואָרן.

אין וועלכן לאַנד איך בין געווען, און וואו איך בין זיך צוזאַ־מענגעקומען מיט יידן, וועלכע האָבן גערעדט פון יידיש טעאַטער, האָבן אַלע ווי איינער דאָס זעלבע געזאָגט: „מיר וואָלטן נאָך היינט אויך געגאַנגען אין יידישן טעאַטער ווען מאָרים שוואַרץ קומט מיט זיין אַנסאַמבל".

ווען דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ פון אַזאַ קינסטלער, טאָרן מיר ניט דערלאָזן, ער זאָל פאַרגעסן ווערן, וויפל איך האָב געדעקט, און ווי אַזוי איך האָב אים געקענט, איז אַריין אין דעם בוך, אויב ס'וועלן זיך נאָך געפינען אַזעלכע, און וועלן אויפבליען דאָס יידישע טעאַטער, וועלן אפשר אַ סך לערנען, ווען זיי וועלן וויסן, אַז מאָרים שוואַרץ איז געווען דער וואָס האָט אויפגעהויבן דאָס יידישע טעאַ־טער צו דער מדרגה פון קונסט. ווייל ביז מאָרים שוואַרצן, האָט מען ניט פאַרגליכן דעם יידישן טעאַטער מיטן מאָסקווער קונסט־טעאַטער, און מיט ריינהאַרדס אויפפירונגען, אויב ער האָט נאָר דאָס אַליין דערגרייכט, האָט ער פאַרדינט צו בלייבן אין דער געשיכטע פון

יידישן טעאַטער, פֿאַרשריבן אויף אַ גאָלדענעם בלאַט, פֿאַר דורות און דורות, פֿאַר אַ סך יאָרן.

נאָר איידער איך הויב אָן דעם בוך, איז ווערט צו דערמאָנען, וויפֿל שוועריקייטן מ׳האָט באַדאַרפֿט אַדורכגיין, ביז מ׳האָט צו עפּעס געקענט צוקומען אין יידישן טעאַטער. ס׳איז אמת אַז די יידישע בינע האָט אין אַמעריקע פֿאַרמאָגט די בעסטע אַקטיאָרן, און ס׳וועט ניט זיין איבערטריבן, אַז זיי זיינען געווען די גרעסטע פּרימיטיווסטע טאַלאַנטן, אָבער ס׳האָט זיי געפֿעלט שולונג, דערפֿאַר אָבער זיינען זיי געווען די נאַטירלעכסטע וואָס די וועלט האָט אַרויסגעגעבן.

כמעט אַלע זיינען געקומען פֿון אייראָפּע, ערשט דאָ האָבן זיי זיך אַנטוויקלט, ווער מער און ווער ווייניקער, פֿריער אָדער שפּעטער האָבן אַלע געהאַט די זעלבע מעגלעכקייטן.

אין אַמעריקע, איז כמעט פֿאַר אַלע געווען דער אָנהויב אין דעם יידישן דראַמאַטישן פֿאַראיין, און דער וואָס האָט געהאַט טאַלאַנט, האָט געשטרעבט צו ווערן אַן אַקטיאָר, אַזאַ פֿאַראיין האָט אַלעמען געגעבן אַ געלעגנהייט, ווייל ניט אין אייראָפּע און אויך ניט אין אַמעריקע, איז ווען געווען אַ יידישע דראַמאַטישע שולע, וואו מ׳זאָל האָבן אויסגעבילדעט יונגע יידישע טאַלאַנטן, בלויז דער דראַמאַטישער פֿאַראיין מיט אַ פּאָר אינטעליגענטע פֿאַראינטערעסירטע ליבהאָבער פֿון בעסערן טעאַטער האָבן אויפֿגעהאַלטן די דראַמאַטישע פֿאַראיינען, וואו ס׳האָט געקאָנט זיין דער אָנהויב פֿאַרן דעליטאַנט, האָט איינער געהאַט טאַלאַנט, האָט ער זיך דאָרט לאַנג ניט געקענט האַלטן, ער האָט געמוזט אַוועק פֿון דאָרטן, ווייל צו ווערן אַ פּראָפֿעסיאָנאַל, איז דאָרט ניט געווען ביי וועמען, ווייל אַלע זיינען דאָרט געווען אָנפֿאַנגער, איז די בעסטע געלעגנהייט פֿאַר אַזעלכן געווען די פּראָווינץ. מיט 50 אָדער 60 יאָר צוריק, איז אין אַ יעדער שטאָט אין אַמעריקע, געווען אַ יידיש טעאַטער, און דאָרט וואו ס׳איז געווען אַ טרופּע, האָט מען זיך אַלע מאָל געניטיקט אין אַ יונגן טאַלאַנט, אויף דער פּראָווינץ איז זייער אָפֿט אויסגעקומען צו שפּילן מיט אַ ניו־יאָרקער „סטאַר״, און ווען דער יונגער אַקטיאָר האָט ביים „סטאַר״ אויסגענומען, האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט,

אַז אַ מענעדזשער זאָל אים ברענגען אין אַ ניו־יאָרקער טעאַטער, דאָס האָט געטראָפן מיט אַ סך יונגע אַקטיאָרן, וועלכע מ׳האָט געבראַכט פון דער פּראָווינץ, און דאָס זעלבע מיט דעם גרויסן קינסטלער, מאָריס שוואַרץ, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַ וועלט־נאָמען.

אַ גרויסן דאַנק צו אַלע די וואָס האָבן מיר געהאָלפן דער בוך זאָל דערשיינען, צו מיין לאַנג יאָריקן פריינט לואי מאַרקאָוויטש. מיין טייערע פריינדין, אילזא. מיין ברודער קאַרל. און דעם גרעסטן דאַנק קומט מיין ליבער פרוי איוואַ.

ווי אויך צו די אַלע, וועלכע וועלן פאַרשפּרייטן דעם בוך פון זייער באַליבטן קינסטלער, מאָריס שוואַרץ, וועלכער האָט דער וועלט געגעבן אַזוי פיל פאַרגעניגן מיט זיינע קינסטלערישע אויפ־פירונגען, איבער דער גאַנצער וועלט.

ד ו ד  ד ע נ ק

# ערשטער טייל

## יעדע פרוי

איז געווען די ערשטע יידישע פאָרשטעלונג וואָס איך האָב געזען שפּילן אין אַמעריקע, אין דייוויד קעסלער טעאַטער, 33 צווייטע עוועניו, און צווייטער גאַס ניו־יאָרק.

געווען איז דאָס אין יאָר 1911 ווען איך בין געקומען מיט מיינע עלטערן, אין דער גאָלדענער מדינה. פאַר 75 סענט האָט מען מיך אַוועקגעזעצט אין דער פינפטער רייען אָרקעסטער, ניט ווייט פון דער בינע, וואו איך האָב אַלץ געקענט זען און הערן, וואָס ס'איז דאָרט פאָרגעקומען, מיר האָט זיך שיר געדאַכט, אַז איך בין צוזאַמען מיט אַלעמען אויף דער בינע, נאָך דער אָוועורטיורע האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג.

אַ גרינער „ספּאַט" האָט זיך באַוויזן אין דער לינקער זייט פון דער בינע, אונטער וועלכן אַ היכער מאַן איז אַרויסגעקומען איינגעוויקלט אין אַ גרויען דאָמינע. „נימאַנד" געשפּילט פון דייוויד קעסלער, דער שפּיציקער הוט וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ באַשליק, האָט אים געמאַכט נאָך אויסזען העכער, אַז ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט: — איך בין נימאַנד...

איז געפאַלן אַ פּחד אויפן עולם אין טעאַטער, ווען האָב איך מיך ערשט באַרואיקט, ווען דער צווייטער פאָרהאַנג האָט זיך צעעפנט בין איך געבליבן זיצן אַ פאַרגאַפטער, ניט נאָר פון דער רייכער אויסשטאַטונג, אָדער פון די פּראַכטפולע קאָסטיומען, נאָר פון דער שפּיל, ס'האָבן זיך אין דער פּיעסע באַטייליקט אַזעלכע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, ווי דייוויד קעסלער, מאַלווינאַ לאָבעל, סעמיועל ראָזענשטיין, קלאַראַ יאָנג, ראָזע קאַרפּ, נעטי טאָבאַיעס, מערי ווילענסקי, פעני לובריצקי און אַנדערע וועלכע האָבן זיך געציילט פון די בעסטע הונדערט שוישפּילער אויף דער בינע.

זיי האָבן געשפּילט אַזוי גוט, אַז איך בין פאַרכישופט געוואָרן, ס'איז געווען אַזוי פיל, אַז איך האָב ניט געוואוסט אויף וואָס, אָדער אויף וועמען פריער צו קוקן, און דאָך האָב איך פון איינעם, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט

אויף דער בינע, מיינע אויגן ניט געקענט אָפּרייסן, די גאַנצע צייט האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז ער פאַרשטעלט אַלעמען, וואו מיינע אויגן האָבן גע־קוקט, דאָרט איז ער געווען, ווי אַ שטן האָט ער זיך געדרייט אויף דער בינע, און דאָך אויף זיך געצויגן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, איך וואָלט נאָך איצט געשוואָרן, אַז דער עולם האָט נאָר געקוקט אויף אים, און נאָך מער האָט מיך געוואונדערט, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין ראָל, צו וואָס דאַרף מען אים דאָ אין גאַנצן? האָב איך געטראַכט, ער שטערט דאַכט מיר דעם גאַנג פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג, און דאָך ווער אים זיין שווער צו פאַר־געסן, ווייל ער קריצט זיך אַריין אין מוח.

אַלעמענס קליידער זיינען אין פאַרשיידענע רייכע פאַרבן.

ליבע, געשפּילט פון סעמיועל ראָזענשטיין, איז איינגעטונקען אין גאָלד. יוגנט, געשפּילט פון קלאַראַ יאָנג, פאַרשיינט די בינע אין אַ הימל־בלויען קאָליר. ליידנשאַפט, איז אין גאַנצן רויט, ווי אַ וואַלד וואָלט געברענט. אומ־שולד, איז ווייס ווי אַ לילי אין מאַי. אַלעמענס קליידער זיינען אין ראַשנדע פאַרבן, נאָר זיינע קליידער זיינען טונקעלע, אַ פאַלערינע מיט אַ צילינדער־הוט, אין דער לינקער האַנט, האַלט ער אַ קליין ווייס פרענטש פּודעלע, דאָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר שוואַרצע ליכטיקע אויגן ביי די זייטן אַרום פּיסקעלע איז ברוינלעך, האָט זיך פון דער ווייטנס געדאַכט אַז דאָס הינטעלע שמייכלט, איבערהויפּט דאַן, ווען ביי אַ געוויסן רעפּליק, קומט אים אויס צו ענטפערן, מיט אַ כי, כי, כי. „אין דעם איז באַשטאַנען די גאַנצע ראָל״ און מיט דריי מאָל כי, איז ער אַדורך געגאַנגען די גאַנצע פּיעסע.

וואָס לענגער ער איז אויף דער בינע, אַלץ מער אינטערעסאַנטער ווערט ער, אפשר האָב איך צו יענער צייט, ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון זיין אומדרייען זיך, דאָך האָב איך דערפילט, אַז ער מוז דאָ זיין, ער איז וויכ־טיק, מ׳דערקענט דאָס אין זיין פּנים, און דערפאַר האָב איך די גאַנצע צייט וואָס איך בין געזעסן אין טעאַטער, פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען.

ס׳איז שוין געווען שפּעט ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך פאַרענדיקט, דאָך האָט זיך ניט געגלוסט פאַרלאָזן דאָס טעאַטער, נאָר ביז איך בין צו־געקומען צו דער טיר אַרויסצוגיין, האָט אַלץ געגומען ביסלעכווייז פאַר־שווינדן, נאָר ניט דער שטן, ווערלכער, מיר האָט זיך אין אָנהייב געדאַכט, אַז ער איז געווען אינגאַנצן איבעריק, אים האָב איך פאַר אַ לאַנגער צייט, ניט געקענט פאַרגעסן, אַזאַ טיפן איינדרוק האָט דער אַקטיאָר געמאַכט מיט זיין שפּילן, דאָס איז געווען מאָריס שוואַרץ.

⁂

ווער ס׳געדענקט סעקאָנד עוועניו פון יענער צייט, איז זי געווען פאַר־רעכנט, פאַר דער יידישער בראָדוויי, ווייל דאָרט איז ניט נאָר געווען אַלע גרויסע יידישע טעאַטערס, נאָר טאַקע די גאַנצע פּראָפעסיע, אין 108 סעקאָנד עוועניו איז געווען די יידישע אַקטיאָרן יוניאָן לאָקאַל 1. אין נומער 40 איז געווען די וואָדעוויל יוניאָן לאָקאַל 5. אין 188 איז געווען די באַרימטע ראָיאַל קאַפע, דאָרט האָט מען אַלע מאָל געטראָפן די גאַנצע פּראָפעסיע פון יידישן טעאַטער, דער גאַנצער געגנט ביז העט אַרויף צו דער עטלעכע און צוואַנציקסטער גאַס, איז געווען פאַרצווייגט מיט קינסטלער, ווי אַ גע־דיכטער וואַלד מיט דעמבעס, און אַ יעדער אַקטיאָר האָט זיך אָנגעזען, ווער שמועסט נאָך פון די גרויסע, ווי יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער, באָריס טאָמאַשעווסקי, מאָריס מאָריסאָן, זיגמונד מאָגולעסקאָ, מאָריס מאָסקאָוויטש און אַ סך אַנדערע, איך האָב קיין איינעם פון זיי ניט אַדורכגעלאָזט, אויך ניט די פרויען וועלכע האָבן צו יענער צייט געשיינט ווי די שטערן אין הימל מיט זייער טאַלאַנט אין שיינקייט. בערטאַ קאַליש, קעני ליפּצין, סאַראַ אַדלער, מאַלווינאַ לאָבעל און אַ סך אַנדערע.

אפילו אין די גאָר קליינע טעאַטערס, וואו מ׳איז אַריינגעגאַנגען פאַר אַזוי ווייניק ווי פאַר 5 סענט, איז מיר אויך געווען אינטערעסאַנט, ווייל אויך דאָרט זיינען געווען טאַלאַנטן, אַ פּאָר פון די פרויען וואָס האָבן אין יענע טעאַטערס געשפּילט, זיינען שפּעטער געוואָרן באַרימטע אַקטריסעס אויף דער יידישער בינע, אָבער קיין איינע פון זיי, איז ניט געוואָרן קיין מאָריס שוואַרץ.

ווען מען און אין וואָס איך האָב שוין דערנאָך געזען, איז ניט געווען קיין פאַרגלייך, ווייל איך האָב זיי באַלד פאַרגעסן, און כאָטש ער, מאָריס שוואַרץ, איז צו יענער צייט געווען כמעט ווי אַן אָנפאַנגער אין ניו־יאָרק, אַרומגע־רינגלט מיט אַזעלכע גרויסע טאַלאַנטן, האָט ער דאָך מיט זיין שפּילן, גע־מאַכט אַ טיפן איינדרוק, ווי זאָגט מען, דאָס יונגע קליין ביימעלע, האָט זיך לעבן די ריזן שטאַרק אָנגעזען.

פאַר אַ צווייטער געלעגנהייט, האָב איך געמוזט וואַרטן. אין יאָר 1912 האָב איך נאָך אַמאָל געזען די פּיעסע „אַ יעדע פרוי”. די פּיעסע איז כמעט געגאַנגען צוויי יאָר אין דייוויד קעסלער טעאַטער, ס׳איז גלויב איך געווען אַ ספּעציעלע פאָרשטעלונג פאַרן דעמאָלטיקן מעיאָר געינאָר פון ניו־יאָרק. אָבער דאָס מאָל אָן דייוויד קעסלער, און ווען דער גרינער „ספּאָט” האָט זיך

באַוויזן, איז אונטער אים אין דעם זעלבן גרויען דאָמינע, מיטן באַשליק־שפּיץ אויפן קאָפּ אַלס „נימאנד״ געשטאַנען מאָריס שוואַרץ.

מיר דאַכט זיך אַז עס פעלט עפּעס... ער איז אָבער ניט שלעכט, ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז דער צו שנעלער איבערגאַנג פון גאָרניט ביז צו דער הויפּט־ראָל, האָט מיך אַ ביסל שאָקירט, אָבער נאָך מער האָט מיר געפעלט די ראָל וואָס מאָריס שוואַרץ האָט פריער געשפּילט.

און ווען מ׳פרעגט מיך, הייב איך ניט אָן צו געדענקען, ביזן היינטיקן טאָג, ווייס איך ניט, ווער ס׳האָט די ראָל געשפּילט, איך וואָלט אפילו געקענט שווערן, אַז איך האָב דאָס מאָל די ראָל אין גאַנצן אויף דער בינע ניט געזען, און דאָך איז זי געשפּילט געוואָרן, פאַרשטייט זיך דורך אַן אַקטיאָר וואָס האָט זיך אין גאַנצן ניט אָנגעזען, וואָס האָט דאָס באַוויזן? אַז ניט אין אַ סך רעדן אויף דער בינע, קען מען דערקענען דעם אמתן טאַלאַנט, נאָר אין אויסשפּילן דעם כאַראַקטער, איז טאַקע דער אָוונט געווען אינטערעסאַנטער פאַר מיר, איצט האָב איך נאָך מער ווי פריער געגלויבט אַז מאָריס שוואַרץ איז דער גוטער אַקטיאָר.

כדי דער לייענער זאָל בעסער פאַרשטיין, פאַרוואָס איך שטרייך דאָ אונטער מיין גלויבן אין מאָריס שוואַרץ אַז ער איז אַ גוטער אַקטיאָר איז דערפאַר, ווייל ערשטנס איז ער געווען אַ גוטער אַקטיאָר, צווייטנס ווייל צו יענער צייט, זיינען געווען אַ סך גוטע אַקטיאָרן, און צו שפּילן דייוויד קעס־לערס אַ ראָל, און נאָך אין זיין טעאַטער דערצו, האָט מען באַדאַרפט וואַרטן אַ לאַנגע צייט פאַר אַזאַ געלעגנהייט, נאָר מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט צו דעם אַ סך מזל.

גראדע האָט זיך געמאַכט, דייוויד קעסלער האָט זיך צעקריגט מיט זיין ווייבס זון מאַקס ווילנער, און ער האָט פאַרלאָזט דאָס טעאַטער, האָט מאָריס שוואַרץ אים געמוזט פאַרטרעטן. איז דאָס אָבער מער ניט געווען ווי אַ שאָקל פון אַ ווינט, און די גרויסע דעמבעס האָבן זיך אַ בויג געטאָן, האָט זיך דאָס יונגע ביימעלע מאָריס שוואַרץ, פאַר אַ ווײַלע אַרויסגעזען.

דאָ דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסן, אַז אויף דער עווענין זיינען געווען אַ סך גרויסע טעאַטערס, מיט באַרימטע סטאַרס, און אָן אַ גרויסן נאָמען האָט מען ניט געקאָנט אויפהאַלטן דאָס טעאַטער, און אַזעלכן ווי דייוויד קעס־לער, איז אויפן מאָמענט אויך ניט געווען לייכט צו קריגן, און ווי דאָס ווערטל גייט, שפּילן מוז מען, האָט מען דערווייל אַריינגענומען סאַראַ אַדלער, פאַר עטלעכע פאָרשטעלונגען, איז דאָס פאַר מאָריס שוואַרצן געווען ווי געוואונטשן,

אין אירע פּיעסן איז אים, מאָריס שוואַרצן, אויסגעקומען צו שפּילן צוויי הויפּט־ראָלן, וועלכע האָבן דעם גרויסן יעקב פּ. אַדלער, באַרימט געמאַכט, נחום אסתרן, אין דער פּיעסע „געבראָכענע הערצער" פון ז. ליבין און דר. גאָלדענוויזער, אין דער פּיעסע „די אמתע קראַפט" פון יעקב גאָרדין.

ווען איך האָב אים געזען אין די צוויי ראָלן, האָב איך געטראַכט, אַז די פּראָווינץ איז אים גוט צונוץ געקומען, ווייל דעם רעפּערטואַר וואָס ס'איז אים אויסגעקומען צו שפּילן, איז אים איצט לייכט געווען צו פּאַרטרעטן אין די צוויי הויפּט־ראָלן, אמת יעקב פּ. אַדלער איז טאַקע אין זיי געווען גרויס, אָבער מאָר־ס שוואַרץ איז אויך ניט געווען שלעכט אין זיי איבערהויפּט ווען ס'האָבן אויך אין די פאָרשטעלונגען פון ביידע פּיעסן אָנטייל גענומען אַזעלכע גוטע אַקטיאָרן ווי סעמיועל שנייער, בערעלע בערנשטיין, און טאַקע די גרויסע סאַראַ אַדלער אַליין, אַלע האָבן זיך גוט אָנגעזען, דאָך האָט שוין דאַן מאָריס שוואַרץ פאַרמאָגט אין זיך עפּעס וואָס האָט אים אַרויסגעשטעלט, דערפאַר אפשר ווען איך האָב נאָר געהאַט די געלעגנהייט, בין איך געלאָפן אים זען, אין וואָס ער האָט געשפּילט.

***

צו יענער צייט איז יידיש טעאַטער איבערהויפּט פאַר די טויזנטער יידן וואָס זיינען יעדן טאָג געקומען אין דער גאָלדענער מדינה, געווען כמעט דער איינציקער פאַרווייליגונגס פּלאַץ, עפּעס אַנדערש אויף דעם געביט איז דאָך ניט געווען, האָבן די מענטשן געוואוסט, אַז זיי דאַרפן פאַרן טעאַטער פּונקט ווי מ'דאַרף פאַר עסן און שלאָפן, האָט מען געמוזט שפּילן טעאַטער אין יידיש כמעט אַ גאַנץ יאָר, ווינטער אין די גרויסע פאַרמאַכטע טעאַטערס, און זומער אויף די „רוף־גאַרדנס".

אויף דייוויד קעסלערס „רוף־גאַרדן" האָט מען געשפּילט די באַרימטע פּיעסע פון יעקב גאָרדין „דער יידישער קעניג ליר" און די הויפּט־ראָל פון דוד־משהלעס, טאַקע דעם קעניג ליר אַליין, ווערט געשפּילט פון מאָריס שוואַרץ. (אַ שוואַכקייט פון וועלכער מאָריס שוואַרץ האָט אַלע זיינע יאָרן געליטן, ס'האָט אים נאָר געצויגן צו שפּילן קעניגע...) פאַרשטייט זיך אַז איך בין דאָרט געווען, און דאָס מאָל בין איך ניט איבעררראַשט געוואָרן, ווייל ס'האָט געשמעקט מיט פּראָווינץ זיין גאַנצער קעניג, ווי גייט דאָס ווערטל, ער האָט ניט קאַליע געמאַכט, אָבער ס'איז ניט געווען גענוג געגעבן פון אַזאַ

טאַלאַנט ווי מאָריס שוואַרץ. פון אים האָב איך אַמווייניקסטנס שוין דער־וואַרט אַ סך מער, ווייל מיין איצטיק קומען אין טעאַטער, איז שוין געווען צוליב עפּעס אַנדערש, ניט פאַר בלויז פאַרוויילונג, נאָר טאַקע עפּעס לערנען פון אים.

ס׳איז שוין געווען באַלד אַ יאָר ווי איך האָב שוין באַלאַנגט אין דעם „טהאלי יוגנט דראַמאַטיק קלאָב”, געווען שוין ווי מ׳זאָגט געכאַפּט אין ווען שפּילן טעאַטער, איך טראָג שוין אין מיין קעשענע אַ ראָל, און אַלע מאָל גיב איך מיך אַ טאַפּ צי איך האָב זי נאָך, ווער ווייסט ווער ס׳זיצט לעבן מיר? איך פּיל שוין ניט ווי גלאַט אַ צושויער, נאָר טאַקע ווי איינער וואָס איז געקומען פאַרלאַנגען מ׳זאָל שפּילן בעסער טעאַטער, איך וויל דאָ עפּעס לער־נען, אָבער ס׳איז עפּעס ניט אַזוי ווי איך וואָלט געוואָלט ס׳זאָל זיין, איך הויב אָן זיך אַרומקוקן ווער ס׳איז פאַראַן אין טעאַטער,בעסער געזאָגט אויף דעם קעסלער „רוף־גאַרדן”.

דאַן זיינען אַקטיאָרן גרויס געוואָרן ניט נאָר צוליב זייער גרויסן טאַלאַנט, אַ סך מאָל וואָס די „פּאַטריאָטן” האָבן זיי געמאַכט, פאַר זיי האָבן די גוטע אַקטיאָרן געהאַט דאָס קדחת, איבערהויפּט ווען ס׳איז זיי אויסגעקומען צו שפּילן אַ ראָל פון זייער אַ באַליבטן סטאַר, און ווער שמועסט נאָך פון אַזאַ סטאַר ווי יעקב פּ. אַדלער, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ גאַנצע אַרמיי מיט „פּאַטריאָטן”.

דעם אָוונט זיינען אויפן „רוף־גאַרדן” געזעסן אַלע אַדלערס „פּאַטריאָטן”, און זייער מאַכט איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אַפילו געקענט אַרונטער־וואַרפן אַ קעניג, דערפאַר האָב איך פאַרשטאַנען פילט זיך מאָריס שוואַרץ ניט אַזוי באַקוועם, אין דער היינטיקער פאָרשטעלונג, ער איז אויך געווען אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע אַקטיאָרן, מיט וועמען דער עולם האָט זיך גע־רעכנט און טאַקע ליב געהאַט, דער פאַרוואַלטער פון „רוף־גאַרדן” דעם זומער, איז געווען סעמיועל שנייער, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון „יפה” און גוט געשפּילט, סעם קעסטין, איז ניט געווען שלעכט אין דער ראָל פון „שמאי”, זיגמונד ווײַנטרויב, אַלס „חריף”, און לואיס גילראָד, אַלס „משה־חסיד”. ס׳האָט זיך געפילט אין מאָריס שוואַרץ שפּילן אַ נערוועזיטעט, און אפשר אויך אַ מורא פאַר די „פּאַטריאָטן”? פונדעסטוועגן בין איך פאַר־בליבן זיין פאַרערער פאַר די אַלע יאָרן.

אַראָפּגייענדיק פון „רוף־גאַרדן” האָב איך ווידער אַ טאַפּ געטאָן מיין קעשענע, אויב איך האָב די ראָל, דאָס האָט מיך דערמאָנט ווי גיך מאָריס

שוואַרץ האָט אויסגעלערנט די דריי גרויסע ראָלן, נחום אסתרן, פון „די גע־בראָכענע הערצער״, דר. גאָלדענווייזער, פון „דער אמתער קראַפט״, און דוד־משהלעס, פון „קעניג ליר״, ווי אַזוי האָט ער דאָס באַוויזן? איך טראָג זיך שוין אַרום מיט אַ ראָל אַזוי לאַנג...

ווי זאָגט מען, אַז מ׳זוכט געפינט מען, און אויסגעפונען האָב איך דאָס פאָלגנדע, ווען מאָריס שוואַרץ איז געקומען אין דייוויד קעסלערס טעאַטער, איז דאָס געווען דורך דער רעקאָמענדאַציע פון מאָריס מאָריסאָן, און ער, מאָריס שוואַרץ, איז שוין ווי מ׳זאָגט געווען אַ פאָלנער אַקטיאָר, ער האָט שוין געהאַט געשפּילט, צוויי יאָר אין באָלטימאָר. צוויי יאָר אין שיקאַגאָ. און שוין געווען מער ווי גלאַט אַן אַקטיאָר אין פילאַדעלפיע. געשפּילט מיט פאַרשיידענע טרופּעס, און אָפטמאָל איז אים אויסגעקומען צו שפּילן מיט די גרויסע סטאַרס, און דאָס האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט, ניט נאָר ווערן רעפּערטואַרנע אין אַלע פּיעסן, נאָר אויך שפּילן מיט מאָריס מאָריסאָן, וועלכער האָט באַלד אין אים אַנטדעקט דעם גרויסן טאַלאַנט, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט, האָט אים מאָריסאָן רעקאָ־מענדירט צו דייוויד קעסלער.

און וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אָנגעזאַמלט דערפאַרונג אויף דער פּראָווינץ איז אים דאָ איצט גוט צונוץ געקומען, צוליב דעם, האָבן זיך אויך געשאַפן לע־גענדעס וועגן מאָריס שוואַרצן, ס׳האָט אויסגעוויזן, אַז הימל און ערד האָבן געשוואוירן, אַז אין דער פּראָפעסיע זאָל קיין זאַך ניט גיין פאַרלוירן, אין די יונגע יאָרן נאָך, האָט מאָריס שוואַרץ געהאַט אַ פריינד, מיט וועלכן ער האָט זיך יאָרן לאַנג אַרומגעשלעפּט איבער דער פּראָווינץ, יענער איז ביים פאַך געווען אַ סופליאָר, און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער פריינד זיינער איז געווען אַ סך קלענער פון אים, דאָך האָט ער איבער דעם גרויסן מאָריס שוואַרץ „געבאָסעוועט״ ווי מיט אַן אייזערנער האַנט, ער האָט געוואוסט מאָ־ריס שוואַרצעס שוואַכקייטן, און אויך געוואוסט ווי אַזוי אים אויסצונוצן, צום ביישפּיל, ער האָט געוואוסט, אַז מאָריס שוואַרצן גייט אין לעבן צו שפּילן די הויפּט־ראָל אין דער פּיעסע „דער יידישער קעניג ליר״, האָט ער נאָר באַדאַרפט וואַרטן פאַר דער גינסטיקער געלעגנהייט, ווייל אין וועלכער טרופּע ער איז מיט אים געווען, איז אַלע מאָל געווען אַ געשפּילטער אַן עלטערער אַקטיאָר וואָס האָט געשפּילט די ראָל, און מאָריס שוואַרץ האָט געמוזט שפּילן אַ צווייטע אָדער אַ דריטע ראָל, ביז די טרופּע איז צעפאַלן געוואָרן,

און מאָריס שוואַרץ מיט זיין חבר שוואַרצבערג זיינען געבליבן ווי אויפן וואַסער אין שיקאַגאָ.

איז וואָס זאָלן זיי טאָן? איצט איז געקומען די געלעגנהייט, און שוואַרצ־בערג, האָט זיך גענומען צו אים, און וואו זיי זיינען געגאַנגען און וואו זיי זיינען געקומען, האָט ער אים נאָר איינגערעדט:

— משה! קיין בעסערער דוד־משהלעס, איז ניט פאַראַן, דו קענסט זיין דער בעסטער, ווען דו געפינסט נאָר וואו צו שפּילן, דו קענסט זיי אַזוי אַרום ווייזן וואָס דו קענסט, און מיין ניט אַז איך מאַך דיר אַ קאָמפּלימענט, דו ווייסט דאָך ווי גאָרדין זאָגט, אַז וואָס אַ מענטש וויל, דאַרף ער זיך אַליין נעמען, ווייל קיינער וועט דיר גאָרניט געבן, אַלץ מוזטו זיך אַליין נעמען, דו האָסט טאַלאַנט אַ סך מער ווי די אַנדערע, אָבער טאַלאַנט אַליין איז ניט גענוג, און זיצן מיט פאַרלייגטע הענט איז וואָס טויג דיר דער טאַלאַנט, ווער וועט פון דיר וויסן? משה גיב אַ טראַכט, אויב דו האָסט מיט וואָס, דו ביזט דאָך יאָ באַהאַוונט מער פון די פייער־מאַכער. (אַזוי האָט מען גערופן אַ סך אַקטיאָרן אויף דער פּראָווינץ) דו מיט דיין כוח־הדבור, קענסטו דאָך איבעררעדן אפילו אוריאל מזיקן אַליין, פאָלג מיך, גיי און געפין אַ פּלאַץ, ס׳מעג אַפילו זיין אויפן בוידעם, אויב דו ווילסט אַז מ׳זאָל וויסן פון דיר, דאַרפסטו זיי נאָר ווייזן וואָס דו קענסט, דו מוזט שפּילן וועט מען רעדן פון דיר, ניט נאָר אין שיקאַגאָ, נאָר אויך אין ניו־יאָרק. ווי אַזוי מיינסטו זיינען אַלע געוואָרן גרויס? ווייל זיי האָבן געלאָזט הערן פון זיך, דאָס זעלבע דאַרפסטו אויך טאָן.

— אָבער ווי אַזוי?

— משה! פאָלג מיך, געפין אַ פּלאַץ וועלן מיר אויפפירן קעניג ליר, נאָך דעם וועסטו שוין ניט דאַרפן מער שפּילן מיט די לאַפּאַצאַנעס, זיי וועלן דאַנקען גאָט, אַז דו וועסט זיי וועלן אַריינגעמען אין דיין טרופּע, ווייז זיי נאָר וואָס דו קענסט, וועסטו שוין זען וואָס ס׳וועט זיין.

— ביסט אפשר גערעכט, אָבער וואו געפינט מען דאָס פּלאַץ?

— ווען איך וויס וואו... איך בין דאָך ניט קיין אַקטיאָר, מיך דאַרף דער עולם ניט הערן, איך דאַנק גאָט, אַז די אַקטיאָרן הערן מיך.

— פּראָסט גערעדט, אַז איך באַדאַרף מיך אַרויסלאָזן צו געפינען וואו מ׳קען שפּילן אַ פאַרשטעלונג...

— פון קעניג ליר, און זוכן אַליין איז ווייניק, מ׳דאַרף געפינען, אויב דו ווילסט שפּילן דוד־משהלעס אין דעם יידישן קעניג ליר.

מאָריס שוואַרץ, האָט געפונען אַ זאַל, אין אָגדען עוועניו, דער באַלע־באָס פון דעם זאַל איז געווען אַ דייטש, האָט ער אים גיך איינגערעדט ווי גרויס ער איז און זיי האָבן געמאַכט אַ געשעפט.

— וואָס האָסטו דעם דייטש געזאָגט ? — האָט שוואַרצבערג געפרעגט ביי שוואַרצן.

— צוערשט פאַרשטייסטו דאָך האָב איך אים באַדאַרפט באַווייזן ווי גרויס איך בין, און דערנאָך ווי גליקלעך ער וועט ווערן ווען ער וועט מיך לאָזן אין זיין זאַל אויפפירן מיין גרעסטן סוקסעס קעניג ליר, און דערביי האָב איך דעם דייטש פאַרזיכערט אַז ער האָט נאָך אין זיין לעבן ניט געזען אַזויפיל געלט, וויפל ס׳וועט דאָס מאָל אַריינקומען.

— נו יאָ, אַ דייטש איז גרינג איינצורעדן, ווי אַזוי האָסטו מיט אים אָפּ־געמאַכט ?

— אונטער וועלכע קאָנדיציאָנען ער וויל, דערפאַר דאַרף ער מיר אַלץ געבן.

— משה דו מיינסט אַז ער דאַרף אונדז אַלץ געבן.

צוזאַמענצושטעלן די טרופּע איז ניט געווען שווער, ווייל ס׳זיינען פאַרבליבן אַקטיאָרן פון דער צעפאַלענער טרופּע, און ווער האָט צו יענער צייט ניט געוואָלט שפּילן טעאַטער ? ס׳איז אַ סברא אַז אין שיקאַגאָ זיינען אַלע מאָל געווען יונגע מענטשן וואָס האָבן געוואָלט שפּילן טעאַטער, דאַכט מיר מער נאָך ווי אין ניו־יאָרק.

און ווען ס׳איז געקומען צום צווייטן אַקט, און דער דייטש האָט געזען ווי ער איז אַריינגעפאַלן, האָט ער געכאַפּט אַ שטעקן און גענומען יאָגן דעם קעניג ליר איבער די גאַסן פון שיקאַגאָ.

איך האָב אַ קורצן שמייכל געטאָן, ווען איך האָב געטראַכט דערפון, זייענ־דיק שוין אַליין אויך געכאַפּט און געוואָלט שפּילן טעאַטער, האָט דאָס מיך ניט אָפּגעשראָקן, פאַרקערט איך האָב מיך ערנסט פאַרטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי צו ווערן אַ יידישער אַקטיאָר, וויסנדיק אַז ס׳איז נאָך צו פרי פאַר מיר, איך מוז און וויל נאָך לערנען, דאָס אָבער האָב איך נאָר געקענט פון די גוטע און גרויסע אַקטיאָרן.

זייער גיך האָב איך אויסגעפונען אַז אין דראַמאַטיק־קלאַב איז ניט פאַראַן פון וועמען צו לערנען, ווייל דער בעסטער פון זיי איז ניט מער ווי אַדעליטאַנט, מעג מען דאָרט אפילו פאַרבלייבן דאָס גאַנצע לעבן, קען מען קיין פּראָפעס־סיאָנאַל ניט ווערן, אָבער אָנהייבן מוז מען דאָרט, האָב איך פונקט ווי אַנדערע

געוואַרט ביז ס׳וועט זיך מיר מאַכן אַ געלעגנהייט, ביי זיך בין איך שוין געווען מער ווי אַ דעליטאַנט, נאָך אין איראָפּע האָב איך פון דער „קאַמער וואו דאָס האָלץ איז געלעגן״ געמאַכט אַ טעאַטער, און אַריינגעלאָזט פאַר אַ קנעפּל, מ׳זאָל זען ווי איך פאַרשטעל מיך, און מאַך די קאָמעדיע.

מיטן חוש פאַר בעסערס, בין איך אפשר געבוירן געוואָרן, ווייל ס׳האָט מיך באַלד גענומען ציען צו דער בעסערער פּיעסע, און אויך צום בעסערן טעאַטער, וואָס מ׳האָט צו יענער צייט געשפּילט, האָט מיר לאַנג ניט גענומען צו פאַרשטיין, וואָס ס׳איז גוט, און וואָס ניט, און ווער ס׳איז ווער, אפשר דערפאַר האָב איך געוואָלט זען מער פּיעסן, איבערהויפּט די פּיעסן אין וועלכע מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט, ווייל ס׳האָט זיך שוין דאַן געמערקט, אַז מאָריס שוואַרצן ציט צו בעסערע און מער מענטשלעכע פּיעסן, ווייל שוין דאַן כמעט ביי זיין אָנהייב, האָט זיך שוין געמערקט אַז ער איז אַנדערש פון די אַלע אַנדערע אַקטיאָרן.

די פּיעסע וואָס איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו זען, האָב איך באַשלאָסן צו קויפן, אויב זי איז אַרויס אין דרוק, פון אַלע פּיעסן וואָס איך האָב צו יענער צייט געזען, האָבן צו מיר אַפּעלירט נאָר יעקב גאָרדינס פּיעסן, איך האָב אָנגעקויפט וויפל נאָר כ׳האָב געקאָנט קריגן, און ביי יעדער גע־לעגנהייט האָב איך איבערגעקוקט געוויסע ראָלן, וועלכע איך האָב נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג ניט פאַרגעסן, און שפּעטער זיינען זיי מיר גוט צונוץ געקומען, און טאַקע דורך די פּיעסן האָב איך מיך דערוואוסט פון זייער אַ גוטן אַקטיאָר, וועלכער האָט געשאַפן אַ סך גוטע ראָלן אין יעקב גאָרדינס פּיעסן, דאָס איז געווען מאָריס מאָסקאָוויטש.

## דזשאַן מאַרינעט

אין יאָר 1913־14 האָט מאַדאַם מאַלווינאַ לאָבעל, איבערגענומען דעם קראַון טעאַטער, אויף דער באַוערי און דילענסי סטריט. דער סטאַר איז געווען מאָריס מאָסקאָוויטש, און אין דער טרופּע איז ביי איר אויך געווען די פּרימאַדאָנע מיני גורעוויטש און מאָריס שוואַרץ.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב שוין ניט אַדורכגעלאָזט קיין איין געלעגנ־הייט, איבערהויפּט די ערשטע אויפפירונג פון דער פּיעסע אַרציבאַשאָוס „אייפערזוכט״. מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט דעם סטודענט. מאָריס מאָס־

קאָוויטש געפעלט מיר און ווען איך פאַרלאָז דאָס טעאַטער טראַכט איך פון מאָריס שוואַרצן, ווי גוט ער האָט געשפּילט דעם רוסישן סטודענט. איך האָב אויך מאָריס מאָסקאָוויטשן געזען אין די פּיעסן „דער לעבעדיקער מת״ פון גראַף לעוו טאָלסטאָי, אין „קין״. ער איז געווען אויסגעצייכנט אין די ראָלן. נאָר אַז מאָריס שוואַרץ האָט ניט געשפּילט, האָט זיך מיר געדאַכט אַז ס׳פעלט עפּעס.

מ׳ווייסט קיינמאָל ניט וואָס דער מאָרגן קען ברענגען אין יידישן טעאַ־טער, ווייל ס׳איז ניט ווי אין די אַנדערע געשעפטן, פאַרקויפט מען ניט די סחורה היינט, וועט מען דאָס פאַרקויפן מאָרגן, בילעטן וואָס בלייבן, האָבן מאָרגן קיין שום ווערט ניט, אַפילו מיט אַ סוקסעס־פּיעסע איז מען ניט אַלע מאָל זיכער, דער סוקסעס איז אַלע מאָל געווען, ווי אַזוי מ׳האָט פאַר־ענדיקט דעם סעזאָן. מ׳האָט שוין באַלד אָפּגעשפּילט אַ דריי־פערטל סעזאָן און ס׳איז נאָך געווען אַ גרויסע פראַגע, מיט וואָס צו זיין זיכער צו פאַר־ענדיקן. איז מען געקומען צום באַשלוס, אַז מען מוז נאָך אָוועקשטעלן אַ פּיעסע, דאָס איז אין יידישן טעאַטער קיינמאָל ניט געווען אַזוי לייכט, ווייל אַחוץ וואָס מ׳דאַרף האָבן אַ גוטע פּיסע, וואָס דאָס אַליין איז אַ גוטער קאָפּ־דרייעניש, איז אויך אַ פראַגע וועגן געוויסע ראָלן, ווייל דאָרט וואו ס׳זיינען פאַראַן „סטאַרס״ איז דער ענין ניט אַזוי לייכט, און צוליב דעם, האָט זיך שוין ניט אין טעאַטער פאַרמאַכט, אָבער אַזוי איז געווען די סיסטעם, און מ׳האָט זיך ניט געקענט העלפן, דאָ אָבער אין דעם קראַון טעאַטער, האָט דער סטאַר געהאַט צוויי ברירות, אָדער שפּילן די ראָל וואָס ס׳איז דאָ אין דער פּיעסע, אָדער אין גאַנצן אַרויס פון טעאַטער, פאַרשטייט זיך אַז מאָריס מאָסקאָוויטש האָט אָנגענומען די צווייטע ברירה, ער איז אַרויס פון טעאַטער, איז עס פאַר מאָריס שוואַרצן געווען די בעסטע געלעגנהייט, ער האָט אין דער נייער פּיעסע פאַרנומען זיין פּלאַץ.

אָבער אפילו צו אַזאַ געלעגנהייט, דאַרף מען ניט נאָר טאַלאַנט אַליין, נאָר אויך מזל, און דאָס האָט מאָריס שוואַרץ געהאַט, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין פראַגע פון גלאַט אויפפירן אַ פּיעסע, פון די אַמאָליקע דראַמאַטורגן וואָס האָבן צוגעשטעלט פּיעסן פאַרן טעאַטער, דאָ האָט מען געהאַט צו טאָן מיט אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צירקולאַציע, און דאָס האָט אַ סך געמיינט פאַרן יידישן טעאַטער, און נאָך מער פאַר מאָריס שוואַרצן, דערצו איז דער נאָמען פון דער פּיעסע געווען סענסאַציאָנעל, אין דער צייט ווען יידישע מיידלעך האָבן חתונה געהאַט פאַר

„איטאַליענער״, קיין גרעסערער אומגליק פאַר דעם יידישן פרומען אימי־גראַנט האָט ניט געקאָנט זיין, און אַזוי גיך ווי ס׳האָבן זיך באַוויזן די אַפּישן אין די פענצטער פון די יידישע געשעפטן, איז באַלד געוואָרן אַ גרויסע טרע־וואָגע אויף דער יידישער גאַס.

כמעט אין אַלע גאַסן, פון „ברום״ און „פּיטס״ סטריט ביז אויף אַ יעדן ראָג פון דילענסי סטריט, האָבן די אַפּישן אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער מיט גרויסע אותיות — „ביילע מארינעט״, פון בערל באַטוויניק. מיט מאָריס שוואַרץ אין דער הויפּט־ראָלע, אַלס „דזשאַן מארינעט״ דער אי־טאַליענער.

מאָריס שוואַרץ האָט די געלעגנהייט ניט אַדורכגעלאָזט, ער האָט אויף זיך ווי אויך אויף דער ראָל געאַרבעט, און דערפאַר איז ער איבער נאַכט געוואָרן דער געשפּרעך פון ניו־יאָרק. וואו מ׳איז געגאַנגען און וואו מ׳איז געשטאַנען, אין אַלע קאַפּעען, אין אַלע געשעפטן, האָט מען גערעדט פון מאָריס שוואַרץ, ווי גרויס, און ווי גוט ער איז אין דער ראָל פון דעם איטאַליענער.

— איר האָט שוין געזען דעם איטאַליענער?

האָט איין פרוי געפרעגט דער אַנדערער וועלכע האָט געקוקט אויף דעם אַפּיש וואָס איז געהאַנגען אין פענצטער פון דעם געשעפט.

— ווי אַזוי הייסט ער אין יידיש?

— מאָריס שוואַרץ.

— אים האָב איך דאָך געזען אויפן „רוף־גאַרדן״.

— גייט אים זען דאָ, אַזוינס האָט איר נאָך ניט געזען...

— אַזוי, זעט עס טאַקע אויס אַז ער וואַקסט.

— ווי אויף הייוון...

— וועט ער טאַקע אַמאָל זיין איינער פון די גרויסע.

— און אפשר נאָך גרעסער, איך זאָג אייך, אַז מ׳קען שווערן אַז ער איז אַ געבוירענער איטאַליענער, זיצנדיק אין טעאַטער, האָב איך מיך שיר פאַר־געסן, און געוואָלט אויסשרייען, לאָקש לאָז צו רו אַ יידישע טאָכטער, ס׳איז מיר פשוט געווען אַ רחמנות אויף דעם ווייבל.

— אַ מצווה אויף איר, וואָס איז, ס׳איז ווייניק פאַראַן יידישע בחורים?

און ווען איך בין געזעסן אין טעאַטער, און געזען די פאָרשטעלונג האָב איך געמוזט צוגעבן אַז די פרוי האָט רעכט געהאַט, זי האָט געוואוסט וואָס זי רעדט, ער האָט מיך אויך געמאַכט צו גלויבן, ווי ער האָט זיך איינגעלעבט אין דער ראָל אַלס דער איטאַליענער איז ווירקלעך געווען אים צו באַוואונ־

דערן, ווי פערפעקט ער איז געווען אין זיין יעדן קער, איך האָב אפילו פאַרשטאַנען, אַז ס׳האָט אים לאַנג ניט באַדאַרפט נעמען זיך איינצולעבן אין דער ראָל, ווייל אַיעדער איטאַליענער רעדט מיט די הענט, און אַ סך פון זיי האַנדלען כמעט ווי להבדיל יידן... ער איז אָבער פּאַרט גוט, ער ברענגט זייער נאַטירלעך אַרויס ווי ווילד און שלעכט אַן איטאַליענער קען זיין, מיט אַזוי פיל טעמפּעראַמענט, וואָס נאָר דאַכט זיך איין מאָריס שוואַרץ האָט דאָס פאַרמאָגט, און מ׳קען אים גלויבן וואָס ער שפּילט, זיין חרטה אויפן שידוך האָב איך געגלויבט, בין איך טאַקע פון טעאַטער אַוועק אַ באַגייס־טערטער.

וואָס נאָך קען מען דערוואַרטן? מאָריס שוואַרץ האָט אַלץ דערגרייכט, אַ סוקסעספולע פּיעסע, אַ וואונדערבאַרע ראָל, ער איז גוט אין דער ראָל, ס׳האָט אים אויך צוגעשפּילט, וואָס דער מחבר פון דער פּיעסע איז אַ מיט־אַרבעטער פון דער גרעסטער יידישער צייטונג אין דער וועלט, זיינען זיינע רעצענזיעס זייער גוטע, קיין פּאָבליסיטי דאָס מאָל פעלט אים ניט, דאָס מאָל האָט ער מער ווי ער האָט זיך ווען געריכט צו האָבן, שפּילט די הויפּט־ראָל, אין ניו־יאָרק, אין אַ גרויס טעאַטער, וואָס נאָך קען זיך אַ יידי־שער אַקטיאָר ווינטשן? וויזט זיך אָבער שפּעטער אַרויס, אַז אפילו מיט דעם אַלעמען, איז מאָריס שוואַרץ אויך ניט געווען אין גאַנצן צופרידן, און אפשר מיט רעכט, ווייל לאַנג האָט די פּיעסע ניט געקאָנט גיין, ס׳איז שוין געווען דער סוף פון סעזאָן.

אויב בלויז אַ צופאַל, און אַז דאָס גליק האָט אים שוין יאָ צוגעשפּילט, איז דאָס פאַר מאָריס שוואַרץ ניט געווען גענוג, און ווייטער גיין, איז שוין ניט געווען אַזוי לייכט פאַר מאָריס שוואַרצן, מ׳דאַרף ניט פאַרגעסן מיט וועמען ער איז צו יענער צייט געווען אַרומגערינגלט, מיט אַזעלכע גרויסע ווי יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער, מאָריס מאָסקאָוויטש, באָריס טאָמאַשעווסקי, מאָריס מאָריסאָן און נאָך אַנדערע גרויסע טאַלאַנטן מיט וועמען מ׳האָט זיך גערעכנט, און אַ מענעדזשער האָט מען אויך באַדאַרפט האָבן, ווער ס׳זאָל נעמען אַ טעאַטער, אָבער מאָריס שוואַרץ שטעלט זיך דערפאַר אויך ניט אָפּ, זיי אַלע זיינען טאַקע גרויס, און ער דאַרף נאָך אַרבעטן אויף זיך אָנערקענט צו ווערן, נעמט ער פאַר איין זומער איבער דעם נעשאָנאַל „רוף גאַרדן״, און פירט אויף אַ קאָמעדיע, „מיש־מאַש״, וואָס גאָלדבערג (דער גזלן) האָט פאַר אים איבערזעצט, ער האָט די פּיעסע געשפּילט אַ גאַנצן זומער.

אָבער ווען ס׳קומט צום נייעם סעזאָן, איז מאָריס שוואַרץ ווידער אַנ־

גאַזשירט אין דייוויד קעסלערס טעאַטער, און שפּילט וואָס מ׳גיט אים, און דאָ האָט ער איצט אַ סך צרות פון געוויסע אַקטיאָרן און אויך פון דער יידישער אַקטיאָרן־יוניאָן.

***

אין די דראַמאַטישע ליטעראַרישע פאַראיינען, וואו איך האָב צו יענער צייט פאַרבראַכט, איז אפילו דאָס וואָרט שונד געווען טריף, מיר איז שוין ניט געווען וויכטיק וואָס מ׳שפּילט, נאָר ווער ס׳שפּילט, מיין איצטיקער אָפּט גיין אין טעאַטער, איז ניט געווען אַזוי צוליב דער פּיעסע, נאָר צוליב דעם אַקיטאָר, אָדער אַ צווייטן, וועלכן איך האָב געוואָלט זען שפּילן, דערפאַר אפשר האָט זיך ביי מיר געשאַפן אַ שוואַרכקייט צו זייערע ערן־אָוונטן. פאַרוואָס ? ווייל נאָר צו אַזאַ אָוונט, האָט מען געקענט זען דעם, אָדער אַ צווייטן אַקטיאָר, אין אַ גוטער ראָל, און נאָר אַזוי אַרום האָב איך מיך דער־וואוסט ווער ס׳איז אַ גוטער אַקטיאָר.

אויף די אַפישן, אין אַ ווינקל איז געווען אָנגעוויזן אַזאַ אָוונט, אָבער ניט אַלע מאָל האָב איך מיך דערצו צוגעקוקט, שפּאַציר איך איין פאַרנאַכט אויף דער טעאַטער עוועניו, און פאַרן דייוויד קעסלער טעאַטער שטייט אַ ספּעציעלער שילד אַרויסגעשטעלט, אַז היינט אָוונט ווערט געשפּילט די באַרימטע פּיעסע „אויף דער עלטער”, פון איזידאָר זאָלאָטאַרעפסקי. צום ערן־אָוונט, פון דעם מייסטער פון געלעכטער, בערעלע בערנשטיין.

גלאַט זען אַזאַ פאָרשטעלונג, וואָלט איך זיכער ניט אַריינגעגאַנגען, נאָר אַזוי ווי ס׳איז איין ערן־אָוונט, און כאַפּנדיק אַ קוק אין דער לאַבי פון דעם טעאַטער, און געזען וואו ס׳איז געשטאַנען ניט ווייט פון דער קאַסע, בערעלע בערענשטיין, סעמיועל שנייער און מאָריס שוואַרץ. וויבאַלד אַזוי מוז איך שוין אַריינגיין זען וואָס מאָריס שוואַרץ שפּילט. ס׳האָט מיך גאָרניט איבערראַשט, וואָס דאָס טעאַטער איז געווען איבערגעפּאַקט, ווייל צו יענער צייט זיינען פון די בעסערע אַקטיאָרן, זייערע ערן־אָוונטן געווען אויספאַר־קויפט, ווער רעדט נאָך ביי אַזאַ ליבלינג ווי בערעלע בערענשטיין ? אין טעאַטער קומען דעם אָוונט די גאַנצע משפּחה פּערזענלעכע פריינד, באַקאַנטע, און די לאַנדסלייט, אָבער אַזוי פיל מענטשן אין אַ פּראָסטן דאָנערשטאָג, האָב איך געזען דאָס ערשטע מאָל. גאַנץ וואַרשע איז דאָרט געווען, איך בין זיכער אַז ביי זיי איז ניט געווען קיין פּראַגע וואָס מ׳שפּילט, אָדער ווער ס׳שפּילט, זיי זיינען געקומען זען זייער ליבלינג, זייער לאַנדסמאַן, דעם באַ־

רימטן קאָמיקער בערעלע בערענשטיין. אין זיין אויפנאַמע האָב איך דאָס דערקענט, און ווען איך האָב זיך אַ ביסל באַרואיקט פון דער גרויסער אויפנאַמע, וואו איך האָב געמיינט אַז דאָס טעאַטער איז שיר איינגעפאַלן, האָב איך מיך ערשט אַרומגעקוקט, טראַכטנדיק, ווער שפּילט היינט די הויפּטראָל? פון מרדכי קאַספּער? אויב ניט דייוויד קעסלער, בין איך געווען זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ האָט אַ גוטע געלעגנהייט צו ווייזן היינט אָוונט פאַר אַזאַ עולם וואָס ער קען, ווי באַגייסטערט זיי זיינען. אַרויסגעקומען אויף דער בינע איז קלמן יואוועליר, אין דער ראָל פון מרדכי קאַספּער, בין איך געבליבן זיצן מיט פאַרדרוס, ס׳האָט מיך שוין אפילו ניט אינטערעסירט, ווען נאָך דער פאָרשטעלונג האָט זיך אויף דער בינע באַוויזן אַ שיין מיידל, און געשפּילט וואונדערבאַר אויף אַ פידל, און נאָכן קאָנצערט האָט זי אַרונטערגענומען דעם פּאַרוק און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳איז בערעלע בערענשטיינס יינגסטער זון.

כ׳ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר ס׳האָט מיך עפּעס פאַרדראָסן, פאַרוואָס מאָריס שוואַרץ האָט צו אַזאַ גרויסע אָוונט וואו דאָס טעאַטער איז געווען איבערגעפּאַקט, באַדאַרפט שפּילן דעם שלעכטן איידעם? דערפאַר אפשר בין איך פאַר אַ לאַנגער צייט ניט געגאַנגען אין יידישן טעאַטער.

אין קעסלערס טעאַטער האָט מען אפילו אָפט געשפּילט אַ בעסערע פּיעסע, אַחוץ גאָרדין, דאָך האָבן זיך געפונען אַזעלכע אין דער פּראָפעסיע, וואָס האָבן אָפט געחוזקט פון דעם וואָרט ליטעראַטור, אַנדערע האָבן אפילו געלאַכט, אַז ס׳איז גאָרניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ליטעראַטור, און נאָך אַנדערע האָבן דאָס פאַרטייטשט אַזוי: „ס׳איז דאָ אַ גוטע פּיעסע און אַ שלעכטע פּיעסע, אָבער אַלץ וואָס ווערט אָנגעשריבן איז ליטעראַטור, אַ סך האָבן אפילו דעם באַגריף אויך ניט געהאַט, דערפאַר האָט זיך צו יענער צייט געשאַפן ווי אַן אָפענער קאַמף, זיי האָבן געוואוסט אַז דער פיינשמעקער פון בעסערס האָט פיינט דעם שונד און די שונדיסטן האָבן פיינט געהאַט דעם ליטעראַט, כאָטש אין די אויגן האָבן זיי אים געשמייכלט, אָבער ווען ער האָט זיך פון זיי אַוועקגעדרייט, האָבן זיי אים אויסגעלאַכט, און אָפטמאָל חוזק געמאַכט, ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז דאָס האָט זיך גענומען פון זייער אומוויסן.

די וועלכע ווייסן ניט, ווי אַזוי אַזעלכע אַקטיאָרן פילן, ווען איינער פון די בעסערע אַקטיאָרן האָט אַן ערן־אָוונט, וויל איך דאָ איבערגעבן ווי אַזוי דער באַטרעפנדער וואָס דאַרף נאָך שפּילן אין דער פּיעסע, האָט דאָ די מעגלעכקייט אויסצוגיסן אַ ים מיט גאַל צו דעם בענעפיציאַנט, וואָס מיר רופן

פּראָפעסיאָנעלע ניט פאַרגינערײַ, ס'איז ביי זיי ווי איינגעגעסן אין די ביינער, און וואָס איינער ווינטשט דעם צווייטן, זאָל עס נאָר אַריינפאַלן אין ים.

ס'ווערט אָבער געמאַכט אַזוי פאַרשטעלט, אַז ס'איז שווער צו דערקענען, אַז זיי מיינען דאָס ניט, דער וואָס דאַרף שפּילן, און האָט ניט קיין חשק, איז וואו ער וועט באַגעגענען דעם בענעפיציאַנט, וועט ער אים אַ קלאַפּ טאָן אין דער פּלייצע זאָגנדיק:

— ניט געזאָרגט מיין פריינד, אויף מיר ווייסטו דאָך אַז דו קענסט זיך פאַרלאָזן, זאָלסט אַזוי זיין זיכער מיט אַ געפּאַקט טעאַטער (ער מיינט דאָס ניט) ווי דו ביסט זיכער, אַז איך וועל קענען מיין ראָל, איך בין דאָך עפּעס דיין פריינד, וועל איך דיך וועלן פאַרשעמען?

ניין פון צען מיינען קיינמאָל ניט וואָס זיי זאָגן, און ער טראַכט ביי זיך, אָט וועל איך מיר גיין ברעכן דעם קאָפּ פאַר איין נאַכט, מ'קומט דען מיך זען? ס'איז דאָך זיין בענעפיט.

דאָ דאַרף מען זיך פאָרשטעלן, ווען די צוויי, חוזק, און ניט פאַרגינער, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער קאַפע, און אויפגעמאַכט אַ ציטונג, און געזען אַז מאָריס שוואַרץ גייט צו זיין ערן־אָוונט שפּילן „די גייסטער". איז פאָרגעקומען אַזאַ געשפּרעך:

ערשטער אַקטיאָר: זעט נאָר קאָלעגן, וואָס משה פאַרגינט זיך...

צווייטער אַקטיאָר: וואָס אַזוינס?

ערשטער אַקטיאָר: ניט אַנדערש, ווי שפּילן „די גייסטער".

צווייטער אַקטיאָר: די וואָס? און פון ועמען?

ערשטער אַקטיאָר: די גייסטער, פון, ווי אַזוי הייסט ער? איבסן.

ערשטער שרייבער: פון העגריק היבסן.

צווייטער שרייבער: ס'איז ניט קיין שלעכטע פּיעסע, אונטער וועמענס רעזשי?

צווייטער אַקטיאָר: געוויס רעזשיסירט פון אים אַליין...

ערשטער אַקטיאָר: נאָך דאָס אויך, ס'איז שוין גענוג אַז ער גייט דאָס שפּילן. רעזשי מאָריס מאָריסאָן.

ערשטער שרייבער: אַריינקוקנדיק אין דער ציטונג, האָט אַ קרומען שמייכל געטאָן, און שטיל געזאָגט: „ס'איז גאָרניט אַזוי גרינג איבערנאַכט צו ווערן אַ ליטעראַרישער אַקטיאָר, ער מיינט געוויס אַז ער וועט זיין בע־סער פון אָרלעניפין.

ערשטער אַקטיאָר: ער וויל נאָר זיין אַנדערש, ער מיינט אַז דאָס איז דער איטאַליענער.

צווייטער אַקטיאָר: ווייזט אויס אַז דער יידישער רעפּערטואַר געפעלט אים ניט.

ערשטער אַקטיאָר: ער מוז קריכן צו די גויים?

צווייטער אַקטיאָר: ניט אַנדערש, ווי ער וויל טאַקע ווייזן, ווי ער האָט פריער געזאָגט. (אָנווייזנדיק אויפן שרייבער) אַז ער וועט זיין בעסער פון דעם ווי אַזוי האָט ער געהייסן?

ערשטער שרייבער: אָרלעניך, פאַר דעם גלויב איך, דאַרף ער נאָך וואַרטן.

צווייטער שרייבער: וואַרטן אַליין איז ניט גענוג.

אין מיטן פון געשפרעך איז אַריינגעקומען אַן אַקטריסע, זייער אַ שיינע מיט אַ ליבלעכן שמייכל איז זי צוגעקומען צום טיש לעבן דער זייט פון ערשטן שרייבער, געוועזן איז זי באַשעפטיקט אין אַ קליין טעאַטער ווי די גאַנצע טרופּע איז באַשטאַנען פון צוויי אַקטיאָרן, און ביי דער געלעגנהייט, ווען זי האָט דערהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט זי זיי געוואָלט פאַר־זיכערן, אַז זי גייט אויך אַמאָל זען אַ בעסערע פאָרשטעלונג, האָט זי זיך באַלד אַריינגעמישט אין געשפרעך, זאָגנדיק:

אַקטריסע: אַז ער וועט זיין אַזוי גוט ווי פּישמאַן. (מיינענדיק יעקב פּישמאַן, פון דראַמאַטיק פּאַראיין, וועלכער האָט געשפּילט „אָסוואַלד" אין די גייסטער) וועט ער ניט זיין שלעכט. שמייכלענדיק צו די שרייבער.

צווייטער אַקטיאָר: אַזוי, אַזוי. ביסט שוין אויך געכאַפּט געוואָרן פון דער קרענק?

אַקטריסע: פאַרוואָס אַ קרענק? אַ פאַרלאַנג צו בעסערס, מיינט ניט צו זיין קראַנק, איך מיין אַז אַקטיאָרן, וואָלטן זיך געמעגט אַ ביסל פאַרטראַכטן, אין טעאַטער מוז שוואַרץ שפּילן וואָס מ'גיט אים, אָבער צו זיין אָוונט. מעג ער דאָך שפּילן אַ בעסערע פּיעסע, ווען נאָך קען ער האָבן אַזאַ געלעגנהייט?

ערשטער אַקטיאָר: ער וואָלט בעסער באַדאַרפט אויסנוצן די געלעגנ־הייט צו מאַכן געלט.

צווייטער אַקטיאָר: ווי ווייניק אַקטיאָרן פאַרשטייען געשעפט, ווען מ'מאַכט אַן אָוונט, וויל מען דאָך מאַכן אַ פּאָר דאָלאַר, איז מיט אַזאַ...

ערשטער אַקטיאָר: איך וואָלט דאָס געוואָלט פאַרדינען אַלע וואָך, וואָס דאָס וועט אים קאָסטן.

צווייטער אַקטיאָר: און נאָך אין אַזאַ טעאַטער.

ערשטער אַקטיאָר: נו, און אין איר טעאַטער, — אָנווייזנדיק אויף איר — וואָלט איך דען גענומען אַ „טשענס"?

צווייטער אַקטיאָר: ביסטו דאָך טאַקע אַ פּראַקטישער מענטש, איך האָב עס גאָרניט געוואוסט.

ערשטער אַקטיאָר: ס'איז נאָך פאַראַן אַ סך זאַכן וואָס דו ווייסט ניט.

אַקטריסע: איך בין זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ, ווייסט יאָ וואָס ער טוט.

ווען זי האָט דאָס געזאָגט, האָט מען איר אָוועקגערופן, און דער ערשטער אַקטיאָר האָט באַמערקט ווער ס'האָט איר גערופן, האָט שטיל ווי צו זיך געזאָגט: „אַ וועלכן פּישמאַן האָט זי געמיינט?"

צווייטער אַקטיאָר: וועט איר שוין זען, וואָס דער סוף וועט זיין. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, דערנאָך צוגעגעבן: איך זע שוין ווי זי ווערט אַ ליטעראַריש טינטערל...

צום באַדויערן האָבן זיי דאָס מאָל געטראָפן, פינאַנציעל איז ניט געווען גענוג צו דעקן די קאָסטן פאַר דער פאָרשטעלונג, מאָריס שוואַרץ האָט נאָך געמוזט צוטראָגן פון זיין קעשענע גאַנצע פופציק דאָלאַר. אַ סומע וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער גרויס, אָבער ס'האָט אים ניט אָפּגעשראָקן, ס'איז אַ סברה אַז שוין דאַן האָט מאָריס שוואַרץ געחלומט פון אַ בעסערן טעאַטער.

*
**

וואָס איך געדענק, מיט דער אויסנאַמע פון דעם סעזאָן ווען מאָריס שוואַרץ איז געווען אין דעם קראַון טעאַטער, אויסער דער פּראָווינץ, האָט ער אַלע מאָל געשפּילט מיט דייוויד קעסלער, נאָך אפילו איידער דער נייער דייוויד קעסלער טעאַטער אויף דער צווייטער עוועניו האָט זיך אויפגעמאַכט, דאָס איז געווען אין דעם ברוקלינער ליריק טעאַטער אויף „סיגל סטריט".

אויך ווען מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט אַ געלעגנהייט, האָט ער נאָר געוואָלט שפּילן יעקב פּ. אַדלערס ראָלן. אַ שוואַכקייט פון וועלכער ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַפרייט, אין ניו־יאָרק אָבער איז דאָס אים זעלטן געלונגען. האָט ער פאַרשטאַנען אַז פון הימל וועט גאָרניט אַראָפּפאַלן, האָט ער גענומען אַרבעטן אויף זיך, און ווי זאָגט מען, אַז מ'אַרבעט מוז עפּעס אַרויסקומען, פאַרשטייט זיך אַז צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ גרויסע דערגרייכונג, מאָריס שוואַרץ האָט זיך פּערפעקטעט אין אימיטאַציעס, ווי

ער האָט קינסטלעריש נאָכגעמאַכט די דריי גרויסע סטאַרס פון דער יידישער בינע. אַדלער, קעסלער און טאָמאַשעווסקין. מיט דעם איז ער ביים עולם געוואָרן דער גרעסטער ליבלינג.

דאָס האָט מער פון אַלעמען פאַרדראָסן דעם נשר־הגדול, און פאַר קיין פאַל האָט ער דאָס ניט געקענט פאַרשוויגן. דערפאַר האָט ער וואו ער האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו באַוויזן אויף אַ בינע אים אַטאַקירט. אַ סך מאָל זייער פאַרדריסלעך, האָט ער צום עולם געזאָגט:

— „גאָספּאָדאַ", בעסער געזאָגט ווערטעס פּובליקום, „פּאָנימאַיעטיע" איך מיין אַז איר פאַרשטייט, אַז מער ווי איין יעקב פּ. אַדלער, איז ניטאָ, די אַלע וואָס דרייען זיך איצט אַרום אויף דער בראָדוויסקאַיאַ „אוליצאַ" און קרימען זיך מיר נאָך, דאַרפט איר „גאָספּאָדאַ" פאַרשטיין אַז דאָס איז איין „אָבעזיאַנע", ניט מער ווי אַ מאַלפּע, וועלכע איר קענט זען אויף אַ קאָטע־רינקע, און לאָזט אייך ניט איינרעדן, אַז מ'קען איבערנאַכט ווערן אַ יעקב פּ. אַדלער. פאַרשטייט, הויך געשעצטע פּובליקום, אַז ס'איז ניט פאַראַן נאָך אַ יעקב פּ. אַדלער, נאָר דער וואָס שטייט דאָ פאַר אייך, און לאָזט אייך ניט איינרעדן, אַז דער וואָס קרימט זיך מיר נאָך איז דער ריכטיקער, און ביי דער געלעגנהייט, דאַנק איך אייך פאַר די וואַרעמע פּעטש וואָס איר האָט מיר געגעבן, איך ווינטש אייך „גאָספּאָדאַ", איר זאָלט דערלעבן מיך צו פּאַטשן, אַ סך יאָרן, און קומט אין טעאַטער נאָר זען דעם אמתן יעקב פּ. אַדלער.

אָט דעם מאָנאָלאָג האָט יעקב פּ. אַדלער איבערגעחזרט אַזוי אָפט ווי ער האָט געקענט, ניט אַזוי פיל דערפאַר וואָס ער האָט אים אַזוי גוט אימע־טירט, נאָר דערפאַר, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט אויף דער פּראָווינץ אָפּגע־שפּילט אַלע זיינע ראָלן.

אָבער אין גאַנצן מאָריס שוואַרץ שולד איז דאָס אויך ניט געווען, די געשעפטלעכע זייט פון טעאַטער, איז געלעגן אין פּריוואַטע הענט, איבער־הויפּט אויף דער פּראָווינץ, און זיי האָבן מער אין זינען געהאַט די קאַסע ווי עפּעס אַנדערש, מיטן מאָראַלישן דערפאָלג האָבן זיי זיך וויניק וואָס גע־רעכנט... ביי זיי איז די פּיעסע געווען גוט, וועלכע האָט אָנגעפילט די קאַסע, אויב דאָס איז פאַרפאָלקאָמט געוואָרן איז שוין אַלץ געווען גוט, אייניקע האָבן זיך אפילו אויסגעדריקט, אַז אָט דאָס איז אַ ליטעראַרישע ווערק, וואָס פילט אָן דעם „באָקס אָפיס", ס'איז ניט וויכטיק ווער ס'האָט דאָס

אַנגעשריבן, אָדער ווער ס׳שפּילט, מיט דער ליטעראַטור וואָס די לאַנג־הּאַריקע קרענקס ווילן, קען מען די קאָסטן ניט דעקן.

אָט די פּוקסן מענעדזשערס האָבן קיינמאָל ניט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט, ווען ס׳האָט אָנגעריסן אַ פּיעסע אין ניו־יאָרק. זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען ווי אַזוי דאָס אויסצונוצן, איבערהויפּט אַזאַ פּיעסע וואָס איז געוואָרן אַ סוקסעס פאַר אַ סעזאָן אָדער מער, זיי האָבן שוין ניט געוואַרט ביז דער סעזאָן וועט זיך ענדיקן, און אַרויסברענגען די פּיעסע מיטן אָריגינעלן „קעסט״, נאָר מ׳האָט זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן טור מענעדזשער, און ס׳איז געשלאָסן געוואָרן אַ געשעפט.

אָבער די פּיעסע אַליין, האָט זי געמעגט זיין ווי גרויס, האָט מען אויף דער פּראָווינץ ניט געקאָנט ברענגען, מ׳האָט געמוזט האָבן, ווי זיי האָבן דאָס אָנגערופן אַ „קעפּל״. געמיינט האָט דאָס אויב ס׳איז אין מיטן סעזאָן, און מען קען ניט קריגן קיין גאַנצן סטאַר, איז כאָטש איינעם ווּעמען מ׳קען אָנפאַרטרויען אַזאַ ראָל ווי יעקב פּ. אַדלער שפּילט, און דער עולם זאָל גלויבן.

אַזאַ געלעגנהייט האָט אויך מאָריס שוואַרץ געהאַט דעם סעזאָן, ווען יעקב פּ. אַדלער, האָט אויפגעפירט אין דעם „פּיפּלס טעאַטער״ וואָס האָט זיך געפונען אויף דער באַורי, דעם צוויי־סעזאָניקן סוקסעס פון „די לעבעדיקע יתומים״, פון איזידאָר זאָלאָטאַרעווסקי.

די פּוקסן מענעדזשערס האָבן שטאַרק געהאַלטן פון דעם ווערטל, שמידט דאָס אייזן, ווייל ס׳איז הייס, האָט מען טאַקע גלייך גענומען האַנדלען, און קיין בעסערן פאַר דער ראָל וואָס יעקב פּ. אַדלער שפּילט, האָט מען ניט געקענט געפינען ווי מאָריס שוואַרץ.

זיינען טאַקע באַלד אַוועק פאַרמיטלער פון די געשעפט־פירער אין דייוויד קעסלער טעאַטער, און מיט דער פאַרוואַלטונג געמאַכט אַ „דיל״, און מ׳האָט אַרויסגענומען מאָריס שוואַרצן פון דער טרופּע, און אים אַוועקגעשיקט נאָך שיקאַגאָ.

די פּיעסע „לעבעדיקע יתומים״ מיט מאָריס שוואַרץ אין דער הויפּט־ראָל, האָט אין שיקאַגאָ געמאַכט אַזאַ דערפאָלג, אַז ס׳האָט זיך געלאָזט הערן ביז ניו־יאָרק, דאָס האָט שוין יעקב פּ. אַדלער, ניט געקאָנט אַרונטערשלינגען, ער האָט שוין פאַרגעסן אָן דעם וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אים אימיטירט, אָבער דעם סוקסעס וואָס ער מאַכט אין שיקאַגאָ, אין דער פּיעסע וואָס ער שפּילט אין ניו־יאָרק, און אין זיין ראָל דערצו נאָך, האָט ער פאַרטראַכט אַ פּלאַן, ער וועט זיך בייטן מיט דזשאָו שיינגאָלד מיט די ראָלן,

און וועט נאָכן סעזאָן אַרויספֿאָרן אויף דער פּראָווינץ שפּילן די פּיעסע און ווייזן דעם עולם אַז ער דער נאָכקרימער האָט ניט געשפּילט זיין ראָל.

דער איבערנאַטירלעכער סוקסעס אין שיקאַגאָ איז פֿאַר מאָריס שוואַרץ געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט פֿאַרגעסן אין זיין פֿאַרגאַנגענהייט, ווען דער דייטש איז אים נאָכגעלאָפֿן מיט אַ שטעקן, און דער עולם האָט זיך ניט אינ־טערעסירט מיטן מחבר פֿון דער פּיעסע, ווייל מ׳איז געקומען זען מאָריס שוואַרצן, וועלכער האָט אַזוי גוט געשפּילט די הויפּט־ראָל פֿון דעם דאָקטאָר.

אפילו אַ גוטער אַקטיאָר האָט אַמאָל די טבע פֿאַרשיכורט צו ווערן פֿון צופֿיל סוקסעס, ס׳איז אויך פֿאַראַן אַזעלכע אין עולם, וואָס מיט אַפּלאָ־דירן אַליין באַנוגנט ער זיך ניט, און ער גייט הינטער דער בינע צו זען אפשר וועט ער קענען צוקומען צום סטאַר, אַזעלכער האָט זיך אויך געפֿונען אין שיקאַגאָ. וועלכער האָט ניט געוואַרט פֿאַר קיין איינלאַדונג און באַלד נאָך אַ פֿאָרשטעלונג, איז ער אַריינגעקומען אין גאַרדעראָב־צימער וואו מאָריס שוואַרץ איז געווען, און אָן צערעמאָניעס גענומען אים קאָמפּלימענטירן, ביז ער האָט געזאָגט:

— איך האָב געמוזט אַרונטערקומען, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין פּראָגראַם, און איך וויל וויסן ווער דער פּראָפֿעסער פֿון דעם ווערק איז?

— פּראָפֿעסער? האָט אים שוואַרץ אָנגעקוקט. מיינט איר ניט דעם מחבר?

— אים טאַקע מיין איך...

— דער פּראָפֿעסער איז... זאָלאַ...

— אַזוי האָב איך מיר פֿאָרגעשטעלט.

— אַזוי? האָט איר אייך שוין איינמאָל גוט פֿאָרגעשטעלט.

— פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ ווערק, וועט ניט אָנשרייבן אַבי ווער...

— און איר מיינט אַז איך וואָלט געשפּילט פֿון אַבי וועמען?

— זיכער ניט.

— נו, איצט אַז איר ווייסט שוין, וועט איר מיר אַנטשולדיקן, ווייל איך מוז מיך איבערטאָן.

שוואַרץ האָט פֿאַרשטאַנען אַז דער פּראָגראַם איז בלויז געווען אַן אויס־רייד, האָט ער אַ שווערן זיפֿץ געטאָן: „פֿאַר וועמען איך דאַרף שפּילן טעאַטער, איז עפּעס אַ וואונדער וואָס אַזאַ ווערק איז אַ סוקסעס?”

# מאָריסאָן, שנייער און שוואַרץ

צו דער איצטיקער פּאָלקס־בינע, האָב איך אַמאָל באַלאַנגט, און מיין לעצטע פאָרשטעלונג מיט זיי איז געווען אין יאָר 1914 אויף דייוויד קעסלערס „רוף־גאַרדן״, איידער איך האָב פאַרלאָזט ניו־יאָרק.

געשפּילט האָבן מיר פּרץ הירשביינס ערשטע פּיעסע „מרים״, אונטער דער רעזשי פון שלמה איידעלהייט, ס׳איז שוין געווען נאָכן סעזאָן, אָבער אין טעאַטער האָט מען נאָך געשפּילט, אונדזער ליטעראַרישע פאָרשטעלונג האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין אָונט, ס׳איז געווען אין אַ זונטאָג, און ווען איך האָב מיך באַוויזן אין דער לאַבי פון טעאַטער, מיט מיינע זאַכן, האָט זיך נאָר וואָס פאַרענדיקט די בייטאָגיקע פאָרשטעלונג פון „שולמית״, מיט קלמן יוואָוועליר, רעגינא פּראַגער און קאָמפּאַני. דער עולם איז אַרויסגעקומען פון טעאַטער, האָבן באַוואונדערט די דריי וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען אין דער לאַבי, מאָריס מאָריסאָן, סעמיועל שנייער און מאָריס שוואַרץ.

אַזוי ווי מיר איז אויסגעקומען צו וואַרטן ביז דער עולם וועט אַדורכגיין, האָט מיך מאָריס מאָריסאָן באַמערקט און ווען איך האָב זיך מיט מיינע זאַכן געלאָזט צום „עלעוועטאָר״ איז מיר אויסגעקומען זיי דריי פאַרבייצוגיין, האָט ער צו זיי געזאָגט מער אויף דייטש:

— דאָ גייט איינער פון די צוקונפטיקע טאַלאַנטן, נו, יאָ, זיי דאַרף מען אויך זען.

שנייער און שוואַרץ האָבן מיר נאָכגעקוקט ביז די טיר פון עלעוועטאָר האָט זיך פאַרמאַכט, מיט וואָס פאַר אַ קלאַפּעניש אין מיין האַרץ איך בין אַריינגעקומען אין גאַרדעראָב.

***

איידער די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן, איז שלמה איידעלהייט, אַרויפגעקומען אויף דער בינע, האָט אַלץ באַטראַכט, געמאַכט זיכער אַז אַלץ איז אין אָרדער, דערנאָך איז ער אַריינגעקומען אין גאַרדעראָב וואו מיר האָבן זיך אָנגעטאָן, אָרבאַנאָף און איך, ער האָט אונדז צוערשט באַטראַכט, אַ קורצן שמייכל געטאָן און צו מיר געזאָגט:

— דוד, זאָלסט גוט שפּילן.

— פאַרוואָס היינט בעסער ווי אַלע מאָל?
— אַחוץ אַ גרויסן עולם, האָבן מיר היינט געהויבענע געסט.
— זיי זיינען זיכער געקומען מיך זען. האָט אָרבאַנאָף געשמייכלט.
— זיי זיינען זיכער געקומען זען די פאָרשטעלונג.
— אָבער ווער זיינען זיי? האָט דאָס מיך שוין פאַראינטערעסירט.
— איך מוז זאָגן, דוד, האָסט אַ סך מזל.
— ניט מער ווי די אַנדערע.
— יאָ, איר וועט היינט שפּילן...
— פאַר וועמען, איידעלהייט?
— ער פרעגט נאָך פאַר וועמען, ניט פאַר איינעם, נאָר פאַר דריי.
— ווער איז די טרויקע? האָט אָרבאַנאָף געפרעגט.
— איך האָב זיי דריי געזען שטיין אין דער לאָבי ווען איך בין געקומען אין טעאַטער, מאָריסאָן, שנייער און שוואַרץ.
— זיי קענען אויך שפּילן טעאַטער, איאָ אָרבאַנאָף. האָט איידעלהייט געזאָגט, קוקנדיק אויף מיר, האָב איך אונטערגעכאַפּט:
— איך מיין אַזוי, איבערהויפּט מאָריס שוואַרץ.

אָרבאַנאָפן האָט מען געהאַלטן פאַר אַ טאַלאַנטירטן כאַראַקטער־שפּילער, דאַכט זיך אַז ער איז געווען דער בעסטער אין קלוב, און אַז ער האָט צוגעגעבן אַז ער האַלט זייער שטאַרק פון מאָריס שוואַרצן, בין איך שוין געווען זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ וועט אַמאָל זיין איינער פון די גרעסטע, אויב ניט דער גרעסטער יידישער אַקטיאָר.

***

איך האָב פאַרלאָזט ניו־יאָרק, און נאָך עטלעכע און צוואַנציק שעה פאָרן בין איך געקומען אין שיקאַגאָ. דאָרט האָט ניט גענומען לאַנג, האָב איך געקראָגן אַן איינלאַדונג פון דעם דעמאָלסטיקן יעקב גאָרדין דראַמאַטיק קלוב, אָנטייל צו נעמען אין זייערע אַן אויפפירונג פון אַן איין אַקט פּרץ הירשביינס „אליהו הנביא״ צו שפּילן דעם זיידן, נאָך דעם בין איך ביי זיי געוואָרן אַ מיטגליד, און געוואָרן פאַרנומען מיט אַ פּאָר בעסערע פאָרשטעלונגען, וואָס דער גאָרדין קלוב האָט צוגעגרייט, האָב איך זייער ווייניק צייט געהאַט יענעם סעזאָן.

דער גרויסער יידישער טעאַטער האָט זיך פאַר מיין צייט געפונען אויף

„מעדיסאָן און האָלסטעד סטריט״, דער עמפּייער טעאַטער. שפּעטער איז צוגעקומען דער היי־מאַרקעט טעאַטער פּונקט אַנטקעגן, אָבער די אַלע אַטרעקשאָנס וואָס זיינען געקומען פון ניו־יאָרק, האָבן געשפּילט אין עמפּייער טעאַטער, האָב איך אַלע אַדורכגעלאָזט, ביז דייוויד קעסלער מיט זיין טרופּע איז געקומען שפּילן עטלעכע פאָרשטעלונגען, אַ ביליקע מעלאָדראַמע, וואָס האָט געטראָגן דעם פּיקאַנטן נאָמען „פאַרבאָטענע פרוכט״ פון נחום ראקאָוו, וואָס ס׳האָט מיך געמאַכט קומען זען דאָס ווערק, איז געווען מאָריס שוואַרץ, און ווען איך האָב דערזען די פרוכט, האָט דאָס מיך ניט נאָר פאַרדראָסן, נאָר טאַקע ווי געטאָן, דערפאַר בין איך אַוועק פון טעאַטער אַ שטאַרק אַנטוישטער, איך האָב אפילו זיך געשעמט צו דערציילן אַז איך בין געווען זען די פאָרשטעלונג. און פאַר אַ לאַנגער צייט, האָב איך ניט גע־קענט פאַרגעסן, פאַרוואָס אַזעלכע גוטע אַקטיאָרן האָבן זיך געמאַכט נאַריש, אין אַזאַ אומגעלומפּערטער זאַך, דאָס טעאַטער האָט דערביי זייער שטאַרק געליטן, ווען מען פאַר דער לעצטער נאַכט געשטעלט דייוויד קעסלערס סוקסעס „גאָט מענטש און טייוול״, פון יעקב גאָרדין. דאָס האָט אפשר געקענט ראַטעווען דעם פּרעסטיזש פון דער טרופּע, ניט פון טעאַטער, מיט די געשעפטן וואָס זיי האָבן געמאַכט. האָבנדיק פּראָ־בע אין קלוב, האָב איך ניט געקענט זיין אין טעאַטער, נאָר די וואָס זיינען דאָרט יאָ געווען, האָבן מיר שפּעטער דערציילט.

אַז די פאָרשטעלונג פון „גאָט מענטש און טייוול״ איז געווען אַ געלונ־גענע, און אַז מאָריס שוואַרץ איז געווען אין דער ראָל פון „אוריאל מזיק״ אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט אים ניט אַראָפּגעלאָזט פון דער בינע. ס׳האָט מיך פאַרשטייט זיך פאַרדראָסן, פאַרוואָס איך בין דאָרט ניט געווען און ווען ער האָט נאָך צוגעגעבן:

— ענדלעך האָט ער דאָס דערגרייכט.

—וואָס ? האָב איך געפרעגט פאַרוואונדערט.

— שפּילן אוריאל מזיק מיט דייוויד קעסלער.

— יאָ, ניט אַזוי גרינג איז דאָס אים אָנגעקומען.

— איך שטעל מיך פאָר, בלויז פון דעם וואָס איך לייען אין די ציי־טונגען.

— ווען מענטשן וואָלטן געוואוסט, וואָס מ׳גייט אַלץ אַדורך, ביז מ׳קען שוין צוקומען צו דער שטופּע, צו קענען שפּילן אוריאל מזרק מיט דייוויד קעסלער, וואָלטן אפילו דער קריטיקער געקוקט אַנדערש אויפן אַקטיאָר.

— מיר ווייסן, און דאָס אַלץ האָט ער צו פאַרדאַנקען מאָריס מאָריסאָנען.

— אפילו דורך אַזאַ גרויסן קינסטלער ווען מ׳ווערט רעקאָמענדירט, מוז מען דאָך זיין אַ מאָריס שוואַרץ דאָס צו דערגרייכן, און אפילו ער איז אַ סך אַדורכגעגאַנגען ביז ער האָט דערגרייכט די שטופע.

— ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז אַקטיאָרן גייען אַ סך אַדורך...

— ער, גלויב איך, איז אַדורכגעגאַנגען מער פון אַלעמען, און ס׳איז פאַראַן אַ פאַרוואָס, אמת ער איז אַ טאַלאַנט, אָבער זיין פאַרמעסט איז באַלד געווען אַ גרויסער, און דערפאַר אפשר איז דאָס אים אָנגעקומען שווערער פון אַ יעדן איינעם, אַ סך שווערער פון די אַנדערע.

— איר מיינט די, וועלכע האָבן אַ צד אין דער משפחה?

— אַזעלכע דאַרפן אינגאַנצן קיין טאַלאַנט ניט.

— האָבן זיי טאַקע ניט.

מיר ביידע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט, האָב איך נאָך צוגעגעבן:

— פאַרדריסט מיך טאַקע, וואָס איך בין ניט געווען ביי דער פאָרשטעלונג, ווער ווייסט, אויב איך וועל זיי נאָך אַמאָל זען צוזאַמען? ווען איר וואָלט געוואוסט, וואָס דער מאָריס שוואַרץ איז אַדורכגעגאַנגען מאַכנדיק צוויי מאָל פראָבע אין דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן, איך קען דאָס קיין מאָל ניט פאַרגעסן, ווען מ׳האָט אים ביים צווייטן מאָל מאַכן פראָבע ניט אָנגענומען, האָט ער אַ פאַרצווייפלטער געכאַפּט אַ טלית און געלאָפן אין „פאָרווערטס״, און פאַרן רעדאַקטאָר אַב. קאַהאַן, אָפּגעשפּילט די סצענע פון חצקל דראַכמאַן, טאַקע פון דער פּיעסע גאָט מענטש און טייוול, אים צו ווייזן וואָס פאַר אַ גוטער אַקטיאָר ער איז, און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער סצענע, האָט ער צו אים געזאָגט:

— „גאָספּאָדין קאַהאַן, אויב איך קען זיי ניט מאַכן צו גלויבן אַז איך בין אַן אַקטיאָר, בין איך געקומען צײַ אייך, האָב איך אַ רעכט צו זיין אַ מיטגליד אין דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן, ווי אַ סך וואָס באַלאַנגען דאָרט? פון היינט אָן, האָט איר דאָס וואָרט״.

באַלד האָבן זיך גענומען באַווייזן אַב קאַהאַנס אַרטיקלען אין די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס״, און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן, איז אַב. קאַהאַן געווען גרייט צו באַווייזן, אַז די יידישע אַקטיאָרן יוניאָן, דאַרף מען אין גאַנצן ניט האָבן, אַ טעאַטער, האָט ער געשריבן, איז ניט קיין שאָפּ. צו שפּילן טעאַטער דאַרף מען טאַלאַנט, און ניט קיין יוניאָן קאַרט, דערנאָך האָט ער גענומען פאָדערן באַווייזן, אויב די אַלע וואָס באַלאַנגען דאָרט, זיינען באַרעכטיקט

צו דער פּראָפּעסיע? איבערהויפּט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויב מ׳קען אים באַוויזן, ווען מ׳האָט שוין דאָרט אַריינגענומען פאַר זייער גרויסן טאַלאַנט, באַלאַנגט דאָרט יעקב פּ. אַדלער? באַלאַנגט דאָרט דייוויד קעסלער? ביי אמתע טאַלאַנטן טאָר ניט זיין קיין פּאָליטיק, דאָס וועט פריער אָדער שפּעטער פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע אין יידישן טעאַטער.

די פאַפירענע מלחמה האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר וואָכן, און אב. קאַהאַן האָט אויסגעפירט, מ׳האָט מאָריס שוואַרצן אַריינגענומען אין דער יידישער אַקטיאָרן־יוניאָן.

ענדלעך האָט מאָריס שוואַרץ געוואונען איין זיג, און פאַרשפּילט אַ צווייטן, וועלכער איז אפשר פאַר אים געווען וויכטיקער ווי צו ווערן אַ מיט־גליד אין דער יוניאָן, דעם געזעץ האָט אפילו אב. קאַהאַן ניט געקענט אומ־וואַרפן, אַ יעדער וואָס האָט געמאַכט אַן אַפּליקאַציע, אָנגענומען צו ווערן אין דער יוניאָן אַלס מיטגליד, האָט גלייך געמוזט אונטערשרייבן אַזוי גיך ווי ער ווערט אַ מיטגליד, מוז ער די ערשטע דריי יאָר שפּילן אויף דער פּראָווינץ, דאָס האָט פאַר מאָריס שוואַרצן, ניט געטויגט, וויסנדיק אַז אין שיקאַגאָ איז פאַראַן דריי גרויסע טעאַטערס, אויך פינף קלענערע טעאַ־טערס, אין פילאַדעלפיע איז פאַראַן צוויי גרויסע טעאַטערס, אין באָסטאָן אַ טעאַטער, אין קליוולאַנד אַ טעאַטער, אין דעטראָיט אַ טעאַטער אָדער צוויי, פּיטסבורג אַ טעאַטער, אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. ווי אויך אין טאָראָנטאָ און אַפילו אין וויניפּעג. שטענדיקע טעאַטערס.

אָבער צו מאָריס שוואַרץ האָט דאָס גאָרניט געמיינט, אַזוי פיל יאָרן ווי ער ראַנגלט זיך, און וואָס ער איז שוין אַלץ אַדורכגעגאַנגען איז ניט צו־ליב דעם, אַז ער זאָל איצט ערשט פאָרן אויף דער פּראָווינץ זיך מוטשען, ער וויל זיין אין ניו־יאָרק. אין דער גרויסער טעאַטער שטאָט וואו ס׳איז פאַראַן צוועלף גרויסע טעאַטערס, מיט גוטע אַקטיאָרן, אַקעגן וועמען ער קען זיך פאַרמעסטן, אַקעגן וועמען וועט ער זיך פאַרמעסטן אויף דער פּראָ־ווינץ? מיט לאָקאַל צוויי אַקטיאָרן? אָדער ס׳קען אים אַמאָל אויסקומען צו שפּילן מיט לאָקאַל פינף אַקטיאָרן, אַזעלכע זיינען שוין פאַר אים ניט געווען וויכטיק, וויבאַלד אַזוי, קומט אים אויס זיך צו שטעלן קעגן ווינט. דאָס מיינט אַז נאָך דעם אַלעמען וואָס ער איז ביז איצט אַדורכגעגאַנגען, דאַרף ער מיט זיין גאַנצער דערגרייכונג ווערן אַ דאָן קיכאָט.

די סיטואַציע האָט געראַטעוועט דייוויד קעסלער, ער האָט אויסדריק־לעך פאַרלאַנג אַז מאָריס שוואַרץ זאָל בלייבן אין טעאַטער, ער מוז אים

האָבן, איז ער דאָרט געבליבן, ווייל נאָך דעם טומל מיט אַב.קאַהאַן, האָט שוין די יוניאָן מורא געהאַט אויפצונעמען אַ צווייטן קאַמף, דאָס קען אַמאָל געבן די מענעדזשערס אַ געלעגנהייט צו פאַרלאַנגען נאָך אַנדערע זאַכן... איז דאָס געווען אַ גרויסער זיג פאַר מאָריס שוואַרץ.

***

זייער אָפט קומט פאַר אין יידישן טעאַטער פאַרדרייעניש ן פון וועלכע מ׳קען קיינמאָל ניט אַרויסקריכן, און ס׳איז ניט פאַרשטענדלעך פאַרוואָס ס׳דאַרף אַזוי זיין, און וויפל איך פּרוביר דאָס אויסגעפינען איז אוממעגלעך, פון גאָרניט ווערט אַמאָל אַזאַ פּלאָנטער, אַז די גרעסטע סטאַטיסטיקער קענען פון דעם ניט אַרויסקריכן, פאַרוואָס, און פאַר ווען בין איך ביז דעם היינטיקן טאָג ניט דערגאַנגען, ניט אַנדערש אַז פון גאָרניט איז שווער עפּעס אויסצוגעפינען.

למשל, אַ נייער צוגעקומענער צום פאַך, איידער ער ווערט נאָך אַ מיטגליד אין דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן, ווען זיך אַלע מענעדזשערס איבער אים רייסן.

וואָלט מען געקענט מיינען, אַז מען קריגט אים אומזיסט, הייבט זיך דאָס ניט אָן, אַ סך מאָל ווייס איך, אָט אַזעלכער וואָס איז געווען אַ פּריווילעגירטער געקראָגן מער פון אַ יוניאָן מיטגליד.

אַזוי גיך אָבער ווי ער איז אַריין אין דער יוניאָן, האָט דאָס געמעגט זיין אפילו מאָריס שוואַרץ, האָט מען אים אפילו אויף דער פּראָווינץ ניט אויסגעכאַפּט, מיט אַלע סוקסעסן וואָס ער האָט שוין געהאַט.

פאַר אים איז דאָס אפשר געווען אַ גליק, ער האָט דאָך געוואָלט זיין אין ניו־יאָרק. האָט אָבער דאָס גליק אָנגעהאַלטן ביז ס׳איז געקומען צו די ראָלן.

דער צווייטער מאָן, אין קעסלערס טעאַטער, איז דאָן געווען סעמיועל שנייער, איז מאָריס שוואַרצן אַ סך מאָל אויסגעקומען אַרויסצופאַלן פון די פּיעסן, אין וועלכע ער האָט געוואָלט שפּילן, און דאָס האָט ניט גע־טויגט פאַר אים, אפילו מיט פאַרשטענדעניש וואָס מ׳ווייזט אַרויס פאַר בע־סער טעאַטער, איז ווען מ׳זיצט אין דער היים, מיינט דאָס גאָרניט, ווייל פאַרשטענדעניש אַליין איז ניט גענוג, מ׳דאַרף שפּילן, זיך ווייזן פאַרן עולם וואָס מ׳פאַרשטייט און ווי ווייט מ׳קען גיין צו דערגרייכן וואָס מ׳וויל, אמת

מאָריס שוואַרץ האָט דאָס שוין געוויזן, מיטן שפּילן „די גייסטער״ און אַנדערע פּיעסן, איבערהויפּט צו די קאָנצערטן ווען ער איז אַרויסגעטראָטן, אַלע מאָל אין בעסערע זאַכן, און דערפאַר אפשר האָט ער גענומען חלומען פון אַ בעסערן יידישן טעאַטער.

ס׳איז אַפילו געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז פאַר אים גלאַט אַ טעאַטער, וועט זיין ניט נאָר שווער צו קאָנקורירן, נאָר אונטער אַלע אומשטענדן וועט דאָס ניט טויגן, און צוליב אַ סך אַנדערע אורזאַכן, ערשטנס, וועט ער ניט קענען האָבן דעם געוואונטשטן רעפּערטואַר, ער האָט פאַרשטאַנען אַז יעקב פּ. אַדלער, וועט אים ניט לאָזן שפּילן זיין רעפּערטואַר אין ניו־יאָרק. די אַנדערע פּיעסן האָט ער ניט געוואָלט און ניט געטאָרט שטעלן, און אויב שוין יאָ אַ נייעם רעפּערטואַר, פאַרוואָס ניט אַ בעסערן? און ווען ער האָט זיך פאַרטראַכט, מיט זיין שכל־הישר, און די פּראַקטיק וואָס ער האָט שוין געהאַט, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויב מאַכן דאַרף דאָס זיין עפּעס אַנדערש, עפּעס נייס, עפּעס אַזוינס, וואָס ס׳איז נאָך ניט געווען, ער מוז גיין אויף אַ נייעם וועג, און פאַר יענער צייט, איז דאָס געווען זייער ריזיקאַליש.

נייע בלומען איז אָבער גאָר גוט צו פלאַנצן אין אַ שיינעם גאָרטן, ליידער איז דער יידישער טעאַטער־גאָרטן געווען מיט אַ סך דערנער, אפילו אין די גוטע צייטן, און מ׳האָט זיך זייער לייכט געקענט פאַרשטעכן, דאָס גאַנצע טעאַטער־פאַך איז דאַן געווען פאַרבאַריקאַדירט מיט „פּינטעלעך״ „נשמהלעך״, „קרוינעלעך״. און נאָך אַנדערע פון דעם שניט און אַנדערע פאָרמס, ווי „גאַסן מיידל״, „ריינער געוויסן״, „מאָראַל פּרעדיקער״, „קול שופר״, „בלינדע מענער״ און נאָך אַנדערע אַזעלכע פאַרמישעכצן, פון וועלכע אפילו אַ קאָזאַק האָט געקענט רויט ווערן... און כמעט אַלע די ווערק זיינען געווען די זעלבע, נאָר געביטן דעם נאָמען. דער איינציקער וואָס האָט זיך געהאַלטן ביי זיין רעפּערטואַר, ביז דער מענעדזשער פון טעאַטער, האָט אים ניט אונטערגעטראָגן אַ נייע פּיעסע, איז געווען יעקב פּ. אַדלער, ער האָט אַלעמאָל געשפּילט גאָרדינס פּיעסן. די אַנדערע טעאַטערס וואָס האָבן זיך געפונען אין ניו־יאָרק, אין ברוקלין, האָבן אַלץ געשפּילט, צו יענער צייט איז אויך געווען אַ סך „וואָדעוויל טעאַטערס״, פאַר זיי איז גאָר געווען אַ גרויסער עולם, דערפאַר קען זיין איז געווען די גרויסע פראַגע פאַר דעם נייעם טעאַטער וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געחלומט.

דערפאַר איז אפשר קיין וואונדער ניט געווען, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט

נאָר געוואָלט זיין מיט דייוויד קעסלער, ווייל ביי דייוויד קעסלער אין טעאַטער האָט מען דאָך פון צייט צו צייט אויפגעפירט אַ בעסערע פּיעסע פון זו־דערמאַן, אַש, גאָרדין, ליבין, קאָברין און פון אַנדערע באַרימטע שרייבער. מ׳האָט דאָרטן אַפילו געשפּילט גאָרקי און אויך שעקספּירס. ווייל פון די באַשטעלטע שרייבער האָט דייוויד קעסלער אַ סך מאָל געשפּילט קעגן זיין ווילן.

מ׳האָט אַלע מאָל געזאָגט, אַז ביז דעם נייעם יאָר, גייט דער סעזאָן באַרג אַרויף, נאָכן ערשטן יאַנואַר גייט ער שוין באַרג אַראָפּ. האָט זיך ניט איינמאָל געדאַכט, אַז דער סעזאָן לויפט גיכער ווי וואַסער, איינער גייט, אַ נייער קומט, און די אַלטע פאַרשימלטע פּאָליטיק איז די זעלבע, קיינמאָל האָב איך דאָס ניט געקענט פאַרשטיין, און אַפילו איצט פאַרשטיי איך דאָס נאָך ווייניקער, ווייל אין דער לאַגע וואָס דאָס יידישע טעאַטער געפינט זיך איצט, וועלן שוין אפילו די פאַרפלאָנטערנישן, וועלכע עקסיסטירן נאָך, גאָרניט העלפן.

און אַזוי האָט מען אַלע מאָל געמאַכט געשעפטן, און נאָר דורך אַ נס, האָבן אַ סך טעאַטערס אויסגעהאַלטן דעם סעזאָן, איך זאָג דאָס דערפאַר, ווייל אין יענע יאָרן האָבן זיך אַרום יידישן טעאַטער געדרייט אַ פּאָר אַדוואָ־קאַטלעך, וועלכע האָבן געכאַפּט אַ פּאָר דאָלאַר נאָר דורך לינקע געשעפטן, זיי האָבן זיך אפילו געמישט אין אַנשטעלן אַקטיאָרן, ווען מ׳זאָל יאָ נע־מען און ווען ניט, אין דעם איז אַ סך מאָל באַשטאַנען זייער פאַלשקייט ווי די נאַכט, מ׳האָט זיי זייער לייכט געקענט אָפּקויפן אפילו פאַר אַ שמעק טאַ־באַק, קיין געזונט פאַרן טעאַטער איז דאָס זיכער ניט געווען, אָפט האָבן זיי מיט דעם נאַרישן פּאָליטיק דעם מענעדזשער אַזוי דעם קאָפּ פאַרדרייט, אַז ס׳איז אים ניט איינמאָל אויסגעקומען צו גיין באַנקראָט. דאָס האָט זיך אַזוי איינגעגעסן אין יידישן טעאַטער, אַז ס׳איז מיט דער צייט געוואָרן איין הפקר געשעפט, ביז ס׳האָט גענומען גיין באַרג אַראָפּ, ס׳איז שוין כמעט אין גאַנצן געפאַלן, אָבער די נאַרישע לינקע פּאָליטיק איז נאָך אַלץ פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג, אפילו נאָך איצט גייען אָן די געוואַלדיקע סודות, איבער דעם וואָס ס׳איז שוין ניטאָ מער.

די פּאָליטיק האָט אויך אַ סך מאָל דערפירט, אַז מ׳זאָל בייטן טעאַטערס, און צו דעם אַז מען זאָל בייטן סטאַרס, האָט מען זיך געהאַלטן אין דרייען, ביז מ׳האָט זיך פאַרדרייט, און מ׳איז אַלע מאָל געבליבן שטיין דאָרט וואו מ׳האָט אָנגעהויבן, זיי האָט זיך געדאַכט אַז ס׳איז זייער אַ גרויסער אויפטו,

אָבער אין דער אמתן האָבן זיי אַ סך מאָל ניט געוואוסט אויב ס׳איז גוט פאַרן עולם.

ס׳האָט זיך קיינמאָל ניט געפונען קיינער וועלכער זאָל זיי קענען באַווייזן, פאַרוואָס מ׳דאַרף זיך אַזוי דרייען, דערצו האָט נאָך די לינקע פּאָליטיק צוגעשפּילט, אַזוי, אַז די גאַנצע פּראָפּעסיע איז געוואָרן אַזוי פאַרדרייט, ביז ס׳איז אויסגעקומען ניט איין מאָל גומל בענטשן, ווען מ׳איז אפילו פון אַ גוטן סעזאָן אַרויס מיט גאַנצע ביינער.

אין אַזאַ צייט, שוין מיט יאָרן עקספּיריענס, האָט זיך מאָריס שוואַרץ פאַרטראַכט ,וועגן אַ בעסערן יידישן טעאַטער, און וואָס שווערער ס׳איז אים אויסגעקומען דאָס צו פאַרווירקלעכן, אַלץ מער האָט ער דאָס געוואָלט באַווייזן, און וואָס מער ער האָט אין דער צייט געלערנט, איז דאָס אים שפּע־טער זייער גוט צונוץ געקומען, אָבער ער האָט דערביי אַ סך געליטן, וויסנ־דיק אַז מ׳האַלט אים פאַר אַ גוטן אַקטיאָר, נאָר ניט גוט גענוג אַז מ׳זאָל אים גלויבן אַז ער איז ערנסט פאַר אַ בעסערן יידישן טעאַטער.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס גערעדטע און געזאָגטע האָט אים אויך אַ שיין ביסל פאַרפאָלגט, אַז איבערנאַכט קען מען ניט ווערן וואָס מ׳וויל, איבערהויפּט אַ ליטעראַרישער אַקטיאָר, אויף דעם דאַרף מען אַ סך אַרבעטן ניט נאָר אויף זיך, נאָר אויך אַרום זיך, מ׳דאַרף דאָס באַווייזן און ס׳נעמט אַמאָל זייער לאַנג, ביז מ׳הויבט אָן צו גלויבן, צו דעם באַדאַרף מען אַ ים מיט צייט, מיט אַ וועלט פון געדולד, און וואו נעמט מען דאָס? און ווי אַזוי קען מען דאָס ווייזן, ווען מ׳שפּילט ביי יענעם? צו דעם קען מען נאָר דערגרייכן ווען מ׳איז פאַר זיך, אָבער ווי אַזוי?

ניט איינמאָל האָט ער זיך אַליין געפרעגט: „וויל דער עולם אַזאַ טעאַטער? איז דער עולם שוין רייף גענוג פאַר אַזאַ טעאַטער? וועט דער עולם אויפ־נעמען אַזאַ טעאַטער? אין די אַלע פראַגן איז געלעגן אַ גרויסע ריזיקע, און דאָס האָט דעם פּראָיעקט געמאַכט נאָך מער מוראדיק זיך אונטערצו־נעמען, טראַכטן אָבער איז ניט גענוג, מ׳דאַרף איינשטעלן ווען מ׳וויל עפּעס אויסגעפינען, און פאַר אַזאַ געלעגנהייט מוז מען נאָך וואַרטן״.

זיין אַמביציע איז געווען אַ גרויסע, איינשטעלן איז שוין אויך ביי אים קיין נייס ניט געווען, ער האָט דאָס שוין פּרובירט נאָך אין פילאַדעלפיע.

*
**

ווען מייק טאָמאַשעווסקי האָט איבערגענומען דעם „ארטש־סטריט״ טעאַ־טער אין פילאַדעלפיע, האָט מאָריס שוואַרץ מיט סאַל דיקשטיין, איבער־גענומען דעם קאָלאָניאַל טעאַטער אין פילאַדעלפיע. דאָרט האָט ער גענומען פּרובירן ווי אַזוי זיך צו דערנענטערן צום עולם, און אויך דאַן שוין האָט ער זיך גענומען איינרעדן אַ פיקסי־געדאַנק, אַז ער וועט אַמאָל זיין גרעסער פון אַלע דריי גרויסע סטאַרס צוזאַמען, געמיינט האָט ער, אַדלער, קעסלער און טאָמאַשעווסקי. און אָט די איינרעדעניש איז אים ניט נאָר אַריין אין קאָפּ, נאָר אויך אין זיין בלוט, און ביי אַ סך געלעגנהייטן האָט ער דאָס געזאָגט, איינמאָל האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס מ׳האָט אים ניט גע־וואָלט נאָכגעבן, האָט ער פאַר אַלעמען אויסגעשאָסן:

— וואַרט, איר וועט זען, איך מאָריס שוואַרץ וועל אַמאָל זיין גרעסער פון אַלע דריי סטאַרס צוזאַמען.

— ביסט אַ משוגענער. האָט אים דיקשטיין געזאָגט.

— וועט איר שוין זען.

די פיר ווערטער וואָס ער האָט דאַן געזאָגט, האָט ער געוואָלט אַז זיי זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן, אָבער ווי אַזוי? און ווען ער האָט דערפון געטראַכט, האָט דאָס אים געררייצט, ער האָט געוואָלט, און געמוזט גוט מאַכן וואָס ער האָט געזאָגט, ווייל ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַ יעדערער האַלט אים איצט פאַר אַ נאַרישן פאַנטזיאָר, און דאָס וויל ער ניט צולאָזן צו זיין מוח, ס׳איז אַ ווילדער געדאַנק, איבערהויפּט נאָך אין יענער צייט, איז דאָס זיכער געווען אוממעגלעך, ס׳האָט אויסגעזען ווי איינער זאָל זיך באַרי־מען אַז ער וועט אויפהויבן דעם „עמפּייער סטייט״. מיט דער צייט אָבער, האָט דאָס מאָריס שוואַרץ באַוויזן, ס׳איז ניט וויכטיק ווי אַזוי, פאַקט בלייבט פאַקט, ער האָט דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט, און אפשר נאָך אַ סך גרעסער, ווי ער אַליין האָט זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט.

ער האָט זייער גוט געוואוסט, אַז אויב קומען צו עפּעס, טאָר מען זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזן, און אַלץ אַליין טאָן פאַר זיך, פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט ער נאָר געקענט אויספירן, ווען ער איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַן אייגן געשעפט, ניט דאַרפן נעמען פון יענעם, נאָר זיך אַליין נעמען, און ווען ער האָט דאָס געמאַכט אויף אַ שיינעם און אויף אַ בעסערן אופן,

האָט ער געוואוסט, אַז אין דעם ליגט זיין סוקסעס. אַזוי איז אין יידישן טעאַטער, מ׳דאַרף זיך אַליין נעמען, און אַז מען טרעפט איז מען אַ גע־מאַכטער.

⁂

ס׳גייט אַרום אַ ווערטל, רעד אפילו שלעכטס פון מיר, נאָר רעד. מיינט דאָס, אַז די וועלט זאָל וויסן אַז איך לעב, האָט מען טאַקע זייער אַ סך גערעדט וועגן די פּלענער וואָס מאָריס שוואַרץ האָט פאַרעפנטלעכט, וואָס ער נעמט זיך פאָר צו טאָן פאַר אַ נייעם יידישן טעאַטער.

די נייעס האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט אין שיקאַגאָ. האָבן זיך אַרום די ליטעראַרישע קרייזן, גענומען שאַפן פאַרשיידענע מיינונגען, און פאַר אַ לאַנגער צייט, זיינען אָנגעגאַנגען פאַרשיידענע דעבאַטן, און ס׳האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט איראָניע געזאָגט:

— מאָריס שוואַרץ גייט עפענען אַ בעסערן טעאַטער?

— אַזוי שרייבן די צייטונגען, ער האָט איבערגענומען דעם „אירווינג פּלייס טעאַטער״.

— די צייטונגען שרייבן, ווייל זיי קריגן באַצאָלט.

— זיי שרייבן אַז ער וועט שפּילן ליטעראַטור.

— דאָס וועלן מיר ערשט זען...

— איך שטעל מיר שוין פאָר, וואָס פאַר אַ ליטעראַרישע פּיעסן ער וועט דאָרט אויסקלייבן.

— געוויס פון זאָלאַ...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, האָט ער נאָך צוגעגעבן שפּאַטיש. ער איז דאָך אַ געשפּילטער אין אַלע זיינע ווערקע, כאַ, כאַ, כאַ.

— אָט דער איבערגאַנג איז גאָרניט אַזוי גרינג.

האָט איינער געזאָגט, שוין אַ ביסל מער פאַרטראַכט.

— מ׳דאַרף פאַרמאָגן אַ סך קוראַזש צו אַזאַ איבערגאַנג.

— ער האָט דאָס, און נאָך מער, זיך אַליין איינרעדן, אַז דער עולם וועט אים גלויבן.

— ער מיינט אַז מיר לעבן אין אַ וואַלד.

— מ׳וועיסט ווער ער איז...

— אַ גוטער אַקטיאָר.

— דאָס וועט קיינער ניט לייקענען, אָבער דאָס זעלבע איז דאָך אויך

אַדלער, און קעסלער. וועט איר זיי גלויבן, ווען זיי לאָזן וויסן אַז זיי גייען שפּילן ליטעראַטור? ווידער קען איך ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי מ׳קען איבער־נאַכט ווערן, וואָס מ׳איז קיינמאָל ניט געווען?

— טאַקע, ניט געפּאַקט, ניט געמאָזלט, קאָן מען פון דער העלער הויט ווערן אַ סטאַניסלאַווסקי? אָדער אַ ריינהאַרט? און קענען דאַרף מען ניט?

— אַז מ׳לערנט קען מען אַלץ.

— דאָס איז אמת, אָבער ביי וועמען האָט ער געלערנט?

— וואָס טוט זיך דאָרט אין יידישן טעאַטער?

האָט איינער אַרויסגעפּלאַצט, אַזוי האָט מען דעבאַטירט פּאַר אַ לאַנגער צייט, און קיינער האָט ניט געוואָלט גלויבן אין דעם, וואָס ער, מאָריס שוואַרץ, האָט יאָ געגלויבט.

נאָר דערפאַר ווייל ער האָט געוואוסט, און פאַרשטאַנען, אַז צו דער־גרייכן צו דער שטופּע וואָס ער שטרעבט, מוז מען אויף זיך גוט און לאַנג אַרבעטן, איז דאָס ביי אים איצט געוואָרן די הויפּטזאַך, צו ווערן באַרימט און גרויס, איז אים פּשוט געגאַנגען אין לעבן.

ניט איין מאָל, האָב איך אַליין אים דאָס געהערט זאָגן:

— די צייט וועט דאָס באַווייזן, — און איך האָב אים געגלויבט.

צו דערגרייכן אַזאַ הויכע מדרגה, מיט טאַלאַנט אַליין איז ניט גענוג, ווייל אין זיין צייט, זיינען געווען אויך אַנדערע וואָס האָבן דאָס פּאַרמאָגט, אַקטיאָרן מיט גרויס טאַלאַנט, און זיי האָבן דאָס ניט באַוויזן, מ׳דאַרף צו דעם פּאַרמאָגן נאָך אַנדערע מעלות. מאָריס שוואַרץ האָט זיי געהאַט אין אַ פולער מאָס, און ביי איעדער געלעגנהייט האָט ער דאָס אַרויסגעוויזן, אין אויף אַ זייער גרויסן פּאַרנעם. ער האָט זיך פּאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, וויסנדיק אַז אַלץ וואָס ס׳האָט צו טאָן מיט טעאַטער, מוז ער קענען, האָט ער אויף זיך געאַרבעט די גאַנצע צייט, ביז ער האָט זיך פּאַרפּאָלקאָמט, כמעט אויף אַלע געביטן וואָס ער האָט געוואָלט, זיין ציל איז געווען אַ ריכ־טיקער, ווייל מ׳קען זיך אויף קיינעם פּאַרלאָזן, מעגלעך אַז דאָס האָט אים אַזוי גרויס געמאַכט, און פאַר דער וועלט נאָך גרעסער.

צום טעאַטער־געשעפט, איז מאָריס שוואַרץ געווען ווי געבוירן, ער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי דאָס צו פירן, געווען קלוג צו וויסן ווי צו האַנדלען מיט אַ יעדן באַזונדער, איז ער טאַקע מיט דער צייט ווי מ׳זאָגט, געוואָרן אַ גאַנצער „ביסמאַרק״ אין דער פּראָפעסיע, און ווי גוט ער האָט געקענט

דאָס טעאַטער, האָט ער נאָך בעסער געקענט די אַקטיאָרן.

אַ סך האָט אים געהאָלפן, זיין שאַרפער בליק, ער האָט גיך אַלץ אויפ־געכאַפט, און די הויפּט־זאַך וואָס ער האָט גוט געוואוסט איז ווי אַזוי צו האַנדלען מיט דעם, אָדער אַ צווייטן אַקטיאָר.

מ׳קען זאָגן, אַז כמעט אויף אַ יעדן געביט אין דער פּראָפעסיע, איז שוואַרץ צוגעטרעטן מיט זיכערקייט, דערפאַר האָט זיך קיינער ניט געקענט שטעלן קעגן אים, האָט דער אַקטיאָר געמעגט זיין ווי גרויס, פריער אָדער שפּעטער, האָט ער נאָכגעגעבן, איינזעענדיק אַז שוואַרץ איז גערעכט, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט געהאַנדלט אַ סך מענטשלעכער ווי אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן זיך גענומען די זעלבע רעכט, זיין פאַרשטאַנד האָט ניט געלאָזט דעם אַקטיאָר עקספּלואַטירן, זיין אַרטיסטיש וויסן האָט אפילו אַלעמען צופרידנ־געשטעלט, פאַרשטייט זיך אַ יעדן נאָך זיין ווערט, און ווייל זיין געשעפט־לעכער פאַרנעם איז געווען דער גרעסטער, האָבן אַקטיאָרן וואָס האָבן ביי אים געשפּילט, זיך געפילט זייער גרויס.

אמת אַז מאָריס שוואַרצן, האָט אַ סך געהאָלפן זיין וויסן, אָבער נאָך מער זיין פּראַקטישע האַנדלונג, ווי איז צו דעם, וואָס ווייסט ניט ווי אַזוי צו פירן זיין טעאַטער, אָדער ווען ער פאַרשטייט ניט, מאַכט מען פון אים אַ תל.

ס׳איז פאַנטאַסטיש זיך דאָס פאַרצושטעלן וויפל פּאַראַזיטן, אומזיסטיקע פּרעסערס וועלכע דרייען זיך אַרום דעם טעאַטער, און מאַכן בלויז קאַליע אָן אַ פאַרוואָס, ס׳איז פּשוט אַ סאַדיסטישער פאַרגעניגן פון אַזעלכע וואָס ווילן אָנטייל נעמען אין דעם וואָס זיי אַליין לייגן גאָרניט אַריין, אין דעם הינזיכט האָט מאָריס שוואַרץ געהאַט אַ גוטע טבע, ער האָט אַלעמען אויסגעהערט, נאָר געטאָן האָט ער ווי זיין אייגענער שכל האָט אים דיקטירט.

מאָריס שוואַרץ האָט אויך געוואוסט, אַז מ׳וויל זיין אַ „פּערפעקטיאָניסט״ מוז מען האָבן די בעסטע וואָס זיינען פאַראַן אין דער פּראָפעסיע, און מיט אַזעלכע האָט ער זיך אַלע מאָל אַרומגערינגלט, ביי אים זיינען אַלע מאָל געווען די בעסטע פּאַכלייט, אַזעלכע וועלכע האָבן גוט פאַרשטאַנען טעאַטער, דערפאַר האָט ער אין אַ יעדן „דעפּאַרטמענט״ געהאַט די בעסטע בעל־מלאכות, נאָר אַזוי איז פאַר אים מעגלעך געווען צו אַרבעטן רואיק, סיי אויף זיך, און אויך אויף זיינע אויפפירונגען, דאָך האָט ער אין גאַנצן זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזט, זייער אָפט איז ער אויסגעוואַקסן דאָרט, וואו מ׳האָט זיך אויף אים ניט געריכט, ער איז קיין מאָל ניט געווען זיכער, אויב די אַרבעט גייט

נאָך זיין פּלאַן, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער דער בינע, אַלץ באַטראַכט, זיך אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט, און אַלץ באַטאַפּט, אויסגעבעסערט אַ סך קליי־ניקייטן, און ביז ער האָט אַלץ ניט אַדורכגעקוקט, און אַדורכגעטאַפּט, און אַלץ פאַרריכט ווי ער האָט פאַרשטאַנען אַז עס דאַרף אַזוי זיין, האָט ער ניט פאַרלאָזט דאָס טעאַטער.

ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַ וועלט מיט וויסן, און האָבנדיק אַ קלאָרן פאַרשטאַנד מיט זיין גרויסן טאַלאַנט, האָט זיך ביי אים געשאַפן אַ גרויסע זאַך, און די מעלה, האָט נאָר געהאַט איין מאָריס שוואַרץ.

איינע פון זיינע בעסטע מעלות, איז וואָס ער האָט אַ יעדן סעזאָן מער געלערנט, דערפאַר האָט ער געוואוסט, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די פריער־דיקע חסרונות, און דערפאַר טאַקע האָט ער פאַרבעסערט און פאַרשענערט זיין אידעאַליסטישן חלום, פון וואַנען ס׳איז אַרויסגעוואַקסן דער יידישער קונסט־טעאַטער.

# גרויסע טאַלאַנטן

אַ סך מאָל, האָבן זיך אַקטיאָרן באַקלאָגט, אַז מאָריס שוואַרץ, כאַפּט איבער די מאָס ביי די פראָבן, אייניקע האָבן אַפילו געוואַגט נאָך צוגעבן, „ער האָט דאָס איבערגענומען פון דייוויד קעסלער, און אויך ניט די גוטע זייט... איז דאָס אפשר אין גאַנצן ניט געווען זיין שולד, ווייל מאָריס שוואַרץ, האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות, האָט דאָס ניט געקענט זיין אַזאַ גרויסער חסרון, ער האָט פאַרלאַנגט מ׳זאָל קענען.

מאָריס שוואַרץ האָט ניט מורא געהאַט פאַר אַ גרויסן טאַלאַנט, פאַק־טיש איז, אַז ער איז אַלע מאָל געווען אַרומגערינגלט, מיט די בעסטע און גרעסטע, וואָס די יידישע בינע האָט פאַרמאָגט.

ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז אפילו דעם בעסטן רויען דיאַמאַנט, מוז מען שלייפן, קומט אים טאַקע דער דאַנק, פאַר אַרויסברענגען, אַזעלכע גרויסע טאַלאַנטן ווי: מוני ווייזענפריינט, לאַזאַר פריד, איזידאָר קעשיר און אַ סך אַנדערע.

אָט די אַקטיאָרן האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין יידישן קונסט־טעאַטער, זייענדיק דאָרט יאָרן לאַנג, איצט קען מען זיי אָנרופן קינסטלער, און ווען ניט מאָריס שוואַרץ, וואָלטן אַ סך פון זיי אפילו אין

ניו־יאָרק ניט געווען, שוין אָפּגערעדט פון ווערן גרויס און באַרימט, מער ווי נאָך אַ פּאָר אַקטיאָרן אין דער פּראָפעסיע וואָלטן זיי ניט געווען.

ווען מיר גיין כסדר, ווי אַזוי איך געדענק די דריי אָנגעצייכנטע אַק־טיאָרן, געווען איז דאָס אין יאָר 1914 ווען איך האָב אין שיקאַגאָ געטראָפן אַ יונגן אַקטיאָר, וועלכער האָט צו יענער צייט געשפּילט ביי אַדאָלף גערטנער אין זיין פּאַוויליאָן־טעאַטער, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער 12טער און האָלסטעד „סטריט".

צו מיר האָט שוין דאָס טעאַטער אפילו אין יענער צייט, אויסגעזען ווי אַ פּאַרזעעניש, פיר טעג האָט מען דאָרט געשפּילט אַ גאַנצע פּיעסע און ביים סוף וואָך האָט מען געשעפּילט איין אַקט, און מ'האָט געזונגען קופּלעטן, אַזאַ מין „וואָדעוויל".

היינט וואָלט מען דאָס גערופן קליין־קונסט, דאַן אָבער האָט מען דעם קליינעם קונסט, געשפּילט מיט גרויסע טאַלאַנטן. און דער יונגער אַקטיאָר, האָט זיך אין אַלץ וואָס ער האָט געשפּילט אויסגעצייכנט,, און ניט נאָר געווען גוט, נאָר אין אייניקע ראָלן איבערטרעפלעך, ער האָט אין נאַרישע צוזאַ־מענגעקלעפּטע סקעטשעס געשאַפן אמתע געשטאַלטן, מ'איז פאַרגאַפט גע־וואָרן פון זיינע נאַטירלעכע מאַסקעס וואָס זיינען שוין דאַן געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ, מ'האָט געקענט זאָגן, אַז ער האָט פון גאָרניט, געמאַכט לעבעדיקע מענטשן פון פלייש און בלוט, און אַלץ אַרויסגעבראַכט אַזוי נאַ־טירלעך, אַז מ'האָט אים געגלויבט, ס'איז געווען נאָר אַ פראַגע, צו וועמען וועט דער טאַלאַנט אריינפאַלן? ביי וועמען וועט ער קריגן אַ געלעגנהייט צו ווייזן וואָס ער פאַרמאָגט אין זיך? ווייל אַזוי לאַנג ווי ער איז געווען אין שיקאַגאָ, האָבן נאָר זיינע פּערזענלעכע פריינד געוואוסט פון זיין גרויסקייט.

און ווען ער איז שוין געווען אין ניו־יאָרק האָט ער אַלץ געמוזט אָננעמען איין אַנגאַזשמאַ אין אַ פילאַדעלפיער ביליקן טעאַטער... דאָרט האָט אים מאָריס שוואַרץ אַנטדעקט, אים אַרויסגענומען און געבראַכט צו זיך אין „אירווינג פּלייס טעאַטער" וואו ער איז שפּעטער געוואָרן דער גרויסער קינסטלער פּאָול מוני.

דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן אַ צווייטן אַקטיאָר, וועלכער האָט גראָד אָנגעהויבן אין אַ ניו־יאָרקער טעאַטער, אָבער ס'האָט גאָרניט געמיינט, ביז ער איז אָנגעקומען אין יידישן קונסט־טעאַטער.

אמת, ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ פיינער אַקטיאָר

אָבער ער האָט ניט געהאַט דאָס ריכטיקע טעאַטער. ער האָט זיך איין טאָמאַשעווסקיס טעאַטער זייער ווייניק אָנגעזען, אין דעם צווייטן עווענגיו־טעאַטער, נאָך ווייניקער, אַפילו מיט דער גערלעגנהייט וואָס מ׳האָט אים דאָרט געגעבן, מיט דער פּיעסע „משה וואו קריכסטו?״ און דער גרעסטער אומגליק איז פאַר דעם אַקטיאָר געווען, ווען ער איז איין סעזאָן, אַריינגעפאַלן אין אַ שיקאַגער טעאַטער.

ווען האָט מען אים אָנגעהויבן צו אָנערקענען? ווען שוואַרץ האָט אים אַנגאַזשירט אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, געגעבן אים די צוגעפּאַסטע ראָלן, דאַן האָט מען דערזען אַ גוטן, אינטעליגענטן אַקטיאָר, וועלכער האָט שוין גוט געמאַכט וואו מאָריס שוואַרץ האָט אים געבראַכט. יאָ, ביי מאָריס שוואַרצן איז ער געוואָרן דאָס, וואָס ער האָ באַדאַרפט זיין אין דער פּראָפעסיע, אַ דאַנק מאָריס שוואַרצן, האָבן מיר געהאַט אַזאַ גוטן אַקטיאָר ווי לאַזאַר פריד איז געווען.

דער דריטער האָט אָנגעהויבן זיך צו באַשעפטיקן אין טעאַטער, נאָך ביי יעקב פּ. אַדלער, און ווייטער ווי אַ בינע־פּאַרוואַלטער איז ער ניט געגאַנגען, און וואָס קומט אויס אַזעלכן אין יידישן טעאַטער צו שפּילן? גאָרניט, און וואָס ער שפּילט יאָ, זעט זיך אויך ניט אָן, מעג ער זיין דער גרעסטער טאַלאַנט, מוז ער פאַרלאָרן גיין, און אַזעלכן האָט מאָריס שוואַרץ באַלד דערקענט, האָט ער אים אַריינגענומען צו זיך אין טעאַטער, און ער איז אויסגעוואַקסן אַ ריז פון אַן אַקטיאָר.

פריער האָט ער דאָך אויך געשפּילט, געווען באַשעפּטיקט אין פּיפּלס־טעאַטער, פאַרוואָס האָט מען פון אים דאָרט קיינמאָל ניט געהערט? דער ענטפער איז אַ פּשוטער, מאָריס שוואַרץ האָט אַלע מאָל געזוכט טאַלאַנטן, און אַז דער באַטרעפנדיקער האָט געוואָלט, און זיך געלאָזט, האָט ער פון אים געמאַכט, וואָס ער איז שפּעטער געוואָרן.

שוואַרץ האָט אַ יעדן צוגעפּאַסט די ראָל, און אַזוי לאַנג געאַרבעט מיט אים, ביז ס׳איז אַרויסגעקומען וואָס ער האָט געוואָלט. און אַזוי זיינען אַרויסגעקומען גרויסע אַקטיאָרן, אָבער ווער האָט פון אים געוואוסט, איידער ער איז אָנגעקומען צו מאָריס שוואַרצן? דאָ מיין איך דעם גוטן אַקטיאָר איזידאָר קעשיר.

קען ווער זאָגן, אַז די דריי האָבן ניט געהאַט קיין טאַלאַנט? אמת, ווער מער און ווער ווייניקער, אָבער גוטע אַקטיאָרן זיינען זיי אַלע דריי געווען, שטעלט זיך די פראַגע, פאַרוואָס האָבן זיי דאָס פריער ניט באַוויזן? איך

וועל שוין ניט זאָגן פון ווערן גרויס, אָבער ווי אַקטיאָרן דאַרפן זיין, איין אַקטיאָר וואָס זעט זיך ניט אַרויס, מיינט גאָרניט, און נאָר דער וואָס איז געווען אַ טאַלאַנט, איז פריער אָדער שפּעטער, האָט ער זיך ביי מאָריס שוואַרצן אין יידישן קונסט־טעאַטער געמוזט אַרויסזען.

דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן אַנדערע אַזעלכע.

מאָריס שוואַרץ האָט ניט מורא געהאַט פאַרן גרויסן טאַלאַנט, פאַרקערט ביי אים איז דאָס געווען גוטער מאַטעריאַל צו אַרבעטן, ביים אויפפירן זיינע גרויסע און גוטע ספּעקטאַקלען, דאָרט האָט ער זיך געניטיקט אין גוטע קערנדיקע אַקטיאָרן, דערפאַר האָט ער אפילו אַריינגענומען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט פאַרמאָגט די יידישע שפּראַך, ווי דר. פּאָול באַראַטאָוו, וואָלף גאָלדפאַדען, דזשעני וואַליר, גרעטאַ מייער, סנעגאָוו, און אַ סך אַנדערע. און ניט פאַר גלאַט אַקטיאָרן, נאָר פאַר הויפּט־שוישפּילער אין זיין טעאַטער.

אין די אַנדערע טעאַטערס האָט מען דאָך אַזעלכע אַקטיאָרן פאַר רחמנות ניט געקענט אָנקוקן, מאָריס שוואַרץ האָט אפילו דאָס פאַרבויגן, ווייל ער האָט אין זיי געזען גרויסע טאַלאַנטן, מ׳דאַרף זיי נאָר געבן אַ געלעגנהייט, האָט ער פאַר זיי געפונען ראָלן, וואָס האָט אפילו געפּאַסט צו זייער שפּראַך.

מיט זיינע גוטע מעלות, האָבן זיך אין טעאַטער געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך באַקלאָגט אויף אים, און זייער אָפּט. זייער טענה איז שטענדיק געווען, אַז זיי ווערן געקריוודעט, זיי קריגן ניט די ראָלן וואָס זיי וואָלטן געוואָלט שפּילן, און נאָך אַנדערע זאַכן... ניט איין מאָל האָט דאָס מיך שטאַרק גערייצט, וועלנדיק וויסן, פאַרוואָס באַקלאָגט ער זיך? ער האָט דאָס אָבער ווי איינגעוויקלט אין אַ מוראדיקער געהיימעניש, און דאָס איז אָפּט אַזוי פאַרפּלאָנטערט געוואָרן, אַז מ׳האָט קיין מאָל ניט געקענט דער־גיין דעם אמת.

איין מאָל, זייענדיק אין דער ראָיאַל קאַפע, האָט איינער זיך באַקלאָגט פאַר זיינע פריינד, כאַפּנדיק אַלע מאָל אַ קוק אויף דער אַנדערער זייט, אויב דאָרט זיצט ניט איינער, וואָס קען דאָס באַלד אָפּטראָגן צו שוואַרצן, האָט ער פונדעסטוועגן געזאָגט:

— איך דאַרף דאָך מיך פאַר אייך ניט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן אַקטיאָר איך בין, ווער פון אייך ווייסט דאָס ניט? ווען איך האָב שוין גע־שפּילט אויף דער וועלט, האָט נאָך אַפילו מיין גרויסער דירעקטאָר ניט געטרוימט.

— איר מיינט אַוודאי געחלומט. — האָט אים איינער אויסגעבעסערט.

— וואָס איז דער אונטערשייד?

— ס׳איז שוין גאָר אַ גרויסער חילוק. — האָב איך מיך אַריינגע־מישט. געטרוימט, האָט איר אויף דער עווענין, אין קונסט־טעאַטער דאַרפט איר חלומען, ביז איר וועט צו עפּעס קומען, און פּאַרוואָס, וואָלט איך געוואָלט וויסן, באַקלאָגט זיך קיינמאָל ניט וויזנפּריינט, פריד, אפילו ניט קעשיר.

— זיי מוזן דאָרט זיין...

— און איר מוזט ניט?

—איך האָב דאָס ניט געזאָגט, ווער וויל ניט זיין אין יידישן קונסט־טעאַטער? ס׳וואָלט אָבער ניט געשאַדט ס׳זאָל זיין אונטער בעסערע באַדינ־גונגען.

— וואָלט איך טאַקע וועלן וויסן, וואָס איר מיינט בעסערע באַדינגונגען, אין וועלכן טעאַטער קריגט מען דאָס?

— וואו איך האָב געשפּילט האָב איך דאָס געקראָגן.

— וויבאַלד אַזוי, ווייס איך ניט וואָס... כ׳מיין ווען מיר געפעלט ניט, וואָלט דאָס געמעגט זיין דאָס בעסטע טעאַטער, וואָלט איך דאָרט ניט געווען, ווייל אונטער שלעכטע אומשטענדן, איז זייער שווער צו שפּילן. — פאַר די וואָס זיינען ניט דאָרט, איז זייער לייכט צו רעדן.

אַזעלכע זיינען געווען אַ סך, זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַקלאָגן אויף מאָריס שוואַרצן, אין דער צייט ווען ער, שוואַרץ, האָט אַלץ געטאָן, זיי אַרויפצוברענגען פּונקט ווי די אַנדערע, און זיין אָנשטרענגונג איז געווען אַ גרויסער, ער האָט זיי אַלץ געקענט געבן, נאָר ניט דאָס וואָס די אַנדערע האָבן פאַרמאָגט, טאַלאַנט, דערפאַר איז אין זייער באַקלאָגן זיך, געווען אַ גרויסע מאָס מיט חוזק.

***

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיטן קונסט־רינג, ס׳איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ גרופּע אינטעליגענטע בחורים, וועלכע האָבן געוואָלט לערנען, די קונסט פון שפּילן טעאַטער, פאַרשטייט זיך אַז קיין בעסערע געלעגנהייט ווי ביי שוואַרצן, האָבן זיי ניט געקענט האָבן, זיינען זיי צו גיך אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער קראַנקייט פון די אַנדערע טאַלאַנטלאָזיקע פּראָפעסיאָנאַלן, און זיך גיך איינגערעדט אַז זיי זיינען שוין די גרויסע, און דאָס האָט זיי דער־פירט צו זייער צעפאַלן ווערן, ניט קוקנדיק וואָס מאָריס שוואַרץ האָט מיט

זיי געאַרבעט מער ווי מיט דעם קלענסטן פּראָפּעסיאָנאַל, איז זיין גאַנצע מי און אַרבעט געווען אומזיסט, מיט זיי איז אים גאָרניט געלונגען, ס׳איז ביי זיי גאָרניט אַרויסגעקומען און די וועלכע האָבן זיך שפּעטער דורך פאַרשיידענע טעאַטער־טירן אַריינגעדרייט, האָבן קיינמאָל גאָרניט דערגרייכט אין דער פּראָפּעסיע.

פון דער העלער הויט האָבן זיי גענומען גלויבן אין זיך, אַז זיי זיינען מיט איין מאָל געוואָרן גרויסע טאַלאַנטן, און גענומען פאַרלאַנגען, נישט נאָר גוט באַצאָלט, נאָר אויך פּראָפּעסיאָנעלע אָנערקענונג, און ווען ס׳איז זיי ניט געלונגען, האָט זייער חוצפּה דערגרייכט אַזוי ווייט, צו באַשולדיקן מאָריס שוואַרצן אין זייער דורכפאַל, מיט דעם וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אַריינגע־לייגט אין זיי אַזוי פיל אַרבעט, האָבן זיי זיך ניט געוואָלט רעכענען, און ווען זיי זיינען אַרויס פון קונסט־טעאַטער, זיינען זיי זיך צעפאַלן ווי זאַמד אין וואַסער.

פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען אַזעלכע אין דער פּראָפּעסיע, וואָס האָבן געהאַלטן מיט זיי, אַז מאָריס שוואַרץ איז שולדיק אין זייער דורכפאַל, פאַרוואָס? האָט ניט מאָריס שוואַרץ פּרובירט פון אַ יעדן אַרויסקריגן וואָס איינער האָט פאַרמאָלט? אָבער פון גאָרניט, איז שווער עפּעס אַרויסצוקריגן...

מ׳האָט שוין לאַנג געוואוסט אין דער פּראָפּעסיע אַז מאָריס שוואַרץ פאַרמאָגט אַ ים מיט געדולד, ער אַליין האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל, אַז ער האָט געקאָנט מאַכן שפּילן טעאַטער אפילו איינעם וואָס ער האָט אָנגע־טראָפן אין גאַס, אויב דער מענטש האָט געוואָלט, אָדער פאַרמאָגט עפּעס אַ פונק פון טאַלאַנט, און ווען אַזעלכער איז אַריינגעפאַלן אין מאָריס שוואַרצס יידישן קונסט־טעאַטער, האָט שוין מאָריס שוואַרץ פון אים אַרויסגעקראָגן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ס׳איז אויך אַ פאַקט, אַז ביז מאָריס שוואַרץ האָט דאָס קיינער ניט פּראַקטיצירט, אפשר דערפאַר ווייל קיינער פון זיי האָט ניט פאַרמאָגט דעם נאַטירלעכן חוש פון קאָנען דערשמעקן אין אמתן טאַלאַנט.

איך גלויב אַז קיינער פון די אַמאָליקע גרויסע האָבן ניט פאַרמאָגט דעם ווילן, און אפשר אויך ניט דעם וויסן, דעם געדולד זיכער ניט, און קיין פאַרלאַנג אַוודאי ניט, צו וועלן אַרויסברענגען פאַר דער וועלט אַזוי פיל יונגע טאַלאַנטן, וויפל מאָריס שוואַרץ האָט אַרויסגעבראַכט.

ווער ווייס נאָך אַזוי פיל, ווי די שיקאַגער פריינד, איך איינער פון זיי, וואו און מיט וועמען מוני וויזענפריינד האָט געשפּילט, און פאַר וויפל... איין מאָל האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו שפּילן מיטן כהן־גדול אַליין,

יעקב פ. אַדלער, אין אַ פאַרשטעלונג טאַקע אין שיקאַגאָ, און געווען זייער גוט אין דער ראָל, נו, איז וואָס? ווער האָט דערפון געוואוסט? יעקב פ. אַדלער, איז אַוועקגעפאָרן און מוני איז געבליבן אין שיקאַגאָ, ווי פריער. ס'איז ניט מער געווען ווי ס'האָט אויסגעפעלט אַן אַקטיאָר, האָט מען אים אַ כאַפּ געטאָן, און אַזוי גיך ווי די פאָרשטעלונג איז געווען אַריבער, האָבן זיי פאַרגעסן ווער ס'האָט געשפּילט, און ס'מעג דאָ זיין פאַרצייכנט, אַז מוני וויזענפריינד איז שוין דאַן געווען אַ גרויסער טאַלאַנט.

מיר, זיינע חברים, האָבן שוין לאַנג געזען, נאָך אין די יאָרן ווען מיר האָבן אין דער נאָרט־סייד קאָנקורירט שפּילנדיק דאָרט אין די קליינע טעאַ־טערלעך וואו מ'איז אונדז אַריינגעקומען זען פאַר דעם פּרייז פון 5 און 10 סענט. שוין דאַן האָט מען געקענט זען אַז מוני וויזענפריינד איז מיט זיין טאַלאַנט געבוירן געוואָרן, קיינער האָט דאָס אים ניט געגעבן, אמת, זיינע עלטערן זיינען אויך געווען אַקטיאָרן, נו, איז וואָס? האָבן דען אַנדערע אַקטיאָרן ניט געהאַט קיין קינדער? ווער פון זיי האָט דערגרייכט די שטופע וואָס פּאָול מוני? וואָס אים האָט אַלע יאָרן געפעלט איז, אַז ער זאָל אַריינפאַלן אין די ריכטיקע הענט, און מאָריס שוואַרץ איז געווען דער וואָס האָט אים אויסגעשטרעקט די פריינדלעכע האַנט.

און אַמאָל אפילו אין אַ גרויסן טעאַטער, קאָן מען קיין סך ניט אויפטאָן, מעג מען פאַרמאָגן דעם גרעסטן טאַלאַנט, ווען מ'האָט ניט דעם ריכטיקן רעזשיסאָר, ניט קיין פּאַסנדע ראָל, אין אַן אַנסאַמבל וואָס איז ניט צוגעפּאַסט, קאָן מען אויך זייער לייכט פאַרלוירן גיין, אפילו ווען מ'האָט טאַלאַנט, פאַר אַ ביישפּיל וועל איך דאָ ברענגען, דעם זעלבן גרויסן קינסטלער מוני וויזענ־פריינד, ווי ער האָט זיך נאָך דאַן געריפן.

מוני וויזענפריינדס אָנערקענונג האָט זיך אָנגעהויבן אין „אוירווינג פּלייס טעאַטער" וואו ער האָט אפילו אין קליינע ראָלן געוויזן וואָס פאַר אַ גוטער אַקטיאָר ער איז, איז דאָס פאַר מיר קיין בייס ניט געווען, נאָר זיין שנעלער איבערגאַנג, פון דעם גוטן טעאַטער אויף דער עווענױ, אין אַ ביליקער נאַרישער פאַרזעעניש, דאָרט צו שפּילן אַזעלכעס וואָס איך ווייס נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, הויב איך ניט אָן צו פאַר־שטיין, מיין קומען אין טעאַטער, איז אויסדריקלעך געווען צו זען מונין אין אַ גוטער פּיעסע, און נאָך אַ בעסערע ראָל, נאָר ווען איך האָב דערהערט, בעסי טאָמאַשעווסקי שרייען הינטער דער בינע: „סאָכאַרני מאָראָזשעני" איז מיר באַלד געוואָרן קאַלט, זיצנדיק אין טעאַטער. און ווי לאַנג איך גע־

דענק, האָט מוני דאָס קיין מאָל ניט געטאָן אפילו אין שיקאַגאָ אין דעם קליינעם טעאַטער, וואָס ער האָט געוואַגט דאָ, אין דעם גרויסן טעאַטער אין ניו־יאָרק.

ווען ער איז אַרויפגעקומען אויף דער בינע, אין דער ראָל פון אַן אויס־געטראַכטן „שמייסער אין אַ באָד" און האָט אין דער האַנט געטראָגן אַ בעזימל, צו ווייזן וואָס זיין פּראָפעסיע איז, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט אים געטריבן דערצו... ווייל באַלד ווי ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם ערשטן וויץ, האָט דער עולם ניט געלאַכט, און דאָס האָט אים, פאַר־שטייט זיך, פאַרדראָסן, ער האָט באַלד צוגעגעבן:

— אז איר ווילט ניט לאַכן, וועל איך אַליין לאַכן, האַ, האַ, האַ.

אַ פאַרשעמטער בין איך אַוועק פון טעאַטער, טראַכטנדיק, אויב ס׳וועט אַזוי אָנהאַלטן, וועט דאָס געלט איינשלינגען דעם גרויסן טאַלאַנט.

ער האָט זיך אָבער גיך געכאַפּט, און איז באַלד צוריקגעגאַנגען דאָרט וואו ער האָט באַדאַרפט זיין, וואו ער האָט אַלץ געהאַט צו קאָנען אַרויסווייזן זיין גרויסן טאַלאַנט, און דאָס איז געווען ביי מאָריס שוואַרצן אין יידישן קונסט־טעאַטער.

מיר האָבן שוין דאָס געזען אין די יאָרן 14, 15 און 1916, וואו אַנדערע נאָך פריער, וואָס מוני האָט שוין געקאָנט, און וואָס ער האָט געקאָנט אויפ־טאָן ווען ער קריגט נאָר די געלעגנהייט, ווייל ער האָט שוין דאַן געוואוסט, ווי אַזוי צו קליידן אַ ראָל, און ווען ס׳איז אים אויסגעקומען צו שפּילן אַ רוס, אָדער אַ פּאָליאַק, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס זאָל ניט זיין, האָט ער צו יענער צייט שוין געקאָנט, ניט קוקנדיק וואָס ער איז כמעט געווען אין גאַנצן אַמע־ריקאַניזירט, וואָס אים האָט געפעלט, ווייזט אויס, איז געווען נאָר מאָריס שוואַרץ טעאַטער, דערפאַר קומט דעם גרעסטן דאַנק מאָריס שוואַרצן, וואָס מיר יידן האָבן היינט אַזאַ גרויסן קינסטלער ווי פּאָול מוני.

ווען ער וואָלט דאָס ניט געטאָן, בין איך זיכער אַז ער וואָלט פּונקט ווי אַ סך אַנדערע טאַלאַנטן, פאַרבליבן מוני ווייזענפריינד דער גוטער אַק־טיאָר אין דער פּראָפעסיע, ניט מער, ווייל קיין טעאַטער וואָלט אים די גע־לעגנהייט ניט געגעבן, און אין וועלכן טעאַטער וואָלט אים אויסגעקומען צו שפּילן אַזעלכע ראָלן, וועלכע האָבן אים אַזוי גרויס און באַרימט געמאַכט?
אויף דער עוועניו וואָלט ער דאָס זיכער קיין מאָל ניט געקאָנט האָבן, קיינער וועט ניט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז דייוויד קעסלער איז געווען אַ גרויסער אַקטיאָר, דאָס האָבן אַלע געוואוסט, איבערהויפּט אין אַמעריקע. אים האָט

מען בלויז באַדאַרפט זען אין צוויי סצענעס, ווי אַזוי ער האָט אָפּגעשפּילט דעם צווייטן אַקט אין „שלמהקע שאַרלאַטאַן" פון יעקב גאָרדין. אין דעם לעצטן אַקט „גאָט פון נקמה" פון שלום אַש. איך בין איבערצייגט, אַז אין די צוויי ראָלן, איז צו אים קיין גלייכן ניט געווען, אַזוי אַמווייניקסטנס האָב איך געפילט, ווען איך האָב זיי אים געזען שפּילן, און נאָר דערפאַר ווייל ער האָט אַלע זיינע יאָרן געשפּילט אויף דער עווענין, אין די אַלע ווערקע... האָט מען נאָך זיין טויט געשריבן, און ווער דער גרעסטער קריטיקער אין זיין צייט, דאָס איז געווען דעם 19טן מאַר 1920, מיט דריי בילדער אין מיטן די קאָלומס פון זיינע בעסטע כאַראַקטער־ראָלן, אַז ער איז געווען אַ פיינער זינגער און אַ טענצער. פאַרוואָס? ווייל די באַציאונג צו יענעם טעאַטער איז ניט געווען קיין איבעריק גוטע, אָבער דאָס האָט ניט געמיינט אַז אַלע זיינען געווען אין גאַנצן איינשטימיק מיטן קריטיקער.

⁂

ווי מיר ווייסן שוין, האָט די יידישע בינע ניט פאַרמאָגט קיין דראַמאַטישע שולע, און ס׳איז ניט געווען וואו זיך אויסצובילדן, און ביי וועמען צו לערנען, ווי אַזוי מ׳דאַרף קענען שפּילן טעאַטער, ווייל פון די גאָר ערשטע, זיינען געווען גאַסן־זינגער, אָדער משוררים וואָס מ׳האָט אַרויסגענומען פון די כאָר־שולן, און זיי געמאַכט פאַר אַקטיאָרן, די וועלכע האָבן געהאַט אַ ביסל טאַלאַנט, זיינען שפּעטער געוואָרן גוטע אַקטיאָרן, און די אַנדערע זיינען פאַרבליבן כאָריסטן, אויף זייער לשון. „אַ דראָנג אויפן גאַנצן לעבן". פאַרוואָס, ווייל זייער גאַנצע לערע איז געלעגן אין די הענט, פון די ערשטע אָנפירער פון דעם יידישן טעאַטער, וואָס זיינען אַליין אויך ניט געווען קיין אַקטיאָרן, און שוין צו יענער צייט זיך זעלבסט געקרוינט פאַר אַ סטאַר, נאָך איידער ער איז געוואָרן אַן אַקטיאָר, דאָס איז אַ קראַנקייט, וואָס איז שוין אַזוי אַלט ווי דאָס יידישע טעאַטער, און אפשר נאָך עלטער, די פראַגע איז נאָך ביז דעם הייַנטיקן טאָג ניט פאַרענטפערט געוואָרן, ביי וועמען? און וואָס האָבן זיי געלערנט? און דאָך האָבן זיי אַלע יאָרן שטאָלצירט דערמיט, אַז זיי האָבן אַמאָל געזונגען ביי דעם באַרימטן חזן, אָט דאָס האָב איך כמעט געהערט זיך באַרימען אַלעמען, אפילו די וועלכע האָבן שוין פאַר מיין צייט קיינמאָל ניט געזונגען, און אַז איך האָב זיי פאַרדעכטיק אָנגעקוקט ווען זיי האָבן זיך פאַר מיר באַרימט, האָבן זיי צוגעגעבן: „געהאַט אַמאָל אַ גרויסע שטימע, אָבער שוין לאַנג פאַרלוירן.

און דער גרויסער מאָריס שוואַרץ האָט זיך אויך אַמאָל אַזוי באַרימט, וואָס פאַר אַ גרויסער מנגן ער איז, און ביי וועלכע וועלט־באַרימטע חזנים ער האָט אַמאָל געזונגען, און פאַר ניט קיין אַנדערן ווי פאַר אַ גרויסן חזן, זייענדיק שוין צוגעוואוינט, האָב איך אַ שמייכל געטאָן, ווייל אַ יעדער איינער האָט דאָך מיך פאַרזיכערט אַז זיין חזן איז געווען דער גרעסטער. אָבער מער פון אַלעמען האָט דאָך מאָריס שוואַרץ דאָס געוואוסט, איז פאַרוואָס האָט ער זיך דערמיט געהאַלטן גרויס? איז דער ענטפער אַ פשוטער, אַזוי ווי ער האָט אַלע מאָל געהאַט די אַמביציע אַלעמען איבערצוויאָגן, האָט ער אפילו דאָס אויך ניט געוואָלט אַדורכלאָזן, דערפאַר איז ער קיינמאָל ניט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט, ער האָט געוואוסט, אַז אויב דערגרייכן, דאַרף מען אויף דעם אַרבעטן, און אויב ער האָט די ערשטע צייט ניט געהאַט מיט וועמען, האָט ער געאַרבעט אויף זיך, און נאָך מער אויף זיין גרויסער פאַנטאַזיע, וועלכע ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אין זיינע גרויסע אויפ־פירונגען, אמת ער האָט אפילו אין זיין פאָלקאָמענהייט אויך פאַרמאָגט חסרו־נות, דערפאַר זייער אַ סך מעלות, וואָס האָט אַ סך פאַרשטעלט, און דאָס האָבן די אַנדערע סטאַרס ניט פאַרמאָגט, אפילו ניט די גרויסע, ביי אים האָט דאָס איבערגעוואויגן אַלע זיינע חסרונות, און וועלכער מענטש, ווער שמועסט נאָך אַן אַקטיאָר, האָט ניט קיין חסרון? דערפאַר קען קיינער ניט אָנווייזן אויף נאָך אַ צווייטן, וואָס זאָל פאַרמאָגן אַזוי פיל מעלות, וויפל מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט.

מאָריס שוואַרץ איז אויך געווען ניט נאָר אַ פאַרשטענדיקער אַקטיאָר, נאָר אַ ייד אַ חכם, און האָט אויך געוואוסט ווי אַזוי זיין חכמה אויסצונוצן אַרום טעאַטער, ווייל ער האָט דאָס ליב געהאַט, ער האָט זיכער געקענט דאָס פאַך אויף זיינע צען פינגער, אָבער בעסער פון אַלץ אין טעאַטער האָט ער געקענט דעם אַקטיאָר, מיט אַלע זיינע שוואַכקייטן, ווי מ'זאָגט דורך און דורך, און דאָס האָט אים אַ סך געהאָלפן.

די אונטערנעמער וואָס האָבן די מעלות ניט פאַרמאָגט, האָט זיי די פּראָפעסיע זייער שנעל איינגעשלונגען, אָפטמאָל מיט שווערע טויזנטער, ווייל די דרויסנדיקע וועלט, מעגן זיי אפילו זיין גרויסע געשעפטסלייט, ווייסן ניט וואָס ס'מיינט נעמען אַ טעאַטער, און ווער שמועסט נאָך אַ יידישן טעאַטער, וואָס מ'דאַרף אַלץ אַדורכגיין ביז מ'קריגט דעם שליסל, וויפל האַרץ־ווייטיק, וויפל פאַרדרוס, וויפל שלאָפלאָזע נעכט, ביז מ'דערלעבט צו

זען אַז אַ טיר זאָל זיך אויפמאַכן, פון אָט די קליינינקייטן קען מען אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך.

מאָריס שוואַרצן, האָבן אָט די אַלע אומאַנגענעמלעכקייטן קיין מאָל ניט אָפּגעשראָקן, ער האָט דאָס אַלע מאָל געמאַכט אויף דעם גרעסטן פאַרנעם, אַליין אָן די פיר גייענדיקע משרתים... פאַרטיק געוואָרן האָט מען זיין יידישן קונסט־טעאַטער, געקאָנט פאַרגלייכן מיט די גרעסטע טעאַטערס אין דער וועלט, מיטן מאָסקווער קונסט־טעאַטער און זיינע קינסטלערישע ספּעקטאַקלען, זיינען געשטאַנען אין דער זעלבער הויך מיט ריינהאַרדס פאַרנעם. אָבער ביז ער האָט דאָס דערגרייכט, איז ער אַדורכגעגאַנגען ניט איין גיהנום, און דאָך צוגעקומען וואו ער האָט געוואָלט.

אין אַ יעדן פאַך זיינען פאַראַן ניט קיין פאַרגינער, מער אָבער ווי אין אַלע פאַכן, איז עס ביי אַקטיאָרן. (איך ווייס שוין איצט, אַז אין דער שרייבער־פּראָפעסיע, שטייט דאָס מיט אַ פּאָר פּונקטן נאָך העכער...), איז עס אויף דער טעאַטער־גאַס געוואָרן אַ טעגלעכע דערשיינונג, מ׳האָט גערעדט, און דווקא ניט קיין גוטעס, מ׳האָט רכילותט אויף וואָס די וועלט שטייט, איבערהויפּט די אַקטיאָרן, וועלכע מאָריס שוואַרץ, האָט קיינמאָל ניט באַשעפּטיקט, און נאָך מער ווי די וועלכע זיינען פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער, אַרויסגעפאַלן אָבער זייער רעדן, און באַרעדן, האָט גאָרניט געמיינט. פאַרקערט ס׳האָט שוואַרצן ניט געמאַכט קלענער, נאָר געגעבן מער קוראַזש און נאָך מערער גערייצט פאַר נייע עקספּערימענטן צו בעסער, שענער און גרעסער, מיט דעם האָט ער געוואונען דעם צוטרוי פון אַלעמען, וואו ער האָט געשפּילט, איז זיין דערפאָלג געווען גרויס, און ער איז פאַרבליבן דער ריז פון יידישן טעאַטער.

***

וואָס איך געדענק, איז ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער ראָל וואָס איך האָב געשפּילט אין פּרץ הירשביינס „אליהו הנביא״, בין איך געוואָרן אַ מיטגליד אין דעם גאָרדין דראַמאַטיק קלוב, ס׳איז געווען אַ פיינע גרופּע מיט טאַלאַנטירטע יונגע מענטשן, און צווישן די פרויען איז געווען איינע אַ זייער אינטעליגענטע פרוי, וועלכע איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער יידישער ליטעראַטור, איבערהויפּט אין דער יידישער בעסערער דראַמע, מ׳האָט זיך טאַקע גערעכנט מיט איר מיינונג, ווייל זי איז געווען

כמעט אין אַלץ באַהאַוונט, דער אמת איז אַז זי האָט פאַרמאָגט אַ סך וויסן, נאָר ווען ס׳איז איר אויסגעקומען אַליין צו שפּילן, האָט דאָס געמעגט זיין די קלענסטע ראָל, האָט זי דאָס אַדורכגעפירט אָן טאַלאַנט... גייט טאַקע אַרום אַ ווערטל אין דער פּראָפעסיע:

אַז ס׳שטייט ניט געשריבן, אַז אַ פּראָפעסאָר דאַרף קענען שפּילן טעאַ־טער, וייל וויסן, איז איין זאַך, און טאַלאַנט אַ צווייטע, דאָ ברענגט מען אַלע מאָל פאַר אַ באַווייז דייוויד קעסלער, ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסאָר, און געקענט שפּילן גוט טעאַטער, איבערהויפּט ווען ער האָט געוואָלט.

דאָס מיינט, אַז בילדונג איז איין זאַך, און טאַלאַנט איז עפּעס אַנדערש, אוודאי איז גוט, ווען מ׳פאַרמאָגט זיי ביידן, אָבער ניט אַלע זיינען געבענטשט דערמיט.

און ווען מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט שלום עליכמס פּיעסע „טביה דער מילכיקער״ אין אירווינג פּלייס טעאַטער, האָט ער פאַר דעם סעזאָן דאָרט אַנגאַזשירט די פּרוי פון דעם גאָרדין דראַמאַטיק קלוב.

און איין מאָל, נאָך אַ פאַרזאַמלונג פון קלוב, איז מען זיך צוזאַמענגע־קומען און ביי אַ טעפּעלע קאַווע, איז אָנגעגאַנגען דער פאָלגנדער גע־שפּרעך:

— נאָך וואָס דאַרף איר מאָריס שוואַרץ האָבן?

— ס׳איז טאַקע אַ וואונדער, אין ניו־יאָרק זיינען ניטאָ אַזעלכע אַק־טריסעס?

— ער האָט איר זיכער ניט גענומען פאַר איר טאַלאַנט.

— דערפאַר בין איך זיכער, אַז זי איז מער אינטעליגענט ווי אַ סך וואָס ער האָט דאָרט.

— דאָס איז אַ פאַקט, וואָס מ׳קען ניט אָפּלייקענען, אָבער שוואַרץ דאַרף דאָך אַזעלכע וואָס האָבן ניט בלויז טאַלאַנט, נאָר טאַקע גרויס טאַלאַנט, מיר וויסן דאָך יאָ, וואָס פאַר אַ טאַלאַנט זי איז.

— שטעלט זיך טאַקע דאָ אַ גרויסע פראַגע, צו וואָס דאַרף ער איר?

— קיין גרויסע ווענוס איז זי אויך ניט. — האָט זיך אַ מאלער אַריינ־געמישט מיט אַ פאַרקרימטן שמייכל.

— פאַרשטיי איך טאַקע ניט, וואָס וועט זי דאָרט טאָן?

— געוויס שפּילן איינע פון די טויבן.

— וואָס מיינט ער?

— האָט איר ניט געלייענט אין די צייטונגען, אַז מאָריס שוואַרץ וועט

אין זיין נייער אויפפירונג פון „טביה דער מילכיקער" האָבן אויף דער בינע לעבעדיקע טויבן?

— אין דעם וועט זי זיין אויסגעצייכנט, אין לעבן איז זי דאָך אויך ווי אַ שטילע טויב.

— לאַכט ניט, מיט איר וויסן, וועט זי ווייט פאַרפליען, וואָס איז אייער מיינונג, דענק?

— מאָריס שוואַרץ ווייסט וואָס ער טוט, מער פון אַלץ באַדאַרפט איר גוט אין זינען האָבן, אַז זי איז דורך און דורך אַ שלום עליכמניצע, זי קען זייער גוט אַלע זיינע ווערק, און איך גלויב, אַז טעכניש קען זי אים אַ סך העלפן.

— איז צוליב דעם...

— איר ווייסט דאָך אַז מאָריס שוואַרץ פאַרלאָזט זיך ניט אינגאַנצן אויף זיך, אמת, נאָך דעם ווי ער פרעגט, טוט ער דערנאָך ווי ער פאַרשטייט, אָבער צוערשט פרעגט ער, איך פאַרשטיי אַז ער האָט ליב צו לערנען פון די וואָס ווייסן, און זי ווייסט, דאָס האָט איר ערשט דאָך צוגעגעבן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט אים אַ סך געהאָלפן, איבערהויפּט אין דער אויפפירונג פון „טביה דער מילכיקער", וואו מאָריס שוואַרץ האָט געשאַפן זיין אומשטערבלעכע כאַראַקטער־ראָל אַלס טביה. דאָס איז געווען סאָרא פּאַט.

ס׳האָט אים ניט געשאַדט צו זיין גרויסקייט, ער האָט אפשר פון דער אינטעליגענטער פרוי, מער געלערנט ווי פון אַ סך אין דער פּראָפעסיע, כ׳מיין פון די ליטעראַרישע ברעקלעך וואָס ער האָט אויפגעקליבן, און זיי שפּעטער פאַרפאָלקאָמט, ס׳איז אסברה, ער האָט בעסער געוואָלט זיין אַ גוטער סטודענט אין זיין טעאַטער, איידער אַ שלעכטער אַקטיאָר אין דער פּראָפעסיע. דערפאַר האָט ער אַלץ געטאָן, צו פאַרבעסערן, און פאַרשענערן, ווענלדיק דערגרייכן דאָס גרעסטע.

ער האָט דאָס אפשר געטאָן דערפאַר, ווייל ער האָט געוואוסט, ווען ער וועט איבעריאָגן די גרויסע דריי, וועלן זיך די קליינקייטן ניט אָנזעען.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב אַמאָל געהאַט אַ געשפּרעך מיט מוני וויינענפריינדפּ האָט ער מיר געזאָגט:

— דענק, דו וועסט מיך פאַרשטיין, פון דעם אמת, קען מען ניט אַוועקגיין.

— וואָס מיינסטו, מוני?

— וואָס מאָריס שוואַרץ קען, דאָס קען קיינער ניט.

— אַזוי זעט עס אויס.

— דערפאַר אָבער, וואָס אַלע קענען, קען מאָריס שוואַרץ מער פון אַלעמען.

אין אָט די געציילטע פּאָר ווערטער, האָב איך מיר געקענט פאָרשטעלן אַ סך מער, ווייל קענענדיק מונין, האָב איך געוואוסט אַז ער קען ניט איבערטרייבן, ווען ער מיינט דאָס ניט, וואָלט ער גאָרניט געזאָגט, און אויב זיין מיינונג וועגן מאָריס שוואַרצן איז אַזוי גרויס, קומענדיק פון אים, איז דאָס געווען אַ סך געזאָגט.

## שוואַרץ אַ מאָדעל

דזשעק סאָבעלס סטודיאָ האָט זיך דאַן געפונען אין דער 124טער גאַס, און ווען איך האָב אים איין מאָל באַזוכט, האָב איך אין זיין סטודיאָ געטראָפן אַ סך בילדער פון מאָריס שוואַרץ, פאַרשטייט זיך אין פאַרשיידענע ראָלן פון וואונדערבאַרע טיפּן, איך האָב זיי פאָרזיכטיק באַטראַכט, און זייער פאָרזיכטיק געוואָלט אויסגעפינען, וויפל ער קריגט פאַר זיין אַרבעט, ווייל נאָך מיין מיינונג, האָט דאָס באַדאַרפט באַטרעפן אין די טויזנטער, ווייזט אויס אַז ער, סאָבעל, האָט דאָס דערקענט אויף מיר, און שמייכלענדיק געזאָגט:

— פאַרשטייט מיך, דענק, אַ קינסטלער דאַרף מען פאַראייביקן, און שוואַרץ איז אַזוי גוט אין די ראָלן, אַז איך בין ווי מ׳זאָגט אינספּערירט געוואָרן...

— פון זיין שפּילן?

— יאָ.

— איר האָט דאָך אַ גאַנצע גאַלעריע.

— שוין לאַנג, ווי ער איז ביי מיר פאַררעכנט, ווי אַ קינסטלערישער מאָדעל.

— אַזוי, אַזוי... און איר גיט אַוועק אייער צייט...

— איר מעגט אויך וויסן, אַז שוין ניט איין מאָל, האָב איך צוליב דעם אַוועקגעוואָרפן פאַרדינסטן, ניט וועלנדיק אויפגעבן די אַרבעט.

— וויבאַלד אַזוי, מוז ערווירקלעך זיין גרויס אין די אַלע ראָלן.

— איך ווייס ניט ווי גרויס, אָבער זייער נאַטירלעך.

— איר מיינט אין די אַלע ראָלן?
— מיר דאַכט זיך, אין וואָס ער שפּילט.
— דאָס גראַדע געפעלט מיר, אָבער ווי אַזוי?
— איך קום צו אים?
— יאָ, און דערצו נאָך אַזוי אינספּירירט צו ווערן...
— דורכן קונסט־רינג...
— ווער זיינען זיי?
— דאָס איז די גרופּע, פון וועלכער מאָריס שוואַרץ האָט געמאַכט אַ דראַמאַטישע שולע, וועלכע ער דאַרף האָבן פאַר זיינע גרויסע אויפפירונגען, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן.
— איר זענט אויך אַ ביסל געכאַפּט אין דער קונסט?
— ניט ווייל איך וויל שפּילן טעאַטער, כאָטש איך מוז צוגעבן, אַז ער גיט מיר זייער גוטע ראָלן, אָבער ווער האָט צייט דערפאַר, אָבער אַרויס־העלפן וויל איך אים, ניט צוליב דעם קונסט־רינג, און דאָרט זיינען פאַראַן אַ פּאָר אינטעליגענטע בחורים, נאָר צוליב שוואַרצן אַליין.
— אַזוי גוט איז ער?
— אַ קינסטלער.
— וויבאַלד אַזוי, איז דאָס מיר שוין פאַרשטענדלעך.
— וואָס מיינט איר?
— איין קינסטלער העלפט אַרויס דעם צווייטן.
— ס׳איז אַ שיינער קאָמפּלימענט.
— כ׳מיין דאָס.
— אַ דאַנק.
— איר האַנדלט ווי אַן אמתער פריינד, איר ווייזט אויך וואָס איר קענט, איך גלויב אַז דאָס איז „לוקא״.
— יאָ, פון מאַקסים גאָרקיס „אָפּגרונט״.
— איר מיינט „נאַדניע״. און ווער איז דער אַלטער?
— פון „מיעשטשאַנין״.
— זייער גוט...
— פאַרשטייט איר דאָך.
— אַ ביסל, אַמאָל זיך געפּאַטשקעט מיט קאָלירן.
— וויבאַלד אַזוי, קומט.
ער האָט מיך צוגעפירט אויף דער אַנדערער זייט סטודיאָ, און אָנווייזנ־

דיק אויף אַ בילד, וועלכעס איז געשטאַנען אויף דער ערד אָנגעשפּאַרט אין אַ גרויסער שטול.

— וואָס זעט איר אין דעם בילד?

— זייער אַ באַקאַנטער טיפּ, דאַרף דאָס ניט זיין דער טייוול?

— אוריאל מזיק, פון „גאָט מענטש און טייוול״.

— ס׳איז מער מאָריס שוואַרץ, ווי דער טייוול.

— וואָס מיינט איר?

— אַ ביסל צו חסידיש.

ער האָט זיך פאַר אַ ווײלע פאַרטראַכט, דערנאָך געקוקט אויף מיר ווי אויך אויפן בילד, און געזאָגט:

— אַ מבין זענט איר, ווייסט איר אויך, ווי אַזוי מ׳קען דאָס פאַרבעסערן?

אַ מאָדנע וואַרעמקייט האָב איך דערפילט אין מיין פנים טראַכטנדיק, ווער בין איך צו קריטיקירן זיין אַרבעט? איך האָב דאָך אים געמוזט ענטפערן, האָב איך ווידער באַטראַכט דאָס בילד, זיך געדרייט אַרום דעם אַ פּאָר מאָל אין אַלע זייטן, ביז איך האָב באַשלאָסן צו זאָגן:

— איינס פון די בײדע, אָדער מאַכט די נאָז ביי אים לענגער, און אויב דאָס איז ניט מעגלעך, דאַרפט איר אויסגלייכן די וואָנסע אין דער לינקער זייט, ווייל אַזוי ווי דאָס איז, איז דאָס ניט אוריאַל מזיק.

— אויב אַזוי, וועל איך נאָך וועגן דעם טראַכטן, און איצט קומט מיט מיר.

ער האָט מיך צוגעפירט וואו ס׳איז אויף אַ היזל, געשטאַנען אַ גרויס בילד, פון אַ האַלב נאַקעטער פרוי, וואו מ׳האָט נאָר געקענט זען איר נאַקעטע פּלייצע, בין איך געבליבן שטיין און באַטראַכט דאָס בילד, ער האָט פאַרדרייכערט אַ פּאַפּיראָס, און די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון מיר, ביז ער האָט זייער שטיל מיך געפרעגט:

— ווייסט איר אויך ווער דאָס איז?

— כ׳מעט ווי זיכער, ס׳איז ניט מאָריס שוואַרץ.

— אָן שפּאַס. ווען איר זעט ניט דאָס פּנים, איז עס שווער צו דערקענען.

— גאָרניט אַזוי שווער ווי איר דענקט, ווייל די פּלייצע איז מיר באַקאַנט.

— זענט איר זיכער?

— איך בין אויף אַזוי ווייט זיכער, אַז איך האָב די פּלייצע געזען...

— ווי?

— געוויס אין אַ גאַרדעראָב־צימער, די אַקטריסע איז מיר באַקאַנט.

מאָמענטאַל האָט ער פאַרלוירן דאָס בלוט פון זיין פּנים, ווערנדיק בלאַס, האָט ער מיט אַ געוויסן נערוועזיטעט פאַרצויגן דעם פּאַפּיראָס, און פאַר אַ ווײַלע געטראַכט, ביז ער האָט צו ביסלעך געקראָגן זיין נאַטירלעכע פאַרב אין פּנים, האָבן זיינע אויגן גענומען פינקלען, ווי אַ פּאָר סטעאַרינענע ליכט, אַ קורצער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן, און דער פּאַפּיראָס האָט זיך אַ ביסל פאַרקרימט אָן אַ זייט, האָט ער שטיל געזאָגט:

—וויבאַלד אַזוי, ענדער איך ניט מיין באַשלוס.

— איך ווייס ניט וואָס איר מיינט.

— איך פאָר קיין פּאַריז.

— דאָרט גלויב איך, איז דאָס ריכטיקע פּלאַץ פאַר קינסטלער.

— אַזוי גלויב איך אויך, דערצו האָט איר מיר עפּעס איבערצייגט.

— נאָר איידער איר פאָרט, פריינד סאָבעל, זאָגט מיר, וואָס האָט איר געשפּילט אין קונסט־טעאַטער?

— וואָס מיינט איר, וואָס איך האָב געשפּילט?

— כ׳מיין וואָס פאַר אַ ראָלן...

— די וועלכע שוואַרץ האָט מיר געגעבן, אין קונסט־טעאַטער קען מען זיך ניט קלויבן קיין ראָלן.

— אַזוי שטעל איך מיר פאָר, אָבער איך האָב געמיינט צו זאָגן, וואָס איז אייער זשאַנער?

— אין יידישן קונסט־טעאַטער איז ניט פאַראַן קיין זשאַנער, אַ יעדע ראָל גרויס אָדער קליין איז וויכטיק, פּונקט ווי פאַרבן אין אַ בילד, אין אַלע צוזאַמען שאַפן אַ גרויסע האַרמאָניע, מאָריס שוואַרץ אַרבעט איבער אַלע ראָלן גלייך, גרויס אָדער קליין, ביי אים מוז דאָס ווערן גרויס, ווי קליין די ראָל, אָדער סצענע זאָל ניט זיין, אַ יעדער קלייניקייט וואָס ער שטעלט איין, מוז זיך אַרויסזען, איך מוז צוגעבן, אַז ער, מאָריס שוואַרץ, באַזיצט אַ מין כישוף אַלץ אַרויסצוברענגען ווי ער וויל, בעסער געזאָגט, ווי ער פאַרשטייט?

— פאַרשטייט ער?

— אפילו זיינע מאַסן־סצענעס קומען ביי אים אַרויס, ווי געמאָלענע פּאָרטרעטן, איך מוז צוגעבן אַז ס׳איז געווען אַ נחס דאָרט צו זיין, און נאָך אַ גרעסערער פאַרגעניגן מיט מאָריס שוואַרצן צו שפּילן.

*
**

אַזעלכע ווי סאָבעל, זיינען דאָרט געווען אַ סך, זיי האָבן געהאָלפן דעם יידישן קונסט־טעאַטער, ווייל ס׳איז געווען אַן ערנסטע און ערלעכע באַציאונג, סיי צו דער יידישער דראַמע, און סיי צום גוטן שפּילן, מיט דער נאָך בעסע־רער אויפפירונג פון מאָריס שוואַרץ.

שוין ביי דער ערשטער אויפפירונג זיינער פון אַ בעסערער פּיעסע, אין אוירווינג פּלייס טעאַטער, האָט מאָריס שוואַרץ גלייך געוויזן אַז ער פאַרנעמט זיך אויפן ריכטיקן וועג פון בעסערן טעאַטער, דערפאַר האָט ער גוט אין זי־נען געהאַט, זיך אַרומצורינגלען מיט די בעסטע קרעפטן וואָס ער האָט געקענט אַנגאַזשירן פאַר זיין טעאַטער, מיט דער זעלבער טרופּע איז ער דאַן געקומען אין שיקאַגאָ.

לודוויג זאַטץ. צילי אַדלער. יחיאל גאָלדסמיט. מאד פאַרקויף. באָריס און מאַד. ראָזענטהאַל. מאַד. נאַדאָלסקי. אליהו טענענהאָלץ. קלאַראַ ראָזענ־טהאל און מאָריס שוואַרץ.

נאָר מיט גוטע אַקטיאָרן האָט מאָריס שוואַרץ פאַרשטאַנען קען ער דערגרייכן וואו ער האָט געוואָלט, און דאָס האָט ער געוויזן מיט דער ערשטער פאָרשטעלונג אין שיקאַגאָ. אַלע זיינען אַרויס באַגייסטערט פון טעאַטער, כאָטש ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע וועלכע זיינען נאָך ניט געווען אין גאַנצן צופרידן, האָבן צוגעגעבן אַז ס׳איז שוין אויף אַ וועג, איז דאָס ניט קיין נייעס, אַז מיינונגען זאָלן זיין פאַרשיידן, אָבער מאָריס שוואַרצן איז געווען צו באַוואונדערן, בלויז אפשר דערפאַר, וואָס ער איז ניט מתפעל געוואָרן פון דעם וואָס מ׳האָט אים שטאַרק געלויבט.

איך ווייס אַז אַ סך זיינען צוליב דעם אַראָפּ פון וועג, און דאָס האָט טאַקע געטראָפן אין יידישן קונסט־טעאַטער, און גלייך ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געגעבן אַ געוויסן אַקטיאָר, דערנאָך האָט מען אים אפילו ניט געקענט אַנגאַזשירן, ס׳איז אפילו שווער געווען צו רעדן מיט אים, ווייל ער האָט זיך שוין געהאַלטן פאַרן גרעסטן, האָט דאָס דערפירט, אַז דער געוויסער אַקטיאָר זאָל פאַרלאָזן ניו־יאָרק.

מאָריס שוואַרץ, איז ניט אַנטוישט געוואָרן, ווען מ׳האָט אים אָנגע־וויזן, וואו ס׳איז אים ניט געלונגען אַזוי גוט, וואָס ער האָט פּערזענלעך גע־פילט, וועגן די פאַרשיידענע מיינונגען, דאָס האָט מען שפּעטער געזען, ווייל דאָס שלעכטע האָט ער פאַרבעסערט, און דאָס גוטע נאָך בעסער גע־

מאַכט, מיטן פֿאַרשטאַנד אַז ס׳איז ניט פֿאַראַנען קיין גרענעץ צו גרויס, דערפֿאַר קען זיין איז ער קיינמאָל ניט געזעסן לײדיק, און אַלע מאָל געאַרבעט אויף פּיעסן, אויף אַקטיאָרן, אויף איין אויסשטאַטונג, מערער מאָל אויף די מאַסן סצענעס, און איבערהויפּט אויף זיך, און נאָך מער ווי אויף אַלץ, אויף זיין גרויסער פֿאַנטאַזיע וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט אין זייער אַ גרויסער מאָס, דערפֿאַר אפשר איז ער געווען אַ קינסטלער מיט טויזנטער מעלות.

מיין פּערזענלעכע מיינונג וועגן מאָריס שוואַרצן, ווען ער וואָלט מער ווי די איינע מעלה ניט פֿאַרמאָגט, נאָר ווי צו שאַפֿן דעם ייִדישן קונסט־טעאַטער, דאַרף ער פֿאַררעכנט ווערן, פֿאַר דעם גרעסטן וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט אין דער ייִדישער טעאַטער־וועלט.

צוליב אמתע באַווייזן, מוז איך דאָ ברענגען אַ ביסל רכילות, פֿון הינטער די קוליסן, אין די פֿינף צענדליגג יאָר וואָס איך בין אויף דער ייִדישער בינע, איז מיר אויסגעקומען צו שפּילן כמעט מיט אַלע סטאַרס וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט אויף דער ייִדישער בינע, אויך מיט דער ניט־ייִדישער דזשעני וואַלער, מוז איך צוגעבן אַז אַ סך פֿון זיי זיינען געווען שטאַרק באַליבט ביים עולם, זיי זיינען טאַקע געווען גוט, אַ פּאָר פֿון זיי געבוירענע קינסטלער, אָבער אַזוי גיך ווי זיי האָבן דערגרייכט אַ געוויסן פּונקט פֿון סטאַריזם, זיינען זיי ווייטער ניט געגאַנגען, דער עולם איז אַלע מאָל אַרויס פֿון טעאַטער מיט דער זעלבער מיינונג, דער זינגט שעהען, און אַ צווייטער טאַנצט שעהען, מער האָבן זיי ניט פֿאַרלאַנגט פֿון עולם, פֿאַר אַזעלכע סטאַרס איז דאָס געווען גענוג, בלויז דאָס וואָס ער האָט אַמבעסטן געקענט, האָט ער זיך אַזוי איינגעבירגערט אין דעם, אַז ער האָט זיך בלויז מיט דעם באַנוגנט, זיינען טאַקע אַ סך דערביי געבליבן, און ווייטער אפילו ניט געמאַכט קיין שפּאַן, זייער אייגענע איינרעדעניש, האָט זיי ווי אַ בלינד פֿערד געפֿירט אויף דעם אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג, אַלע זייערע יאָרן, זיך אַלע מאָל פֿאַרשאַפֿט פּיעסן פֿון דעם זעלבן שניט, מיט דער זעלבער ראָל, ס׳איז אַפֿילו געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין ניט באַדאַרפֿט לערנען אפילו די ראָל, זיינען זיי טאַקע דערביי געבליבן, זייער גלויבן אין זיך, אַז דערמיט האָבן זיי שוין אַלץ דערגרייכט, איבערהויפּט אין דער קינסטלערישער זייט, אַז ס׳האָט זייערע מוחות פֿאַראַליזירט, און זיי זיינען געבליבן שטיין ביים ערשטן דערפֿאָלג און ווייטער ניט געגאַנגען, איז טאַקע דער עולם אַלע מאָל מיט

גאָרניט אַרויס פון טעאַטער, ווייל זיי האָבן גאָרניט געגעבן, און נאָך ווײ־ניקער נאָך זיך איבערגעלאָזט.

אַזאַ איינעם האָב איך געקענט, אמת ער האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות, געווען אַ שיינער, אַ גוטער אַקטיאָר, שיין געזונגען, און דערפאַר איז ער געווען באַליבט ביים עולם, ער האָט געהאַט אַזוי פיל סוקסעס אַז ער איז פאַרשיכורט געוואָרן, האָט ער געמיינט אַז ער דאַרף שוין מער גאָרניט, זיך איינגערעדט אַז ער האָט שוין אַלע זיבן הימלען דערגרייכט, האָט ער גענומען בלאָזן פון זיך, אויף אַלעמען גענומען קוקן אַראָפּ, די וועלכע האָבן זיך אַרום אים געדרייט, האָבן שוין גאָרניט געמיינט, און ניט איין מאָל געמאַכט אַלעמען פילן, אַז ער טוט זיי אַ גרויסע טובה וואָס ער שפּילט מיט זיי, און דיפּלאָמאַטיש געגעבן אָנצוהערן אַז קיינער מיינט גאָרניט אין טעאַטער, דאָרט וואו ער איז דאָ.

ער איז קיינמאָל ניט געווען אין צייט צו פּראָבע, אַלע מאָל געלאָזט וואַרטן אויף זיך, אפילו ווען ער איז געווען אין טעאַטער, ניט אויף דער בינע, אַלע מאָל געזעסן אין אָפיס און גערעדט, לאָזנדיק די גאַנצע טרופּע זאָל וואַרטן אויף אים, און ווען ער איז שוין אַרויפגעקומען איז אַלע מאָל מיט דעם זעלבן חנדעלע:

— איר פּראָבירט נאָך ניט?

קיינמאָל ניט געוואַרט פאַר קיין ענטפער, זיך באַלד אַוועקגעזעצט לעבן סופלאָר, מיטן מאַנטל, און מיטן שטעקן אין דער האַנט, און אַ צייטונג, און באַפעלעריש געזאָגט צום סופלאָר:

— וואָס פאַנגט איר ניט אָן?

— מיר וואַרטן פאַר אייך.

— איר קענט שוין אָנהויבן, איך בין דאָ, אַ סך וועט דאָס העלפן.

דער סופלאָר האָט אים צוגעוואָרפן אַ ברוגזן בליק און גענומען סופלירן, די אַקטיאָרן האָבן אים נאָכגעזאָגט אַ יעדן וואָרט, און דער סטאַר, דער אוופירער, דער וועלכער טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלץ און אַלעמען, איז געזעסן און געלייענט אַ צייטונג, געווען פאַרטיפט אין דער רעקלאַמע, אויב מ׳האָט אים ניט חס־וחלילה, געקריוודעט מיט אַ פּינטעלע, אויב מ׳האָט ניט פאַרשוועכט זיינע אַלע טיטולן, וואָס מ׳האָט אים צוגעזאָגט, אַלץ איז דאָרט געווען, אָבער טאָן עפּעס דאָס צו פאַרדינען? ווייס איך וואָס, ווי קיין זאַך וואָלט זיך מיט אים ניט אָנגעקערט, ער האָט געוואוסט אַז ער איז דער ליבלינג ביים עולם, דאַרף ער שוין גאָרניט, ער איז זיכער־

אַז דער עולם, וואָס קומט אים זען, גלויבט אַז אַלץ וואָס ער זעט אויף דער בינע, האָט ער געמאַכט.

דאָס אַליין איז נאָך ניט אַלעס, איך האָב אַמאָל איינעם פון די געזאַלבטע סטאַרס, ביי פּראָבע געפרעגט:

— ווי שטיי איך?

ס׳איז געווען זייער אַ וויכטיקע סצענע, און איך האָב געמוזט וויסן, וואו איך געפין זיך אין דעם מאָמענט, האָט ער מיך אָנגעקוקט און צו מיר געזאָגט:

— ווי איר ווילט, נאָר פּלאָנטערט זיך ניט פאַר די פיס.

אויב דאָס איז ניט געווען גענוג, איז ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט אַ סצענע אויף דער בינע, איז ער באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן, אָדער שפּילן אין קאָרטן, אָדער זיך צו טרעפן מיט אַ געליבטע, און געוואַרט ביז דער בינע־פאַרוואַלטער וועט אים רופן, און זייער אָפט געווען אַזוי פאַרנומען... אַז ער האָט זיך ניט געשעמט צו זאָגן:

— זאָל מען וואַרטן.

— די בינע איז אָפן, מ׳קען ניט גיין ווייטער.

— איך וועל באַלד זיין פאַרטיק.

— ס׳האַרט אים גאָרניט.

דער בינע־פאַרוואַלטער, איז אַוועק אַ פאַרשעמטער. זייער אומפאַר־אַנטוואָרטלעכקייט, האָט שוין דערגרייכט אַלע גרענעצן פון הפקרות, די טרופּע, דער עולם, די בינע, אפילו דאָס גאַנצע טעאַטער, האָט געמעגט אונ־טערגיין, האָט דאָס זיי ניט אָנגעהויבן צו אַרן, זיין דערגרייכונג האָט ער שוין געהאַט, און פאַר אַ צוקונפט, האָט ער שוין מער ניט געוואָלט טראַכטן.

אָן גוזמאות זיינען דאָס געווען די סטאַרס, איבערהויפּט אויף דער פּראָ־ווינץ, און אָפּגעהיט זאָל מען זיין, ווען איינער איז אַמאָל געווען פאַרמישט אין דער געשעפטלעכער זייט פון דעם טעאַטער, און וויפל מאָל האָט דאָס זעלבע געטראָפן אין אַ ניו־יאָרקער טעאַטער, וואו מ׳האָט אַרונטערגענומען אַ סוקסעס־פּיעסע, וועלכע האָט נאָך צו דער קאַסע געבראַכט 15 אָדער 16 הונדערט דאָלאר מזומן, נאָר דערפאַר ווייל דער סטאַר האָט ניט געהאַט אַזוי פיל סוקסעס מיט זיין לידל, ווי אַ צווייטער אַקטיאָר אין דער טרופּע האָט געהאַט, ווען ער האָט דאָס געזונגען.

דאָס זיינען געווען רעזשיסאָרן, אויפפירער, און אָנפירער פון יידישן טעאַטער, ביז מאָריס שוואַרץ איז געקומען און געמאַכט אַ רעוואָלוציע, גע־

נומען ווייזן וואָס ס׳מיינט רעזשי, ווי אַזוי מ׳דאַרף צוגרייטן און אויפפירן אַ פּיעסע, און איבערהויפּט ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך באַנעמען צו טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן, ווען מ׳וויל אַרויסברענגען אַלץ וואָס אַ גוטער אַקטיאָר פאַרמאָגט, אַז זיי זאָלן אפילו אין אַ קליינער ראָל זיין גוט און אויב מעגלעך אפילו גרויס.

מאָריס שוואַרץ האָט געטראָגן אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געוואָלט דערגרייכן צום גרעסטן, האָט ער געוואוסט ווען דער עולם קלאַפּט בראַוואָ, פאַר דעם וואָס ער האָט ביז איצט געטאָן, מיינט נאָך ניט אַז ער האָט שוין אַלץ דערגרייכט, ביי אים איז אַלע מאָל געווען אַן אָנהויב, דערפאַר איז זיין וועג געווען אַ לאַנגער, אָבער אַ זיכערער, ער האָט אַזוי לאַנג, און שווער געאַרבעט, ביז ער האָט מיט גרויס כבוד פאַרדינט די אמתע קלעפּ פון עולם.

מאָריס שוואַרץ, האָט געוואוסט אַז אָנערקענונג קומט ניט אָן אַזוי גרינג, האָט ער זיך טאַקע קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט, אפילו מיט זיין גרעסטן דערפאָלג, און נאָך אַזעלכע דערגרייכונגען וועלכע ער האָט געהאַט, אין זייער אַ סך, האָט ער זיך ערשט גענומען צו דער אַרבעט.

***

אין יידישן קונסט-טעאַטער, איז אין אַלע היגזיכטן געווען אַנדערש, האָט מאָריס שוואַרץ געמעגט שפּילן די גרעסטע און שווערסטע ראָל, איז ער קיינמאָל ניט אַרונטער פון דער בינע, נאָך דעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט אַ סצענע אָדער אפילו אַ גאַנצן אַקט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן, ווייל ביי מאָריס שוואַרצן זיינען אַלע מאָל געווען אָנגעשטעלט די בעסטע בינע-פאַרוואַלטער, דאָך האָט ער זיך אין גאַנצן ניט פאַרלאָזט אויף קיינעם, אַזוי גיך ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן שפּילן אויף דער בינע, איז ער באַלד געווען הינטער די קוליסן, און גענומען לויפן פון איין ווינקל אין צווייטן, און אַלע מאָל פאַרבעסערט, דאָרט וואו ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס׳איז נאָך ניט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט ס׳זאָל זיין, ווי ווייניק צייט ער האָט געהאַט, איז ער אַלע מאָל געווען דאָרט וואו ס׳איז נויטיק געווען ער זאָל זיין, און ער האָט פאַרבעסערט און פאַרשענערט, און נאָר אַזוי אַרום איז ביי אים פאַרפאָלקאָמט געוואָרן אַ יעדער קלייניקייט, און דאָס האָט געמאַכט אַ גאַנצע זאַך.

און דאָרט וואו ער האָט דאָס ניט געקענט באַווייזן צו פאַרבעסערן אויפן אָרט, האָט ער געזאָגט דעם פאַרוואַלטער דאָס צו פאַרצייכענען, און באַלד אויף מאָרגן, איז ער געווען דער ערשטער אין טעאַטער, און וואָס מ׳האָט באַדאַרפט, איז פאַרבעסערט געוואָרן, אַז ס׳זאָל פּאַסן פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער.

ווען מ׳רעדט פון דער יידישער בינע, קען ווער אָנווייזן אויף נאָך איינעם, אין יידישן טעאַטער, אַ מענעדזשער אָדער אַ סטאַר, וואָס האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען די טעכנישע זייט פון דער בינע? און ווער פון זיי האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען, די קינסטלערישע זייט פון די גראַנדיעזע עפעקטן ווי מאָריס שוואַרץ?

ער האָט אַלע מאָל באַשעפטיקט די בעסטע עלעקטרישנס, אַלע מאָל אַזעלכע אויף וועמען ער האָט זיך געקענט פאַרלאָזן, און דאָך זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזט אפילו אויף דעם בעסטן פון זיי, און ווען ער איז געווען הינטער די קוליסן, איז ער קיינמאָל ניט אָפּגעטרעטן פון דעם עלעקטרישן, ווייל די ליכט, און דער עפעקט, האָט געמוזט זיין אין האַרמאָני, ווי ער האָט דאָס אַוועקגעשטעלט, ניט נאָר דערפאַר ווייל ער האָט אַזוי געוואָלט, נאָר ווייל ס׳האָט אַזוי באַדאַרפט זיין, אַנדערש וואָלט דאָס ניט געהאַט דעם געוואונטשטן עפעקט, זייער לאַנג איז מען געזעסן און געטראַכט ווי אַזוי דאָס דאַרף גע־כאַמט ווערן, און וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס וועט האָבן אויפן עולם, אין צייט פון שפּילן, אַלץ האָט געמוזט זיין האַרמאָניש, די קליידער, די דעקאָ־ראַציעס, און די ליכט־עפעקטן, אַלץ האָט זיך באַדאַרפט צוזאַמענגיסן, אַז ס׳זאָל אַרויסקומען אַ גאַנץ בילד, ווי די נאַטור האָט דאָס באַשאַפן.

ס׳האָט אפילו אַ סך מאָל געטראָפן, ווען מאָריס שוואַרץ, שפּילנדיק אויף דער בינע, אין מיטן פון אַ פּאַוזע, ווען אַנדערע האָבן געהאַנדלט אַז ער זאָל באַמערקן פעלערן, אין דער ליכט, ווי אויך אין געוויסע סצענעס, אפילו אין גרים, און באַלד אויף מאָרגן איז אַלץ אויסגעבעסערט געוואָרן, יאָ, מאָריס שוואַרץ, האָט אַלע מאָל געהאַט זיינע אויגן אָפן ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער בינע פון זיין יידישן קונסט־טעאַטער, ער איז ווירקלעך געווען אַ געבוירענער פּערפעקשיאָניסט, און ניט נאָר אויף זיך אַליין, נאָר אויפן גאַנצן אַנסאַמבל, אַלעמען האָט ער אויסגעבעסערט, אַיעדן באַזונדער פאַר־שענערט, אַלע דעטאַלן וועלכע זיינען פאַרזען געוואָרן ביי די פּראָבן, זיי־נען אויסגעבעסערט געוואָרן, נאָר ער האָט געהאַט אַ כוח צו באַמערקן פעלערן אפילו אין צייט פון שפּילן, ניט איין מאָל האָט ער אינסטינקטיוו דערפילט,

אַז דאָ אָדער דאָרט, דאַרף מען פאַרבעסערן, דערפאַר אפשר האָט זיך ביי מאָריס שוואַרצן קיינמאָל ניט פאַרענדיקט זיין אַרבעט, ער איז געווען דער גלויבער, ווי גוט עס זאָל ניט זיין, איז דאָ פּלאַץ פאַר בעסער, אין פאָלקאָ־מענהייט איז ביי מאָריס שוואַרצן, קיין גרונט ניט געווען.

צו דעם אַלעמען איז מאָריס שוואַרץ געווען אַ גרויסער אונטערנעמער, אין יידישן טעאַטער. אָבער וויפל קענען גלויבן אָדער פאַרשטיין וואָס ער איז אַלץ אַדורכגעגאַנגען, ביז ער איז געקומען צו דער שטופּע, ער זאָל קענען ווייזן, וואָס אַזוינס ער קאָן אויפטאָן, עצות ווייס איך איז זייער לייכט צו געבן, מיט וואָס, און ווי אַזוי, אָבער די ריכטיקע פּראַקטישע עצה, מוז מען אַליין געפינען, ווייל אַחוץ דעם באַטרעפנדן פאַלט דאָס קיינעם ניט איין, ווען ס׳איז געקומען צו דער הויפּט־זאַך פון דער פּראַקטישקייט דורך צו־פירן דעם פּראָיעקט, זיינען ביי אַלעמען געווען די אויגן פאַרשלאָסן, די אויערן פאַרשטאָפּט, און די קעשענעס פאַרמאַכט, אָבער פאַרלאַנגט האָט מען פון אים אַ סך, פאַרוואָס? ווען די אַלע פאַרלאַנגער און עצה געבער וואָלטן פאַרשטאַנען וואָס ס׳מיינט נעמען אַ טעאַטער, וואָס מ׳דאַרף אַליין דורכגיין, אפשר וואָלטן זיי אַזוי פיל ניט פאַרלאַנגט, און וואָלטן אפשר מער פאַרשטאַנען דאָס גרויסקייט פון מאָריס שוואַרצן. ביי דער געלעגנהייט וועל איך פּרובירן צו באַקענען די אַלע עצה־געבער, וואָס ס׳מיינט צוזאַמענצושטעלן אַ טרופּע, ווען מ׳האָט שוין דאָס טעאַטער גענומען, איבערהויפּט אַזאַ טרופּע, וועלכע מאָריס שוואַרץ האָט געדאַרפט פאַר זיין יידישן קונסט־טעאַטער, אויך וואָס ס׳מיינט קלויבן אַ פּיעסע פאַר אַזאַ טעאַטער, און דערביי האָבן אין זינען ווען מ׳האָט אַנגאַזשירט, ווייל דאָ איז מען פאַרבונדן מיט קאָנטראַקטן וועגן ראָלן. דערנאָך ערשט האָבן צו טאָן מיט אַזוי פיל יוניאָנס. וויפל שלאָפלאָזע נעכט מ׳פאַרלירט צוליב דעם, וויפל האַרץ־ווייטיק מ׳האָט, וויפל בלוט ס׳ווערט פאַרצאַפּט, ווען מ׳דאַרף אָנשטעלן בינע־טעכניקער, מוזיקער, אַ מענעדזשער, קאַסירער, פּאָבליסיטי־אַגענטן, פאַר יידישע און ענגלישע ציי־טונגען, בילעטן־נעמער, די וועלכע ווייזן אָן די פּלעצער, אַ „סטעף״ צו האַלטן דאָס טעאַטער ריין, בלויז פאַר דעם אַליין, באַדאַרף מען האָבן שמשון הגיבורס כוחות, און אַ האַרץ פון אייזן, שטאָלענע נערוון, געדולד פון דער וועלט, און איין מאָריס שוואַרץ האָט דאָס פאַר לאַנגע יאָרן געהאַט, נאָר אַזאַ דינאַמישער מענטש האָט דאָס געקענט באַוויזן.

איך גלויב אַז מאָריס שוואַרץ האָט ניט געוואוסט וואָס ס׳מיינט זיך אָפּ־רוען, ער האָט געשפּריצט מיט ענערגיע, ווי אַ וואַלקאַן מיט פייער, און

צוליב דעם אפשר איז ער אַלע מאָל געווען פאַרנומען, ס׳איז אַפילו צו גלויבן, אַז דער פּילזייטיקער קינסטלער, האָט אין זיך עפּעס פאַרמאָגט וואָס האָט אים ניט געלאָזט זיך באַרואיקן, אַ געוויסער טעאַטער־כּוח האָט אים געטריבן צו דער טעאַטער אַרבעט ווי אַ מאַשין, ווי אַ טרייב־לאָקאָמאָטיוו וואָס האָט פאַרמאָגט דעם טרייב־מאַטעריאַל פון טויזנטער פערד, „להבדיל״, אים האָט מען געקענט פאַרגלייכן צו „פּערפּעטשו־מאָבילי״ אייביקע באַוועגונג פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער, אַזעלכן איז ניט נאָר צו באַוואונדערן, נאָר טאַקע אים פאַראייביקן אין דער ריי מיט אַלע גדולים.

ניט נאָר אין דער איצטיקער צייט, מיין גלויבן איז, אַז ס׳איז געווען אין אַלע צייטן אין דער טעאַטער פּראָפעסיע, וואו אַ יעדער איז נאָר געווען פאַר זיך, צו דעם האָט מאָריס שוואַרץ געהאַט אַלע רעכט, ווייל קיינער האָט פאַר אים גאָרניט געטאָן, און צו וואָס ער האָט געשטרעבט האָט ער שוין כמעט דערגרייכט, מיט אים האָט שוין געקלונגען די גאַנצע וועלט, ער האָט שוין געהאַט זיך פאַרשאַפט אַ שיינעם בכבודיקן נאָמען, אמת ער האָט אויף דעם זייער שווער געאַרבעט, און דאָס ערלעך פאַרדינט, דאָך איז ער געווען כמעט דער איינציקער, וואָס האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט, און געגעבן אַ צווייטן, און אַ סך מאָל אַ דריטן אַ געלעגנהייט.

אַ יעדער יוניאָן האָט זיך אירע געזעצן, וואָס אפילו גאָט אַליין, קען זיי ניט אומוואַרפן, אמת ס׳קומט אַמאָל אַ צייט און פאַרניכטעט אַפילו אַ גאַנצע יוניאָן, נאָר ווייל זי עקסיסטירט, און האָט קעגן וועמען צו זיין מעכטיק, איז פריער אָדער שפּעטער, פירט זי אויס, און אַלס אַ יוניאָן, האָט די יידישע אַקטיאָרן־יוניאָן, אויך געמוזט האָבן אירע געזעצן און האָט זיי געמוזט אָנהאַלטן, איבערהויפּט אין דער „פּראָספּעריטי״־צייט.

ס׳איז געווען איינגעפירט אַ „קוואָטע״ דאָס האָט געמיינט, אַז אַ יעדער טעאַטער באַזונדער, האָט געמוזט אַנגאַזשירן אַ געוויסע צאָל אַקטיאָרן פון דער יידישער אַקטיאָרן־יוניאָן, אַזאַ גרויסער טעאַטער ווי דער דייוויד קעסלער טעאַטער, אָדער ווי באָריס טאָמאַשעווסקי נעשאָנאַל טעאַטער האָט געמוזט האָבן ניט ווייניקער ווי 16 אַקטיאָרן, מער יאָ, שוין דאַן האָט מאָריס שוואַרץ, אַנגאַזשירט 20 אַקטיאָרן, אפילו אַזויפיל איז ניט געווען גענוג פאַר זיין טעאַטער, אַלע מאָל האָט ער געמוזט האָבן מער.

האָבן טאַקע אַ סך גוטע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן נאָך ניט באַלאַנגט צו דער יוניאָן, געהאַט ביי אים אַ גוטע געלעגנהייט, מאָריס שוואַרץ האָט ניט מורא געהאַט פאַר אַ גוטן אַקטיאָר, פאַרקערט ער האָט אַלע מאָל געזוכט

די בעסטע, ווייל ער האָט ליב געהאַט קאָנקורענץ, דערפאַר האָט ער אַריינ־גענומען אין זיין טעאַטער, אַחוץ די 20 פון דער יוניאָן, אויך פּאָול באַראַ־טאָוו, וואָלף גאָלדפאַדען, דזשעני וואלער, גרעטאַ מייער און די סנעגאָפּס, ווי אויך אַנדערע, וועלכע האָבן גערעדט אַ זייער קנאַפּן יידיש, אָבער טאַלאַנ־טירטע שוישפּילער. אין וועלכן טעאַטער וואָלט מען אַזעלכע אַקטיאָרן אַריינ־גענומען? אין וועלכן טעאַטער, וואָלט מען זיי געגעבן אַזאַ געלעגנהייט? דעם בעסטן באַוויז האָבן מיר מיט מוני וויזענפריינד, ווען ניט דורך דעם יידישן קונסט־טעאַטער, וואָלט די וועלט ניט געהאַט קיין פּאָול מוני. דאָס איז צו פאַרדאַנקען מאָריס שוואַרץ.

ווער וואָלט געוואוסט אין אַמעריקע פון די אַלע גוטע אַקטיאָרן, ווען ניט מאָריס שוואַרץ? ווער האָט זיי געגעבן זיין טעאַטער און זיי געלאָזט אויפפירן זייערע גרעסטע דערפאָלגן, ווי זאַסלאַווסקי, מאָרעווסקי, סאַמבערג און נאָך אַנדערע, און אויב זיי האָבן ביים עולם ניט נושא־חן געווען, איז דאָס זיכער ניט געווען זיין שולד, אָבער פאַקט בלייבט פאַקט, אַז נאָר ער, מאָריס שוואַרץ, האָט אַלעמען צוגעלאָזט און געגעבן אַ געלעגנהייט צו ווייזן וואָס זיי קענען, נאָך מער, אפילו זיי מיט אַלץ געהאָלפן, מיט דער פולער האַנט, זיי זאָלן זיך אויסצייכענען.

אַ פאַרזיכערונג אַז דער גאַסט וועט געפעלן דעם עולם, דאָס האָט מאָריס שוואַרץ ניט געקענט גאַראַנטירן, און וואָס שייך טאַלאַנט, איז דאָס שוין אַ גאָט זאַך, און מיט גאָט האָט אפילו מאָריס שוואַרץ ניט געקאָנט קאָנ־קורירן.

***

די וועלכע האָבן געקענט זאַסלאַווסקין נאָך פון אייראָפּע, אפילו אַקטיאָרן, האָבן אַלע פאַרזיכערט אַז ער איז אַ גוטער אַקטיאָר, און פאַר אַזעלכן האָט אים גאַנץ אייראָפּע אָנערקענט, אין אַמעריקע ווען ער איז געקומען האָט אים אַנשל שאָר אַנגאַזשירט אין זיין טעאַטער אין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט געשפּילט אַ סעזאָן, און ווען ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק איז ער אויפגעטראָטן אין דעם אירווינג פּלייס טעאַטער. אין דער פּיעסע „גאָט מענטש און טייוול", פון יעקב גאָרדין, אין זיין קרוין ראָלע, הערשעלע דוב־ראָוונער. דעם אָוונט האָט אויך געשפּילט מאָריס שוואַרץ „אוראל מזיק", דעם טייוול, האָט ער דעם הערשעלען אַזוי צעמזיקט, אַז מ'האָט אים אין גאַנצן ניט אַרויסגעזען...

אַזוי האָט מען אויך גערעדט אויף דער טעאַטער־גאַס, ווי אויך אין דער ראָיאַל קאַפע, וועגן מאָרעווסקין, אים האָט מען געבראַכט אין דעם „סיטי טעאַטער״, וואָס איז געווען אויף דער 14טער גאַס, אויך ער, מאָרעוו־סקי, האָט אַוועקגעשטעלט די פּיעסע אַנסקיס „דבוק״, וואו ער האָט געשפּילט זיין קרוין־ראָל, דעם רבין. און אויב דאָס איז ניט געווען גענוג, האָט ער די צווייטע פּיעסע אויפגעפירט אַנדרייעווס „דער וואָס קריגט די פּעטש״. און איןביידע פּיעסן האָט ער ניט געבליצט... ס׳איז געווען אַ פאַרוואָס.

דאָ אין אַמעריקע האָט מען פריער געזען מאָריס שוואַרצן אין דער ראָלע פון דעם רבין אין „דבוק״. און אַזאַ גרויסן אַקטיאָר ווי ריטשאַרד בענעט, אין „דער וואָס קריגט די פּעטש״. מיט אַזאַ פאַרנעם, מיט אַזאַ גוט שפּילן, אַז זיין אויסטייטשונג האָט שוין דאָ גאָרניט געמיינט...

גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט א. סאַמבערג, אים האָט באָריס טאָמאַ־שעווסקי, געבראַכט קיין אַמעריקע. ס׳איז געווען אין דער צייט, ווען ער האָט איבערגענומען דעם „גייטי טעאַטער״, און נאָך עטלעכע וואָכן שפּילן, האָט ער איינגעזען אַז ער האָט דאָרט אַ גרויסן קאָנקורענץ פון ביידע זייטן, דעם ליריק טעאַטער, בלויז אַ קורצער שפּאַן פון זיין טעאַטער, און דעם אמפּיניאָן טעאַטער פון דער אַנדערער זייט, האָט ער געמוזט האָבן איין אַטראַקציע, אָבער נאָך אַלע באַווייזן האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז די רעקלאַמע וואָס מ׳האָט געמאַכט פאַרן גאַסט, איז געווען זייער איבערטריבן, און דאָס גלויב איך, האָט אַ סך געשאַדט... ווען מ׳גייט אַרויס מיט אַזאַ רע־קלאַמע, אַז דעם וואָס מ׳ברענגט, איז גרעסער פון אַלע גרויסע סטאַרס צוזאַמען, און מ׳שטעלט אַוועק אַזאַ פּיעסע ווי „דער קאַרגער״, פון מאָליער, און דער גאַסט טרעט אויף אין אַזאַ ראָל ווי „האָכפּאַגאַן״, איז ניט דאָס שפּילן, און אויך ניט די פּיעסע, איז געווען פאַר דעם עולם, וואָס איז געקומען אין יענעם טעאַטער... ער האָט נאָך אויפגעפירט „פישקע דעם קרומען״, אָבער ס׳האָט ניט געטויגט.

סאַמבערג האָט דאָ געהאַט אַ ברודער, און אים איז געגאַנגען אין לעבן, כאָטש צו ראַטעווען זיין, סאַמבערגס, כבוד, ער האָט דאָך פאָרט געהאַט אַזאַ גרויסן נאָמען אין וואַרשע, און דאָרט געשפּילט צוויי יאָר אַ פּיעסע, איז פאַרוואָס דאָ אַזאַ קאַטאַסטראָפע? ער מוז אים ראַטעווען, איז ער אַוועק צו מאָריס שוואַרצן און ביי אים געפּועלט אַז ער זאָל אים לאָזן אויפפירן זיין גרעסטן סוקסעס שלאַגער, „מאָטקע גנב״. אין דער פּיעסע פון שלום אַש, שפּילט ער זיין קרוין ראָלע, טאַקע מאָטקע אַליין, און ער האָט געשפּילט,

אָבער נאָך אַזעלכע צוויי קינסטלער, ווי דייוויד קעסלער און מוני וויזענפריינד, וועלכע האָבן געשפּילט די זעלבע ראָל, ווי האָט ער געקענט זיין ?... צו זיין פּראָפעסיאָנעל ערלעך, זיינען זיי אַלע געווען גוטע אַנסאַמבל אַקטיאָרן, אָבער ניט גרויס גענוג צו ווערן סטאַרס אין אַמעריקע. בלויז איינער פון די דראַ־מאַטישע אַקטיאָרן איז אַריבער גרויס ביי זיין ערשטן אויפטריט, דאָס איז געווען סעמיועל גאָלדענבורג, אָבער אפילו מיט זייער דורכפאַל, ווער וואָלט אין אַמעריקע געוואוסט פון אַזוי פיל גוטע אַקטיאָרן, ווען מאָריס שוואַרץ וואָלט זיי אַלעמען ניט געגעבן די געלעגנהייט ? קיינער פון די וואָס האָבן זיי געזען, האָבן ניט געלייקנט אַז זיי זיינען טאַלאַנטן, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט זייער טאַלאַנט געהאַט, ווען מאָריס שוואַרץ האָט ניט דעם יידישן קונסט־טעאַטער ? ווער וואָלט זיי אפילו געלאָזט אַדורכפאַלן ? און אפילו די אַנדערע ווען זיי פאַלן ניט אַריין צו מאָריס שוואַרצן, וואָס וואָלט פון זיי געוואָרן ? מעגלעך אַז מ׳וואָלט אַ פּאָר פון די בעסערע יאָ אַריינגענומען אין די אַנדערע טעאַטערס, אָבער ווער וואָלט זיי צו עפּעס צוגעלאָזט ? פּונקט ווי איזידאָר קעשיר האָט זיך אָנגעזען אין „פּיפּלס טעאַטער״. אָדער לאַזאַר פריד אויף דער עווענוי, און ווי מוני וויזענפריינד, אין דעם „אַמעריקען טעאַטער״ אין פילאַדעלפיע. ס׳וואָלט זיי אַלע אויסגעקומען צו שפּילן גאָרניט, און פון גאָרניט, צו מאַכן עפּעס, האָט מען צוערשט באַדאַרפט געבוירן ווערן אַ מאָריס שוואַרץ.

אַרומדרייען זיך אַ גאַנצן אָוונט אויף דער בינע, ניט האָבן קיין איין וואָרט, און מאַכן אַזאַ איינדרוק, אַז מ׳זאָל אים געדענקען פאַר אַלע יאָרן.

איצט וועל איך זיך אומקערן צו יענער צייט ווען מאָריס שוואַרץ האָט גענומען דערגרייכן זיין גרויסקייט, און ווי אַזוי ער איז אַריין אין די הערצער פון גרויסן עולם, פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט אים געגעבן קוראַזש, צו זיינע אַלע גרויסע אונטערנעמונגען, דערפאַר האָט ער דאָס ערלעך פאַרדינט, זיין גרויסקייט און כבוד, דאַרף בלייבן פאַר לאַנג צו געדענקען, אפילו פאַר אַ סך דורות.

# „פּאָרווערטס“ קאָנצערטן

אין די יאָרן, ווען כמעט אַלע אַרבעטער־קאָנצערטן זיינען פאָרגעקומען אין זאַל פון „פאָרווערטס“, דורכגעפירט פון בלויז יידישע אַקטיאָרן. אין יענער צייט, איז דער פּאָפּולערסטער אַרטיסט פון די קאָנצערטן, געווען דער גוטער כאַראַקטער־אַקטיאָר היימאן מייזעל. אַן אינטעליגענטער מענטש, אַחוץ טעאַטער־שפּילן, איז ער אויך געווען אַ דראַמאַטורג און אַ פיינער פּאָעט. אַ זייער אָנגעזעענער מענטש אין דער פראָפעסיע און אַ פערזענלעכ־קייט אויף דער יידישער גאַס, אים האָט גרויס און באַרימט געמאַכט זיין אָריגינעלע שאַפונג, די פּאָעמע „דאָס קיעלע“, וועלכע נאָר ער אַליין האָט דאָס אַזוי קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט.

אין זיין אויסזען, האָט מען קוים געקאָנט גלויבן, אַז דער טאַלאַנטיר־טער מענטש, פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל גוטסקייט, און נאָך מער הומאָר, ער איז געווען ווי מ׳זאָגט, אויף דער פעשליכער זייט, מיט אַ קיילעכדיק פּנים, און ווען ער האָט פאַרזשמורעט זיינע קלוגע אויגן, האָט זיך געדאַכט אַז ער איז אַ בייזער, ווען אין דער אמתן, איז ער שוין גאָר ניט געווען בייז, אַ גוטער, ליבער מענטש, אין וועמענס קעגנוואַרט מ׳האָט זיך קיין מאָל ניט געקאָנט לאַנגווייליקן.

צו איינעם פון די קאָנצערטן, בין איך אַמאָל געגאַנגען, צוליב צוויי גוטע אורזאַכן, ערשטנס ווייל היימאן מייזעל, וועט דאָרט פאָרטראָגן זיין באַרימט „קיעלע“. צווייטנס, ווייל מאָריס שוואַרץ וועט אויך אויפטרעטן שוין אין זיינע באַרימטע אימיטאַציעס פון די גרעסטע דריי גדולים, יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער און באָריס טאָמאַשעווסקי. דאָס האָט אים צו יענער צייט פּאָפּולער געמאַכט.

ס׳איז געווען אין אַ זונטיק אין דער פרי, ווען איך בין אַריינגעקומען אין „פאָרווערטס“־זאַל, האָב איך שוין געטראָפן מייזלען אויף דער אָפענער פּלאַטפאָרמע, און ער האָט געוואַרט, דער עולם זאָל זיך איינשטילן, ס׳איז דאָרט געווען אַזאַ טומל, אַז ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין גאָרניט אין ריכטיקן פּלאַץ, זעענדיק מייזלען וואַרטן ביז ס׳וועט שטיל ווערן און ער וועט קאָנען אָנהויבן, האָב איך געוואוסט אַז איך בין יאָ אין דעם ריכטיקן פּלאַץ, נאָר ס׳איז אַ ווילדער טומל, דאַרף מען וואַרטן, דערפאַר האָב איך נאָך גאָרניט פאַרפעלט, אַזוי ווי מיין אינטערעסע איז געווען זיי צו זען און

הערן אין דעם וואָס האָט זיי באַרימט געמאַכט, האָט מיך שוין דער טומל ניט אינטערעסירט, איך האָב געוואַרט ביז מ׳האָט זיי איינגעשטילט, דורך דער צייט האָב איך געפונען אַ ווינקל, וואו איך האָב מיך אַוועקגעזעצט, טאַקע ניט ווייט פון דער פּלאַטפאָרמע, און געזעסן דאָרט ביז ער האָט אָנגעהויבן.

דורך דער צייט וואָס איך בין דאָרט געזעסן, האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז עפּעס האָב איך פאַרשפּעטיקט, ס׳האָט זיך מיר עפּעס ניט געגלויבט, אַז היימאַן מייזעל זאָל זיין דער ערשטער אויפן פּראָגראַם, האָב איך ניט ווילנ־דיק זיך גענומען דרייען אויפן בענקל, ניט וועלנדיק גאָרניט פאַרלירן פון זיין וואונדערבאַרן אויסטייטשונג פון דעם קיעלע, בין איך געזעסן ווי ס׳וואָלט מיך געבריט, און צו דער זעלבער צייט געטראַכט, אפשר האָב איך שוין פאַרשפּעטיקט מאָריס שוואַרצן? ס׳האָט מיך עפּעס גענומען פאַרדריסן, און איך בין געבליבן זיצן פאַרטראַכט, ביז דער גרויסער אַפּלאָז פאַר מייזלען, האָט מיך אויפגעוועקט, איך האָב געזען ווי מייזעל גייט שוין אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע, נאָר אַ ביסל אויפגערעגט, האָב איך מיך שנעל אויפגעהויבן פון בענקל און זיך געלאָזט אין דער זעלבער ריכטונג וואו מייזעל איז גע־גאַנגען, נאָר מאַכנדיק די ערשטע פּאָר שפּאַן, האָב איך פון ווייטן געזען שטיין מאָריס שוואַרץ מיט זיין יונגער שיינער פרוי אַננאַ. בין איך געבליבן שטיין, און געזען ווי מאָריס שוואַרץ האָט פאָרגעשטעלט זיין פרוי פאַר מייזלען, וועלכער האָט פאַר כעס געוואָלט עפּעס זאָגן... נאָר דער אומדערוואַרטעטער גאַסט האָט מייזלען צוריקגעהאַלטן, איז ער געבליבן מיט אַ פול מויל, מעג־לעך אַז דערפאַר זיינען זיינע אויגן גרעסער געוואָרן, ווען מאָריס שוואַרץ האָט צו אים געזאָגט:

— דאָס איז מיין פרוי, מייזעל! נאָך אַלץ דאָס קיעלע?

— וואָס דען זאָל איך זיי געבן? — ער האָט געכאַפּט אַ שנעלן קוק אויף דער יונגער שיינער מרס. שוואַרץ און בייזערנדיק זיך אין דער שטיל נאָך צוגעגעבן, אָקסן, דאַרף מען געבן אַ קו, הערט נאָר דעם טומל וואָס זיי מאַכן דאָרט.

— איך וועל זיי שוין איינשטילן. — האָט שוואַרץ מיט אַ קורצן שמייכל געזאָגט.

מייזעלס אויגן זיינען איצט געוואָרן צוויי מאָל אַזוי גרויס, ער האָט אויפגעמאַכט זיין מויל און זיך באַלד געכאַפּט, ווער עס שטייט לעבן אים, האָט ער ווידער ווי עפּעס אַרונטערגעשלונגען, דערנאָך האָט ער מיט אַ גע־מאַכטן שמייכל צוגעגעבן:

— אפשר, איך מוז צוגעבן, כ׳האָב דאָס ניט געקאָנט. — ער האָט זיך באַלד אַוועקגעדרייט און עפּעס געזאָגט...

איינער וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם היינטיקן קאָנצערט, דער פירער פון דער סעלצער יוניאָן, האָט דורך אַ פּאָרהאַנג וואָס האָט זיך געפונען ביי דער זייט, אַריינגעשטעקט זיין קאָפּ און געפרעגט:

— איר זענט פּאַרטיק, מר. שוואַרץ?

— איך בין פּאַרטיק, איז דער עולם דאָרט פּאַרטיק?

— איך בין זיכער, ווען זיי וועלן אייך דערזען, וועט ווערן שטיל. — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק.

— מייזעל, וואָס האָב איך געזאָגט?

מייזעל האָט אַן אומפאַרשטענדלעכן בורטשע געטאָן... מאָריס שוואַרץ האָט געשמייכלט צו זיין פרוי. דעם פאָרזיצערס קאָפּ איז פאַרשוואונדן געוואָרן הינטערן פּאָרהאַנג, ער האָט איצט פּרובירט איינשטילן דעם עולם, וועלכער האָט איצט נאָך מער געטומלט ווי פריער, און דער פאָרזיצער האָט זיי גע־מוזט איבערשרייען, זאָגנדיק:

— אויב איר ווילט ניט שווייגן, וועלן מיר שליסן דעם קאָנצערט. ס׳איז געוואָרן אַ ביסל שטילער, איצט איז בלויז אָנגעגאַנגען אַ שושקעריי, ווי ס׳וואָלט אַרויסגעקומען די פּאַרע פון אַ לאָקאָמאָטיוו, ווען ער שטעלט זיך אָפּ, און ער האָט ווידער געזאָגט: אויב אָבער איר ווילט, אַז מיר זאָלן פאָר־זעצן מיטן פּראָגראַם, מוזט איר זיך פאַרהאַלטן שטיל און געבן די אַקטיאָרן אַ מעגלעכקייט דאָס אַדורכצופירן, ער האָט פאַרגלאָנצט מיט די אויגן. איך וויל אַז איר זאָלט גוט אין זינען האָבן אַז די אַקטיאָרן וואָס זיינען היינט דאָ, זיינען ניט געקומען אייך הערן, נאָר איר באַדאַרפט זיי אויסהערן, איז ווי אַזוי קאָנט איר הערן ווען איר אַליין מאַכט אַזאַ טומל? פאַרגעסט ניט אַז זייער צייט, כ׳מיין די אַקטיאָרן, זיינען ביי אַ גרענעץ, כאַ, כאַ, כאַ. איך האָב געמיינט צו זאָגן, באַגרענעצט אויב איר ווייסט וואָס איך מיין, איז אויב איר וועט ניט פולקאָם פאַרשטומען, כ׳מיין איינשטילן זיך, האָבן מיר שוין דאָ פאַרענדיקט דעם... שוין מער מאַך איך ניט קיין בולבע, און איצט האָב איך דעם גרויסן כבוד, יאָ, מיינט ניט אַז עס איז אַזוי גרינג געווען צו קריגן אַ ער, אָבער ער איז דאָ, און איך שטעל אים אייך פאָר, דעם קינסטלער וואָס ברענגט אייך אַלע דריי גודלים, פון עולם האָט זיך דערהערט אַ קור־צער געלעכטער. איר הויבט שוין ווידער אָן? איך האָב געמיינט צו זאָגן

גדולים, בעסער געזאָגט אַלע סטאַרס צוזאַמען, און דאָס איז ניט קיין אַנדע־רער ווי אונדזער מאָריס שוואַרץ.

איצט האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו גיין זיך אַוועקזעצן, אָבער ווער האָט דען געקאָנט אַדורכגיין, דער זאַל איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, ס׳איז שוין אפילו באַלד ניט געווען וואו צו שטיין, און ווען מאָריס שוואַרץ האָט זיך באַוויזן אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָט זיך מיר נאָר גע־דאַכט, אַז די צען שטאָקיקע געביידע פון „פאָרווערטס” האָט געקראַכט, אַלע אין זאַל האָבן זיך אויפגעשטעלט, און מיט אַזאַ וואַרעמער ליבשאַפט געקלאַפּט בראַוואָ, נאָך ווייניק־ער האָט אויפגעמאַכט זיין מויל, ער האָט זיך פאַרנייגט און געבליבן שטיין און געוואַרט, ביז דער עולם וועט זיך איינשטילן, דער־ווייל האָט ער אַ פּאָר מאָל געכאַפּט אַ קוק אין דער זייט, וואו זיין פרוי איז געשטאַנען, זי האָט געשמייכלט, ווען ער האָט אויף איר געקוקט ווי איינער וואָלט געזאָגט: דו זעסט ווי אַזוי מ׳נעמט מיך דאָ אויף? דערנאָך האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ווען ס׳איז גע־וואָרן שטיל, האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— איצט וועל איך פאַר אייך פאָרשטעלן די דריי גרויסע וואָס די יידישע בינע פאַרמאָגט, דער ערשטער וועט זיין יעקב פּ. אַדלער.

ער האָט פאַרגלאַנצט זיינע צוויי גרויסע אויגן, און האָט זיך פאַרטראַכט, ווי ער האָט זיך אין עפּעס געוואָלט דערמאָנען, דערנאָך האָט ער ווידער אַ קוק געטאָן וואו זיין פרוי איז געשטאַנען, געוויס געוואָלט מאַכן זיכער אַז זי איז דאָרט פאַראַן, זי האָט אים געגעבן אַ פריינדלעכן שמייכל נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן.

אין זאַל איז געוואָרן אַזוי שטיל, ווי ס׳וואָלט דאָרט קיינער ניט געווען, און איך מוז דאָ צוגעבן, אַז איך בין מיטגעריסן געוואָרן מיטן עולם, געוואָרן כמעט באַגייסטערט פון זיינע אימיטאַציעס, זיי זיינען געווען אַזוי קלאָר, און אַזוי קינסטלעריש פאָרגעשטעלט, אַז ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויף דער פּלאַטפאָרמע שטייט יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער, באָריס טאָמאַ־שעווסקי און רעדן צום עולם, אַזוי נאַטירלעך זיינען זיי אַרויסגעקומען פון מאָריס שוואַרץ מויל, דורך דער צייט וואָס ער איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע, און איך האָב אים באַוואונדערט, האָב איך אַ פּאָר מאָל געכאַפּט אַ קוק צום עולם, און פּונקט ווי זיי, אַזוי בין איך אויך באַגייסטערט גע־וואָרן פון מאָריס שוואַרץ, אַזאַ געוואַלדיקן איינדרוק האָט ער אויף אַלעמען געמאַכט, אַז מיר זיינען אַלע פון אים געוואָרן באַגייסטערט.

די באַגייסטערונג איז אַריבער צו אים, און ער איז ווי אָנגעצונדן געוואָרן, און דערפאַר אפשר איז אַ יעדער איינער ביי אים אַרויסגעקומען אַזוי נאַטירלעך, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ניט איין מענטש שטייט דאָרט אויף דער פּלאַטפאָרמע, נאָר טאַקע אַלע די וועלכע ער האָט פאָרגעשטעלט, און נאָך אַ יעדן איינעם באַזונדער, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אימיטירט, איז ער ווי אַריינגעקראָכן אין האַרצן אַריין, מ'האָט זייער לייכט געקאָנט פילן וואָס פאַר אַ פריינדלעכע ליבע ס'האָט געהערשט אין דער לופט צום קינסטלער מאָריס שוואַרץ. און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען אים פאַר אַ לאַנגער צייט ניט אַראָפּגעלאָזט פון דער פּלאַטפאָרמע, די אַפּלאָדיסמענטן זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב זיי נאָך געהערט, ווען איך בין שוין לאַנג געווען אין דער לאַבי פון דער „פאָרווערטס" געביידע.

פון דעם קאָנצערט וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין „פאָרווערטס", בין איך כמעט אַוועק ווי אַ זיגער, מער אָדער וויניקער, בין איך ביי זיך געוואָרן פאַרזיכערט, אַז איך האָב מיך אין מאָריס שוואַרץ ניט אָפּגענאַרט, יאָ, ער איז דער, פאַר וועלכן איך האָב אים געהאַלטן, דאָך האָב איך דאָס קיינעם ניט געזאָגט, ווייל זיין לאַנגער וועג האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, אמת ער האָט טאַקע אַ יעדן באַזונדער וואונדערבאַר פאָרגעשטעלט, און אַ פאָר מאָמענטן האָט זיך אַפילו געדאַכט, אַז די באַטרעפנדיקע אַרטיסטן זיינען פערזענלעך אויף דער פּלאַטפאָרמע, און דאָס האָט מיך געמאַכט אַ לאַנגע צייט טראַכטן וועגן אים, פּשוט אים ניט געקאָנט פאַרגעסן, און איך מוז צוגעבן, אַז דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ גוטן איינדרוק אַלס קינסטלער.

***

ווען איך בין אין 1920 צוריקגעקומען פון שיקאַגאָ, בין איך געווען אָנגעלאָדן מיט זעקס יאָר עקספּעריענס פון יידישן טעאַטער, ווייל אַחוץ אין די קלובן, האָב איך שוין געהאַט געשפּילט, מיט פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנאַלע טרופּן, איך האָב שוין פאַרמאָגט אַ וואַזשנעם באַגאַזש פון פאַרשיידענע פּיעסן, אַ רעפּערטואַר פאַר אַלץ וואָס מ'האָט צו יענער צייט באַדאַרפט אין יידישן טעאַטער נאָר שפּילן אין ניו־יאָרק, האָט די יוניאָן ניט געלאָזט, און אַריינגענעמען מיך אין דער יוניאָן האָט מען נאָך צייט געהאַט, ווייל איך בין געווען צו יונג, און צוליב מיר וועלן זיי ניט גיין צעברעכן אַן אייזערנע וואַנט,

וואָס די סימאָנאָווס, די טאַבאַטשניקאָווס, און די גאָלדס האָבן אַוועקגע־שטעלט... אַזאַ פּאַרברעכן ווי אַריינצונעמען אַ יונגן, אַ שיינעם, מענטשן אין דער יוניאָן, וואָלט דאָך געמיינט דער אונטערגאַנג. פון אַריינשיקן אין טעאַטער אַ זיידן, ווען מ׳דאַרף אַ ליבהאָבער, ווי אַזוי קענען זיי זיך אַראָפּלאָזן אַזוי נידעריק?

דערפאַר האָבן זיי מיר דערלויבט צו שפּילן אויף דער פּראָווינץ, אויב מ׳וועט מיך אַנגאַזשירן, און אויך דאָס איז ניט געווען אַזוי גרינג. צוערשט האָט מען גוט אַדורכגעזיפּט דאָס יוניאָן ביכל, אויב ס׳האָט זיך ניט ערגעץ וואו פאַרוואלגערט אַ יוניאָן־מאַן, וועלכער וויל פאָרן, און אויב דאָס אַליין איז געווען וויכטיק, האָט אַ יעדער סטאַר וואָס איז געווען אויף דער פּראָווינץ, האָט זיך געמישט אין דער געשעפטלעכער זייט, און אָפטמאָל געווען די דעה־זאָגערס ווען יאָ צו נעמען, און ווען ניט צו נעמען, און כמעט אַלע מאָל האָבן זיי ניט צוגעלאָזט קיין ייִנגערן אַקטיאָר. דאָס וועל איך אויך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. פאַר איינעם בין איך געווען צו יונג, פאַר אַ צווייטן צו שיין, און פאַר אַ דריטן צו גוט, דער אויסרייד איז געווען, אַז ער זוכט צו שפּאָרן דעם מענעדזשער עקספּענסעס, האָט מען זיי איינגערעדט, די מענעדזשערס, אויב מ׳וועט מיך ניט אַנגאַזשירן, וועט מען זיי שפּאָרן אַ סך געלט דורכן סע־זאָן, האָט איינער געפרעגט:

— ווי אַזוי?

— גאַנץ פּשוט, אין אַ וועלכער פּיעסע, ס׳וועט זיין אַן איבעריקער מענטש, וועל איך אים אויסשניידן, פאַרלאָזט אייך אויף מיר, דער עולם ווייסט דען וויפל מענטשן ס׳דאַרף זיין אין דער פּיעסע? און גלויבט מיר אַז דעם וואָס איך וועל אויסשניידן, וועט ער זיכער ניט אויספעלן, און אַזוי אַרום וועל איך אייך דורכן סעזאָן איינשפּאָרן אַ סך געלט.

פאַרשטייט זיך אַז אַ יעדער מענעדזשער האָט זיך געזוכט אָנצוכאַפּן אין דער קלענסטער זאַך אַפילו, ער זאָל קענען פאַרקלענערן זיין עקספּענס, דערפאַר האָט מען באַדאַרפט איבערוואַרטן אַלע איבלען, וואָס האָבן זיך אָנ־געזאַמלט די אַלע יאָרן אין ייִדישן טעאַטער, נאָר דערפאַר ווייל מ׳האָט ניט געוואָלט צולאָזן אַ ייִנגערן, אַ שענערן, און אפשר טאַקע אַ בעסערן אַקטיאָר.

נאָך מער, אַפילו ניט צוגעלאָזט קיינעם, זיי זאָלן אויסגעפינען אויב דער אָדער אַ צווייטער, איז באַרעכטיקט צו זיין אין דער פּראָפעסיע.

האָב איך געמוזט וואַרטן, אפשר וועט איינער קראַנק ווערן, זייענדיק

אין ניו־יאָרק האָב איך געהאַט גענוג צייט צו זען וואָס איך האָב געוואָלט, פאַרשטייט זיך אַז דאָס ערשטע בין איך געגאַנגען אין יידישן קונסט־טעאַטער, צו זען מאָריס שוואַרץ.

איין מאָל האָב איך מיך גענומען אַרומקוקן, ווער קומט אין יידישן קונסט־טעאַטער? און דאָ האָב איך דערזען פאַר זיך אַ נייעם ייד, אפילו ניט אַזעלכן ווי איך בין געווען געוואוינט, ווייל מיט די דראַמאַטישע גרופּן, וואָס איך האָב געשפּילט, האָט אַלע מאָל געהאַט אַ בעסערן עולם, וועלכע האָבן שוין פאַרלאַנגט עפּעס בעסערס, און ווען איך האָב גענומען שפּילן מיט פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס, איז שוין דער עולם געווען דער זעלבער, וואָס גייט אין אַלע יידישע טעאַטערס. דאָ אָבער האָט מען געקענט זאָגן, האָב איך געטראָפן אַ מאָריס שוואַרץ עולם.

דאָס מיינט אַז ער האָט שוין באַלד אַלץ דערגרייכט. מאָריס שוואַרץ האָט ניט נאָר געשאַפן אַ בעסערן טעאַטער, בעסערע אַקטיאָרן, אַ קינסטלע־רישע פאָרשטעלונג, נאָר אויך אַ בעסערן עולם, וואָס איז געקומען אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער.

ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, האָט געהערשט אַזאַ שטיל־קייט, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך געפין זיך אין אַ בית־המקדש.

יאָ, איך בין געזעסן אין אַ בית־המקדש פון קונסט, דאָ וואָלט איך אויך באַדאַרפט זיין. האָב איך אין דעם מאָמענט געטראַכט. ווען איך קריג אַ מעגלעכקייט, וואָלט איך עפּעס דערגרייכט, איז אָבער מיין מזל אַוועק לינקס. און וואו מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ ליטעראַט, און די אַקטיאָרן פון קונסט־טעאַטער האָבן געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ שונדיסט.

אַ יעדע פאָרשטעלונג וואָס איך האָב געזען אין יידישן קונסט־טעאַטער איז מיין גרויסער דרך־ארץ געוואַקסן גרעסער און גרעסער פאַר מאָריס שוואַרצן, מיט זיין קינסטלערישן אַנסאַמבל, ווייל זייער האַרמאָניש שפּילן האָט צו מיר געקלונגען ווי אַ סימפאָניע.

איך וועל ניט לייקענען, אַז מיין באַגייסטערונג פאַר מאָריס שוואַרץ איז געוואָרן מיט אַ יעדער אויפפירונג זיינער גרעסער, איבערהויפּט פון זיינע קינסטלערישע ספּעקטאַקלען, דאָך האָב איך ביי אַלע אָריגינאַלן ניט געקענט זיין, ווייל ס'האָט זיך פאַר מיר אויפגעמאַכט אַ טיר אויף דער פּראָווינץ דורך דער יוניאָן, אַ סך פריער ווי איך האָב דערוואַרטעט.

ס'איז שוין אפילו געווען שפּעט אין סעזאָן, ווען אַ מענעדזשער פון

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, האָט זיך באַוויזן אויף דער טעאַטער־גאַס, און מיר האָבן זיך באַגריסט, ער האָט מיך געקענט פון שיקאַגאָ. פאַר אַ ווייל האָט ער מיך באַטראַכט, ווי ער וואָלט מיך ערשט דאָ צום ערשטן מאָל געזען, ער האָט וואַרשיינלעך עפּעס געטראַכט, ווייל אין זייער אַ קורצער צייט, האָט ער מיך אַנגאַזשירט, אפילו אָן דער צושטימונג פון זיין סטאַר. גערופן האָט מען דעם מענעדזשער, דער בלינדער וויסמאַן, האָב איך געטראַכט, זאָל זיין פון׳ אַ בלינדן, אַבי צום לעבן...

דעם סטאַר וואָס ער האָט געהאַט, איז געווען אַ מיטגליד פון לאָקאַל צוויי, און אַרומגערינגלט איז ער געווען פון אַ טרופּע אַלע פון לאָקאַל פינף, האָב איך באַלד געזען, וואו איך בין דאָ אַריינגעפאַלן, אָבער ס׳איז שוין געווען פאַרפאַלן, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך האָב דאָך ניט באַלאַנגט אין קיין יוניאָן, איך האָב דאָרט אפילו געפונען אַ פריינד פון שיקאַגאָ, וועלכער איז געווען אין דער טרופּע, דאָס איז געווען מאַקס העניג, האָב איך דאָרט געהאַט כאָטש איין פריינד, פאַר וועמען איך האָב געקאָנט אַמאָל זיך אויסרעדן... ווייל דער סטאַר האָט באַלד זיך געגעבן אַן עצה, קוקנדיק אויפן אַפיש ווי אַזוי מ׳האָט מיך אַנאָנסירט, אַז באַלד וועט אויפטרעטן דער יונגער, שיינער, נייער, ליבהאָבער, האָט ער פונקט צו מיין אויפטריט אַוועקגעשטעלט די פּיעסע „דער לעבעדיקער מת״, פון גראַף לעוו טאָלסטאָי, און מיר געגעבן צו שפּילן די ראָל פון „פירשט סערגעי דמיטריעוויטש איבערעזקאָוו״. אַ מאַן פון אַ יאָר 60 מיט אַ ווייסער באָרד.

און אַזוי ווי קיין קאָנטראַקט וואָס פאַר אַ ראָלן איך באַדאַרף שפּילן, האָב איך ניט געהאַט, און קיין יוניאָן מאַן בין איך אויך ניט געווען, האָב איך געמוזט שפּילן, וואָס מ׳האָט מיר געגעבן, און ער האָט מיר געגעבן זייער ווייניק, ס׳האָט אַפילו ניט געהאָלפן דעם מענעדזשערס פּראָטעסט, ער האָט געטענהט אַז די יוניאָן אַקטיאָרן קומען צוערשט, און אַזוי ווי יענע סעזאָנען זיינען געווען זייער לאַנגע, האָב איך געמוזט וואַרטן, ווען איך וועל צוריק קומען אַהיים, וועל איך דאַן קענען זען די פאָרשטעלונגען, וואָס איך האָב פאַרפעלט זייענדיק אַוועק, ס׳איז שוין אָבער אויסגעקומען, ווען דער קונסט־טעאַטער האָט געגומען גאַסטראָלירן, האָב איך אים געמוזט זען, אַמאָל אין ברוקלינער ליריק טעאַטער, און אָפט מאָל אויף דער עוועניו, און אַזוי אַרום, האָב איך כמעט אַלע זיינע אויפפירונגען געזען, און אפילו אין די אַנדערע טעאַטערס, האָב איך געזען ווי דער יידישער קונסט־טעאַטער וואַקסט וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער, האָב איך ניט איין מאָל געטראַכט. יאָ, מאָריס

שוואַרץ האַלט זיין וואָרט, וואָס ער האָט אַמאָל זיינע פריינד צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַריבעריאָגן, די גרויסע דריי. ביז היינט האָט ער שוין דאָס דער־גרייכט.

⁂

אַ פּאָר מאָל איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט מאָריס שוואַרץ, אוןביידע מאָל אין ליריק טעאַטער אין ברוקלין. איין מאָל ווען ער איז גע־קומען אַליין גאַסטראָלירן מיט דער פּיעסע „טביה דער מילכיקער", שפּילנ־דיק מיט דעם ליריק אַנסאַמבל, און דאָס צווייטע מאָל אין יאָר 1925, דאָס מאָל מיט זיין גאַנצן אַנסאַמבל פון קונסט־טעאַטער, מיט דער פּיעסע „מאָשקע חזיר", און די וואָך גראָד, האָב איך אין דעם ליריק טעאַטער, אויפגעפירט מיינע אַ פּיעסע, און צו יענער צייט האָט זיך געפירט, אַז ביי אַ יעדער פאָרשטעלונג, ווער ס'זאָל דאָרט ניט געווען שפּילן, האָט מען באַדאַרפט אַרויסגיין פאַרן פאָרהאַנג און לאָזן וויסן דעם עולם, וואָס מ'גייט שפּילן די אַנדערע וואָך.

אַזוי ווי מאָריס שוואַרץ מיט זיין טרופּע האָבן דאָרט געשפּילט און פון דער ליריק־קאָמפּאַני, איז קיינער ניט געווען אין טעאַטער, האָט דאָס מענעדזש־מענט מיך געבעטן, אַזוי ווי דאָס איז מיין פּיעסע, זאָל איך אַרויסגיין פאַרן פאָרהאַנג, און זאָגן דעם עולם, וואָס מ'גייט שפּילן קומענדע וואָך, און אויך ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז מאָריס שוואַרץ מיט זיין קינסטלערישער טרופּע, שפּילן נאָך דאָ ביז זונטאָג, פאַרשטייט זיך אַז איך האָב דאָס מיט פאַרגעניגן געטאָן, און דערפאַר איז מאָריס שוואַרץ אויף מיר געוואָרן ברוגז, און האָט דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

צו יענער צייט האָב איך געוואוינט אין 36 „סט. מאַרקס פּלעיס". ניט ווייט פון עם ראָג, וואו די צווייטע עוועניו איז. ס'איז געווען זומער, שוין לאַנג נאָכן סעזאָן, בין גראַדע געווען ביי זיך אין דער היים, ווען מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר, און ווען איך האָב אויפגעמאַכט, איז אין קאָרידאָר געשטאַנען אַ מאַן, עטוואָס קענטלעך, אָבער איך האָב ניט געדענקט פון וואַנען, ער האָט שמייכלענדיק מיך געפרעגט:

— קען איך אייך זען, מר. דענק?

— געוויס, קומט אַריין. — ער קען מיין נאָמען אויך. ער איז אַריינ־געקומען, האָב איך פאַרמאַכט די טיר, פרעגנדיק, — מיט וועמען?...

— איך ווייס ניט אויב איר געדענקט מיך, איך בין פון פילאַדעלפיע, און מיין נאָמען איז לעאָן בוירגער.

— זייער אָנגענעם, איז וואָס שטייט איר מר. בוירגער? אַז מ׳קומט פון אַזוי ווייט, דאַרף מען זיך צוזעצן, און זאָגט מיר, וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר, אַז איר זאָלט אַזש קומען פון פילאַדעלפיע?

— איך בין געקומען, ווייל איך דאַרף פון אייך אַ טובה.

— אויב ס׳איז מעגלעך.

— אַז איר וועט וועלן, איז אַלץ מעגלעך.

— ס׳איז געווענדט וואָס איר ווילט.

— מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט אַ געשפילטער אין „שמידס טעכטער".

— דאָס איז אינטערעסאַנט, ווער האָט דאָס אייך געקענט זאָגן?

— וואָס איז די נפקא־מינה? זענט איר אַ געשפילטער?

— יאָ, אָבער שוין זייער לאַנג...

— דאָס אַרט מיך ניט, אויב איר זענט אַ געשפילטער...

— אַ וועלכע ראָלע פעלט אייך?

— ווי אַזוי ער הייסט דאָרט, ווייס איך ניט, וואָס איך ווייס אָבער יאָ, אַז ער איז ניט דער ערשטער, נאָר דער צווייטער בחור, ווי הייסט ער?...

— ברוך משה.

— אָט ער טאַקע פעלט מיר אויס, האָט מען מיר געזאָגט, אַז איר זענט אַ געשפילטער, בין איך געקומען, קומט מיר עפּעס דערפאַר?

— ניין, אָבער איך ווייס נאָך אַלץ מיט מר...

— בוירגער, לעאָן בוירגער איז מיין נאָמען, און איך קום פון פילאַדעלפיע, פּענסילווייניע.

— ווילט איר אַזוי גוט זיין מר. בוירגער, מיר זאָגן וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך?

— ווי וואָלט אונדזער גרויסער שלום עליכם געזאָגט, די מעשה פון דער היסטאָריע איז אַזאַ געשיכטע, און אַז מ׳וויל איז פשוט גערעדט, מאָריס שוואַרץ איז מיינער אַ פריינד שוין פון יאָרן, וויל ער פאַר מיר שפּילן אַ פאָרשטעלונג, פעלט מיר דער ברוך משה, בין איך צו אייך געקומען, אַז איר זאָלט מיר אַרויסהעלפן...

— אַרויסהעלפן?

— יאָ, אַזוי ווי שוואַרץ שטעלט דעם „שמידס טעכטער", פּעלט אים דער משה.

דאָס האַרץ האָט ביי מיר געגומען קלאַפּן שטאַרקער, ווען איך האָב גע־טראַכט, וואָס פאַר אַ געלעגנהייט ס'מאַכט זיך מיר, צו שפּילן און ניט נאָר מיט מאָריס שוואַרצן אַליין, נאָר טאַקע מיט דעם גאַנצן אַנסאַמבל פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער. פאַר איבעראַשונג האָב איך פאַרגעסן צו לאַכן, ווען ער האָט געזאָגט, דער צווייטער משה, איז ווי טאָר איך דאָס אַדורכלאָזן?

— וואָס איז אייער ענטפער מר. דענק?

— ווען האָט איר געזאָגט, קומט פאַר די פאָרשטעלונג?

— קומענדיקן דינסטאָג.

— אין קונסט־טעאַטער?

— ניין.

— ניין?

— ניין, האָט איר פאַרגעסן, אַז ס'איז שוין נאָכן סעזאָן?

— איז וואו וועט איר שפּילן?

— איך האָב געקראָגן אַ טעאַטער אין בראָנזוויל.

— גאָר אין בראָנזוויל?

— דאָרט זיינען אויך פאַראַן יידן, און מאָריס שוואַרץ קען אין בראָנז־וויל אויך ברענגען אַ גרויסע קאַסע.

— אין דעם בין איך זיכער.

— איך זאָל אַזוי זיכער זיין מיט אייך מר. דענק, איך וואַרט פאַר אַן ענטפער, וואָס זאָגט איר?

— ווען וועט זיין פּראָבע?

— דאָס וועל איך אויסגעפינען, און אייך לאָזן וויסן. — ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל האָט ער נאָך צוגעגעבן. — איר ווייסט דאָך אַז ביי מאָריס שוואַרץ, איז ניט ווי אין די אַנדערע טעאַטערס, ביי אים כאַפּט מען ניט, און מ'גייט שפּילן, אין יידישן קונסט־טעאַטער מוז מען מאַכן פּראָבן, און גוטע פּראָבן.

— דאָס דאַרף איך, ס'איז שוין זייער לאַנג ווי איך האָב די ראָל גע־שפּילט, דאַרף איך אַמווייניקסטנס אַ צוויי אָדער דריי פּראָבן.

— פאַר דעם וועל איך שוין זאָרגן, איז ווי שפּעט איז שוין? איך וועל נאָך אפשר היינט זען שוואַרצן, אויב איך וועל דאָס קענען מאַכן, ווייל איך באַדאַרף נאָך היינט זיין אין פילאַדעלפיע. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף

זיין האַנט־זייגער, און האָט זיך באַלד געכאַפּט: איך האָב אַ פּלאַן, צו מאַכן זיכער, וואו זיין נייער אָפיס איז, ווייסט איר?

— איר מיינט אויף דער צווייטער עוועניו?

— גיי איך איצט אַרויף, און אַזוי ווי איר ווייסט וואו דאָס איז, ניט ווייט פון דער 9טער גאַס, וועל איך אים דאָרט טרעפן, וועל איך אייך באַלד לאָזן וויסן, טרעף איך אים אָבער ניט, וועל איך אַלץ איבערגעבן צו בן־ציון קאַטץ, איר קענט אים יאָ? וועט ער שוין אַלץ פאַרזאָרגן.

— אָבער ווי אַזוי וועל איך וויסן ווען ס'איז פּראָבע?

— אויב איך קום ניט באַלד צוריק, איז ווען אייך וועט אויסקומען דאָרט פאַרבייצוגיין, כאַפּט אייך אַרויף, און קאַטץ וועט אייך שוין אַלץ איבער־געבן.

— אויך דאָס, וועל איך טאָן פאַר אייך.

— אַ דאַנק מר. דענק.

## אַן אומזיסטיקע פאָרשטעלונג

ווען מר. בערגער האָט פאַרמאַכט די טיר, האָב איך חרטה געהאַט אויפן גאַנצן עסק, און ווען איך האָב אַ ווײַלע געטראַכט וועגן דעם, האָב איך זיך אַליין געפרעגט: „ווער האָט אים געשיקט צו מיר? איך האָב גע־פּרואווט זיך דערמאָנען, ווער פון מיינע פריינד אין ניו־יאָרק, ווייסט אַז איך בין אַ געשפּילטער? מיט וועמען האָב איך וועגן דעם גערעדט? און אַז יאָ, איז ווי קומט אַ ייד פון פילאַדעלפיע צו וויסן וועגן דעם? און טראַכטנ־דיק בין איך צוגעגאַנגען צום ביכער־שראַנק און פון דאָרט אַרויסגענומען פּרץ הירשביינס שריפטן, און גענומען בלעטערן ביז איך האָב אויפגעמישט „דעם שמידס טעכטער".

איך האָב ווידער געמישט, ביז איך בין צוגעקומען צו דער ראָל פון ברוך משהן, באַטראַכטנדיק די שורות, האָט זיך מיר געדאַכט, ווען מ'מאַכט נאָך היינט פּראָבע, קען איך מאָרגן אַרויפגיין שפּילן.

אַ מאָדנער געפיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט, ווי איך וואָלט זיך דאָ גע־טראָפן מיט אַן אַלטן גוטן פריינד, אָדער גאָר אַ געליבטע, פון קלוב. איז דאָס ניט מערקווירדיק? איך האָב זיי נאָך ניט פאַרגעסן, ווי נעכטן גע־

שפּילט... ס׳איז טאַקע ווי מ׳זאָגט „גירסא דינקותא״, וואָס מ׳לערנט אין דער יוגנט פֿאַרגעסט זיך ניט.

אין די דראַמאַטישע פֿאַראיינען, וואו איך האָב באַלאַנגט, איז געווען אַ זייער ערנסטער צוגאַנג צו אַ יעדער אונטערנעמונג, און ווער ס׳האָט זיך אין דער פּיעסע באַטייליקט, האָט געמוזט אויסלערנען און קענען, און ווען איך האָב איצט אַריינגעקוקט אין טעקסט, האָב איך געגומען בענקען, נאָך דעם אַמאָל, ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זע אויף יעדן פּינטעלע, דאָס פּנים פֿון די יונגע שיינע מיידלעך, וואָס האָבן זיך באַטייליקט, און אַזוי בלעטערנדיק דאָס בוך, האָט מיך אויך דערמאָנט, אין אַ גאָר ליכטיקע שוואַר־צע אויגן, וועלכע האָבן פֿאַרמאָגט אַ כּישוף אין זיך, און מיר אַלע מאָל געגעבן אַ סך מוט, זיך בעסער צו פֿאַרפֿאַלקאָמען, בכדי איר צו געפֿעלן...

דער אַראָמאַט פֿון איר יוגנט, איז מיר ווי געקראָכן אין דער נאָז, ווי פֿרישע אַקאַציע וואָלט אַרויסגעשמעקט פֿון בוך, ווי ליב און אָנגענעם ס׳איז געווען מיט איר צו שפּילן, וויפֿל טאַלאַנט זי האָט דאַן אַרויסגעוויזן, און וואָס זי האָט געשפּילט, יאָ, זי האָט פֿאַרמאָגט אַ סך.

די אויפֿפֿירונגען, און דאָס שפּילן, איז געווען פּרימיטיוו, אָן שום קינסט־לערישע עפֿעקטן, ווי דער מחבר האָט דאָס אָנגעשריבן, ווייל ווער ווער וועט דאָס וואַגן צו מאַכן אַנדערש? דער דרך־ארץ פֿאַרן שרייבער איז געווען זייער גרויס, און פֿאַרן עולם נאָך גרעסער, איז ווען וועמען וועט אפֿילו איינפֿאַלן אויסצובעסערן אַ וואָרט? אָדער אַ פֿראַזע? פֿון איבערשטעלן אַ גאַנצע סצענע, איז דאָך אָפּגערעדט, ווער אין גאַנצן קלוב, וואָלט דאָס געוואַגט? דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דעם שטיק, איבערהויפּט די שיינע יונגע מיידלעך מיט זייער נאַטירלעכע פּרי־מיטיווקייט, ס׳ווערט מיר איצט קלאָר די אַמאָליקע אויפֿפֿירונגען, ווי אַזוי איך זע דאָס איצט, איז דאָס טאַקע געווען אַ ביסל אויטאָמאַטיש, צעצויגן, מ׳האָט גערעדט שטיל, ווי מ׳וואָלט פֿאַר וועמען מורא געהאַט אַז מ׳וועט זיי אויפֿוועקן, ס׳איז געווען אַ לעבעדיקע מאַריאָנעטן שפּיל, אַדורכגעפֿירט פֿון מענטשן, וואָס זיינען געווען ווי קוקלעס.

און אַזוי קוקנדיק אין דעם בוך, האָב איך מיך פֿאַרגעשטעלט, ווי אַזוי די פּיעסע „דעם שמידס טעכטער״, ווערט אויפֿגעפֿירט אין דעם יידישן קונסט־טעאַטער, פֿון מאָריס שוואַרץ, און ווי אַזוי דאָס ווערט געשפּילט פֿון דעם קינסטלערישן אַנסאַמבל, געוויס קומט ביי זיי אַרויס אַ שטיק לעבן, די נאַטיר־לעכקייט אַליין, ס׳קען דאָך אַנדערש ניט זיין, ווי אין די אַנדערע פּיעסן וואָס

איך האָב דאָרט געזען, אַזוי ווי „די גאָלדענע קייט", „אַנאַטאָמאַ", „דער דבוק", „שבתי צבי", „וועלף", „פּעטער דער גרויסער" און אַנדערע פּיעסן פון וועלט־באַרימטע שרייבער.

ס'איז טאַקע ניט מער ווי פּאַר איין פאַרשטעלונג, איז דאָך אַ פראַגע, וועל איך מיך דאָרט אַריינפּאַסן? פאַרוואָס האָב איך אים צוגעזאָגט? איז דען אין דער יוניאָן ניטאָ איינער וואָס איז אַ געשפּילטער ברוך משה? פאַר־וואָס אַריינלייגן אומזיסטע אַרבעט? די יוניאָן קען מיך אַמאָל ניט לאָזן שפּילן, אָבער אַז איך האָב אים צוגעזאָגט, איז פאַרפאַלן, איך מוז דאָס אַדורכ־גיין, און ווידער ווער ווייסט, אויב ס'וועט זיך ווען מאַכן נאָך אַזאַ געלעגנ־הייט, וואָס ס'זאָל ניט זיין, דאַרף איך זיין צוגעגרייט, איך וועל פּרובירן צו קענען מיין ראָל, בעסער פון אַלעמען.

***

איך האָב שוין געקענט זייער גוט מיין ראָל, כמעט געוועזן פאַרטיק צו גיין איר שפּילן, אָבער דער מר. בוירגער פון פילאַדעלפיע, לאָזט ניט וויסן ווען מ'דאַרף מאַכן פּראָבע, ווי אין וואַסער אַריין, וואָס מיינט דאָס?

איך הויב אָן ווערן אַ ביסל נערוועז, טראַכט איצט פון פאַרשיידענע זאַכן, און גענומען האָבן טענות צו זיך אַליין: „צו וואָס האָב איך דאָס באַדאַרפט? אפשר האָט דער מר. בוירגער, גערעדט צו מאָריס שוואַרץ, און ער וויל מיט מיר ניט שפּילן? אָדער אפשר איז גאָרניט געוואָרן פון דעם גאַנצן געשעפט? ער האָט דאָך אים צוגעזאָגט, ווי אַזוי קען ווערן אויס פאַרשטעלונג? ווי אַזוי דאָס אויסצוגעפינען, איז דאָ נאָר איין וועג, איך זאָל אַליין אַרויפגיין אין אָפיס.

צוליב די בענעפיטן וואָס מ'האָט באַדאַרפט פאַרקויפן פאַרן קומענ־דיקן סעזאָן, האָט מאָריס שוואַרץ אויפגעמאַכט איין אָפיס אויף דער 2טער עוועניו, ניט ווייט פון דער 9טער גאַס, בין איך אַוועק אין אָפיס.

דאָרט האָב איך געטראָפן דעם בינע־פאַרוואַלטער, בן־ציון קאַטץ, וועלכער האָט מיך אַויפגענומען מיט אַ לייכטן שמייכל, און זייער פריינדלעך געפרעגט:

— איר קענט די ראָלע?

— איך גלויב אַזוי, דערפאַר בין איך אַרויפגעקומען.

— איר ווילט געוויס וויסן ווען ס'איז פּראָבע?

— ביז היינט האָב איך געוואַרט, אַז דער מר. בוירגער, זאָל מיר לאָזן וויסן.

— און מיר האָט ער געזאָגט, אַז איר וועט דאָ זיין, וואַרט איך אויף אייך.

— ער האָט דאָך מיר באַדאַרפט לאָזן וויסן, ווען ס׳וועט זיין פּראָבע.

— וועגן פּראָבע, איז אַ פּראַגע...

— וואָס מיינט איר?

— גאַנץ פּשוט, מר. שוואַרץ איז פאַרנומען, די אַקטיאָרן זיינען אַלע געשפּילטע, ווייסט איר דאָך געוויס, ווען ס׳קומט צו אַ טובה, ווערן אַלע פאַרנומען, קוקט ניט אויף דעם וואָס ס׳איז זומער, איינער קען ניט קומען, אַ צווייטער וויל ניט קומען, אַ דריטער האָט פּונקט איצט געמוזט אַוועקפאָרן, און איינעם האָט זיך גאָר פאַרגלוסט צו זען זיין שוויגער, אַזוי האָט ער געזאָגט, ס׳איז זומער, אַלץ קען פּאַסירן, און אַזוי ווי די אַלע תירוצים זיינען שוין גוט באַקאַנט, זוכט מען געשפּילטע אַקטיאָרן, און אויב איר קענט אייער ראָלע, איז וואָס זאָרגט איר אייך?

— איך בין זיכער, אַז מר. שוואַרץ שפּילט די פּיעסע אַנדערש.

— ניט פיל אַנדערש, אפשר מיט דער אויסנאַמע פון אַ פּאָר סצענעס, און דאָס האָט ער טאַקע מיט אייך.

— דאַרף איך דאָך זיי וויסן.

— וועט איר זיי וויסן, איך בין זיכער, אַז מר. שוואַרץ וועט גאָרניט באַהאַלטן פון אייך, איין סצענע האָט איר מיט אים ביים טיש, דאָס איז אין צווייטן אַקט, און אַ סצענע אין דער קוזניע.

— איז ווען וועל איך זיי וויסן?

— איידער נאָך איר וועט דאַרפן אַרויפגיין אויף דער בינע, מר. שוואַרץ, זינגט אין דער פּיעסע.

— ביי אייך איז מוזיקאַליש?

— אַ ביסל, ווי ס׳פּאַסט פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער.

— וועט זיך אויך פּאַסן פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער, אַז איך זאָל אַרויפגיין שפּילן אָן פּראָבע?

— זיכער ניט, דערפאַר זענט איר דאָ, און איך וועל מיט אייך איבערגיין די ראָלע.

ער האָט אַרויסגענומען דעם געשפּילטן טעקסט, אויפגעמישט מיין ערשטן

אויפטריט און מיר גענומען סופלירן, ער האָט אָבער באַלד פאַרמאַכט דאָס ביכל, און שמייכלענדיק צוגעגעבן:

— איר קענט דאָך...

— איך וויל אויך קענען די שטעלונגען.

— דאָס וועט אייך שוין מר. שוואַרץ ווייזן.

— ווען?

—ניט פריער, ווי פאַרן שפּילן.

— אַזוי פּירט מען זיך אין קונסט־טעאַטער?

— ניט אַלע מאָל, דאָס מאָל קען מען זיך ניט העלפן, מאָריס שוואַרץ איז פאַרנומען, און דערפאַר האָט ער ניט קיין צייט פאַר פּראָבע, זוכט מען אַלע געשפּילטע, און איר האָט דאָך מר. בויערגערן צוגעזאָגט...

— יאָ, אָבער אונטער אַזעלכע אומשטענדן.

— שפּילט שוין אָפּ, איך וואָלט געוואָלט ס׳זאָל שוין זיין פאַריבער, וועלן מיר זיך זען אין טעאַטער.

***

פון אָפּיס בין איך אַרויס ניט אַזוי צופרידן,נאָר ווי האָט קאַטץ געזאָגט: „איך האָב דאָך צוגעזאָגט, דאַרף מען די פאָרשטעלונג אָפּשפּילן, ווי אַזוי ס׳זאָל שוין ניט זיין, זיינען טאַקע די לעצטע פּאָר טעג פאַר דער פאָרשטע־לונג, געווען די לענגסטע, און אפשר אויך די שווערסטע, ווייל איך האָב אין דער ראָלע אַזוי אַריינגעאַרבעט, אַז ס׳האָט מיר גענומען שווינדלען פאַר די אויגן. די גאַנצע צייט איך זינען געהאַט, אַז דאָס איז ניט גלאַט אַ פאָר־שטעלונג, וואָס מ׳קען אָפּכאַפּן, ס׳איז מאָריס שוואַרץ, ס׳איז דער יידישער קונסט־טעאַטער און ווען קען איך האָבן נאָך אַזאַ געלעגנהייט? אַזאַ זאַך מאַכט זיך ניט אַ יעדן טאָג.

ענדלעך איז געקומען דער באַרימטער דינסטאָג, איך לייג צוזאַמען גע־וויסע קלייניקייטן וואָס איך דאַרף מיטנעמען, און ווען איך ווער פאַרטיק, כאַפּ איך מיך, אַז איך ווייס גאָרניט וואו דאָס טעאַטער געפינט זיך, דאָס איינציקע וואָס איך האָב זי דערמאָנט, אַז ס׳איז אין בראָנזוויל.

בין איך אַראָפּגעלאָפן און אויפן ראָג געקראָגן אַ צייטונג, און ווען איך האָב אויפגעמאַכט די רעקלאַמע־זייט, בין איך מאָמענטאַל געבליבן אַ ביסל פאַרצווייפלט, האָב איך גענומען דרייען די צייטונג אויף אַלע זייטן, ס׳איז

אָבער געווען אומזיסט, ווייל דאָרט איז געווען אַנאַנסירט, אַז היינט ווערט געשפּילט אַ ספּעציעלע פאַרשטעלונג „שבתי צבי".

„וואָס טוט זיך דאָ? וואו, און ביי וועמען, קען איך דאָס איצט אויסגעפינען? אויב מ'האָט געביטן די פּיעסע, פאַרוואָס האָט מען מיר ניט געלאָזט וויסן? וואָס טוט מען אין אַזאַ פאַל? יאָ פאָרן, אָדער בלייבן אין דער היים? וואָס וועט זיין, אויב מ'שפּילט „דעם שמידס טעכטער"? פאַרוואָס איז אַנאָנסירט „שבתי צבי"?

פאַר אַ ווײַלע האָב איך מיך פאַרטראַכט ווי אַזוי דאָ צו האַנדלען, און זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ביז איך האָב באַשלאָסן, וואָס ס'זאָל שוין ניט זיין, מוז איך אַרויספאָרן.

זיצנדיק אין דער „סאָבוויי", האָב איך געטראַכט פון פאַרשיידענע זאַכן, ביז איך האָב מיר אַליין געענטפערט אפשר שפּילט מען פאָרט „דעם שמידס טעכטער"? וואו וועט מען מיך זוכן? און ווידער, איך האָב דאָך צוגעזאָגט, דאַרף איך דאָרט זיין, אפילו ווען איך זאָל ניט שפּילן, אינטערעסאַנט צו זען, וואָס דאָרט וועט פאָרקומען.

ביי אַטלאַנטיק עוועניו האָב איך געמוזט בייטן פאַר אַ צווייטן באַן, וועלכע האָט מיך צוגעפירט וואו איך האָב באַדאַרפט אַראָפּגיין, ס'איז געווען אַ שפּאַן פון דעם טעאַטער.

וויפל איך האָב געטראַכט וועלכע פּיעסע מ'וועט שפּילן, האָב איך דאָך ניט געקענט פאַרגעסן, ווי אַזוי וועל איך קענען שפּילן אָן פּראָבע, אויב מ'וועט שפּילן „דעם שמידס טעכטער"? איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ זאַך קען פּאַסירן אין יידישן קונסט־טעאַטער, אפילו נאָכן סעזאָן.

ביים טעאַטער האָב איך געטראָפן אַ גרויסן עולם, און נאָך אַ גרעסערן טומל, געוויס דערפאַר, ווייל זיי האָבן אַזאַ גרויסן גאַסט אין זייער גובערניע בראָנזוויל, איז די באַגייסטערונג ביי זיי גרויס, דער יידישער קונסט־טעאַטער איז געקומען צו זיי, אַזעלכע חשובע געסט.

ביי וועמען פרעגן האָב איך ניט געהאַט,אין טעאַטער אַריינגיין האָב איך ניט געוואַגט, ווייל אויב מ'שפּילט „שבתי צבי" בין איך דאָך געקומען אומזיסט, נאָר אַזוי ווי איך בין שוין דאָ, וועל איך מיך אַוועקשטעלן אין אַ זייט, און וואַרטן צו זען מיט וואָס דאָ וועט זי ענדיקן, דאַכט זיך אַזוי פיל מענטשן, און איך קען ניט אויסגעפינען וואו איך בין דאָ אין דער וועלט, וואו איז דער פילאַדעלפיער ייד?

ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און אַרום טעאַטער האָבן זיך גענומען אַרומדרייען אַזוי פיל אַקטיאָרן, אז איך וואָלט געקענט שווערן אַז די גאַנצע אַקטיאָרן־יוניאָן איז דאָרט געווען. „וואָס טוט זיך דאָ? ניט אַנדערש, אַז מ׳שפּילט טאַקע די פּיעסע וואָס איז אַנאָנסירט אין דער צייטונג, ווייל איך ווייס, אַז אין „דעם שמידס טעכטער" שפּילן בלויז זיבן אַקטיאָרן, און אויב ס׳איז דאָ אַזויפיל, שפּילט מען טאַקע „שבתי צבי".

„וואָס בין איך געלאָפן, צו וואָס זיך אָ גאַנצע וואָך געדרייט דעם מוח? איך וואָלט נאָר געוואָלט ווּסן, ווער ס׳האָט צו מיר געשיקט דעם פּילאַדעלפיער ייד, ס׳זעט דאָך גאָרניט אויס ווי אַן אומזיסטיקע פאָרשטעלונג. אַזוי פיל אַקטיאָרן וועלן שפּילן אומזיסט? זיי זיינען דאָך דאָ אַזוי פיל, ווי זיי וואָלטן פאַר דער איינער פאָרשטעלונג געקראָגן באַצאָלט פאַר אַ גאַנצער וואָך, איז דאָך טאַקע אַ פראַגע, אויב מ׳באַצאָלט איז וואו קום איך, צו דעם זיינען נאָר באַרעכטיקט די יוניאָן־אַקטיאָרן.

איצט האָב איך שוין געטראַכט, זאָל איך פּרובירן אַריינגיין אין טעאַטער, אָדער צוריקפאָרן אַהיים? טראַכטנדיק ווי אַזוי איך זאָל איצט האַנדלען, איז פאַר מיר געבליבן שטיין ווי אַ שאָטן, און מיט אַ הייזעריקער שטימע מיך געפרעגט:

— וואָס שטייסטו דאָ?

— אָ, איך האָב אים דערקענט. „העלאָ", ס׳איז מיר אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס קומט דאָ פאָר?

— ווייסט ניט? — האָט ער איבערגעפרעגט מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט מיר ניט געגלויבט, און מיך אָנגעקוקט פאַרדעכטיק.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן.

ער האָט מיך באַטראַכט מיט אַ קאַלטן שטאָלענעם בליק, לאַנגזאַם אַרויסגענומען זיין טאַבאַק־פּושקע, אויפגעמאַכט און אַרויסגעצויגן פון דאָרט, אַ ווייס פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, דאָס געמאַכט גלייך, און אַריינגעלייגט צוויי פינגער טאַבאַק, און גענומען וויקלען אַ פּאַפּיראָס, נאָך אַלץ אָנהאַלטנדיק דעם פאָרשנדיקן בליק אויף מיר, דערנאָך האָט ער מיט דער צונג נאַס געמאַכט דאָס פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, און פאַרקלעפּט. און נאָך אַ קליינער פּויזע האָט ער געזאָגט:

— דו, ווייסט ניט?

— איך ווייס, אַז מ׳דאַרף היינט שפּילן.

— דאָס ווייסטו יאָ?

— דערפאַר בין איך דאָך געקומען.

— איצט פאַרשטיי איך. ער האָט פאַררויכערט דעם געמאַכטן פּאַפּי־ראָס. — און פאַר וועמען די פאָרשטעלונג איז, ווייסטו?

— איז דאָס וויכטיק?

— זייער, פאַר אונדז איז דאָס וויכטיק. — ער האָט אַרויסגעבלאָזן דעם רויך און נאָך מער הייזעריק צוגעגעבן. — פאַרוואָס ס׳איז אַזוי וויכטיק פאַר אונדז, איז צוליב די טובות וואָס ער מאַכט אויף אונדזער חשבון, דערפון וויל איך אַז דו זאָלסט וויסן, בעמען זיך אַ סך צרות, קומט אַ ייד פון פי־לאַדעלפיע. און ווייל ער איז זיינער אַ פריינד, מוז ער פאַר אים שפּילן אַן אומזיסטיקע פאָרשטעלונג?

— דענקט איר, אַז דאָס איז אַן עוולה?

— אַ גרויסע עוולה, און איך וויל, אַז דו זאָלסט דאָס פאַרשטיין. — ער האָט ווידער אַ שטאַרקן צי געטאָן דעם פּאַפּיראָס און ווען ער האָט גע־רעדט איז פון זיין מויל געגאַנגען אַ רויך. גלאַט שפּילן אַ פאָרשטעלונג, וואָלט גאָרניט געמיינט, מיט שוואַרצן און מיט דער גאַנצער קונסט־טרופּע.

— איך וואָלט דאָס ניט געזאָגט...

— נאָר וואָס דען? אַז מ׳מאַכט, דאַרף דאָס שוין זיין גרויס, און ניט גלאַט געשפּילט אַ פאָרשטעלונג.

— ס׳איז דאָך אָבער פאַראַן אַ גרויסער עולם.

— יאָ, דער עולם איז גרויס.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אָנגענומען דעם געשטאַלט פון „אוריאל מזיק״, זיך אַ ביסל אויסגעצויגן און אַ קורצע שמייכל געטאָן, פון וועלכן די ליפּן האָבן זיך אַ ביסל פאַרקרימט, פאַרציענדיק דעם פאַרוויקלטן פּאַפּיראָס, וועלכן ער האָט די גאַנצע צייט פון מויל ניט אַרויסגענומען, און דורך דער נאָז אַרויסגעלאָזט דעם רויך, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, טרייס־לענדיק מיט די פינגער אין דער לופטן, וועלנדיק זיך באַפרייען פון אַ שטיקל נאָס־טאַבאַק, האָט ער ווי אונטער דער נאָז געזאָגט:

— צו גלאַט אַ פאָרשטעלונג, וואָלט דער עולם ניט געקומען, וועסטו דאָך אַוודאי זאָגן, זיינען זיי דאָך יאָ געקומען, וועסטו באַלד זען, וואָס דאָ וועט זיין, איך וויל אַז דו זאָלסט וויסן, אַז די בראָנזווילער יידן קען מען ניט אָפּנאַרן.

— אָפּנאַרן?

— יאָ, אָפּנאַרן, וואָס וואונדערסטו זיך אַזוי? מיט אַבי וואָס, קען מען

זיי ניט איבערראַשן, דאַרף מען זיי דאָך געבן אַ ספּעקטאַקל, און אויב מ׳וועט ניט שפּילן די פּיעסע וואָס איז אַנאָנסירט, כ׳מיין די פּיעסע „שבתי צבי״, הייסט דאָס אָפּגענאַרט.

— איצט פאַרשטיי איך...

— פאַרשטייסט נאָך גאָרניט, קיין שענערע פאָרשטעלונג ווי „שבתי צבי״, מיט דעם מאָריס שוואַרץ פאַרנעם, קען דאָך ניט זיין, און דער עולם ווייסט דאָס, וועלן זיי פאַרלאַנגען וואָס ס׳שטייט אין די צייטונגען.

— דערפאַר איז דער עולם אַזוי גרויס?

— דערפאַר, און אויך פאַר דעם, ווייל זיי גלויבן, אַז מ׳וועט שפּילן די פּיעסע „שבתי צבי״.

— איר מיינט אַז מ׳וועט ניט...

— זיכער ניט, מ׳האָט די פּיעסע געביטן.

— אויף וואָס?

— מ׳שפּילט „דעם שמידס טעכטער״. די קוזניע איז שוין אפילו אויפגעשטעלט.

— אויב אַזוי מוז איך שוין גיין.

— וואָס האָסטו קיין צייט ניט? שפּילסט דאָך געוויס דעם צווייטן בחור.

— יאָ, ברוך משהן.

— אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען, קומסטו דאָך ערשט צום שלוס פון ערשטן אַקט, און פאַר ניין וועט מען ניט אָנהייבן, ווי לאַנג דאַרף דיר נעמען זיך אויסצושמירן?

— איר מיינט זיך גרימירן.

— דאָס מיינסטו, ביי אים שמירט מען זיך אויס.

זאָל זיין אַזוי, האָב איך געטראַכט, איך בין שוין געווען זיכער אַז איך שפּיל, האָב איך נאָך געוואָלט אַרויסקריגן וואָס ס׳קוועטשט אים, האָב איך געזאָגט:

— ווען מ׳בייט אַ פּיעסע, מוז דאָך זיין אַן אורזאַך.

— פאַרן עולם איז ניטאָ קיין תירוץ, דאָס וואָס מ׳וועט זאָגן, אַז מ׳האָט פון „סטאַראָזש״ ניט געקענט אַרויסנעמען די דעקאָראַציעס, איז ניט קיין פאַרענטפערונג פאַרן עולם, ווי אַזוי האָט מען אַרויסגענומען די דעקאָראַציעס פאַר דער פּיעסע וואָס מ׳שפּילט?

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?

ער האָט זיך ווידער גענומען צו זיין טאַבאַק־פושקע, ווידערהאָלט דאָס זעלבע, און פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס, איך האָב שוין גענומען פּילן, ווי איך שטיי דאָ ווי אויף הייסע קוילן, איך וויל שוין גיין, און ער האָט זיך מיר אַוועקגעשטעלט, און פאַרשטעלט מיר דעם וועג, ווען ער האָט פאַררויכערט, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— איך קום פון טעאַטער, בין אויך געווען הינטער דער בינע, אַלץ איז שוין דאָרט פאַרטיק, אָבער דו האָסט נאָך צייט, מ׳וועט אַזוי גיך ניט אָנהויבן, מעגסט אויך וויסן, פאַרוואָס מ׳האָט געביטן די פּיעסע, שוואַרץ איז איצט פאַרנומען מיט מאַכן אַ יידישע פילם פון ז. ליבינס פּיעסע „די גע־בראָכענע הערצער״, דערפאַר האָט ער שוין פאַר עפּעס אַנדערש קיין צייט ניט, האָט ער דאָך דעם בוירגערן צוגעזאָגט, וועסטו שוין זען וואָס דאָרט וועט היינט זיין, מ׳האָט דאָ פאַרקאָכט די אמתע קאַשע, און דו מעגסט עס וויסן, אַז די בראָנזווילער יידן, קאָן מען ניט, און זיי לאָזן זיך ניט אָפּנאַרן, זיי קען איך זייער גוט, ווייל איך האָב לאַנג געשפּילט דאָ אין בראָנזוויל, נאָך ווען ס׳איז געווען דער סינגער־האָלל.

— איך קען נאָך אַלץ ניט פאַרשטיין, וואָס ס׳מיינט ביי אייך אָפּנאַרן, אַז מאָריס שוואַרץ שפּילט, די טרופּע איז דאָ, וועט געוויס איינער אַרויסגיין פאַרן פאָרהאַנג און דערקלערן דעם עולם, וואָס די סיבה איז געווען, פאַרוואָס מ׳האָט געמוזט בייטן די פּיעסע, דאָס מיינט ניט אַז מען נאַרט וועמען אָפּ.

— יאָ, וועסטו שוין זען וואָס דאָרט וועט זיין.

— וואָס קען זיין, ווער ס׳וועט וועלן, וועט צוריקנעמען דאָס געלט.

— דאָס איז ווייניק.

— אפשר האָט מען זיך ניט געקענט העלפן.

— דער תירוץ איז גוט פאַר מיר.

— און איך מיין, אַז פאַר אַלעמען.

— נאָר ניט פאַרן עולם, מ׳האָט זיי באַדאַרפט לאָזן וויסן דורך די צייי־טונגען, אַז מ׳בייט די פּיעסע.

ווערנדיק אַ ביסל אויפגערעגט, האָט ער גיך אַרויסגעכאַפּט דעם פּאַ־פּיראָס פון מויל, אַרויסגעבלאָזן אַ ביסל רויך, האָב איך באַמערקט איןביידע זייטן פון מויל, צוויי ווייסע פינטעלעך פון פּיענע, וועלכע האָבן גענומען אַרויססטאַרטשען, האָט ער אַרויסגעזאָגט, ווי איינער וואָלט באַשלאָסן, וואָס ס׳וועט שוין ניט זיין, מוז איך דאָס אַרויסזאָגן:

— אַ דירעקטאָר, מוז זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַזעלכע זאַכן, אי־

בערהויפּט נאָך אַזאַ דירעקטאָר פון אַ קונסט־טעאַטער, און דענק ניט אַז ס׳איז שוין פאַרפאַלן, דער עולם געדענקט זייער גוט אַזעלכע זאַכן, איצט איז שוין ניט וויכטיק ווער, אָדער וואָס מ׳וועט שפּילן, ס׳וועט שוין זיין די אמתע פאָרשטעלונג.

איך האָב געפילט באַליידיקט, אָבער איך האָב גאָרניט געזאָגט, אָבער וואָס איך האָב געטראַכט, וואָלט איך אים אפילו ניט געזאָגט, ווען איך בין שוין אַ הונדערט פּראָצענטיקער יוניאָן־מיטגליד... ס׳האָט ביי מיר גענומען פלאַמען דאָס פּנים, האָב איך שוין געוואוסט, אַז איך בין געוואָרן רויט, ווייל איך האָב אין דעם מאָמענט געטראַכט, ווייל ער האָט אַ יוניאָן־קאַרטל, איז ער צו אַלץ באַרעכטיקט, מעג ער אַפילו זיין הייזעריק, דערפאַר וויל ער אַז מ׳זאָל נאָר שפּילן די פּיעסע, אין וועלכער ער איז אַ געשפּילטער, מעג דאָס אַפילו זיין אומזיסט, און אַז ער וועט היינט ניט שפּילן, וועט שוין די פאָרשטעלונג ניט טויגן, אַזוי רעדן קען טאַקע נאָר דער, וועלכער האָט פאַרענדיקט זיין טעאַטער־שטודיום אין „סינגער־האָלל״ אין בראָנזוויל. אַ געוועזענער לאָקל פּינפּניק.

***

ס׳איז שוין געווען צייט פאַר מיר אַריינצוגיין אין טעאַטער, בין איך פון דעם באַרימטן „זינגער־האָלל״ קינסטלער, אַוועק אַ ביסל אויפגערעגט, ס׳האָט מיך אפילו פאַרדראָסן, וואָס איך האָב געטראַכט וועגן אים, שוין אָפּגערעדט ווי אַזוי זיין באַנעמונג איז געווען צו מיר, ווי איך וואָלט פּערזענלעך ביי אים עפּעס צוגענומען, און וואָס פאַר אַ רעכט, ער האָט זיך גענומען, צו מיר אַזוי צו רעדן, נאָר דערפאַר ווייל איך באַלאַנג נאָך ניט אין דער יוניאָן, וויבאַלד אַזוי, בין איך אפילו ניט באַרעכטיקט צו שפּילן אַ פאָרשטעלונג אומזיסט, און וויפל אַזעלכע יוניאָן־קאַרטלעך דרייען זיך דאָ היינט אַרום? און ביז איך בין צוגעקומען צו דער טיר פון טעאַטער, האָט שוין אַרויסגערעדט פון מיר דער אַקטיאָר: „מ׳קען שפּילן טעאַטער, אָן אַ יוניאָן קאַרטל, אָבער ניט אָן טאַלאַנט״. איך האָב פּרובירט זיך אַ ביסל צו באַרואיקן, איידער איך בין אַריינגעגאַנגען אין טעאַטער, פאַר אַ ווײַלע איז דאָס מיר געווען שווער, בלויז דערפאַר ווייל ער האָט זיך גענומען אַזוי פיל רעכט, אפשר האָט ער געמיינט אַז איך וועל מיך דערשרעקן פאַר אים, און איבערלאָזן די פאָרשטעלונג, וועט מען אפשר מוזן

אָנקומען צו אים, דאָס האָט מיך שוין געגומען פאַרדריסן, פאַרוואָס איך האָב אים גאָרניט געזאָגט, גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב דאָס אַרונטערגע־שלונגען ווי גאַל, און אַלץ פאַר אַן אומזיסטיקער פאַרשטעלונג, וואָס איך גיי שפּילן, ווען איך האָב אפילו קיין איין פּראָבע ניט געהאַט, איין גאָט זאָל מיר העלפן, מיט דעם געדאַנק, בין איך אַריינגעקומען אין טעאַטער.

אין טעאַטער איז שווער געווען אַדורכצוגיין, אַזוי פיל מענטשן זיינען געווען, בין איך קוים אַדורכגעקראָכן, כמעט זיך געדראַפּעט אויף דער וואַנט, ענדלעך בין איך ביי דער טיר, וואָס פירט היגטער דער בינע.

געטראָפן דאָרט בן־ציון קאַטץ, האָט ער מיך געוויזן וואו איך דאַרף מיך אָנטאָן, צוקומענדיק צום גאַרדעראָב־צימער, בין איך שטיין געבליבן ביי דער אָפענער טיר, און צוערשט באַטראַכט מיט וועמען איך דאַרף שפּילן זיינען זיי געזעסן אין דער ריי פאַרטיפט אין גרימירן זיך, איזידאָר קעשיר, משה שטראַסבערג, און עט אין ווינקל, מאַרק שווייד, אין אַ לײדיק בענקל צווישן די לעצטע צווײ, האָט געוואַרט פאַר מיר. כ'האָב אַלעמען באַגריסט, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט, האָב איך אַ פאַרדריסלעכן שמייכל געטאָן, און דאָס צוגעשריבן צו דער קונסט, ס'איז ביי זיי צו הייליק, ווען זיי ניט מפסיק זיין.

אין דער אמתן האָב איך געפילט אַ ביסל פאַרשעמט, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט און זיך גענומען גרימירן. טראַכטנדיק די גאַנצע צייט, ווי אַזוי וועל איך דאָ שפּילן, אַז איך האָב קיין פּראָבע ניט געמאַכט? זיי איז גוט, זיינען געשפּילטע, און פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים, אָבער וואָס וועט זיין מיט מיר? און אַזוי גיך ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט די פאַרבן, האָב איך זיך אויפגעהויבן, אַוועקגערוקט דאָס בענקל, און געוואָלט זיך אָנטאָן, האָט זיך מאָריס שוואַרץ באַוויזן אין דער אָפענער טיר, און אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף מיר, האָט ער הויך געפרעגט:

— און ווער איז דער?

איך בין געבליבן שטיין מיט די קליידער אין דער האַנט, און געפילט ווי אַ מאָדנע וואַרעמקייט, איז אַדורך מיין גאַנץ לייב, געוויס זיך שטאַרק באַליידיקט פון אַזאַ אָפענער פראַגע, ס'איז ניט געווען איידל געהאַנדלט, אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען, איבערהויפּט פון מאָריס שוואַרץ, דער קינסט־לער, און דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער. אויף וואָס מ'ריכט זיך ניט, קומט עס ווי ס'וואָלט עפּעס געפאַלן אין קאָפּ אַריין, האָט טאַקע גענומען אַ ביסל צייט, ביז איך בין געקומען צו זיך, און פאַר כעס, האָב

איך אַזאַ שליידער געטאָן די קליידער, אַז אַלע האָבן זיך אומגעקוקט, איך האָב אַ כאַפּ געטאָן אַ האַנטעך, און געוואָלט אָפּווישן דעם גרים, איז בוירגער, צוגעלאָפן צו שוואַרצן אַ פאַרצאַפּלטער, און צו אים געזאָגט:

— משה, האָסט פאַרגעסן וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אָט דאָס איז דאָך מר. דענק, ער איז אַ געשפּילטער.

— אָט דאָס איז ער?

— געדענקסט שוין ניט?

— אַזוי גאָר, וואָס האָט איר איך געמאַכט אַזוי שיין? וואָס מיינט איר איז דאָ, אַן אָפּרעטן־טעאַטער?

— מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז איר זינגט.

— אַזוי האָט מען געזאָגט? — און זיך גענומען אַרומקוקן, קיינער האָט ניט געוואָגט אפילו אַ שמייכל צו טאָן, האָט ער שוין פאַרזיכטיקער באַמערקט: — זייט ניט אַזוי שיין.

— איך בין אַזוי געבוירן.

— איך אָבער, שפּיל אויך אין דער פּיעסע, דאַרפט איר דאָס מאַכן ווי אין קונסט־טעאַטער.

— איר מיינט...

— פאַרשמירט אייך אַ ביסל.

— איר מיינט אַז דאָס וועט שוין העלפן? — איך האָב מיך אַוועקגעזעצט. פאַרשמירן, קען זיך איעדער, אָבער ווי אַזוי איך וועל היינט שפּילן אָן אַ פּראָבע, דאָס זעט איר וועט זיין אַ קונץ אָן אַ קונסט.

אַלע אין גאַרדעראָב האָבן זיך איבערגעקוקט, מאָריס שוואַרץ האָט ברייט אויפגעמאַכט זיינע גרויסע אויגן, אַריינגעלייגט זיין צונג אין דער לינקער זייט, און ס׳האָט זיך באַלד באַוויזן אַ בערגעלע אויף דער באַק, אין דער צייט האָב איך מיך אויסגעשמירט, האָט ער שוין פריינדלעכער צו מיר געזאָגט:

— ווערט פאַרטיק, וועלן מיר איבערגיין די ערשטע סצענע.

— בין איך שוין פאַרטיק, און וואָס וועט זיין מיט די איבעריקע?

— מיט זיי, האָט איר, כמעט גאָרניט, דערנאָך וועלן מיר איבערגיין דעם צווייטן אַקט.

— פאַרן ערשטן, בין איך שוין פאַרטיק.

— יאָ, דאַרפט איר זיין, אין יענעם ווינקל. — ער האָט מיר אָנגעוויזן, וואו איך דאַרף שטיין, דערנאָך האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ בוך: און ביי

דער סצענע, ווען איר אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט, ביז ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און זיך געלאָזט גיין הינטער דער בינע, האָט ער געזאָגט: איר קאָנט דאָך.

פאַרטיק געוואָרן, האָב איך זיך גיך אָנגעטאָן, און באַלד געווען הינ־טער דער בינע, איידער מ׳האָט אָנגעהויבן שפּילן, נאָך דעם ווי איך האָב מיך אַרומגעקוקט, האָב איך צוגעגעבן, אַז דער גערויכערטער אַקטיאָר האָט רעכט געהאַט, מ׳וועט פאַר ניין דעם זייגער ניט אָנהייבן, האָב איך גענומען באַטראַכטן אַלץ וואָס ס׳איז געווען אויף דער בינע, צו דער זעלבער צייט, האָב איך מיטן אויג אויסגעמאָסטן וואו צו שטיין, און ווען איבערצוגיין, אין דער צייט, איז ווער אַרויסגעגאַנגען פאַרן פאָרהאַנג און געמאַכט אַ דער־קלערונג פאַרן עולם וועגן דער פּיעסע וואָס מ׳האָט געביטן. זייענדיק פאַרטיפט, אין וואָס איך באַדאַרף געדענקען ביים שפּילן, און דער הערט אַז מ׳רעדט, האָב איך געמיינט אַז מ׳האָט מיך פאַרזען, און אַרויפגעצויגן דעם פאָרהאַנג, אין טעאַטער איז געוואָרן אַזאַ טומל, אַז איך האָב זיך דערשראָקן און גענומען לויפן, ס׳איז אָבער באַלד שטיל געוואָרן, און איך בין גע־בליבן שטיין לעבן דער קוזנע, און ניט ווויסנדיק האָב איך די קוזנע אַרומ־גענומען, און איר גענומען גלעטן, ווי איך וואָלט מיך דאָ געטראָפן מיט אַ געליבטער, דערביי געטראַכט, היינט איז מיין דעביו מיטן יידישן קונסט־טעאַטער.

אפילו אין דעם ווירוואַר פון דער צו טומלדיקער פאָרשטעלונג האָט דאָך געהערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג הינטער דער בינע, דערפילט האָב איך דעם יום־טוב, ווען מ׳האָט זיך גענומען גרייטן צום ערשטן אַקט.

ווען איך האָב מיך געלאָזט אַרונטערגיין פון דער בינע, האָב איך פון וויטן עפּעס באַמערקט, וואָס האָט מיך ווייטער ניט געלאָזט גיין, ביז איך וועל זיין איבערצייגט, ווייל ביז דעם אָוונט, האָב איך דאָס אין קיין טעאַ־טער פריער ניט געזען, פאַר מיר איז דאָס געווען אַ נייס.

אויף אַ גרויסן „סטענד״ איז געלעגן אַן אָפענער טעקסט פון דער פּיעסע וואָס מיר האָבן געשפּילט, און אַלע מיט דער אויסנאַם פון מאָריס שוואַרץ, זיינען צוגעלאָפן צום טעקסט און אַריינגעקוקט, ווען איך האָב אַ ביסל שפּע־טער זיך באַגעגנט מיט בן־ציון קאַטץ, האָב איך אים געפרעגט זייער שטיל:

— אַזוי כאַפּן זיי אַלע מאָל זערנעס אין קונסט־טעאַטער?

ער האָט פריינדלעך געשמייכלט, און וועלנדיק מיר עפּעס זאָגן, האָבן

זיך באַוויזן הינטער דער בינע די צוויי מיידלעך, וואָס האָבן געשפּילט אין דער פּיעסע, בערטאַ גערסטין און אַננאַ שוואַרץ.

נאָך דעם ווי איך האָב זיי באַגריסט האָב איך געטראַכט, ווי אַזוי וועל איך זיך דאָ „איספּראַווען" מיט די צוויי מיידלעך? אַז איך האָב מיט זיי, אפילו קיין איין פּראָבע ניט געהאַט?

מוז איך צוגעבן, אפילו דאָ, אין דעם גרויסן טומל, און ווי מיר האָט זיך געדאַכט, וועט מען היינט פון דעם פּלאָנטער ניט אַרויסקריכן, אפילו דאָ האָט מען אַרויסגעזען דאָס גרויסקייט פון דעם קינסטלער און דירעקטאָר מאָריס שוואַרץ.

איך הויב ניט אָן צו געדענקען אין וועלכן טעאַטער איך האָב געשפּילט, ס'זאָל אַפילו אַ גאַנצן סעזאָן זיין אַזאַ „סומאַטאָכע" ווי ס'איז געווען דאָ אין איין אָוונט, בלויז פון גערעדט און געזאָגט, האָט מען געקענט פאַרלירן דעם געדולד, ווייל אַ סך וואָס מ'האָט געזאָגט, האָט מען גאָרניט באַדאַרפט, אַזוי האָבן כמעט אַלע געפּילט, אפילו דער געדולדיקסטער מענטש, האָט זיך געקענט פאַרלירן, נאָר ניט מאָריס שוואַרץ.

דעם אָוונט איז ער ביי מיר פאַרצווייפאַכט געוואָרן אין זיין גרויסקייט, פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ וואונדער־מענטש ער איז, צו האָבן אַזוי פּיל אויף זיין קאָפּ, ניט נאָר די היינטיקע פאָרשטעלונג, אין דעם נייעם פילם וואָס ער מאַכט, מיט אַזוי פיל נייע פּלענער פאַרן קו־מענדיקן סעזאָן, און אַנדערע וויכטעקע געשעפטן וואָס אַ טעאַטער־דירעק־טאָר האָט, מיט אַזאַ גרויסן פאַרנעם, פון דער גרעסטער יידישער אינסטיטוציע אין דער וועלט, זיין יידישער קונסט־טעאַטער. ער און איך זיינען ניט גע־לאָפן צום טעקסט.

אַלץ האָט ער געדענקט און געקענט, און אפילו אין זינען געהאַט ווען ער איז געווען אויף דער בינע מיט מיר, אויב איך בין אויפן ריכטיקן אָרט, וואו מיר האָבן זיך פריער איינפאַרשטאַנען, דערפאַר איז ביי אונדזער סצענע גאָרניט פאַרלוירן געגאַנגען, איבערהויפט אין צווייטן אַקט, ביים טיש וואו מ'דערלאַנגט דאָס עסן, און מיר ביידע רייסן זיך איבערן ברויט, אונטער די אומשטענדן, איז די סצענע אַרויסגעקומען אַ קאָנצערט, אַזוי נאַטירלעך איז אַלץ געווען, אפילו מאָריס שוואַרץ האָט זיך ניט געקענט צו־ריקהאַלטן און אַ שמייכל געטאָן.

איך גלויב אויך, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט לאַכן אין יידישן קונסט־טעאַטער.

אונטער די בעסטע און געלונגסטע אומשטענדן ביי אַ פאָרשטעלונג, קומט אַמאָל עפּעס פאָר, וואָס זאָל צעשטערן דאָס פאַרגעניגן, וואָס דער אַקטיאָר האָט פון זיין שפּילן, לײדער איז דאָס פאָרגעקומען ביי דער פאָרשטעלונג, נאָך דער גוט־דורכגעפירטער סצענע ביים טיש, דאָס מאָל אין דריטן אַקט, אין דער קוזניע.

דאָס מיינט אויך, אַז דער אַקטיאָר איז קיינמאָל ניט זיכער, ביז דער פאָרהאַנג פאַלט ניט צום שלוס פון דער פּיעסע, איך אָבער בין שוין געווען אַזוי זיכער מיט מיין דערפאָלג נאָך יענער סצענע ביים טיש, אַז איך האָב מיך שוין אויף גאָרניט געריכט, איך האָב שוין געוואוסט אַז זיין געשוואוי־רענער פריינד איז נאָך מיט אים, ווייל איך האָב דאָך אים געזען אין די ערשטע צוויי אַקטן, איך האָב נאָך אפילו געטראַכט, צו וואָס דאַרף מען אים? אַלע קענען דאָך זייערע ראָלן, דערפאַר האָט מען דאָך גענומען גע־שפּילטע אַקטיאָרן, און אַן אָפענער טעקסט איז פאַראַן הינטער דער בינע, איז צוליב וואָס שטייט ער דאָרט אין אַ ווינקל, מיט איין אָפענעם טעקסט? און ווען אפילו ס'האָט זיך געפונען אַזעלכער וואָס האָט זיך גענויטיקט אין אַ וואָרט, איז ער געווען אַזוי ווייט אַוועק, און דערצו האָט ער מיטן בוך זיך פאַרשטעלט דאָס מויל, האָט מען גאָרניט געהערט ווען ער האָט אפילו שוין יאָ געגעבן אַ וואָרט, געווען איז ער דאָרט ווייל ער האָט געקענט די פּיעסע מיט אַלע סודות, און ווייל ער איז געווען אַ פּערזענלעכער פריינד צו מאָריס שוואַרץ, האָט ער זיך אַ סך מאָל גענומען מער רעכט ווי אַן אַנדערער.

וואָס ס'איז דאָרט אין ווינקל פאָרגעקומען איידער איך בין אַרויף אויף דער בינע אין דריטן אַקט, ווייס איך ניט, איך האָב בלויז געזען די שפּיציקע אויגעלעך וועלכע האָבן געפינקלט פון ווייטן ווי דער פלאַם פון אַ שוועבעלע, און איז געשטאַנען אַזוי ווייט פאַררוקט, אַז מער ווי דעם שפּיץ פון זיין וויי־סער נאָז, האָב איך ניט געזען, און אויב ער האָט עפּעס געזאָגט, איז דאָס וואָרט אָדער מער ווי איין וואָרט, אַריין אין בוך וואָס ער האָט געהאַלטן און דערמיט פאַרשטעלט זיין מויל, האָט מען ניט געקענט כאַפּן וואָס ער האָט דאָרט געזאָגט, נאָר אַזוי ווי מ'האָט אים ניט באַדאַרפט, איז די פאָרשטעלונג געגאַנגען זייער גוט ביז צום דריטן אַקט, דאָ איז אַ סצענע, ווי ניסן־אַלטער, געשפּילט פון מאָריס שוואַרץ, איז אויף דער בינע, און ברוך־משה, גע־שפּילט פון מיר, קום אַרויף און דאַרף ביי אים אַרויסרייסן מיין האַמער וואָס ער האַלט אין דער האַנט, ווייל מיר זיינען ניט שלום צוליב די מיידלעך,

אַזוי איז אין דער האַנדלונג פון דער פּיעסע, איך האָב גוט געדענקט די סצענע, ווייל מיר זיינען זי ערשט דורכגעגאַנגען איידער דער פאָרהאַנג איז אַרויף, און אַזוי גיך ווי איך בין געווען אויף דער בינע, האָט זיך פון יענעם ווינקל דערהערט דער באַרימטער — „נו״?

ניט נאָר איז דאָס פאַר מיר געווען אַ נייס, נאָר ס'האָט מיך ווי פאַרגלי־ווערט, און איך האָב פאַרגעסן וואָס איך דאַרף דאָ טאָן, אים ווידער האָט זיך ווייזט אויס געדאַכט, אַז איך ווייס ניט, האָט ער ווידער אַריינגעשטעקט די ווייסע נאָז אין ביכל און גענומען שרייען: „נו, נו, דעם האַמער... האָב איך מיך געכאַפּט, וואָס איך באַדאַרף דאָ טאָן, צו דער זעלבער צייט זיך דערמאָנט, וואָס מ'האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי דייוויד קעסלער, האָט אַזוי געערעדט צו זיינע אַקטיאָרן אויף דער בינע, ווען זיי האָבן אַזוי גיך אים ניט געגעבן דעם רעפּליק. האָט דאָס מיך אַזוי שטאַרק פאַרדראָסן, אַז איך האָב גענומען זוכן עפּעס אים צו וואַרפן פון דער בינע, מאָריס שוואַרץ האָט דאָס באַמערקט, און שטיל צו מיר געזאָגט: — נעמט ביי מיר דעם האַמער.

— איך ווייס.

דאָס קליינע דעספּאָטיש פאַרזעעניש האָט זיך נאָך אַלץ געבייזערט, האָט דאָס מיך אַזוי פאַרדראָסן, אַז ס'איז מיר פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג, פאַרוואָס קומט דאָס מיר? ווייל איך בין געקומען שפּילן, זיי אַרויסהעלפן, און ווי אַזוי איך האָב דאַן געפּילט, האָב איך דאָך ניט פאַרלוירן מיין אָנערקענונג צום גרויסן מאָריס שוואַרץ, ווייל איך האָב דאַן שוין פאַרשטאַנען, אַז ער איז ווי אַ שיינע בליענדע רויז, אַרומגערינגלט מיט אַ סך דערנער, פון וועלכע ער האָט זיך שוין געזוכט צו באַפרייען.

ווען ס'איז געקומען צו דער סצענע, ווען איך נעם ביי איר אַרויס דעם בוך, און דריי אים איבער, און דערמיט ענדיקט זיך די פאָרשטעלונג, האָט דער עולם אַזוי שטאַרק אַפּלאָדירט, אַז מ'האָט באַדאַרפט דעם פאָרהאַנג אַרויפציען אַ פּאָר מאָל, מיר זיינען אַלע געשטאַנען אויף דער בינע, האָב איך געקענט זען, ווי שיטערלעך ס'איז געווען אין טעאַטער, ער האָט ווידער רעכט געהאַט, האָב איך געטראַכט, אַ סך האָבן טאַקע צוריקגענומען דאָס געלט, אפילו מיט דעם עולם, איז ליב געווען דאָס טעאַטער צו שפּילן מיט מאָריס שוואַרץ, דערנאָך האָט מיך שוין ניט געאַרט וואָס איך בין דעם

אוּנט אַדורכגעגאַנגען, אַזוי פיל עגמת־נפש, טוענדיק אַ פרעמדן אַ טובה, וועלנדיק שפּילן מיט מאָריס שוואַרצן.

פאַראַן אַפילו אין דער פּראָפעסיע אַזעלכע, וואָס מ׳זאָל זיי ניט זאָגן, מעג דאָס זיין די גרעסטע באַליידיקונג, אַזוי גיך ווי זיי פאַרלאָזן דאָס טעאַ־טער, האָבן זיי שוין פאַרגעסן.

אָבער דאָס וואָס ס׳איז פאָרגעקומען ביי דער פרייער פאָרשטעלונג, האָב איך פאַר אַ לאַנגער צייט ניט געקענט פאַרגעסן, איך האַלט איבער־הויפּט ניט פון די, וואָס ווען מ׳שפּייט זיי אין פּנים, זאָגן זיי אַז עס רעגנט, און ס׳איז אַ סברא, אַז צוליב דעם, האָב איך אין דער פּראָפעסיע מער שונאים ווי פריינד.

זיצנדיק אין דער „סאַבוויי" וואָס האָט מיך אַהיים געפירט, האָב איך וועגן דעם געטראַכט: „פאַרוואָס? זיך געדרייט דעם קאָפּ אַ גאַנצע וואָך, ביז דער לעצטער מינוט, ניט געוווּסט זיכער אויב איך וועל שפּילן, געמוזט אַרויפגיין שפּילן אָן אַ פּראָבע, און אונטער די אומשטענדן, איז דאָס ניט געווען קיין שלעכטע פאָרשטעלונג, אַלע סצענעס וואָס איך האָב געהאַט, זיינען דורך אָן אַ פּגימה, און דאָך ביים שלוס ווערן באַליידיקט, און פון וועמען? ניין ס׳איז ניט גוט צו האָבן אַזעלכע פריינד אין טעאַטער, וואָס נעמען זיך רעכט צו טאָן וואָס זיי ווילן... אפילו טראַכטנדיק וועגן דעם, האָט דאָס מיך דענערווירט, און ביזן היינטיקן טאָג, קען איך דאָס ניט פאַר־שטיין.

אַהיים קומענדיק האָב איך דאָס ערשט דערפילט, און פאַר אַ לאַנגער צייט זיך ניט געקענט באַרואיקן, אַזוי פיל דורכגיין, ווען מ׳וויל אַ פרעמדן יידן פון פילאַדעלפיע אַ טובה טאָן, וואָס וואָלט שוין געווען ווען איך זאָג אים אָפּ? וואָס פאַר אַ מיינונג וואָלט מען וועגן מיר געהאַט?

***

איידער נאָך איך האָב פאַרגעסן אין דער פאָרשטעלונג האָט מען שוין ווידער געקלאַפּט אין מיין טיר, ווען איך האָב אויפגעמאַכט, איז שטראַסבערג געשטאַנען אין קאָרידאָר אונטערגעשפּאַרט אין זיין שטעקן, און צו מיר גע־שמייכלט, זאָגנדיק:

— וואָס מאַכסטו עפּעס, חבר דוד?

—משה! קום אַריין, וואָס ווילסטו זאָל איך מאַכן אין אַ זומער טאָג? אַ גאַסט, וואָס ברענגט דיך היינט צו מיר?

— דו ווייסט דוד, אַ ביסל מזל האָב איך.

ער איז אַריינגעקומען און ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט ער נאָך אַלץ שמייכלענדיק, פאַרמאַכט אַ ביסל זיינע אויגן.

— און ווייסטו מיט וואָס?

— ניין...

— איך באַדאַרף ניט זיצן אין הויז.

— איז וואו זיצסטו?

— ווייסט ניט, אַז איך בין מיט מאָריס שוואַרץ.

— פאַרן סעזאָן?

— אין דעם פילם וואָס ער מאַכט.

— איך שטעל מיך פאָר ווי הייס דאָרטן מוז זיין.

— שוויצט מען אַ ביסל, דערפאַר קריגט מען דאָך באַצאָלט, אָרט דאָס מיך ניט, ווייסט דאָך ווי מ׳זאָגט, פון פאַרדינסטן, ווי קליין זיי זאָלן ניט זיין, ווערט מען ניט בדלות, אַז מ׳וויל, איז נאָך פאַראַן וואו עפּעס צו פאַרדינען.

— ווער האָט דען געזאָגט, אַז מ׳וויל ניט?

— אויב דו ווילסט, דאַרפסטו מיך נאָר פאָלגן.

— וואָס דיך פאָלגן?

— אויפשטיין פרי, נעמען דיין „טאָקסידאָ" און קום צו אין דער סטודיאָ...

— סטודיאָ?

— יאָ, וואו מיר פילמען „די געבראָכענע הערצער".

— און וואָס וועל איך דאָרט טאָן?

— וועסט טאָן דאָס, וואָס אַלע, וואָס קוקסטו מיך אָן? ווייסט ניט אַז ווען ס׳קומט זומער, איז יעדער דאָלאַר ווי געפונען.

— משה, דו מוזט האָבן אַ גוטע ראָלע, דערפאַר רעדסטן אַזוי פּראַקטיש.

— דוד, ווילסט וויסן דעם אמת, ס׳איז גאָרניט מיט גאָרניט, אָבער ווער גייט דאָרט פאַר ראָלן, זומער דאַרף מען אַריינכאַפּן וויפל ס׳לאָזט זיך. ס׳איז דאָך ווי געפונען, אַ סך בעסער ווי צו זיצן אין דער היים, פון דעם חבר קען מען גאָרניט האָבן, און וואָס מיינט ביי דיר צו זיין מיט מאָריס שוואַרץ אין אַ יידישן פילם? ווי זאָגן זיי דאָרט, ס׳זאָל נאָר אַזוי לאַנג אָנ־האַלטן, כ׳מיין אַז 15 דאָלאַר אַ טאָג, גייט ניט צו פוס...

— זיכער ניט, און ווער זיינען די אַקטיאָרן?

— ווער? כמעט די גאַנצע יוניאָן, טשאַרלס נאַטאַנסאָן, יעקב האָכשטיין,

טשייסאָן, זיין ברודער, בערעלע בערנאַדי, ליזא זילבערט און נאָך אַנדערע, ווער געדענקט זיי אַלע.

— אַזוי פיל ראָלן זיינען דאָרט פֿאַראַן?

— ווער רעדט פון ראָלן. — ער האָט געגומען לאַכן, האָבן זיך זיינע אויגן פֿאַרמאַכט. — וואָס פאַר אַ ראָלן, ווער האָט דאָרט ראָלן, מעגסט זיין זיכער ווען דו וועסט דאָרט טרעפן, זיינען ניט געקומען צוליב ראָלן און אַלע זייער גוטע אַקטיאָרן.

— איז וואָס טוען זיי דאָרט?

— זיי פּרובירן צו מאַכן וויפל איינער קען.

— דאָס מיינט...

— דאָס מיינט, ווען מ׳קען זומער פֿאַרדינען, דאַרף מען דאָס ניט אַוועקלאָזן.

— וויבאַלד אַזוי, זיינען זיי דאָרט ניט מער ווי...

— קענסט דאָס רופן ווי דו ווילסט, אָט דאָס איז עס, אין גאַנצן זיינען דאָרט פֿאַראַן פיר ראָלן.

פאַר אַ ווײַלע האָב איך מיך פֿאַרטראַכט, ווי איך וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, האָב איך צו אים געזאָגט:

— דו ווייסט משה, וואָס איך האָב געשפּילט אין דער פּיעסע?

— וואָס?

— בענדזשאַמין.

— די ראָל איז שוין פֿאַרנומען.

— ווער שפּילט בענדזשאַמין?

— מאָריס שוואַרץ.

— און ווער שפּילט דעם טאַטן?

— וואָלף גאָלדפאַדען.

— נחום אסתרן, איז דאָך די הויפּט־ראָל...

— אין דער פּיעסע, ניט אין דעם פילם, אויב דו ווילסט וויסן, ווייס איך ניט, אויב דער נחום, וועט זיך דאָרט אפילו אָנזען.

— ווער שפּילט די הויפּט פרויען־ראָל?

— דו מיינסט...

— וואָס סאַראַ אַדלער האָט געשפּילט?

— ליילאַ ליע, זי וועט אויך זיין גוט אין דער ראָל, דערפאַר וויל איך אַז דו זאָלסט דאָרט אויך זיין, ס׳וועט עפּעס מיינען צו זיין מיט מאָריס שוואַרצן

אין אַ פילם, און דערפאַר דאַרף מען ניט קוקן וואָס מען שפּילט, נאָר מיט וועמען מען שפּילט. אין דער פּראָפעסיע מיינט דאָס אַ סך, פאַרגעס אויך ניט, אַז דאָס בילד וועט געוויזן ווערן וואו נאָר ס׳זיינען פאַראַן יידן, דאָס מיינט אין דער גאַנצער וועלט.

אַ ביסל בין איך געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, בין איך געשטאַנען און געטראַכט, ווי אַזוי זאָל איך דאָ האַנדלען? אין גאַנצן אים אָפּזאָגן קען איך ניט, און אפשר האָב איך ניט געוואָלט, צוליב אַ סך אורזאַכן, ער איז דאָך ניט געקומען אַליין, האָט מען דאָך אים געשיקט, און ווער? ווען ניט מאָריס שוואַרץ אַליין.

ווי דורך אַן אָפן פענצטער וואָלט אַריינגעפלויגן דער געדאַנק אין מיין מוח, און מיך דערמאָנט אין דער אומזיסטיקער פאַרשטעלונג, זאָל איך נאָך אַמאָל דורכגיין דאָס זעלבע? דאָס מאָל אַז ס׳וועט מיך פאַרדריסן, וועל איך דאָך מוזן שווייגן, דערפאַר וועל איך דאָך קריגן 15 דאָלאַר אַ טאָג, פון אמת קען מען דאָך ניט אַוועקגיין, איצט מיינט דאָס אַ סך געלט, און כמעט פאַר גאָרניט, ווי אַזוי האַנדלט מען דאָ? פאַרשטייט זיך ווען ס׳איז ניט זומער און ווער ווייסט וואָס ס׳וועט זיין צום נייעם סעזאָן? און ווער ווייסט אפילו צי איך וועל קריגן אַן אַנגאַזשמאַ, אויב די יוניאָן וועט מיך לאָזן? קען מען דען לעבן אויף געלעגנהייטן? צו זיין מיט מאָריס שוואַרץ אין אַ פילם, מיינט דאָך עפּעס, וואָס איך וועל דאָרטן טאָן, וועט מען וויסן אַז איך בין אין אַ יידישן פילם מיט מאָריס שוואַרץ, ס׳איז דאָך זיין ערשטער גרויסער פילם, פון ז. ליבינס „געבראָכענע הערצער", און אַז עס פּאַסט פאַר אַזעלכע גוטע אַקיטאָרן ווי משה האָט מיר ערשט אויסגערעכנט, פאַרוואָס זאָל איך דאָרט ניט זיין?

— וואָס אַזוי פאַרטראַכט, דוד? — האָט ער מיר איבערגעשלאָגן.

—וועגן דעם וואָס דו האָסט מיר דערציילט.

— אַזוי שווער איז דיר צו פאַרשטיין?

— ניט אַזוי שווער צו פאַרשטיין, ווי שווער דאָס איז צו פאַרנעמען, נאָר ווי זאָגסטו, אַ יעדער דאָלאַר, איז ווי געפונען.

— יאָ, ווייל ס׳איז נאָך ווייט צום נייעם סעזאָן, כ׳מיין אַז ס׳איז שוין צייט פאַר מיר. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל.

— וואו האָסטו געזאָגט געפינט זיך די סטודיאָ?

— נאַ, דאָ האָסטו דעם אַדרעס, און דו מוזט דאָרט זיין אַכט אין דער פרי.

— אַ דאַנק, משה!

— פאַרוואָס ?

— פאַר מיך אין זינען האָבן.

— ביסט דאָך אַ חבר.

ער האָט שמייכלענדיק פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, געבליבן אַליין, האָב איך מיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, זאָל איך גיין מאָרגן אין דער סטודיאָ, אָדער גאָר פאַרגעסן אַז שטראַסבערג איז געווען ביי מיר ? האָב איך אים דאָך צוגעזאָגט, ווי אַזוי קען איך צוריקכאַפּן ? פאַרלירן צוליב דעם אַ גוטן פריינד, אָדער ווי ער זאָגט אַ חבר, לוינט זיך אויך ניט, ווייל ער טוט דאָך מיר אַ טובה, איז פאַרוואָס זאָל איך פאַרלירן אַזאַ געלעגנהייט ? ווער קען וויסן, וואָס פון דעם קען אַמאָל אַרויסקומען ? און ווי איך האָב ניט געגלויבט אין דעם, אַז יידישע בילדער קען אַמאָל ווערן אַ גרויס געשעפט, קען מען דאָך ניט וויסן, וואָס ס׳קען אַרויסקומען, ס׳איז פאַרט אַן אונטערנעמונג פון מאָריס שוואַרץ.

מ׳קריגט טאַקע ניט קיין סך, דערפאַר אָבער מוז אין דעם זיין אַ גרויסער קינסטלערישער כבוד, און אפשר נאָך אַ גרעסערער פאַרגעניגן צו זיין מיט מאָריס שוואַרצן אין אַ פילם, וואו די גאַנצע וועלט וועט מיך זען, דאָס מיינט עפּעס, אפילו ווען איך זאָל מיך בלויז דאָרט אַרומדרייען, טאָר איך אַזאַ געלעגנהייט ניט דורכלאָזן.

## די סטודיאָ

דעם ערשטן טאָג, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן אַכט, בין איך שוין געווען ביי דער סטודיאָ, אין דער 163טער גאַס און דריטע עוועניו, דאָרט געוואַרט ביז אַלע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, איך האָב גלייך דערקענט אויף זיי, אַז איינער אויפן צווייטן קוקט פאַרדעכטיקט, מיר האָבן אַלע געוואַרט, ביז מ׳האָט אונדז אַריינגעלאָזט און שטראַסבערג האָט אָנגעוויזן וואו מיר זאָלן גיין.

אויפן צווייטן שטאָק, האָט זיך געפונען דער גרויסער גאַרדעראָב־צימער, וועלכער איז געווען פאַר אַלע מענער, האָב איך געוואַרט ביז אַלע האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער, און פאַר מיר איז געבליבן אַ ווינקל ביי דער וואַנט, דאָ האָט מען זיך באַדאַרפט גרימירן און אָנטאָן, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט, זיך אַרומגעקוקט, אַלעמען באַטראַכט, געוואָלט אויסגעפינען, ווי אַזוי

מ׳הויבט דאָ אָן, דערנאָך האָב איך מיך אויך גענומען צוגרייטן, ניט וויסנ־דיק צו וואָס, אָבער שיין האָב איך געוואָלט אויסזען.

צו יענער צייט, איז דאָס מיר שווער ניט אָנגעקומען און אַלע האָבן דאָס באַמערקט, האָט טאַקע ניט גענומען לאַנג, און זיי האָבן אָנגעהויבן אַרי־בערוואַרפן פאַרשיידענע אָנצוהערענישן... ביז ס׳איז ביי זיי געוואָרן אַ מין קאָנקורס פון צוויי־דייטיקע ווערטלעך, וועלכע האָבן מיך ניט אינטערעסירט, איך בין געווען פאַרטיפט אין זיך, ביז איך בין אינגאַנצן געווען פאַרטיק, וואָס מיך האָט יאָ גערייצט, איז וואָס ס׳טוט זיך אין דער סטודיאָ.

פאַרטיק געוואָרן, האָט מיר שוין דער שפּיגל געוויזן, וואָס פאַר אַ שיינער מחותן איך בין, נאָר צו וועלכן צד איך געהער, האָב איך נאָך ניט געוואוסט, האָבן מיר אַלע נאָכגעקוקט ווען איך בין אַראָפּ די טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט אין דער סטודיאָ.

אַ יעדן שפּאַן, וואָס איך האָב דאָרט געמאַכט, האָב איך דערפילט אַ שוידערלעכן גערוך, און ביי אַ יעדן שפּאַן פון די טרעפּ, איז דער גערוך גע־וואָרן שטאַרקער. „וואָס קען דאָס זיין? אפשר זיך פאַרשטעלן די נאָז? און וועלנדיק אַרויסנעמען מיין נאָז־טיכל, האָב איך מיך דערמאָנט אַז איך בין גרימירט, וועל איך דאָס אויסשמירן, און אָפּווישן דעם גרים, און וויפל קען דאָס מיר העלפן? האָב איך דאָס אַרויסגענומען און געהאַלטן פון דער ווייטנס, פילנדיק אַז לאַנג וועל איך ניט קענען כאַפּן דעם אָטעם, אָבער וואָס קען דאָס פאָרט זיין? ווען איך בין אַרונטערגעקומען, האָב איך מיך ערשט גע־כאַפּט וואָס דאָס איז, ווייל איך האָב דאָס שוין אַ פּאָר מאָל געפילט אין טעאַטער אויך, איבערהויפּט אין דעם טעאַטער וואו ס׳געפינט זיך אַ „סיניק״ סטודיאָ, וואו מ׳מאַכט דעקאָראַציעס, דאָרט אָבער פילט זיך דאָס ניט אַזוי שטאַרק, דאָס קומט פון די דעקאָראַציעס, וועלכע מ׳מאָלט מיט די פאַרבן אין וועלכע מ׳גיט אַריין אַזאַ „קלעי״ ס׳זאָל זיך בעסער האַלטן, און ווען ס׳ווערט וואַרעם, לאָזט די קלעי נאָך, און ס׳גיט פון זיך אַרויס אַ געוויסן גערוך, ווי ס׳וואָלט דאָרט געלעגן טויטע פיש, דאָס איז כמעט פאַר אַ יעדן שווער צו פאַרטראָגן, ווייל דאָס האָט אַ שוידערלעכן גערוך, ביז מ׳געוואוינט זיך צו, צום מזל, איז דאָס ניט געקומען פון אונדזער סטודיאָ.

וואו איך בין איצט געשטאַנען, איז געווען סטודיאָ נומער איינס, און די קאָמפּאַני, וואָס האָט דאָ געפילמט אַ בילד, איז ניט געווען קיין יידישע, איך האָב דאָס גלייך דערקענט, אַ ווייל ע בין איך געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר, און געזען וואָס דאָרט טוט זיך, ס׳זיינען דאָרט געווען אויפגעשטעלט

היוכע בערג, וועלכע האָבן געהאַט אויף זיך שניי, האָב איך געגליובט, אַז די האַנדלונג קומט פאָר אין דער שווייץ, האָב איך אָבער ניט געקענט פאַר־שטיין, פאַרוואָס דאָרט איז געזעסן אַן עלטערער מאַן, אויף אַ זומער בענקל, געמאַכט פון שטרוי, זיין האַלדז אַרומגעוויקלט מיט אַ טיכל, און איינער דרייט זיך אַרום אים, און האַלט אים אין איין פּאַודערן, ווייל אפילו הינטער די בערג מיט שניי, האָט ער געשוויצט.

אַ גרופּע מענטשן זיינען געשטאַנען אין אַ ווינקל און וועגן עפּעס זיך געשפּאַרט, ניט קענענדיק פאַרטראָגן דעם שווערן גערוך, וואָס איז אַרויס־געקומען פון סטודיאָ איינס, בין איך אַוועק אין סטודיאָ צוויי.

דאָ האָב איך שוין געטראָפן, וואָס איך האָב געזוכט, ביים ערשטן בליק דאָרט האָב איך דערקענט, אַז דאָ גייט מען מאַכן אַ יידישן פילם, ס'איז שוין כמעט געווען פאַרטיק אַ גרויסער זאַל, און נאָך אַ גרעסערער טומל, נאָך איידער מ'האָט גענומען דרייען די קאַמערע, איינער האָט אַרויפגע־שריען צום עלעקטרישן, ער זאָל פאַרבעסערן די ליכט, אַ צווייטער האָט אַראָפּגעשריען צום „קאָרפּענטער" וואָס ער זאָל פאַרריכטן, אַ דריטער האָט געמאַכט געוואַלדן, אַז אַ צווייטער זאָל עפּעס פאַרריכטן, וואו איך האָב מיך געדרייט, האָב איך מיך אָנגעשלאָגן אין עפּעס, איינער שטייט פאַר מיינע אויגן, איז ער אַזוי הויך, אַז איך דאַרף פאַררייסן דעם קאָפּ, אַרויפצו־קוקן, איין שפּאַן ווייטער, שטיי איך שוין לעבן אַ נידעריקע פרוי, צו איר באַדאַרף איך שוין אַראָפּקוקן, פאַרשיידענע פאַרשוינען דרייען זיך דאָרט אַרום, דינע און גראָבע, לאַנגע און קורצע, פון דער גאַנצער וועלט פאַרשיידענע פאַרבן, אַ רעגנבויגן פון מענטשן, יונגע, אַלטע, פון פאַר־שיידענע יאָרן, אַלץ דרייט זיך ווי אין אַ ראָד, און אַלע מוזן זיין זייער פאַר־זיכטיק, ווייל ווען בינע־אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט, רעכענען זיי זיך מיט קיינעם, פון איין זייט לויפט איינער מיט אַ ווינג, פון דער אנדערער זייט, שלעפּט אַ צווייטער אַ פּלאַטפאָרמע, און אַ דריטער שטופּט אַ גאַנצן מאַשין, מוז מען אַכטונג געבן מ'זאָל ניט איבערגעפאָרן ווערן, דער טומל איז גרויס, מ'שטעלט צוזאַמען אַ זאַל פאַר אַ יידישער חתונה.

די פּראָזשעקטאָרן וועלכע האָבן זיך געפונען, אויף די זייער הויכע דע־קאָראַציעס, פון וועלכע די עלעקטרישנס, האָבן געוואָרפן די ליכט זיינען ריזיק גרויס, און אַ יעדעס מאָל האָט אַ שטאַרקער בליץ געטאָן, ווען אַ נייע ליכט האָט אַלעמען ווי אַ גאָלדענער צודעק אַרומגענומען, און די טעכניקער וועלכע געפינען זיך אויף דער פלאַך, שטעלן

אַלץ אַוועק אויף איין אָרט, און דער טומל ווערט אַלע מאָל גרעסער און גרעסער, און אָט קומען אַראָפּ נאָך מענטשן, און דער טומל פאַרגרעסערט זיך, אַ ביסל שפּעטער נאָך מענטשן, ווערט דער טומל נאָך גרעסער, אַלע זיינען גרימירט, פאַרוואַנדלט אין מחותנים און אַזוי פיל, אַז פון דעם טומל, איז שוין אוממעגלעך צו פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר, ס׳איז אַ געמיש פון פאַרשיידענע לשונות, „אַ מעלטינג־פּאָט״. אין אַ מיניאַטור־פאָרם, און דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אויף אַן אמתער יידישער חתונה, אַזוי קינסטלעריש איז אַלץ צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, דער זאַל איז זייער גרויס, און פּראַכטפול דעקאָרירט, לינקס אַ גרויסע „פּלאַטפאָרמע״ אויף וועלכער ס׳געפינט זיך אַ גרויסער אָרקעסטער, וועלכער שפּילט יידישע ניגונים, און ס׳כאַפּט אַלעמען אַרום אין אַ כהן־גדולדיקער אַטמאָספער אַזוי, אַז אפילו די פרעמד־שפּראַכיקע נעמען זיך באַוועגן יידיש, און אָט טאַנצן זיי יידיש.

ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָט זיך צום ערשטן מאָל אויפן „סעט״ באַוויזן דער דירעקטאָר, רעזשיסאָר, אויפפירער, און סטאַר, פון דעם יידישן פילם „די געבראָכענע הערצער״, מאָריס שוואַרץ.

ער איז געבליבן שטיין פאַר אַ ווײַלע, אַלץ גוט באַטראַכט, אַ יעדן פאָרזיכטיק, מיט זיין שאַרפן בליק, אַדורכגענומען, ווייל אַלע זיינען געשטאַנען קעגן אים, איך מיט אַלעמען צוגלייך, איך בין אָבער ניט זיכער, אויב ער האָט מיך באַמערקט, ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, ווען איך האָב דערוואַרטעט אַ סך... האָט ער זיך דאַכט מיר גאָרניט וויסנדיק געמאַכט, אין דער צייט, האָב איך דאָס פאָלגנדע באַמערקט.

אויף אַ דין שנירל, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיין האַלדז, איז אַרונטערגעהאַנגען אַ טונקל גלעזל, וועלכעס ער האָט אַלע מאָל געכאַפּט צום רעכטן אויג, און געקוקט הינטער דער „קאַמערע״, די גאַנצע צייט אין דעם ווינקל, וואו ס׳איז געשטאַנען צוויי גרויסע שטולן, אויף אַ ברייטער פּלאַטפאָרמע, און אויף זיי זיינען קעניגלעך געזעסן חתן־כלה, און אַזוי אָנגעצויגן, אַז עס האָט זיי בלויז געפעלט אַ „צעפּטער״. און נאָך אַ לענגערע פּאַוזע, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט.

טראַכטנדיק, האָב איך ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס ער מאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען מיט בלויז פרעמדע, ער האָט זיך נאָך אַמאָל אַרומגעקוקט, און זיך גענומען רויטלען, און מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויך געזאָגט :

— וואָס מאַכסטו, יאַנקל? — צו יעקב האָכשטיין.

— אָט, איך בין געקומען זיך פרייען אויף דיין חתונה.

אַלע האָבן געשמייכלט, און די וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין יידיש, האָבן אויף אַלעמען געקוקט, ניט וויסנדיק וואָס דאָ צו טאָן, זיי האָבן זיכער געמיינט, אַז ס'באַלאַנגט צו דעם וואָס זיי זיינען געקומען אַהער, האָבן זיי אויך גענומען לאַכן, מר. שוואַרץ, האָט דאָס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, נעמענדיק אַ העכערן טאָן, האָט ער געזאָגט:

— איצט וועלן מיר זיך נעמען מאַכן די ערשטע סצענע.

ער האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט וועמען געזוכט, און אפשר האָט ער איצט געטראַכט, וועלכע סצענע זאָל זיין די ערשטע? גיכער האָט ער איצט געטראַכט, ווער ס'זאָל זיך באַטייליקן אין דער סצענע, ווייל אַלע זיינען איצט געשטאַנען געשפּאַנט, ניט וויסנדיק וועמען ער וועט רופן, און ווער פון אונדז וואָלט די סצענע ניט געוואָלט מאַכן, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, האָפט מען דאָך אפשר אין דעם פילם, וועט עפּעס דערפון אַרויסקומען, און זי וועט זיך אָנזען, אָט צוליב דער סעקונדע, וועלכע האָט אין דער צייט אויסגעזעון לאַנג ווי דער גלות, האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט, ביז מר. שוואַרץ, האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן, ווען ער האָט געזאָגט:

— דו יאַנקל, וועסט דאָס מאַכן.

— איך, וואָס דאַרף איך מאַכן?

— צוערשט הער מיך אויס. — ער האָט זיך פאַר אַ ווײַלע פאַרטראַכט, דערנאָך האָט ער אונטערגעשפּאַרט מיטן גראָבן פינגער זיין גוידער, ביז ער האָט אַרויסגעזאָגט:

— ווערסט בגלופן...

— מיינסט טאַקע אויף אַן אמתן?

— פאַרשטיי, ווען דו ביסט שוין ווי מ'זאָגט גוט דערוואַרעמט, לאָזטו זיך גיין, אין דער זייט, קומט דיר אַנטקעגן...

— ווער קומט אַנטקעגן?

— ניין, בעסער וועט זיין, זי פאַלט דיר אַריין אין די הענט...

— ווער, משה?

— וואַרט אַ מינוט, וואָס הייסט ווער? אַ מחותנתטע, אָבער ווער וועט דאָס זיין די מחותנתטע? איר.

— ניט שלעכט.

ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער מאַדאַם, וועלכע האָט קיינ־מאָל קיין טעאַטער ניט געשפּילט, האָט ער צו אים געזאָגט:

— איצט פאַרשטיי יאַנקל, וואָס דו האָסט צו טאָן, אַנו, מאַך די סעצענע.

מער ווי צען מאָל, האָט מען איבערגעמאַכט די סצענע, נאָר וואָס שוואַרץ האָ געוואָלט, איז ניט אַרויסגעקומען, ניט האָבנדיק שוין מער קיין געדולד, בין איך אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט, וועלנדיק פאַרשטיין, וואָס ער וויל, און וואָס ער מיינט אַרויסצוברענגען מיט דער סצענע, און פאַרוואָס ס׳איז גאָרניט אַרויסגעקומען פון אַזוי פיל מאָל דאָס איבערמאַכן? יעקב האָכשטיין, איז געווען אַ גוטער אַקטיאָר, ווי קומט עס, וואָס ער פאַרשטייט ניט וואָס מאָריס שוואַרץ וויל, אַזעלכע סצענעס, בין איך געווען זי־כער, האָט שוין האָכשטיין געמאַכט אפשר אין הונדערטער פּיעסן, און דאָ קומט גאָרניט אַרויס.

איך האָב גענומען פילן אַ ביסל אַנטוישט, טראַכטנדיק אַז ס׳איז ניטאָ דאָ וואָס צו לערנען, דאָך האָב איך געגליובט, אַז ס׳וואָלט עפּעס אַרויסגעקומען אויפן פילם, ווען דאָס וועט געמאַכט ווי שוואַרץ האָט דאָס פאַרטראַכט, איך בין געווען זיכער אַז מאָריס שוואַרץ, ווייסט וואָס ער וויל.

וואו נאָך קאָן איך האָבן אַזאַ געלעגנהייט? ס׳איז מיר שוין ניט גע־גאַנגען אין די פאַרדינסטן, כאָטש איך האָב דאָס באַדאַרפט, ווי איך האָב געוואָלט עפּעס לערנען פון דעם גרויסן רעזשיסאָר מאָריס שוואַרץ, אַזוי האָב איך מיר פאַרגעשטעלט, איידער איך האָב באַשלאָסן צו פאָלגן מיין חבר שטראַסבערג, אפשר טאַקע דערפאַר, בין איך ניט אָפּגעטראָטן פון דעם פּלאַץ וואו איך בין געשטאַנען, אפילו ווען איך האָב שוין דערפילט, ווי ס׳ווערט מיר הייס, אונטער די גרויסע באַלייכטונג, מיין נאָז־טיכל האָב איך שוין לאַנג אַריינגעשטעקט אין מיין קאָלנער, ער זאָל ביט נאַס ווערן, און די פאַרבן פון דעם שמינק זאָלן ניט אַראָפּרינען, ווייל ס׳וואַשט זיך קיינמאָל ניט אָפּ, סיידן מ׳שמירט אָן „פּיקסעטור" אָבער ווער טוט דאָס? און נאָך אַ זאַך וואָס איך האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין, אויב דער אַקטיאָר קען ניט מאַכן די סצענע, פאַרוואָס ניט נעמען אַ צווייטן? אָדער אפילו אַ דריטן, ס׳איז דאָרט געווען אַ סך גוטע אַקטיאָרן, ס׳איז אפשר פאַר אַ סך אַקטיאָרן אָן ווערטער שווער צו שפּילן, ווייל „פאַנטאָמין" איז אַ קונסט פאַר זיך, און ניט אַלע קענען דאָס, מ׳מוז אַמווייניקסטנס זיין אַ מאָריס שוואַרץ, זיך אַרומדרייען אַ גאַנצן אָוונט אויף דער בינע אָן איין וואָרט, און ניט נאָר האָט

מען אים געגלויבט, נאָר פאַר אַ לאַנגער צייט ניט פאַרגעסן, איצט האָב איך אויך גענומען פאַרשטיין דעם לאַנג שוין אָנגענומענעם באַשלוס פון דער יוניאָן, אַז די קלענסטע ראָל וואָס מ׳גיט איין אַקטיאָר, מוז פאַרמאָגן אַמווייניקסטנס אַ צוואַנציק שורות, און אויב די ראָל פאַרמאָגט דאָס ניט, האָט דער אַקטיאָר אַ רעכט זיך אָפּזאָגן פון איר, דאָ אָבער איז קיין ברירה ניט געווען, מ׳דאַרף אַלץ שפּילן וואָס דער דירעקטאָר גיט, און פאַרוואָס ס׳קומט ביי אים גאָרניט אַרויס, הויב איך ניט אָן צו פאַרשטיין, ער איז דאָך פאָרט פאַררעכנט פאַר אַ גוטן אַקטיאָר, און קוקנדיק ווייזט זיך מיר אויס, ווען מאָריס שוואַרץ הייסט אים איבערמאַכן די סצענע, ווערט ביי האָכשטיינען, דאָס פּנים אַזוי פאַרדרייט, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „זע נאָר, ווער ס׳לערנט מיך שפּילן טעאַטער?״

ס׳איז אָבער זומער... יאַנקל איז שוין ניט ביי זיין פולן געזונט, ער מוז שוין כאַפּן וואָס ס׳לאָזט זיך, דערפאַר האָט ער זיין פרוי אויך געבראַכט, צו כאַפּן וויפל זי וועט קענען, פאַר ביידן מיינט דאָס שוין אַ סך... אָבער זיך אונטערגעבן, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש, פאַר יאַנקלען איז דאָס ניט אַזוי לייכט, ס׳האָט אַפילו ניט געהאָלפן, ווען דער דירעקטאָר האָט זיך שוין גענומען אַ ביסל בייזערן, זאָגנדיק:

— יאַנקל, וואָס טוסטו? דו שפּילסט אַ מחותן, ניט שלמהקע שאַרלאַטאַן, ס׳איז אַ יידיש בילד, ניט קיין טעאַטער אויף דער באַוערי, ס׳דאַרף אַרויס־קומען נאַטירלעך ווי דאָס לעבן אַליין, פאַרוואָס מיינסטו מאַך איך אַזוי פיל מאָל איבער די סצענע? ס׳זאָל אַרויסקומען וואָס איך וויל, פאַרשטיי, יאַנקל, פאַרשטיי.

איינע וועלכע איז געשטאַנען ניט ווייט פון מיר, האָט זיך גענומען אָפּ־קילן, מיט אַ פעכער, און ציענדיק מיין אויפמערקזאַמקייט, האָט מיך דער־מאָנט, ווי קיל ס׳איז געווען אין דער פרי, ווען איך בין געפאָרן אין דער סטודיאָ, אַ ביסל שפּעטער איז געוואָרן וואַרעמער, און ווען איך בין אַרונטער־געקומען פון גאַרדעראָב, איז שוין געווען גוט הייס.

און מיט די אַלע פּראָזשעקטאָרן וועלכע האָבן געוואָרפן אַזוי פיל ליכט, טיר און פענצטער זיינען פאַרמאַכט, איז אוממעגלעך געווען דאָרט איינ־צושטיין, מ׳האָט געקענט פילן, ווי דערשטיקט צו ווערן, פאַר די מענער איז דאָ געווען ניט אויסצוהאַלטן, מיט די פאָרמאַל־קליידער, מיט די האַרטע קאָלנערס, און די גאַנצע צייט שטיין אויף די פיס, איז אפילו פאַר אַ יונגן, און געזונטן מענטשן געווען אַ גרויסע אָנשטרענגונג, דערפאַר קען מען זיך

פאַרשטעלן וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר יעקב האָכשטיין, וועלכער איז שוין ניט געווען ביי זיין פולן געזונט... פאַר די פרויען איז עס אַ סך לייכטער געווען, זיי האָבן געטראָגן לייכטע קליידער, און וואו ס'איז געווען אַ בענקל, האָבן זיי פאַרכאַפּט, און אונטער די פאַרשטיקטע אומשטענדן, ווען ניט קיין געזונטער מענטש דאַרף איבערמאַכן אַזוי פיל מאָל אַ סצענע, איז דאָס געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, ער זאָל אַוועקפאַלן, באַלד איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, האָט דאָס מיך ווי אויפגעוועקט, באַלד בין איך אַריבער אויף דער אַנדערער זייט, און גלייך באַמערקט ווי זיי האָבן איבערגעטריבן מיטן געוואַלד, אויף דעם זיינען פרויען גרויסע בריהס, יאַנקל, האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם בענקל, און זיך פאַמעלעך אַוועקגעזעצט און אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט, און כמעט אין גאַנצן פאַרשטעלט, האָב איך בלויז געהערט וואָס ער האָט געזאָגט:

— אוי, פאַרשטיי איך, אוי, פאַרשטיי איך, אפשר מער ווי מ'דאַרף פאַרשטיין, וואו אָבער נעמט מען דעם כוח? — די גאַנצע צייט האָט ער זיך געהאַלטן ביים האַרצן, דאָס האָב איך באַמערקט ווי דורך אַ שפּאַרונע, ביז ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און לאַנגזאַם זיך גענומען באַרואיקן, האָט ער זייער שטיל נאָך צוגעגעבן: — הער, משה! פאַרשטיין, פאַרשטיי איך זייער גוט, און דו קענסט מאַכן די סצענע, וויפל דו ווילסט נאָר, די וואַסער קען איך מער ניט טרינקען, מיר דאַכט זיך אַז איך האָב שוין זשאַבעס אין בויך.

אַלע האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט, דער דירעקטאָר האָט זיך אַ ביסל געטרויטלט, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ביז ער האָט געזאָגט:

— אָבער ווען דו פאָלגסט מיר, און מאַכסט די סצענע ווי איך האָב דיר געוויזן, וואָלט דאָך צו דעם אַלעמען ניט געקומען.

— דאָס זעסטו, משה, בין איך אַ בעלן צו זען...

— זען וואָס?

— ווער ס'קען זיך אָנטרינקען מיט אַזויפיל וואַסער, און דערנאָך זיך נאָך קענען אַרומכאַפּן מיט זיין אייגן ווייב.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, האָט מאָריס שוואַרץ, זיך ווידער אַרומגעקוקט, און ווען ער האָט זיך געכאַפּט, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער זיך אויך צעלאַכט. „כי, כי, כי. וויבאַלד אַזוי, איז צייט צו נעמען עפּעס אין מויל".

פונקט צו דער מינוט האָט דער זייגער געשלאָגן איינס, זיינען אַלע

אַרויס אין דרויסן, ווי פֿון אַ פֿייער איז מען אַרויס כאַפּן אַ ביסל פֿרישע לופֿט.

ווייזט אויס אַז די פֿרישע לופֿט, האָט אויפֿגעוועקט דעם אַפּעטיט, און אפֿילו אין דעם הייסן טאָג, האָבן אַלע געוואָלט עסן, איז מען טאַקע גלייך געגאַנגען צום רעסטאָראַן, וואָס איז געווען עטלעכע שפּאַן פֿון דער סטודיאָ.

מאָריס שוואַרץ איז געגאַנגען פֿריער און אַלע זיינען אים נאָכגעגאַנגען, ווען מיר זיינען שוין באַלד געווען לעבן רעסטאָראַן, האָט אַ פֿרוי וועלכע איז געווען איינע פֿון די סטאַטיסטקעס וואָס איין איידזשענסי האָט אַריינגע־שיקט, האָט אים געמומען נאָכלויפֿן, און ביי אים געפֿרעגט: „ווער ווערט צאָלן פֿאַרן עסן?" האָט ער ניט געענטפֿערט, האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, און געזאָגט אין ענגליש:

— וואָס פֿאַר אַ מענטש איז ער?

— וואָס מיינט איר?

— ער ענטפֿערט ניט.

איך האָב איר אָנגעקוקט און געמומען שמייכלען, ווען זי וואָלט געוואוסט ווי איך בין צופֿרידן, וואָס איך בין אין דרויסן? אַרט מיך שוין ניט, אַז איך וועל אַליין באַצאָלן, וואָס איך וועל דאָרט עסן, אַזוי האָט זיך פֿאַר־ענדיקט דער ערשטער האַלבער טאָג אַרבעט.

***

נאָך אַ האַלבע שעה, זיינען מיר שוין ווידער אין דער סטודיאָ, און צוליב דעם וואָס אַלע טירן זיינען געווען אָפֿן, איז איצט אַ ביסל קילער, דרייען זיך אַלע אַרום, און מ׳וואַרט.

מאָריס שוואַרץ, איז דאָרט פֿאַרנומען, אָבער צו מיר קומט עס ניט, ער מאַכט אַנדערע סצענעס, און איך וואַרט, ניט ווויסנדיק אויף וואָס, ביז איך האָב מיך פֿאַרטראַכט, און אפֿילו ניט באַמערקט ווען שטראַסבערג, איז צו מיר צוגעקומען און מיך שטיל געפֿרעגט:

— דוד, וואָס שטייטסטו?

— וואָס דען זאָל איך טאָן?

— דאָס זעלבע וואָס איך.

— וואָס?

— מ׳נעמט אַרונטער דעם שמינק, מ׳טוט זיך אויס, און מ׳גייט אַהיים.

— שוין?

— פאַר היינט איז גענוג געאַרבעט, ס'איז צו הייס.

— ווער האָט געאַרבעט?

— אָט דאָס איז עס חבר, דאָ קריגט מען באַצאָלט פאַר צייט, זאָלסט אויך ניט פאַרגעסן זיך אונטערשרייבן איידער דו פאַרלאָזט די סטודיאָ, דאָס חבר איז די הויפּט־זאַך, וועסט דאָך מיר ניט זאָגן, אַז דאָס איז ניט קיין אַרבעט.

איך האָב געלאַכט אַרויפגייענדיק די טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט אין גאַרדעראָב־צימער, ווי ער האָט גייענדיק אַראָפּגעריסן דאָס בערדל וואָס ער האָט אַ גאַנצן טאָג געטראָגן, און צוליב דעם, זייער שטאַרק געשוויצט, האָט ער נאָך צוגעגעבן:

— דערפאַר אַליין, האָב איך דיוועלט, וואָס איך פאַרדין דאָ.

— דעם אמת משה, איז דאָס פאַר מיר אַ גאַנץ נייער עקספּיריענס.

— דו מיינסט חבר, עקספּירעמענט. פאַרגעס ניט אַז דו ביסט מיט שוואַרצן, און ביי אים רעדט מען יידיש.

— איך האָב דען היינט אַ גאַנצן טאָג גערעדט?

— אפילו ווען מ'רעדט ניט, טראַכט מען יידיש, דאָס איז קונסט.

— זאָל שוין זיין ווי דו זאָגסט.

— שפּאַס אין אַ זייט דוד, אַ סך מאַכן אַ לעבן פון גאָרניט טאָן, אַזוי ליגן זיי אָפּ אַ גאַנץ לעבן אין די סטודיאָס, לייגן ניט אַריין אַ האַנט אין קאַלט וואַסער, און נעמען געלט, אַ סך פון זיי, וואָס זאָג איך אַסך, אין די טויזנטער, מ'זעט זיי אפילו ניט אין אַ פילם, אָבער זיי קריגן באַצאָלט.

— פאַר זיי איז דאָס אפשר גוט.

— דוד חבר, זאָרג דיך ניט, היינט האָסטו גאָרניט געטאָן, ס'קען אָבער זיין, אַז מאָרגן, וועסטו זיין פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, ביי פילמען אַ בילד, ווייסט מען קיינמאָל ניט וואָס דער מאָרגן קען ברענגען, אין דער אינדוסטרי איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אפילו דאָ, וואו דיר ווייזט זיך אויס, אַז ס'איז גאָרניט, קענסטו אַמאָל איבערראַשט ווערן, ווייל דער „סצענאַריום" איז אַ גרויסער, סצענעס זיינען פאַראַן אַ סך, קיינער ווייס ניט, וועלכער סצענע מ'וועט מאָרגן מאַכן, דו מיינסט, אַז ס'איז אַלע מאָל די שולד פון דעם די־רעקטאָר? ווייס איך וואָס, ס'איז אַ סך מאָל די שולד פון דער טעכנישער זייט, ווייל ניט אַלע מאָל זיינען זיי פאַרטיק אין צייט, און אָן זיי חבר, קען מען גאָר ניט טאָן, אָבער ס'איז פאַראַן גענוג פאַר אַלעמען, און דו מיינסט

אַז איינער מאַכט שוין אַ סצענע, איז ער שוין זיכער אַז ס׳וועט געוויזן ווערן?

— וואָס מיינסטו?

— מ׳איז נאָר זיכער, ביז דער פילם קומט אַריין אין „קאַטינג רום״, ווי אַזוי ס׳וועט פון דאָרט אַרויסקומען, ווייסט קיינער ניט, דערפאַר דאַרף מען זיך וועגן דעם ניט זאָרגן, ס׳לוינט זיך ניט, מיר חבר, האָבן נאָך פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט, וויניק טעאַטערס פאַראַן? מיר דאַרפן זיך אויף דעם ניט פאַרלאָזן.

איך האָב ניט פאַרפעלט קיין וואָרט, וואָס משה, האָט צו מיר גערעדט, איך האָב אפילו ניט געפילט אַז ער נעמט ביי מיר אַוועק דעם גאַנצן אינטע־רעס, וואָס איך האָב געהאַט, איידער איך האָב ביי זיך געפּועלט צו קומען אין דער סטודיאָ, און וואָס איך האָב היינט דאָ געזען, איז ביי מיר פאַרבליבן איין אויפגאַבע, וויפל וועל איך קריגן? ווען איך וועל פאַרטיק ווערן? דורך דער צייט, האָב איך מיך איבערגעטאָן, פאַרטיק געוואָרן, בין איך באַלד געווען ביים פענצטער, דורך וועלכן מ׳האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ ווייס קאַרטל פאַר אונטערשרייבן, און דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער טאָג.

*
**

דעם צווייטן טאָג בין דאָרט געווען פריער פאַר אַלעמען, אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט, ווייל ווען איך בין נעכטן אַהיים געקומען, בין איך געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז פאַר מידקייט, האָב איך ניט געקענט איינשלאָפן, בין איך טאַקע געלעגן אַ גאַנצע נאַכט מיט אָפענע אויגן, און געטראַכט פון פאַרשיידענע זאַכן, קען זיין אַז דערפאַר בין איך אויפגעשטאַנען זייער פרי, ליגן אין בעט גלאַט אַזוי, האָב איך ניט געקענט, ווייל איך האָב גוט געדענקט, וואָס משה שטראַסבערג, האָט מיר נעכטן געזאָגט, אויב ס׳איז דאָרט פאַראַן אַזוי פיל סצענעס, קען דאָך מעגלעך זיין, אַז עפּעס זאָל אַריינפאַלן צו מיר, און ווידער אָנגעהויבן, מוז מען ענדיקן, און ניט טראַכטנ־דיק פאַרוואָס, האָב איך דאָרט געוואָלט זיין פריער פאַר אַלעמען.

זייענדיק שוין ביי דער סטודיאָ, האָב איך מיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, און ווען איך האָב קיינעם ניט געזען, בין איך אַרויף אויף די טרעפּ וועלכע האָבן געפירט אין גאַרדעראָב־צימער, וואָס איז דאָס? האָב איך צו זיך געטראַכט. אַזוי פרי, און כמעט אַלע זיינען שוין געווען האַלב גרימירט, איך האָב גענומען אויף זיך אַרויפשלעפּן דעם מחותן.

פאַרטיק געוואָרן, האָב איך ניט געהאַט קיין געדולד דאָרט צו זיצן, ביז איך באַלד אַראָפּ אויפן „סעט", וואו אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, אַחוץ קלייניקייטן וואָס די בינע־אַרבעטער האָבן איצט צוגעגרייט און דערפאַר האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ, אין אַ ווינקל, אין אַ צווייטן ווינקל, האָט מען נאָך געפאַרבט, און ס'האָט שוין ניט גענומען לאַנג איז אַלעס פאַרטיק געוואָרן, ווידער זיינען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען, מ'האָט זיך, מ'פּלאָנטערט זיך, און מ'טוט נאָך אַלץ גאָרניט, און די צייט רוקט זיך, דער זייגער וועט שוין באַלד ווייזן, אַז מ'דאַרף שוין ווידער גיין עסן, אָבער די טעכנישע זייט פון דער אַרבעט גייט אָן, אַלע קוקן זיך אָן, אָבער מ'קען גאָרניט פרעגן, ווייל קיינער ווייסט ניט...

דאָס מאָל, איז דאָס עסן געווען זייער גיך, איידער איך האָב מיך אַרומגעקוקט, זיינען שוין אַלע געווען צוריק אין דער סטודיאָ און אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק.

די „קאַמערע" איז שוין געשטאַנען אָנגעלאָדן, געווען גרייט צו נעמען די פאַרטיקע סצענעס, גרויסע שטראַלן ליכט זיינען געפאַלן פון אַלע זייטן, וועלכע האָבן אַלעמען איינגעטונקען ווי אין אַ ים פון גאָלד, דער אָרקעסטער, וועלכער האָט זיך שוין געפונען אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָט אָנגעסטרויעט די כלים, פאַרשיידענע פאַרלעך האָבן זיך שוין געדרייט, באַלד האָט דער אָרקעסטער גענומען שפּילן, און אַלץ וואָס איז געווען דאָ, האָט גענומען טאַנצן.

אויך דאָס האָב איך ניט געוואוסט, אַז אַ יעדער דאַרף זיך באַזאָרגן מיט וועמען צו טאַנצן, און ווען אַלע האָבן זיך שוין אַרום מיר געדרייט, בין איך געשטאַנען אין מיטן, און ניט געוואוסט וואָס דאָ צו טאָן, מיטאַמאָל איז ווי פון הימל מיר אַריינגעפאַלן איינע, און מיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי אַ רוח אַ מלמד, און מיך גענומען דרייען, האָב איך איר באַטראַכט, וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרזעניש? אַ נידעריקע, ניט קיין שיינע און דערצו אויך ניט קיין ידישע... „וואָס טוט זיך דאָ? ווי אַזוי ווער איך פון איר פּטור? נאָך דאָס פעלט מיר צו די גליקן, אַז די גאַנצע וועלט, זאָל מיך זען טאַנצן מיט אַ שיקסע, און אַ מיוסע דערצו... ס'איז שוין אָבער געווען פאַרפאַלן, אַלע טאַנצן מוז איך אויך טאַנצן, אפילו מיט אַ שיקסע אויף אַ ידישער חתונה.




1. טשייסאָן; 2. שטראַסבערג; 3. זילבערט; 4. בערנאַדי; 5. דענק; 6. נאַטאַנסאָן; 7. האָכשטיין;

טראַכטנדיק פון אַ סצענע, האָב איך פּאַרשפּעטיקט זיך צו קלויבן מיט וועמען צו טאַנצן, נאָר ווער ס׳האָט מיר דעם אוצר אונטערגערוקט, איז פאַר־בליבן אַ סוד, און דערפאַר אפשר האָט זי מיך ניט אָפּגעלאָזט דורך דער גאַנצער חתונה.

דער אָרקעסטער האָט ווידער גענומען שפּילן, האָט זי מיך נאָך אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, דאָס מאָל האָט זי שוין געהאַלטן שבת אויף מיר, ביז מר. שוואַרץ, האָט אונדז אָפּגעשעלט, און גערעדט האָט ער ווי דורך אַ צווייטע פּערזאָן:

— מיט זיי, וועל איך מאַכן די סצענע.

ער האָט אונדז פריער זייער פּאָרזיכטיק באַטראַכט, מיט אַ מאָדנעם אָנשטעל, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער צווייפלט אין דעם וואָס ער האָט געוואָלט, געוויס דערפאַר ווייל די שיקסע איז ניט שיין גענוג, און צוליב איר, פאַרליר איך די געלעגנהייט, ס׳האָט מיר גענומען קלאַפּן אַ ביסל שטאַרקער

דאָס האַרץ, ער האָט אָבער ענדלעך באַשלאָסן, און צו איר געזאָגט אין ענגליש:

— גיי צו, און באַגריס חתן־כּלה.

ווען זי האָט זיך געלאָזט גיין, האָט ער איר אָפּגעשטעלט, איר געגנו־מען דערקלערן וואָס ער וויל, און געוויזן ווי אַזוי זי זאָל דאָס מאַכן, האָט זיך ווידערהאָלט דאָס זעלבע, וואָס מיט אַ טאָג פריער, דאָס מאָל איז עס ביי מיר שוין קיין וואונדער ניט געווען, און די שיקסע האָט באַלד ניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, און איך בין שוין געווען זיכער, אַז זי וועט די סצענע קיינמאָל ניט מאַכן, און וויפל מאָל זי האָט פּרובירט, האָט ער גע־שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, ניט דאָס מיינט ער.

ס'איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז וואָס מאָריס שוואַרץ האָט פאַר־טראַכט, וועט די שיקסע קיינמאָל ניט אַרויסברענגען. דאָ האָב איך שוין באַוואונדערט וויפל געדולד דער מענטש פאַרמאָגט, ער האָט אַלע רעזשי־סאָרישע מיטלען וואָס ער האָט פאַרמאָגט, אויף איר אויסגעפּרובירט און ס'האָט ניט געהאָלפן, ווייל ס'איז גאָרניט אַרויסגעקומען.

אויך דאָ האָב איך ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער האַנדלט, ס'איז דאָך דאָ אַזויפיל אַנדערע שענערע פון איר, וואָס האָט ער זיך אין איר אָנגעכאַפּט? ער וועט פון איר קיינמאָל ניט אַרויסקריגן וואָס ער וויל.

איך האָב שוין אָנגעהויבן פילן אַז איך פאַרליר דעם געדולד, „עד־מתי? אַוועקגיין טאָר איך ניט, לענגער שטיין דאָרט, קען איך ניט, איך פיל שוין ווי איך שטיי אויף הייסע קוילן, זאָג איך צו אים זייער שטיל: „ס'וועט ביי איר גאָרניט אַרויסקומען". קוקט ער מיך אָן, און איך זאָג: „אפשר וועל איך פּרובירן?".

איצט פאַרשטיי איך, אַז מיט דער פראַגע, האָב איך איבערגעטראָטן אַלע גרענעצן פון דעם פילם־געזעץ, ער האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס צו מיר, אויפגעמאַכט זיינע גרויסע אויגן, וועלכע זיינען נאָך געוואָרן גרעסער, און זייער ברויזנד געזאָגט:

— וואָס מיינט איר איז דאָ? ליריק טעאַטער. אפשר דאָרט קענט איר רעזשיסירן, אָבער ניט דאָ.

אַזוי ווי איך האָב מיך ניט געריכט אויף אַזאַ ברוך־הבא, איז דאָס געקומען ווי אַ דונער פון הימל, איך בין געשטאַנען ווי אַ פריטשמעליע־טער, אים אָנגעקוקט און גאָרניט געזאָגט, פאַרשטייענדיק אַז דער שטורעם האָט געמוזט אויסברעכן, ווייזט אויס, אַז איך האָב אים דערלאַנגט דעם

שליסל דערצו, ווייל באַלד נאָך דעם, האָט ער זיך אַוועקגעדרייט, און מער קיין סצענעס ניט געמאַכט.

באַלד האָט זיך באַוויזן אויפן „סעט", ז. ליבין, מיט זיין שטענדיקן ליב־לעכן שמייכל, האָט זיך ווייזט אויס מאָריס שוואַרץ אין דעם אָנגעכאַפּט, און זיך גענומען באַקלאָגן פאַר אים, ביז זיי זיינען ביידע פאַרשוואונדן גע־וואָרן.

איצט ערשט האָבן אַלע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, פערזענלעך האָב איך מיך גענומען דרייען, ווי אַ ווילדער אין אַ שטייג, אַזוי לאַנג, ביז איך האָב זיך צוגעדרייט אין אַ ווינקל, וואו ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, הינטער אַ שפּאַניש ווענטל, איז אויף אַ „סטאָלפּ" געזעסן אַ יונגע שיינע צאַרטע פרוי, זי האָט פאַרמאָגט אַ פּעך שוואַרצן קאָפּ מיט האָר, אַ פּאָר ליכטיקע קאַרשן־אויגן, און האָט ליבלעך געשמייכלט, ווער ס'האָט דאָרט אַריינגעקוקט, דאָס איז געווען ליילאַ ליע.

אויך זי האָט דאָ געוואַרט אויף אַ סצענע, ס'איז שוין אָבער געווען שפּעט, ווען איך האָב אויף איר געקוקט, האָב איך אין אַלץ פאַרגעסן וואָס ס'איז פריער פאָרגעקומען, ווען דאָס ליכט האָט זיך גענומען אויסלעשן, בין איך אַוועק אין גאַרדעראָב.

דער טומל דאָ איז געווען גרויס, האָב איך פאַרנומען מיין ווינקל, און זיך גענומען אויסטאָן. שטראַסבערג, איז אַרויפגעקומען האַלטנדיק דאָס בערדל אין דער האַנט, און שמייכלענדיק, צו מיר געזאָגט:

— דוד, ווען דו ביסט דאָרט, וואָלסטו זיך גוט אָנגעלאַכט.

— פון וואָס, משה?

— פון דעם וואָס ס'איז הינטן פאָרגעקומען.

— וואָס אַזוינס?

— ווי דער דירעקטאָר האָט זיך באַקלאָגט, פאַרן מחבר.

— וואָס האָט ער זיך צו באַקלאָגן?

— ווי שווער ער אַרבעט.

— זיך בייזערן, איז אויך אַן אַרבעט?

— ווי ער מאַכט אים גליקלעך.

— ווער ווּעמען?

— ווער ס'פילמירט זיין פּיעסע.

— און וואָס זאָגט ליבינקע?

— ער שמייכלט.

—נו, וואָס ווילסטו, ער זאָל זיך נעמען צום האַרצן...

— פאַרוואָס זאָל ער?

— טאַקע פאַרוואָס, ער וועט דאָך זיינס קריגן.

— ער האָט שוין געקראָגן אַ גרויסע סומע.

רעדנדיק האָט ער אַראָפּגענומען דעם שמינק, און גענומען דעם האַנטעך, מיט דער זייף, האָט ער זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט:

— יאָ, איך האָב דאָך דיך אַרומגעזוכט.

— האָסט מיך באַדאַרפט?

— ניין, גלאַט אַזוי, איך ווייס דאָך, ווען דו ווערסט פאַרטיק, ביסטו באַלד אין דרויסן.

— וואָס מיינסטו וועט איצט זיין?

— געוויס, דאָס זעלבע, אָבער פאַרוואָס, האָב איך דיך ניט געזען אַרויפקומען?

— ווייל איך האָב מיך אויף איינער פאַרקוקט.

— זיכער ניט אויף דער, מיט וועלכער דו האָסט געטאַנצט.

— דאָס האָסטו אויך באַמערקט?

— אָט די זאַכן, קען איך ניט אַדורכלאָזן...

— דאָס מאָל משה, האָב איך באַוואונדערט ליילא ליע!

— ווי קומסטו צו איר? האָט ער אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? איך קען אויך ניט אַלץ דורכ־לאָזן.

— ווייל איך ווייס, אַז זי איז די גאַנצע צייט „פאַרסקרינט״.

— ס׳איז פאַראַן אַ סך שפּאַלטן...

— פאַר דיר פאַרשטיי איך, קען מען גאָרניט באַהאַלטן.

— פאַרוואָס באַדאַרף זי זיך באַהאַלטן? איך האָב אויפן „סעט״ ניט געזען קיין שענערע פון איר, און צו מיר איז אַריינגעפאַלן אַזאַ...

— אָט דאָס חבר, איז פילמס, מ׳קען זיך ניט קלויבן, סיידן ביסט אַ סטאַר, דערפאַר מוז מען האָבן געדולד, און וואַרטן ביז די ריכטיקע וועט אַריינפאַלן.

— אַזוי לאַנג, וועל איך דאָ ניט זיין...

— און אפילו זי, זיצט שוין אַ פּאָר טעג, און טוט גאָרניט.

— אזוי ווי איך.

— וואָס מיינסטו?

— שוין אַ פּאָר טעג ווי איך בין דאָ, און גאָרניט.

— זע נאָר ווי איך האָב מיך פאַררעדט, מירן זיך זען, איך מוז זיך גיין אַפּוואַשן, — ער איז אַוועק.

צוזאַמענלייגנדיק מיינע זאַכן, האָב איך ניט געקענט פאַרגעסן, פאַרוואָס מאָריס שוואַרץ האָט זיך געבייזערט אויף מיר, האָב איך באַשלאָסן ווען איך וועל אונטערשרייבן איר זאָגן, אַז איך האָב גענוג, פאַרטיק געוואָרן, האָב איך גענומען מיין וואַליז, צו אַלעמען געזאָגט: „גוד נייט" — ניט וואַרטנדיק פאַר קיין ענטפער, בין איך אַרונטערגעלאָפן די טרעפּ.

פון די מענער בין איך געווען דער ערשטער, ווען איך בין געווען ביים פענצטער, האָב איך באַלד געקראָגן דאָס קאַרטל, האָב איך אונטערגעשריבן, און דאָס אַריינגעגעבן, האָט זי שמייכלענדיק געזאָגט צו מיר:

— דעטסאָל, מר. דענק.

ווען איך האָב איר אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט ביי מיר עפּעס אויסגעכאַפּט האָט זי נאָך שמייכלענדיק צוגעגעבן:

— טענקיו פאָר יור סוירוויס.

אַזוי ווי הינטער מיר זיינען געשטאַנען אַנדערע וועלכע האָבן געוואַרט, האָב איך אַ פריינדלעכן שמייכל געטאָן, און בין אַוועק.

***

זיצנדיק אין דער סאָבוויי, האָב איך ווידער גענומען טראַכטן וואָס האָט ער געמיינט מיטן ליריק-טעאַטער? פאַרוואָס האָט ער מיר דאָס אויפגעוואָרפן? פון וואַנען ווייסט ער אַז איך האָב דאָרט רעזשי־סירט? און וואָס איז אַזוי שלעכט ליריק-טעאַטער? קומט ער ניט פון דאָרט? פונקט ווי זיין רבי, דייוויד קעסלער, פון דעם זעלבן ליריק־טעאַטער? איך גלויב ניט, אַז מיט אַזאַ האַנדלונג קען מען ווערן גרויס, און אפשר? דאָס איז דאָך אַ מאָדנע פּראָפעסיע, קיינער ווייסט דאָך ניט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, דערפאַר אָבער האָב איך געהאַט צוויי עקספּערימענטן, וואָס אין דער צוקונפט וועל איך זיי מוזן אויסמיידן.

אָבער פאַרוואָס מוז עס אַזוי זיין? אין דער ערשטער סטודיאָ דאָרט, האָט מען דאָך אויך געמאַכט אַ פילם, אויך דאָרט זיינען געווען אַקטיאָרן, און טעכניקער און די אַנדערע וועלכע מ׳דאַרף, פאַרוואָס איז דאָרט געווען שטיל? קיין שאָרך האָט מען פון דאָרט ניט געהערט, און דאָ אַזאַ טומל,

אַזעלכע איבערטריבענע געוואַלדן, פון די טעכניקער און נאָך מער פון די סטאַטיסטן, און מיט וואָס האָט זיך דאָס פאַרענדיקט, מיט אומזיסטיקע באַ־ליידיקונג אָן אַ פאַרוואָס, פונקט ווי אויף אַ גויישער חתונה.

און אפשר קען דאָס אַנדערש ניט זיין, מאָריס שוואַרץ איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש און דאַרף אַליין אַזוי פיל דורכפירן, ווי איז דאָס מעגלעך? ס׳איז דאָך פאָרט אַ גרויסע אונטערנעמונג, און טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען, איז דאָך ניט קיין קלייניקייט, כ׳מיין אַן אנדערער אויף זיין אָרט וואָלט דען בעסער געווען? מ׳קען דאָך טאַקע אַרויס פון געדולד, ווען מ׳אַרבעט אָפּ שעהען לאַנג און ס׳קומט גאָרניט אַרויס, איז ווי געדולדיק מ׳זאָל ניט זיין, מוז מען זיך אַמאָל פאַרלירן.

האָט דאָס מאָל מיך געטראָפן, דאַרף איך דאָך פאַרשטיין פון וועמען דאָס איז געקומען, וואָלט איך דען בעסער געווען, ווען איך בין אויף זיין אָרט? מעגלעך אַז איך וואָלט נאָך געהאַנדלט אַ סך שטרענגער, ווער קען וויסן, ווען מ׳געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע, און זיך צו בייזערן אויף אַ שיקסע וואָס קען גאָרניט, האָט צו מיר אויך אויסגעזען ניט פּראַקטיש, מילא אויף מיר וועט דאָס כאָטש בלייבן אין דער פּראָפעסיע, כאָטש איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט צוגעוואוינען צו אומזיסטיקע פאָרוואורפן, ס׳איז אפשר מעגלעך אַז דאָס האָט מיר אַ סך געשטערט, ווייל איך האָב זיך שוין פון אַזעלכע געהאַלטן פון דער ווייטנס.

פונדעסטוועגן איז מאָריס שוואַרץ ביי מיר פאַרבליבן אַ גרויסער מענטש.

איך בין אויך געווען זיכער, אַז דער פילם וועט געוויזן ווערן, וואו ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין, וועט דאָס מיינען אַ סך, אפילו פאַר די וואָס מ׳וועט בלויז זען, ווער קען וויסן? ס׳איז פאָרט מאָריס שוואַרץ, דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעאַטער, און ס׳איז ז. ליבינס דער גרעסטער סוקסעס, ווער צו יענער צייט האָט דאָס ניט געזען? און וואו האָט מען די פּיעסע ניט גע־שפּילט? און האָט מען ניט אין אַלע גאַסן געזונגען:

גאָט אין זיין משפּט, איז גערעכט,
מ׳טאָר קיינמאָל ניט זאָגן, אַז גאָט איז שלעכט.
ווייל גאָט ווייסט וואָס ער טוט, אומזיסט שטראָפט ער קיינעם ניט,
גאָט אין זיין מפּש איז גערעכט.

און ליילא ליע, מיינט אויך עפּעס אין דער פילם־וועלט, אפשר וועט זיך פּאָרט דערפון עפּעס אויסאַרבעטן, וועט זיך דאָך אַ נייע טיר עפענען פאַר יידישע אַקטיאָרן, ווען מ׳וועט נעמען מאַכן יידישע בילדער, און ווען דאָס זאָל מקוים ווערן, וועט זיכער דער דאַנק קומען מאָריס שוואַרצן.

ווען ס׳איז מיר אָנגעקומען דער „טשעק״, האָט דאָס מיך ווידער דער־מאָנט אין אַלץ וואָס ס׳איז דאַן פאָרגעקומען אין דער סטודיאָ, און איך האָב געגומען גלויבן, אַז מ׳זעט אַמאָל יענעם, ניט ווי מ׳טראַכט, נאָר ווי אַזוי מ׳פילט צו אים, ווייל זייער אָפט מישן זיך געפילן אויס מיט געדאַנקען.

טראַכטנדיק וועגן דעם, האָב איך כמעט ווי צוגעשטימט, אַז ניט דאָס גוטע, ווי אויך ניט דאָס שלעכטע, קען אַלע מאָל צוגעשריבן ווערן צו דער גרויסקייט פון דעם קינסטלער.

אַ סך מאָל איז עס די שולד פון אַ שלעכטער דערציאונג, און זייער אָפט פון שלעכטע חברים, וואָס מ׳באַגעגנט אין דער פראָפעסיע, און פריער אָדער שפּעטער, ווייזט זיך דאָס אַרויס.

מ׳קען גלויבן, אַז אויך מאָריס שוואַרץ, דער מענטש האָט אין זיך פאַרמאָגט, אַ געוויסע מאָס פון אַ נקמה־אַקט, פּונקט ווי פיל אַנדערע, ווייל שוין דאַן ווען ער האָט שוין דערגרייכט זיין גרויסע פערזענלעכקייט, האָט אים זייער ווייניק אינטערעסירט די פאַרשיידענע מיינונגען וואָס אַקטיאָרן האָבן וועגן אים געהאַט און אַפילו ווען מ׳האָט זיך באַקלאָגט אויף אים אַחוץ אין דער פּרעסע פאַרשטייט זיך... ער האָט זיך מער ניט גערעכנט מיט יענעמס געפילן, און נאָך ווייניקער, וואָס מ׳האָט געטראַכט וועגן אים איבערהויפּט אין דער פראָפעסיע, ס׳איז מעגלעך, אַז ער האָט זיך געזוכט אָפּצורעכענען פאַר דעם אַמאָל.

מ׳קען דאָס אויך צושרייבן צו דעם גאַלאָפּירנדיקן פאַרנעם פון וועלן אַלעמען איבעריאָגן, איז שוין מער ניט געבליבן קיין צייט פאַר סענטימענט אָדער רחמנות.

ביי מאָריס שוואַרצן איז ניט געווען קיין פראַגע פון איין געביט, נאָר אויף אַלע געביטן, וואָס ס׳האָט געהאַט אַ שייכות מיטן טעאַטער, האָט ער געוואָלט זיין, ניט נאָר גרויס, נאָר טאַקע דער גרעסטער, און ביז אַ געוויסן גראַד האָט ער דאָס דערגרייכט, אין דעם פאַל איז שוין אַלץ אַוועקגעפאַלן, דאָס איז מעגלעך, קומט צום מענטשן נאַטירלעך, ווען מ׳איז אין גרויסן געיעג צום גרעסטן, אַלעמען צו פאַרזען און נאָר דאָס וואָס איז גוט פאַר זיך.

מעגלעך אַז די אַנדערע פאַר מאָריס שוואַרצן, האָבן דאָס אויך פּרוּ־בירט, אפשר אויף אַן אַנדערן אופן, ווייל די אומשטענדן זיינען געווען אַנדערע, ס׳איז אָבער אַ פאַקט, מאָריס שוואַרצן, איז דאָס געלונגען, ער האָט דאָס באַוויזן מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ סך געדולד, און נאָך מער אַמביציע, און אַ ים מיט ענערגיע, דערפאַר האָט ער דאָס דערגרייכט.

אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע גרויסע, איז ער געשטאַנען אַ סך גרע־סער, אין די אויגן פון דער וועלט, און דאָס באַווייזן האָט נאָר געקענט איין מאָריס שוואַרץ, אַזעלכער ווערט געבוירן איינער אין טויזנט יאָר.

# פּ אַ ט ר י אָ ט ן

ווען מ׳רעדט וועגן דער גאָלדענער עפּאָכע אין יידישן טעאַטער, דאַרף מען אין זינען האָבן אַז די אַלע גדולים, זיינען צו יענער צייט, געווען אַרומגערינגלט מיט אייגענע, האַלב־אייגענע, און אַ גאַר גרויסע צאָל וואָס האָבן זיי באַלד אָנערקענט, און פאַנטאַסטיש געגלויבט אין זייער טאַלאַנט, זייער גלויבן איז געווען אַזוי שטאַרק, ווען ס׳וואָלט נויטיק געווען, זיינען זיי אַלע מאָל גרייט געווען צו פאַרטיידיקן זייער ליבלינג־קינסטלער אפילו מיט „קולאַקן״, איבערהויפּט קעגן די, וועלכע זיינען געווען קעגן זיי, אַ סך מאָל האָבן זיי דאָס באַוויזן, ווען אפילו איינער האָט געוואַגט זיך פאַרקרימען קעגן זייער „סטאַר״. פאַרשטייט זיך אַז די האָט מען גערופן, די פּאַ־טריאָטן.

אַזעלכע גרופּן זיינען געווען אַ סך, און דער וועלכער איז געווען דער „סאַמי גלאַווני״, אָדער ווי מ׳רופט אים אין אַמעריקע דער „לידער״, וועל־כער איז געווען זייער פירער, האָט געטראָגן דעם נאָמען פון זייער „סטאַר״. איינעם האָט מען גערופן אַדלער, אַ צווייטן קעסלער, אַ דריטן טאָמאַשעפ־סקי, און אַ סך פון זיי האָט מען גערופן מיט די נעמען וואָס מ׳האָט זיי געגעבן אין טעאַטער.

די געשוואוירענע פּאַטריאָטן זיינען אַלע מאָל געווען גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער פאַר זייער „סטאַר״, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון זייער ליבלינג, אַלע מאָל זיינען זיי געווען גרייט פאַר אַ שלאַכט, האָט דאָס אַפילו געמעגט זיין אין טעאַטער.

אַ סך פון זיי זיינען געווען אַזוי איבערגעגעבן צום „סטאַר״ כמעט

אָבערגלויבעריש, זיי האָבן זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, פון די גע־שוואוירענע זיינען אויך געווען איזידאָר קעשיר און יאַשאַ ראָזענטאַל, זיי האָבן שטאַרק געהאַלטן פאַר יעקב פּ. אַדלער.

און ווען מ׳האָט באַדאַרפט זיינען זיי געווען אין די שעפער און פון מויל צו מויל איבערגעגעבן צו די אַרבעטער, ווער ס׳איז גרויס און ווער ס׳איז גוט, און ווען מ׳דאַרף אויפנעמען, ווען ער באַווייזט זיך אויף דער בינע, ווי אַ קעניג, און ווען מ׳דאַרף גלאַט אַפּלאָדירן ווייל ער איז אויך אַ גוטער עקטער. „פאַרסטייסט?” האָט איינער געזאָגט ניט קענענדיק אַרויסזאָגן די שין. אים האָט מען גערופן „גולאַש”.

ווער ס׳האָט ניט געוואָלט פאָלגן די פּאַטריאָטן, האָט זיי גאָט געמעגט העלפן, זיי האָבן אפילו געהאַט אַ כוח אויסצופייפן ווען זיי האָבן געוואָלט, איין גרופּע פלעגט דאָס פּראַקטיצירן, אויף אַ „סטאַר” פון אַ צווייטער גרופּע, אַזוי אַרום איז געוואָרן אַ טומל אין טעאַטער, און אַ סך מאָל אַ פּאַ־גראָם אויף דער גאַליאַרקע.

די וועלכע האָבן געהאַט מער צייט, זיינען ניט נאָר געווען פּאַטריאָטן צו יענער צייט, נאָר טאַקע די ערשטע פּאָבליסיטי אַגענטן פון יידישן טעאַ־טער, איבערהויפּט אַ יעדער פאַר זיין „סטאַר”, און אַזוי אַרום האָבן זיי איינגערעדט דעם עולם, ווער ס׳איז גרויס.

דער עולם וואָס איז געקומען אין יידישן טעאַטער, האָט שוין געוואוסט וואָס זיי דאַרפן טאָן פאַר דעם, אָדער פאַר אַ צווייטן „סטאַר”, ווען ער וועט זיך באַווייזן אויף דער בינע. ווייל מ׳האָט זיי איינגערעדט, און אַ סך האָבן טאַקע מורא געהאַט צו האַנדלען אַנדערש, ווייל זיי האָבן געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט... און אפשר האָבן זיי ניט געוואוסט בעסער, און נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען, וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך, ס׳האָבן זיך אפילו געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן אַרויפגעקוקט צום פּאַטריאָט, צוליב דעם, וואָס אַ סך האָבן געגלויבט, אַז דער פּאַטריאָט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דעם אָדער אַ צווייטן „סטאַר” מוז געוויס זיך עפּעס אָנקערן, ווייל ווער פון עולם, האָט זיך געקענט צושלאָגן צו דעם „סטאַר”? ס׳איז גרינגער געווען צוצו־טרעטן צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי אפילו צום קלענסטן פון די „סטאַרס”. דערפאַר האָבן זיך אַ סך געגרויסט, ווען מ׳האָט אפילו נאָר געקענט רעדן צו אַ פּאַטריאָט, פון דעם אָדער פון איין אַנדער „סטאַר”. ס׳איז אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ גליק, ווען זיי האָבן זיך בלויז געקענט דרייען אַרום דעם אָדער יענעם פּאַטריאָט, ווי

גרויס זיי זיינען געווען ביי דעם עולם אין די אויגן דערפון האָט זיך געשאַפן אַ באַזונדער קעניגרייך אין טעאַטער, און די פּאַטריאָטן זיינען געווען גרויס ביי זיך, ווען מ׳האָט זיי גערופן מיטן נאָמען פון זייער „סטאַר״.

אָט די אַלע גרויסע אַקטיאָרן האָבן זיך דאַן געבאָדן ניט נאָר אין אַ סך כבוד, נאָר אויך אין אַ סך געלט, און נאָך מער אין גרויס פאַרגעניגן, וואָס מ׳האָט זיי צוגעטיילט, סוקסעס האָבן זיי געהאַט איבערן קאָפּ.

און דאָס וואָס זיי זיינען כמעט זייער גאַנץ לעבן געווען אַוועק פון עולם זיינען זיי אפשר אַ סך צוליב דעם, פאַרבליבן לעגענדאַרישע פיגורן, ווייל ווער ס׳האָט זיי געזען שפּילן, האָבן זיך פאַרגעשטעלט אַז דאָס איז ער אויך אין לעבן, האָט מען אים געזען שפּילן אַ פּרינץ, אָדער אַ קעניג, אָדער אַ גרויסע פערזענלעכקייט צו וועמען מ׳האָט באַדאַרפט אַרויפקוקן, אַזוי איז ער פאַרבליבן איינגעקריצט אין זייער מוח פאַרן גאַנצן לעבן, ער איז געווען זיכער, אַז ער קען צו דעם ניט צוקומען, און דערפאַר זיינען זיי פאַר־געטערט געוואָרן.

דאָך מיט זייער גרויסער דערגרייכונג זיינען זיי קיינמאָל ניט צוגעקומען צו מאָריס שוואַרצס שוועל, ווייל זיי האָבן בלויז דערגרייכט צו די פּאַ־טריאָטן, ווייטער זיינען זיי ניט געגאַנגען, דאָ זיינען זיי געבליבן שטיין, וואו ער, מאָריס שוואַרץ, האָט אָנגעהויבן, און האָט דערגרייכט ניט נאָר צו אַ גרויסן עולם, נאָר טאַקע צו אַ וועלט־קריטיק.

מ׳רעדט נאָך פון די גרויסע ביזן היינטיקן טאָג, אמת ניט פון אַלע, פון איינעם אָדער צוויי, און אפילו די צוויי האָבן ניט פאַרמאָגט מער ווי מאָריס שוואַרץ, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן טעאַטער, אפשר מיט דער אויסנאַמע פון דייוויד קעסלער, אַלס אַקטיאָר. ווייל פון אים האָט מען דער־וואַרטעט מער, ער איז אָבער צו פרי אַוועק פון דער וועלט, דעם 14טן מאַי פון יאָר 1920. די אַנדערע זיינען שוין דאַן געווען אַלט עפּעס אויפצו־טאָן, און אַנדערע האָט צוריקגעצויגן אין קעלער אַריין, פון וואַנען זיי זיי־נען געקומען... און ווען זיי האָבן געקענט און געהאַט מיט וואָס, האָבן זיי אפילו ניט פּרובירט.

ווען מ׳וויל זיך אַריינטראַכטן, ווילט זיך אַמאָל אַ פרעג טאָן, וואָס האָבן די אַלע גרויסע אויפגעטאָן פאַרן יידישן טעאַטער? אין זייער צייט זיינען די אומשטענדן געווען אַ סך בעסער, מיינענדיק די אויסגאַבן, ווייל ווען מאָריס שוואַרץ טעאַטער, האָט שוין אַ ביסל גענומען בליען, האָבן די אויס־

גאַבן זיך זייער צעבליט, אַז זיי האָבן אַריבערגעיאָגט זיינע גרעסטע סוק־סעסן.

ביי יענע האָבן דאָך אַקטיאָרן געאַרבעט כמעט פאַר גאָרניט, אייניקע פאַר וועלן זיין אויף דער בינע, און אַ סך האָבן נאָך צוגעצאָלט ווייל זיי האָבן געוואָלט זיין הינטער דער בינע, לעבן זייער באַליבטן סטאַר.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן ווי די אַקטיאָרן האָבן זיך צו יענער צייט געפונען, זיינען זיי פשוט געווען געצוואונגען זיך צו פאַראייניקן, און דאָס האָט געמיינט צו מאַכן אַ יוניאָן. און די גרעסטע שוועריקייטן זיינען געווען, אָנערקענט צו ווערן פון די אַמאָליקע סטאַר־מענעדזשערס. האָט מען געמוזט סטרייקן.

אין דער קאַפּע זיינען אַלע מאָל געזעסן די סטרייקערס אין אַ גרופּע, און פּרובירט צו טרעפן, ווער ס׳וועט געווינען דעם סטרייק, איין מאָל, אין דער צייט וואָס מ׳האָט וועגן דעם געשמועסט, האָט זיך באַוויזן אויף דער טיר פון דער קאַפּע, דער מענעדזשער מר. היינע, ער האָט זיי צוגעהערט באַ־טראַכט דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— קענט איר מיר ניט זאָגן, וואָס פאַר אַ סטרייק דאָס איז.

— וואָס מיינט איר, מר. היינע?

— איך פאַרשטיי דאָס ניט, דאַרפט איר זיצן דאָ און רעדן, איר קריגט דען עפּעס דערפאַר? פאַר גאָרניט קענט איר דאָך רעדן אויף דער בינע.

אין דער חכמה קען מען פאַרשטיין, וואָס דער סטאַר־מענעדזשער האָט געדענקט פון די אַקטיאָרן... וואָלט זיך וועלן טאַקע וויסן, ווען אַ שוישפּי־לער איז אַרומגערינגלט מיט אַ סך פריינד, מיט טויזנטער פאַרערער, פאַר־מאָגט אַ טעאַטער, די צייט איז פאַר אים גינסטיק, ער באָדט זיך ממש אין גאָלד, איז אים ווען אַמאָל אפילו איינגעפאַלן, אָדער האָט ער געוואָלט שפּילן בעסער טעאַטער? ניין, קיין מאָל ניט, וואָס איז געווען זיין תירוץ? ס׳איז נישטאָ פאַר וועמען, פאַר משהן? „דאָס האָט מען געמיינט דעם עולם״, זיי וועלן דען פאַרשטיין? וואָס אָבער האָבן זיי יאָ אין זינען געהאַט, אַ גוטע ראָלע, אפילו די פּיעסע איז ביי זיי ניט געווען אַזוי וויכטיק, ווי די ראָלע. אַ גרויסע ראָלע, האָט ביי זיי געמיינט אַ גוטע פּיעסע, יאָ זיי האָבן שטאַרק געהאַלטן פון די צוויי, אַ גרויסע ראָלע, און נאָך אַ גרעסערן „באַקס־אָפיס״, מער האָט זיי ניט אינטערעסירט, ווי באַלד זיי האָבן דאָס געהאַט, האָבן זיי שיר ניט פאַרגעסן אין גאָט, דאָס איז געווען ווי אַן איינגעגעסענע קרענק ביי אַלע סטאַרס.

זייענדיק פינף צענדלינג יאָר אין דער פּראָפעסיע, האָב איך די אַקטיאָרן דערקאָנט, סיי מיט זייערע מעלות, און זייער אַ סך חסרונות, דערפאַר קען איך וואָגן און זאָגן, אַז ערגעץ וואו אונטער מאָריס שוואַרץ באַוואוסטזיין, איז אויך געווען אַ פונק פון אונטערזינדיקן מיט דעם ווילן פון וועלן אַ גרויסע ראָלע, אין אַ גוטער פּיעסע, ער אָבער איז געווען באַרעכטיקט, ווייל צו דער זעלבער צייט, האָט ער אויך אין זינען געהאַט, די אַנדערע אַקטיאָרן, דעם אַנסאַמבל, די אויפפירונג, און מער פון אַלעמען דעם עולם.

די קינסטלערישע זייט פון זיין וויכטיקער אַרבעט, איז אַלע מאָל געווען צו דערגרייכן דאָס שענסטע און בעסטע פאַרן יידישן קונסט־טעאַ־טער, מיט דעם האָט ער זיין בעסערן טעאַטער אַוועקגעשטעלט פאַר אַ גרויסער אינסטיטוציע אין אַמעריקע, און וואו ער האָט מיט זיין אַנסאַמבל גע־שפּילט, דאָס האָט נאָר געקענט באַווייזן אײן מאָריס שוואַרץ.

אפילו גלייך ביים אָנהייב, ווען ער האָט נאָך שווער באַדאַרפט אַרבעטן אויף זיך אַליין, האָט ער שוין אין זינען געהאַט די אַנדערע אויך, דאָס האָט באַלד געוויזן, אַז ניט נאָר ער אַליין באַדאַרף זיך אָנזען, נאָר אַלע, פון דעם גרעסטן ביז דעם קלענסטן, ניט נאָר אין אַקטיאָר, נאָר אין יעדע סצענע וואָס איז געווען אין דער פּיעסע, און אַ יעדער פּיצל אָדער ברעקל וואָס ס׳איז געווען אויף דער בינע, מוז האָבן אַ פאַרוואָס ס׳איז דאָרט, אין ווי וויכטיק ס׳איז פאַר דער גאַנצער שפּיל.

דערפאַר האָט ער פאַרדינט זיין גרויסע אָנערקענונג, וואָס ער האָט אויך פאַר דער וועלט דערמיט אַרויסגעבראַכט אַזוי פיל גוטע אַקטיאָרן.

⁂

ס׳האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פּראָפעסיע, ווען די צייט האָט זיך געענומען בייטן. אַזוי אַרום האָט זיך איין מאָל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ׳קען קריגן אַ טעאַטער פאַר אַ „ניקל״. און די פינף „סענט״ דאַרף מען פאַר אָפּקלינגען דעם אָפיס, קריגט מען אַ טעאַטער.

אפילו אין יענער צייט איז מאָריס שוואַרצן אויסגעקומען זיך אָנשטרענ־גען, אָדער ווי דאָס ווערטל גייט אַרום, זיך אונטערגאַרטלען, ביז ער האָט געקענט קריגן דאָס טעאַטער וואָס ער האָט באַדאַרפט.

דאַן זיינען מענעדזשערס געזעסן אין קאָפּע ראַיאַל, און זיך געוויצלט אויף דעם חשבון, ווי גרינג ס׳איז צו קריגן אַ טעאַטער. איינער האָט שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן:

— ווער פון אייך האָט אַן איבעריק ניקל, רופט אָפּ ריינעסין, קריגט איר אַ טעאַטער.

— יאָ, ס׳איז פאַראַן מער טעאַטערס, ווי בעלנים, דערפאַר איז אַזוי לייכט צו קריגן.

— ס׳איז לייכטער צו כאַפּן אַ טעאַטער, ווי צו כאַפּן אַ פאַרקילונג. — האָט זיך איינער אַריינגעמישט און געלאַכט פון זיין אייגענער חכמה. האָט דאָס שוין די איבעריקע אויך אָנגעשטעקט. און אפילו אין אַזאַ צייט, האָט מאָריס שוואַרץ באַדאַרפט האָבן אַ פאַרמעגן צו נעמען דעם טעאַטער וואָס ער האָט באַדאַרפט, ווייל ער האָט שוין ניט געקענט נעמען גלאַט אַ טעאַטער, ווי אַנדערע גלאַט שפּילן אַ ראָלע... מיט אַזאַ טעאַטער האָט מאָריס שוואַרץ זיך ניט געקענט באַנוגענען, פאַר זיינע גרויסע ספּעקטאַקלען, זיינען אַ סך בינעס ניט געווען גרויס גענוג, ס׳איז שוין ביי מאָריס שוואַרצן ניט געווען קיין פראַגע פון בלויז אויפפירן נאָך אַ פּיעסע, ער האָט איצט געהאַלטן אין בויען, און האָט באַדאַרפט אַ גרויסע בינע, און דערפאַר האָט מען באַדאַרפט אַ פאַרמעגן.

אַ פּריוואַטער מענעדזשער, וואָלט זיך דאָס קיינמאָל ניט אונטערגענומען, ווייל ס׳האָט שוין אַ פּאָר מאָל געטראָפן ביי מאָריס שוואַרצן, אַז די אויסגאַבן זיינען ביי אים געווען גרעסער, וויפל מ׳האָט געקענט אַריינגעמען, דאָס טעאַטער איז געווען איבערגעפּאַקט אַ יעדער נאַכט, און מ׳האָט געמוזט דערלייגן גרויסע סומעס געלט.

דאָס האָט ביי אַ פּריוואַטן מענעדזשער קיינמאָל ניט געקענט טרעפן, האָבן זיי אַמאָל געמאַכט, ווי זיי האָבן דאָס גערופן אַ גרויסע פּראָדאָקשן וואָס מ׳האָט געזען אויף דער יידישער בינע, זיינען זיי רייך געוואָרן, און דאָס האָט ביי זיי געמיינט דערגרייכונג.

ניט אָבער ביי מאָריס שוואַרצן, ער האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט אפילו מיט גרויסע פאַרלוסטן, ווייל ער האָט געזוכט דערגרייכונג און אַ בעסערן טעאַטער, און מער פון אַלץ צו דערציען אַ נייעם און בעסערן עולם פאַר אַזאַ טעאַטער, אין דעם איז מאָריס שוואַרץ געווען אין דער איינציקער געבליבן. אמת, ס׳האָט גענומען לאַנג, ביז דער גרויסער עולם, האָט גענומען באַזוכן אַזאַ טעאַטער, און נאָך לענגער האָט מאָריס שוואַרצן, גענומען ביז ער האָט זיי געמאַכט גלויבן אין אים, אָט דאָס האָט אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן, איז דאָס אָבער ניט געווען קיין אומזיסטיקע אַרבעט, און איך וועל זאָגן, אויך ניט קיין אַרויסגעוואָרפן געלט, ווייל ער האָט דערמיט

אַ סך אויפגעטאָן, און נאָך מער דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט, אָבער נאָך ניט גענוג, אויף צו האַלטן אַ יידישן קונסט־טעאַטער, אויף אַזאַ הויכער ניוואָ, און אויף אַזאַ גרויסן רייכן פאַרנעם.

אויף בעסערס, איז אַמאָל שווערער צו געווינען דעם עולם, ווי צו דעם, וואָס ער איז שוין געוואוינט, ניט אַלעמענס געשמאַק איז דער זעלבער, איבערהויפּט ווען עס האַנדלט זיך וועגן קונסט, קען מען דאָס איבער נאַכט ניט איבערמאַכן, דאָך האָט דאָס גענומען גיכער ווי מ׳האָט זיך געריכט, און מאָריס שוואַרץ האָט שוין געהאַט זיין עולם, נאָך מער, צוגעצויגן צו זיך אַזעלכע וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געחלומט האָבן צו טאָן מיט יידיש טעאַטער, זיי זיינען דאָס געוואָרן זיינע געשוואוירענע פּאַטריאָטן.

דאָס אַלץ האָט שוין מאָריס שוואַרץ דערגרייכט, אין דער צייט ווען דער גרעסטער טייל פון דעם שטראָמיקן עולם, האָט אָנגעפילט די פאַרשיי־דענע פּאַרוויילונג־טעמפּלען, פון דער צווייטער עוועניו, און פון דער באַוערי, וואו יעדער האָט געפונען לויט זיין געשמאַק, זיך געזעטיקט מיט וואָס מ׳האָט זיי געגעבן, און דערביי אָנגעפילט די קאָסע מיט אַ סך געלד. אפילו דאַן, איז מאָריס שוואַרץ, געשטאַנען פעסט ביי זיין איינגעשפּאַרטקייט און דער־מיט אפשר, געפּרואווט ברעכן דעם רוקן־ביין, פון דעם איבערנאַטירלעכן שטראָם צום שונד־טעאַטער.

זיינע בעסטע מיטלען קעגן דעם אָנצונעמען, איז געווען אַז אַ יעדער פּאָרשטעלונג זאָל זיין בעסער און נאָך בעסער, און מיט דעם האָט ער אפילו דערגרייכט דעם בעסערן ניט יידישן עולם, אפילו דאָס האָט שוין קיין סך ניט געהאָלפן, די צייט איז שוין געוואָרן אַזוי, אַז ס׳איז שוין שווער געווען צו ענדערן.

און אפילו די צייט, איז לאַנג ניט געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט, מיט איין מאָל, האָט זיך אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט טעאַטער, אַזוי הויך אַ הויב געטאָן, אַז ס׳איז אפילו פאַר די גרויסע פּראָפּיטירנדיקע טעאַטערס געוואָרן שווער צו עקסיסטירן, די אויסגאַבן זיינען געוואָרן צוויי־פאַכיק גרויס, און אפשר נאָך גרעסער, און מיט איין מאָל האָבן זיך גענומען בייטן הענט, און אַזעלכע וועלכע האָבן געמיינט, אַז זיי ווייסן און פאַרשטייען בעסער פון די, וועלכע האָבן פריער פאַרוואַלטעט, און האָבן דאָס טעאַטער אַזוי דער־פירט, אַז אפילו מאָריס שוואַרץ, מיט זיינע קלענסטע אויפפירונגען, האָט שוין ניט געקענט דערגרייכן זיינע אויסגאַבן, האָט ער דאָך פּרובירט, צו שלעפּן זיין יידישן קונסט־טעאַטער, און דאָס האָט געמיינט באַרג־אַרויף, דאָס

האָט שוין דערפירט, אַז אַן אַ בעסערן טעאַטער אין ניו־יאָרק, האָט מען שוין ניט געקענט זיין, אַזוי האָבן שוין די בעסערע אַקטיאָרן, און פיין־שמעקער געטענהט, איז טאַקע דער יוניאָן געגאַנגען אין לעבן, וואָס ס׳זאָל ניט זיין, מאָריס שוואַרצס טעאַטער מוז עקסיסטירן.

כדי דער לייענער זאָל האָבן אַ בעסערן באַגריף, וואָס פאַר אַ צייט דאָס איז געווען, און וואָס איך וויל דאָ אַרויסברענגען, ווי אַזוי אַ געוויסער מענטש ־ מענעדזשער, האָט זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן, אַז ער דערלייגט, מוז איך דאָ דערציילן אַ פאַקט, און פאַרוואָס מאָריס שוואַרצן איז געוואָרן שווערער.



אין דער קאַפע ראָיאַל איז אין הינטערגרונט געווען אַ שמאָלער דורכ־גאַנג, וואו ס׳האָט געפירט אין הינטערשטן צימער, וואו מ׳האָט אַמאָל גע־שפּילט אַ פּינאָקל. צו דער רעכטער זייט דורך דעם דורכגאַנג, איז געווען אַ גרויסע ברוינע טיר, דורך וועלכער מ׳איז אַריין אין קיך.

לינקס איז מען דורכגעגאַנגען אַ גלעזערנע ציגאַר־טשעסט, אָנגעפילט מיט ציגאַרן, און אויף אים אַ גרויסער „רעדזשיסטער״, אויף וועלכן דער קאַ־סיר האָט אָפּגעטשעקט די אָרדערס עסן וואָס די קעלנער האָבן אַרויסגע־טראָגן.

פונקט אַנטקעגן ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ קליין טישל, מיט צוויי בענקלעך, דאָרט האָט מען אַלע מאָל געקענט טרעפן אַ טעאַטער מענע־דזשער זיצן און טרינקען טיי.

אַ נידעריקער, מיט אַ קיילעכדיק בייכעלע, און ווען ער איז געזעסן, האָט זיך געדאַכט אַז זיין קאָפּ ליגט אויף זיינע אַקסלען, אויף זיין פּאַסאָלי־נאָז, האָט געזאָטלט אַ פּאָר גאָלדענע ברילן, דורך וועלכע ס׳האָבן אַרויס־געקוקט אַ פּאָר ברוינע שפּיציק־קלוגע אייגעלעך, און הינטער דער נאָז אַן אונטערגעשניטענע קליינע וואָנצע, וועלכע האָט אים געמאַכט אויסזען אַריסטאָקראַטיש, גערעדט האָט ער זייער שטיל, ווי ער וואָלט געווען אָנגע־שטרענגט און געהאַט אַ טבא זיך אַלע מאָל אַ קראַץ טאָן אין דער לינקער באַק, איידער ער האָט גערעדט.

ער איז אין יענער צייט געווען דער גרעסטער מענעדזשער אויף דער עוועניו, מיט יאָרן פריער געדענק איך, איז ער געווען דער מענעדזשער פון דעם „פּיפּלס״טעאַטער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער באַוערי, און

דער סטאַר איז דאָרט געווען באָריס טאָמאַשעפסקי, און די הויפט פרויען־ראָליסטין ציליע אַדלער.

ווען איך פלעג דאָרט פאַרבייגיין, האָב איך אים באַגריסט, איין מאָל האָט ער מיך אָפּגעשטעלט, זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער לינקער באַק און שטיל געפרעגט:

— וואָס הערט זיך?

— וואָס ווילט איר וויסן?

— כ׳מיין, ווי אַזוי זיינען די געשעפטן אין די טעאַטערס?

— דאָס מיין איך, דאַרפט איר בעסער וויסן...

— זעצט אייך אַוועק.

ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם צווייטן בענקל וואָס איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער זייט פון טישל, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אַקעגן אים, האָט ער אַ ביסל אַרונטערגעבויגן זיין קאָפּ און דורך די ברילן מיך צוערשט באַטראַכט, זופנדיק די גאַנצע צייט די טיי, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זיך לאַנגזאַם אַרומגעקוקט, אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַ „טשעק־בוך" אַרויסגעריסן אַ געל בלעטל און גענומען שרייבן רעדנדיק:

— איך מוז אויסבייטן אַ טשעק, ווען איך דאַרף באַצאָלן פאַר מיין טיי.

— אַזוי פיל טרינקט איר?

— ניט מער ווי איין גלעזעלע טיי.

— צוליב דעם, בייט איר אַ טשעק?

— איך מאַך ניט מער ווי פאַר פינף דאָלאר, וועיטער... וואו איז ער?

— האָלט שוין אַזוי שלעכט, אַז איר מוזט בייטן אַ טשעק, צו באַצאָלן פאַר אַ טיי? — איך האָב אַ שמייכל געטאָן.

— לאַכט ניט, ס׳איז ניט גוט.

פאַר אַ ווײַלע, האָב איך אים אָנגעקוקט, אין דער צייט, האָט ער געזוכט דעם וועיטער, האַלטנדיק דעם טשעק אין דער האַנט, האָב איך צו אים גע־זאָגט זייער פאַרזיכטיק:

— איר זענט דאָך אַלע מאָל געווען דער סטאַר־מענעדזשער, אַ יעדער פיעסע איז ביי אייך געווען דער גרעסטער סוקסעס, און אויך די גרעסטע קאַסע, אין וועלכן טעאַטער זעט מען היינט אַזוי פיל מענטשן, ווי מ׳האָט געזען ביי אייך?

— יאָ, מענטשן זיינען געווען אַ סך...

— און דאָרט וואו ס׳זיינען פאַראַן מענטשן.

— אַ סך מענטשן מיינט נאָך ניט, אַז ס'איז געווען אַ סך אין דער קאַסע.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך?

— ווען ס'וואָלט ניט געווען מעגלעך, וואָלט איך נאָך היינט געווען אין טעאַטער. וועיטער, בייט מיר אויס דעם טשעק.

— איין מינוט. — האָט דער וועיטער געזאָגט, פאַרבייגייענדיק.

— איר ווילט דעם אמת? דעם לעצטן סעזאָן האָב איך דערלייגט אַ סך געלט.

— איר?

— פאַרוואָס האָב איך דעם טעאַטער, אַוועקגעגעבן צו די באָיעס? ווייל איך האָב וואָס צו וויזן, שוואַרץ אויף ווייס, אַז עס איז שוין ניט דאָס וואָס געווען, יאָ, מיט אַ סעזאָן פריער האָב איך נאָך עפּעס אָפּגעשפּאָרט.

דער וועיטער איז צוגעקומען, אים אויסגעביטן דעם טשעק, גענומען וואָס אים איז געקומען, האָט ער אים נאָך צוגערוקט אַ צען סענט שטיקל, און ווען דער וועיטער, איז אַוועק, האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער באַק, און זייער שטיל געזאָגט:

— הונדערט און פופציק טויזנט, איז נאָך ניט געווען אַזוי שלעכט.

— שלעכט? אויף אַלע טעאַטערס געזאָגט געוואָרן.

— איצט פאַרגין איך זיי, אָבער לעצטן סעזאָן?

— איז ניט געווען אַזוי גוט.

— וואָדען ס'איז יאָ געווען גוט, דערלייגט פופציק טויזנט.

— מיט אַזאַ גרויסן סוקסעס?

— סוקסעס איז געווען זייער גרויס, אָבער וואָס איז מיר געבליבן פון דעם גרויסן סוקסעס? קוים הונדערט טויזנט, איז דאָס אַ געשעפט? אויב מ'דאַרף אין אַ סעזאָן, דערלייגן פופציק טויזנט, איז עס ניט פאַר מיר, דערפאַר האָב איך דאָס אויפגעגעבן, זאָלן זיי זיך דערמיט האַלטן, אָן געלט זאָל מאָריס שוואַרץ שפּילן טעאַטער.

— איר ווייסט, איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מ'האָט באַדאַרפט אַזוי פיל דערלייגן.

— וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין, אַלץ האָט אַזוי פיל אַרויפגעצויגן, אַז ס'איז געוואָרן אַ געשעפט פאַר די יוניאָנס.

— איך בין זיכער, ניט פאַר דער אַקטיאָרן־יוניאָן.

— מיט זיי קומט מען שוין דורך, מיט די אַנדערע, איז ניט אַזוי פיל

דאָס אַרויפּציען, ווי דער צוואַנג צו נעמען מענטשן וויפל זיי ווילן, איך דאַרף פאָרט ניט אַזוי פיל.

— דאַכט מיר, אַז איר זענט געווען דער ערשטער נאָכצוגעבן.

— דעם פּרייז יאָ, אָבער ניט די צאָל מענטשן.

— אויב שלעכט איז דאָס פאַר די אַנדערע...

— דאָס איז „ביזנעס״. אַז דער אַנדערער טעאַטער, זאָל האָבן ווייניקער איינגאַמע, און גרעסערע אויסגאַבן...

— וויבאַלד אַזוי, האָט איר זיך אַליין פאַרענטפערט.

— אָבער ווער האָט זיך גערעכנט, אַז עס וועט זיין אַזוי פיל? — ער האָט זיך אויפגעהויבן: — ס׳איז ניט גוט, ס׳איז ניט אַמאָל... אַ גוטע נאַכט.

איך בין געבליבן אויפן זעלבן אָרט, און אים נאָכגעקוקט ווי ער האָט פאַרלאָזט דעם ראָיאַל־קאַפע, אָנגעשפּאַרט אין אַ געלן שטעקן, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אויסגעזען אַ סך קלענער... אפשר דערפאַר ווייל ער האָט צוליב קאָנקורענץ, אַזוי הויך דערהויבן די פאַרלאַנגען פון די בינע־טעכניקערס־יוניאָן.

איצט האָט ער אַלץ איבערגעלאָזט, אַז אַנדערע זאָלן זיך ראַנגלען, אויב זיי ווילן זיין אין פאַך.

***

מאָריס שוואַרצס געשעפט־פעאיקייטן, זיינען געווען פונקט אַזוי גרויס, ווי זיינע קינסטלערישע פעאיקייטן אין שפּילן טעאַטער, דאָך האָט ער ניט געקענט באַקעמפן די צווייפאַכיקע, אָדער נאָך מער, אויסגאַבן, וואָס דער קאָנקורענץ אין פאַך, האָט אַרויפגעצויגן.

און וויפל מאָל ער האָט פּרובירט צו באַווייזן, אַז אונטער די הויכע אויסגאַבן איז דעם יידישן קונסט־טעאַטער אוממעגלעך צו עקסיסטירן, ער קען דאָס ניט אויסהאַלטן, האָט גאָרניט געהאָלפן.

פאַר אַ יעדן סעזאָן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט וואו געוואונען אַ פונקט, וואו ער וועט קענען פאַרגרינגערן די לאַגע פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער, און ביז ער האָט דאָס דערגרייכט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין אַ צווייטן און אָפטמאָל נאָך אין אַ גרעסערן עקספּענס, און ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער ערשטער אויפפירונג, האָט ער זיך אָפּט געכאַפּט, אַז ס׳האָט אים אַ שטאַרקערן שטויס געטאָן אויף צוריק.

ס׳איז ניט מעגלעך געווען נאָכצוקומען די פּאַרלאַנגען פון דער טעכני־שער זייט, וועלכע האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַן אייזערנע וואַנט, און ניט געקענט איר רירן, ס׳איז אפשר געקומען נאַטירלעך, ווייל די צייט האָט זיך געביטן, אָבער פאַרן קונסט־טעאַטער, איז דאָס געוואָרן זייער שווער, אמת ווען דאָס לעבן ווערט אַנדערש, מוזן אויך די אומשטענדן זיך בייטן, און סיי די מענטשן, ווי אויך די געשעפטן גייען מיטן שטראָם, אָבער ס׳איז ניט געווען גרינג פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער, דאָס נאָכצופאָלגן, און פאַר די וועלכע זיינען זייער גאַנץ לעבן געווען אין פאַך, איבערהויפּט פאַר איינעם וואָס האָט געוואָלט דאָס פאַך דערפירן צום גרעסטן און שענסטן, איז דאָס געווען אַ צוויי־פאַכיקע אָנשטרענגונג, און דערפאַר האָט דאָס געקענט צע־ברעכן דעם שטאַרקסטן מענטשן, אָבער ניט מאָריס שוואַרצן, וועלכער האָט דאָס אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ווי ער האָט געקענט, ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז דער מענעדזשער זאָל דאָס אויפגעבן אין צייט, אפילו מיט הונדערט טויזנט דאָלאַר אַ סעזאָן פּראָפיטז, ווייל אים האָט בלויז אינטערעסירט די קאַסע, און אפילו ווען ער האָט דאָס שוין ווי מ׳זאָגט אַוועקגעוואָרפן, האָט ער נאָך אַלץ געצויגן אַ געוויסע סומע, כאָטש ער איז אַלע טאָג געזעסן אין דער קאַפע־ראָיאַל און געטרונקען טיי, דער ריווח איז נאָך אַלץ פאַר אים ניט געווען גענוג, אָבער ווען ער אַליין וואָלט געווען אַן אַקטיאָר? וואָלט ער דאָס אויפגעגעבן? זיכער ניט. אַזוי איז זיין מיינונג געווען, אַז ס׳קען שוין ניט טויגן, ווען מ׳דאַרף זיך פאַרלאָזן אויף בענעפיטן, ער האָט אויך פאַר־שטאַנען, אַז אין דעם ווערט זיך אַריינכאַפּן אַ מין פוילקייט, און דאָס טעאַטער ווערט מוזן אונטערגיין, ניט נאָר דערפאַר ווייל נאָך זיין מיינונג, קען מען אין די בענעפיטן ניט מאַכן קיין געלט, נאָר ס׳שוואַכט אָפּ די קאַסע, אין דעם הינזיכט איז ער געווען גערעכט, פאַקטיש האָט דאָס שפּעטער באַוויזן, אויך אין מאָריס שוואַרצס יידישן קונסט־טעאַטער.

דאָ האָבן שוין אפילו די געשוואוירענע פּאַטריאָטן גאָרניט געקענט העלפן, שולדיק אין דעם אַלעמען, איז געווען די צייט, ווי דורך אַ שטורעם, איז אַלץ גאַלאָפּיש אַרויפגעשוואומען, און מער פון אַלץ, די גרויסע פראַגע, „פּרנסה״.

פריער פון אַלץ האָט אַ יעדער געוואָלט דערמיט זיין פאַרזיכערט, אפשר מיט רעכט, אָבער מ׳האָט זיך צוליב דעם, אַ סך מאָל פאַרשטאָפּט די אויערן ווען ס׳איז געקומען צו מאָריס שוואַרץ, טענות, אַ בעסערן, אַ שענערן, און אַ ריינערן יידישן טעאַטער, האָבן אַלע געוואָלט האָבן, אָבער פריער פון

אַלץ האָט אַלעמען אינטערעסירט, די הויפּט־זאַך, צי קען מען מאַכן אַ לעבן? אָט די פראַגע איז געשטאַנען פריער פון אַלץ, אידעאַליזם האָט מען געגנו־מען אַרונטערוואַרפן הינטערן טיש, ווייל אַ יעדער האָט געוואָלט האָבן מער אויפן טיש, און צוליב דעם, זיינען אַלע טעאַטערס אַרומגערינגלט געוואָרן מיט גרויסע אויסגאַבן, און מאָריס שוואַרץ, מער פון אַלעמען.

וואָלט זיך דערביי דאָס אָפּגעשטעלט, וואָלט מען נאָך אפשר געקענט זשיפען, איז עס וואָס אַ יאָר געוואָרן שווערער און שווערער, ביז ס'איז שוין געוואָרן אַזוי שווער, אַז ס'האָבן גענומען אַוועקפאַלן טעאַטערס, דאָך האָט מאָריס שוואַרץ זיך ניט אָפּגעשטעלט, אַזוי לאַנג ווי ס'איז אים מעגלעך גע־ווען זיין טעאַטער אָנצוהאַלטן.

מאָריס שוואַרץ האָט מיט זיין עקשנות זייער אַ סך דורכגעבראָכן, און צוליב דעם אפשר, געקענט באַווייזן די גרויסע דערפאָלגן, וואָס ער האָט געהאַט, און מיט זיין גאַנצער גרויסקייט האָט מען דאָך מער ווי איין סעזאָן אַ פּיעסע ניט געקענט שפּילן, אַ סך מאָל אפילו ניט אַזוי פיל, מיט דער אויסנאַמע דאַכט מיר, פון „יאָשע קאַלב”. צום צווייטן סעזאָן, האָט מען שוין געמוזט האָבן אַ נייע פּיעסע, האָט דאָס געמיינט אַ נייער, גרויסער אינ־וועסטמענט דאַרף דאָ אויך ניט פאַרגעסן ווערן, אַז יידיש טעאַטער, ווערט בלויז געשפּילט פאַר יידן.

אויב דאָס איז ניט געווען גענוג, איז אין די לעצטע יאָרן צוגעקומען נאָך אַ גרעסערע פּראָבלעם, איבערהויפּט פאַרן קונסט־טעאַטער, דערמיט וואָס ס'האָט גענומען אויספעלן, ניט גלאַט אַ פּיעסע, נאָר טאַקע פון די גוטע און בעסערע פּיעסן, דערצו האָבן גענומען אַוועקפאַלן די בעסערע כוחות, אין וועלכע דער יידישער קונסט־טעאַטער, האָט זיך שוין כמעט ניט גע־קענט באַגיין, און קיין אַנדערע זיינען ניט צוגעקומען, איז אפילו מיט אַלע אָנשטרענגונגען, האָט דער יידישער קונסט־טעאַטער זיך גענומען גליטשן באַרג אַראָפּ, דאָך האָט מאָריס שוואַרץ זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן, זיין טיפער גלויבן אין זיך, אין זיין איבערנאַטירלעכער עקשנות האָט קיינער ניט געקענט ברעכן, אפילו ניט די צייט, און דערפאַר איז ער פאַרבליבן דער גרויסער, אויב ניט דער גרעסטער מאָריס שוואַרץ.

די וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג געהאַלטן אָפּן זייערע אויגן, אויפן יידישן טעאַטער, האָבן קיינמאָל ניט געזען, די באַשרענקטקייט פון דעם יידישן טעאַטער־גייענדיקן עולם, וועלכער איז וואָס אַ יאָר געוואָרן ווייניקער און ווייניקער, אפילו אין מאָריס שוואַרץ קונסט־טעאַטער.

ביי די אומות־העולם איז דאָס קיינמאָל ניט געווען, פאַרוואָס? ווייל צו זיי קומט מען פון פאַרשיידענע פעלקער, וועלכע ציילן זיך אין זיבעציק לשונות, גייט מען אין ענגלישן טעאַטער.

ביי זיך אין דער היים רעדן זיי וואָס פאַר אַ לשון זיי ווילן, אָבער אין ענגלישן טעאַטער גייט מען, ניט נאָר די יוגנט, נאָר אַלע אַנדערע. אַנדערש איז עס אין יידישן טעאַטער, דער יונגער דור האָט אויפגעהערט צו קומען, און דער עלטערער דור, קען שוין אַליין ניט קומען אין יידישן טעאַטער.

פאַר אַ ביישפּיל וויל איך דאָ ברענגען דעם גרויסן אַקטיאָר פון זיין צייט, דייוויד וואָרפיעלד, וועלכער איז געווען פאַררעכנט פאַר דעם גרעסטן און בעסטן כאַראַקטער־אַקטיאָר אויף דער ענגלישער בינע, און מער ווי פיר פּיעסן, האָט ער אין זיין רעפּערטואַר ניט געהאַט, און מיט די פיר פּיעסן האָט ער אָפּגעשפּילט זיין גאַנץ לעבן, ווען ער איז געשטאָרבן איז ער אַלט געווען מער ווי 85 יאָר, און האָט איבערגעלאָזט אַ גרויס פאַרמעגן, די פיר פּיעסן זיינען געווען „דער מוזיק־מייסטער", „דער אָקשעניר", „דער צוריקקער פון פּיטער גרים", און זיין לעצטע פּיעסע איז געווען „שיילאָק". די ערשטע פּיעסע, האָט ער געשפּילט 18 יאָר.

ער אַליין האָט דאָס מיר דערציילט ווען איך בין מיט אים געווען אין זיער לעצטער פּיעסע, אין יאָר 1922.

אין אַ סך וויניקער יאָרן האָט מאָריס שוואַרץ אויפגעפירט הונדערט און פופציק פּיעסן, און פון די גרעסטע און בעסטע דראַמאַטורגן ווי איבסען, אַנדרעיעוו, גאָרקי, הויפּטמאַן, זשולאָווסקי, טאָלסטאָי, טשעכאָוו, סטרינבערג, מאָליער, פּשיבישעווסקי, ראָלאַנד, שיללער און שעקספּיר. ווי אויך פון די יידישע גדולים: אַש. אַנסקי, פּרץ, דימאָוו, גאָלדפאַדען, גאָרדין, הירשביין, ליבין, קאָברין, שלום־עליכם, שניאור און אַנדערע.

מאָריס שוואַרץ איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַ סך איינגעשטעלט אַרויסצוברענגען פאַר דער וועלט פאָלגנדע אומבאַקאַנטע שרייבער, אויף דעם געביט פון דראַמאַטורגן, ווי, ארי איבן זהב, בימקאָ, בערקאָוויטש, גאָטעספעלד, גילבער, ליפּשיץ, לייוויק, נאַדיר, סעקלער, פּרעגער, צייטלין, ראָזענפעלד, רעסלער און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעשעפּט, און אפילו צוליב דעם, האָט זיך מאָריס שוואַרץ, ניט אָפּגעשטעלט, וועלנדיק נאָך אַלץ אָנהאַלטן דעם יידישן קונסט־טעאַטער. האָט ער געמוזט אָנהויבן צו שעפּן זיין רעפּערטואַר פון אַ גאַנץ נייעם קוואַל, וועלכער האָט געמוזט זיין אַ רייך סטיליזירטער, און אויך ניט פון אַבי ווער, אָדער

אַבי וואָס, ווייל ס׳האָט באַדאַרפט זיין צוגעפּאַסט פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער, און אויך פאַר מאָריס שוואַרצס גרויסן פּאַרנעם, ס׳האָט געמוזט זיין ליטעראַ־ריש און קינסטלעריש ווערטפול, אויפצופירן אַזעלכע פּיעסן וואָס וואַלגערן זיך ניט אין די גאַסן, און מ׳דאַרף זיי זוכן.

***

איידער איך וועל צוקומען דאָרט וואו מאָריס שוואַרץ האָט געזוכט און טאַקע געפונען, מוז איך מיך דאָ אָפּשטעלן און פרעגן די וועלכע לעבן נאָך מיט דער פאַרגאַנגענהייט און זיי מיינען אַז די וועלט האָט זיך אויפגעהערט צו דרייען.

וועלכער שרייבער ווייס ניט היינטיקע צייטן, ווי שווער ס׳איז צו פאַרקויפן אַ יידישן בוך? ניט נאָר היינט, ס׳איז שוין אַ שיינע עטלעכע יאָר, און פון היינט איז שוין אָפּגערעדט, מעג דער בוך אַרויסקומען פון דעם גרעסטן און בעסטן שרייבער, אויב אין יידיש איז דער בוך פאַרמשפּט צו פוילן אין אַ קעלער, מיר זיינען שוין אפילו צוגעקומען צו דער מדרגה, וואו אַ יידישער בוך־געשעפט שעמט זיך צו האַלטן אַ יידישן בוך אין זיין פענצטער.

וועלכער טאָרקוואָמאַדע איז דאָ אויפגעשטאַנען, און אַרויסגעגעבן די גזירה, אַז אַלע יידישע ביכער מוזן אַרויסגענומען ווערן? און וויבאַלד אַזוי, ווי קען מען זיי פאַרקויפן? דערפאַר איז גאָרניט קיין וואונדער, וואָס ס׳איז געלונגען מאָריס שוואַרצן צו באַווייזן דעם מחבר פון די ווערק, וואָס ס׳מיינט פאַר אים צו דראַמאַטיזירן און אויפפירן זיי אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, ווי, יאָשע קאַלב, ברידער אַשכנזי, פאַמיליע קאַרנאָווסקי און אַנדערע פון זיינע שריפטן.

י. י. זינגער האָט דאָס פאַרשטאַנען, ער האָט געוויס געהאַט אַ וויטן קוק, און געזען ווי ווייט יידישע ביכער קענען גיין, און דערפאַר האָט ער מיט מאָריס שוואַרצן, אָפּגעמאַכט אַז ער זאָל זיי דראַמאַטיזירן, און זיי אויפ־פירן, ניט נאָר איז דער מחבר געוואָרן גרויס און באַרימט, נאָר טאַקע פאַרמעגלעך אויך, און אפילו פאַר זיין בעסטן ווערק, וואו און ביי וועמען וואָלט ער אָפּגענומען אַזוי פיל האָנאָראַר? אפילו די רייכסטע יידישע צייטונג אין דער וועלט, וואָלט אים אַזוי פיל ניט געקענט באַצאָלן, דאָ אָבער האָט ער געהאַט די בעסטע געלעגנהייט, אַלע נאַכט ווען מ׳האָט געשפּילט,



מאָריס שוואַרץ אַלס דער נעשעוווער רבי

האָבן טויזנטער מענטשן געזען זיין שאַפונג, ער האָט גוט געקראָגן באַצאָלט, און זיין נאָמען אַלס שרייבער איז געוואָרן אַ סך גרעסער ווי ער האָט זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט.

ווען דער זעלבער מחבר, וועלכער איז געווען איינער פון די גאָר גוטע שרייבער, וואָלט זיך פאַרלאָזט, ביז ער וועט פאַרקויפן טויזנטער ביכער,

וואָלט ער זיכער קיינמאָל ניט דערלעבט צו אַזאַ גרויסקייט, איז וועמען קומט דער דאַנק? ניט קיין אַנדערן ווי מאָריס שוואַרצן.

דאָ האָב איך באַוויזן, וואָס די פּאָלגנדיקע האָבן זיך אויסגעדריקט וועגן יאָשע קאַלב, ווען זיי האָבן דאָס געזען שפּילן אין יידישן קונסט־טעאַטער.

„מיר קענען ניט געפינען גענוג ווערטער אויסצודריקן אונדזער באַגייס־טערונג פאַר אייער שפּילן און קינסטלעכע אויפפירונג. פאַר אונדז איז דאָס געווען אַן אומפאַרגעסלעכער אָוונט".

נאָעל קאָווארד, לינן פאָנטיין, אַלפרעד לאָנט, דזשעד הערריס.

„איך באַטראַכט דאָס אַלס דער גרעסטער און נאָבלסטער אויפטו פונעם אַמעריקאַנער טעאַטער". עדי קענטאָר

„אייער אויפפירונג פון אַזאַ שפּיל ברענגט נייע שענקייט און שטאָלץ צום טעאַטער". פעני הורסט

„מ׳דאַרף ניט זוכן אין עדיטאָריעל קאָלומס וועגן אַ פּיעסע. „יאָשע קאַלב" איז ניט קיין פּיעסע. ס׳איז אַ געשעעניש, אַן אמת גרויסע געשעעניש אין דער געשיכטע פונעם אַמעריקאַנער טעאַטער, ס׳איז דאָ בלויז לויב־געזאַנגען פאַר דער דראַמע. י. דזשיי. זינגער האָט געשריבן אַ מעכטיקע נאָ־וועלע און מאָריס שוואַרץ האָט געבראַכט זיין גרעסטן סוקסעס אין איבער־זעצן זינגערס נאָוועלע אינעם דיאַלעקט פאַר דער בינע, נאָך מער, ער האָט אונדז געגעבן די שענסטע שפּיל וואָס דער טעאַטער האָט געזען פאַר פילע יאָרן". דר. סטיפן ס. ווייס

„די פּיעסע און אויפפירונג איז אַזוי פיין און רייצנד ווי אירגענד וואָס די מאָסקווער קונסט־טעאַטער שפּילער האָבן ווען עס איז אויפגעפירט".

דייוויד וואָרפיעלד

„נאָכדעם ווי כ׳האָב געזען אייער פאָרשטעלונג לעצטן אָוונט, בין איך גליקלעך צו זאָגן אַז ס׳פרייט מיך וואָס איך בין אַ יידישע און כ׳בין שטאָלץ מיט אייך". סאָפיע טאָקער

„אייער אויפפירונג איז גרויסאַרטיק, ס׳איז הערלעך און רייצנד, איך רעקאָמענדיר דאָס צו יעדן איינעם". עדוואַרד דזשי. ראָבינסאָן.

„אַ זייער אינטערעסאַנטע שפּיל...". מרס. איזראַעל זאַנגוויל

„כ׳קען אייך גאָר אַזויפיל ניט דאַנקען פאַרן פאַרגעניגן וואָס איר האָט מיר פאַרשאַפט מיט אייער איינלאַדן מיך צו זען „יאָשע קאַלב״.

די בלעטער פון יידישן פאָלקלאָר זיינען אַלע מאָל פאַרכאַפּנד, און ווען די כאַראַקטערן ווערן לעבעדיק אַזוי ווי איר האָט זיי סוקסעספול פאָרגע־שטעלט, איז דאָס געווען האַרץ־רירנד.

מיין קינדערשער יידיש, וועלכער איז געווען אומבאַרירט פיל יאָרן איז צוריקגעקומען צו מיר, און ווי איך בין דורכגעזעסן די פאָרשטעלונג האָט מיין האַרץ געהאַלטן אין איין איבערזאָגן — דאָס איז מיינס — דאָס זיינען מיינע מענטשן״. ראַביי אַלבערט מ. שולמאַן

„זיצנדיק אין טעאַטער באַצויבערט קוקנדיק אויף דער וואונדערבאַר שיינער און הערלעכער שפּיל פון „יאָשע קאַלב״, האָב איך געטראַכט: — ווער וואַגט דאָס צו זאָגן אַז ס׳איז שוין מער ניטאָ קיין יידיש טעאַטער?״ בערטאַ קאַליש

„׳יאָשע קאַלב׳ איז די שענסטע און קאָלירפולסטע אויפפירונג וואָס ניו־יאָרק האָט ווען געזען אין אירגענד וועלכער שפּראַך אין אַ לאַנגער צייט, מ׳קען די אויפפירונג בלויז פאַרגלייכן מיט מאַקס ריינהאַרטס און דייוויד בעלאַסקאָס אויפפירונגען״. מאָריס געסט

„׳יאָשע קאַלב׳ איז אַן אמת מעכטיקע און שיינע דערציילונג אין קאָ־לירפולן סטיל, אַריינגעמענדיק דעם גאַנצן פאַרנעם פון טעאַטער. מר. שוואַרץ ווייסט ווי אַזוי אויפצופירן אַ טעאַטער־שפּיל, זיין פּובליקום ווערט איינגאַנצן באַהערשט״. ברוקס אַטקינסאָן

„גרויסאַרטיק, שטאַרק דראַמאַטיש, אומבאַשרייבלעך קרעפטיק״. אַב. קאַהאַן

„די אַרטיסטישע דערגרייכונג קען גאָר אַזוי פיל ניט געלויבט ווערן״. וויליאַם עדלין

מיט דער אויסנאַמע פון די לעצטע צוויי אפשר... ווייל אין גאַנצן זיכער בין איך ניט, ווער פון די אַנדערע וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט וואָלט ווען אַמאָל געלייענט דעם בוך „יאָשע קאַלב״, איבערהויפּט אין יידיש? וואָלט זיך ווער פון זיי אַזוי וואַרעם און האַרציק אָפּגערופן ווען ניט דורך מאָריס שוואַרצן, פּראַכטפולע גרויסע קינסטלערישע אויפפירונג? און ווי זאָגט מען,

מיטן עסק קומט דער אַפּעטיט, האָט מאָריס שוואַרץ פּרובירט מיט אַנדערע שרייבער דאָס זעלבע, ליידער האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבן, געוויס איז דאָס ניט געווען זיין שולד, ווייל ניט אַלע ראָמאַנען לאָזן זיך דראַמאַטיזירן, ניט אַלע ראָמאַנען פאַרמאָגן אַ אינטערעסאַנטן אינהאַלט, אַז ס׳זאָל נעמען דעם עולם, און ניט אַלע ראָמאַנען פאַרמאָגן דעם דראַמאַטישן פאַרכאַפּנדן אינטערעס, אַז דער עולם זאָל ווערן פאַרכאַפּט.

איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ האָט פּרובירט, און צו דער זעלבער צייט, אויך געגעבן די וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מ׳וועט זיך רעכענען מיט זיי, און אויב דער עולם האָט דאָס ניט געוואָלט, איז דאָס זיכער ניט געווען זיין שולד, פאַרקערט ס׳האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, ווייל אים איז אויסגעקומען אַלע מאָל אַ סך איינצושטעלן.

האָבן דאָס אַנדערע פאַר אים, געוואָגט צו טאָן? געפינט זיך אפילו איינער, וואָס קען ווייזן, ווער פון די אַמאָליקע גרויסע, האָבן אפילו צו זיך צוגעלאָזט אַזאַ שרייבער? ווער שמועסט נאָך עפּעס טאָן פאַר אים, נו, און איצט נאָך 50 יאָר, ווען איך האָב מאָריס שוואַרצן געזען צום ערשטן מאָל אויף דער בינע, קען איך מאַכן אַ סך־הכל, אַז ער האָט געהאַלטן וואָרט, יאָ, ער האָט אַלע דריי איבערגעיאָגט, ניט נאָר קינסטלעריש, נאָר אפילו וועלטלעך, און ס׳איז פאַראַן אַ פאַרוואָס.

פּונקט ווי מ׳קען ניט אָפּלייקענען די וועלט־באַרימטע קינסטלער, פון אַלע אַנדערע געביטן מיינענדיק מאלער, שרייבער, סקולפּטאָרס, א.אַז.וו. אַזוי אויך קען מען ניט אָפּלייקענען, די גרעסטע דריי יידישע אַקטיאָרן פון דער יידישער בינע, ווי יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער און באָריס טאָמאַשעווסקי. איך דערמאָן זייערע נעמען מיטן גרעסטן רעספּעקט, ווייל איך בלויז אָנווייזן וואָס איך האָב אַליין געזען און געהערט, און פאַרוואָס מאָריס שוואַרץ שטייט ביי מיר העכער פון אַלע, אמת אין זייער צייט, זיינען זיי געווען גוטע אַקטיאָרן, אויב ס׳געפינען זיך אַזעלכע, וועלכע גלויבן אַז זיי זיינען געווען קינסטלער, לאָז איך אָן אָפענע טיר פאַר אַ דעבאַטע.

ווייל איך פאַרשטיי אַז אַ גוטער אַקטיאָר, מיינט נאָך ניט אַז ער איז אַ קינסטלער, אַזעלכע זיינען פאַראַן געציילטע אין אַ יעדער פּראָפעסיע, און זיי באַווייזן זיך אויף דער וועלט זייער זעלטן און מוזן באַזיצן זייער אַ סך מעלות, און דאָס האָב איך נאָר געזען אין מאָריס שוואַרץ.




„ברידער אַשכנזי", פון י. י. זינגער. — סעמיועל גאָלדענבורג, מאָריס שוואַרץ און די טרופּע פון יידישן קונסט־טעאַטער.

# די גרויסע דריי

אונטערשטרייך איך דאָ, אַז איך קריטיקיר ניט קיינעם, איך גיי מאַכן בלויז פאַרגלייכונגען, ווי אַזוי איך האָב זיי געזען, צוערשט אין „פּיפּלס"־טעאַטער, אויף דער באַוערי, אין אַ סעזאָן שפּעטער, אין דעם „דויע"־טעאַטער, אויף דער 14טער גאַס, דעם נשי־הגדול יעקב פּ. אַדלער. שוין אַלט, ער האָט שוין מער געקרעכצט, ווי גערעדט, איז וואָס האָב איך שוין פון אים געקענט דערוואַרטן, ער איז דאָך שוין געגאַנגען פון דעם יאַריד... האָב איך אים נאָך געזען שפּילן, אַ בחורל פון אַ 17 יאָר, אין דער פּיעסע :דער מטורף", אין למך אין „ווילדן מענטש", איז נאָך אַ סך יינגער, ווייל ער שפּילט זיך נאָך מיט קאַרטינקעלעך.

וואָס איז געווען דער תירוץ, ער האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער, ווען ער איז שוין געווען אַ מאַן פון אַ יאָר 36, שטעלט זיך טאַקע די פראַגע, וואו האָט ער געלערנט? ער האָט זיך אַפילו ניט געקענט באַרימען ,אַז ער האָט אַמאָל געזונגען ביי אַ חזן, איז פון וואַנען האָט ער גענומען דאָס וויסן? וואָס רעזשי איז, וואָס ס'איז גוט, און וואָס ס'איז שלעכט? דאָ איז געווען דער תירוץ, ער האָט געהאַט שכל, געווען דער אונטערנעמער, און אויב מ'איז אַליין דער דירעקטאָר, מעג מען שוין אַלץ, און מען קען שוין מער און בעסער אפילו פון אַ קענער... מיין מיינונג איז אַלע מאָל געווען, אַז זיין גרויסקייט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס דער עולם האָט זייער ווייניק פאַרשטאַנען, און ער האָט דאָס געוואוסט ווי אַזוי אויסצונוצן.

אין וויפל פּיעסן איך האָב אים געזען, האָט זיך מיר אַלע מאָל גע־דאַכט, אַז ער שפּילט מער מיט חכמה, ווי מיט אמתן טאַלאַנט... אים האָט אַ סך אַרויסגעהאָלפן זיינע פיזישע מעלות, נאָר ער האָט דאָס פאַרמאָגט, און מיט דעם האָט ער זיין עולם באַצויבערט.

זיין ווייסער קאָפּ האָר, וועלכער האָט זיך שוין געשיטערט, איבער דעם שוין אַ ביסל פאַרגעלטן הדרת־פּנים, און געמאַכט זיין אַ ביסל בערגלדיקע נאָז, ווי אַ מאַיעסטעטישער אָדלער אַרויסקוקן, האָט אים גע־געבן אַ סך חן, צו זיינע פולע ליפּן, וועלכע האָבן נאָך אויף דער עלטער געברענט מיט טיפער ליידנשאַפט, אויך איז זייער מייעסטעטיש אין זיין גאַנצן אויסזען האָט זיין פּערזענלעכקייט פאַרמאָגט אַ גרויסע קראַפט פאַרן עולם, דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַן איבערנאַטירלעכן קרעכץ, וועלכער

האָט שטענדיק אַפּעלירט, זיין מעלאָדראַמאַטיש שפּילן מיט די לאַנגע פּאוזן אויסגעצויגן ווי דער יידישער גלות, באַגלייט פון אַ סטרונע־אינסטרומענט, וועלכער האָט געשפּילט אַ רוסישע מעלאָדיע, אויפן מיסטעריעזן באַפעל פון זיין האַנט, מיט וועלכער ער האָט לאַנגזאַם זיך געצויגן ביים לאַץ פון רעקל, אָדער פּרינץ אַלבערט וואָס ער האָט אָפט געטראָגן, דער עולם האָט דאָס קיינמאָל ניט באַמערקט, אפשר דערפאַר האָט דאָס אַזוי אַפּע־לירט צו זיי, ער איז ווירקלעך מיט די מעטאָדן אַריינגעקראָכן אין זייערע הערצער, וויסנדיק און פאַרשטייענדיק וואו ער צילט.

דאָך האָט אים דער עולם אַלע יאָרן באַלוינט מיט אָנערקענונג און ליבע, כמעט אין אַלע זיינע קרוין־ראָלן האָב איך אים געזען און מיר האָט זיך אַלע מאָל גערדאַכט, אַז ער איז דער זעלבער, בלויז די באָרד איז גע־ווען אַן אַנדערע, און אַ סך ראָלן, האָבן אים שוין אין גאַנצן ניט געפּאַסט, שוין געווען צו אַלט פאַר זיי.

קינסטלעריש, האָט אים מאָריס שוואַרץ איבערגעיאָגט, אין פאַרגלייך מיט דער צייט, איז פאַר יעקב פּ. אַדלער, געווען אַ סך אַ בעסערע, פאַרוואָס האָט ער דאָס ניט אויסגענוצט פאַר אַ בעסערן טעאַטער ? דער סוף, ער האָט פאַרענדיקט מיטן פּרעמדן.

***

נומער צוויי, וואָלט לויט דער מיינונג פון אַ סך, באַדאַרפט זיין נומער איינס, כאָטש ער האָט געמאַכט מיט זיין אויסזען דעם איינדרוק פון דעם אַמעריקאַנער געשעפטסמאַן, טראַגנדיק אַ שוואַרצע דוירבי, אַ קאָנסערוואַ־טיוון אָנצוג, הויך און פעסט, אַ הונדערט פּראָצענטיקער פּרימיטיווער מענטש, אַלע מאָל נאָר גערעדט ענגליש, ער, מער ווי די אַנדערע איז געווען דער גוטער קערנדיקער נאַטירלעכער אַקטיאָר, דאָס איז געווען דייוויד קעסלער.

כאָטש אַ סך מאָל האָט מען ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט, דאָך איז ער געווען אַ ברויזנדער גרויסער טאַלאַנט, אויך נאָר דאַן, ווען ער האָט געוואָלט שפּילן, פונדעסטוועגן האָט מען אויף אים געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ נאַטירלעכער בריליאַנט, נאָר ניט געשליפן, און דאָס האָט מען גלייך דערקענט אין זיין שפּילן די ראָלן וועלכע ער האָט ליב געהאַט, און געוואָלט שפּילן.

פון דעם ערשטן, איז ער זיכער געווען קינסטלעריש מער אויסגע־האַלטן, דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ גרויסע שטימע, און געקענט גוט זינגען, אויך אַ וואונדערבאַרן אויער פאַר מוזיק, און גיך אויפגעכאַפּט וואָרט־קלאַנגען, און דאָס האָט אים פיל מאָל נערווירט, ווי אַזוי דער וואָס איז געווען מיט אים אויף דער בינע, האָט גערעדט, אָדער געזונגען, דאָס האָט מען גלייך דערקענט אויף אים, ער האָט באַלד פאַרדרייט זיין ברייטע נאָז, און האָט שוין ניט געקענט וואַרטן, האָבן זיך געמעגט געפינען הונ־דערטער מענטשן אויף דער בינע, האָט ער אויפן „פאַלצעט" גענומען אונ־טערברומען. „הערט נאָר ווי ער רעדט, וואָס איז דאָס פאַר אַ זינגען ?" און גלייך דערביי פאַרדרייט יענעמס נאָמען, האָט איינער זיך גערופן בלום, האָט ער באַלד אַ זאָג געטאָן: „בלומעניו, מיט אַזאַ זינגען וואָלט בעסער געפּאַסט זיך צו רופן רעטעך.

קיין גרויסער אומגליק וואָלט דאָס ניט געווען, נאָר ווי אַזוי ער האָט דאָס געזאָגט, איז ביי דעם באַטרעפנדן דאָס האַרץ שיעור איינגעפאַלן, און ווי גיך דאָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער עוועניו, און די קאָלעגן שוישפּילער האָבן דאָס צעבלאָזן אין דער קאַפע, און נאָך מער אין דער אַקטיאָרן־יוניאָן, דאָס אַלץ איז צוגעשריבן געוואָרן צו זיין פּרימיטיווקייט, און זיין גרעסטער חסרון איז געווען, וואָס ער איז אָפט געווען אין אַ שלעכ־טער שטימונג, צו שפּילן. האָט ער דערפאַר זייער אָפט חוזק געמאַכט.

ס׳איז אַ סברא אַז דער גרויסער מאָריס שוואַרץ, אַזוי האָבן אַקטיאָרן דערציילט, האָט פון אים אַ סך געירשנט... פאַרשטייט זיך אַז ניט פון דער גוטער זייט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס, ווען ער האָט געוואָלט.

און ווען איך האָב דאָס געהערט, האָט עס מיך שטאַרק געוואונדערט, ווייל איך האָב שוין מאָריס שוואַרצן געהאַלטן פאַר אַ מער מאָדערנעם, מער אינטעליגענט, אַזוי צו האַנדלען, ער האָט דאָך יאָ באַדאַרפט פאַרשטיין אַז אַקטיאָרן האָבן געפילן, ווער נאָך אַזוי פיל האָט געוואוסט, ווי דאָס טוט וויי ?... ס׳האָט זיך עפּעס ניט געלייגט אויפן שכל אַז ער באַהאַנדלט אַזוי אַקטיאָרן.

אויך דייוויד קעסלערן האָב איך געזען שפּילן אין זיינע בעסטע ראָלן, אַ פּאָר פון זיי קען איך נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג ניט פאַרגעסן, די סצענע פון דריטן אַקט אין „גאָט פון נקמה", פון שלום אַש. אין דער סצענע פון

צווייטע אַקט, אין „שלמהקע שאַרלאַטאַן״, פון יעקב גאָרדין. ווער ס׳האָט דייוויד קעסלערן געזען בלויז די צווי סצענעס אָפּשפּילן, האָט אים געמוזט צורעכענען צו די גרעסטע קינסטלער, וואָס מיר האָבן אין יידישע טעאַטער פאַרמאָגט, האָט ער נאָר געוואָלט, האָט ער אַלעמען באַגייסטערט אין וועל־כער פּיעסע ער האָט געשפּילט, איבערהויפּט אין די לעצטע צוויי וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט, ער איז אין די ראָלן געווען אַזוי נאַטירלעך גוט, אַז ער האָט מיך אַזוי באַגייסטערט, און ווען איך האָב שוין נאָך אים געזען שפּילן די זעלבע ראָלן, איז ניט געווען קיין גלייכן צו אים, אפילו רודאָלף שילדקרויט, וועלכער איז געווען אַ זייער גוטער אַקטיאָר.

ווען איז פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט פון זיין בעסטער פאָרשטעלונג, ווען ער איז אַרויסגעקומען פאַרן פאָרהאַנג און גענומען רעדן פאַרן עולם, אַזאַ צוזאַמענמיש פון ווערטער מיט געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך ניט געקלעפּט, האָב איך קיינמאָל ניט געהערט אין אַ צווייטן טעאַטער, ניט מ׳האָט גע־וואוסט וואָס ער האָט געזאָגט, און נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געוואָלט, אָבער פון זיין שפּילן, בין איך ניט איין מאָל אַוועק אַזוי באַ־גייסטערט, אַז איך האָב אים לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן.

ביז איך בין געקומען צו דייוויד קעסלערס ערן־אָוונט, האָט ער געשפּילט „לואי דער עלפטער״, פון וויליאַם שעקספּיר. בין איך אַוועק פון טעאַטער מיט דער זעלבער מיינונג וועגן אים, ווי וועגן יעקב פּ. אַדלער אין „שיילאָק״. און באָריס טאָמאַשעווסקי אין „האַמלעט״, פון זעלבן מחבר.

דייוויד קעסלער האָט זייער אָפט געפּרואווט שפּילן אַ בעסערע פּיעסע, ווען ער האָט נאָר געהאַט די געלעגנהייט, און איז געווען פאַרשטענדלעך און זייער גוט, דאָ האָט עפּעס ניט געשטימט זיין פּרימיטיווע האַנדלונג, ניט צו די אַקטיאָרן, און אויך ניט צו זיינע פריינד.

אין אַ בריוו וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָב איך געלייענט גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס קאָלעגן אַקטיאָרן האָבן מיר שוין לאַנג דערציילט אַזעלכע וואָס זיינען מיט אים געווען פאַר אַ סך יאָרן, און אָנגעגעבן פאַקטן, פערזענלעך האָב איך נאָר געקענט צוויי פון זיינע קינדער, דאָס איז געווען זיין שטיף־זון מאַקס ווילנער, וועלכער איז אויך געווען זיין מענעדזשער, און זיין טאָכטער אידע קעסלער, וועלכע איז געווען פאַרהייראַט צו דעם פּאָעט מלך עוזר, און די לעצטע צייט געוואוינט אין לייקוואוד. איר גע־דענק איך נאָך, ווען זי האָט געשפּילט מיט יעקב פּ. אַדלער אין דעם טעאַ־

טער אויף דער 14טער גאַס, דאָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, ווען ער האָט אַפילו ניט געקענט שטימען מיט זיין זון, און איז אַרויס פון זיין טעאַטער, ווערנדיק אַ נע־ונדניק אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

ער האָט דאָך יאָ פאַרמאָגט, וואָס אַ קינסטלער דאַרף האָבן, אַ גרויסע שטימע צום זינגען, אַ סך טאַלאַנט צו שפּילן טעאַטער, און ווי פּרימיטיוו ער איז געווען, האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ וואונדערבאַרן געשמאַק פאַר אַ בעסערער פּיעסע און מענטשלעך שפּילן, אַ נאַטירלעכן פאַרשטאַנד צו בע־סערס און שענערס, ער איז מיט אַלע פעלערן געווען באַרעכטיקט צו ווערן פאַררעכנט אין דער ריי פון ערשטע קלאַסישע קינסטלער, ליידער אָבער האָט ער דאָס ניט געהאַט אַ סך מאָל וואו אַרויסצוברענגען.

שפּילנדיק די לעצטע פאָרשטעלונגען אין ליריק טעאַטער, איז ער קראַנק געוואָרן, פון דאָרט האָט מען אים צוגענומען אין שפּיטאָל וואו ער איז גע־שטאָרבן, און פונקט ווי אַלע אַקטיאָרן, גאָרניט איבערגעלאָזט.

*
**

נומער דריי איז שוין געווען גאַנץ אַנדערש, ס׳וועט ניט זיין איבער־טריבן, ווען איך וועל אים אָנרופן דער אַריסטאָקראַט פון די דריי, ער איז געווען אַ שיינער מאַנספאַרשוין, פון מיטעלן וואוקס, און זיין צילינדער־הוט וואָס ער האָט אַלעמאָל געטראָגן, האָט ער זיך אויסגעגליכן מיט די אַנדערע, אַ שיין געקרייזלטן קאָפּ קוטשעראַווע ברוינע האָר, פון אונטער זיין ווייסן שטערן, האָט אַרויסגעשיינט אַ פּאָר טיפע פאַרחלומטע אויגן, געדרויכערט קרומע ציגאַרן, „קראַגס״, האָט מען זיי גערופן, אַלע מאָל געווען שיין אויסגעפּוצט, נאָך דער לעצטער מאָדע, אַלץ האָט געמוזט זיין פון איין קאָליר, אַפילו זיינע שיך וואָס ער האָט געטראָגן, האָבן געמוזט זיין פון דעם זעלבן שטאָף וואָס זיינע קליידער, ניט קוקנדיק אויף זיין שוין צו גרויסן בויך, איז ער דאָך געווען דער אינטערעסאַנטסטער פון די אַנדערע, כאָטש מ׳האָט אים פאַררעכנט אַלס דער דריטער פון די גדולים.

ער איז אויך געווען געבענטשט מיט אַ סך מעלות, געקענט זייער פיין זינ־גען, געווען אַ מנגן־גדול, אַן אינטעליגענטער מענטש, אַליין געשריבן די ליברעטאָס פאַר זיינע אָפּערעטן, און איז געווען דער גרעסטער „ספּאָרט״ אין דער פּראָפעסיע, צו דער זעלבער צייט אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר וואָס ס׳האָט געהאַט צו טאָן מיט יידיש טעאַטער, דערצו אויך אַ גרויסער יידישיסט, ביז

ס׳איז געקומען צו רעדן, האָט ער פאַרמאָגט אַ שאַרפע „ר״ און ס׳איז ביי אים אַרויסגעקומען אַ צעבראָכענער דייטש, אין גאַס, אָדער וואו מ׳האָט אים אָנגעטראָפן, האָט מען אים דאָס געקענט פאַרגעבן, דעם אמת געזאָגט, דאָ האָט דאָס אים זייער געפּאַסט, צו דער האַלטונג, צו זיין קליידן־זיך, איז אין דעם געווען אַ געוויסער חן, אָבער קיינמאָל ניט אויף דער בינע, ער האָט פאַרמאָגט אַ ברייט גוט יידיש האַרץ מיט נאָך אַ גרעסערע אָפענע קע־שענע, פאַר יעדן ווער ס׳איז צו אים געקומען, אויך געווען אַ זייער פּראָ־דוקטיווער מענטש פאַרן טעאַטער, אין זיין צייט, האָט ער זייער אַ סך צו־געטראָגן, פאַרשטייט זיך אויף זיין שטייגער, האָט ער געשאַפן אַ גרויסן רעפּערטואַר פון ספּעציפישע יידישע אָפּערעטן, און זיי אַזוי באַפּוצט, אַז ס׳האָט יענעם עולם געמוזט געפעלן, אַ סך פון זיי האָבן טאַקע געהאַט לאַנגע יאָרן, כאָטש ס׳איז שיר ניט אַרויסגעקומען אַ צירק אויף דער בינע.

האָט דאָס מיך טאַקע אַ סך מאָל געוואונדערט, אַזאַ אינטעליגענטער מענטש, און אויף דער בינע, כמעט אַ פאַרזעעניש, ער האָט אויף דער בינע אַזוי ניט נאַטירלעך גערעדט, אַז ס׳האָט געגומען רייסן דעם אויער, און פון זיינע פינטעלעך, קרוינדעלעך, נשמהלעך, ציגיינערלעך, שעפעלעך און צעבראָכענע פידעלעך, איז אַרויסגעקומען אַ גרויסער פּורים־שפּיל.

ער האָט דאָס אָבער געמאַכט אויף אַזאַ גרויסן פאַרנעם, אַז עס האָט זיך אַלע מאָל געדאַכט, אַז מ׳זיצט אין אַ יידישן היפּאָדראָם, מיט קעמלען, און שעפעלעך, און וואָס ניט, דאָס האָט אים פאַרפאָלגט זיין גאַנץ לעבן... און ווען ער האָט אַמאָל געשפּילט אַ בעסערע פּיעסע, האָט מען אים שוין אויך ניט געגלויבט, און אַ פּאָר פון זיי זיינען געווען זייער גוטע פּיעסן. „שמע־ישראל״, „דער איביקער וואַנדערער״, ביידע פּיעסן פון אָסיפּ דימאָוו, אָדער „דער קעניג״, פון יושקעוויטש. אָבער זיין שפּראַך, האָט אַלע מאָל דערמאָנט אין זיינע לייכטע קינדערשע אָפּערעטן.

נאָך איין גרויסער קרעדיט מוז צו באָריס טאָמאַשעפסקי, צוגעשריבן ווערן, ער איז געווען דער איינציקער פון די דריי, וואָס האָט קיינמאָל ניט פאַרמאַכט די טיר פון זיין טעאַטער פאַר נייע פרעמדע אַקטיאָרן, איבער־הויפּט פאַר די וועלכע זיינען געקומען פון יענער זייט ים.

ער האָט זי ברייט אויפגעמאַכט, און געהאָלפן מיט וואָס ער האָט גע־קענט, נאָר אים קומט דער גרויסער דאַנק, וואָס מיר האָבן געהאַט אַזעלכע ווי אהרן לעבעדעוו, מיכל מיכאַלעסקאָ און אַ סך פרימאַדאָנעס.

ניט נאָר האָב איך אַ סך פון זיי געזען, נאָר מיר איז אויך מיט אים אויס־געקומען צו שפּילן, אַפילו אין דער לעצטער פאָרשטעלונג, ווען ער האָט געפּייערט זיין 70 יאָר אַלט ווערן, דאָס איז געווען אין דעם מעקינלי סקווער טעאַטער, אין בראָנקס, מיר האָבן געשפּילט זיין פּיעסע „באַריס און בעסי״. געווען איז דאָס זיין לעצטע לעגיטימע פאָרשטעלונג, איידער ער האָט פאַר־ענדיקט זיין גרויסע טריאומפירנדע קאַריערע, וואו ער איז אַזוי פיל יאָרן געווען דער אָנפירער פון דער יידישער אָפּערעטע.

„אַלעקסאַנדער דער קרוין־פּרינץ״ איז צוריק אַריין אין קעלער, ביי די טישלעך פון אַ נאַכט־קלוב, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער פּערטער גאַס, האָט זיך דאָרט אַרומגעדרייט דער גרויסער באָריס טאָמאַשעפסקי, אין זיינע קאָלירטע קאָסטיומען, און געזונגען זיינע פאַרחלומטע ראָמאַנסן, וועלכע האָבן אים אַזוי גרויס און באַרימט געמאַכט, צו די וועלכע זיינען דאָרט געזעסן און זיך פאַרבראַכט ביי אַ גלאָז וויין.

אין דער טראַגישערווירקלעכקייט, האָט די גרויסע פּערזענלעכקייט פון „דעם גאָלדענעם פּאָדים״, פאַרענדיקט זיין גרויסע קאַריערע.

באָריס טאָמאַשעפסקי, וועלכער האָט זיך אַלע זיינע יאָרן געבאָדן אין גאָלד, האָט נאָך זיך גאָרניט איבערגעלאָזט.

נאָך ווייניקער פון אים, און וועלט־באַרימטע קינסטלער, ווי מאָריס מאָ־ריסאָן, רודאָלף שילדקרויט, מאָריס מאָסקאָוויטש, און זעליג מאָגולעסקאָ און אַנדערע פון זייער גרויס, וועלכע זיינען קיינמאָל קיין אונטערנעמער ניט געווען, זיי האָט מען שוין זיכער פאַרגעסן, איבערהויפּט דעם ערשטן, ווייל אים האָט דער דעמאָלסטיקער עולם זייער ווייניק פאַרשטאַנען, איז וואָס האָבן זיי געקאָנט איבערלאָזן? דערפאַר גלויב איך, אַז דעם איינציקן וואָס מ׳וועט לאַנג געדענקען וועט זיין מאָריס שוואַרץ.

***

מאָריס שוואַרצס הויפּט־אויפגאַבע, ווייסן מיר שוין, איז געווען צו דערגרייכן די העכסטע שטופע אין יידישע טעאַטער, און ניט נאָר אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַליין, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט, און ער האָט דאָס שוין באַלד דערגרייכט, און מיט דעם, האָט ער זיך נאָך ניט באַנוגנט, ער האָט נאָך געוואָלט גיין ווייטער, ווייל זיינע אָנגעצייכנטע פּלענער האָבן דאָס פאַרלאַנגט, און ווי אַזוי דאָס צו באַווייזן, האָט נאָר איין מאָריס שוואַרץ געקענט.

ס׳איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אַז מאָריס שוואַרץ טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּלאַן, צו שאַפן אַ יידישע דראַמאַטישע סטודיאָ, אַ שולע פאַר יונגע טאַלאַנטירטע יידישע בחורים און מיידלעך, און פונקט ווי דאָס טעאַטער, האָט ער אויך געוואָלט אַז די שולע זאָל געמאַכט ווערן, אויף אַ גרויסן ברייטן פאַרנעם, אַז אין דער שולע זאָלן זיך געפינען קלאַסן, וואו מ׳זאָל קענען לערנען, עלעקיושאַן, דראַמע, טאַנץ, שטימע־בילדונג, פּלאַס־טישע באַוועגונגען, ווי אַזוי זיך קענען גרימירן, ווי אַזוי צו קליידן, אויך מאַ־לעריי און אפילו שניידעריי, יאָ, נאָר מאָריס שוואַרץ, האָט דאָס געקענט באַווייזן, און ווי פאַרנומען ער איז געווען, האָט ער אויך דאָס געוואָלט דורכ־פירן, אָבער פלענער איז אַ סך גרינגער צו מאַכן, ווי דאָס צו פאַרווירקלעכן האָט ער דערווייל אָנגעהויבן מיטן קונסט־רינג.

ווען פון די דריי איז אַפילו אַמאָל איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק? ווען דאָס געלינגט אים, וואָלט דאָך דאָס געווען דאָס גרעסטע פאַר די וואָס שטרעבן צו שפּילן טעאַטער, און וואָס פאַר אַ בכבודיקע אינסטיטוציע פאַר יידן דאָס וואָלט געווען.

און געוואָלט האָט ער דאָס מאַכן אין אַ צייט, ווען ער אַליין איז געווען אַזוי פאַרנומען, טאָג און נאַכט, מיט שרייבן, צוגרייטן און מיט יעדן באַזונדער געאַרבעט, און נאָך מער אויף זיך אַליין, און דאָך געפונען צייט זיך פאַרנעמען מיטן קונסט־רינג, ווייל ער האָט אויך געוואָלט אַנטוויקלען נייע טאַלאַנטן, פרישע כוחות, זיי געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו באַטייליקן אין זיינע גרויסע אויפפירונגען, און וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט, וואָלט זיין חלום פון גרינדן אַ דראַמאַטישע שולע, זיכער פאַרווירקלעכט געוואָרן, ס׳איז אים כמעט געגאַנגען אין לעבן דאָס אַדורכצופירן, ווייל ער האָט זייער געוואָלט האָבן געשולטע אַקטיאָרן.

דער גרעסטער אויטאָריטעט אין יענער צייט איז געווען דער טעאַטער־„פּראָדיוסער״, דער גרויסער אונטערנעמער, אויפפירער, רעזשיסאָר, שריי־בער, דייוויד בעלאַסקאָ, מיט זיינס אַ מיינונג האָט זיך גערעכנט גאַנץ בראָד־וועי, האָט ער ביי אַ יעדער געלעגנהייט געזאָגט:

— וואָס מ׳גיט דעם עולם פאַרן אויער, איז ניט גענוג, מ׳דאַרף אים אויך אַ סך געבן פאַרן אויג, ער האָט זיך פיל מאָל איבערצייגט, אַז דער עולם זעט מער, ווי ער הערט.

מאָריס שוואַרץ האָט געוואוסט פון דעם, וואָס דייוויד בעלאַסקאָ האָט

געזאָגט, האָט ער טאַקע אַלע מאָל געזוכט אַזעלכע שאַפונגען, ס׳זאָל זיין וואָס צו הערן, און נאָך מער וואָס צו זען.

פאַרוואָס האָבן די אַנדערע וועגן דעם ניט געוואוסט? און אויב זיי האָבן יאָ געוואוסט, פאַרוואָס האָבן זיי דאָס ניט געטאָן? דאָס האָט באַוויזן אַז ווען מ׳איז אפילו אַ געבוירענער נאַטירלעכער טאַלאַנט, ווי מ׳האָט זיי אָנגענומען, האָבן זיי צוערשט באַדאַרפט געשליפן ווערן, ווי אַ דיאַמאַנט, ראַפינירטקייט און וויסן, שאַדט ניט אפילו אַ נאַטירלעכן טאַלאַנט.

איך בין אַפילו ניט זיכער, ווען זיי וואָלטן דאָס פאַרמאָגט, אויב זיי וואָלטן זיך דערמיט געוואָלט אָפּגעבן, זיי האָבן געשטרעבט צו עפּעס אַנדערש... זיי דריי, האָט אַלע מאָל עפּעס געפעלט, אפילו זייער מאַכן אַן אַפּיל צום עולם, איז געווען אַ געקינצלטער, פּונקט ווי זייערע אויפפירונגען, ניט נאַטירלעך.

מאָריס שוואַרץ האָט דאָס פאַרמאָגט, דעם גרויסן ווילן, דעם זייער ערנסטן צוגאַנג, ווי אויך דאָס איינגעשפּאַרטקייט צו דערגרייכן אַלץ וואָס ס׳האָט צו טאָן מיטן יידישן טעאַטער, דערפאַר האָט ער אַזוי קינסטלעריש געשאַפן גרעסערע, שענערע, און בעסערע פאָרשטעלונגען, אונטער די שווערסטע אומשטענדן, האָט ער אַלץ אַדורכגעפירט און זיי אַלע איבערגעיאָגט.

זייער טענה, אַז דער עולם, ווייסט ניט, פאַרשטייט ניט, און וויל ניט, קיין בעסערס, איז בלויז געווען צו פאַרשטעלן זייער אומוויסן, פאַרוואָס זיינען אויף אַנדערע געביטן פון קונסט, און ליטעראַטור געשאַפן געוואָרן אַזעלכע גרויסע ווערק? אין יענער צייט, האָבן דאָך געלעבט אַזעלכע ריזן, י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, דער זיידע מענדעלע, און אַנדערע גרויסע. זיי האָבן געקענט גיין ווייטער, און די גדולים פון דעם יידישן טעאַטער, האָבן געמוזט בלייבן דאָרט וואו זיי האָבן אָנגעהויבן? ס׳איז ניט פאַראַן אין דער גאַנצער וועלט פון אַרכיוון, וואו ס׳געפינט זיך אפילו ניט קיין איין וואָרט, אַז זיי האָבן יאָ געוואָלט עפּעס בעסערס, נאָר דער עולם האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם, דער אמת איז, אַז זיי האָבן גאָרניט געוואָלט געבן, איז דער תירוץ געווען אַז דער עולם וויל ניט.

דער בעסטער באַוויז, ביז יעקב גאָרדין, האָבן זיי ניט געוואוסט, אַז מ׳קען אויף דער בינע זיין נאַטירלעך, אַז מ׳קען שאַפן מענטשן מיט חוש, און האַנדלען ווי אַן אמתער בשר־ודם.

ווייל זייער אָנהייב איז געווען מיט פּאַפּירענע קעניגן, פאַרשמאָלצענע

קאַפּאָטע־קאַריקאַטורן, און דערביי זיך געהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז זייער עולם האָט גענומען גלייבן אַז אַנדערש קען ניט זיין, איז דאָ געקומען מאָריס שוואַרץ און אויפגעדעקט זייער אמתן קאָליר, זיי געוויזן אַז ס'קען זיין אַנ־דערש, בעסער, שענער, און נאַטירלעכער.

דער צו גיכער איבערגאַנג פון י. לאַטיינער, פּראָפעסאָר האָרוויץ, נ. ראקאָוו, י. זאָלאָטאַרעפסקי, צו וויליאַם שעקספיר אפילו ווען בלויז פאַר איין נאַכט, אַזעלכע פּיעסן, ווי „האַמלעט", „לואי דער עלפטער" און „שיילאָק", אין יידיש, האָט מען זייער ווייניק געוואוסט, וואָס דאָרט קומט פאָר, און נאָך ווייניקער, וואָס די אַקטיאָרן האָבן גערעדט, בין איך טאַקע אַוועק פון טעאַטער, מיט אַ סך פּאַרדרוס, און זיך ניט באַרואיקט, ביז איך האָב די זעל־בע פּיעסן געזען שפּילן אין אָריגינאַל.

דאָס האָט מיר געוויזן, אַז דער וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן געשפּילט, פינטעלעך, תורהלעך און קרוינדעלעך, טאָר זיך צו שעקספּירס קרוין ניט צורירן, און אפילו דער גרויסער דייוויד קעסלער, וועלכער איז מיר שטאַרק געפעלן אין די אַנדערע ראָלן, איז אויך געווען בעסער אין א. גאָלדפאַדענס „בר־כוכבא", און יעקב פּ. אַדלער האָט בעסער געשפּילט אין יעקב גאָר־דינס „אלישה בן אבויה", איבערהויפּט ווען י. רומשינסקי האָט אים באַ־גלייט אויף דעם אָרגעל.

כ'ווייס ניט אויב ס'איז פאַראַן נאָך אַ פּראָפעסיע, וואו מ'זאָל איבערנאַכט גרויס און באַרימט ווערן, אָבער אין יידישן טעאַטער איז דער גרעסטער „דעגרי" — אַ ליס אויף אַ טעאַטער.

דאָס קען מען ניט זאָגן וועגן מאָריס שוואַרצן, ווייל ער האָט געוויזן, וואָס פאַר אַ גרויסער מייסטער ער איז, אין יידישן טעאַטער.

איך בין געווען דערביי, ווי מ'האָט זיך אויסגעדריקט:

— וואָס מאַכט ער זיך נאַריש? —מיינענדיק מאָריס שוואַרצן. — דער עולם קומט אין טעאַטער צו פאַרברענגען, ווייל ער דערפון מאַכן אַ ליי־ברערי? ווען מען וויל ער אָפּנאַרן?

איך האָב דעם סטאַר אָנגעקוקט טראַכטנדיק, „אַקטיאָרן זיינען ווי אַ שאַכטל מיט ווערים, איינער עסט דעם צווייטן, אָן אַ פאַרוואָס".

# דראַמאַטורגן

די גרינגסטע זאַך, אין דער טעאַטער־פּראָפעסיע, איז זיך צו מאַכן שונאים, אַזוי האָט זיך מיר אַלע מאָל געדאַכט. ווייל ס׳איז פאַראַן זייער אַ סך, וועלכע זיינען ביי זיך איינגערעדט, און אַנדערע וועלכע טראָגן זיך אַרום מיט פאַלשע אילוזיעס, ווען מ׳וואָלט זיי צוגעלאָזט, וואָלטן זיי געווען גרעסער פון גאָט.

ביז איך האָב זיך באַגעגנט מיט אַ שרייבער, ביי וועמען מאָריס שוואַרץ, האָט ניט אָנגענומען זיין פּיעסע, גיב איך דאָ איבער וואָס ער האָט צו מיר געזאָגט:

— ניט אַנדערש, ווי דער דירעקטאָר, איז פּונקט ווי די אַנדערע, ער הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס אַ פּיעסע איז, וויגעפעלט דאָס אייך? און דאָס איז אַ דירעקטאָר פון אַ יידישן קונסט־טעאַטער, ער הויבט דאָך ניט אָן צו וויסן, וואָס עס טוט זיך מיט אים, נו, יאָ, איז דען אַ וואונדער וואָס דאָס טעאַטער שטייט שוין אויף היגערשע פיסלעך?

דאָס איז כמעט געווען די מיינונג פון אַלע די שרייבער, ביי וועלכע מאָריס שוואַרץ, האָט ניט גענומען זייערס אַ פּיעסע. איך האָב דעם ניי־געבאַקענעם דראַמאַטורג אויסגעהערט, טראַכטנדיק ווען איך וועל אים ענט־פערן, קויף איך מיר אַ נייעם שונא, אָבער ער האָט דאָך פאָרט אָנגערירט דעם, וועלכן איך פאָלג שוין נאָך אַזוי פיל יאָרן, און ווייס וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַרן יידישן טעאַטער, און צו וואָס פאַר אַ הויכער שטופע ער האָט שוין דערגרייכט, קומט דער, און וואַגט אַזוי צו רעדן אויף אים, דאַכט מיר אַז ער איז אויך איינגערעדט, קען ער זיך גאָרניט פאָרשטעלן, אַז וואָס ער האָט אָנגעשריבן, זאָל ניט טויגן פאַר דער בינע?

אָבער ווי אַזוי זאָגט מען דאָס אים? האָב איך גענומען צו אים שמייכלען, האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי איינער וואָלט געפרעגט: „וואָס שמייכלסטו?“ האָב איך זייער שטיל געזאָגט:

— איך פאַרשטיי ווי אַזוי איר פילט, מעגלעך איך אויף אייער אָרט וואָלט ניט בעסער געווען, אָבער דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז מאָריס שוואַרץ, פאַר־שטייט ניט קיין פּיעסע, און מ׳קען אים ניט פאַרגלייכן צו די אַנדערע מע־נעדזשערס, ווער נאָך האָט געמאַכט אַזעלכע קינסטלערישע אויפפירונגען?

— איז אים איינמאָל געלונגען.

— בלויז איין מאָל ? רעדט איר דאָך, ווי איר האָט מער ווי איין פאָר־שטעלונג אין יידישן קונסט־טעאַטער, ניט געזען.

— איר זענט אויך אויף זיין זייט ?

— וויבאַלד אַזוי, בין איך צופרידן, וואָס איך בין ניט אַליין.

ער האָט מיך אַ ביסל בייזלעך אָנגעקוקט און איז אַוועקגעגאַנגען, איך האָב אים נאָכגעקוקט טראַכטנדיק, פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין ? ווי איז דאָס מעגלעך אויב ס׳איז גוט, אַז מאָריס שוואַרץ, זאָל דאָס ניט אַקצעפּטירן ? ער קאָן אפשר זיין אַ גוטער פעליעטאָניסט, עסייאיסט, בעלעטריסט, און אפילו אַ הומאָריסט, און ניט קענען שרייבן קיין פּיעסן. ווייל שרייבן דראַמע, אָדער קאָמעדיע, איז אַ סך שווערער, ס׳איז אַנדערש ווי שרייבן אין אַ צייטונג, מ׳מוז גוט פאַרשטיין די טעכנישע זייט פון דער בינע, און דערצו דאַרף מען פאַרמאָגן אַ סך אַנדערע גוטע מעלות, ווי גלאַט שרייבן.

אַ סך פון די שרייבער האָבן זיך אין אַ געוויסער צייט ניט געוואָלט רעכענען מיט דעם וואָס זיי פאַרמאָגן ניט, ס׳האָט מיט איין מאָל זיי אַרומ־געכאַפּט אַ קאָנוואולסיווער פאַרלאַנג, צו דערגרייכן די גרויסקייט אויף דער בינע, ווי י. י. זינגער.

איז מען איין צייט באַפאַלן דעם יידישן קונסט־טעאַטער, ווי היי־שעריקן, און אים באַוואָרפן מיט פּיעסן פון כל־המינים שהוא. האָט זיך איין מאָל געמאַכט, זיכער דורך אַ צופאַל, און מ׳האָט זיך גענויטיקט אין אַ פּיעסע. האָט מען צווישן אַ סך שלעכטע פּיעסן, געפונען איינע וועלכע איז געווען צוגענגלעך, פאַר אַ גיכער אויפפירונג, און אפשר האָט מען זיך מישב געווען, אַז ס׳וועט זיך בעסער לוינען פאַרן טעאַטער, אויפצופירן אַ פּיעסע, פון אַ שרייבער וואָס לעבט נאָך, און אַרבעט אין אַ יידישער צייטונג.

ווי אַנדערש דער זעלבער שרייבער האָט שוין גערעדט, ווייל ס׳איז גראָד געווען ווי ער אַליין האָט געזאָגט, גרויס סוקסעס, האָט ער שוין אויף דעם זעלבן דירעקטאָר אַזוי געזאָגט:

— נו, יאָ, וואָס איז דער וואונדער, איר האָט דען געקענט דערוואַרטן אַנדערש ווי סוקסעס ? און אַ ביסל פאַרמאַכנדיק זיינע אויגן, האָט ער אַ קורצן שמייכל געטאָן, ס׳איז דאָך מיין פּיעסע. און ווייסט איר וואָס איך וועל אייך זאָגן, מאָריס שוואַרץ, איז אַ גרויסער מענטש, ער פאַרשטייט וואָס אַ פּיעסע איז, איך גלויב ניט אויב אין דער גאַנצער פּראָפעסיע איז פאַראַן אַ צווייטער צו אים.

— אין וועלכן הינזיכט? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס מיינט איר? אין אַלע הינזיכטן וואָס ס'האָט צו טאָן מיט טעאַטער, ווייזט מיר אַ בעסערן וואָס זאָל זיין אַ מבין אויף אַ פּיעסע ווי ער? ווער פאַרשטייט בעסער פון מאָריס שוואַרצן, ווי אַזוי אַוועקצושטעלן אַ פּיעסע? און ווידער, איר זעט דאָך, מ'קען דאָך מיר ניט איינרעדן, ווען ס'וואָלט ניט געטויגט, וואָלט דער עולם געקומען?

— זיכער ניט...

— איר ווייסט דאָך אַז איך בין ניט פון די באַרימער, אָבער פון דעם אמת, קען מען ניט אַוועקגיין.

— געוויס ניט.

— ביי די ערשטע צוויי בלעטלעך, ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן לייענען, האָט ער באַלד געזאָגט, אַט דאָס וואָס איך זוך, איר זענט שוין פאַרזאָרגט מיט אַ סוקסעס. קען דאָס דען אַנדערש זיין, ווען איך זאָל אפילו וועלן, קען איך דען אָנשרייבן אַ שלעכטע פּיעסע?

— געוויס ניט, אַחוץ אַ גוטער דראַמאַטורג, האָב איך איצט אויסגעפונען אַז איר זענט אַ בעסערער הומאָריסט, אָט האָט איר מיך געמאַכט צום לאַכן.

אין דער אמתן האָב איך געלאַכט מיט אַ ווייטיק, ווייל איך האָב אים ניט געוואָלט מביש זיין, אוי האָב איך אים געוואָלט זאָגן, וואָס ער האָט פריער געפּלאַפּלט אויף דעם זעלבן דירעקטאָר.

ביי אַ צופאַל איז דאָס מאָל געלונגען. וואָס טוט מען אָבער מיט די אַנדערע פּיעסן? איין גאָט ווייסט דאָך דעם אמת, אַז ניט אַלע פּיעסן קען מען אויפפירן, האָט זיך צוליב דעם געשאַפן אַ ים מיט ליטעראַרישע שונאים אַרום דעם יידישן קונסט־טעאַטער, אין קאַפע־ראַיאַל, וואו מ'האָט געטראָפן אַ יידישן שרייבער, האָט ער געהאַט אַ טענה צו איין מענטשן — מאָריס שוואַרץ.

***

ס'איז געווען אין די יאָרן ווען מיר זיינען געזעסן גאַנצע טעג אין דער ראַיאַל־קאַפע, גערעדט און געהאַנדלט וועגן יידיש טעאַטער. ביי אַ צווייטן טישל וואו איך בין געזעסן, האָט זיך אַ יידישער שרייבער, באַקלאָגט פאַר זיינע פריינד, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום אים, און זיך אַזוי לאַנג געשטופּט, ביז פון ביידע טישלעך, איז געוואָרן איינס, און ווען דער שרייבער

האָט אַרויסגעלאָזט אַ שווערן זיפץ, זאָגנדיק:

— ווען ניט ער, ווי גרויס און סוקסעספול איך וואָלט איצט געווען, נאָר גיי שריי חי־וקים, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און וויל ניט אויפפירן מיין פּיעסע.

אַלע וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ פראַגע־צייכן?... האָט דאָס מיך אויך פאַראינטערעסירט, פאַרוואָס זיפצט ער אַזוי שטאַרק? האָב איך געטראַכט, וויסנדיק אַז פאַר די יאָרן וואָס מאָריס שוואַרץ האָט זיין טעאַטער, קיין אַנדערן האָט ער ניט געקענט מיינען, האָט ער שוין פאַר דער בינע אַרויסגעבראַכט צענדלינגע יונגע שרייבער און אַלעמען געגעבן אַ געלעגנהייט, אויב איינער האָט נאָר געהאַט אַ גוטע פּיעסע, וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער האָט ער דאָס אויפגעפירט, איז פאַרוואָס באַקלאָגט ער זיך אַזוי? ווען איך בין שוין געווען מער צוגערוקט, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער שרייבער האָט ניט געשריבן קיין פּיעסע, נאָר ער האָט געהאַט אָפּגעדרוקט אַ ראָמאַן און ער האָט געוואָלט, אַז מאָריס שוואַרץ, זאָל דערפון מאַכן אַ פּיעסע. האָב איך אים אָנגעקוקט און אויסהערנדיק וואָס אַנדערע האָבן וועגן דעם געזאָגט, האָב איך דערווייל געטראַכט. פאַרשטייען זיי ניט, אַז מ׳קען ניט אַלץ וואָס ווערט אָנגעשריבן אין אַ ראָמאַן, דראַמאַטיזירן? ס׳איז אַמאָל פאַראַן אַ סך סיבות, וואָס ס׳קען ניט טויגן פאַר דער בינע. און דאָס האָט מאָריס שוואַרץ גוט פאַרשטאַנען, דערפאַר האָט מען אים אַ סך מאָל אַטאַקירט.

זייערע טענות זיינען ניט געווען קיין גערעכטע, פונקט ווי זייערע שריפטן, זיינען ניט געווען באַרעכטיקט אויפגעפירט צו ווערן, אַזעלכע און ענדלעכע אָנגריפן האָב איך אָפט, און אויך שפּעטער באַגעגנט אויף די שפּאַלטן פון די יידישע צייטונגען.

איצט אָבער האָב איך די בעסטע געלעגנהייט, פאַרוואָס זיי ניט זאָגן? און ווען איך האָב זיך אַ ביסל מער צוגערוקט, האָבן אַלע אויף מיר אָנגעשטעלט זייערע אויגן און אויערן, האָב איך געפרעגט:

— אַנטשולדיקט, איך מיין ניט ווײ צו טאָן, איך וויל בלויז וויסן, מיט וואָס איז אַ שרייבער זיכער, ווען מ׳וועט אויפפירן זיין פּיעסע, וועט עס זיין אַ דערפאָלג?

— איך בין פּאָזיטיוו... — האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן.

— וועט איר גאַראַנטירן?

— פאַרוואָס זאָל איך?

— איר זענט דאָך אַזוי זיכער, גלויבט איר ניט אַז אַ דירעקטאָר פון אַ טעאַטער, איבערהויפּט פון וועלכן איר רעדט, פאַרשטייט ניט זיין פאַך, ווייסט ניט וואָס אַ גוטע פּיעסע איז, און וועלכער ער דאַרף אויפפירן, איך מיין אַז מאָריס שוואַרץ פאַרדינט אַ סך קרעדיט, וואָס ער לאָזט זיך ניט איינרעדן, אַז אַ יעדער וואָס ברענגט אים אַ פּיעסע, איז אַ דאָסטאָיעווסקי, אָדער אַ טורגעניעוו, כ׳מיין אַז ביי אים געפינען זיך בעסערע פּיעסן פון די אַמאָליקע שרייבער.

— שוין אָפּגעשפּילטע.

— אמת, ס׳איז אָבער אַמאָל בעסער פאַרן טעאַטער, צו שפּילן אַ גוטע אַלטע פּיעסע...

— איר מיינט?

— ניט פּערזענלעך, איך רעספּעקטיר אַ יעדן שרייבער, ס׳איז אָבער פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן זיך ניט רעכענען מיט די אומשטענדן פון דעם יידישן טעאַטער, פאַרשטייט זיך אַן איך וויל זיך דאָ פאַר קיינעם ניט אָננעמען, בלויז פאַר מיר, איך אָבער פאַרשטיי די לאַגע, אין דער פאַר קען איך ניט זיין ברוגז, און אויב איר ווילט וויסן, פאַרוואָס איך רעד אַזוי, מוז איך צוערשט האָבן אַ טעפּעלע קאַווע, ווער סערווירט ביי דעם טיש?

איינער פון די וואָס זיינען געשטאַנען, האָט צוגערופן דעם קעלנער. נו, זאָגט אים וואָס איר ווילט. „האָב איך צו זיי געזאָגט״.

אַ פּאָר האָבן באַשטעלט, און האָבן זיך שוין צוגעזעצט, איך האָב צו־געררוקט מיין בענקל מער צום טיש, ווען דער קעלנער איז אַוועק, האָב איך צו זיי געזאָגט:

— רעדן פון דערפאַרונג, בין איך אינספּירירט געוואָרן פון אַ בוך וואָס איך האָב געלייענט, איין מינוט, יאָ, „דער זוכער פון אמת״.

— פון פעליקס האַלענדער?

— יאָ, ווייסט איר ווער ער איז?

— געוויס, ריינהאַרטס געהילף־רעזשיסער.

— ריכטיק, פון זיין בוך בין איך אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז איך האָב באַשלאָסן, צו מאַכן אַ פּיעסע דערפון, און ביי מיר איז געזאָגט און גע־טאָן, און ווער פון אייך קען גוט דעם בוך, מאַכט זיך עס ניט, ווי עס רעדט זיך, איך האָב אויף דעם דראַמאַטיזאַציע געאַרבעט זייער אַ לאַנגע צייט...

— יאָ ס׳איז אַ גרויסער ראָמאַן. — האָט זיך איינער אַריינגעמישט.

הערמאַן האָט צוגעבראַכט וואַסער פאַר אַלעמען, געמאַכט אַ באַמער־קונג און אַלע האָבן געלאַכט, און ווען ער איז אַוועק, האָט דער קעלנער געבראַכט וואָס מ׳האָט באַשטעלט, האָב איך צוגערוקט מיין טעפּעלע קאַווע צו זיך זאָגנדיק:

— און ווי איר פאַרשטייט, האָב איך דערביי אין זינען געהאַט אײן טעאַטער, אין דער אמתן, ווער פון די אַנדערע טעאַטערס, וועט זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ פּיעסע, ווי גוט זי זאָל ניט זיין, און אַז איך האָב אין זינען געהאַט דעם קונסט־טעאַטער, דאַרף מען זיך זען מיטן דירעקטאָר, און דאָס וויל איך אַז איר זאָלט וויסן, איז ניט אַזאַ לייכטע זאַך, האָב איך געמוזט וואַרטן צוליב עטלעכע אורזאַכן, ערשטנס, ווער קען אַזאַ פּיעסע אויפפירן? צווייטנס, דאַרף מען דאָרט האָבן אַזוי פיל מענטשן, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, זיינען דאָרט פאַראַן 23 הויפּט־ראָלן, אַחוץ קלענערע ראָלן, און ווער קען נאָך בעסער איינשטעלן מאַסן־סצענעס ווי מאָריס שוואַרץ? און פון דער אויסשטאַטונג דאַרף איך דאָך אייך ניט דערציילן, ווער פון אייך האָט ניט געזען דאָרט אַ פּאָר פאָרשטעלונגען? האָב איך אָנגעהויבן צו וואַרטן פאַר אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט אים, ווייל איך האָב געוואוסט, ווען איך וועל גיין צו אים אין טעאַטער, וועל איך קיינמאָל ניט צוקומען, איבערהויפּט מיט אַ פּיעסע, דאַרף איך דאָך אייך שוין ניט זאָגן, וואָס דאָס מיינט. אַ זופּ געטאָן אַ פּאָר לעפעלעך קאַווע. אַזוי האָב איך געוואַרט, ביז, ווי זאָגט מען, אַז מ׳וואַרט, דערוואַרט מען זיך. בין איך טאַקע דאָ אין דער ראָיאַל, און ווער קומט אַריין, מאָריס שוואַרץ, צוערשט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, ביז ער איז צוגעגאַנגען אין יענעם ווינקל, און זיך אַוועקגעזעצט, גראַדע איז דאָס פאַר מיר געווען ווי געוואונטשן, ווייל איך האָב אים געקענט בע־סער באַטראַכטן, און זען אין וואָס פאַר אַ שטימונג ער געפינט זיך, ווייל איך האָלט ניט פון אַריינפאַלן ווי יוון אין דער סוכה, ענדלעך בין איך צוגע־גאַנגען, און אים פריינדלעך באַגריסט, און גלייך געפרעגט:

— אויב איר זענט ניט פאַרנומען מר. שוואַרץ, וואָלט איך געוואָלט אייך עפּעס פרעגן.

— וואָס?

— וואָלט איר געווען פאַראינטערעסירט אין אַ דראַמאַטיזאַציע?

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די שפּיצן פון זיינע אויערן, האָבן זיך אויפ־

געשטעלט, ער האָט ברייט אויפגעמאַכט זיינע גרויסע אויגן, און גע־פרעגט:

— פון וועמען?

— פון... האָט איר געהערט פון איינעם אַ פעליקס...

— איר מיינט פעליקס האַלענדער?

— יאָ.

— ער איז דאָך ריינהאַרטס געהילף־רעזשיסער.

— אים טאַקע מיין איך, ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך...

— „דער זוכער פון אמת".

— יאָ, און איך האָב אים דראַמאַטיזירט.

— איר?

און ווי אַזוי ער האָט אין דעם מאָמענט געקוקט אויף מיר, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער גלויבט מיר ניט, האָב איך אים עפּעס געוואָלט זאָגן, האָט ער באַלד פאַרכאַפּט:

— איר האָט שוין דאַכט מיר אָנגעשריבן אַ פּאָר פּיעסן, ווייסט איר דאָך געוויס, ווי אַזוי, איר דאַרפט אָבער פאַרשטיין, פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער...

— שרייבט זיך גאַנץ אַנדערש.

— זיכער, דאָס אַליין איז נאָך ניט אינגאַנצן.

— וואָס נאָך, מר. שוואַרץ?

— איר האָט צייט אַ פּאָר מינוט? — האָט ער געזאָגט צו מיר. — פאַרשטייט מר. דענק, דער שרייבער וואָס שרייבט, אָדער מאַכט אַ דראַמאַ־טיזאַציע פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער, מוז קודם־כל זיין אַ ספּעציאַליסט אין דעם פאַך, כ'מיין ניט צו זאָגן, אַז אייער דראַמאַטיזאַציע איז ניט גוט, ס'קען זיין בעסער פון אַ צווייטנס, וואָס איך מיין דערמיט אַרויסברענגען, אַז אפילו דער וואָס איבערזעצט פאַרן קונסט־טעאַטער, מוז האָבן אַ גרויסן נאָמען, איך בין זיכער אַז איר האָט שוין גענוג דערפאַרונג, און ס'איז אפשר אַרויס־געקומען אַ גוטע פּיעסע, איך בין זיכער אַז איר פאַרשטייט די בינע, און איר ווייסט וואָס טעאַטער איז, איך וועל גיין מיט אייך נאָך ווייטער, אַמאָל קען איינער מיט אַ גרויסן נאָמען, ווי זאָל איך אייך דאָס דערקלערן, ס'זאָל אים ניט געלינגען, אָבער אַזוי איז עס שוין, ס'מוז זיין אַ שטעמפּל, איר האָט פאַרשטאַנען?

— זייער גוט. וועל איך מוזן וואַרטן, ביז איך וועל ווערן באַרימט.
— און מיט דעם, האָט זיך דאָס געענדיקט? — האָט איינער געפרעגט.
— יאָ.

דער שרייבער האָט זיך אויפגעהויבן, איך האָב פאַרענדיקט מיין קאַווע, דער אונטערשייד פון מיר ביזן שרייבער, וואָס איך האָב באַלד אין דעם פאַרגעסן, ווען דער שרייבער איז אַוועק האָב איך נאָך צוגעגעבן:

— פאַראַן שרייבער וואָס ווילן ניט, אָדער פאַרשטייען ניט, און האָבן טענות צו דער וועלט, און מער ווי צו אַלעמען, צו מאָריס שוואַרץ.

***

מיט דער צייט, האָט זיך אויסגעשעפּט, דער גוטער, ווי אויך דער צוגענגלעכער רעפּערטואַר, וואָס מאָריס שוואַרץ, האָט אַזוי קינסטלעריש אויפגעפירט, און ווען ס'איז שוין כמעט גאָרניט געבליבן, האָט ער גע־נומען קלאַפּן, אין אַלע ליטעראַרישע טירן, געזוכט אַ גוטן שרייבער.

אָבער זוכן איז איין זאַך, און געפינען אַזעלכן, איז שוין עפּעס אַנדערש, דערצו האָט דער שרייבער באַדאַרפט זיין אַ באַרימטער, גוטער שרייבער. און די הויפּט־זאַך, האָבן די פּיעסע, ווייל דורך דער צייט, וואָס ס'איז אַ סך ניט געלונגען צוצוקומען צום טעאַטער, האָבן זיי אויפגעגעבן שרייבן פּיעסן.

איצט, ווען ער האָט זיי באַדאַרפט, איז געווען זיין זוכן אומזיסט, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט, און אויב ער האָט איינעם געפונען, האָט ער ניט מער געהאַט ווי אַ סוזשעט, און אויב ער זאָל זיך דאַרפן אַוועקזעצן שרייבן, צו מאַכן דערפון אַ פּיעסע, ניט ווייסנדיק, וואָס ס'וועט נאָך אַרויסקומען, האָט ער זיך דערווייל געהייסן דערלאַנגען האַנט־געלט, און אַ היפּשע סומע, דאָס האָט ער פאַרלאַנגט נאָך איידער ער האָט איינגעטונקען די פעדער אין טינט.

וואָס קומט דאָ פאָר? די אויסגאַבן ווערן כמעט אַ יעדן טאָג גרעסער, די גוטע פּיעסן האָבן זיך אויסגעלאָזט, דער עולם ווערט אַ סך קלענער, און דאָס טעאַטער וויל זיך אָנהאַלטן, ס'איז דאָך פאָרט אַ גרויסע אינסטיטוציע, און מ'קען ניט אַוועקשטעלן גלאַט אַ פּיעסע, האָט שוואַרץ שוין געהאַט געגנוג דערפאַרונג, שוין אַ גרויסן נאָמען איבער דער וועלט, האָט ער נאָך לאַנג טראַכטן באַשלאָסן, צו ווערן אַ נייער שעקספּיר, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט שוין ביז איצט אויפגעטאָן, איז ער נאָך אַלץ געווען פריש און ענערגיש, נאָך מער אויפצוטאָן, ער האָט געוואָלט דאָס טעאַטער אָנהאַלטן,



מאָריס שוואַרץ אַלס דער נייער „שעקספּיער“

האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו דער פעדער, און אַזוי איז געבוירן געוואָרן „ווען איך בין ראָטשילד".

איידער מ'האָט אויסגעפונען ווער דער מחבר פון דער נייער פּיעסע איז, האָט מען זיך שוין געגרייט אים צו אַטאַקירן, צוערשט האָט מען אָנגעהויבן מיטן נאָמען: „ווער איז דאָס דער נייער שעקספּיר? פאַר וואָס פאַרשטעלט ער זיך? מיר וועלן דאָך אויסגעפינען, צו וואָס דאָס לייקענען?"

דערנאָך האָט מען געוואַרט, ביז צו דער אויפפירונג, מ'זאָל זען ווי אַזוי דאָס ווערק וועט אַריבערגיין, און אויב ס'האָט זיך געדאַכט אַז ס'איז ניט אַזוי פיוגלדיק, האָט מען באַלד פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מאָריס שווארץ, וויל נאָר שפּילן פּיעסן פון טויטע שרייבער, האָבן זיך אַ פּאָר געגלעט אין בייכל, און געגעבן אָנצוהערעניש זאָגנדיק:

— האָט ער טאַקע, טויטע סבאָרן, אַזוי איז עס שוין, ווען מ'וויל ניט צאָלן קיין „ראָיעלטיס".

ניט אמת, מאָריס שוואַרץ, האָט גלייך ביים אָנהייב פון יידישן קונסט־טעאַטער, געשפּילט בעסערע פּיעסן פון בעסערע יידישע דראַמאַטורגן, וועלכע האָבן געקראָגן גוט באַצאָלט, שפּעטער פון בעסערע וועלט־שרייבער באַרימטע ווערק, אָבער די שרייבער האָבן שוין ניט געלעבט, מיינט דאָס אַז מאָריס שוואַרץ האָט שוין לאַנג מיט זיי געהאַנדלט, נאָך פון זיין ערן־אָוונט, אין דייוויד קעסלערס טעאַטער, ווען ער האָט געשפּילט די „גייסטער", איז שוין העכער איבער געוועזן לאַנג טויט.

די וועלכע האָבן געוואָגט, האָבן דאָס געמאַכט אַזוי, באַפּוצט מיט אַ נאַרישן שמייכל, צו פאַרשטעלן זייער ניט פאַרגינען, ווייל אין דער אמתן האָט מען פאַר מאָריס שוואַרץ, געהאַט גרויס דרך־ארץ, ס'איז געווען אין יענער צייט, ווען מ'האָט זיך ניט נאָר גערעכנט מיטן יידישן טעאַטער, נאָר מ'האָט טאַקע מורא געהאַט, צו זאָגן שלעכטס, ווייל אויב זאָגן, האָט דאָס שוין באַדאַרפט זיין איינער, מיט וועמענס וואָרט די טעאַטער־וועלט זאָל זיך רעכענען, ווייל ס'איז שוין דאַן געווען זייער אַ גרויסער עולם, וואָס האָט שטאַרק געהאַלטן מיט מאָריס שוואַרצן, און זייער מיינונג איז געווען אַ פּאָזיטיווער, וואָס מאָריס שוואַרץ, טוט איז דאָס לטובהס דעם יידישן קונסט־טעאַטער, און אויב אַפילו די פּיעסע איז אים ניט געלונגען, קען דאָך דאָס טרעפן ביים גרעסטן שרייבער, ער בלייבט דער גרויסער קינסטלער, דער בויער און שאַפער פון דעם בעסערן טעאַטער.

ס׳איז אָבער אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן צוליב פּערזענלעכע מאָטיוון, ניט געוואָלט פאַרשטיין, און ס׳איז זיי אפשר געגאַנגען אין לעבן, אָפּצומעקן דעם אמת, פאַרגעסנדיק אָדער ניט געוואָלט געדענקען, אַז ס׳איז געווען אַ סך אַקטיאָרן פאַר מאָריס שוואַרצן, וואָס האָבן געשריבן פּיעסן פאַר דער בינע, אויב זיי זיינען געווען גוט, דאָס איז אַן ענין פאַר זיך, דער פאַקט איז, זיי האָבן געשריבן.

און ווער ס׳איז געגאַנגען אין יידישן טעאַטער, געדענקט זיי זייער גוט, באָריס טאָמאַשעפסקי, מאַקס געבעל, זיגמונד פיימאַן, רודאָלף מאַרקס, שלי־פערשטיין און אַ סך אַנדערע.

פאַרוואָס האָט מען צו זיי קיין טענות ניט געהאַט? פאַקטיש ווייסן מיר, אַז מאָריס שוואַרץ האָט איבערזעצט פון אַנדערע שפּראַכן, און דראַמאַ־טיזירט ראָמאַנען פון אַלבע — און גאַנץ גרויסע שרייבער וואָס זיינען אונ־טער זיין אויפפירונג געווען דער גרעסטער דערפאָלג, און ווי אַזוי ער האָט די פּיעסן צוגעגרייט פאַר דער בינע, האָט דאָס דעם מחבר ניט נאָר באַרימט געמאַכט, נאָר טאַקע גליקלעך געמאַכט.

***

אינטערעסאַנט זיך אָפּצושטעלן אויף אַ פאַקט, וואו איך האָב שוין אַנ־געוויזן, אַז עס עקזיסטירט גרויס איפערזוכט אין דער פּראָפעסיע פון שרייבער, מער נאָך ווי ביי אַקטיאָרן, מעג זיך דאָס אפילו האַנדלען אין אַן אייגענעם ברודער.

ווען איינעם פון זיי געלינגט און זיינס אַ ווערק נעמט אויס, אַ דאַנק מאָריס שוואַרצן, פאַר זיין גוטער דראַמאַטיזאַציע, און גרויסע קינסטלערישע אויפפירונג, פאַרדריסט דאָס זייער שטאַרק דעם צווייטן ברודער, אויך אַ גוטער שרייבער, אָבער נאָר פאַר אַ צייטונג, געפינען זיך אַזעלכע גוטע פריינד, וואָס האָבן אים געגומען איינרעדן, אַז ער איז אפילו נאָך גרעסער פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, און ער ווערט ביי זיך זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ וועט איצט קומען צו אים, ווי ס׳האָט אָבער זיך אַרויסגעוויזן, האָט מאָריס שוואַרץ אין זיין שאַפונג, ניט געפונען קיין מאַטעריאַל פאַר דער בינע, האָט דאָס דעם שרייבער גוט פאַרדראָסן, האָבן זיך ווידער גוטע פריינד אריינגע־מישט, און אים גענומען איינרעדן, אַז מ׳קען זיך באַגיין אָן מאָריס שוואַרצן, ס׳איז נאָך דאָ גענוג טעאַטערס, און אַ סך גוטע אַקטיאָרן, פאַרוואָס טאַקע

ניט ווייזן דעם מאָריס שוואַרצן, אַז מ׳קען זיך באַגיין אָן אים, איצט איז די בעסטע צייט, ווייל ס׳איז זומער, און ביז צום סעזאָן, קען מען אַלץ צוגרייטן, אַ מענעדזשער פון אַ טעאַטער, האָט געזוכט אַ סענסאַציע פאַרן נייעם סעזאָן, און אַזוי ווי דעם שרייבערס ראָמאַן גייט שוין אַזוי לאַנג אין פאָרזעצונגען אַ יעדער טאָג אין דער צייטונג, קען דען נאָך זיין אַ בעסערער באַווייז, אַז דאָס וועט זיין אַ זיכערער סוקסעס ? פון דעם ראָמאַן אַ פּיעסע, וועט ער גליקלעך ווערן, האָט מען גענומען פאַרהאַנדלען.

אַז דער שרייבער האָט זיך ענדלעך דערוואַרט אַז מ׳זאָל זיין ראָמאַן אויפפירן אין אַ טעאַטער, איז פאַר אים ניט געווען גענוג, האָט ער נאָך פאַרלאַנגט געוויסע קאָנדיציאָנען, וועלכע דער מענעדזשער האָט גלייך נאָכגעגעבן, ווייל ער האָט זיך שוין אַליין אויך איינגערעדט, אַז דאָס וועט זיין דאָס גרעסטע וואָס דאָס יידישע טעאַטער, האָט ווען געזען, און דערפאַר נאָכגעגעבן, אַז ער וועט נעמען דעם אַקטיאָר וואָס דער שרייבער וויל, און אַז דער זעלבער אַקטיאָר, זאָל אויך זיין דער וואָס וועט מאַכן פון דעם ראָמאַן די פּיעסע, און ער וועט טאַקע זיין דער אויפפירער און רעזשיסאָר און אויך שפּילן די הויפּט־ראָלע.

אין זינען פאַרשטייט זיך האָט מען געהאַט, צו ווייזן מאָריס שוואַרצן, אַז ער זאָל געדענקען, אַז ער איז ניט איינער אויפן יאַריד, ס׳איז פאַראַן נאָך אַזעלכע, מיט וועמען מ׳קען מאַכן שבת, האָט דער שרייבער איינפאַרטרויט צו איינעם, וועלכן ער האָט גוט געקענט, אַן אינטעליגענטן אַקטיאָר און שרייבער, וועמען אַלע האָבן גוט געקענט, און זיינען געווען צופרידן, וואָס מ׳האָט אים צוגעטיילט אַזאַ פיל פאַכיקן כבוד, צו ווייזן וואָס ער קען אויף די אַלע געביטן אויפטאָן, די אַלע וועלכע האָבן געהאָלפן דאָס אַדורכצופירן האָבן פאַרגעסן אין דער הויפּט־זאַך, אַז דער גרעסטער קריטיקער איז נאָך אַלץ דער עולם, זיי זיינען קיינמאָל ניט פאַרטייאיש, מעג די פּיעסע זיין פון דעם גרעסטן און בעסטן שרייבער, און אפילו פון דעם וואָס די גאַנצע פּרעסע איז באַגייסטערט, האַרט דאָס זיי ניט, אויב ס׳געפעלט זיי ניט, מעג מען טערבאַנעווען אין די צייטונגען וויפל מ׳וויל, קומען זיי ניט, ווייל איבערטריבענע רעקלאַמען העלפט שוין דאַן אויך ניט, מ׳יר האָבן זיך שוין אַ פּאָר מאָל איבערצייגט, אַז עס שאַדט גאָר פאַרן געשעפט, דער מענעדזשער האָט דאָס איצט דערפילט, אַז אין טעאַטער מוז מען זיך אַ סך רעכענען דערמיט, אַז פריינדשאַפט טאָר ניט ווערן אויסגעמישט מיט געשעפט.

וואָס דער מחבר האָט געוואָלט, האָט מען אים געגעבן, וואָס דער רע־זשיסאָר האָט פאַרלאַנגט, האָט מען אים געגעבן, ער זאָל ניט האָבן קיין תירוץ, און ס׳האָט ניט געהאָלפן, ווייל די דראַמאַטיזאַציע האָט ניט גע־טוינט, ס׳איז אַרויסגעקומען אַ שלעכטע פּיעסע, דערצו איז די רעזשי ניט געלונגען און די הויפּט־ראָל אין דער פּיעסע איז אין גאַנצן פאַרלוירן גע־גאַנגען, דערפאַר האָט דאָס ניט געטויגט.

לייענענדיק די רעצענזיעס פון דער ערשטער נאַכט, האָב איך געמוזט פאַרדריסלעך אונטערשמייכלען, אַ פּאָר פון זיי האָבן מיך דערמאָנט, אין די באַרימטע זינגער, וועלכע זינגען פאַלש, אָדער ווי מ׳זאָגט, ביי די „טרעקס״ זיינען אַלע מאָל די קלעזמער שולדיק.

דעם זעלבן תירוץ האָבן איצט געוואָלט די אייגענע „באָיעס קריטיקער״ איינרעדן דעם עולם, אַז ס׳איז ניט די שולד, פון דעם מחבר פון ראָמאַן, אויך ניט די שולד פון דער שלעכטער דראַמאַטיזאַציע, און ניט פון דער אומגעלומפּערטער אויפפירונג, און ניט פון דער שלעכטער רעזשי, און אַז זייער אומפאַרגלייכלעכער זשעני פּאַסט זיך ניט, און איז זייער ביטער אין דער ראָל, ס׳איז נאָר ניט גוט דערפאַר ווייל די אַקטיאָרן וואָס באַטייליקן זיך אין דער ביטערער אויפפירונג טויגן ניט, איז אַ גליק וואָס איך בין גע־וועזן אין דער טרופּע, אויך געשפּילט אין דעם ווערק, און דערפאַר קען איך איצט דערציילן דעם אמת.

די טרופּע וועלכע מ׳האָט צוזאַמענגעשטעלט פאַר דער פּיעסע, האָט מען געקליבן ממש ווי אַרבעס, מ׳האָט מיך אפילו אַרויסגענומען פון אַ טרופּע וואו איך בין שוין לאַנג געווען דאָרט אַנגאַזשירט צו פאָרן נאָך שיקאַגאָ פאַרן סעזאָן, ווייל זיי האָבן אין מיר געזען, דעם טיפּ פאַר דער ראָל, וואָס איך האָב דאָרט געשפּילט. אַ יעדער איינער וואָס איז דאָרט געווען דעם סעזאָן, איז געווען הונדערט פּראָצענט פאַר די ראָלן וואָס זיי האָבן געשפּילט, די פּרויען זיינען גאָר געווען בריליאַנט, אַלע ווייס איך, האָבן פּרובירט אַרויסצוברענגען דאָס בעסטע וואָס ס׳איז מעגלעך געווען, אפילו פון דער קלענסטער ראָל, נאָר אַז די הויפּט־ראָל האָט ניט געטויגט, האָט מען שוין גאָר־ניט געקענט פאַרבעסערן.

ער האָט זיך אויך ניט געקענט באַקלאָגן אויף דער טעכנישער זייט, ווייל ער האָט אַלץ געקראָגן, אַ מיליאָן דאָלאַר טעאַטער, מיט אַלע איינ־ריכטונגען, אַ דרעי־בינע, צוגעפּאַסטע דעקאָראַציעס פאַר אַ יעדער סצענע,

וועלכע האָבן זיך געציילט אַ פּערצן אין צאָל, מיט ליכט־עפּעקטן וויפל ער האָט געוואָלט.

צו דעם האָבן בלויז געפעלט אַ פּאָר קלייניקייטן, אַ גוטע פּיעסע, מיט אַ גוטן רעזשיסאָר, ווי אויך אַ גרויסער אַקטיאָר וואָס זאָל קענען שפּילן אַזאַ קאָמפּליצירטע ראָל.

און ווען די הויפּט־זיילן פון דער אויפפירונג האָט געפעלט, דערפאַר טויג ניט די טרופּע? די אַלע טענות האָבן ניט געהאָלפן, מ׳האָט געמוזט די פּיעסע אַרונטערנעמען, אָבער דאָס נעמט אויך צייט, מ׳מוז זיך צוערשט צו־גרייטן מיט אַ צווייטער פּיעסע.

ביי פּראָבע, באַקלאָגט זיך פאַר מיר איין אַקטריסע:

— דאַכט מיר, אַזוי פיל דערפאַרונג, וויפל אונדזער מענעדזשער פאַר־מאָגט, און דאָך איז ער אַריינגעפאַלן.

— מיינסט מיט דער שלעכטער פאַמיליע?

— יאָ, דערוויל גייט דאָס אויס צו אונדזערע קעפּ, מ׳דאַרף שוין ווידער זיך ברעכן דעם קאָפּ, מיטן נייעם ווערק, זיך דאָ מוטשען אַ פּאָר וואָכן מיט פּראָבע, און די הויפּט זאַך...

— וואָס איז דאָס?

איך וועל באַדאַרפן מאַכן נייע קליידער.

— איין זאַך ווייס איך, ווער דאָס וואָלט געקענט מאַכן, אַז עס זאָל גיין אַ גאַנצן סעזאָן.

— ווער?

— נאָר איין מאָריס שוואַרץ.

— האָסט רעכט, דו ווייסט וואָס דו רעדסט.

— אויב ער וואָלט עפּעס געזען אין דעם, איך בין זיכער אַז ער האָט דאָס געלייענט, און איך גלויב, אַז ער האָט אין דעם גאָרניט געזען, אָבער איך שטעל מיך פאָר, וואָס פאַר אַ פּיעסע ס׳וואָלט ביי אים אַרויסגעקומען.

— זיכער ניט אַזאַ קאַטאַסטראָפע.

— אַזוי אָבער וועלן מיר זיך שוין מוזן צומוטשען, ביז מיר וועלן אַרויס־קריכן פון דעם.

***

דאָ זאָל איך ניט פאַרגעסן ווערן, ווען דער יידישער קונסט־טעאַטער איז שוין כמעט געווען אויפן וועג צו אָנערקענונג, נאָך אין אוירוווינג פּלייס

טעאַטער, איז שוין לאַנג די צייט פון העלפן אַזאַ אינסטיטוציע, געווען פאַ־ריבער, סיידן איינער האָט געהאַט פערזענלעכע פריינד, אָדער משפּחה וואָס האָט געוואָלט העלפן, דער אַלגעמיינער עולם וואָס איז געגאַנגען אַ יעדן טאָג אין טעאַטער, איז אויך ניט געווען אַזאַ גרויסער, ס׳איז שוין, דאַכט מיר, אפילו ניט געווען די וועלכע האָבן ניט נאָר דעם סטאַר, נאָר אפילו דאָס טעאַטער גרויס געמאַכט, מיט זייער פאַרשפּרייטן אין די גאַסן, ווי אויך אין די פאַרשיידענע שעפער, זייער ענטוזיאַזם וועגן דעם טעאַטער.

די צייט פון עסן טעאַטער מיט ברויט, ווי מ׳פלעגט זאָגן, איז שוין גע־ווען פאַריבער, און בלויז איין מענטש האָט זיך באַדאַרפט אונטערגאַרטלען, דאָס אַלץ צו דערגרייכן, און אַלע מאָל זיינען אָנגעקומען נייע שטערונגען, מיט גרעסערע אויסגאַבן, אַ „קוואָטע וויפל אַקטיאָרן צו נעמען״. ס׳איז דורך דער צייט צוגעקומען אויסגאַבן, וואָס די אַנדערע האָבן דאָס פריער ניט געהאַט, ווען די פאַטריאָטן זיינען אַוועקגעפאַלן, האָט מען שוין געמוזט האָבן אַ פּובליסיטי מאַן, וועלכער זאָל מאַכן רעקלאַמע... אַזעלכע האָבן זיך שוין איינגערעדט, אַז זיי זיינען יורשים פון דעם טעאַטער וואו זיי זיינען אָנ־געשטעלט.

פאַרשטייט זיך אַז מיט די גרויסע פינאַנציעלע סוקסעסן אויף דער עוועניו, האָט מען זיך דאָס געקענט פאַרגינען, זיי האָט אַלץ געקאָסט ווייניקער, אפילו ווען ביי זיי זיינען אַ פּאָר אַרומגעגאַנגען און ניט געשפּילט אַ גאַנצן סעזאָן, זיינען דאָך זייערע פאַרדינסטן געווען ריזיק גרויס, האָט זיך דאָס ניט אָנגעזען, אָבער ביי מאָריס שוואַרצן, וועמענס טעאַטער איז געווען אין אַ זייטיקער גאַס, מיט ניט קיין גרויסן עולם, האָט אַלע מאָל געהאַט 20 און 22 אַקטיאָרן פון דער יוניאָן, און ווען ס׳איז געקומען דער געזעץ פון דער יוניאָן, אַז מ׳טאָר קיין אַקטיאָר ניט געבן קיין קליינע ראָל, ווייסנדיק אַז אין קונסט־טעאַטער זיינען די קלענערע ראָלן אַ סך מאָל וויכטיקער ווי אַנדערע גרויסע, האָט ער מיט דער דערלויבעניש פון דער יוניאָן, געמוזט נאָך צונעמען אַקטיאָרן, וואָס זיינען נאָך קיין מיטגלידער פון דער יוניאָן ניט געווען. דאָס האָט מען אים דערלויבט, אַזוי לאַנג ווי זיין קוואָטע איז געווען פאַרפולט. דאָס איז ניט איין מאָל געווען אַן איבעריקער באַגאַזש אויף זיינע פּלייצעס, און טאַקע אויף זיין גאַנצן טעאַטער.

פאַר איין מענטשן, איז דאָס אַ ביסל געווען צו שווער צו טראָגן, האָט דאָס טאַקע ניט איין מאָל געשטערט צו זיין גרויסן פאַרנעם, און אָפט אונ־

טערגעשטעלט אַ פּיסל פֿאַר זיין פּאַרמעסטן זיך, געהאָלפֿן האָט קיינער, אָבער טענות האָבן אַלע געהאַט צו אים.

אַלץ וואָס מ׳האָט זיך געקענט פֿאַרגינען אויף דער עוועניו, איז דאָס פֿאַרן יידישן קונסט־טעאַטער אוממעגלעך געווען, צוליב די גרויסע אויסגאַבן, כאָטש דאָס טעאַטער איז פֿון דעם ערשטן טאָג וואָס ס׳איז געגרינדעט גע־וואָרן געווען פֿאַררעכנט פֿאַר איינעם פֿון די גרויסע טעאַטערס, אָבער נאָר אין די אויסגאַבן, מאָראַליש העכער פֿון אַלעמען, אין פּראָפֿיטן איז אַלע מאָל געווען אַ געראַנגל, און דאָך איז עס אַזוי אָנגעגאַנגען פֿאַר אַ סך סע־זאָנען, זיינען די צייטן געווען גוטע, האָט זיך מאָריס שוואַרץ געדרייט, דאָס האָט אויך געמיינט, ווען ער האָט געהאַט אַ שלאַגער, און אַזעלכעס טרעפֿט זיך ניט אָפֿט אין אַזאַ טעאַטער, מ׳קען אַ פּיעסע קינסטלעריש אויפֿפֿירן און נאָך בעסער איר שפּילן, אָבער ווען ס׳קומט צו דער קאַסע, איז שוין גאַנץ עפּעס אַנדערש.

ווען ס׳האָט אָבער גענומען אַרויפֿשווימען די אַסימילאַציע, און די יונגע האָבן גענומען אַוועקשטיין פֿון דעם יידישן טעאַטער, און דער גאָר גוטער יידישער רעפּערטואַר האָט זיך אויסגעלאָזט, קיין נייער איז ניט צוגע־קומען, גאָר אַ סך פֿון די בעסערע אַקטיאָרן זיינען אַוועקגעפֿאַלן, ס׳איז שוין כמעט ניט געווען מיט וועמען צו גיין צום טיש, איז דער ליטעראַרישער וואָגן געוואָרן צו שווער צו שלעפּן, אפֿילו מיט אַלע קאָנצעסיעס וואָס מ׳האָט געמאַכט, ווען די יוניאָן האָט איינגעזען אַז מ׳מוז געבן אונטערצוהאַלטן און שטיצן אַ בעסערן טעאַטער, האָט שוין אויך ניט געקענט העלפֿן.

מאָריס שוואַרץ אָבער, האָט זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעגעבן, וואו ער האָט נאָר געקענט אַריין אין אַ טעאַטער האָט ער ווידער און ווידער פּרובירט, אפֿשר וועט דאָ זיין גוט, האָט ניט געטויגט, איז ער דעם צווייטן סעזאָן שוין געווען אין אַ צווייטן טעאַטער, ביז ס׳איז געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז אפֿילו דער גרויסער קעמפּער און בויער פֿאַר אַ בעסערן יידישן טעאַטער, דער גרויסער יידישיסט, דער וועלכער האָט אַלע יאָרן געקעמפּט אַלעמען אַריבער־צויאָגן, אַוועקצושטעלן דאָס יידישע טעאַטער אויף דעם גרעסטן שטאַפּל פֿון קונסט, האָט שוין מער קיין מיטלען ניט געהאַט ווי אַזוי וויטער צו גיין, האָט ער זיך פֿאַר אַ ווײַלע אונטערגעגעבן און אַוועק אויף דער ענגלישער בינע.

אָבער ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז מאָריס שוואַרץ ניט

אַוועק צו בלייבן דאָרט, ער האָט זיך געמוזט אַ ביסל אָפּרוען, אָנשעפּן נייע כוחות און ווערן מער גערזיכערט מאַטעריעל, איז ער צוריקגעקומען און וויפל ס׳איז נאָך מעגלעך געוועז אָנגעהאַלטן דעם קונסט־טעאַטער.

⁂

די אַרבעט וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אַריינגעלייגט אין יידישן קונסט־טעאַטער, אפילו בלויז אין די ערשטע פופצן יאָר, האָבן דאָס אַלע סטאַרס צוזאַמען ניט געטאָן, ס׳איז ווירקלעך געווען פאַנטאַסטיש, ווי אַזוי מאָריס שוואַרץ האָט טאָג און נאַכט זיך געמוזט אָנשטרענגען צו ברענגען דעם יידישן קונסט־טעאַטער צו דער מדרגה וואו ער איז אַזוי פיל יאָרן געשטאַנען. ליידער האָט דאָס שוין ניט געקענט זיין אין דער צווייטער העלפט פון דער פעריאָדע, ווייל ער האָט שוין לאַנג ניט פאַרמאָגט די גוטע כוחות וועלכע האָבן אים אַ סך געהאָלפן אין דעם, ווי אויך ניט די מיטלען וואָס ער האָט געדאַרפט, צו מאַכן דעם קונסט־טעאַטער גרעסער און בעסער, דערפאַר האָט דאָס שוין זיכער ניט געקענט זיין, ווי ס׳איז געווען אין 1933 צום פופצנטן יאָר, זינט דער יידישער קונסט־טעאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון מאָריס שוואַרץ, איז געגרינדעט געוואָרן.

דאָן איז אין וואַרשע דערשינען אַ ספּעציעלער נומער „ליטעראַרישע בלעטער״, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט די פאָלגנדע שרייבער: נחמן מייזיל, זלמן זילבערצווייג, יעקב באָטאָשאַנסקי, י. א. ביימאַן, מיכאל וויכער, י. י. זינגער, אברהם מאָרעווסקי, זלמן רייזען, אהרן צייטלין, ל. מלאך און יוסף גרין.

ס׳זיינען אויך געווען פיל בילדער און אַ פולע רשימה פון די פּיעסן, וואָס זיינען אויפגעפירט געוואָרן פאַר די פופצן יאָר, ווי אויך אַ רשימה פון שרייבער, וואָס זייערע דראַמעס זיינען געשפּילט געוואָרן.

דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַן אַרטיקל פון י. י. זינגער, וואָס ווייזט ווי מ׳האָט אינעם אַמאָליקן יידישן פוילן, מיט 29 יאָר צוריק, הויך געשעצט מאָריס שוואַרצן.

זיכער ניט ווי מ׳האָט וועגן אים געשריבן אין ניו־יאָרק אין חודש יוני פון יאָר 1960.

# ווי ס׳ווערט געאַרבעט אין יידישן קונסט־טעאַטער

עס איז שוין אָנגענומען אין אייראָפּע צו גרינגשעצן אַלץ, וואָס איז אַמע־ריקאַניש. אין דער יידישער גאַס האָט מען שטענדיק גערעדט מיט אַ שמייכל וועגן אַמעריקאַנער יידישן טעאַטער. עס איז דעריבער פאַר מיר געווען אַ גרויסע איבערראַשונג, ווען איך האָב געזען פאַראַיאָרן, אין יאָר 1932, ווען מיר איז אויסגעקומען צו קומען אין באַרירונג מיט שוואַרצן קונסט־טעאַטער, ווי ערנסט און מיט וואָסער באַציאונג עס ווערט געשטעלט אַ טעאַטער שטיק אין דעם דאָזיקן טעאַטער.

עס איז צו באַוואונדערן די אומגעהויערע ענערגיע און אַרבעטזאַמקייט פונעם דירעקטאָר און רעזשיסאָר מאָריס שוואַרץ. דאָס איז אַ מענטש, וואָס קאָן ביי די פּראָבן אַ וועלט מיט אַקטיאָרן פאַרמאַטערן, און אין דער ערשטער ריי זיך זעלבסט. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס אַ שטיק ווערט געגרייט, הערט אויף צו עקסיסטירן פאַר די מענטשן אין טעאַטער די גאַנצע וועלט. עס איז נישטאָ קיין טאָג און קיין נאַכט, קיין רו, קיין שלאָף. עס איז פאַראַן בלויז דאָס טעאַטער. מען עסט אין טעאַטער, מען שלאָפט אין טעאַטער, מען דינט דער זאַך מיט לייב און לעבן. שוואַרץ אַליין אַרבעט פאַר צען. זיין געוואַלדיקע ענערגיע און פייער גיט זיך איבער צו אַלע זיינע אַקטיאָרן. דער גאַנצער אַמעריקאַנער טעמפּאָ באַווייזט זיך אין די ווענט פון דער טעאַטער־געביידע. שוואַרץ האָט דערצו ליב צו שטעלן זאַכן ברייט, גרויס, מיט אַ פאַרנעם. ער האָט ליב רייכקייט, רחבות, אַ סך מענטשן אויף דער בינע, אַ סך ליכט, פאַרביקע אויסשטאַטונג. ביי מאַסן־סצענעס איז ער זיך מחיה, און טאַקע נאָר אַ דאַנק זיין אומגעהויערן טעמפּעראַמענט און ענערגיע, קאָן ער דערפירן צו אַן אויפפירונג אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן בלויז, וואָס עס וואָלט ביי אַן אַנדערן געדאַרפט דויערן חדשים און אפשר יאָרן. עס איז ווייט, זייער ווייט פון אָפּכאַפּן, פון אַרבעטן אויפן שטייגער פון די באַרימטע שנעל־באַלמעלאָכעס. ער קאָן צענדלינגער מאָל איבערחזרן אַ סצענע, אַ בילד, אפילו איין קורצן דיאַלאָג בלויז, ביז ער דערגרייכט דאָס, וואָס ער וויל. מיר איז אויסגעקומען צו זען, ווי ער האָט איינעם אַן אַקטיאָר, וואָס האָט געהאַט גראָד צו שפּילן אַ קליינע ראָל, אַזוי פאַרמאַטערט ביי די פּראָבן, אַז יענער האָט פאַרלוירן אַ סך וואָג.

אָבער דערנאָך האָט מיר דער אַקטיאָר מודה געווען, אַז ער איז צו־

פריידן פון דער פאַרלוירענער וואָג און פון דעם געפונענעם. פונקט אַזוי ווערט אָפּגעגעבן צייט אָן אַ שיעור, אַרבעט, מי ביי אַלע אַנדערע אַרבעטן אין קונסט־טעאַטער, ביי די דעקאָראַציעס, מוזיק, גרים, קליידער און ליכט.

אין די ענגלישע טעאַטערס ווערן פּיעסעס אויסגעפּרובירט פריער אויף דער פּראָווינץ, ביז מען קומט אַריבער קיין ניו־יאָרק און מען באַווייזט זיי פּאַרטיק, גאַנצע. דער יידישער טעאַטער קאָן זיך אַזאַ לוקסוס נישט דער־לויבן. אַלץ מוז ווערן געמאַכט אויפן אָרט. טאָמער געלינגט נישט, קאָן מען שוין שפּעטער ניט פאַרריכטן. אַלץ מוז דעריבער ווערן געוואויגן און געמאָסטן. יעדער עקספּערימענט, יעדער פּרואוו איז פאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבן.

אַן אָוונט פאַר דער פּרעמיערע. אַלץ איז שוין געווען גרייט, אויסגע־שטודירט. מען האָט בלויז געדאַרפט מאַכן די גענעראַל־פּראָבע. אָבער שוואַרץ האָט ערשט אָנגעהויבן אַרבעטן אויפסניי, פאָדערן אַלץ מער און מער.

צום הונדערטסטן מאָל האָבן אַקטיאָרן געמוזט איבערחזרן יעדער דיאַ־לאָג, יעדער טריט, יעדע באַוועגונג איז געוואָרן געוואויגן און געמאָסטן אויפסניי. די גענעראַל־פּראָבע האָט זיך געצויגן פון זיבן אין אָוונט ביז זיבן אינדערפרי. די שוישפּילער זיינען געווען די גאַנצע צייט כאַראַקטערי־זירט. זיי האָבן שוין קיין כוחות נישט געהאַט אויף די פיס צו שטיין. די עלעקטראָטעכניקער האָבן זיך פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן ביים אַרויס־קריגן די געהעריקע ליכט. איך האָב נישט געגלויבט, אַז עס זאָל צומאָרגנס בייטאָג קומען צו אַ פאָרשטעלונג. בלויז אויף צוויי שעה האָבן אַלע גענומען רו. צו דער מינוט האָבן זיך די פּראָבן ווידער אָנגעהויבן. און צו דער צייט, פּונקט דריי אַזייגער איז געגאַנגען די פּרעמיערע.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין עטלעכע חדשים שפּעטער אין ניו־יאָרק, און כמעט פאַר דער גאַנצער צייט זיינען אין קונסט־טעאַטער אין אָוונט גע־גאַנגען פאָרשטעלונגען און בייטאָג־פּראָבעס פון דער זעלבער פּיעסע. מען האָט געהאַלטן אין איין פאַרריכטן, אויסבעסערן, דערגאַנצן.

די שוישפּילער האָבן נישט נאָר קיין אומצופרידנקייט נישט אַרויס־געוויזן נאָר פאַרקערט, זיי האָבן מיט דער גרעסטער אָפּפערוויליקייט גע־אַרבעט, געלאָזט זיך לערנען, געהערט מיינונגען, אַבי צו מאַכן די זאַך וואָס בעסער. און דערביי איז אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז די בעסטע קרעפטן פון טעאַטער זיינען די, וואָס האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט ביי יעקב פּ. אַדלער,

אַלזאָ ביי דעם עכט־יידישן טעאַטער, מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון פאָלק און האָבן נישט געהערט וועגן דער אַזוי־גערופענער „טעאַטער־עבודה".

און איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם דערפאָלג פונעם יידישן קונסט־טעאַטער. דער קונסט־טעאַטער אַפּעלירט נישט צום צושויער, ער זאָל טאָן אַ מצווה און קומען צו אים צוליב „יידישקייט". דער קונסט־טעאַטער באַמיט זיך נישט אָפּצושטיין פון בעסטן ענגלישן טעאַטער. אויב אַ פרומער ייד האָט געקאָנט גיין אין אַן אָפּגעלאָזן חסידיש־שטיבל און הערן אַ שלעכטן חזן, איז עס געווען דערפאַר, ווייל ער האָט געטאָן אַ מצווה. אַ טעאַטער באַזוכער זוכט ניט קיין מצווה, נאָר ער וויל זען אַ פאָרשטעלונג, וואָס זאָל שטיין אויף איין הויך מיט די בעסטע ענגלישע טעאַטערס.

דאָס האָט געשאַפן דער יידישער קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק. דער־פאַר טאַקע ווערט ער אויך אין דער ענגלישער וועלט באַטראַכט אַלס גו־טער אַמעריקאַנער קונסט־טעאַטער.

י. י. זינגער.

***

וויפל מער האָט מען געקענט זאָגן, וואָס מאָריס שוואַרץ איז געווען אימשטאַנד צו באַווייזן? און אַלץ אַליין, ווער נאָך האָט דאָס באַוויזן? פריער אָדער שפּעטער. איינמאָל איז ער ביי דער אַרבעט אָוועקגעפאַלן, און מאָ־מענטאַל געוואָרן אַ חולה־מסוכן, און דאָך אָנגעהאַלטן דעם פריערדיקן טעמ־פעראַמענט, פון בויען און שאַפן אַ בעסער יידיש טעאַטער.

געווען איז דאָס, ווען ער האָט אויפגעפירט די נייע פּיעסע „ווען איך בין ראָטשילד", פון שלום־עליכם. ווי זיין שטייגער איז געווען, צו מאַכן גענוג פּראָבעס, האָט ער געאַרבעט טאָג און נאַכט אָן אַן אָפּשטעל. ביז ער איז איין אין דער פרי געקומען אין טעאַטער, און געאַרבעט פון 8 ביז 7 פאַר־נאַכט, און איידער ער האָט פאַרענדיקט דעם טאָג אַרבעט, איז ער אַוועק־געפאַלן, האָט מען אים באַלד אַוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל, און דאָרט האָט מען אויסגעפונען אַז ער ליידט אויף לונגען־ענצינדונג.

יאָ, ער איז דאַן געווען אַ חולה־מסוכן, און געהאַלטן זיין לעבן אין די הענט, דאָך האָט ער ניט פאַרגעסן אין זיין פליכט צום קונסט־טעאַטער. אפילו זייענדיק אין אַ סכנה, האָט ער פון שפּיטאָל געשיקט צעטעלעך אין טעאַטער, ווי אַזוי מ'זאָל אָנגיין מיט דער רעזשי.

אָפּגעווען עטלעכע וואָכן אין שפּיטאָל, האָט ער זיך פאַרבעסערט, און

דאָס איז איינע פון זיינע בריוו, וואָס ער האָט געשיקט צו מאַקס פרידלענדער.

ווען ער איז אַרויס פון דאָרט, איז ער נאָך געווען שוואַך, און האָט געמוזט פאַרלאָזן זיך אָפּצורוען.

ווי גוט ס'וואָלט פאַר אים איצט געווען, ווען ער וואָלט געקענט אויפ־געבן צו טראָגן דעם גרויסן יאָך פונעם ווייטערדיקן גאַנג פון דעם קונסט־

טעאַטער. אָבער ווי אַזוי? ער האָט דאָך פאָרט אַזוי פיל צוגעטראָגן, דורך אים זיינען דאָך אַ סך גרויס און באַרימט געוואָרן, ווער אַ שטייגער קען אָנווייזן, אין וועלכן טעאַטער האָבן זיך אַנטוויקלט אַזעלכע גרויסע טאַלאַנטפולע פערזענלעכקייטן, חוץ גרויסע אַקטיאָרן, וועלכע פאַרנעמען היינט צו טאָג, די אָנגעזעענסטע פלעצער, נישט נאָר אויף דער גרויסער בראָדוויי, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. ווי קאָזן, ראַבינס, דייססינס, און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן געלערנט טעאַטער און רעזשי ביי מאָריס שוואַרץ. זיי זיינען געווען פון די ערשטע סטאַטיסטן אין קונסט־טעאַטער, ווען ער איז נאָך געווען אויף דער 27טער גאַס.

איצט זייענדיק אין „לייקוואוד", האָט ער געהאַט גענוג צייט צו טראַכטן, און צו פּלאַנירן ווי אַזוי ער קען דעם יידישן קונסט־טעאַטער אַרויספירן אויף דער פּראָווינץ. ס'האָט זיך אים זייער געוואָלט, אַז אַלע יידן, אפילו פון דער גאָרער וועלט, זאָלן זען מאָריס שוואַרצן מיט זיין קינסטלער טרופּע שפּילן יידיש טעאַטער, אים זען אין זיין גאָלדענעם רעפּערטואַר וואָס ער האָט אָנגעקליבן פאַר די אַלע יאָרן, ווען דער קונסט־טעאַטער האָט געבליט, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פּלאַן, האָט ער זיך אונטערגענומען אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז ער האָט זיך אַפילו ניט מיט דער קלענסטער זאַך פאַרלאָזט אויף קיינעם, נאָר אַליץ אַליין געטאָן, האָבנדיק מיט זיך די בעסטע פאַכלייט אויף אַלע געביטן, האָט ער דאָך אַליין אַלץ געטאָן.



מאָריס שוואַרץ,
בערטאַ גערסטין
אין „סטעמפּעניו"
פון שלום־עליכם

# צווייטער טייל

## אַ קונסט טעאַטער מוז זיין

ווען מאָריס שוואַרץ האָט שוין געמוזט פאַרמאַכן דעם יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, האָט ער זיין מוט ניט פאַרלוירן, און האָט זיך אויך ניט אַוועקגעזעצט מיט פאַרלייגטע הענט, ער האָט ניט געוואַרט מ׳זאָל אים עפּעס ברענגען אין הויז אַריין, איך בין ניט זיכער אויב מאָריס שוואַרץ האָט געגלויבט אין ניסים.

דאָס טעאַטער האָט ער געקענט צו גוט, און נאָך מער געוואוסט וואָס ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַרום דעם, דערפאַר האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער קען זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזן, אפילו ניט אויף די וועלכע האָבן זיך אַלע יאָרן געדרייט אַרום אים, פאַרשטייט זיך צוליב פּערזענלעכע אורזאַכן, אין זיין גלויבן אין אַ בעסערן טעאַטער האָט ער ניט פאַרלוירן, ווי אויך ניט אַז ער וועט נאָך אַמאָל צוריק אויפמאַכן זיין יידישן קונסט־טעאַטער, ס׳איז נאָר געווען אַ פראַגע וואו ? און ווען ? זיין חלום האָט ער נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן, אַ קונסט טעאַטער מוז זיין.

פאַרשטייט זיך שוין פאַרמאָגן אַזוי פיל קינסטלערישע דערפאַרונג מיט אַ ים קענטעניש פון דער געשעפטלעכער זייט, האָט ער גענומען פּרוּ־בירן פאַרשיידענע מיטלען צו דערגרייכן נאָך גרעסער, פאַר דעם האָט זיך מאָריס שוואַרץ קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט, נאָך פון דער צייט ווען ער איז אַרויף אויף דער בינע, ביז דעם לעצטן טאָג אין ישראל.

אין זיין וועלן האָבן אַ שטענדיקן יידישן קונסט־טעאַטער, איז ער געווען אַזוי אַמביציעז, אַז עס האָט אים שוין אפילו ניט געאַרט, וואו ס׳זאָל זיין, ניט דאָס לאַנד, ווי אויך ניט אין וועלכער שטאָט.

און ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, וויסנדיק אַז מיט לייד־דיקע הענט איז זייער שווער עפּעס צו דערגרייכן, אָבער זיין שוין גרויסער פאַרדינטער נאָמען, האָט איצט געהאַט מער ווערט ווי געלט, קיינער קען ניט אָנווייזן, אַז מ׳האָט אים געהאָלפן דאָס צו דערגרייכן, אַליין האָט ער יאָרן־לאַנג שווער געאַרבעט, אַז זיין נאָמען זאָל פאַרשפּרייט ווערן איבער דער גאָרערע וועלט.

וואו ס׳איז נאָר געווען אַ יידיש ווינקל, און אַ מעגלעכקייט, דאָרט איז מאָריס שוואַרץ געווען און האָט געשפּילט מיט אַ גרויסער טרופּע אָדער אַ קלענערע אפילו ווען ס׳איז אים אויסגעקומען צו שפּילן אַליין.

פאַרשטייט זיך אַז ער האָט אויף דעם גוט אַכטונג געגעבן, אַז די וועלט זאָל וויסן, ניט נאָר וועגן זיינע גרויסע סוקסעסן וואָס ער האָט אַלע מאָל געהאַט אין ניו־יאָרק. נאָר ווער ס׳האָט זיי געמאַכט, און זיך ניט פאַרלאָזט אויף קיינעם, אויסגענוצט אפילו די קלענסטע געלעגנהייט אַז מ׳זאָל דערפון וויסן, דערפאַר האָט ער אַ סך דערגרייכט צו די ניט־יידן אויך, אין דעם האָט ער זיך איבערצייגט, אַז זיין גוטע ערלעכע אַרבעט האָט זיך פאַר אים געלוינט, ס׳האָט זיך באַצאָלט, אומעטום האָט מען געוואוסט ווער מאָריס שוואַרץ איז, און וואָס ער האָט פאַרן טעאַטער אויפגעטאָן, ווי אויך פאַר זיך צו האָבן דעם וועלט־נאָמען.

דערפאַר איז אים אונטערגעקומען דאָס ווינקל פון אַלע מעגלעכקייטן, האָליוואוד. וואו מאָריס שוואַרץ האָט פאַרבראַכט אַ זעקס חדשים, געווען באַשעפטיקט אין אַ גרויסער פילם, ליידער אין זייער אַ קליינער ראָל, ניט פאַר מאָריס שוואַרץ, דאָס איז מיין מיינונג.

אין דעם ווינקל פון אַלע מעגלעכקייטן פון דער וועלט, וואו מ׳קען אי־בער נאַכט ווערן וועלט־באַרימט, אָדער אין גאַנצן אָפּגעווישט ווערן פון דעם טעאַטער, האָט זיך אפילו אַזאַ גרויסער טעאַטער־מענטשן ווי מאָריס שוואַרץ איז געווען, מיט אַזוי פיל טעאַטער־דערפאַרונג זיך געמוזט כאַפּן אין צייט, און צוריקקומען קיין ניו־יאָרק, וואו קיין גרעסערער פון אים איז ניט געווען, באַלד געוויזן אַז ער האָט דאָרט זייענדיק ניט אין זיין יידישן ווינקל, נאָך אַלץ ניט פאַרלוירן זיין פריערדיקע ליבע פאַרן יידישן טעאַטער, פאַרשטייענדיק אַז דאָ איז זיין היים, זיין טעאַטער און זיין עולם.

ליידער האָט ער שוין דאָ אין ניו־יאָרק, ניט געטראָפן אפילו דאָס וואָס ער האָט מיט חדשים צוריק איבערגעלאָזט... איז אים איצט גוט צונוץ געקומען די נייע דערפאַרונג, וואָס ער האָט אין דער קורצער צייט אויפגעכאַפּט אין האָליוואוד.

און אפשר האָט ער דאָרט געלערנט אַ סך, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן מער ווי פּערזענלעכע פאַרלאַנגען, און מעג אַ קינסטלער זיין ווי געטריי צו זיין פאָלק, און ווי איבערגעגעבן צו זיין קינסטלערישער אַרבעט איז ווען ס׳מישט זיך אַריין אַזעלכע פּערזענלעכע פאַרלאַנגען, און מ׳געפינט נאָך

אַ מעגלעכקייט די פּאַרלאַנגען צו דערפילן, שטייט זיין איך העכער פון אַלץ, מעג דאָס אַפילו זיין אַ מאָריס שוואַרץ.

אַ וועלכער אַקטיאָר וואָלט דאָס ניט געוואָלט? איבערהויפּט אַזעלכער וואָס האָט שוין אַזויפיל אין זיין לעבן דערגרייכט, האָט ער געהאַט גענוג מוט און זיכערקייט אַז ער קען שטיין פעסט אויף זיינע אייגענע פיס, אויף אַ פרעמדן באָדן, דערצו האָט אים צוגעשפּילט אַ גוטער תירוץ: — די אומ־שטענדן זיינען געווען אַזעלכע שווערע, אַז מ׳קען גאָרניט צוטרעטן צו אַ יידיש טעאַטער, וואָס איז דאָ געוואָרן?

מיר אָבער אין פאַך, האָבן געוואוסט און פאַרשטאַנען, ווען מאָריס שוואַרץ וואָלט נאָר געוואָלט, איז אפילו דאָס איינציקע טעאַטער וואָס איז נאָך פאַרבליבן אויף דער עוועניו, וואָלט געקענט זיין זיינס.

ער האָט אָבער געהאַט אַנדערע פּלענער, און קיינער האָט זיי ניט געקענט איבערמאַכן, אמת, ער האָט מיט רעכט אויף זיך געקענט שטעלן, זויב ער וואָלט געהאַט אַ גוטע פּיעסע, זיין פערזענלעכע אינסטיטוציע, דער נאָמען מאָריס שוואַרץ, איז געווען די גרעסטע, אפשר שוין גרעסער פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער, איך בין אָבער ניט זיכער, אויב גרויס גענוג פאַר אַ פרעמדן עולם, פאַר יידן דאָס גרעסטע וואָס מיר האָבן געהאַט, ס׳איז געווען גענוג בלויז מאָריס שוואַרץ.

מעגלעך אַז דאָס איז געווען די שולד פון האָליוואוד, וואָס ער איז פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַקטיאָרן געווען ביי זיך איינגערעדט, אפשר מיט רעכט, און אַמאָל איז דאָס אים פאַרבליבן פון דער צייט, ווען ער האָט זיך געקליבן אַריבעריאָגן די גרויסע דריי, איז פּונקט אַזוי ווי אַלע האָבן געגלויבט אַז זיי קענען אין ענגליש מער דערגרייכן און ער מאָריס שוואַרץ, וועט זיכער דאָרט קענען מער אויפטאָן, ווי אויף דער יידישער צווייטער עוועניו, און ווער וויל ניט דערגרייכן אַ גרעסערע שטופּע אפילו פון מאָריס שוואַרצן, און זיין הויפּט־פּונקט איז דאָך געווען צו דערגרייכן גרעסער ווי גרויס, אַז ס׳זאָל קיין גלייכן צו אים ניט זיין, אמת, זיי פאַרמאָגן אַלץ, זייער טעאַ־טער־פעלד איז זייער גרויס, די מעגלעכקייטן פאַר איינעם מיט אַזוי פיל וויפל ער פאַרמאָגט, איז קיין גרענעץ ניטאָ צו דער גרויסקייט וואָס מ׳קען דאָרט דערגרייכן, וואָס מ׳דאַרף וויסן, איז נאָר דורך וועלכער טיר אַריינ־צוקומען, און פאַר אים, מאָריס שוואַרצן, דאַרף דאָס ניט זיין שווער, ווייל ווער אין דער אמתן פאַרמאָגט איצט אַזוי פיל דערפאַרונג ווי ער, קומענדיק

ערשט פון האָליוואוד מיט אַזוי פיל רעקלאַמע, איןביידע שפּראַכן.

אין דעם „דזשעפערסאָן טעאַטער" אויף דער 14טער גאַס, האָב איך אים מיט יאָרן צוריק געזען דאָרט שפּילן אַ סצענע פון „שיילאָק" אין ענגליש, האָב איך געוואוסט אַז די ענגלישע שפּראַך באַזיצט ער פאָלקאָמען, קיין גרעסערער פון אים אַלס אַקטיאָר איז איצט ניט פאַראַן, איז פאַרוואָס טאַקע קען ער ניט זיין דאָרט פונקט ווי ער איז דאָ? ער האָט זיכער ביי זיך געטראַכט, אויב ניט אַ סך גרעסער, דאַרף מען וואַרטן פאַר דער גינסטיקער געלעגנהייט.

און זי איז געקומען, פּערזענלעך איז דאָס ניט געווען קיין גרויסע איבעראַשונג, ווייל קיינער האָט ניט געקענט לייקענען אַז אַחוץ מאָריס שוואַרצן, זאָל נאָך ווער האָבן אַזאַ געלעגנהייט, אַ קינסטלער מיט אַזויפיל פּרעסטיזש, מיט אַזאַ פאַרנעם, און איבערהויפּט מיט אַזאַ פענאָמענאַלן נאָמען, וואו האָט מען דען ניט געטראָפן זיין נאָמען? ס'איז דען פאַראַן אַ צייטונג, אָדער אַ זשורנאַל אין דער וועלט, וואו מ'האָט ניט געטראָפן מאָריס שוואַרצעס נאָמען, פאַרוואָס טאַקע זאָל מען אים ניט נעמען? דערצו נאָך האָבנדיק אַזאַ גרויסע נאָך־פאָלגערשאַפט.

ענדלעך גייט מאָריס שוואַרץ אויפטרעטן אין ענגליש אויף בראָדוועי, אין אַ פּיעסע, וואו ער אַליין שפּילט, באַלד איז דאָס פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער טעאַטער עוועניו, און די מיינונג פון אַלעמען — „מיר וועלן זען".

מאָריס שוואַרצן האָבן אַלע געהאַלטן פאַר אַ הונדערט פּראָצענטיקן יידישן אַקטיאָר, דאָס איז אויך געווען מיין פערזענלעכע מיינונג, מיטן אויסזען, מיט אַלע זיינע באַנעמונגען, זיין שפּילן איז געווען יידיש, אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אויף דער בינע, איז געווען יידיש, און אויף בראָדוויי האָט ער ניט געקענט ווייזן אַז ער קען זיין אַנדערש, דערצו נאָך אַז מ'זאָל אים גלויבן, ער האָט זיך אפילו ניט גערעכנט מיט צוויי פאַקטן, וועלכע זיינען פאַר אים געווען קלאָר ווי דער טאָג.

איינס, אַז דייוויד קעסלער, זייענדיק אַ גרויסער אַקטיאָר אויף דער יידישער בינע, און ווען ער איז געגאַנגען אויף בראָדוויי שפּילן, האָט מען אים צוריקגעשיקט אויף דער עוועניו.

צוויי, אַז יעקב פּ. אַדלער, איז געווען אַ סך קליגער, ווען מ'האָט אים פאָרגעלייגט צו שפּילן אין ענגליש, האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט, נאָר מיט

אַ תנאי, אַלע אַקטיאָרן זאָלן רעדן ענגליש, ער אַדלער זאָל זיין ראָל רעדן אין יידיש, איז דאָס געווען אַ סענסאַציע... געשפּילט האָט ער שיילאָק.

גאַנץ אַנדערש איז דאָ געווען, מאָריס שוואַרץ האָט זיך צוריקגעקערט פון האָליוואוד מיט אַ ים פון פּאָבליסיטי, פאַרשטייט זיך פון אַן איגענעם אַגענט, וואָס האָט אַ שיין ביסל איבערטריבן אין יידיש, און נאָך מער אין ענגליש, און ווער האָט דאָס ניט געוואוסט, אַז מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט אין אַ גרויסן ענגלישן פילם? כאָטש אַ זייטיקע אומבאַדייטנדיקע ראָל, און דאָך געקומען פון האָליוואוד שוין מיט אַ פּאַרטיקע פּיעסע, און פאַר זיך אַ גרויסע ראָל אין ענגליש, מיטן גלויבן אַז ער וועט אין דער ראָל זיין אַזוי גרויס און גוט, אפשר נאָך בעסער ווי אין אַ סך פון זיינע יידישע ראָלן, אַמווייניקסטנס אַזוי גוט, ווי אין זיין „טביה דער מילכיקער". אָדער ווי אין דוד שאַפּיראָ, אין „שווער צו זיין אַ ייד". אמת, מאָריס שוואַרץ האָט אין יידישן טעאַטער אַלץ געקענט, נאָר ניט מאַכן צו גלויבן דעם ענגלישן עולם, אין דעם וואָס ער האָט איצט געשפּילט...

מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט און מיט אַזוי פיל דערפאַרונג, וואָס נאָר איין מאָריס שוואַרץ האָט פאַרמאָגט, האָט ער ניט געקענט באַהאַלטן פון עולם, וואָס מ'האָט גלייך דערזען, אין אַ יעדער באַוועגונג זיינער, אפילו אין זיין פינטל מיטן אויג, אַז ער איז אַ יידישער אַקטיאָר, ווייל אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אויף דער בינע, איז געווען אַ דורך און דורך יידיש, און דאָס וואָס ער איז די גאַנצע צייט געווען אַליין אויף דער בינע, האָט זיך דאָס שטאַרקער געוואָרפן אין די אויגן, און דאָס האָט דער גויישער עולם ניט געקענט פאַר־טראָגן, מער ווי אַ דריי אָדער אפשר פיר פאַרשטעלונגען האָט ער אין ניו־יאָרק ניט געשפּילט.

די לעצטע עטלעכע יאָר, איז מאָנטרעאָל געוואָרן זיין „טאַרגעט" פון אויספּרובירן אַ נייע פּיעסע, אָדער ווען ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט צו שפּילן אַ נייע ראָל אין איין אַלטער פּיעסע, האָט ער אויך געגלויבט, אַז מיט דער ענגלישער פּיעסע, וועט ער דאָרט אַ סך דערגרייכן, און ניט געקוקט אויף דעם וואָס ס'זיינען אַרויס גרויסע אַנאָנסן, האָט מען פונדעסטוועגן אַ פּאָר טעג פאַרן שפּילן, צוריקגערופן די פאַרשטעלונגען, און ער איז ניט געקומען שפּילן, איצט אפשר האָט ער דערפילט, אַז ביי פרעמדע און דערצו נאָך אַליין, קען ער קיינמאָל ניט זיין דאָס וואָס ער איז אין יידישן טעאַטער, ביי אונדז איז ער געווען דער גרעסטער, און ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט מען

אים פּאָר אַזעלכן אויפגענומען, ער איז געווען און געבליבן דער זעלבער גרויסער מאָריס שוואַרץ.

ווי אַלע מאָל, האָבן זיך איצט אויך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן געמאַכט ניט קיין קאָמפּלימענטירטע באַמערקונגען, וועגן זיין גיין אויף דער ענגלישער בינע, און נאָך מער פאַרוואָס ער איז צוריקגעקומען, איז מיין ענטפער געווען קורץ:

— אויף אַ גוטן לאָקשענעם קוגל, דאַרף מען זיין אַ גוטער מבין.

## סטאַזש אַקטיאָרן

אַזעלכע האָט די פּראָפעסיע פאַרמאָגט אַ סך, וועלכע האָבן זיך געמאַכט, און האָבן דאָס פאַרדינט, די וועלכע זיינען געווען באַרעכטיקט צו דעם, זיינען געווען געציילטע, און דערפאַר האָבן זיי אָפט געקראָגן אַ סך פּריווי־לעגיעס, צו וועלכע גלאַט איין אַקטיאָר איז ניט געווען באַרעכטיקט, און האָט דאָס טאַקע ניט געקראָגן, פון גרויסע פאַרדינסטן איז דאָך שוין אָפּ־גערעדט, אָבער מער פון אַלעמען, האָט אַלץ געקראָגן מאָריס שוואַרץ.

ווען איך רעד פון סטאַזש־אַקטיאָרן, מיין איך אַזעלכע ווי סעמיועל גאָלדענבורג, לודוויג זאַץ, מיכל מיכאַלעסקאָ, אהרן לעבעדיעוו, און אַ סך אַנדערע וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער זעלבער ריי אויף דעם טעאַטער־פעלד פון צוטראָגן, פון די גרויסע פּאַר אים זיינען דאָך פון עולם כמעט פאַרגעטערט געוואָרן, דאָך האָט קיינער פון זיי ניט צוגעטראָגן צום יידישן טעאַטער אַזוי פיל וויפל איין מאָריס שוואַרץ. ער אַליין האָט אַלעמען מיט אַלץ איבערגעיאָגט, זיין פאַרנעם איז געווען אַ וועלטלעכער, און אַרומגע־מענדיק אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיטן יידישן טעאַטער, ער איז גע־ווען דער ערשטער צו בויען, פאַרגרעסערן און פאַרשענערן, און דאָס אויף דער העכסטער מדרגה אַוועקגעשטעלט, איבערהויפּט דעם יידישן קונסט־טעאַטער.

אין דעם הינזיכט פון פאַרגרעסערן, פאַרשענערן און פאַרבעסערן, האָט זיך קיינער ניט געקענט פאַרגלייכן מיט מאָריס שוואַרצן, אמת, אַלע זיינען געווען גרויסע טאַלאַנטן, אָבער נאָר אין שפּילן, אין דעם האָבן אַ פּאָר אפשר אַריבערגעיאָגט מאָריס שוואַרצן, אָבער ווען ס'איז געקומען צו בייען,

איז ניט געווען, ס׳וועט שוין אויך ניט זיין, קיין גלייכן צו דעם גרעסטן אין דעם היגזיכט.

ס׳מיינט אָבער ניט, אַז מאָריס שוואַרץ איז געווען אין גאַנצן אָפּגעהיט פון אַ סך טעותן, ניין, אפשר אַ סך מער, ווי מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, אין אַ סך פאַלן איז דאָס דעם מענטשנס פּריווילעגיע, ער האָט אָבער מיט זיין גרויס־קייט אויף אַ יעדן געביט, גיך געקענט אַלץ פאַרריכטן, איז ער דערפאַר אַלע מאָל געבליבן דער גרויסער מאָריס שוואַרץ.

יאָ, ער האָט מיט רעכט אַלע מאָל געקענט גיין מיטן קאָפּ אַרויף און אַלעמען קוקן גלייך אין די אויגן אַריין, ווייל ער איז אַ פּאָר מאָל דערגאַנגען אַזוי וייט, אַז אפילו אַ דורכפאַל איז געווען פאַר אים אַ סוקסעס, ווייל ס׳איז געווען געמאַכט אַזוי „לעדזשיטימעט" ניט געזוכט אַריינצוכאַפּן, איז אפילו ביי אים ניט קיין געלונגענע פאָרשטעלונג, ווי „אַ לאָך אין קאָפּ" האָט אויך ניט געקענט קלענער מאַכן זיין גרויסן נאָמען און כבוד, ער איז אַלץ פאַרבליבן דער גרויסער קינסטלער צו וועמען מ׳האָט אַרויפגעקוקט מיט גרויס דרך־ארץ.

מיר מוזן ניט פאַרגעסן, אַז מאָריס שוואַרץ איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַן אַמעריקאַנעם יידישן דראַמאַטישן פאַראיין, אַ בחורל וואָס האָט געוואָלט שפּילן יידיש טעאַטער, ניט זייענדיק אפילו קיין צענטער גליד פון אַן אַקטיאָר, זיך דערצויגן אויף דער גאַס, און דאָך אַזוי פיל אין זיך איינגעזאַפּט, אים אַזוי פיל יאָרן ניט צוגעלאָזט, און דאָך אויף זיינע אייגענע כוחות דערגרייכט דאָס העכסטע אין יידישן טעאַטער. און ווי גרויס דער דאָמעסטיק פּראָדוקט איז געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ער אין דער וועלט געווען נאָך גרעסער.

אמת, ער איז שוין אומעטום געקומען ווי אַ אימפּאָרטירטער קינסטלער, מיט אַ פאַרטיקן גאָלדענעם רעפּערטואַר, און שוין מיט אַ גרויסן שם, איז מיר גאָר קיין וואונדער ניט געווען, ווען איך האָב אין אַזעלכע גרויסע שטעט ווי לאָנדאָן, פּאַריז, ווין, און אויך אין אַנדערע לענדער אָפּגענומען אַזעלכע קאָלאָסאַלע גרוסן פון זיינע פאָרשטעלונגען וואָס ער האָט דאָרט געגעבן.

ווען איך בין געווען אין פּאַריז, בין איך אַ יעדן פאַרנאַכט אַראָפּגעגאַנגען אין דעם יידישן רעסטאָראַן, וועלכער געפינט זיך אין דעם געגנט 3 רועה באָטרע־דעים־די־נאזארעטה, פּאַריז 3. און ווען איך האָב זיך דאָרט צערעדט וועגן טעאַטער, האָט מיר דער באַלעבאָס פונעם רעסטאָראַן, מאַקס, געזאָגט:

— וועמען זאָל איך דאָ גיין זען? און וואָס שפּילן זיי? דאָס איז פאַר מיר ניט קיין טעאַטער, איך האָב דאָ געזען די גרעסטע, וואָס זיינען געקו־מען קיין פּאַריז. פון זיי אַלע, קען איך איינעם ניט פאַרגעסן, און דאָס איז אייער מאָריס שוואַרץ, אָט דאָס איז ביי מיר אַ טעאַטער, ווי אַזוי ער האָט דאָ געשפּילט, אָבער ניט די וואָס קומען פאַר אַ נאַכט און אַנטלויפן באַלד, זעט איר, ווען מ׳קען דאָ ברענגען מאָריס שוואַרצן נאָך אַ מאָל, וואָלט איך פאַר־שלאָסן דאָס געשעפט און אים געגאַנגען זען, און ניט נאָר איך אַליין, איך בין זיכער אַז גאַנץ פּאַריז וואָלט דאָס זעלבע געטאָן.

דעם כוח, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט פאַרמאָגט, האָט דאָס קיינער ניט געהאַט, אַז מ׳וויל האָט ער פאַרמאָגט אַלע דריי, כוח־הדמיון, פאַרשטעלונגס־קראַפט, כוח־הדבור, רעדנס־קראַפט, און כוח־הרשאה, דאָס רעכט צו פאַר־טרעטן (עמעצן), און אַ פּאָר מאָל, איז מיר אַליין דאָס אויסגעקומען צו זען, און אַזעלכע זאַכן פאַרגעסן זיך ניט.

ווען ס׳איז אַריבערגעקומען פון אייראָפּע איינער וואָס האָט זיך גע־האַלטן פאַר אַ „סטאַר״ דאָרט, אָדער דעם וואָס מ׳האָט אַריבערגעבראַכט האָט מען אין אַלע צייטונגען געלאָזט וויסן דעם עולם, אַז מ׳ברענגט איצט דאָס גרעסטע, דאָס בעסטע, אַזוינס האָט מען נאָך אין אַמעריקע ניט געזען, און ניט איינמאָל צוגעטשעפּעט די אַלטע טיטולן, וועלכע די גאָר אַלטע אַקטיאָרן האָבן זיך מיט זיי געקרוינט, האָבן שוין די פּאָבליסיטי אַגענטן צו דעם באַטרעפנדיקן צוגעשטעלט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט אויסטראַכטן, און אַזוי אַרום האָבן זיי דעם נייעם אַקטיאָר אַזוי איבערטריבן, אַזוי צעלייגט איבער די שפּאַלטן פון די צייטונגען, אַז דער עולם האָט שוין ניט ווילנדיק גענומען גלויבן אפשר, ביז ס׳איז געקומען צום יום־הדין, אויף דעם קענען נאָר די געשריבענע קריטיק געבן אַן ענטפער, און די וועלכע האָבן זיך גע־לאָזט רעקלאַמירן פאַר דער בעסערער פּיעסע, האָט מען נאָר באַדאַרפט וואַרטן, ביז זיי וועלן זיך טרעפן מיט מאָריס שוואַרצן אויף דער בינע, אויך וועגן דעם קען מען געפינען אַ גוטן ענטפער אין די צייטונגען, פערזענלעך גלויב איך אַז זיי זיינען געוועזן נידעריקער פון נול, ווייל מ׳האָט זיי אין גאַנצן ניט אַרויסגעזען.

די גרויסקייט אָבער האָט מאָריס שוואַרץ נאָר געקענט באַווייזן אין יידישן טעאַטער. איך האָב דאָס אַפילו אַמאָל באַמערקט אין אַן ענגלישן פילם, מיט וועמען ער האָט דאָרט געשפּילט... דערפאַר גלויב איך אַז זיין טעות

וואָס ער איז געגאַנגען שפּילן ענגליש טעאַטער, איז פאַרן יידישן טעאַטער געווען דאָס גרעסטע געווינס, זיי האָט ער געוויזן וואָס פאַר אַ גרויסן קינסט־לער מיר פאַרמאָגן, און זיך האָט ער געוויזן אַז ער דאַרף נאָר זיין אין יידישן טעאַטער.

איך בין אויך זיכער, אַז ס׳האָט ביידע צדדים גאָר ניט געשאַדט, אַזאַ קינסטלער ווי מאָריס שוואַרץ האָט געמעגט פּראָבירן, און מיר יידן זיינען געווען צופרידן וואָס ער איז צוריקגעקומען, און פאַרענדיקט האָט ער ניט נאָר אויף דער יידישער בינע, נאָר אין יידישן לאַנד.

## צוויי טייערע בריליאַנטן

ווען מאָריס שוואַרץ האָט שוין ניט געהאַט זיין קונסט־טעאַטער, האָט ער געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן, אָנצוהאַלטן זיין גרויסן און מיט רעכט פאַרדינטן נאָמען, וואָס ער האָט זיך דורך די אַלע יאָרן געמאַכט האָט ער פּרובירט פאַרשידענעס, און געגאַנגען אַזוי וויט, אַז ס׳איז שוין ביי אים ניט געווען קיין אונטערשייד וואו, אַבי זיין נאָמען און דער קונסט־טעאַטער זאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

אָט־אָ די צוויי בריליאַנטן, האָט ער אַרומגעפירט איבער דער גאַנצער וועלט, אפשר וועט אים פאָרט געלינגען וואו זיך אָפּצושטעלן, ער האָט פּרו־בירט סאַוט־אַמעריקע, אפילו געפּאָרן קיין אַפריקע. און דאָך געמוזט קומען צוריק, אפילו ווען ס׳איז בלויז געווען פאַר אַ פּאָר וואָכן, צו שפּילן אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

פאַרוואָס מאָריס שוואַרץ האָט געמוזט אויפגעבן דעם קונסט־טעאַטער, זיינען פאַראַן אַ סך סיבות, איינע פון זיינע הויפּט־סיבות איז געווען זיין געזונט־צושטאַנד, און כאָטש ער איז שוין געווען אַ פּאָר מאָל סכנותדיק קראַנק, האָט ער דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט צוגעבן, ניט קוקנדיק אויף זיינע צו אָפטע איינפאַלן, וועלכע זיינען זיכער געקומען פון די גרויסע אָנשטרענגונגען וואָס ער האָט לעצטנס באַדאַרפט מאַכן, ווייל ער האָט זיך שוין ניט גע־האַט אויף וועמען צו פאַרלאָזן, און דאָך געוואָלט אויפהאַלטן מיט אַלע כוחות דעם יידישן קונסט־טעאַטער, איז די הויפּט־סיבה געווען די איבער־נאַטירלעכע גרויסע אויסגאַבן, וועלכע האָבן אַ סך אַנדערע טעאַטערס פאַר־

מאַכט, זיי האָבן זיך אַפילו ניט געוואָלט רעכענען מיטן פאַקט, אַז אין יידישן טעאַטער, אפילו אין יידישן קונסט־טעאַטער, ווען אפילו זיי קומען, איז בלויז יידן, און זייער אָפּט ניט גענוג, און אויסצוהאַלטן אַזאַ גרויסע אונטערנעמונג, איבערהויפּט פאַר איין מענטשן, מעג ער זיין ווי שטאַרק, איז דאָס אוממעגלעך, מיט דעם אמתן פאַקט, האָט זיך קיינער ניט געוואָלט רעכענען, און ס׳האָבן זיך אפילו געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן נאָך געהאַט טענות צו אים...

— ער האָט דען אויפגעגעבן דאָס טעאַטער, ווייל ס׳האָט זיך ניט באַצאָלט ?

— פאַרוואָס דען ? — האָט אַ צווייטער געפרעגט.

— ווייל ער וויל אַז ס׳זאָל זיין אַ מאָריס שוואַרץ טעאַטער.

— ער, גלויב איך, האָט מער רעכט ווי אַנדערע...

— וואָס פאַרשטייסטו ? דענק וואָס איז אייער מיינונג ? — האָט ער מיך געפרעגט.

— איך קען אייך בלויז דערציילן אַ פאַקט.

— אדרבה, מיר ווילן הערן.

— ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן אין דעם האָפּקינסאָן טעאַטער מיט דער פּיעסע „פריידל ווערט אַ כלה״, פון ה. קאַלמאַנאָוויטש. נאָך 8 וואָכן, האָט זיך די גערמאַנס פאַרגלוסט פאָרן שפּילן די פּיעסע אין שיקאַגאָ. ס׳איז געווען אין יאָר 1933 ווען מיר זיינען געזעסן אין איינעם פון די וואַגאָנען, שוין נאָכן שפּילן אין שיקאַגאָ, אויפן וועג קיין פּיטסבורג. און אַזוי ווי מיר האָבן געטראָפן אין שיקאַגאָ גרויסע היצן, זיינען די געשעפטן ניט געווען אַזוי פויגלדיק, אין אַזאַ צייט איז אונדזער דירעקטאָר מישאַ גערמאַן געזעסן פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס געדרויכערט אַ פּאַפּיראָס, און ווי ס׳האָט אויסגעזען, איז ער געווען פאַרטראַכט, שטאַרק פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, זיינען אַקטיאָרן געזעסן און גערעדט, ווי קומט עס אַ פּיעסע וואָס מ׳האָט אין ברוקלין געשפּילט 8 וואָכן פאַר גרויסע געשעפטן, אין אַזאַ שטאָט ווי שיקאַגאָ האָט מען ניט געקענט אָנפילן דעם פרינצעס טעאַטער, און די פיר פאָרשטעלונגען, יעדער איינער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, און ווען זיי זיינען געוואָרן מיד, זיינען זיי געגאַנגען שלאָפן, בלייבנדיק אַליין, האָב איך דערהערט אַ געלעכטער, ווען איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָב איך געזען ווי מישאַ גערמאַן לאַכט, האָב איך אים אָנגעקוקט, האָט ער צו מיר געזאָגט :

— איך מוז אויסזען קאָמיש צו אייך, ווייל איך האָב זיך פּלוצעם צע־לאַכט, אַ יאָ איר דענקט אַזוי?

— ניין, אָבער וואָס האָט אייך געמאַכט אַזוי צו לאַכן?

— ווי אַזוי זיי האָבן גערעדט פון געשעפט, קומט אַהער, דענק, אַזוי ווי מיר ווילן נאָך ניט גיין שלאָפן, וועל איך אייך עפּעס דערציילן, וועט איר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ גרויסע געשעפטסלייט אַקטיאָרן זיינען, אויב רעדן פון מאַכן געלט אין טעאַטער, האָב איך געמאַכט אַ סך, ווייסט איר אָבער ווען? ווען איך האָב געשפּילט די „אייביקע מאַמע״, טאַקע פון ה. קאַלמאַנאָוויטש. איר וועט דאָס קיינמאָל ניט גלויבן, שטעלט אייך פאָר די וואָך פון פּסח, אין דעם זעלבן האָפּקינסאָן טעאַטער, האָב איך איינגענומען 36 טויזנט דאָלאַר, וואָלט איר דאָס געגלויבט?

— פאַרוואָס ניט, אין טעאַטער איז אַלץ מעגלעך.

— אָבער דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצן, וואָס איך וויל אייך דערציילן, איך האָב מיך פריער צוגעהערט וואָס זיי האָבן דאָ גערעדט, מעגט איר מיר גלויבן, ווען ס׳איז מיר בעסער אויפן האַרצן, וואָלט איך נאָך מער גע־לאַכט, און איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז זיי ווייסן גאָרניט, אָבער אַזוי זיינען שוין אַקטיאָרן, זיי רעדן אפילו פון דעם וואָס זיי הויבן ניט אָן צו וויסן, איבערהויפּט פון געשעפט. מעגט איר דאָס הערן, ווען איך האָב געהאַט דעם פאָלקס־טעאַטער.

— איר מיינט דעם פריערדיקן קונסט־טעאַטער.

— יאָ, אויף דער עווענוי, זיינען אַקטיאָרן אַ שבת בייטאָג געקומען אין טעאַטער און געטראָפן אַ געפּאַקט הויז.

— שבת בייטאָג?

— יאָ, וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי, ס׳איז געווען אַ פאַרקויפט הויז, ווייסט איר וואָס זיי האָבן געזאָגט...

— וואָס?

— אַז איך, דער דירעקטאָר, וועל זיך שוין היינט אָנשטאָפּן די קע־שענעס.

— פון אַ בענעפיט?...

— שטעלט אייך פאָר וויפל מ׳האָט געקענט קריגן פאַר דעם בענעפיס, אין אַ שבת בייטאָג, איך בין געווען גליקלעך וואָס ס׳האָט געדעקט די אויס־גאַבן וואָס איך האָב דאָרט געהאַט פאַרן טאָג.

— איז וואָס ווילט איר דערמיט אַרויסברענגען, גערמאַן?

— וויפל זיי פאַרשטייען, ווייל אַ צווייטן מאָל ווען זיי זיינען אַריין אין טעאַטער, אין אַ זונטאָג בייטאָג, און ס׳איז בלויז געווען דריי פערטל הויז באַזעצט, האָבן זיי מיך שטאַרק באַדויערט, דאָס מאָל וועל איך זיכער צו־טראָגן אַ סך, וואָס מיינט איר איז געווען?

— אינטערעסאַנט צו וויסן...

— ביים בענעפיס בין איך קוים אַרויסגעקראָכן, און ביי דעם שלעכטן זונטאָג בייטאָג, איז געבליבן אַ גרויסער פּראָפיט, ווייל די בילעטן זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין דער קאַסע פאַרן פולן פּרייז, נו, פאַרשטייען אַקטיאָרן אויף טעאַטער־געשעפטן?

— געוויס ניט אַלע.

— זייער אַ קליינע צאָל פאַרשטייען.

— איז וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיט מאָריס שוואַרצן?

— דער שייכות איז דער, אַז מאָריס שוואַרץ האָט מער רעכט ווי אַ סך אַנדערע, אַז אַ טעאַטער זאָל טראָגן זיין נאָמען, ווייל צו זיינע פאַרדינסטן אין יידישן טעאַטער, קען זיך נאָך דערווייל קיינער ניט פאַרגלייכן, פּערזענלעך בין איך זיכער, אַז אַ טעאַטער אויף זיין נאָמען, וואָלט געווען ניט נאָר אַ גרוי־סער כבוד, נאָר אַ גרעסערער שטאָלץ פאַרן יידישן פאָלק, דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער אָנערקענונג ביי דער וועלט פאַר דעם וואָס האָט פאַרן בע־סערן יידישן טעאַטער אַזוי פיל אויפגעטאָן, אויף וועמען נאָך קען מען דאָס אָנווייזן?

— פאַר וועמען האָט ער דאָס געטאָן, ווען ניט פאַר זיך.

— ווער טוט עפּעס פאַר אַן אַנדערן? און ווידער, ס׳איז שוין באַלד ניט פאַראַן מיט וועמען אויפצוהאַלטן אַ בעסער טעאַטער, און אויב מ׳דאַרף שוין „קאָמבינירן מיט טאַלאַנטן" איבערהויפּט ווען עס קומט נאָך אויס צו שפּילן דעם אַלטן רעפּערטואַר, האָט איר אַזעלכע וואָס מ׳קען פאַרגלייכן צו אַ מוני ווייזענפריינד? אָדער צו אַ סעמיועל גאָלדענבורג? אַ לודוויג זאַטץ? אָדער אַפילו אַזאַ קערנדיקן אַקטיאָר ווי איזידאָר קעשיר איז געווען? ווייזט מיר אָן אויף איינעם, ווער עס קען זיי פאַרטרעטן? שטעלט זיך אַ פראַגע, פאַרוואָס זאָל ער טאַקע ניט זיין באַרעכטיקט, צו האָבן זיין נאָמען אויף אַ טעאַטער, איר פאַרגעסט אייך אַז מאָריס שוואַרץ, האָט ניט נאָר אַריינ־געבראַכט בעסער טעאַטער, נאָר אויך אַ סך וויסן, און דאָס האָט געגעבן אַ סך

אַקטיאָרן אַ מעגלעכקייט צו דערגרייכן אַ העכערע שטופּע, ער האָט זיי דער־הויבן צו אַזאַ מדרגה, וואו זיי זיינען פאַררעכנט, פאַר די בעסטע אין פאַך.

איך האָב אַמאָל אַ פרעג געטאָן אַן אַקטריסע:

— וואָס ווייסט איר וועגן מאָריס שוואַרץ?

— איר ווייסט דאָך יאָ, וויפל יאָרן איך האָב ביי אים געשפּילט.

— דערפאַר וויל איך וויסן אייער מיינונג וועגן אים.

— איין מאָל האָט ער מיר געמאַכט אַ גרויסן קאָמפּלימענט.

— איז דאָך גוט...

— ווער זאָגט דען אַז ס'איז שלעכט, און ווען איך האָב אים געדאַנקט האָט ער נאָך צוגעגעבן, אַז ער מיינט דאָס.

— וואָס האָט געקענט זיין נאָך בעסער?

— ביי מיר, האָט ער געזאָגט, זענט איר פאַררעכנט פאַר דער בעסטער יידישער כאַראַקטער שוישפּילערין. דעם אמת געזאָגט, האַלט איך ניט פון אייגענער באַרימעריי, אָבער דאָס זיינען פּאָרט זיינע ווערטער, „ווי קומען די אַלע צו אייך?" „די אַבראַמאָוויטש, מיט איר צעלייגן זיך, אָדער די וועלכע פאַרדרייט אַלע מאָל מיטן פּיסקעלע, נאָר ווי זי איז גאָט די נשמה שולדיק", איר פאַרשטייט דאָך וועמען איך מיין? איר, און נאָר איר, זענט די אַקטריסע.

— כ'מיין אַז קיין בעסערן קאָמפּלימענט, קען זיך קיינער ניט ווינטשן, איבערהויפּט, ווען ס'איז געקומען פון מאָריס שוואַרץ, איר דאַרפט אייך פילן גליקלעך.

— פאַר אַ קורצער צייט האָב איך טאַקע אַזוי געפילט, ביז ער האָט נאָך צוגעגעבן איין אָבער, דאָס האָט שוין ניט געטויגט.

— פון וואַנען ווייסט איר?

— איך האָב אים געזאָגט, אויב ס'איז נאָך דאָ איין אָבער, צווייפל איך אין אייער גאַנצן קאָמפּלימענט.

— פאַרוואָס?

— ווייל צוערשט, האָט ער מיר ווי מ'זאָגט, אָנגעטאָן אַ קרוין אויפן קאָפּ, און מיט זיין אָבער, האָב איך באַלד דערפילט ווי ער האָט זי אַרונטער־געוואָרפן און דאָס פאַרדריסט. דערפאַר גלויב איך ניט, אויב ער איז געווען אַזאַ גוטער מענטש.

— ווען איר ווייסט ניט, וואָס ער האָט געמיינט.

— איך בין לאַנג געווען אין זיין טעאַטער, אים צו קענען, נאָך עפּעס וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און אַז מיר רעדן שוין, מעגט איר דאָס אויך וויסן, ווען מיר האָבן געשפּילט די פּיעסע, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, האָב איך איין מאָל ביי אַ פאָרשטעלונג צוגעלייגט אין דער פּראָזע אַ וואָרט, ס׳איז אפילו ניט געווען קיין וואָרט, נאָר „אַ עט״. ווען איך בין אַראָפּ פון דער בינע, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— זאָגט דאָס ניט מער.

— פאַרוואָס ניט?

— ווייל ס׳וועט פאַרלענגערן די פּיעסע.

— אָט די קלייניקייט וועט פאַרלענגערן די פּיעסע? בין איך אַ בעלן צו פרעגן ביי פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, ער ,גלויב איך, קען אויסרע־כענען ווי לאַנג אַ „עט״ קען פאַרציען די פּיעסע.

עס גייט ניט אַוועק קיין צוויי פאָרשטעלונגען, און מר. שוואַרץ איז אויף דער בינע, און נאָך אַ פּאַוזע, גיט ער גיך אַ זאָג, עט, עט, עט. און ס׳ווערט אין טעאַטער אַזאַ געלעכטער, אַז מ׳קען ניט גיין ווייטער. ווי־באַלד אַזוי, האָב איך געזאָגט צו גוסטאַוו בערגער, וועלן מיר שוין היינט אַהיימגיין, מיטן מילך־מאַן צוגלייך. און ווען בערגער, האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס, האָב איך אים דערציילט, וואָס דער דירעקטאָר האָט צו מיר גע־זאָגט, פאַרשטיי גוסטאַוו, אויב מיין איין „עט״ וועט פאַרלענגערן די פּיעסע, איז וואָס וועט שוין היינט זיין, ער האָט דאָך עס דריי מאָל געזאָגט און הער־נאָך דאָס געלעכטער.

— אַ טראַגעדיע איבער אַן „עט״, איז מיין מיינונג, אַז ס׳דאַרף אייך ניט פאַרדריסן, האָט אין זינען אַז אייך האָט דאָס געזאָגט, דער דירעקטאָר פון יידישן קונסט טעאַטער, און מאָריס שוואַרץ, האָט געוואוסט צו וועמען ער רעדט, און אויך וואָס ער זאָגט, צו מיר האָט אַמאָל איינער געזאָגט כמעט דאָס זעלבע, איינער וועלכער קען אפילו ניט פּוצן די שיך ביי שוואַרצן, גלויבט מיר, ווען ער וואָלט דאָס אייך געזאָגט, וואָלט דאָס אייך אַ סך מער באַליידיקט...

— זענט איר דאָך ניט קיין נאַר, אויב אַראָפּפאַלן איז פון אַ גוט פערד.

אין דעם קען מען זען, אויף וואָס פאַר אַ קלייניקייטן אַקטיאָרן שטעלן זיך אָפּ, מאַכן אַ אישו פון אַ „עט״, וואָס ס׳מיינט אין גאַנצן גאָרניט, ס׳איז ביי מיר ניט געווען קיין נייעס נאָר פון וועמען דאָס איז געקומען.

ניט נאָר אַקטיאָרן, ס׳איז פאַראַן אויך אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן ליב, צו מאַכן פון אַ וואָרט, אַ קוואָרט. נאָר ווען דאָס קומט פון איין אַקטיאָר, ווערט דאָס שוין צעלייגט אויף טויזנט טעלער, און פון אַ יעדן טעלער מיט גאָרניט, ווערט געמאַכט אַ גאַנצע טראַגעדיע, מ׳פאַרגעסט זיך אַז אַקטיאָרן האָבן ליב צו איבערטרייבן, ביי אַ סך איז אַ פאַרגעניגן צו גראַמירן אַ יעדער קלייניקייט, מאַכן דאָס גרעסער ווי ס׳איז אין דער אמתן, און ווער ס׳קען זיי ניט, נעמען אַלץ אָן פאַר גוט געלט.

אַזוי ווי צו מיר איז שוין דאָס ניט געווען פרעמד, איז וואָס מ׳האָט מיר דערציילט, האָט דאָס שוין קיין ווירקונג ניט געמאַכט אויף מיר אָבער דער לייענער מעג זיך באַקענען מיט אַ פּאָר פון די כאַראַקטערן וואָס דרייען זיך אַרום אין דער פּראָפעסיע צו האָבן אַ בעסערן באַגריף, מיט ווען ס׳איז אויסגעקומען מאָריס שוואַרצן צו האַנדלען, אין דער קאַטעגאָריע גייען אויך אַריין אַ פּאָר דראַמאַטורגן, וועלכע האָבן זיך אויב ניט אַ סך, אָבער אַ ביסל זיך געפרייט ווען דער קונסט־טעאַטער האָט זיך געשלאָסן, פאַר זיי האָבן זיי געגלויבט, איז בעסער אַז עס זאָל זיין אַ שוואַרץ טעאַטער, ווייל אויב זיי האָבן מיט זייערע ווערק ניט געקענט צוקומען צום קונסט־טעאַטער, וועט זיי איצט זיין אַ סך גרינגער, זיי האָבן אויפן מאָמענט פאַרגעסן אַז אפילו אין שוואַרץ טעאַטער, דאַרף אַ פּיעסע זיין מיט אַ ווערט, און אפשר נאָך בעסער און קינסטלערישער אָנגעשריבן, ווייל דער נאָמען מאָריס שוואַרץ איז שוין געווען אַ ליטעראַרישע אינסטיטוציע, און מיט גלאַט אַ פּיעסע, האָט מען אים ניט געקענט פאַרקויפן, דאָס האָבן זיי זיך אַ ביסל שפּעטער איבערצייגט, האָט מען ווידער גערעדט און געזאָגט.

הינטער דער בינע קומען אַ סך מאָל פאָר פאַרשיידענע געשפּרעכן, נאָר באַהיט זאָל מען זיין, ווען ביי איין אַקטיאָר כאַפּט זיך אַמאָל אַרויס אַ וואָרט, ווען ער האָט ניט צוויי מאָל געטראַכט, איידער ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, ער האָט זיכער גאָרניט געמיינט דערמיט וואָס ער האָט געזאָגט, ס׳האָט זיך אפשר ביי אים אַרויסגעכאַפּט, און חרטה האָבן וועט שוין ניט העלפן, ווייל ווער קען צוריקכאַפּן אַ וואָרט? איז פונקט דאָס אומשולדיק וואָרט, וועט מען אויפכאַפּן, און מאַכן דערפון אַזאַ טומל, אַז ס׳זאָל אַרויסקומען אָפּט־מאָל דער גרעסטער סקאַנדאַל, ווען מ׳וואָלט דאָס באַטראַכט מיט אַ קאַלטער איבערלייגונג, און מ׳וואָלט ניט אין זינען געהאַט קיין הינטערפּיסלעך, וואָלט מען ערשטנס פאַרשפּאָרט אַזוי פיל אומזיסטיקע רייד, וועלכע האָבן קיינמאָל

ניט געבראַכט קיין גוטעס אין דער פּראָפעסיע, צווייטנס, דאַרף מען פאַר־שטיין, ווען איין אַקטיאָר איז פאַרנומען מיט אַ ראָל, און אָפּטמאָל זייער אַ שווערע, און טראָגנדיק אויפן קאָפּ נאָך אַנדערע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן, איז וואָס ס'כאַפּט זיך ביי אים אַרויס, דאַרף מען אים ניט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך וואָס ס'איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל אין אַזאַ צייט, די צרה איז אָבער וואָס ניט אַלע פאַרשטייען דאָס, דערפאַר קומט עס מערער מאָל אַרויס ווי אַ סאַדיזם.

אַזעלכע ווערטער ווערן גיך אויפגעכאַפּט, ווען זיי קומען פון אַזאַ קינסט־לער ווי מאָריס שוואַרץ, אָדער פון אַנדערע וועלכע זיינען אויף אַזאַ מדרגה, אייניקע האָבן גלאַט ליב צו מאַכן פון אַ וואָרט אַ קוואָרט, און אַ סך ווייל זיי ווילן זיך אונטערשמייכלען, גלויב איך אַז פאַר שוואַרצן, האָט דאָס ניט געפּאַסט, ווי איך האָב אים געזען, ווילן מיר אויף אים קוקן, ווי אויף מאָריס שוואַרץ דעם אַקטיאָר, האָט ער פּונקט ווי אַלע אויך פאַרמאָגט אַ שלעכטע זייט, אַ טיף בייסנדיקע דורך ווערטער וועלכע האָבן זיך ניט גלאַט אַרויסגע־כאַפּט, ער האָט דאָס געמיינט, וואָס ער האָט געזאָגט, און אפשר מיט רעכט, און אַ סך מאָל דורך אַ געוויסן גראַד סאַדיזם, דאָך האָט ער פאַר אַ סך גוטס געטאָן, ניט געקוקט אויף דעם ביי ווען ער האָט דאָס גוטע ווי אויך דאָס שלעכטע געלערנט, און זייענדיק אין דעם פאַך, האָט דאָס אַמאָל גע־מוזט ביי אים אַרויסקומען, אָבער ווער ווייסט וואָס ס'האָט אים געטריבן דער־צו... וואָס איינער זאָל ניט טאָן, איז עס ניט קיין בייס אין דער פּראָפעסיע, איבערהויפּט ווען איינער האָט די מאַכט... פון האַנדלען מענטשלעך אין דער פּראָפעסיע איז אַ געוואַלדיקע אָנשטרענגונג, און ווער וויל זיך אָנשטרענ־גען? אָבער מיט יאָרן שפּעטער איז שוין דער זעלבער מאָריס שוואַרץ געווען אַ סך אַנדערש, ווייזט אויס אַז צייט לערנט, צייט מאַכט דעם מענטשן צו ווערן אַנדערש אפשר צוליב אומשטענדן.

## פאַלשע קלאַנגען

אינטערעסאַנט וועט זיין אָנצואווייזן, פון וואַנען געוויסע אַקטיאָרן זיינען אַרויסגעקומען, בכדי דער לייענער זאָל פאַרשטיין די גערעכטע טענות וואָס זיי האָבן, און וויפל מ'קען זיי גלויבן.

אין די אַלע יאָרן וואָס איך בין אין דער פּראָפעסיע, האָב איך כמעט

געקענט אַלעמען, אפילו די וועלכע האָבן באַלאַנגט אין פאַרשיידענע דראַמאַ־טישע פאַראיינען, פון פּראָפעסיאָנאַלן איז דאָך שוין אָפּגערעדט, און איך ווייס ניט פון איין פאַראיין וואָס זאָל האָבן אַרויסגעגעבן אַ גרויסן טאַלאַנט, „אַחוץ מאָריס שוואַרץ" מיט ווען מען די פּראָפעסיע אָדער דער עולם זאָל זיך קענען באַרימען, אַקטיאָרן אַ סך, אָבער ניט אַזעלכע ווי, אַ מיכל מיכאַלעסקאָ, אַ סעמיועל גאָלדענבורג, אַ לודוויג זאַטץ, אַ מאָריס מאָסקאָוויטש. און אַ סך אַנדערע, אויב ס'האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט אַ פּאָר גוטע אַקטיאָרן, איז דאָס געווען צוליב זייערע אייגענע קענטעניש, פּראָסט גערעדט, זיי האָבן פאַר־מאָגט דאָס ביסעלע טאַלאַנט, און האָבן פריער אָדער שפּעטער אַרויסגע־שפּראָצט, קיינער האָט זיי ניט געשטיצט, און דערפאַר אפשר זיינען אַ סך פאַראיינען אונטערגעגאַנגען, די שפּעטערדיקע דראַמאַטישע פאַראיינען זיינען שוין געגרינדעט געוואָרן מיט מער פאַרזיכערונג, זיי האָבן שוין געהאַט אַ באָדן, איין פאַראיין האָט פאַרמאָגט זייער אַ גרויסע שטיצע פון אַ גאַנצער פאַרטיי, מיט אַן אייגענער צייטונג, מיט אַ גוטן רעזשיסאָר, מיט אַ טעאַטער־קריטיקער, וואָס ביי אים איז גאָר קיין בעסערס ניט געווען, און דערפאַר האָט מען אַלעמען צעלייגט איבער די שפּאַלטן פון דער צייטונג, אַז זיי זיינען די גרעסטע און די בעסטע, אפשר צו פאַרטומלען אַז מאָריס שוואַרץ איז ניט דער איינציקער אויפן פעלד, אָבער זייער גרויסקייט איז געבליבן אין די שפּאַלטן פון דער צייטונג, ווייל ווער און וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, האָט מען זיך שפּעטער געכאַפּט, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ'קען געבן אַלץ גרויסע רעקלאַמען, גוטע אויפפירונגען דורך אַ גוטן רעזשיסאָר, אַ סך, גאָר אַ סך פּאָבליסיטי, נאָר ניט קיין טאַלאַנט, דערפאַר אפשר איז פון זיי געוואָרן, נאָך ווייניקער ווי פון די אַנדערע, וואָס האָבן באַלאַנגט אין געוויסע דראַמאַטישע פאַראיינען.

פאַראַן אָבער אַזעלכע וואָס ווערן געבוירן מיט אַ גאָלדן לעפעלע אין מויל, און דורך דעם ביסעלע מזל ווערט אַלץ פאַרשטעלט, ווייל אַחוץ טאַלאַנט, דאַרף מען פאַר דער בינע זיין ניט נאָר אַ פערזענלעכקייט נאָר מ'דאַרף אויך פאַרמאָגן געוויסע אַנדערע מעלות וועלכע זאָלן האַלטן דעם עולם געשפּאַנט, מ'דאַרף זיין אַ שיינער, דער איז עס ניט, אויך פאַרמאָגן אַ שיינעם קאָפּ מיט האָר, דער האָט דאָס ניט, ווייס איך ניט ווי אַזוי, און פאַרוואָס, ער האָט נושא חן געווען, און מ'האָט אים אין דעם פאַראיין געגעבן צו שפּילן ניט נאָר גרוי־סע ראָלן, נאָר טאַקע די הויפּט־ראָלן, איז דאָס שוין אַן אַלטער כלל אין

דער פּראָפּעסיע, דער וואָס שפּילט די הויפּט־ראָל, איז ניט נאָר וואָס ער זעט זיך מער אָן פון אַלעמען, מעג ער גאָר ניט קענען, געפינען זיך שוין אַזעלכע, וועלכע ווערן גיך פאַרוואַנדלט אין גרויסע מבינים אויף טעאַטער, איבערהויפּט פריינד און מ׳מאַכט שוין דעם דאָזיקן פאַר גרעסער ווי גרויס, וועלכער קען צו קיין פּראָפּעסיאָנאַל ניט צוקומען, טראָגט זיך אַרום מיט אַ קלאַנג אַז ער איז שוין גרויס, און דאָס טעאַטער־וויגעלע איז אַזוי צוזאַמענגעשטעלט, ווי אַזוי מ׳כאַפּט אויף דעם קלאַנג אַזוי בלייבט דאָס שוין.

האַלט איך דאָס ניט פאַר קיין עוולה צו דערמוטיקן יונגע מענטשן, נאָר ווען ער האָט טאַלאַנט, און פאַרמאָגט אַמווייניקסטנס 60 פּראָצענט פון דעם, וואָס ער אַליין גלויבט אין זיך, ביי אַ זעלכן נעמט ניט לאַנג און ער הויבט אָן פּרעטענדירן, אַ סך מאָל מער וויפל ס׳קומט אים.

די גאַנצע וועלט ווייסט, אַזוי לאַנג ווי דער יידישער קונסט־טעאַטער־ האָט עקסיסטירט, זיינען אַלע טירן געווען אָפן פאַר דעם יונגן, טאַלאַנטירטן מענטשן, איבערהויפּט פאַר די, וועלכע האָבן דאָרט געוואָלט אַריין, ווייל דער דירעקטאָר מאָריס שוואַרץ, האָט אַלע מאָל געהאַלטן זיינע אויגן אָפן פאַר יונגע טאַלאַנטן, און נאָר דאָרט איז פאַר זיי געווען דאָס ריכטיקע אָרט, צו ווערן אַנטוויקלט, ער האָט מער פון אַלעמען פאַרשטאַנען און געוואָלט אַרויסברענגען יונגע טאַלאַנטן, און דערפאַר האָט ער אַ סך געגעבן גרויסע געלעגנהייטן, אויב איינער האָט נאָר פאַרמאָגט וואָס מ׳האָט באַדאַרפט, האָט ער קיין בעסערע געלעגנהייט ניט געקענט האָבן אין אַן אַנדער טעאַטער, דאָ איז פאַר אים געווען דאָס ריכטיקע טעאַטער, די ריכטיקע אַטמאָספער, און די הויפּטזאַך דער ריכטיקער רעזשיסאָר, וועלכער האָט אַפילו באַוויזן צו מאַכן גוט שפּילן אַ סך מיט ווייניק טאַלאַנט.

זייער אָפט האָבן געהאַט מזל די, וועלכע האָבן זיך אין צייט געשמדט אויף די האָט מען פאַר אַ צייט זייער גוט אַכטונג געגעבן, זיי האָבן אויך געוואוסט אַז הינטער מאָריס שוואַרץ רעזשי קען מען אַ סך לערנען, מאָריס שוואַרץ ווידער, האָט פאַרשטאַנען, אַז פריש בלוט, פון יונגע טאַלאַנטן, איז זייער געזונט פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער, און ווען ס׳האָט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהייט, האָט ער אפילו פון אייראָפּע אַראָפּגעבראַכט אַזעלכע.

מאָריס שוואַרץ האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות, און אויך פּערזענלעכע איינוואָרצלונגען. וועלכער מענטש האָט דאָס ניט? זיינע האָט מען געקענט צופּאַסן וואו מ׳האָט געוואָלט, אָדער ווי אַזוי ס׳האָט זיך פאַר איינעם געלוינט,

מאָריס שוואַרץ האָט קיינמאָל ניט פאַרזען, אָדער פאַרהערט ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין טאַלאַנטן אָדער אין טעאַטער, איבערהויפּט וועגן קונסט־טעאַ־טער, אַלע מאָל געוואָלט האָבן דאָס בעסטע, און וואָס מער יוגנט. אַזוי גיך ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַזעלכער האָט ער אים גע־וואָלט האָבן ביי זיך אין קונסט־טעאַטער, איבערהויפּט אַז ס׳האָט זיך פאַר־שפּרייט אַ קלאַנג אַז איינער פאַרמאָגט טאַלאַנט און גוטע מעלות, איז ער אַלע מאָל געוועזן מיט אָפענע הענט אים צו עמפּפאַנגען, אויב ס׳איז ניט געווען דאָס וואָס מ׳האָט געזאָגט, אָדער אויב עס האָט זיך אַנדערש אַרויסגעוויזן, האָט זיך דאָ זייער שטאַרק אַריינגעמישט זיין פערזעדנלעכער איך, דער אַקטיאָר אין אים, האָט אָפּט אַוועקגעלייגט דעם מענטשן אין אַ זייט, און ער האָט אָפּט געוויזן אַז יענער איז ניט גערעכט, דאָס האָט געמיינט אַז זיי פאַרשטייען זייער ווייניק טעאַטער, זיי האָבן דאָס געזאָגט נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען פערזענלעכע פריינד, און ווי אַנדערש קענען זיי דאָס באַווייזן? אויך די וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר גרויסע מבינים אַז זיי וויסן גאָרניט, ווי אַזוי דאָס צו באַווייזן, איז שוין פאַר אים ניט געווען אַזוי שווער, און ווי אומגלויבלעך ס׳זאָל ניט קלינגען, איז מאָריס שוואַרץ אַלע מאָל געווען גערעכט.

ווען מיר איצט צוקומען צו איינעם פון די באַטרעפנדע, אָבער צוערשט מוז איך דאָ אַרויסברענגען אַ פּאָר פאַקטן אין וועלכע איך האָב אָנטייל גענומען, צוערשט ווייסט כמעט די גאַנצע וועלט, ווען מאָריס שוואַרץ האָט צום ערשטן מאָל אויפגעפירט אין אורווינג פּלייס טעאַטער פּרץ הירשביינס „אַ פאַרוואָרפן ווינקל״. איז אין זיין טרופּע געווען דער גרויסער טאַלאַנט, דער געניאַלסטער אַקטיאָר וואָס די יידישע בינע האָט פאַרמאָגט, דער איינ־ציקער לודוויג זאַטץ. האָט אים מאָריס שוואַרץ געגעבן צו שפּילן די ראָל טודרוס דעם זיידן, און ווער ס׳האָט אים געזען אָדער געלייענט די רעצענזיעס, האָט געוואוסט ווי גרויס און נאַטירלעך לודוויג זאַטץ איז געווען, איבערהויפּט אין דער ראָל, ער האָט געשאַפן אין דער ראָל, דאָס נאַטירלעכקייט אַליין, שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז נאָך אים, האָט שוין קיינער ניט געקענט זיין בעסער, אפילו אַזאַ גוטער אַקטיאָר ווי שמואל איריס איז געווען, איז ווען ער האָט לודוויג זאַטצן געזען אין דער ראָל, האָט ער אין מיין קעגנוואַרט זיך אַזוי אויסגעדריקט:

— אין אַמעריקע איז פאַר מיר אין יידישן טעאַטער קיין פּלאַץ ניט פאַראַן, איך גלויב ניט, אויב ס׳איז פאַראַן אַ צווייטער צו אים, וואָס קען

אפילו זיין אַזוי גוט אין דער ראָל, ער איז אין דער ראָל, דאָס לעבן אַליין, נו, ווי אַזוי קען מען זיין בעסער? די אַלע יאָרן וואָס איך שפּיל טעאַטער, און געשפּילט מיט צענדלינגער גוטע אַקטיאָרן, איז נאָך קיינער פון זיי ניט געווען אַזוי נאַטירלעך אין אַ ראָל, ווי איך האָב היינט געזען לודוויג זאַטצן, גלויבט מיר מר. דענק, אַז איך האָב געשפּילט מיט זייער גוטע אַקטיאָרן, וואָס זיינען באַרימט איבער גאַנץ אייראָפּע.

איך האָב אים געגלויבט, ווייל שמואל איריס איז געווען פון די פיינע געשליפענע טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן, ער איז געקומען פון אַרגענטינע.

דעם גוטן מיינונג האָבן כמעט אַלע געהאַט אין דער גאַנצער פּראָפעסיע, און די פּרעסע האָט דאָס קיינמאָל ניט אָפּגעלייקנט, און איך מיין אַז ס'איז ניט איבערטריבן אַז די גאַנצע וועלט האָט וועגן דעם געוואוסט, איז פאַר דעם גרויסן טאַלאַנטירטן קינסטלער לודוויג זאַטץ, מ'קען זאָגן כמעט אַ געני, פאַר אים האָט מאָריס שוואַרץ ניט מורא געהאַט.

און דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצן, מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך צוריקגעקומען פון אַ זייער סוקסעספולן טור איבער דער פּראָווינץ, וואו מיר האָבן געשפּילט אַ פּיעסע וועלכע האָט שטאַרק אויסגענומען, און ווען געשעפטן זיינען גוט ווייסט מען דאָס באַלד אין ניו־יאָרק.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט מען די זעלבע פּיעסע באַדאַרפט שפּילן אין אַ ניו־יאָרקער טעאַטער, האָבן אין דער טרופּע געפעלט אַ פּאָר געשפּיל־טע אַקטיאָרן.

אַזוי ווי אין ניו־יאָרק איז קיינמאָל ניט געווען קיין מאַנגל אין אַקטיאָרן, האָט מען באַלד צוגעשטעלט אַנדערע אויף זייער פּלאַץ און מ'האָט זיך גענומען מאַכן פּראָבע, אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מען שוין געשפּילט, זייענדיק אַזוי פיל מאָל געשפּילט אין דער פּיעסע, האָב איך געהאַט גענוג צייט, צו באַוואונדערן די נייע אַקטיאָרן, איבערהויפּט האָב איך מיך צוגעקוקט צו איינעם, ווייל מ'האָט מיך שטאַרק פאַרזיכערט אַז ער וועט אפילו זיין בעסער פון דעם וואָס האָט מיט אונדז געשפּילט אויף דער פּראָווינץ.

פערזענלעך האָב איך ניט געקענט פאַרגעסן די טרופּע מיט וועלכער איך האָב געשפּילט, ווייל אַ יעדער פאַרשטעלונג איז כמעט געווען אַ „פּרע־מיערע". ניט נאָר האָט אַ יעדער באַזונדער געזוכט גוט צו מאַכן, נאָר מ'האָט געפּרואווט בעסער צו מאַכן, ס'האָט געהערשט אַ רעספּעקטירנדע דיסציפּלין אין דער טרופּע, און אַחוץ טאַלאַנט האָבן די אַקטיאָרן געהאַט אַן

איבערנאַטירלעכן רעספּעקט פאַרן עולם אין טעאַטער, און דערפאַר אפשר וואָס לענגער מיר האָבן געשפּילט די פּיעסע, מער נאַטירלעכער איז זי געוואָרן, און די ראָלן זיינען געוואָרן מער לעבעדיקער, און ס׳איז אַרויס־געקומען אַ גוטע געזונטע פאָרשטעלונג.

געווען איז דאָס אין יענער צייט, ווען מ׳האָט נאָך געוואָלט זען יידיש טעאַטער, און אויב ס׳איז נאָר געווען גוט טעאַטער, האָט גאָרניט געשאַדט ווען ס׳איז אַפילו אין מאָנטרעאָל געווען צוויי טעאַטערס.

וועל איך מיך איצט אָפּשטעלן אויף איינעם, וועלכן מ׳האָט איינגעוויקלט אַז ער איז גוט, און אָט דעם האָט מען אַריינגענומען אין דער נייער טרופּע אין ניו־יאָרק. האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אויסצוגעפינען דאָס, וואָס אַ סך ווייסן ניט. ניט נאָר האָב איך געהאַט דעם כבוד אים פּערזענלעך צו באַוואונדערן, מ׳האָט מיר אויך צוגעטיילט דעם גרויסן פאַרגע־ניגן, אַז ער מיט זיינעם אַ חבר, אויך אַזאַ טאַלאַנט, זאָלן זיך אָנטאָן אין זעלבן צימער, אויף דער בינע אַליין איז געווען ווייניק, דאָ אין גאַרדעראָב צימער, האָב איך אַנטדעקט אַ נייע דערשיינונג.

מיט וויפל אַקטיאָרן מיר איז אין די אַלע יאָרן אויסגעקומען צו שפּילן, האָב איך דאָס ניט געהערט, איך האָב געוואוסט אַז אַפילו דער שוואַכסטער טאַלאַנט, פּרובירט אַמווייניקסטנס גוט צו מאַכן, און יעדעס מאָל צו זיין בעסער און בעסער, דער פון וועמען איך רעד דאָ, האָט זיך אַ ביסל אָנגע־שטרענגט פאַר זיינע פריינד וואָס ער האָט דערוואַרטעט די ערשטע נאַכט, אַריינרעכענענדיק די פּרעסע, נאָך דעם אָוונט, איז געווען אַ רחמנות אויף דער ראָלע, און נאָך אַ גרעסערער רחמנות אויפן עולם, שוין אָפּגערעדט וואָס ער האָט געשטערט די אַנדערע אַקטיאָרן אין דעם גאַנצן גאַנג פון דער פאָרשטעלונג, וואָס מער מ׳האָט געשפּילט די פּיעסע, ווייניקער האָט ער געקענט די ראָלע, און ס׳האָט געבראַכט גרויס שטערונג צו די אַקטיאָרן וואָס האָבן געקענט, און די לעצטע נאַכט, האָט ער שוין גאָרניט געוואוסט ווער ס׳האָט אים געשלייערט.

ער איז דאָס געווען דער, וועלכער איז מיט זיין חבר געזעסן אין דעם זעלבן צימער, און גערעדט אויף אַקטיאָרן אַז כמעט קיינער טויג ניט... און אַז דער עולם איז אַ גולם און ווייסט גאָרניט, און דער חבר וואָס איז נאָך אַ סך ווייניקער פון אים, האָט אַלץ צוגעשטימט.

דער זעלבער קומט צו גיין אַ פּאָר וואָכן נאָך מאָריס שוואַרצס לוויה,

וועלכן איך האָב שוין לאַנג פאַרצייכנט אין מיין ביכעלע פאַר אַ גרויסן חוצפּהניק, און וויל מיר איינרעדן ווען ער האָט געשפּילט מיט מאָריס שוואַרצן. האָב איך באַלד געפרעגט:

— אין וועלכער פּיעסע?

— פּרץ הירשביינס „אַ פאַרוואָרפן ווינקל”. איר קענט די פּיעסע?

— יאָ, וואָס האָט איר דאָרט געשפּילט?

— טודרוסן.

— ניט קיין שלעכטע ראָלע...

— איך בין אין איר געווען אַזוי גוט, אַז מאָריס שוואַרץ האָט זיך פאַר מיר דערשראָקן, און ווייסט איר אַז ער האָט געזוכט מיר אונטערצושטעלן אַ פיסל, ער האָט נאָר געוואָלט, אַז איך זאָל אַדורכפאַלן.

— פאַרוואָס האָט ער אַזוי געוואָלט?

— ווייל ער האָט געזען, אַז איך שפּיל אַלעמען איבער.

— פאַר דעם האָט זיך מאָריס שוואַרץ דערשראָקן?

דאָס האָט מיך שיער אַרויסגעבראַכט פון געדולד, גראָד האָב איך מיך דערמאָנט, וואָס ס'איז אַמאָל געווען, ווען מיר האָבן געשפּילט צוזאַמען, און טראַכטנדיק, אויב ער איז אַזוי גוט געווען אין טודרוסן ווי אין יענער ראָל וואָס ער האָט איבערגעפּירט, שטעל איך מיר פאָר וואָס מאָריס שוואַרץ האָט וועגן זיין שפּילן געטראַכט, שפּילנדיק אַזוי פיל מאָל מיט לודוויג זאַטצן, און וואָס ס'האָט מיך נאָך מער פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך דערביי אפילו קיין קנייטש ניט געטאָן, דאָס הייסט חוצפּה פון דעם העכסטן גראַד, אַזוי רעדן קענען נאָר קראַנקע מענטשן, און נאָר אַזעלכער קען טראָגן סם אין זיין האַרצן קעגן דעם גרעסטן וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין דער טעאַטער פּראָפעסיע.

אויף אים האָט מיך מער פאַרדראָסן ווי אויף די אַנדערע וועלכע האָבן זיך פיל מאָל באַקלאָגט. איך האָב ניט איין מאָל געמוזט פאַרדריסלעך אונטער־שמייכלען, פּונקט ווי מאָריס שוואַרץ האָט אַלעמען פאַרשטעלט און ניט צוגעלאָזט זיי עפּעס צו דערגרייכן, מיין ענטפער צו זיי איז אַלע מאָל געווען „פאַרוואָס האָט ער ניט געשטערט, מוני וויזענפריינד? לודוויג זאַטץ? לאַזאַר פריד? סעמיועל גאָלדענבורג? איזידאָר קעשיר? און אַלע די וועל־כע פאַרנעמען געהויבענע פּלעצער אין דער טעאַטער־וועלט אויף בראָדוויי?

באַרימעריי איז ביי אַקטיאָרן די גרינגסטע זאַך, ווער שמועסט נאָך

ווען דער צווייטער צד קען ניט ענטפערן, מיינט ער אַז מ׳גלויבט אַלץ וואָס ער דערציילט, אמת ער האָט יאָרן־לאַנג אפילו ניט אויפגעמאַכט זיין מויל, איצט נאָך מאָריס שוואַרץ טויט, האָט ער אָנגעהויבן דערלאַנגען לשון, וויסנדיק אַז ער איז פון דער אַלטער גוואַרדיע, איינער פון די וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, וואָס ער איז אַמאָל געווען, איינער פון דער געווע־זענער לאָקאַל צווויי וואָס איז זיין גאַנץ לעבן געווען אויף דער פּראָווינץ נאָך אין דער צייט, ווען אין קאַנאַדע האָט עקסיסטירט דער אַלטער ליריק טעאַטער און איז שוין דאַן געווען אַ פּייערפּאַסטקע, אין דעם איז שוין אַ יאָר 50 זיכער אויב ניט מער, ער איז דאָס דאַן געווען דער אָנפירער, האָט ער דאַן ניט געקענט פאָרן אויף קיין וועליסאָפּעט, האָט ער זיך איינ־געהאַנדלט אַ ווייס פערד, און ווען ער האָט זיך אויף דעם באַוויזן אין די גאַסן, האָט מען שוין געוואוסט אַז היינט שפּילט מען טעאַטער אין שטאָט.

דער אַקטיאָר האָט מיר אויך פּרובירט איינרעדן, אַז ער איז דאָס געווען דער אַנטדעקער פון מאָריס שוואַרץ, און מיט וואָס האָט ער אים אָפּגעדאַנקט, אים אַנגאַזשירט און אים געגעבן קליינע ראָלן צו שפּילן, צוגעבנדיק אַלע מאָל:

— איר ווייסט דאָך יאָ, וואָס פאַר אַן אַקטיאָר איך בין.

— בין איך זיכער, אַז איר זענט אין דער קליינער ראָל, געווען בעסער ווי אַנדערע אין זייערע גרויסע ראָלן.

— אַ געזונט אויף אייך, ווי איר וואָלט געווען דערביי, איך בין אין דער פּיצינונקעלע ראָל, געווען גרעסער פון די וואָס האָבן דאָרט גערעדט אַ גאַנצע נאַכט.

— אַזוי שפּעט האָט מען געשפּילט?

— ס׳רעדט זיך אַזוי, אָבער איך בין געווען דער וואָס האָט אים אַנטדעקט.

ווען איך האָב אים פאַרלאָזט, האָב איך געטראַכט, וואָס איז דער אונ־טערשייד ווער ס׳האָט אים אַנטדעקט? דערפאַר האָט ער זיי אַלעמען ניט געקענט אַריבעריאָגן? איז דאָס זיין שולד וואָס זיי זיינען געבליבן דאָרט וואו זיי האָבן אָנגעהויבן? מאָריס שוואַרץ איז דאָך פאָרט אַוועק אַזוי ווייט, אַז קיינער קען אים ניט אָניאָגן און אויף אַלע געביטן אין דער פּראָפעסיע, ווייזט אויס אַז קיין מיטלפּונקט איז ביי זיי ניט פאַראַן, אָדער מ׳מאַכט איי־נעם צו גרויס, אָדער מ׳מאַכט פון אים גאָרניט, מיר האָט זיך אַלע מאָל

געדאַכט, אַז קיינער פון זיי שטרעבט ניט צו זיין אַ גוטער אַקטיאָר, זיי ווילן בעסער זיין אַ שלעכטער סטאַר... קיינער האָט נאָך ניט צוגעגעבן אַז ער איז געווען שלעכט אין אַ ראָל, אפילו ווען די זעלבע ראָל איז געשפילט גע־וואָרן פון דעם גרעסטן אַקטיאָר פריער, אַ יעדער איינער ביי זיך איז אַ גאָט.

ווען ס׳וואָלט געווען ווי די אַקטיאָרן ווילן, וואָלט שוין לאַנג דאָס טעאַ־טער געווען אַ פאַרגאַנגענהייט, דאָס גליק פון דעם טעאַטער איז געווען וואָס דער עולם האָט אויך געהאַט עפּעס צו זאָגן, און ווען זיי האָבן געוואָלט איז מיט דער צייט געוואָרן גרויס אָנערקענט. איין מאָריס שוואַרץ האָט פאַרמאָגט די אַלע מעלות וואָס דער עולם האָט פאַרלאַנגט און אים געמאַכט וועלט־באַרימט גרויס.

## נאַטירלעכער הומאָר

ווער עס פאַרמאָגט דאָס, איז אַ געבענטשטער מענטש, אפילו די גרויסע מעלה האָט מאָריס שוואַרץ פאַרמאָגט אין זייער אַ גרויסער מאָס, און דאָס איז ביי אים אָפּט אַרויסגעקומען זייער נאַטירלעך, ווייל ער האָט דאָס אַלע מאָל אַרויסגעזאָגט אין אַ צרה, ווען ער איז געווען אין כעס, האָט מען שוין געמעגט זיין ווי שטאַרק ברוגז אויף אים, האָט מען געמוזט לאַכן, ניט נאָר פון דעם וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר ווי אַזוי ער האָט דאָס געזאָגט, ווייל ס׳האָט געהאַט אַ וועלט מיט חן זיין זאָגן, ס׳האָט גענומען אַראָפּשיינען פון זיין פנים, וואָס ער האָט געהאַט אין געדאַנק, און ווער ס׳האָט אים געקענט, האָט שוין געוואוסט אַז אין זיין גאַנצן כעס ווערן וועט באַלד עפּעס קומען אויב ניט קיין וויץ וועט דאָס זיכער זיין אַ קלוג וואָרט, וואָס וועט אַלעמען מאַכן לאַכן, אָפטמאָל האָט מען זיך גאָרניט געריכט, און ס׳איז ביי אים אַרויסגעקומען אַזוי שאַרף און שפּאַסיק, אַז אפילו די וועלכע זיינען געווען ברוגז האָבן געמוזט אַ שמייכל טאָן.

מאַכן אַקטיאָרן צו לאַכן ווען זיי זיינען אין אַ שלעכטער שטימונג, איז אַליין אַ גרויסע קונסט, אפילו צו דער מדרגה האָט שוואַרץ דערגרייכט אַ סך סטאַרס האָבן דאָס ניט פאַרמאָגט.

אַ גוט באַקאַנטע אַקטריסע, וועלכע האָט יאָרן לאַנג געשפּילט מיט מאָריס שוואַרץ אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, און וואו ער האָט געשפּילט איז זי מיט אים געווען, האָט מיר דערציילט.

ווען מ׳האָט אויפגעפירט די פּיעסע „הערשעלע אָסטראָפּאָליער״, האָט זי דאָרט געשפּילט איינע פון די הויפּט פּרויען־ראָלן, און האָט דאָרט געהאַט מיט מאָריס שוואַרצן אַ סצענע וואו ער טאַנצט און זי באַדאַרף אַריינקו־מען דורך אַ מיטן טיר, הערט ער אויף צו טאַנצן, שפּילנדיק די פּיעסע אין ניו־יאָרק, איז זי אַלע מאָל געווען אין צייט, זי האָט קיין איין מאָל ניט פאַרפעלט קיין רעפּליק, ביז מ׳האָט זיך גענומען גרייטן אַרויסצופאָרן אויף דער פּראָווינץ. אַזוי ווי די לעצטע יאָרן זוכט מען איינשפּאָרן הוצאות, אי־בעדהויפּט אין דער טעכנישער זייט, ניט ווייל מ׳האָט געמיינט צו נאַרן, ס׳איז אַלץ געווען ווי אין ניו־יאָרק. נאָר אָנשטאָט צו פירן די שווערע מאַ־סיווע דעקאָראַציעס, האָט מען געמאַכט נייע דראַפּס, ווייל הענג־זאַכן איז לייכטער צו פירן, און ס׳ווערט געמאַכט גיכער ווען מ׳דאַרף זיי אַראָפּלאָזן, דערביי, פאַרשטייט זיך, שפּאָרט מען אַ סך געלט. און ווען ס׳איז געקומען צו דער באַרימטער סצענע, איז אין דעם דראַפּ וואָס מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט ניט געווען קיין טיר אין דער מיטן און זי האָט דערפון ניט געוואוסט נאָר דער בינע־פאַרוואַלטער, און אויף בעלאַפּסקין האָט מען זיך זייער ווייניק געקענט פאַרלאָזן, ענדלעך איז געקומען דער רעפּליק, האָט זי גענומען לויפן הינטער דער בינע זוכן אַ מיטל־טיר, ביז זי איז געוואָרן פאַרצווייפלט און גענומען שרייען, „וואו איז דאָ די מיטל־טיר?״ און מאָריס שוואַרץ טאַנצט, זי ווייס אַז זי דאַרף שוין זיין אויף דער בינע, און ווייס ניט ווי אַזוי און דורך וועלכער זייט זי זאָל אַרויף, ס׳איז שוין געוואָרן צו לאַנג, און זי פילט שוין אַז זיינע כוחות וועלן זיך באַלד אויסלאָזן. ווי לאַנג קען ער טאַנצן? זי מוז איצט ראַטעוועןביידן די פּיעסע, און דעם סטאַר. האָט זי גיך באַ־שלאָסן וואָס עס זאָל ניט זיין, זי מוז אַרויף אויף דער בינע, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם דראַפּ פּונקט אין מיטן און אים אויפגעהויבן און איז אַרויף אויף דער בינע, ווען מאָריס שוואַרץ האָט דאָס דערזען איז ער געוואָרן שטאַרק אין כעס, ערשטנס פאַרוואָס האָט זי אים געלאָזט אַזוי לאַנג טאַנצן, צווייטנס פאַרן אויפהויבן דעם דראַפּ אין מיטן שפּילן פאַרן עולם, אויף דער בינע האָט ער גאָרניט געזאָגט, ווען זיי זיינען אַראָפּ פון דער בינע, האָט ער איר געפרעגט:

— וואָס איז דאָס? איר ווייסט וואָס איר האָט געטאָן?

— וואָס דען, איך ווייס ניט.

— ווער טוט דאָס אַזאַ זאַך?

— איך האָב דען געהאַט אַן אַנדער ברירה...

— וואָס מיינט איר ?

— ניט מ׳האָט מיר געזאָגט וואו די טיר איז, ניט איך האָב געוואוסט אַז ס׳איז דאָ ניטאָ קיין מיטל־טיר, בין איך אַזוי לאַנג אַרומגעלאָפן, ביז איך בין אַרונטער אונטערן דראַפּ, איך האָב געמוזט אַרויפקומען אויף דער בינע, און נאָר אַזוי אַרום האָב איך דאָס געקענט באַווייזן.

— נו, וואָס זאָגט מען ניט צו איר ? אַזאַ זאַך וואָלט געפּאַסט פאַר איי־נער וואָס איז ערשט אַריין אין דער יוניאָן, וועלכע ווייסט ניט וואָס אַ בינע איז, אָבער ניט פאַר אייך, און וואו ? אין באָסטאָן.

— איר מיינט ווען איך מאַך דאָס אין בראַנזוויל וואָלט בעסער געווען ?

— דאָס ווייס איך ניט, אָבער אין באָסטאָן.

אַזעלכע איינפאַלן האָט ער ספּאָנטאַניוס געהאַט, וואו מ׳האָט געמוזט אַריינפאַלן אין געלעכטער פאַר אַ לאַנגער צייט, ווען זי האָט דאָס מיר דער־ציילט האָט זי נאָך געלאַכט.

יאָ, ער האָט געהאַט איינפאַלן, אַ סך פון זיי אָריגינעלע, דאַכט מיר אַז מ׳האָט דאָ געהאַט צו טאָן ניט מיט אײן מאָריס שוואַרצן נאָר מיט צוויי, און ווען איינער איז צעטיילט אויף צוויי חלקים, קומט עס אויס אויף אַ יעדן געביט אַ צענט־חלק, איז וויפל האָט געקענט באַשטיין זיין כעס ? כמעט גאָרניט אין פאַרגלייך צו זיין געזונטן הומאָר, און דאָס האָט נאָר איין מאָריס שוואַרץ פאַרמאָגט.

***

אַן אינטערעסאַנטער איינפאַל פון מאָריס שוואַרצן, וועלכן מ׳האָט לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן, איז אויך געווען דער באַנקעט, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר איין אַקטיאָר.

דאָס איז געווען נאָך אין די גוטע צייטן, ווען דער יידישער קונסט־טעאַטער איז געשטאַנען אויף דער העכסטער שטופע פון דערגרייכונג, דאַן האָט מען דעם נאָמען מאָריס שוואַרץ דערמאָנט מיטן גרעסטן דרך־ארץ, און די וועלכע האָבן געשפּילט מיט אים, זיינען געווען איבער גליקלעך, אַלץ האָט זיך געפונען אין אַ גוטער שטימונג, געוויס זיינען די געשעפטן געווען גוט, אַלעמען איז געווען גוט אויפן האַרצן, ווייל מ׳האָט געמאַכט אַ לעבן.

פאַרגלוסט זיך מאָריס שוואַרצן אין אַ פשוטן דאָנערשטאָג אָוונט מאַכן אַ באַנקעט פאַר אַן אַקטיאָר וואָס האָט געשפּילט אין זיין טרופּע נאָר דער־פאַר ווייל דער דאָזיקער אַקטיאָר האָט זיך באַרימט ווי גוט ער איז אין די אַלע ראָלן וואָס ער שפּילט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס קיינער האָט גאָר־ניט געזאָגט וועגן זיין שפּילן... פאַרשטייט זיך אַז די אַנדערע אַקטיאָרן, האָבן געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט אַרויסצואווייזן זייער גרויסן טאַלאַנט פון חוזק, שפּאָט, און אָפּלאַכן, ווי קאָלעגן קענען, פונקט דאָ איז מאָריס שוואַרץ, געווען זייער ערנסט, און ווען ער האָט אין דעם ערנסטן טאָן געהאַלטן אַ דרשה, האָט ער שטאַרק געלויבט דעם דאָזיקן אַקטיאָר, און אָנגעוויזן פאַרוואָס ס׳קומט אים דער באַנקעט, און צום שלוס האָט ער פאַרענדיקט, איצט וועלן מיר אויסגעפינען דעם אמת, און זאָל דער בעל־שמחה אַליין אונדז זאָגן, אין וועלכער באָרד איז ער דער בעסטער ?

אַזוי האָט מען פאַרבראַכט אַ נאַכט מיט מאָריס שוואַרצן נאָך אַ פאָר־שטעלונג, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט אין דער פרי זיין אין טעאַטער צו פּראָבע, איין מאָריס שוואַרץ האָט פאַרמאָגט דעם גוטן, נאַטירלעכן הומאָר, אין דעם זין, איז ער געווען אָריגינעל.

*
**

**ווען** ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן געשעפט, האָבן אַקטיאָרן זיך אַרום־געטראָגן מיט אַ שלעכטער מיינונג וועגן מאָריס שוואַרצן, ער איז ניט גע־בליבן שולדיק קיינעם, דאָך האָבן זיי זיך אָפט באַקלאָגט, אַז דער יידישער קונסט־טעאַטער קומט זיי אַ פאַרמעגן, געמיינט האָבן זיי זיכער מאָריס שוואַרצן, ווייל ער האָט דאָך געטראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם קונסט־טעאַטער.

איינמאָל זיינען מיר געזעסן אַ גרופּע שוישפּילער אין דעם ראָיאַל־קאַפע, און די בעסערע אַקטיאָרן, אַזוי האָבן זיי זיך גערופן, ווייל זיי האָבן דאָרט געשפּילט, האָבן זיך גענומען באַקלאָגן, אַז ס׳איז שוין מיטוואָך, און מ׳האָט זיי נאָך פאַר דער לעצטער וואָך גאַזשע ניט באַצאָלט.

— ביי מיר איז דאָס שוין ניט קיין נייס. — האָב איך שמייכלענדיק געזאָגט צו איינעם, וועלכער האָט מיר געהאָלפן שמייכלען, און גלייך צוגעגעבן,

— אויב מ׳האָט אייך ניט באַצאָלט, פאַרוואָס שפּילט איר די וואָך ?

— אָט האָסטו אַ נייעם חכם, — האָט איינער פון זייערע געזאָגט — פאַרוואָס ? ווייל די יוניאָן, האָט אַזוי באַשלאָסן.

— די יוניאָן האָט אַזוי באַשלאָסן, זענט איר זיכער?

— מ׳האָט דאָך אונדז פון אָפיס געלאָזט וויסן.

— אַז וואָס?

— דערווייל דאַרף מען שפּילן...

—וואָס הייסט דערווייל? איר האָט דאָך ערשט געזאָגט, אַז די יוניאָן האָט באַשלאָסן.

— דער אָפיס איז ניט די יוניאָן?

— ניין...

— ווי געפעלט ער אייך...

— דער אָפיס איז ביי מיר ניט די יוניאָן, און אויב דער אָפיס האָט אייך געגעבן אַן אָרדער צו שפּילן, וואָס פאַר אַ טענה האָט איר צו שוואַרצן?

— וואָס רעדט ער דאָרט? — האָט זיך איינער גענומען בייזערן, — וואָס מיינט איר?

— אַז איר וועט אייך בייזערן, וועט ניט טויגן, הערט, וועט איר וויסן וואָס איך מיין, אויב די יוניאָן ווי איר זאָגט, האָט דאָס איבערגענומען, וויל איך וויסן ווען ס׳איז אין דער יוניאָן געווען אַ פאַרזאַמלונג וועגן דעם און אויב ס׳איז ניט געווען, האָט דאָס שוין ניט צו טאָן מיט דער יוניאָן. דאַרפט איר מאָנען ביים אָפיס, און ניט ביי שוואַרצן.

— מיר האָבן דען געשפּילט פאַרן אָפיס, פאַרוואָס מאָנען ביי זיי?

— געשפּילט האָט איר טאַקע אין קונסט־טעאַטער, אָבער דער אָפיס האָט דאָס איבערגענומען, האָט דאָס מיט מאָריס שוואַרצן מער גאָרניט וואָס צו טאָן, דאָס מיינט פּשוט גערעדט אַז ער איז אייך שוין גאָרניט שולדיק.

— דאַכט מיר אַז איר ווייסט ניט וואָס איר רעדט.

— אַז איר וועט מיך אויסהערן, וועט איר איינזען, אַז איך ווייס שוין גאָר וואָס איך רעד, מיין עקספּיריענץ וועט דאָס אייך באַווייזן.

— ס׳ווערט אינטערעסאַנט, לאָזט אים רעדן. — האָט זיך אַן עלטערער פון זיי אַריינגעמישט.

זיי האָבן זיך גענומען דרייען אויף די בענקלעך, ווי זיי וואָלטן געזעסן אויף הייסע קוילן, דערנאָך געוואָרן שטיל פאַר אַ ווײַלע, האָט דאָס מיר געגעבן אַ געלעגנהייט אַ ביסל צו טראַכטן און גלייך זיי גענומען דערציילן:

— געווען איז דאָס אין מיקינלי סקוועער טעאַטער.

— ווען? — האָט איינער געפרעגט.

— שלאָגט ניט איבער ווען מ׳רעדט. — האָט אַ צווייטער אים אַ שטויס געטאָן.

— אין יאָר 1937.

— דעם סעזאָן געדענק איך אויך זייער גוט.

— ווער פרעגט דיך ? — האָט איינער געבורטשעט.

— אַז ס׳איז דאָרט ניט געווען קיין מאָריס שוואַרץ קונסט־טעאַטער, ווייסט איר דאָך.

— להבדיל. — האָבן זיי גענומען שמייכלען.

— דאָס אַליין איז ניט גענוג, פונדעסטוועגן האָט מען דאָרט אויך ניט באַצאָלט, וואָס־זשע מיינט איר האָב איך געטאָן.

— וואָס ?

— מאָנטאָג אין דער פרי, בין איך געווען אין אָפיס.

— נו ?

— דערציילט וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, און אַז מיר האָבן ניט גע־קראָגן קיין גאַזשע, ווייסט איר וואָס זייער ענטפער איז געווען.

— וואָס האָבן זיי געענטפערט ?

— דערווייל דאַרף מען שפילן.

— וואָס הייסט דערווייל ?

—דאָס האָט געמיינט, אַז די יוניאָן וועט שוין דאָס איבעריקע דער־ליידיקן.

— די זעלבע מעשה וואָס ביי אונדז.

— שוין גאָרניט די זעלבע, איר ווילט וויסן דעם סוף ?

— לאָזט אים ענדיקן...

— געוויס, ווען ניט וועלן מיר דאָך קיינמאָל ניט וויסן.

— אַוועק בין איך מיטן געדאַנק, אַז דורך דער וואָך וועט מען איינמאָנען די גאַזשע, האָבן מיר געוואַרט, און וואַרטנדיק איז אַוועק נאָך אַ וואָך, ניט מ׳האָט וועמען געזען פון דער יוניאָן, ניט מ׳האָט געהערט פון איר, זונטאָג האָבן מיר געקראָגן אַ פּאָר דאָלאַר אויפן חשבון, זיינען מיר שוין אַריינגע־קראָכן אין אַ צווייטער וואָך, און וואָס לענגער מיר האָבן געשפּילט, אַלץ ווייניקער זיינען געוואָרן דאָס אָפּצאָלן, און די שולדן האָבן זיך פאַרגרעסערט, צו מאַכן דאָס קורץ, ביז מ׳האָט אונדז אויסגעצאָלט איין וואָך, איז מען אונדז

שוין שולדיק געווען פיר אָדער טאַקע גאַנצע פינף וואָכן גאַזשע, דאָס האָט שוין געמיינט אַ סך געלט.

— און די יוניאָן?

— האָט נאָך אַלץ גאָרניט געטאָן.

— סקאַנדאַליעז...

— איך בין נאָך ניט פאַרטיק.

— לאָזט ענדיקן.

— ס׳איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, איך בין געזעסן אין דער ראָיאַל, ביי יענעם טישל, דאַכט מיר, ס׳איז געווען פאַרן פאָרן אין טעאַטער, האָט דער טעלעפאָן געקלונגען און הערמאַן האָט גערופן מיין נאָמען, בין איך אַריין אין דער בודע, ווער מיינט איר האָט מיך גערופן, די יוניאָן, און מ׳האָט מיר געגעבן אַ שטאַרקן באַפעל ניט צו גיין אין טעאַטער, דאָס האָט געמיינט ביז די יוניאָן וועט מיר לאָזן וויסן, יאָ און מיר געזאָגט, אַז ווען איך וועל זען פון דער טרופּע, אים זאָגן וואָס מ׳האָט מיר געזאָגט, וואָלט איר ניט געגלויבט, אַז ענדלעך האָט די יוניאָן גענומען אַ שטעלונג קעגן דעם טעאַטער? און וואָלט איר ניט געווען זיכער, אַז זי גייט איינמאָנען וואָס אונדז איז געקומען?

— געוויס...

— אַזוי האָב איך אויך געגלויבט, האָב איך מיך צוריק אַוועקגעזעצט און געוואַרט פאַרן פּיפּס, ס׳האָט אָבער לאַנג ניט גענומען, און מ׳האָט מיך ווידער גערופן, דאָס איז מיר ניט געפעלן, ס׳איז געווען אַ צו גיכער „סעטל־מענט״. דאָס מאָל האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז מיר מעגן שוין פאָרן שפּילן ווייל אַלץ איז שוין אין אָרדער, שטעלט אייך פאָר ווי מיר האָבן געפּילט, מיר זיינען אַלע געווען זיכער, אויב ניט אין גאַנצן, וועט מען דאָך עפּעס קריגן פון דעם וואָס ס׳קומט אונדז. איצט מעג איך אייך דאָס זאָגן, איך האָב די פּאָר דאָלאַר באַדאַרפט... וואַרטנדיק אַזוי פיל וואָכן, בין איך איצט געקומען אין טעאַטער אַזוי אויפגעלייגט, אַזוי גליקלעך, אַז אַלע האָבן מיך אָנגעקוקט. אָפּגעשפּילט דעם ערשטן אַקט, ס׳איז שאַ שטיל, קיינער קומט ניט אַרויף, ניט מ׳זאָגט עפּעס, ניט מ׳גיט עפּעס, מיר זיינען שוין פאַרטיק מיטן צווייטן אַקט, דאָס זעלבע, ענדלעך האָבן מיר פאַרענדיקט די פאָרשטעלונג, האָב איך נאָך געוואַרט אין גאַרדעראָב, אפשר וועט מען עפּעס אַרויפברענגען, זיך גענומען לאַנגזאַם אויסטאָן, וואָס איז קיינמאָל ניט מיין

טבע, איך האָב אַלץ געוואָלט געווינען צייט, גלויבנדיק אַז די יוניאָן האָט זי־כער גענומען אַ שטעלונג, ס׳האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן מיין פאַרלירן אַזוי פיל אומזיסטיקע צייט, קיינער איז ניט אַרויפגעקומען, מ׳האָט גאָרניט אַרויפגעבראַכט, האָב איך נאָך אַלץ געטראַכט אפשר ווען איך וועל אַרונטער־קומען, וועט מען מיר דערלאַנגען די אפויטיקע... ווען איר זעט מיין אַנ־טוישונג, ווען איך בין אַרונטערגעקומען אין דער לאָבי פון טעאַטער, און שוין דאָרט קיינעם ניט געטראָפן, בלויז פינצטערניש, שטעלט איר אייך פאָר ווי איך האָב דאַן געפילט, און ווי אַזוי איך בין אַוועק פון טעאַטער.

— אַי ווייס איך וואָס דאָס מיינט. — האָט איינער אַ זיפץ געטאָן.

— אָבער ס׳איז אינטערעסאַנט צו וויסן, פאַרוואָס האָט מען גערופן? — האָט אַ צווייטער שטיל געפרעגט.

— מיר איז דאָס אויך געווען אינטערעסאַנט, און פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, צוערשט האָט מען מיך גערופן אַז איך זאָל ניט פאָרן, דערנאָך יאָ פאָרן, אויב ניט צוליב דעם וואָס מ׳איז אונדז שולדיק געבליבן אַזוי פיל, צו וואָס דער קורצער סטרייק? און מיט וועמען איך האָב דערנאָך גערעדט וועגן דעם, האָט קיינער ניט געוואוסט. פאַרשטייט איר דאָך אַז מיר איז דאָס שוין געגאַנגען אין לעבן אויסצוגע־פינען.

נו?

— ווייסט איר דאָך ווי מ׳זאָגט, אַז מ׳זוכט געפינט מען, אמת ס׳איז ניט געווען אַזוי גרינג, דערפאַר האָט אונדזער פּראָפּעסיע איין גוטע מעלה, מעג עס זיין דער גרעסטער סוד, שווימט עס אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער, און איך האָב אויסגעפונען.

— וואָס?

— איר וועט זיכער ניט גלויבן, צוליב וואָס דער סטרייק איז געווען, ניט צוליב דעם, וואָס מ׳איז אונדז שולדיק געווען אַזוי פיל גאַזשע, פאַר אַזאַ קלייניקייט וועט די יוניאָן גיין רופן אַ סטרייק אין אַ טעאַטער, ס׳איז געווען צוליב אַ סך אַ גרעסערע סיבה.

אַלע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן, זיי זיינען געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער, און האָבן נייגעריק געקוקט אויף מיר, ביז איך האָב געזאָגט:

— יאָ, אַ גרעסערע סיבה, מ׳האָט ניט אַריינגעשיקט אין דער יוניאָן די צען פּראָצענט, וואָס מ׳האָט אַרונטערגענומען פון אונדזערע פאַרדינסטן,

דאָס וואָס מיר האָבן ניט געקראָגן באַצאָלט, האָט דאָס דעם אָפּיס זייער ווייניק אינטערעסירט, נאָר פאַר די צען פּראָצענט האָט מען גערופן אַ סטרייק, איצט פאַרשטייט איר פאַרוואָס מענעדזשערס האָבן אויפגעהערט צאָלן? איז פאַרוואָס זאָל מאָריס שוואַרץ דער מענעדזשער זיין בעסער פון די אַנדערע?

ס׳איז געוואָרן שטיל פאַר אַ ווײַלע, ביז איינער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— ער דאַרף זיין בעסער.

— ווייל ער שפּילט בעסער טעאַטער. — האָט אַ צווייטער אונטערגע־כאַפּט.

— האָט איר כאָטש פאַרגעניגן פון דעם שפּילן, וואָס האָבן מיר גע־האַט? ניין, קאָלעגן, דאָס איז ניט מאָריס שוואַרץ שולד, דער אָפּיס האָט אייך געמאַכט שפּילן אָן גאַזשע.

— אַזוי איז די מעשה, דיוס מוז באַצאָלט ווערן, איצט פאַרשטיי איך.

— ווער פאַרשטייט דאָס דען ניט, אַזאַ פּנים האָבן מיר.

# כמעט אַ קאָנווענשאָן

ס׳איז אפשר פאַר מיר געווען אינטערעסאַנט זיי צו עפענען די אויגן, אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן, ווייל אַזוי גיך ווי מ׳האָט פאַרלאָזט דעם זאַל, האָט זיך ווידערהאָלט דאָס זעלבן.

אַ יעדע פאַרזאַמלונג וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן פאַר די מיטגלידער איז געווען ווי אויספלאַנירט, איבערהויפּט די ערשטע פאַרזאַמלונג פון אַ נייעם סעזאָן, ס׳איז אַלע מאָל געווען אַ גרויסער עולם, אַ סך איינגעלאַדענע געסט, אַ גרויסער ווייסער טיש איז געווען צוגעגרייט פאַר דער פּרעסע, מ׳האָט גענומען בילדער וועלכע זיינען קיינמאָל ניט אַריין אין קיין צייטונג, מיט דער אויסנאַמע פון דעם „סטאַר״ פון דעם כמעט קאָנווענשאָן.

אָפטמאָל איז די אויסשטאַטונג מיט דער אויפפירונג געווען זייער אַ שלעכטע, ווייל ווער ס׳איז געווען אַ מבין, האָט גלייך געקענט אָנטאַפּן, אַז ס׳איז געווען אַ צוגעגרייטע זאַך, איינער פון די מבינים איז געווען יאָזעף רומשינסקי, ניט איין מאָל ביים פאַרלאָזן דעם זאַל, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— די לוויה געפעלט מיר ניט.

— מיר אויך ניט, אָבער וואָס קען מען טאָן דערצו?

— איר פרעגט כאָטש וואָס מ׳קען טאָן, די אַנדערע האָבן דאָך מורא צו עפענען דאָס מויל.

— ביי אַזאַ פאַרזאַמלונג, האָט ער די בעסטע געלעגנהייט.

— יאָ, אָבער וואָס איז דערנאָך ?

— דאָס זעלבע וואָס ס׳איז אַלע מאָל, דאָ געווינט ער דעם עולם מיט דער פרעסע, אַזוי גיך ווי ער זאָגט, אַז דאָס בעסערע טעאַטער דאַרף און מוז עקזיסטירן.

אַלע מאָל געווען אַרומגערינגלט מיט עטלעכע און פערציק געשוואוי־רענע פריינד, וועלכע ער האָט אַלע יאָרן פאַרזאָרגט, זיינען ביי אַ יעדער פאַרזאַמלונג געווען אין זייערע פּאָזיציעס, און צום רעפּליק געוואוסט ווען אַרויסצואווייזן גרויס באַגייסטערונג און מאַכן אַזאַ טומל מיט זייער בראַוואָ־געשריי, אַז דער עולם איז פשוט צעטומלט געוואָרן.

האָט מען שוין פאַרגעסן אָן דעם וויכטיקסטן פּונקט, צוליב וואָס מ׳איז געקומען, שוין עטלעכע יאָר ווען מ׳קומט זיך צוזאַמען צו דער ערשטער פאַר־זאַמלונג פון אַ נייעם סעזאָן, רעדט מען אַז היינט מוז אויפגענומען ווערן די פראַגע בנוגעה די שולדן, מיינענדיק די געלטער וואָס די מענעדזשערס קומען צו די אַקטיאָרן, פאַרשטייט זיך אַז געצילט איז דאָס נאָר געווען קעגן דעם יידישן קונסט־טעאַטער.

אַזוי גיך אָבער ווי די עטלעכע און פערציק האָבן דערפילט, אַז באַלד וועט דאָ פּלאַצן אַ באָמבע, האָט מען גיך געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו שליסן די פאַרזאַמלונג, דאָס איז געווען אַ וואונק צום פאַרטרעטער מער ניט צו רעדן, איז מען ווידער געבליבן ביים אַלטן, און אַלץ איז געווען גוט און פיין, ביז מ׳האָט גוט־געהייסן די טעאַטערס.

האָט זיך אָבער דער נייער סעזאָן געשטעלט, האָבן די זעלבע בראַוואָ־פאַטשערס, אַלץ גענומען אויסטייטשן פאַרקערט, אייניקע האָבן געהאַט טענות צו שוואַרצן, פאַרוואָס זיי האָבן ניט געקראָגן די ראָלן, אויף וועלכע זיי האָבן זיך געריכט, נאָך מער די וועלכע ער האָט שוין מער ניט געוואָלט האָבן ביי זיך אין טעאַטער.

ס׳איז נאָך דאַן געווען אַ סך טעאַטערס, דאָך איז דער אָפיס פון דער יוניאָן אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט די קינדער. אַזוי האָט מען זיי גערופן אין דער פראָפעסיע. וועלכע האָבן אַלע מאָל געהאַט טענות צו דער וועלט. ווען ס׳איז אָבער געקומען צו עפּעס וויכטיקס, איז שוין געווען שפּעט צו

פאַרהאַנדלען, דערפאַר זיינען אָנגעגאַנגען אַ סך דעבאַטעס אין דער ראָיאַל קאַפע, און ווען איך בין דאָרט געווען האָב איך די טענות וואָס זיי האָבן געהאַט קעגן מאָריס שוואַרצן צוריקגעשטויסן, זיי אַלע מאָל געפּרואווט באַווייזן, אַז די אַלע אַנדערע וואָס זיינען באַשעפטיקט אין זיין טעאַטער, קריגן גאַנצע הונדערט פּראָצענט באַצאָלט.

מיין בעסטער אַרגומענט איז געווען פאַרוואָס האָב איך געקראָגן באַצאָלט, ווען איך האָב מיט אים געשפּילט? פאַרוואָס איז ער מיר גאָרניט שולדיק, פונקט ווי ער איז ניט שולדיק דעם פּריוואַטער?

און פאַרוואָס האָט ער ניט די זעלבע רעכט אַלס אונטערנעמער ווי די אַנדערע? וועלכע זיינען אַריין אין טעאַטער־געשעפט בלויז פאַר פּראָפיטן, און האָבן געשטאָפּט דעם עולם מיט נאַרישקייטן צוליב דעם.

קיין עוולה וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געטאָן אויף צו האַלטן דעם יידישן קונסט־טעאַטער איז דאָס ניט געווען, און ער איז געווען באַרעכטיקט צו דער אונטערשטיצונג פון אַלעמען.

ס'האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן ליב געהאַט איינצורעדן, פאַרשטייט זיך אַזעלכע וועמען מאָריס שוואַרץ האָט געהאַלטן פאַר גוטע פריינד, און געגלויבט אין זייער וויסן.

דערצו מעג אַ קינסטלער זיין ווי גרויס, איז ער דאָך ניט מער ווי אַ מענטש, מיט אַ גלויבן און פאַרשטאַנד צו באַרעכענען, אפשר איז דער צווייטער גערעכט, דאָ ווערט אַמאָל דער קליגסטער אַ ביסל שוואַך, און ווען די צייט שפּילט נאָך צו, מיינט מען דאָך אַלע מאָל אפשר איז יענער טאַקע גערעכט, אַ צווייטער פאַל קען פּאַסירן, אַז מ'זאָל זיך ניט קענען העלפן, איז אַ סך מאָל מוז מען האַנדלען לויט אומשטענדן, דאַן פאַלט שוין אַלץ אַוועק, זיין פערזענלעכע שולד איז דאָס שוין ניט, איבערהויפּט ווען מ'לייגט נאָך אויף אים אַרויף, ווי דער אַמעריקאַנער רופט דאָס, „עקסעס בעגעדזש". מוז מען זיך שוין איינבויגן, דאָס איז אַפילו שווער געווען צו טראָגן אין די גוטע צייטן, דערפאַר האָט ער געמוזט זוכן אַן אָפענע טיר, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן, ווייל אויב מ'האָט געגעבן די אַנדערע טעאַטערס מעגלעכקייטן צו עקסיסטירן, פאַרוואָס ניט אים?

איז אָבער פאַראַן אַן אָנגענומענער כלל, וואָס מער מ'גיט, מער וויל מען, קיינער וויל זיך דערפון ניט אָפּזאָגן, מעג דער מענעדזשער זיין דער רייכסטער, גייט דאָס אַמאָל אַזוי וויט, ביז די געבער ווערן אויך מיד, דאָס

July 10 1950

[illegible]

300

$300

[illegible]

31

[illegible]

אָט דאָ ווייזט דער בריוו אַז ער האָט באַצאָלט.

האָט אויך געטראָפן דאָ און דער פירער פון דער יוניאָן איז שוין אַרויס פון געדולד.

מיר זיינען שוין ווידער ביי אַ פאַרזאַמלונג, דאָס מאָל אָן געסט. די פּרעסע איז ניט איינגעלאַדן, קיין סעקרעטאַרן זיינען אויך ניט פאַראַן, דאָס מאָל וויל מען ניט האָבן קיין מיניטס.... ס׳ווערט אָפּגעגעבן אַ רעפּאָרט, אין וועלכן דער פּאַרטרעטער קומט אַרויס מיט לשון, צווישן אַ סך אַנדערע

זאַכן רעכנט ער אויס, וואָס ער האָט אַלץ געטאָן פֿאַר מאָריס שוואַרצן, און ווי אומדאַנקבאַר ער איז דערפֿאַר. אויך דאָס מאָל איז ער אַרומגערינגלט מיט אַלע זיינע קינדער, וועלכע וועלן יאָ זאָגן, און דער פֿאַר האָט ער ניט קיין מורא און פֿייערט ווי אַ לאַווע פֿון אַ פֿייער־שפּייענדיקן באַרג:

— דאָס איז דאָך סקאַנדאַליעז, וויפֿל איך האָב געטאָן פֿאַר דעם מענטשן, וויפֿל איך האָב געקענט, און וואָס ס'איז נאָר מעגלעך געווען, איך האָב אַלע מאָל געהאָלפֿן דעם קונסט־טעאַטער, איך זאָג דאָס אָפֿן, יאָ אַ סך מאָל האָב איך אַריבערגעטראָטן די גרענעצן פֿון דער יוניאָן, איך זאָל קענען העלפֿן דעם דראַמאַטישן טעאַטער, דאָס פֿאַרשטייט איר דאָך, האָב איך שוין גענומען אויף זיך, וויסנדיק אַז איר וועט פֿאַרשטיין, אַז קיין שלעכטס האָב איך דער־מיט ניט געמיינט, איך האָב געוואָלט מיט אַלץ וואָס איך האָב געקענט, אויפֿהאַלטן דעם עקסיסטענץ פֿון דעם קונסט־טעאַטער, אויב ער איז אַ קונסט־טעאַטער, אָבער וועגן דעם אַן אַנדערש מאָל, געטאָן האָב איך דאָס דערפֿאַר, ווייל איך, ווי אויך איר, ווייסט אַז מ'דאַרף האָבן אַ דראַמאַטישן טעאַטער, ס'איז פֿאָרט פֿאַראַן אַזעלכע וועלכע קענען אין קיין אַנדער טעאַטער ניט שפּילן, אָבער אום גאָטעס ווילן, ס'איז דאָך ניט מער אויסצוהאַלטן פֿון אים, איך מיט מאָריס שוואַרץ, קען מער ניט האַנדלען, ער מיינט שוין טאַקע אַז די וועלט דרייט זיך אַרום אים, אמת ער איז וואָס ער דאַרף זיין, אָבער קיין גאָט איז ער דאָך ניט. דער זעלבער גרויסער טומל, ווי דאָס לעצטע מאָל, ווען ער האָט גערעדט פֿאַר אים, נאָר דער בראַוואָ איז געווען אַ ביסל שוואַכער, ווייל די קינדער זיינען אַ סך געווען פֿון דעם אָפּערעטן טעאַטער זייער בראַוואָ אַליין איז געווען אַ ביסל שוואַכער. די בעסערע אַקטיאָרן פֿון דעם דראַמאַטישן טעאַטער האָבן איצט זיך ניט באַוועגט, כאָטש זיי האָבן געהאַלטן וואו דער ווינט פֿון פֿאַרטרעטער האָט געבלאָזן.

ניט איין מאָל האָט דאָס מיך דערמאָנט, אין דער אַמאָליקער גאַליאָרקע ווען די פּאַטריאָטן האָבן געפּאַרטשט בראַוואָ פֿאַר זייער סטאַר אפילו דאַן ווען מ'האָט ניט באַדאַרפֿט... און ניט איינמאָל האָט זיך דער עולם אין טעאַטער אַרומגעקוקט, און געענטפֿערט מיט אַ ש...ש...ש.... דאָ אָבער האָט קיינער ניט געוואַגט צו ענטפֿערן.

ווער האָט דערפֿירט צו דעם? די וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום דעם פּאָליטישן ווינט, און וואו דער ווינט האָט געבלאָזן, דאָרט זיינען זיי געפֿלויגן, און זייער אָפּט ניט אין דער ריכטיקער ליניע.

איך האָב דאָס פאַרשטייט זיך קלאָר געזען, און ווען איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט, האָב איך אַלע מאָל געפרעגט:

— פאַרוואָס באַקלאָגן זיך ניט די אַנדערע יוניאָנס?

— ווייל זיי צאָלט מען. — האָט איינער געזאָגט.

— פאַרוואָס קריגן זיי יאָ באַצאָלט?

אָט דעם ענטפער איז מען מיר אַלע מאָל שולדיק געבליבן, איך האָב געוואוסט פאַרוואָס, ווייל די אַנדערע יוניאָנס, האָבן געהאַנדלט מיט מאָריס שוואַרץ דעם מענעדזשער פון זיין טעאַטער, אָן פּאָליטיק, ניט געמאַכט קיין „קאָנסעשאָנס". פאַרוואָס שוואַרץ דער מענעדזשער האָט באַצאָלט, דאָס האָט ער געקראָגן, און דערפאַר האָט ער גאָרניט געקענט פאַרלאַנגען.

דער הינטער־קוליסן פּאָליטיק האָט ניט נאָר דערפירט צום אונטער־גאַנג פון קונסט־טעאַטער, אויך צו דער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט, און נאָך זיינען מיר ניט אין גאַנצן ריין פון דער פּעסט.

דאָס קליינלעכקייט פון אונטערלעקן זיך האָט אַ סך געשאַדט דעם בעסערן טעאַטער, און אַזעלכע זיינען דאָרט געווען אַ סך, פון דעם פּאָבלי־סיטי אַגענט ביז דעם ראָלן־שרייבער.

## וועד איז אַ גוטער אַקטיאָר?

אין איין צייט, האָט מען זיך שטאַרק פאַרנומען מיט דער פראַגע, ביז ס'איז געקומען צום יידישן קונסט־טעאַטער, האָט מען דעם בעסערן אַקטיאָר, געמאָסטן זיין גרויסקייט מיט וועמען ער האָט געשפּילט, איז ער געווען אין דער טרופּע ביי יעקב פּ. אַדלער, איז ער געווען פאַררעכנט פאַר אַ גוטן גאָרדעניסט, ווייל ער איז געווען אַ געשפּילטער אין יעקב גאָרדינס פּיעסן. איז איינער געווען אין דער טרופּע ביי דייוויד קעסלער, איז ער גע־ווען פאַררעכנט פאַר גאָר אַ גוטן אַקטיאָר, ווייל דאָרט האָט ער געשפּילט אַ פאַרשיידנאַרטיקן רעפּערטואַר. און די, וועלכע האָבן געשפּילט מיט באָריס טאָמאַשעפסקין. זיינען געווען פון די בעסערע אָפּרעטן־אַקטיאָרן. אַזוי האָט זיך דאָס געפירט ביז מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעמאַכט זיין יידישן קונסט־טעאַטער. אַ סך אַקטיאָרן האָבן בלויז געטראָגן דעם נאָמען אַקטיאָר און ניט מ'האָט געוואוסט אויב זיי זיינען גוט אָדער שלעכט ווייל מ'האָט זיי זייער זעלטן געזען שפּילן, און אַ סך פון זיי האָבן ניט געקענט אַריינקומען אין ניו־

יאָרק. ווייל כמעט אַ יעדער טעאַטער איז געווען משפּחה, איבערהויפּט אין אַדלערס און טאָמאַשעפסקיס טעאַטערס.

ביז מאָריס שוואַרץ האָט ברייט אויפגעמאַכט די טיר פון זיין קונסט־טעאַטער פאַר אַ סך וואָס וואָלטן זיכער געווען פאַרגעסן געוואָרן אויף דער פּראָווינץ, און דאָ האָבן זיי דערזען וואָס ס׳מיינט שפּילן אמת טעאַטער, האָט טאַקע ניט גענומען לאַנג, און מ׳האָט זיך גענומען שושקען אין אַלע טעאַטער־ווינקעלעך, אַז ס׳וואָלט גאָרניט געשאַדט אַז אפילו פון די בעסערע אַקטיאָרן, זאָלן שפּילן אַ סעזאָן אָדער צוויי ביי שוואַרצן אונטער זיין רע־זשי, זיי וואָלטן זיכער אַ שיין ביסל אויסגעפּאַלישט געוואָרן, מער געלערנט און בעסער פאַרשטאַנען.

אַקטיאָרן דאַרפן יעדן טאָג, אַלע וואָך, אַ יעדן חודש, און אַ גאַנץ יאָר לערנען, ווייל מיט אָפּשפּילן אַ ראָלע, מעג זי זיין די בעסטע, און אפילו צען ראָלן, האָט זיך זיין שטודיום ניט געענדיקט, ווייל ווען מ׳מאַכט אויף אַ נייעם טעקסט, דאַרף מען אָנהייבן פון דאָס ניי, ווידער לערנען, נאָך אַמאָל זיך פאַרטראַכטן פאַר אַ נייעם כאַראַקטער און די הויפּט־זאַך עפּעס נייס שאַפן, און ס׳מוז זיין אין האַרמאָני מיט דער גאַנצער האַנדלונג פון דער נייער פּיעסע, און געוויס מוז דאָס שטימען מיט די אַנדערע כאַראַקטערן וואָס דרייען זיך אויף דער בינע, ס׳מוז זיין אַנדערש פון די אַנדערע ראָלן וויפל ער זאָל ניט האָבן געשפּילט, דערפאַר באַדאַרף מען דאָס גאַנצע לעבן לער־נען, און איבערהויפּט ווען מ׳וויל אין אַלץ זיין גוט, און ווען אַפילו איינער ווערט געבוירן מיטן גרעסטן טאַלאַנט, איז אַ גרויסע פראַגע אויב מ׳קען אין אַלץ זיין גוט, דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז אפילו פון די בעסטע אין דער פּראָפעסיע האָבן געוואָלט זיין אין קונסט־טעאַטער, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט געוויזן פון אַ סך וואָס מ׳האָט ניט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פאַר טאַלאַנטן, אַז זיי זיינען אויך גוטע אַקטיאָרן, זיי האָט מען נאָר באַדאַרפט געבן אַ גע־לעגנהייט און צופּאַסן די ריכטיקע ראָלן, האָבן זיי זיך שטאַרק אָנגעזען אין יידישן קונסט־טעאַטער, אמת, עס האָט אים גענומען זיי לאַנג צו פּאַלישן, אַרויסקריגן פון זיי די ריכטיקע טאָנאַציע, זיין קאָרעקט אָנגעטאָן אין קינסט־לעריש גרעמירט נאָר אַזוי אַרום זיינען זיי נאָך אַ פּאָר סעזאָנען זיין אין יידישן קונסט־טעאַטער, אָנערקענט געוואָרן ניט נאָר ביי דער פּרעסע, אויך ביים גאַנצן עולם.

אָבער ניט אַלע האָבן דאָרט געוואָלט בלייבן, אייניקע זיינען דאָרט גע־

ווען אַ געוויסע צייט, פאַר בלויז צו קריגן דעם פּעטשאַט, אַז זיי האָבן גע־שפּילט מיט מאָריס שוואַרצן ווייל ס׳האָט אַ סך געמיינט פאַר זיי, מעגלעך אַז צוליב דעם האָט מען אַרויפגעקוקט צו זיי, מיט דער צייט איז עס טאַקע אַזוי געוואָרן, אַז ווער ס׳האָט געשפּילט אין יידישן קונסט־טעאַטער מיט מאָריס שוואַרצן איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ בעסערן אַקטיאָר.

אַ סך, און אפשר אַלע, האָבן געוואָלט זיין פון די בעסערע, פאַר אייניקע אָבער איז דאָס געווען אַ געפאַר, ווייל ווען איינער האָט זיך שוין יאָ אַמאָל אויסגעצייכנט אין אַ ראָל, איז דאָס פאַר אים געווען אַ גרויס אומגליק.

ס׳זיינען פאַראַן אַקטיאָרן איבער דער גאָרער וועלט, (איך האָב אַזעלכע געטראָפן וואו איך בין געווען, אין פּאַריז, אין לאָנדאָן, פון ישראל איז דאָך שוין אָפּגערעדט, אַ יעדער איינער איז דאָרט אַליין אַ דריטער מאָריס שוואַרץ, ווייל קיין צווייטער וועט שוין ניט זיין) אַלע זיינען איינגערעדט אַז זיי זיינען די בעסטע, די שענסטע, און אויך קליגער פון אַלעמען, און אויב אַזעלכן איז אַמאָל געלונגען, און ער איז ניט געווען שלעכט אין אַ ראָלע, איבערהויפּט ווען ער האָט געשפּילט אין מאָריס שוואַרצס יידישן קונסט־טעאַטער, איז ער געווען אַ פּאַרטיקער.

אַזעלכער האָט שוין קיינמאָל גאָרניט דערגרייכט, אויב איינער פאַר־געסט זיך, אַז מאָרגן קען זיין אַ פאַרלעזונג פון אַ נייער פּיעסע, און אויב ער קריגט אַ ראָלע און באַדאַרף אָנהויבן פון דאָס ניי, און איינעם פון צען קען נאָך אַמאָל געלינגען, בלייבט ער שטיין דאָרט וואו ער האָט אָנגעהויבן, אַזעלכע האָב איך באַגעגנט אַ פּאָר.

איינער וועלכער האָט זיך אפילו געלאָזט איינרעדן אַז ער איז שוין בעסער פון שוואַרצן, און אַוועק פון דעם קונסט־טעאַטער, און פאַרן קומענדן סעזאָן איבערגענומען אַליין אַ טעאַטער, און האָט קינסטלעריש באַוויזן אין אַ קורצער צייט צו פאַרלירן 26 טויזנט דאָלאַר.

אַ צווייטן האָב איך געטראָפן אין אַ טרופּע, וואו ער איז געווען אַנגאַ־זשירט, נאָר דערפאַר ווייל ער האָט אַ פּאָר סעזאָנען געשפּילט ביי מאָריס שוואַרצן אין יידישן קונסט־טעאַטער. — אַזעלכן דאַרף איך האָבן, — האָט דער מענעדזשער געטענהט, — ס׳וועט זיין אַ פּרעסטיזש פאַרן טעאַטער, און מ׳וועט קענען אין מיטן דער וואָך אויפפירן אַ בעסערע פּיעסע.

די מינימום גאַזשע צו יענער צייט איז געווען 65 דאָלאַר אַ וואָך, און דער אַקטיאָר האָט אין קונסט־טעאַטער זיכער געקראָגן 40 דאָלאַר. דער מע־

נעדזשער האָט אים געגעבן $135.00 אַ וואָך, און נאָך דער ערשטער בעסערער פּיעסע וואָס מ׳האָט אויפגעפירט, האָט זיך דער מענעדזשער ערשט געכאַפּט, און ער האָט צוגעגעבן: „אַלע מיינע יאָרן געווען אַ חכם, און דאָס מאָל בין איך אַריינגעפאַלן״.

פאַר אַ צווייטן אַזעלכן איז ניו־יאָרק ניט געווען גרויס גענוג, איז ער דורך פאַרשיידענע אינסטיטוציעס אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף דער פּראָווינץ, צו פאַרשפּרייטן ליטעראַטור און קונסט, ביז ס׳איז מיר איין סעזאָן אויסגעקומען צו זיין מיט אים, און פאַרנדיק האָט ער מיר דערציילט:

— ווען איך האָב געשפּילט ביי שוואַרצן...

— אין וועלכן טעאַטער? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן.

— ווען ער האָט געהאַט דעם „סיטי טעאַטער״ אויף דער 14טער גאַס.

— איר מיינט ווען מאָרעווסקי האָט ביי אים געשפּילט?

— דעם סעזאָן בין איך דאָרט געווען.

— איז פאַרוואָס האָב איך אייך ניט געזען?

— וואָס מיינט איר? ...

— איך האָב מאָרעווסקין געזען אין יידע פּיעסן וואָס ער האָט דאָרט געשפּילט, אייך האָב איך דאָרט ניט געזען, איך קען אייך אפילו אויסרעכענען די אַקטיאָרן וואָס האָבן דאָרט יאָ געשפּילט.

— איך פאַרשטיי איר האָט געזען די פּיעסן, ווען איך בין אַוועק פון טעאַטער, ווייל די יוניאָן האָט מיך געצוואונגען.

— דאָס איז מיר ניט פאַרשטענדלעך, אויף וויפל איך וויים, האָט די יוניאָן קיינמאָל ניט געשטערט דעם קונסט־טעאַטער, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט אַלע מאָל גענומען די אַקטיאָרן וועלכע ער האָט באַדאַרפט, און אַ סך מאָל נאָך מער, איז ווי אַזוי האָט אייך די יוניאָן געשטערט?

— וועל איך אייך זאָגן ווי אַזוי. איך בין דאָרט אַנגאַזשירט געוואָרן פאַר $150.00 אַ וואָך, און אַז די יוניאָן האָט אַריינגעשיקט אַן אַקטיאָר, האָב איך אים פון מיין גאַזשע געמוזט צאָלן $65.00 אַ וואָך, האָט זיך שוין פאַר מיר ניט געלוינט, בין איך אַוועק פון טעאַטער.

אַזאַ סומע האָט דער יידישער קונסט־טעאַטער קיין אַקטיאָר ניט געצאָלט, ווער שמועסט נאָך איינעם וואָס האָט נאָך ניט באַלאַנגט צו דער יוניאָן. אָבער ווי אַזוי קען מען יענעם זאָגן, אַז ס׳איז ניט אמת, האָב איך אַ קורצן שמייכל געטאָן, און בין אַוועק אין אַ צווייטן וואַגאָן, אָבער ווי

ס'האָט אויסגעזען, האָט ער דאָס פאַרקויפט צו די אינסטיטוציעס וועלכע האָבן אים אַרויסגעשיקט, ווייל ס'האָט געהייסן אַז ער האָט געשפּילט ביי מאָריס שוואַרצן אין יידישן קונסט־טעאַטער.

דער אָבער וואָס האָט געוואָלט אַלע מאָל זיין אַ גוטער אַקטיאָר, האָט אַלץ געטאָרן דאָרט צו בלייבן וואָס לענגער, אמת ניט אַלע זיינען געוואָרן בעסער אָדער גרעסער ווי זיי זיינען געווען, דאָס האָט אַ סך אויך געשטערט דעם בעסערן אַקטיאָר, און צוליב פאַרשיידענע אומשטענדן האָט דאָס זיי אָפּט אַריינגעבראַכט אין גאָר אַ שלעכטער לאַגע צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געוואָרן פּשוטע טעלער־לעקער... נאָך מער די, וועלכע זיינען יאָרן־לאַנג געזעסן אין דער עקזעקוטיווע, דאָס האָט אויך געמאַכט קלאָר פאַרוואָס מאָריס שוואַרץ האָט אַזוי גוט געוואוסט די געזעצן פון דער יוניאָן. ניט איין מאָל האָט ער זיי אויסגענוצט נאָך איידער זיי זיינען אַריין אין קראַפט, און ניט איינמאָל האָבן זיך מענעדזשערס באַקלאָגט פאַרוואָס מאָריס שוואַרץ ווייס וואָס ס'קומט פאַר אין דער עקזעקוטיווע נאָך איידער די פאַרזאַמלונג איז פאָריבער, דערפאַר אפשר קריגט ער אַזעלכע פּריווילעגיעס, וועלכע זיי האָבן דאָס ניט.

דעם מענעדזשער מאָריס שוואַרצן איז געקומען אַ יושר־כוח פאַרן וויסן ווי אַזוי צו האַנדלען אין געשעפט, פאַר די אַקטיאָרן אָבער האָט דאָס ניט געטויגנט, וואָס מער ער האָט פון זיי אַרויסגעקראָגן, אַלץ ווייניקער האָבן זיי געהאַט, און געגליבן ניט מער ווי אונטער־לעקער ביים באַלעבאָס.

און אויב מ'האָט אַמאָל אַרויפגעצוואונגען אויף אים צו נעמען איינעם, וועלכן ער האָט פאַרשטאַנען אַז ער דאַרף אים ניט, האָט ער געהאַט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען וואָס ס'איז געווען גוט פאַר אים, נאַטירלעך האָט דאָס שפּעטער געשאַדט דעם אמתן גוטן אַקטיאָר, ווייל ער האָט שוין ניט געקענט קריגן וואָס ער איז געווען באַרעכטיקט, צוליב דעם, ווייל דאָס טעאַטער האָט גע־האַט צופּיל אַקטיאָרן, דאָ האָט שוין דער רעזשיסאָר מאָריס שוואַרץ געהאַט אַ מעגלעכקייט צו האַנדלען ווי אַזוי ס'האָט זיך אים געלוינט.

דאָס פאַרשטייט זיך, האָט דערפירט אַז מ'האָט שוין אפילו אויפן בעסערן אַקטיאָר געקוקט מיט פאַרדאַכט, שוואַרץ האָט געוואוסט ווער ס'איז דער בעסערער אַקטיאָר, ביז דער אַקטיאָר מאָריס שוואַרץ האָט זיך אַריינגע־מישט, דאַן איז שוין די אָפּשאַצונג פון דעם אַקטיאָר געקומען ווי אַזוי ס'האָט זיך פאַר אים געלוינט...

האָבן דען אַנדערע, וואָס האָבן ווייניקער געוואוסט פון מאָריס שוואַרץ בעסער געהאַנדלט? אין די 50 יאָר זיין אין דער פּראָפעסיע, האָט מען נאָך אַזעלכן ניט געפונען, צוליב דער הינטער־קוליסן פּאָליטיק האָבן אפילו אַ סך גוטע אַקטיאָרן געליטן, ווייל אויב ס'האָט זיך געפונען איין יוניאָן, וואָס האָט אים נאָכגעגעבן, האָבן די אַנדערע יוניאָנס פאַרלאַנגט גאַנצע הונ־דערט פּראָצענט, און זיי האָבן דאָס געקראָגן, ווייל מיט זיי האָט ער גאָר ניט געקענט מאַכן, אפילו זיין שאַרפער קאָפּ האָט דאָ גאָרניט געקענט אויס־טראַכטן, ווייל מיט זיי האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן ראָלן.

צוערשט האָבן פון דעם געוואוסט בלויז אַ קליינע גרופּע, פאַרשטייט זיך נאָר די וועלכע האָבן זיך אַלע מאָל געדרייט אַרום דעם פּאַרטרעטער פון דער יוניאָן, האָבן זיי אים געהאָלפן אַזוי לאַנג האַנדלען, ביז זיי האָבן זיך אַליין פאַרפירט, אַ סך מאָל נאָך איידער דער סעזאָן איז געווען פאָריבער, איז דער סוד צעשפּרייט געוואָרן אויף הונדערטער טעלער, און אַרויסגעקו־מען איז עס טאַקע פון זיי אַליין, ווייל דער באַטרעפנדיקער האָט ניט גע־קראָגן די ראָלע וואָס ער האָט געוואָלט שפּילן, האָט באַלד דער בלאָטער געפּלאַצט, אַ סך מאָל איז עס אָבער שוין געווען לאַנג נאָכן סעזאָן און ווען אַלע האָבן שוין וועגן דעם געוואוסט, איז שוין געווען שפּעט דאָס צו פאַר־ריכטן.

פאַר וועמען איז עס אָבער יאָ געווען גוט, פאַר דעם פּאַרטרעטער, ווייל דאָס האָט אים אַלע מאָל געגעבן אַ מעגלעכקייט, ער זאָל זיך האָבן ביי וואָס צו פאָרען, און אין אָנהויב פון סעזאָן, איז דאָס אים גאָר גוט צונוץ געקומען פאַרן גרויסן רעפּאָרט וואָס ער האָט באַדאַרפט אָפּגעבן, ער האָט דערמיט געקענט באַווייזן וויפל מענטשן ער האָט באַשעפטיקט, אָבער וויפל צרות ס'איז צוליב דעם אַרויסגעקומען, איבערהויפּט אין דעם קונסט־טעאַטער, איז ניט דערמאָנט געוואָרן אפילו קיין איין וואָרט, און אויב יאָ האָט מען דאָס אַרויפגעלייגט אויף מאָריס שוואַרץ.

אַ ים מיט פּאָליטיק האָט אַריינגעבראַכט די לאַנג־יאָריקע קוואָטע פון אַקיטאָרן וואָס די יוניאָן האָט געהאַט, דאָס האָט ניט נאָר געשטערט דעם בעסערן אַקטיאָר, נאָר אויך דעם יידישן קונסט־טעאַטער.

ווייל דער פאַרגלייך איז געווען אַ פאַלשער. אַ טעאַטער אויף דער צוויי־טער עוועניו, האָט אַלע מאָל געהאַט אַ בעסערע מעגלעכקייט צו מאַכן אַ פינאַנציעלן סוקסעס, איז די קוואָטע דאָרט געווען ניט מער ווי 16 אַקטיאָרן

מיט אַן „אָפּשן״. אָנשטעלן 14 און צוויי וועט מען אַריינשיקן פאַרן פּרייז פון איינעם.

איז דאָס געווען ריכטיק געהאַנדלט? אפילו דער אויסטייטש איז געווען אַ פאַלשער. „בעסער אַ קליינער פאַרדינסט איידער גאָרניט״. האָט דעם אַקטיאָר אַוועקגעשטעלט אין אַ שלעכטער לאַגע, אייניקע האָט זיך געדאַכט אַז דער פאַרטרעטער טוט דערמיט צוויי טובות, ערשטנס ווייל עס גייט נאָך אַוועק צוויי אַקטיאָרן פון דער יוניאָן, צווייטנס מאַכט דאָס גרינגער דעם טעאַטער, וואָס צאָלט איין גאַזשע פאַר צוויי אַקטיאָרן.

אמת פאַרן טעאַטער איז דאָס טאַקע געווען אַ גרויסע טובה, ווען ס׳איז געקומען צו מאָריס שוואַרץ קונסט־טעאַטער, און ער האָט באַדאַרפט אָנ־שטעלן 22 אַקטיאָרן, אַמאָל נאָך מער, האָט מען וועגן דעם געהאַנדלט אַ גאַנצן זומער צוליב אַ פּאָר וואָס די פירערשאַפט האָט געוואָלט זיי זאָלן דאָרטן זיין, האָט מען אַזוי קאָמבינירט אַז עס זאָל כאָטש פאַר דער וועלט אויסזען אויב ניט אינגאַנצן, איז כאָטש האַלב „לעדזשיטימעט״. און ווען מ׳האָט זיך שפּעטער דערפון דערוואוסט, האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין קונסט־טעאַטער שפּילן אַקטיאָרן אומזיסט.

איז דאָס געווען מאָריס שוואַרץ שולד? פאַרוואָס האָבן זיי ניט פאַר־שטאַנען, אַז אין איין גלאָז, קען בלויז אַריין אַזוי פיל וואַסער, און ניט מער. פאַרוואָס האָט מען אַריינגעשיקט מער וויפל דאָס טעאַטער האָט געקענט אויסהאַלטן? פאַרוואָס מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך מאָריס שוואַרצן?

וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין די טעאַטערס אויף דער צווייטער עוועניו, האָט קיינער ניט געוואוסט, און אפילו שוין נאָכן סעזאָן, ווען די מענעדזשערס זיינען צוליב די קאָמבינאַציעס פון די הינטער־קוליסן פּאָליטיק שטיין רייך געוואָרן, און ווען מ׳האָט שוין קלאָר געוואוסט ווי אַזוי מ׳האָט באַשווינדלט די אַקטיאָרן, האָט מען נאָך אַלץ מורא געהאַט עפּעס צו זאָגן, אפשר וועלן געוויסע אַקטיאָרן דאָרט אויך זיין אַנגאַזשירט קומענדן סעזאָן, האָט מען אָנ־גענומען אַ מויל מיט וואַסער און געשוויגן, נאָר דאַן ווען דער מענעדזשער האָט שוין געהאַט געגוג, און האָט אויפגעגעבן דאָס טעאַטער, האָט מען זיך שפּעטער דערוואוסט, וויפל טויזנטער ער איז שולדיק געבליבן די אַקטיאָרן, נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעשפּאָרט פּופציק טויזנט דאָלאַר אָדער מער.

דערפאַר איז מיר קיינמאָל ניט געווען צום האַרצן, דער אומגעריכטער אויסבראָך פון דעם פאַרטרעטער ביי אַן אָפענער פאַרזאַמלונג, איבערהויפּט

ווען ער האָט נאָר דערמאָנט דעם נאָמען מאָריס שוואַרץ און ניט קיין אַנדערע, האָט דאָס אַלע מאָל צו מיר אויסגעזען ווי אַ געמאַכטער אָנשטעל, און ביז דעם היינטיקן טאָג קען איך דאָס ניט פאַרשטיין, דאַכט זיך אַז אַלע האָבן דאָס פּונקט אַזוי גוט ווי איך געזען, און האָבן ניט געוואָלט צוגעבן, אפילו דאַן ווען ער האָט געמאַכט דעם גרויסן שטורעם, און באַלד נאָך דעם איז שוין מאָריס שוואַרץ מיט אים געזעסן אין אָפּיס, און אַלץ געקראָגן וואָס ער האָט פאַרלאַנגט, און אפשר נאָך מער.

## ווען מ׳פּילט זיך פריי

מוז איך דאָ צוערשט מודה זיין, אַז איך בין אפשר געווען דער איינ־ציקער, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געמאָנט, אָדער געזוכט פּראָטעקציע, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט צו ווערן אַנגאַזשירט אין אַ טעאַטער.

דערפאַר בין איך אַלע מאָל געווען פריי צו זאָגן מיין מיינונג אָן מורא, ווייל קיין עוולות האָב איך קיינמאָל ניט געקענט פאַרליידן. איז ווען איך בין איינמאָל נאָך אַ פייערדיקער פאַרזאַמלונג אַרונטערגעגאַנגען וואו דער אָפּיס געפינט זיך, בין איך איבעררַאַשט געוואָרן ווען איך האָב פון דאָרט געזען אַרויסקומען אַ זייער צופרידענעם מאָריס שוואַרץ.

פאַר אַ ווײַלע בין איך געבליבן שטיין אַ ביסל פאַרטראַכט. „וואָס קומט דאָ פאָר?” — און ווען איך בין שוין געווען ביי דער טיר, האָט זי זיך אויפגעמאַכט, און דער פאַרטרעטער איז אַרויסגעקומען, האָב איך אים אָן הקדמות געפרעגט:

— דאָס פאַרשטיי איך ניט.

— וואָס מיינט איר? — האָט ער מיך אָנגעקוקט.

— מאָריס שוואַרץ איז דאָך אַרויס פון אייער אָפּיס אַ באַגייסטערטער.

— פאַרשטייט איר מיך. — פאַר אַ ווײַלע האָט ער זיך פאַרטראַכט, ווערנדיק אַ ביסל רויט, ווי איך וואָלט אים געכאַפּט ביי דער האַנט, פאַר־ציענדיק זיינע דינע ליפּן ווי אין אַ געמאַכטן שמייכל, האָט ער צו מיר זייער שטיל געזאָגט: — מיר מוזן האָבן אַ דראַמאַטישן טעאַטער. ס׳איז גוט אָנצונעמען באַשלוסן, מ׳דאַרף אָבער וויסן, ווי אַזוי און אויף וועמען זיי אַדורכ־צופירן.

— אמת, אָבער ווייבאַלד אַזוי, מאַכט איר דאָך צוויי יוניאָנס.

— פאַרגעסט ניט מיר האָבן אַ סך מענטשן.

— איר מיינט אַ סך אַקטיאָרן...

— און וואָס קען איך טאָן מיט זיי? איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך וועל שטאַרק דריקן שוואַרצן, וועט ער ניט אויפמאַכן, ווייסט איר וויפל אַקטיאָרן ס׳וועלן בלייבן אומבאַשעפטיקט, מוז מען אַמאָל פאַרבויגן, ניט אַלע זיינען דאָך ווי איר.

— וואָס מיינט איר?

— אַנדערע מאָגען, איר ווייסט ניט וואָס דאָ טוט זיך.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז מ׳קען צווינגען אַ מענעדזשער, ווען ער וויל אייך ניט?

— ניט נאָר דאָס אַליין, אַ סך ווילן נאָך קאָנדישאָנס, און ווען זיי קריגן דאָס ניט, מעגט איר זיין דערביי וואָס פאַר אַ טענות זיי האָבן נאָך צו מיר.

— נאָך טענות צו אייך?

— בעסער פרעגט ניט.

לאַנג איז דאָס אויך ניט געווען קיין סוד, נייע טענות האָבן זיך פאַר־שפרייט קעגן מאָריס שוואַרצן, אַז ער מאַכט צו לאַנגע פראָבעס, פאַרשטייט זיך אַז ניט אַלע האָבן זיך באַקלאָגט, בלויז די וועלכע האָבן ניט געוואָלט וויסן, און נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק די לאַנגע פראָבן זיינען פאַר זיי מער ווי פאַרן גאַנצן טעאַטער.

אויסגעזען האָט דאָס, ווי זיי האָבן זיך געשטעלט, קעגן זיך אַליין, ווייל ווען זיי זיינען געווען אין דער עקזעקוטיווע, האָבן זיי דאָס געזעץ געמאַכט, און אַזוי גיך ווי זיי זיינען שוין געווען אין טעאַטער, האָבן זיי דאָס געזעץ געוואָלט אומוואַרפן, מאָריס שוואַרץ האָט געוואוסט אַז דאָס געזעץ פאַרלאַנגט ניט מער ווי 4 שעה פראָבע אַ טאָג, און ער האָט שטאַרק פראָטעסטירט קעגן דעם און געווען גערעכט, ווייל אין קונסט־טעאַטער האָט מען מיט 4 שעה אַ טאָג פראָבן ניט געקענט אַרויפגיין שפילן קיין איין פיעסע, ס׳איז ניט געווען קיין טעאַטער וואָס מ׳האָט זיך געקענט פאַרלאָזן אויף דעם סופלאָר, און ווען מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט די געלעגנהייט האָט ער דאָס געזאָגט:

— אין יידישן קונסט־טעאַטער, דאַרף אַ פאַרשטעלונג געשפילט ווערן, און ניט גלאַט אָפּרעדן, און דערפאַר דאַרפן געמאַכט ווערן פראָבן ביז די פיעסע איז פאַרטיק, פאַרשטייט זיך וואָס מער איז בעסער, קונסט ווערט ניט

געשאַפן אויפן זייגער, מ׳דאַרף אַ סך אַריינאַרבעטן ס׳זאָל אַרויסקומען גוט, איז ווי אַזוי קען איך באַגרענעצט ווערן מיט די פּראָבן?

אַ סך אַקטיאָרן האָבן דאָס אויסגעטייטשט, אַז זיי לײדן. וויפל וואָלטן איצט געוואָלט אַזוי ליידן? אָבער וואו און ביי וועמען? מעג מען איצט וויסן, אַז ס׳איז ניט אַלע מאָל געווען מאָריס שוואַרץ שולד, ווען ער האָט אַמאָל עפּעס געוואָלט אויספירן, איז דאָס ניט געווען אינגאַנצן פאַר זיין פּערזענ־לעכקייט. ער האָט פאַר אַלץ געטראָגן אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און ס׳האָט געמוזט זיין ווי ער האָט דאָס פאַרטראַכט, איבערהויפּט ווען מ׳האָט דאָס אים אַזוי פיל מאָל אונטערגעטראָגן, אַ סך מאָל נאָך איידער די פאַר־זאַמלונג איז געווען פאַריבער, און אַז די זעלבע האָבן דערנאָך געוואָלט וואַרפן די שולד טאַקע אויף אים, אַזוי געהאַנדלט האָבן די וועלכע האָבן קיינמאָל ניט געקענט אַריינקומען אין יידישן קונסט־טעאַטער.

פאַרשטייט זיך אַז ס׳האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע וועלכע האָבן מיט אָפענע אויגן אַלץ קלאָר געזען, וואָס פאַר אַ פּאָליטיק ס׳ווערט דאָ גע־פירט, און אַזוי לאַנג ווי דאָס איז אָנגעגאַנגען זיינען זיי געווען מאַכטלאָז און גאָרניט געקענט העלפן, איז דאָס אַזוי לאַנג אָנגעגאַנגען ביז ס׳האָבן זיך אויסגעלאָזט די כוחות, און דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט זיך גע־שלאָסן.

און פון דעם גרויסן קינסטלערישן שטורעם, פון די לאַנגע יאָרן שווע־רע אַרבעט, און פון דעם גרויס־געקליבענעם גאָלדענעם רעפּערטואַר וועלכן די וועלט האָט אָנערקענט, איז בלויז געבליבן איין גוטע זאַך, דער קינסטלער מאָריס שוואַרץ.

ווייל וואו צו שפּילן האָט מאָריס שוואַרץ אַלע מאָל געפונען, פאַר אים איז די גאַנצע וועלט געווען אָפן וואו ס׳האָבן זיך נאָר געפונען יידן, דאָרט האָט מען שוין אויך געפונען אַ טעאַטער פאַר מאָריס שוואַרץ.

## סעניאָר שוואַרץ

מעגלעך אַז מאָריס שוואַרץ האָט שוין געוואוסט אַז דער קונסט־טעאַ־טער וועט זיך באַלד שליסן, און ער האָט זיך גענומען פאַרזאָרגן פאַר ווייַ־טער, און פון די הונדערטער פּלענער מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגעטראָגן, איז אפשר דער געווען אויפן מאָמענט דער פּראַקטישסטער, צו מאַכן אַ טור

אַליין און געבן אַ קאָנצערט, ערשטנס דערפאַר ווייל ער האָט געוואָלט וויזן אַז ער קען זיך באַגיין אָן די אַקטיאָרן, צווייטנס וואָס וועלן זיי טאָן אָן אים? געזאָגט און געטאָן, און מ׳האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט און געלאָזט וויסן דער וועלט, אפילו דאָרט וואו ס׳איז בלויז דאָ אַ מנין יידן, אַז ער, מאָריס שוואַרץ, פאָרט איצט אַרויס פאַר אַ קאָנצערט־טור, און וועט אַליין שפּילן פון דעם בעסטן פון זיין גאָלדענעם רעפּערטואַר.

צווישן דעם גרויסן פּאַק מיט איינלאַדונגען וואָס זיינען אָנגעקומען האָט זיך אויך געפונען אַ בריוו פון קובאַ, האָט ער מיט זיי אָפּגעמאַכט ווען דאָרט צו זיין. דער קאָמיטעט האָט אָבער ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָס איינצואָר־דענען, אָבער דעם קאָנטראַקט האָבן זיי אונטערגעשריבן, אַז זיי באַדאַרפן אַלץ צוגרייטן. זיינען זיי אַוועק און גענומען אַ טעאַטער און דאָס האָט ביי זיי געמיינט, אַז זיי זיינען פאַרטיק מיטן צוגרייטן. מאָריס, שוואַרץ, דאַרף נאָר קומען און געבן זיין קאָנצערט. ווער ווייסט ניט אַז מאָריס שוואַרץ דאַרף זיין אין קובאַ? ווער האָט דאָס ניט געהערט פון דעם גרויסן קינסט־לער מאָריס שוואַרץ? און אַז זיי ווייסן, זיינען זיי געווען זיכער, אַז אַלע יידן פון קובאַ ווייסן. האָבן זיי טאַקע אַחוץ דעם טעאַטער מער גאָרניט געטאָן, מיינענדיק, אַז זיי ווייסן, ווייסט שוין די גאַנצע שטאָט, אַז מאָריס שוואַרץ, דער דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, קומט פערזענלעך געבן אַ קאָנצערט פאַר די יידן אין קובאַ. מאָריס שוואַרץ איז שוין לאַנג געווען אויפן טור וואו ער האָט געגעבן קאָנצערט, איז ער געווען זיכער אַז אַלץ וואָס ער האָט מיט זיי אָפּגעמאַכט איז אַראַנזשירט. האָט ער אויסגערעכנט אַריינצוקומען אין קובאַ, אַ פּאָר מינוט איידער ער וועט דאַרפן אַרויפגיין אויף דער בינע, ניט ווויסנדיק, אַז דאָס טעאַטער אין וועלכן ער דאַרף היינט אויפטרעטן איז אַ „קינאָ", און אַז ער וועט דאַרפן וואַרטן ביז זיי וועלן פאַרטיק ווערן מיט זייער פּראָגראַם. דערווייל האָט ער באַדאַרפט שטיין אין דרויסן מיטן באַגאַזש און וואַרטן ביז ס׳וועט זיך ענדיקן. פאַרשטייט זיך אַז ס׳האָט גענומען צייט, ביז מ׳האָט אַרויסגעלאָזט דעם „קינאָ"־עולם, און ביז מ׳האָט אַלץ צוגעגרייט, ער זאָל קענען אַריינקומען.

ווען מ׳איז פאַרטיק געוואָרן, איז ער אַריין אין דעם „קאָמפּאָ־אַ־מאָר־טעאַטער" און זיך גלייך גענומען צוגרייטן צו זיין אויפטריט. ער האָט זיך אָבער באַלד דערוואוסט, אַז צוליב די צו הויכע פּרייזן וואָס דער קאָ־

מיטעט האָט געמאַכט, איז קיין צו גרויסער עולם ניט געקומען. האָט דאָס אים שטאַרק פאַרדראָסן. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן קאָנצערט, האָט ער געהאַלטן אַ דרשה, מיינענדיק די פאַרזאָרגער פון דעם קאָנצערט, האָט ער נאָך אַ פויזע אָנגעהויבן:

— מיט גרויס איילעניש, פרעגט וואָס האָב איך מיך באַדאַרפט יאָגן? ווייל איך האָב געוואָלט זיין אין צייט. דערפאַר האָב איך ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצוגעפונען ווי אַזוי אייך צו אַדרעסירן. האָט איר אָבער געלייענט, אין דעם בין איך זיכער, ווייל ס'איז געווען אין אַלע צייטונגען איבער דערוועלט, אַז איך בין אַ תלמוד אַלע מיינע יאָרן. ווייל איך האַלט אַז לערנען איז וויסן. ווען דער קאָמיטעט וואָלט געלערענט, וואָלטן זיי געוואוסט ווי אַזוי צו מאַכן אַזאַ אָוונט, און געלאָזט וויסן אַלע יידן פון קובאַ, אַז איך, מאָריס שוואַרץ, דער דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעאַטער, וועל דאָ היינט אויפטרעטן פערזענלעך. אַזוי אָבער בין איך זיכער, אַז אַלע יידן מיינען, אַז ס'איז איינע פון מיינע פילמען וואָס וועט אפשר געשפּילט ווערן מאָרגן. דערביי וויל איך אַז איר זאָלט אויך וויסן, אַזוי האָב איך מיך אַלע יאָרן געפירט, ביי מיר אין טעאַטער זאָל מען ניט רעדן פריער אָדער נאָך דער פאָרשטעלונג. דאָ אָבער, האָט היינט געטראָפן אַן אומגלויבלעכע זאַך. דערפאַר האָב איך געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן אַ דערקלערונג. ערשטנס וויל איך וויסן, ווער האָט דעם קאָמיטעט געבעטן צו מאַכן אַזעלכע הויכע איינטריט־בילעטן? האָבן זיי דען ניט פאַרשטאַנען, אַז איך, מאָריס שוואַרץ דער קינסטלער, דער דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער, בין ניט געקומען צו אייך מאַכן געלט. און זיי דאַרפן דאָס אויך ניט, מיין קומען צו אייך איז געווען פאַר איין זאַך, דאָ זיינען פאַראַן יידן, דאַרף איך דאָ זיין. אַלע ווילן זען און הערן מאָריס שוואַרץ, דערפאַר בין איך היינט דאָ. איך מאַך איצט אַ טור אַליין און פאַר נאָר דאָרט וואו עס איז פאַראַן יידן. זאָלן זיי זען און זיך באַקענען מיט דעם דירעקטאָר פון דעם קונסט־טעאַטער, מאָריס שוואַרץ, וועגן וועמען מ'האָט אַזויפיל געשריבן, וואָס הייסט געשריבן, גאַנצע בערג קען מען מאַכן פון דעם פּאַפּיר, וואָס מ'האָט אַליץ געשריבן וועגן מיר. אמת, מ'האָט זיך אַ סך אָפּגעשטעלט אויף די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס איך האָב געקראָגן מיטן אָנפירן אַריבער דריי צענדליק יאָר, אָנהאַלטנדיק דעם יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק. ניין, ניט פאַר געלט בין איך דאָ. נאָר כדי איר, מיינע פריינד, זאָלן מיך

באַוואונדערן און הערן אַ יידיש וואָרט. פאַרדריסט עס מיך טאַקע פאַרוואָס מ׳האָט דאָס אַזוי שלעכט אַראַנזשירט דעם קאָנצערט, אַ שאָד פאַרוואָס היינט איז דאָ ניט פאַראַן אַ גרויסער עולם, וואָס האָט זיכער דאָ באַדאַרפט זיין, ווען איך, מאָריס שוואַרץ בין צו אייך געקומען. אַמווייניקסטנס איך זאָל אייך קענען געבן אַ גרויסן וואַרעמען שלום־עליכם. איר האָט דאָס זי־כער פאַרדינט.

די באַגייסטערונג אין טעאַטער איז געוואָרן אַזוי גרויס, מ׳האָט אים אַ כאַפּ געטאָן, און אויף די הענט אַרונטערגעטראָגן פון דער בינע.

דער מענטש וואָס האָט דאָס מיר דערציילט איז דאָרט געווען און ער האָט נאָך צוגעגעבן ווען ס׳איז אים אויסגעקומען צו זיין אין דעם „קאָמפּאָ־אַ־מאָר־טעאַטער"... האָט זיך אים נאָר געדאַכט, אַז ער הערט דעם עולם שרייען: „אונדזער סעניאָר שוואַרץ". און ביזן היינטיקן טאָג, האָט נאָך קיינער ניט פאַרגעסן — אונדזער סעניאָר שוואַרץ.

## דער קריטיקער אין „אנאטאָמא"

דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט זיך נאָך דאַן געפונען אין דער 27טער גאַס און מעדיסאָן עוועניו, ווען מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט לעאָניד אַנדרעיעווס „אנאטאָמא". און ווער ס׳האָט געזען די פאָרשטעלונג, איז אַרויס פון טעאַטער אַ באַגייסטערטער, סיי פאַר דער אויפפירונג און איבערהויפּט פאַרן שפּילן. אַלע האָבן זיך דאָרט אויסגעצייכנט און מאָריס שוואַרץ איז געווען גרויס אין זיין ראָל.

יעדער איינער האָט אַ רעכט צו זיין מבינות, איבערהויפּט ווען ס׳קומט צו חזנים און טעאַטער. ווער שמועסט נאָך אַז ס׳איז גוט, גייט דאָס בליץ שנעל איבער פון איינעם צום צווייטן. און אַזוי אַרום ווערט אַ פּיעסע אַ גרויסער דערפאָלג, און אַז מ׳גלויבט נאָך דעם קריטיקער מיינענדיק אַז ער האָט געשריבן אַן ערלעכע קריטיק, לויפט מען אין טעאַטער, און מ׳פּילט אָן די קאַסע מיט גאָלד. מיט איין וואָרט, ס׳איז געוואָרן אַ קאָלאָסאַלער דער־פאָלג, ניט נאָר דערפאַר ווייל ס׳איז געפעלן דעם עולם נאָר מ.האָט שטאַרק געגלויבט דעם קריטיקער וואָס ער האָט געשריבן אין זיין צייטונג: „אַז די פּיעסע איז גוט אויפגעפירט, עס ווערט פּראַכטפול געשפּילט, און ווער ס׳וועט

דאָס גיין זען, וועט זיין איינשטימיק מיטן שרייבער פון די שורות, אַז ס׳איז די בעסטע פּיעסע וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט״.

צו יענער צייט איז אין ניו־יאָרק אַרויסגעגאַנגען פינף יידישע צייטונגען, און אַ יעדע צייטונג האָט געהאַט אַ רעדאַקטאָר, און וועלכער רעדאַקטאָר קען ניט זיין אַ יידישער קריטיקער? מענטשן האָבן אפילו צוגעגעבן, אַז ער ווייסט וואָס ער שרייבט, און מיט זיין מבינות דאַרף מען זיך רעכענען, ער ווייסט וואָס ער זאָגט, ער פאַרשטייט טעאַטער, ער וועט זיך ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין צעזינגען, נאָך דעם ווי ער האָט געזען די פאָרשטעלונג אין יידישן קונסט־טעאַטער.

און אַלץ וואָס ס׳האָט געאָטעמט מיט יידיש, איז ניט נאָר געגאַנגען, נאָר מ׳איז פשוט געלאָפן זען די גרויסע אויפפירונג פון „אנאטאָמא״ אין יידישן קונסט־טעאַטער. אין געלויף האָבן זיך אפילו געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט אָנגעהויבן פאַרשטיין וועד ס׳האָט זיי געשליירט, נאָר אַז דער קריטיקער האָט געזאָגט אַז ס׳איז דאָס בעסטע, דאַרף מען דאָס גיין זען, ווען אַפילו מ׳פאַרשטייט ניט וואָס דאָרט קומט פאָר. ווייל מ׳האָט געגלויבט אין דעם קריטיקער, איז ווער וועט וואַגן זאָגן אַז ס׳טויג ניט? האָט מען די פּיעסע געשפּילט אַ גאַנצן סעזאָן און ס׳האָט אַריינגעבראַכט אַ פאַרמעגן. ס׳איז אַ סברה אַז נאָכן דעקן אַלע אויסגאַבן, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ריווח ניט ווייניקער ווי דרייסיק טויזנט דאָלער.

איז דאָך אַ קלאָרער באַווייז אַז די פּיעסע האָבן געזען אַ פּאָר הונדערט טויזנט טעאַטער־גייער. איז ווי אַזוי האָט אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג, פון וועמען מען האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטן, און געגלויבט אין זיין ערלעכקייט, זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג אַז ער פאַרשטייט טעאַטער, געוואָגט צו פאַרפירן אַזוי פיל מענטשן? פריער איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ גרויטער קריטיק, אַז ס׳איז דאָס בעסטע וואָס מ׳האָט ווען געזען אויף דער יידישער בינע, און אַז יעדער איינער מוז דאָס זען. און שפּעטער ווען ס׳האָט זיך אים געלוינט, אַלץ אָפּלייקענען וואָס ער אַליין האָט געשריבן. אַזוי האַנדלט אַן ערלעכער מענטש? דאָס איז דאָך פּשוט געווען אַ פאַסקוויל קעגן די מענטשן וואָס זיינען דאָס געגאַנגען זען, און נאָך מער קעגן מאָריס שוואַרצן, ווייל ער האָט דאָך אים זיכער געגלויבט.

ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, האָט אַ יעדערער אַ רעכט אויף זיין מבינות, און דאָס רעכט האָב איך אויך, ווען איך בין געווען אין טעאַטער

און געזען די פּיעסע, בין איך געווען פולקאָמען איינשטימיק מיט דער ערשטער קריטיק. ס׳איז ווירקלעך געווען אַ פיינע אויפפירונג, און אַ סך בעסער געשפּילט ווי דער קריטיקער האָט זיך דאָס צווייטע מאָל אויסגעדריקט. ס׳האָבן שוין איצט געפעלט די פּאָלינדיקע ווערטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער ערשטער קריטיק: „אַ קאָלאָסאַלער דערפאָלג. דאָס איז אמת טעאַטער. ווי גרויס יידישע אַקטיאָרן קענען זיין אין די ראָלן. איבערהויפּט מאָריס שוואַרץ, און מוני וויזענפריינד, וועלכער שפּילט די ראָל פון דוד־לייזער איבערטרעפלעך". אָנשטאָט דעם האָט ער זיך באַנוצט מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך לייקן אָפּ וואָס איך האָב פריער געשריבן, די פּיעסע ׳אנאטאָמא׳ איז אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס איך האָב פריער געשריבן גוט איז, ווייל איך האָב ניט געוואָלט שטערן די געשעפטן פונעם טעאַטער, אָבער ס׳איז ווייט ניט דאָס וואָס איך האָב פריער געשריבן. דער אמת איז, אַז איך האָב דאָס ניט געמיינט צו שרייבן".

פרעגט זיך אַ פראַגע, וועלכער פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש זייענדיק אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג טוט אַזאַ זאַך? דאָ האָב איך אָנגעוויזן אײן גרויסע שטערונג פון אַ סך, וואָס מ׳האָט מאָריס שוואַרצן געמאַכט ווען ער האָט אָנגעהויבן גיין באַרג אַרויף, און וואָס פאַר אַ שווערער באַרג דאָס איז געווען, מיט אַזויפיל דערנער און נאָך מער קראָפּעווע, וואָס האָט אים אין אַלע זייטן געברענט... און אפילו דאָס האָט ניט געהאָלפן, ווי אַ ריז האָט ער אַלע שטיינער אַוועקגעשאַרט, און וויטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע פּלענער צו פאַרווירקלעכן זיין פאַרטראַכטן חלום.

דער גרעסטער וואונדער וואָס הינטער אַזעלכע הינטערפּיסלדיקע שטערונגען, האָט איין מענטש אויפגעבויט דאָס שענסטע און בעסטע יידיש־טעאַטער אין דער וועלט, בלויז מיט זיין דינאַמישער אַרבעט האָט ער אַלעמען אַריבערגעיאָגט, און אַלץ דערגרייכט.

קען דען זיין צוויי מיינונגען וועגן אים? בלויז איין מאָריס שוואַרץ איז געווען, און פאַרבליבן דער גרעסטער בויער פון דעם בעסערן טעאַטער אין אַמעריקע. קיין בעסערן און גרעסערן האָבן מיר אין דער טעאַטער־פּראָפעסיע ניט פאַרמאָגט. אויף וועמען קען מען דאָס אָנווייזן?

# טענות פון אַלע זייטן

מיט דער צייט, ווייסט מען, קומען די יאָרן, איז אָבער די עלטער צו מאָריס שוואַרצן, געקומען צו פרי. אפשר ווען ער וואָלט ניט אַזוי שווער געאַרבעט און ניט אַוועקגעגעבן זיינע יונגע כוחות, דערצו ווען ס׳וואָלט ניט צוגעפאַלן פאַרשיידענע קראַנקייטן, וואָלט ער זיכער נאָך פאַר אַ לאַנגער צייט געגאַנגען אין דעם זעלביקן שפאַן, און אַלץ וואָס ער האָט באַוויזן מיט יאָרן צוריק. די לעצטע צייט אָבער האָט ער שוין ניט געקענט, אָדער אפשר ניט געטאָרט. דאָך אפילו אונטער די אומשטענדן, האָט ער נאָך אַלץ מער אויפגעטאָן פון די וואָס האָבן אַלע יאָרן געהאַט טענות צו אים.

שוין לאַנג ווי אַלץ האָט זיך געביטן. ס׳איז שוין מער ניט פאַראַן די קאַפע־ראָיאַל, דער גאַרדן איז שוין אַוועקגעפאַלן צוזאַמען מיט אַ סך גרויסע טעאַטערס, און אפילו די פּראָפעסיע איז שוין אַנדערש, נאָר די טענות צו מאָריס שוואַרצן זיינען די זעלבע, זיי האָבן זיך נאָך ניט געביטן, און פאַר דעם האָט מען אַלעמאָל געפונען אַ ווינקל, אין דער יוניאָן, אָדער ביי אַ קאָרטן־טישל, און ווי מ׳וואָלט זיך אָפּגערעדט, בין איך דאָרט אַלעמאָל אויסגעוואַקסן.

אַקטיאָרן האָבן שטענדיק געהאַט צו אים טענות, פאַרוואָס ער אַנגאַ־זשירט זיי ניט, און שרייבער פאַרוואָס ער פירט ניט אויף זייערע פיעסן. און דורך די שפאַלטן אין די צייטונגען האָבן קריטיקער געהאַט אַ טענה צו אים, פאַרוואָס ער שפילט ניט קיין פיעסן וואָס זאָל געפעלן דעם עולם, אין דער אמתן האָבן זיי געמיינט טאַקע זיך אַליין.

אייניקע אַקטיאָרן האָבן שוין אפילו געטענהט און מיט זיכערקייט, ווען מ׳לאָזט זיי צו, וואָלטן זיי געווען בעסער אפילו פון מאָריס שוואַרצן. זיי זיינען אפילו גרייט געווען איינצושטעלן זייער גאַנצן טאַלאַנט.

שרייבער האָבן געטענהט, פאַרוואָס פירט ער ניט אויף זייערע פיעסן. ער, מאָריס שוואַרץ, מאַכט דאָך זיי אומגליקלעך דערמיט וואָס ער וויל ניט איינשטעלן, ער וועט גיכער אויפפירן אַן אַלטע פאַרשימלטע פיעסע פון אַ טויטן שרייבער ווי איבסען, האָופּטמאַן, אפילו פון שעקספּירן און ניט געבן איינעם פון זיי אַ געלעגנהייט צו ווערן אָנערקענט, אַז ער האַלט ניט פון מאָדערנע פיעסן, וואָס פאַר אַ מענטש איז ער?

אַ צווייטער שרייבער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, האָבן אים אַלע אָנגע־קוקט, האָט ער גלייך צוגעגעבן:

— איך האָב מיך אין עפּעס דערמאָנט, ווער פון אייך געדענקט דעם קונדס? — ער איז דאַן געווען גערעכט, ווען ער האָט איינמאָל געשריבן, „אַז ס'איז גאָרניט קיין גרויסער אונטערשייד, פון שוואַרצן דעם 'אָנדער־טייקער', ביז שוואַרצן פון קונסט־טעאַטער, ווייל ביידע פאַרנעמען זיך מיט מתים". אין דער צייט ווען מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט אַנסקיס „דיבוק", אַ וויץ פון „קונדס".

קריטיקער האָבן געטענהט, ווען ער שפּילט, וואָס זיי האָבן מיט יאָרן צוריק אָנגעוויזן, וואָלט צו דער קאַטאַסטראָפע ניט געקומען, אַז דער יידישער קונסט־טעאַטער זאָל זיך פאַרמאַכן.

ווי באַלד אַזוי, איז די שולד געווען פון מאָריס שוואַרץ, איז וואו זיינען די אַלע חכמים איצט?

וויפל פון די וועלכע האָבן געהאַט אַזויפיל טענות צו מאָריס שוואַרצן, האָבן געוואוסט דעם אמת? האָט ווער געוואוסט ווי אַזוי ער האָט געפילט שוין האַבנדיק מער ווי טויזנט סיבות צו זיין געצוואונגען צו שליסן דעם יידישן קונסט־טעאַטער, וועלכער איז אים געווען ליבער פון אַלץ אין דער וועלט. ווער פון זיי האָט זיך אינטערעסירט דערמיט? ניט נאָר האָט מען אים ניט גע־האָלפן, נאָר מ'האָט זיך אַוועקגעדרייט און אַרונטערגעלאָזט אַ נייע כוואַליע פון פאַרשיידענע מיינונגען, פאַרוואָס דער יידישער קונסט־טעאַטער איז פאַרמאַכט געוואָרן, יעדער איינער האָט געהאַט זיין פערזענלעכע מיינונג וועגן דעם.

— איך ווייס, האָט איינער געזאָגט, — ער וויל מאַכן אַ שוואַרץ טעאַטער.

— וועט ער דאַרפן גיין אין האַרלעם. — האָט זיך אַ צווייטער געחכמהט.

— און איך זאָג אַז ס'איז דערפאַר ווייל ער האָט ניט געוואָלט אויפפירן אַ נייע פּיעסע פון אונדזערע שרייבער. — האָט ער אונטערגעשמייכלט.

— ווער אין דער אמתן, ווייל היינט זען פּיעסעס פון טויטע שרייבער? — האָט אַ צווייטער שרייבער זיך גענומען קאָכן.

— ווער? מאָריס שוואַרץ. — האָט דער ערשטער צוגעגעבן.

— ער האָט דאָך שוין ניט מער דעם קונסט־טעאַטער. — האָט דער ערשטער זיך אַריינגעמישט פון די אַקטיאָרן.

— וועל איך געבן מיין פּיעסע אויף דער עוועניו.

— וואָס איז שוין דער חילוק? ער האָט דאָך שוין די לעצטע צייט גע־שפּילט מיט אַ יעדן איינעם, וואָס איז געוואָרן פון זיינע גרויסע ספּעקטאַקלען כּון זיין גרויסן פאַרנעם?

— דו מיינסט ווען ער האָט באַשעפּטיקט עטלעכע און צוואַנציק אַקטיאָרן?

— און וויפל „עקסטראַס״?

אַזוי איז מען געזעסן און געטענהט טאָג און נאַכט ווי אַ סטאַדע רויב־פייגל, וועלכע וואַרטן אַז זייער קרבן זאָל פאַלן. שרייבער פון איין זייט, און אַקטיאָרן פון דער צווייטער זייט, האָבן געהאַלטן אין איין טייטלען אויף אים, אין אַ יעדן ווינקל, וואו זיי האָבן נאָר געפונען פּלאַץ.

זיי האָבן זיך מיטן אמת ניט גערעכנט אָדער גאָרניט פאַרשטאַנען. דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט זיך ניט פאַרמאַכט ווייל מאָריס שוואַרץ האָט געוואָלט, נאָר דורך דעם וואָס איז שוין אוממעגלעך געווען אים אויסצוהאַלטן. דאָס מיינט, אַז ס׳איז געווען די שולד פון אַלעמען, מ׳האָט ניט גענוג געהאָלפן דעם טעאַטער, די שולד מוז אַרויפגעלייגט ווערן אויף די שלעכטע אומשטענדן.

די פאַרשיידענע מיינונגען וואָס טעאַטער־מענטשן האָבן אַרויסגעזאָגט, זיינען מער ניט געווען ווי פערזענלעכע מיינונגען, וואָס אין דער אמתן האָבן זיי גאָרניט געמיינט, ווייל אַ יעדער פון זיי האָט צוערשט זיך אין זינען געהאַט, און קיין גוטס האָט דאָס ניט געבראַכט פאַרביידן, דאָס טעאַטער איז אונטער־געבראָכן געוואָרן, און מאָריס שוואַרצעס נאָמען איז אַ ביסל פאַרפלעקט גע־וואָרן. פאַרוואָס? ער האָט געגלויבט אַז ער האָט זיכער פאַרדינט מער כבוד ווי ער האָט געקראָגן, איבערהויפּט פון די חברים, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר אידעאַליסטן אויף יענעמס חשבון.

טענות האָבן אַקטיאָרן אַלעמאָל געהאַט. זיך ניט געוואָלט, אָדער ניט פאַרשטאַנען די גרויסע אויסגאַבן וואָס ס׳האָט געקאָסט אַרויסצופירן אַ טרופּע אויף דער פּראָווינץ, בפרט נאָך ווי אַזוי מאָריס שוואַרץ האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, ביי אים האָט אַלץ באַדאַרפט זיין ווי אַזוי ער האָט די זעלבע פּיעסע געשפּילט אין ניו־יאָרק.

מיט די שרייבער איז געווען דאָס זעלבע. זיי האָבן אויך ניט געוואָלט פאַרשטיין וואָס עס מיינט ברענגען אַ נייע פּיעסע אויף דער פּראָווינץ וואָס קיינער ווייסט ניט און קען ניט.

פון לאַנגע דערפאַרונגען ווייסט מען אַז אויף דער פּראָווינץ דאַרף מען

קומען מיט אַ פּיעסע וועלכע איז מיט דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אַ לאַנגע צייט אין ניו־יאָרק.

פּונקט ווי מ׳פאַרשפּרייט גרויסע רעקלאַמען אפילו פאַר אַ פּראָדוקט, וואָס מ׳קען זיך אָן דעם ניט באַגיין, מ׳מוז דאָס האָבן, דאָך ווערט אויסגעגעבן הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן דאָס צו פאַרשפּרייטן, דורך אַלע צייטונגען, ראַדיאָ און טעלעוויזיע, אַזוי פאַרשפּרייט דאַרף זיין אַ פּיעסע ווען מ׳קומט היינט צו טאָג אויף דער פּראָווינץ שפּילן יידיש טעאַטער, דער דערפאָלג פון דער פּיעסע מוז מען פילן אין דער לופט, נאָך איידער מ׳קומט דאָרט שפּילן, און אויב ס׳איז ניט אַזוי, איז דאָס אַ גרויס איינשטעלעניש. און ס׳האָט אפילו געטראָפן אַז מיטן גרויסן דערפאָלג וואָס מ׳ברענגט פון ניו־יאָרק, זאָל מען קוים אַרויס מיט גאַנצע ביינער.

איז דאָס זיכער ניט געווען מאָריס שוואַרצעס שולד, וואָס געוויסע אַק־טיאָרן איז אויסגעקומען צו בלייבן אין דער היים. אַ סך פון די זיינען אפילו ניט געווען קיין געשפּילטע אין דער פּיעסע מיט וועלכער ער איז אַרויסגע־פאָרן, אָבער טענות האָבן זיי געהאַט.

אַ סך מאָל איז מאָריס שוואַרצן ניט געווען וואָס מקנא צו זיין, איבער־הויפּט דאַן ווען ער האָט ניט געהאַט די צאָל אַקטיאָרן וואָס ער האָט פאַר געוויסע פּיעסן באַדאַרפט, אַ סך מאָל איז אפילו געווען שווער צו קריגן סטאַ־טיסטן אויף דער פּראָווינץ, כדי זיי זאָלן קענען פאַרנעמען די פּלעצער פון אַקטיאָרן פאַר בלויז אויסצופילן די בינע.

ניט איינמאָל האָבן זיך צוליב די ביטערע אומשטענדן געשאַפן אָריגי־נעלע וויצן ביי מאָריס שוואַרצן, ווייל ער האָט שוין די אַלע שטערונגען געמוזט נעמען געלאַסן, מער מיט שפּאַס, און ניט איינמאָל איז דורך דעם אַרויסגעקומען גאַנצע אַנעקדאָטן.

איינמאָל, שפּילנדיק אין קאַנאַדע, האָבן די סטאַטיסטן ביי אַ פאָרשטע־לונג, איידער דער פאָרהאַנג האָט שוין באַדאַרפט אַרויפגיין, געמאַכט אַ שטרייק ניט וועלנדיק אַרויפגיין אויף דער בינע, ביז ער וועט זיי געבן מער געלט. האָט זיך מאָריס שוואַרץ אָוועקגעשטעלט מיט זיי דינגען. זיי האָבן פאַרלאַנגט אַזוי פיל, און ער האָט זיי פאָרגעשלאָגן ווייניקער. האָט זיך אָנ־געהויבן אַ דינגעניש, און ווען ס׳האָט שוין געהאַלטן ווי אַזוי ער האָט גע־וואָלט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— זייט איר דאָך „אָקשאָנירס״, ניט קיין אַקטיאָרן.

# דער פאַרזוך — אַ דורכפאַל

דורך דער צייט וואָס מ׳איז געזעסן אין אַקטיאָרן־קלוב, אָדער אין קעלער פון דער יוניאָן און גערעדט אויף מאָריס שוואַרצן, איז ער אָנגעגאַנגען מיט זיין ווייטערדיקער אַרבעט. ער האָט אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע פלענער ווי אַזוי צו באַרייזן די וועלט, און פאַרשפרייטן זיין גאָלדענעם רעפּערטואַר, אויף וועלכן ער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט. נאָר ער, מאָריס שוואַרץ, האָט אים געקענט אַזוי קינסטלעריש אויפפירן און נאָך בעסער שפּילן.

פאַרשטייט זיך, אַז די באַגייסטערונג וואו ער האָט געשפּילט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. די פּרעסע האָט אים געלויבט ביזן הימל אַריין. מ׳האָט אים פּשוט ווי מ׳זאָגט, אויף די הענט געטראָגן. דאָך וואו ער איז ניט געווען, איז ער אַלעמאָל צוריקגעקומען, אָפּטמאָל אַן אויסגעמאַטערטער, און גענומען פּרובירן פונדאַסניי, אפשר וועט אים דאָס מאָל געלונגען צו באַפעסטיקן אַ טעאַטער אין ניו־יאָרק.

יאָ, אַזאַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרן, ס׳האָט אָבער ניט געאַרבעט. און וועמענס שולד איז דאָס געווען, האָט מען קיינמאָל ניט אויסגעפונען. ער איז אפילו געווען „געספּאָנסערט״ פון די גרעסטע און פּראָמינענטסטע אינסטיטוציעס, און אויך פון די גרויסע פּערזענלעכקייטן, מיט וועמען די טעאַטער־וועלט האָט זיך שטאַרק גערעכנט. זיי האָבן אויך פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער געשעפטלעכער וועלט, צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען טעאַטער־מענטשן, גרויסע ליטעראַטן־שרייבער און גלאַט קולטור־מענטשן אויף וועמען מ׳האָט געקענט שטעלן אַ בעסערן טעאַטער. דאָך האָט איינער געוואָרפן די שולד אויפן צווייטן, און ווער דער אמת־שולדיקער איז געווען, האָט מען קיינמאָל ניט געקענט דערגיין. ס׳האָט זיך אַפילו אַרומגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז די שולד איז געווען די שלעכטע קריטיק וואָס די פּיעסע האָט געקראָגן, אָבער ס׳איז שווער צו גלויבן, אַז צוליב ניט קיין גוטער קריטיק, זאָל זיך אַ יידישער טעאַטער פאַרמאַכן.

צוליב דעם זיינען אַרומגעגאַנגען אַזעלכע פאַרשיידענע טענות, אַז מ׳האָט שוין ניט געוואוסט וועמען צו גלויבן. ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אַז די שולד איז געווען דעם קאָמיטעטס, ווייל זיי האָבן ניט

געוואוסט ווי אַזוי צו פירן. אַנדערע האָבן ווידער געטענהט: „ווען מאָריס שוואַרץ וואָלט ניט געוואָלט קעניגן און געשטעלט אַ בעסערע פּיעסע, וואָלט ניט אַזוי גיך צעפאַלן געוואָרן דאָס וואָס מ׳האָט אַ גאַנצן זומער געבויט״. אַנדערע ווידער האָבן געהאַט אַ טענה אַז ווען מ׳קלייבט אַ פּיעסע, דאַרף מען צוערשט אין זינען האָבן דעם עולם און ניט וואָס ס׳געפעלט איינעם אין דעם קאָמיטעט, מעג ער אינוועסטירן אפילו דאָס גאַנצע געלט, אָדער דעם סטאַר ווען ער זעט פאַר זיך בלויז אַ גוטע ראָל. מיין איך, אַז פון דער קראַנקייט איז אפילו געווען שווער אויסהיילן אַזאַ גרויסן קינסטלער ווי מאָריס שוואַרץ.

ווען ס׳וואָלט זיך געפונען אַזעלכער, וואָס וואָלט געוואוסט ווי אַזוי אַלעמען צוצוטרעפן אַז ס׳זאָל אַלעמען געפעלן, וואָלטן מיר נאָך אפשר היינט, מיט אַלע וואָס זיינען פון אונדז אַוועק, געהאַט אַ פּאָר טעאַטערס. אָבער פון דעם פאַקט קען מען ניט אַוועקגיין, ווער ס׳איז דאָרט געווען אין דעם קאָמיטעט, האָט זיכער ניט געוואוסט אַזוי פיל וועגן טעאַטער ווי מאָריס שוואַרץ. און ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּיעסע, האָט ער זיכער געוואוסט וועלכע ס׳איז גוט פאַרן טעאַטער און איבערהויפּט פאַרן עולם.

מיט איין זאַך קען מען זיכער זיין, ווען מאָריס שוואַרץ וואָלט געוואָלט שפּילן גלאַט טעאַטער, ווי אַנדערע גרויסע סטאַרס האָבן געטאָן, וואָלט ער זיכער געווען דער גרעסטער דערפאָלגרייכסטער אַקטיאָר אין פאַך. ווייל ווי אַזוי ער האָט פאַרשטאַנען דעם טעאַטער און דעם עולם, און ווי אַזוי דאָס זיי צו דערלאַנגען, איז קיין צווייטער צו אים ניט געווען. דעם פאַקט איז לייכט אַרויסצונעמען פון זיינע בעסערע אויפפירונגען, ווי אַזוי ער האָט דאָס דערלאַנגט, ווי אויף אַ גאָלדענער טאַץ. איז וואָס איז געווען דער וואונדער, אַז ביי אַ יעדער פאָרשטעלונג איז דאָס טעאַטער געווען איבערגעפּאַקט. און אפילו אַזוי אַרום האָט זיך דאָס ניט באַצאָלט, און דאָך האָט דאָס אָנגעהאַלטן מער ווי צוויי צענדליק יאָר.

האָט ער זיך אַזוי לאַנג געראַנגלט, ביז ס׳האָט אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ. און ביי אַזאַ געלעגנהייט האָב איך בעסער דערקענט דעם קינסטלער מאָריס שוואַרץ. און אָט ווי אַזוי איך האָב דאָס אויסגעפונען. ס׳איז געווען אין חודש פעברואַר, פון יאָר 1954. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען ביי מיר אין צימער, האָב איך אויפגעהויבן די טרובקע און זייער שטיל געזאָגט:

— העלאָ.

— מר. דענק ? — האָט די שטימע געפרעגט פון דער אַנדערער זייט.
— יאָ. — האָב איך גלייך דערקענט ווער דאָס איז.
— דאָס רעדט צו אייך מאָריס שוואַרץ.
— וואָס קען איך טאָר פאַר אייך, מר. שוואַרץ ?
— איך וויל צוערשט וויסן, אויב איר זייט פריי ?
— ווען ?
— קומענדיקע וואָך.
— דערווייל ווייס איך בין איך פריי.
— גוט,האָב איך פאַר אייך אַ ראָל.
— וואו וועט איר שפילן, מר. שוואַרץ ?
— אין מאָנטרעאָל.
— ווי לאַנג ?
— אַ וואָך.
— איז ווען ווילט איר מיך זען ?
— מאָרגן פרי.
— וואָס מיינט פרי ?
— צען אַזייגער.
— וואו ?
— אין דער יוניאָן.
— אַזוי פרי, מר. שוואַרץ, איז די יוניאָן פאַרמאַכט.
— מאָרגן וועט זיין אָפן.
— וואָס מיינט איר ?
— ווייל מיר וועלן עלף אַזייגער מאַכן פראָבע.
— וועל איך דאָרט זיין צען.
— גוט . . .
— אַ דאַנק פאַר רופן.

אויפהענגענדיק די טרובקע האָב איך גענומען טראַכטן וואָס פאַר אַ ראָל קען דאָס זיין, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט מיר געקלונגען ? און אַז מ׳דאַרף שוין קומענדיקע וואָך שפּילן, פאַרוואָס האָט ער מיך אַזוי שפּעט גערופן ? עפּעס איז דאָס ניט גלאַטיק, אָבער איך מוז וואַרטן ביז מאָרגן, וועל איך וויסן וואָס ער וויל.

⁂

אַ גרויסע, וואָלענע, גרויע הענטשקע, „גלאָוו״, האָב איך געטראָפֿן אויף דער ערד, אַריינקומענדיק אין דעם קליינעם קאָרידאָר פֿון דער יוניאָן געביידע, האָט דאָס עדות געזאָגט, אַז דאָ איז שוין ווער געווען, און אַז איך בין שפּעט, האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויף מיין האַנט־זייגער, האָט ער מיר געוויזן, אַז ס׳איז ערשט פינף מינוט צו צען. האָב איך גענומען באַטראַכטן די הענטשקע, אַזוי ווי זי איז נאָך ניט געווען פֿאַרשמירט, בין איך שוין זיכער געווען, אַז איך האָב פֿאַרשפּעטיקט, האָב איך די גרויסע הענטשקע אַוועק־געלייגט אויף דער מעשענער קליאַמקע פֿון דער טיר, און געטראַכט: „ווער האָט דאָ געקענט זיין אַזוי פֿרי?״

צען אַזייגער איז מאָריס שוואַרץ אַריינגעקומען. מיר האָבן זיך באַגריסט מיט אַ „גוט־מאָרגן״. האָב איך באַמערקט ווי ער זוכט עפּעס מיט די אויגן, און ווען ער האָט צו מיר געזאָגט: „איך בין שוין דאָ געווען״. האָב איך אים אָנגעוויזן, פֿרעגנדיק: „האָט איר דאָס אפֿשר פֿאַרלוירן?״ ער האָט גענומען שמייכלען: „יאָ, ס׳איז מיינס, קומט, ס׳איז שוין אָפֿן״.

מיר זיינען אַרויף אין קלוב. ביים פֿענצטער לינקס האָב איך מיך אָנגעשפּאַרט אין דעם גרויסן לעדערנעם שטול. מאָריס שוואַרץ איז גע־שטאַנען אַנטקעגן מיר און זיך געפּאַרעט מיט זיין פּאָרטפֿעל, פֿון וועלכן ער האָט אַ ביסל שפּעטער אַרויסגעצויגן די ראָל וואָס ער האָט מיר דער־לאַנגט. און ער האָט צו מיר געזאָגט:

— איר מעגט דאָס וויסן דענק, די ראָל וואָס איך גיב אייך, האָט שוין איינער געמאַכט פּראָבע. „איך האָב ניט געוואָגט צו נעמען די ראָל״ — האָט ער צוגעגעבן. — ס׳איז אָבער ביי אים גאָרניט אַרויסגעקומען. איר ווייסט דאָך, פֿון דער אַלטער שול. ווען ער רעדט טאַנצט ער אונטער. פֿרעג איך אייך, ווער שפּילט היינט אַזוי טעאַטער? פֿאַר דער ראָל פּאַסט ער זיכער ניט.

— אַזוי קאָמפּליצירט איז די ראָל?

— פֿאַרשטייט מיך, ס׳איז ניט גלאַט אַ ראָל...

— מר. שוואַרץ, אפֿשר איז די ראָל אויך ניט פֿאַר מיר?

— וואָס רעדט איר, אַזוי ווי איר זייט, איר דאַרפֿט ניט... אַ ביסל מאַכט ניט אויס... דאָס איז עס... איר זעט אויס ווי דער אַמעריקאַנער סענאַטאָר.

— אַ סענאַטאָר?

— יאָ, און דער עולם וועט אייך גלויבן אַז איר זייט דאָס. אָבער אין דער אמתן זייט איר אַ אָנפירער פון אַ „גענג". צו מיר קומט איר אַלס סענאַטאָר פון וואַשינגטאָן. איר פאַרשטייט?

— צוליב וואָס קום איך צו אייך?

— אייגנטלעך קומט איר צו מיין זון, אָבער ס'איז ביי מיר אין הויז.

— דאַרף איך פאָרשטעלן איינעם פון דעם בעסערן קלאַס גענגסטערס.

— איך האָב געוואוסט אַז איר וועט מיך פאַרשטיין.

איך האָב גענומען די ראָל, איר באַטראַכט און פאַר קיין פאַל ניט גע־גלויבט, אַז ס'איז דער זעלבער מאָריס שוואַרץ, זיכער ניט דער ווען איך האָב מיט אים געשפּילט אין „דעם שמידס טעכטער". איז דאָס דער דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער? קיינמאָל וואָלט איך מיר דאָס אפילו ניט פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט צו מיר רעדן פון מאָדערנע גענגסטערס אַלס אַ פּיעסע אין זיין טעאַטער וואו ער זאָל ניט שפּילן, ווי קומט ער צו דעם? וואָס פאַר אַ ווערק קען דאָס זיין? אינטערעסאַנט צו וויסן ווער דער מחבר פון דעם ווערק איז. — ווער, האָט איר געזאָגט, איז דער טאַטע דערפון?

שטעלנדיק אים די פראַגע האָב איך מיך דערמאָנט אין דעם אַמאָל וואָס דאָס וואָלט געמיינט. איך בין געווען זיכער אַז ער וואָלט אויף דער פראַגע מיר שאַרף געענטפערט, כאָטש איך האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט דערמיט. ס'האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט. ער האָט בלויז אויפגעמאַכט זיינע צוויי גרויסע שוין אַ ביסל פאַרלאָפענע אויגן, מיך באַטראַכט קענטיק, אַז ער האָט מאָמענטאַל געביטן זיין מיינונג, און פריינדלעך צו מיר געזאָגט:

— אַ לאָיער אין לאָס־אַנדזשעלעס, איינער אַ קאָמיל האָניג.

— אויב אַ קרימינעלער לאָיער מוז עס זיין אַ גוטע פּיעסע.

— ווייל אַ לאָיער האָט זי געשריבן?

— ווייל איר וועט קיין שלעכטע פּיעסן ניט שפּילן.

— אין לאָס־אַנדזשעלעס איז די פּיעסע געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

דורך דער צייט האָט ער זיך געפּאָרעט אין אַ ווייס־פּאַפּירענעם זעקל, פון וועלכן ער האָט אַרויסגעצויגן אַ פּאָר גרויסע בילדער און מיר געוויזן די אויסשטאַטונג פון דער פּיעסע, צוגעבנדיק:

— דאָס זיינען די בילדער פון דער פּיעסע. — מיר האָבן זיי ביידע

באַטראַכט. — אייך וועט פּאַסן די ראָל, איר זעט דאָס אויס. וואָס איר דאַרפֿט איז נאָר קענען די פּראָזע, ווייל קיין סופלעאָר וועט ניט זיין.

— אפילו ניט צו פּראָבע?

— צו פּראָבע קומט ער עלף אַזייגער, אָבער איך נעם אים ניט מיט, און איר האָט דאָך נאָך צייט אַדורכצוקוקן די ראָל און זיך באַקענען מיט איר. איך האָב נאָך עפּעס צו באַזאָרגן איידער מ׳קומט זיך צוזאַמען.

געבליבן אַליין האָב איך געקוקט אויפֿן זייגער וויפֿל צייט איך האָב נאָך, קיין סך צייט איז שוין ניט געבליבן. האָב איך אין אַ ווינקל בלויז געבלעטער די ראָל, און ניט אויפֿגעהערט צו טראַכטן ווי אַנדערש די צייט האָט געמאַכט דעם מענטשן. ס׳איז דאָך גאָרניט דער זעלבער מאָריס שוואַרץ, געוויס ניט דער זעלבער וועלכן איך האָב געקענט פֿון דער צייט ווען ער האָט געפּילמט דאָס בילד „געבראָכענע הערצער". ווי אַנדערש ער רעדט איצט. „דאָ האָט איר די ראָל, דענק. איך האָב דערפֿילט אַ פֿריינד־לעכע וואַרעמקייט אין זיין רעדן צו מיר. ס׳האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז מ׳האָט מיר אונטערגעוואָרפֿן אַ נייעם מאָריס שוואַרץ. וואָס האָליוואוד קען מאַכן פֿון אַ מענטשן.

Maurice Schwartz מאָריס שוואַרץ

March 25 th 1958

[illegible]

דעם בריוו האָט ער געשריבן צו לואי מאַרקאָוויטש.

עלף אַזייגער, בין איך געווען צו פּראָבע, און געוואַרט פאַר אַ פאַרלעזונג ווען אַלע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, האָט מען גענומען מאַכן פּראָבע. וואָס איז דאָס? האָב איך געטראַכט. פון ווען אָן מאַכט מען פּראָבע ביי שוואַרצן אָן אַ פאַרלעזונג? ווייזט אויס אַז איך דאַרף ניט וויסן, ווענגן וואָס ס'האַנדלט זיך דאָרט, וואָס ס'קומט פאַר אין דער פּיעסע, וואָס פאַר אַ שייכות איך האָב דאָרט, מיט ווענען ס'קומט מיר דאָרט אויס צו האַנדלען, ווער איך בין? זיין קורצע דערקלערונג האָט מיך ניט צופרידנגעשטעלט, איך האָב געוואָלט קענען די גאַנצע פּיעסע, ווייל ווען איך האָב געבלעטערט די ראָל, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עפּעס איז דאָרט מיר ניט קלאָר, ס'האָט געשמעקט מיט צופיל מעלאָדראַמע, עפּעס קלעפּט זיך דאָ ניט מיטן נאָמען מאָריס שוואַרץ. אָבער פאַרפאַלן, איך האָב איינמאָל געזאָגט יאָ, וועל איך דאָך איצט ניט זאָגן ניין, און טראַכטנדיק ווי אַזוי איך זאָל דאָ האַנדלען, האָב איך מיך גע־כאַפּט, ער האָט דאָך מיט מיר ניט אָפּגעמאַכט פאַר וויפל? אפשר וועל איך גאָרניט ווען פאָרן, פאַרן פּרייז וואָס ער וויל מיר געבן, בין איך דאָך אָבער שוין דאָ, וועל איך מיך פאַרלאָזן אויף זיין יושר, אַדורכפאָרן זיך, און עפּעס לערנען פון דעם נייעם מאָריס שוואַרץ.

## אַ טובה, פאַר וואָס ניט?

צו דער ראָל האָב איך ניט געהאַט קיין מזל. איך בין גלייך געווען אונטערשטעליק מיט אַריבער אַ וואָך מאַכן פּראָבע. אַלע זיינען שוין באַלד כמעט געווען פאַרטיק, ווען איך האָב ערשט אָנגעהויבן, האָט זיך דאָ מיין אַרבעט אויף דער ראָל פאַרטאָפּלט. די צייט איז געווען קורץ און איך האָב אַלעמען געמוזט אָניאָגן, סיי מיט דער פּראָזע, און נאָך מער מיט די שטע־לונגען. דאָס איז ביי מיר ניט געווען אַזוי גרינג. האָב איך באַלד דערפילט אַז איך בין ניט אין פּלאַץ, איבערהויפּט אין די ערשטע עטלעכע פּראָבן.

מאָריס שוואַרץ האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אָן אויג אויף מיר. און ווען ס'איז עפּעס אַרויסגעקומען ניט אַזוי גוט, האָט ער דאָס פאַרענטפערט מיט אַ פריינדלעך וואָרט. ער וויל מיך דערמוטיקן, האָב איך געטראַכט.

ס'האָט מיך גענומען פאַרדריסן פאַרוואָס איך קען פון דער ראָל ניט מאַכן קיין מענטשן, ווייל ס'איז אַ פאַרזעעניש וואָס ער האָט מיר געגעבן

צו שפּילן. מיין אָנשטרענגען זיך האָט קיין סך ניט געהאָלפן. איך האָב פּרו־בירט אַלץ וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען צו זיין גוט אין דער ראָל. אָבער איך האָב די ראָל ניט געפּילט, און ס׳איז גאָרניט אַרויסגעקומען.

איך האָב מיך אפילו אַ פּאָר מאָל געוואַקלט צי זאָל איך פאָרן. אַ יעדעס מאָל וואָס איך האָב אַריינגעקוקט אין דער ראָל, האָב איך ׳געוואוסט אַז מיין אָנשטרענגונג און די פּאָר שלאָפלאָזע נעכט וואָס איך האָב פאַרלוירן איז אומזיסט. דאָך האָב איך געוואָלט, אויב ניט בעסער, אַמווייניקסטנס זיין אַזוי גוט ווי אַלע. האָב איך די ראָל אויסגעלערנט און פּאַרטיק געוואָרן גלייך מיט אַלעמען, מיט אַזויפיל ווייניקער צייט פאַר פּראָבן.

איינמאָל, דאָס איז געווען נאָך פּראָבע, נעמט מיך שוואַרץ אַוועק אין אַ זייט, און זייער שטיל זאָגט ער צו מיר:

— איך וויל אייך בעטן אַ טובה, דענק.

— אויב ס׳איז נאָר מעגלעך, פאַרוואָס ניט?

— איר זייט דער איינציקער וואָס קען דאָס מאַכן.

—עס וווענדעט זיך וואָס?

— איר זאָלט מיר אַרויסהעלפן.

— געוויס, איך בין זיכער אַז אַלע וועלן אייך העלפן.

— איר האָט מער צייט פון אַלעמען, אַ חוץ דעם פאַרשטיי איך אַז איר זייט באַהאַוונט אין דעם. ניט אויף אַלע קען מען זיך פאַרלאָזן. איר פאַר־שטייט וואָס ס׳מיינט די הילף הינטער דער בינע, אַז אַלץ מוז זיין אין צייט, איבערהויפּט די טעלעפאָנען וואָס דאַרפן קומען אין צייט פון רעפּליק.

— וועל איך אייך זיכער העלפן.

— יאָ, נאָך עפּעס, ווייל איך געדענק...

— נ אָ ך ?

— מ׳דאַרף קויפן אַ פּאָר זאַכן, ווייל אין מאָנטרעאָל קען מען דאָס אַמאָל ניט קריגן. כ׳מיין אַז ס׳וועט זיין בעסער ווען מ׳וועט דאָס מיטנעמען, וועט מען פאַרשפּאָרן דאָרט אַרומגיין און זוכן.

— דאַרפט איר אַלץ אויפשרייבן.

— געוויס, נאָר אַזוי ווי מאָרגן וועט ניט זיין קיין פּראָבע...

— וועל איך דאָס פאַרזאָרגן.

— ס׳איז נאָך דאָ צייט.

אַז ס׳וועט דעם אַנדערן טאָג ניט זיין קיין פּראָבע, איז פאַר מיר ׳געווען

אַן איבערראַשונג. איך געדענק נאָך זייער גוט ווען אַקטיאָרן האָבן זיך שטאַרק באַקלאָגט אויף מאָריס שוואַרצן, אַז ער פּאַרמוטשעט זיי מיט זיינע פּראָבן. און דאָ איז אַזוי ווייניק צייט, נעמט ער ביי מיר צו נאָך אַ טאָג. איז ווען זאָל איך דאָ גלויבן? כ׳וויס אַז קומענדיקן מאָנטיק דאַרף מען שוין שפּילן, און ער גיט דאָ אַ גאַנצן טאָג פּריי. פאַרוואָס? דעם טאָג ווען מיר זיינען געקומען צו פּראָבע, איז מאָריס שוואַרץ ניט געקומען אין צייט, האָב איך געפרעגט ביי אַקטיאָרן:

— ווי קומט עס וואָס דער דירעקטאָר איז נאָך נישטאָ?

— ווייסט ניט? — האָט מיך סעם גערטלער געפרעגט.

— וואָס איז דאָ צו וויסן?

— ער איז דאָך היינט אין דער פּרי געפלויגן קיין מאָנטרעאָל.

— נאָך וואָס?

— ער האָט ליב אַלץ צו פאַרזאָרגן אַליין.

— איז וואָס האָט ער געוואָלט פון מיר?

— ער וועט באַלד אַריינקומען וועסטו שוין וויסן.

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער האָט גאָרניט אויפגעשריבן, און ווי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, האָט מאָריס שוואַרץ זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזט, ניט אפילו מיט דער קלענסטער זאַך, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט אויף דער בינע. ער האָט אַלעמאָל געפונען צייט אַלץ צו פאַרזאָרגן.

ער איז אַ וואונדער, האָב איך געטראַכט, נאָך דעם ערשטן אַקט ווען ער איז צוגעקומען צו מיר און שמייכלענדיק געזאָגט:

— אַלץ איז שוין פאַרזאָרגט.

— זייער פיין, מר. שוואַרץ.

— איר וועט מיר בלויז אַרויסהעלפן הינטער דער בינע.

— געוויס, מיט וואָס איך וועל נאָר קענען.

אַ יעדער אַקטיאָר וואָס קען זיין ראָל וועלכע ער דאַרף שפּילן, פילט זיך פריי. וואָס ס׳וועט אַרויסקומען ביים שפּילן, דאָס ווייסט קיינער ניט. קענענדיק מיין ראָל, האָב איך געהאַט צייט גענוג אַלץ צו באַמערקן. און מאָריס שוואַרץ דער מענטש, האָט זייער גוט פאַרשטאַנען מאָריס שוואַרצן, דעם אַקטיאָר, און מער פון אַלץ געוואוסט, און אפשר אויך געפילט אַז אין די יאָרן פון 67, מוז מען שוין אונטער אַלע אומשטענדן האָבן אין ווען מען זיך אָנצושפּאַרן. ווער קען וויסן וואָס הינטער דער בינע קען אַמאָל פאַר־

קומען ? דערפֿאַר אפשר האָט ער מיך אויסגעקליבן אים אַרויסצוהעלפֿן. דאָס מיינט ניט אַז צוליב דעם איז ער אין מיינע אויגן געוואָרן אַזוי גרויס, מיין באַשלוס איז לאַנג געווען, אַז צו אים אין יידישן טעאַטער איז קיין קלייכן ניט געווען. מיט דעם איצטיקן זיין מיט אים, האָב איך אים באַטראַכט פֿאַר אַ וואונדער, אין די יאָרן און נאָך קענען אַזוי פֿיל באַווייזן. נעכטן געמאַכט פּראָבע ביז שפּעט אין דער נאַכט, היינט אין דער פֿרי אָפּגעפֿלויגן קיין מאָנטרעאָל, דאָרט געאַרבעט צו באַזאָרגן אַלץ אַז עס זאָל גאָרנט פֿעלן אויף דער בינע. און אָט איז ער שוין ווידער ביי דער פּראָבע, און זעט אויס אַזוי פֿירש און מונטער, ווי ער וואָלט אַ גאַנצן טאָג געזעסן אויף אַ דאַטשע. ווי אַזוי מאַכט ער דאָס ? האָבן זיך אַלע געוואונדערט. און ס'איז צו גלויבן אַז ער האָט אַלעמען אָנגעשטעקט, ווייל אַלע האָבן זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיט אַזאַ פֿייערדיקן טעמפּעראַמענט, ווי מיר וואָלטן זיך פֿאַר־נעמען צו שפּילן די פּיעסע אַ גאַנצן סעזאָן, ניט בלויז איין וואָך.

די פּראָבע וועל איך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן, ניט דערפֿאַר ווייל זי איז געווען אַ סך בעסער ווי די ביז איצט. כמעט ביי אַ יעדן זיינען די ווערטער און דאָס שפּילן אַרויסגעקומען אַזוי נאַטירלעך, ווי דאָס לעבן אַליין.

מאָריס שוואַרץ איז געווען אַזוי צופֿרידן, אַז ער האָט שמייכלענדיק זיך אָוועקגעזעצט, ניט האָבנדיק וואָס צו פֿאַרריכטן, און דערפֿאַר זיינען מיר פֿאַרטיק געוואָרן פֿרי.

ס'איז פֿאַרשטענדלעך אַז אַלע האָבן געוואָלט צוערשט געפֿעלן מאָריס שוואַרצן, איבערהויפּט די וועלכע האָבן מיט אים צום ערשטן מאָל געשפּילט. און די פּרויען האָבן דאָס ניט באַהאַלטן, זיי האָבן צו דער פּראָבע געבראַכט זייערע קליידער און אים געוויזן וואָס זיי וועלן טראָגן אויף דער בינע. איינע וועלכע האָט זיך שטאַרק געהנדלט, האָט זיך אפֿילו געלאָזט פֿאַרבן די האָר, ווי ער האָט געוואָלט זי זאָל אויסזען, ווייל ער האָט איר אַ פּאָר מאָל געזאָגט אַז זי דאַרף זיך פֿאַרשאַפֿן אַ פּאַרוק. דאָס האָב איך אויך באַמערקט אפֿילו זייענדיק פֿאַרנומען מיט זיך אַליין. ווען מיר זיינען דעם אָוונט פֿאַר־טיק געוואָרן, זיינען מיר זאַלבעדריט אַרויס אין דרויסן. מאָריס שוואַרץ, די געפֿאַרבטע און איך, און גענומען אַ שפּאַציר אויף דער צווייטער עוועניו.

צוקומענדיק צו „שאַכטס אַפּעטייזינג געשעפֿט", האָבן מיר זיך אָפּגע־שטעלט, און זיי האָבן אַלץ באַוואונדערט וואָס ס'איז דאָרט געווען אין פֿענצטער. מאָריס שוואַרץ האָט אויף אַ יעדער זאַך, וואָס האָט זיך דאָרט

געפונען, געמאַכט אַ באַמערקונג. מ׳האָט דערפון געקענט אַ שמייכל טאָן. די געפאַרבטע אָבער, ניט קוקענדיק וואָס ס׳איז אין דרויסן, האָט די גאַנצע צייט אים געקוקט אין די אויגן, און חניפהדיק אונטערגעשמייכלט, אפילו דאַן ווען מ׳האָט ניט באַדאַרפט. אינסטינקטיוו האָב איך דערפילט אַז איך בין דאָ אַן איבעריקער. און קוקענדיק אין פענצטער האָב איך וועגן דעם געטראַכט, ביז מאָריס שוואַרץ האָט מיך געפרעגט:

— דענק, וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרטראַכט?

— אויף די געפילטע פיש.

— זיי זעען טאַקע אויס גוט.

— דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט קיין ביינער.

— וואָס מיינט איר?

— ס׳איז דאָ פאַראַן געגנוג, מ׳זאָל אפילו ביי דער קלענסטער פּראָבע, אויפעסן ביים דירעקטאָר, אַ גרויסע פּאָרציע.

פאַר אַ ווײַלע איז געוועזן שטיל. זיי האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט, האָב איך פאַרשטאַנען אַז צוויי איז „קאָמפּאַני״. דריי איז שוין אַן עולם. האָב איך נאָך געפרעגט:

— איר האָט זיכער אַלץ פאַרזאָרגט?

— אַזוי גלויב איך...

— און ס׳וועט גאָרניט פעלן?

— איך גלויב אַז ניט.

— זעען מיר זיך מאָרגן, אַ גוטע נאַכט.

זי האָט מיר נאָכגעקוקט ביז איך האָב זיך אַרײַנגעדרייט אין דער אַקטער גאַס, טראַכטנדיק ניט נאָר די האָר, „שי פיינטס די האָל טאַון רעד״.

## מאָנטרעאָל ניין אין דער פרי

די באַן אין וועלכער די מאָריס שוואַרץ טרופּע האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט, האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אין דעם ווינדזאָר וואָגזאַל. זײַנען מיר אַלע אַרויס פון דער באַן מיט די טשעמאָדאַנען אין די הענט און אַרײַנגעמאַרשירט אין וואָגזאַל, וואו דער אויפנאַם־קאָמיטעט וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי, האָבן געוואַרט אויף אונדז. דער לאָקאַלער טעאַטער־מענעדזשער, מר. לואיס שאָכאַט, און מר. מאָריס שוואַרץ, ווייל ער איז

אָפּגעפלויגן אין דער פרי. ער האָט צו אַלעמען געשמייכלט, נאָר אַזוי גיך ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיך אַוועקגענומען אין אַ זייט און צו מיר געזאָגט:

— איר ווייסט דענק, נײַין אין דער פרי וועל איך שוין זײַן אין טעאַטער.

— פאַרוואָס אַזוי פרי?

— אויב איר ווילט...

— זייט איר זיכער אַז אַזוי פרי וועט איר דאָרט ווע‌מען טרעפן?

— געוויס, ווײַל איך האָב אַלעמען באַשטעלט פאַר דער צייט.

— איר מיינט...

— די בינע־אַרבעטער, איך וואָלט געוואָלט איר זאָלט אייך מיט אַלץ באַקענען, מיט דעם וואָס איר באַדאַרפט צו וויסן הינטער דער בינע.

— איך פאַרשטיי, אָבער פאַרוואָס אַזוי פרי?

— אויב מיר וועלן פאַרטיק ווערן אין צייט, וועלן מיר נאָך מאַכן פּראָבע. ס׳איז זייער וויכטיק צו האָבן אַ פּראָבע אויף דער בינע, דענקט איר ניט אַזוי?

— געוויס, איך וועל זײַן אין צייט.

דורך דער צייט וואָס מיר האָבן זיך איינפאַרשטאַנען, האָט די טרופּע אונדז אַרומגערינגלט און אַ פּאָר האָבן זיך וועגן עפּעס געאַמפּערט ביז זיי האָבן זיך אויסגעגליכן. און מ׳האָט זיך גענומען צעגיין. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גאַנץ נייע דערשיינונג, ווי מיר וואָלטן געווען פרעמדע.

אין די אַלע יאָרן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן אויף דער פּראָווינץ, און געווען בין איך כמעט אין אַ יעדער שטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, וואו נאָר מ׳האָט געשפּילט יידיש טעאַטער, איך האָב שוין אפילו געוואוסט אין וועלכן האָטעל די טרופּע וועט זיך אָפּשטעלן, מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין שטאָט, האָט מען אונדז צוגעפירט צום האָטעל, האָט זיך אַ יעדער איינער בלויז באַדאַרפט רעגיסטרירן, און דער „בעל־האָפּ״ האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם באַגאַזש, און אַ יעדן אַרויפגעפירט אין זײַן צימער, און ווען מ׳האָט זיך אָפּגערוט, האָט מען זיך געטראָפן אין דער „לאַבי פון האָטעל״ און זיך צוזאַמענגערעדט, וואָס מ׳זאָל טאָן, אָדער גיין עסן, אָדער נעמען אַ שפּאַציר, ס׳האָט זיך געווענדט אין וואָס פאַר אַ שטימונג, מיר זײַנען געווען, און אַמאָל, וואָס פאַר אַ וועטער מיר האָבן אין דער שטאָט געטראָפן.

דאָ איז געווען גאַנץ אַנדערש, שוואַרץ מיט זיין פרוי, איז אַוועק אין אַ גרויסן האָטעל, איינע פון די אַקטריסעס, וועלכע האָט זיך געקענט פאַר־גינען, איז אויך דאָרט איינגעשטאַנען, אַ צווייטער האָט מען פאַרזאָרגט אַ צימער אין אַ נייעם האָטעל, האָט סעם גערטלער צו מיר געזאָגט:

— נו, יאָ, זי קען זיך פאַרגינען.

— ס׳וועט געוויס אַרונטערגיין פון דער טאַפּ. האָב איך געשמייכלט. איין אַקטיאָר, און צוויי אַקטריסעס, זיינען אַוועק אין אַ קלענערן האָטעל. זיינען מיר געבליבן פיר, און די מאַיאָריטעט האָט באַשלאָסן, צו גיין אין אַ „רומינג הויז״, צום גליק איז עס ניט געווען ווייט פון דעם האָטעל, וואו מאָריס שוואַרץ איז איינגעשטאַנען, וואו זיי האָבן מיך געפירט, בין איך געגאַנגען, ס׳איז מיר אפילו ניט אַזוי שטאַרק געפעלן, איך האָב עפּעס מאָדנע געפילט, ווי איך וואָלט געוואָרן קלאַסיפיצירט, און כאָטש איך האָב זיך געקענט דערלויבן צו שטיין אין אַ גוטן האָטעל, האָב איך אָבער ניט געוואָלט פאַרשעמען מיינע קאָלעגן.

אפילו אין דעם בעסטן האָטעל, וואו ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זיין, איז מיר די ערשטע נאַכט אַלע מאָל געווען שווער איינצושלאָפן. ווער שמועסט נאָך דאָ, האָב איך טאַקע אַ גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט אין אויג, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב זיך אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט מיט דער באַן, אַריינגעקומען אַן אויסגעמאַטערטער. דאָך ניט געקענט איינ־שלאָפן, און אַז מ׳קען ניט איינשלאָפן, מוז מען פון עפּעס טראַכטן: ווער האָט דאָס אַזוי איינגעפירט אַז די טרופּע זאָל זיין צעוואָרפן. ווער טאַקע צאָלט פאַר יענעם האָטעל?... ס׳קען דאָך ניט זיין, ער איז דאָך ניט אַליין... אָבער ווי אַזוי קען מען דאָס אויסגעפינען? האָב איך מיך אַ גאַנצע נאַכט געדרייט אויף אַלע זייטן, ביז די נאַכט איז אַוועק, און ווען ס׳האָט גענומען טאָגן בין איך אויפגעשטאַנען.

ניין אין דער פרי, בין איך געווען אין טעאַטער. מאָריס שוואַרץ איז שוין געווען אויף דער בינע. די בינע־טעכניקער האָבן שוין געאַרבעט. מ׳האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם איינציקן „סעט״ וואָס די פּיעסע האָט פאַר־מאָגט. דאָס האָט אַוועקגענומען דעם גאַנצן טאָג, פאַר אַ בינע־פּראָבע איז שוין קיין צייט ניט געווען.

אין דעם מאָנומענט־נאַציאָנאַל־טעאַטער, וואו מיר האָבן געשפּילט, זיי־נען די בינע־אַרבעטער פראַנצויזן, האָבן זיי זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן,

ווי אַזוי מאָריס שוואַרץ איז מיט זיי געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג און געאַרבעט מיט אַלעמען, אַז אַלץ זאָל זיין ווי ער האָט דאָס געהאַט אין לאָס־אַנדזשעלעס. וואָס מיך האָט געוואונדערט, ווי זיי האָבן אים פאַרשטאַנען, אפילו אויפן וואונק, און אַלץ ווי אַזוי ער האָט געוואָלט.

ביי מאָריס שוואַרצן האָט ניט עקזיסטירט אַז ס׳קען ניט זיין, אָדער ס׳איז ניטאָ, אָדער מ׳קען זיך באַגיין אָן דעם, אָדער מ׳קען ניט מאַכן. וואָס ער האָט געוואָלט האָט ער נאָר באַדאַרפט זאָגן, און ס׳איז באַשאַפן געוואָרן, ס׳האָט געמעגט נעמען ווי לאַנג, האָט ער געוואַרט ביז מ׳האָט דאָס געבראַכט. און אַזוי אַרום איז אַלץ געווען פאַרטיק צו דער פאָרשטעלונג.

ס׳איז שוין געווען אַרום איינס אַזייגער, ווען מאָריס שוואַרץ האָט צו מיר געזאָגט:

— דענק, ס׳איז שוין צייט איר זאָלט עפּעס עסן.

— און איר מר. שוואַרץ?

— אויב ס׳וועט ניט זיין שווער פאַר אייך...

— וואָס ווילט איר? וועל איך אַרויפברענגען.

— אַ קאַפע, און וואָס איר וועט נעמען ברענגט מיר דאָס זעלבע.

פאַרן חדש אדר איז אין מאָנטרעאָל געווען אַ וואַרעמער טאָג. ס׳איז אָבער אויף דער ערד געלעגן אַ ברוין פּראַסטיקער שניי, וועלכער האָט זיך אונטער דער זון געוואַרעמט און נאַכגעלאָזט, און דאָס אייז וואָס האָט זיך געפונען הינטערן שניי האָט אַרויסגעשטעקט ווי גולים, אויסזעענדיק ווי געשוואָלענע שוואָמען און זיי האָבן געהאַלטן דעם שניי צוזאַמען. דערפאַר האָט די וואַרעמקייט פון דער זון בלויז געמאַכט קליינע געשלענגלטע ריטש־קעלעך, און ווען מ׳האָט אין זיי אַריינגעטראָטן איז מען אַריין אין אַ קאַליוזשע. דאָס האָב איך באַלד דערפילט ווען איך בין אַרויס פון טעאַטער. וויסנדיק אָבער, אַז מאָריס שוואַרץ איז הונגעריק, האָב איך מיך גלייך אַוועקגעלאָזט זוכן עפּעס עסן פאַר אים.

דער געגנט וואו דאָס טעאַטער געפינט זיך איז ניט אַזאַ וואַזשנער, ער איז שוין לאַנג אַ פאַרלאָזטער, און ס׳איז אפילו ניט געווען צו קריגן עפּעס. פאַראַן דאָרט פּלעצער וואָס האַלטן די פענצטער אָפן און פאַר אַ מייל, קען מען פילן דאָס פאַרברענטקייט פון דעם אויל וואָס זיי פּרעגלען דאָרט, דער־פאַר איז דער גערוך דאָרט אַזוי פאַרשפּרייט, אַז פיל מאָל ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען דאָרט פאַרבייצוגיין, געמוזט אַרויסכאַפּן אַ נאָז־טיכל און פאַר־

שטעלן מיין נאָז, ס׳איז אוממעגלעך געווען פאַר מיר דאָס צו פאַרטראָגן. פאַרשטייט זיך אַז איך וועל אין אַזאַ פלאַץ ניט עסן, און אויך ניט ברענגען פון דאָרט עפּעס פאַר מאָריס שוואַרצן. האָב איך געטאָפּטשעט פון איין קאַליוזשע אין דער צווייטער, אַ פּאָר מאָל זיך אויסגעגליטשט אויף די אייזערנע שוואָמען, ביז איך בין צוגעקומען צו אַ „וואולוואָירט״־ געשעפט, בין איך אַריין אויף גיך געכאַפּט אַ קאַווע מיט עפּעס, איידער מ׳האָט דאָס מיר דערלאַנגט, האָב איך געטראַכט פון מאָריס שוואַרצן.

ווי איך וואָלט צו זיך גערעדט „ער איז דאָך גאָרניט דער זעלבער, אינגאַנצן אַן אַנדער מענטש, זיין באַנעמען זיך צו אַלעמען האָט מיך איצט געמאַכט טראַכטן, ווי אַנדערש ער איז פאַר דער צייט געוואָרן, אַזוי פריינדלעך, מיט אַזאַ ליבער וואַרעמקייט רעדט ער צו אַלעמען, גאָרניט דער זעלבער מאָריס שוואַרץ״.

ווען מ׳האָט מיר געבראַכט וואָס איך האָב באַשטעלט, האָב איך זיך געפרעגט: וואָס קען איך אים ברענגען, ער זאָל הנאה האָבן? ווייסנדיק אַז ער וואַרט, האָב איך דאָס געמאַכט אַזוי גיך, אַז מער פון האַלב פון מיין עסן האָב איך איבערגעלאָזט.

ער האָט זיך מחיה געווען וואָס איך האָב אים געבראַכט. נאָך זייענדיק אַזוי פאַרטיפט אין דער אַרבעט, אַז ער האָט זיך אפילו ניט אַוועקגעזעצט, שטייענדיק האָט ער אַלץ איינגעשלונגען.

ווען איך האָב גענומען טראַכטן וועגן דעם, האָט דאָס מיך גענומען פאַרדריסן, בין איך אַוועק אין אַ ווינקל און זיך אַוועקגעזעצט, און פון דעם פאַרדרוס איז אויסגעוואַקסן אַ באַוואונדערונג פון דער פּראַקטישער חכמה וואָס ער האָט פאַרמאָגט, ווען ער האָט צוזאַמענגעשטעלט זיין טרופּע, האָט ער זיכער אין זינען געהאַט, אַז איינער פון זיי וועט אים געוויס אַרויסהעלפן הינטער דער בינע. גלייך ביי פּראָבע האָט ער איינגעזען אַז ער האָט זיך ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן, האָט ער ווייזט אויס אויסגעפונען אַ וועג, ווי אַזוי דער אַקטיאָר זאָל זיך אָפּזאָגן פון דעם פאַרזעניש, און מיך גערופן, ווייל ער ווייסט אַז אויף מיר קען ער זיך פאַרלאָזן. וואָלט ער אָבער צו מיר גערעדט צו זיין דער בינע־פאַרוואַלטער, וואָלט ער מיר זיכער באַדאַרפט אַ סך באַצאָלן. האָט ער מיך גענומען פאַר דער ראָל, און דאָס וועט באַ־טראַכט ווערן פאַר בלויז אַרויסהעלפן, און צוליב דעם האַלט ער מיך אַ גאַנצן טאָג אין טעאַטער, ווען ער אַליין באַשעפטיקט זיך מיט אַלץ. אַזוי טראַכטנ־

דיק האָב איך מיך אויפגעכאַפּט פון אַ שטאַרקן קלאַפּ. איינער פון די בינע־אַרבעטער האָט פאַר כעס אַוועקגעוואָרפן דעם האַמער, האָב איך פאַרשטאַנען אַז זיי זיינען שוין אַלע אויסגעמאַטערט. אויב איך בין געוואָרן מיד פון בלויז זיך דאָ אַרומוואַלגערן. זיי אַרבעטן דאָך אַ גאַנצן טאָג. נאָר אויף איין מאָריס שוואַרצן איז ניט צו דערקענען קיין שפּור פון מידקייט. ער האָט אָבער גלייך באַמערקט ווי די אַרבעטער האָבן זיך גענומען שושקען אין פראַנצויזיש. האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וויל אַז מ׳זאָל היינט שפּילן, דאַרף מען זיי באַפרייען. האָט ער שטיל צו מיר געזאָגט, קוקנדיק די גאַנצע צייט צו זיי:

— איר מעגט שוין אויך גיין עסן, זיי מוזן שוין אויך זיין הונגעריק.

— פון וואַנען ווייסט איר ?

— איך דערקען דאָס אין זייער שושקען זיך.

— איר מיינט אין זייער כעס ווערן, נו און איר ?

— איך וועל שפּעטער נאָך עפּעס אַרויסשיקן.

— מ׳דאַרף דאָך שוין באַלד גיין שפּילן.

— דערפאַר גיי איך שוין ניט אַרויס.

אַזוי ווי איך האָב כמעט אַ גאַנצן טאָג ניט געגעסן, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן מיין מאַנטל און אַרויס פון טעאַטער. אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער, האָב איך מיך געלאָזט גיין מיטן באַרג אַרויף מיט סט. קעטרין גאַס, ביז בלויער גאַס, דאָרט אויף דעם ערשטן שטאָק איז דער יידישער „אימפּעריאַל״ רעסטאָראַן.

דאָרט האָט מען מיך דערקענט נאָך פון פריער. איך פלעג דאָרט אָפט אַריינקומען, האָט מען מיך איצט אויפגענומען ווי אַ גאַסט, מיר דערלאַנגט מיט דער פולער האַנט אַלץ וואָס איך האָב באַשטעלט. אין מיטן עסן איז צוגעקומען די באַלעבאָסטע און מיך געפרעגט אויך אויף די אַנדערע וועלכע זיינען געווען אין דער טרופּע, ווייל דאָרט איז געהאַנגען אַ גרויסער אַפיש־„פּאָוסטער״. ווערנדיק פערזענלעך, האָט זי געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר ?

— פיין, אָט בין איך ווידער אין מאָנטרעאָל.

— איך האָב געוואוסט אַז איר קומט.

— פאַרשטייט זיך, ווען מ׳הענגט דאָ אויף אַ „פּאָוסטער״, ווייסט איר ווער ס׳קומט.

— איך האָב איצט גערעדט מיט מר. שוואַרץ.

— וואָס מיינט איר? ער איז דאָך אין טעאַטער, איך האָב אים דאָרט איבערגעלאָזט.

— האָט ער מיט מיר פון דאָרט גערעדט. ווען ער איז אין מאָנטרעאָל, קומט ער אַרויף. היינט פאַרשטיי איך, האָט ער ניט געקענט, דערפאַר האָט ער מיך גערופן, איך זאָל אים צושיקן עסן.

— האָט איר אים געשיקט?

— נאָך נישט.

— ס׳ווערט דאָך שפּעט.

— מיין זון דאַרף באַלד אַרויפקומען, וועל איך אים גלייך אַרויסשיקן.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן און באַמערקט ווי שפּעט ס׳איז שוין, האָב איך נאָך אַ מאָל געפרעגט:

— ווען דאַרף אייער זון קומען?

— ער האָט שוין באַדאַרפט צו זיין, איר ווייסט דאָך ווי עס איז, ווייל איך באַדאַרף אים איצט, איז ער שפּעט.

— ווען ער ווייסט ווי הונגעריק מר. שוואַרץ איז...

— אַלץ איז שוין פאַרפאַקט.

איך האָב איר אָנגעקוקט און ניט געגלויבט אַז זי וואַרט פאַר איר זון. איר געמאַכטער שמייכל האָט מיר געמאַכט צו גלויבן אַז זי האָט דאָס צוגע־טראַכט, און אַז ער וועט ניט אַרויפקומען, וואָס וועט זיין? ווי אַזוי וועט דאָס עסן קומען צו שוואַרצן? ווען איך האָב גענומען אָנטאָן מיין מאַנטל, איז זי אַוועק נעמען געלט פון אַ „קאָסטימער". איך האָב מיך גענומען שלאָגן מיט דער דעה ווי אַזוי איך זאָל דאָ האַנדלען, ווייסנדיק, אַז ער האָט אַ גאַנצן טאָג ניט געגעסן. און איצט גיי איך דאָך אין טעאַטער. אָבער איך וואָלט ניט געוואָלט אַז די פרוי זאָל מיינען אַז זי האָט מיך אָפּגענאַרט. און ווידער, מ׳קען דאָך מיך באַגעגענען, פרעמדע אַרט מיך ניט, אויסבאַהאַלטן דאַרף מען זיך פאַר אייגענע, מער וועט מיר ניט פעלן, ווען פון דער טרופּע וועט ווער באַמערקן, אַז איך האָב געטראָגן עסן פאַר מאָריס שוואַרץ, וועט שוין די גאַנצע וועלט וויסן. אָבער די צייט שטייט ניט, ס׳ווערט שפּעט, איך מוז שוין גיין, און קיינער קומט ניט אַרויף. ווען איך האָב געהאַלטן אין באַצאָלן, האָב איך דערפילט דאָס זעלבע ווי איך האָב געפילט ווען איך בין געווען אין „וואולוואָירטס", האָב איך שטיל געפרעגט:

— ס׳איז שוין פּאַרפּאַקט, האָט איר געזאָגט?

— נאָר דאָס אַרויסצונעמען.

— גיט דאָס מיר, איך גיי אין טעאַטער.

ווען זי האָט אַרויסגעבראַכט דאָס פּעקל, האָט זי פאַר מיר אויפגעמאַכט די טיר, דאַנקענדיק האָט זיך נאָך צוגעגעבן:

— ס׳איז זייער גליטשיק, זייט פאָרזיכטיק ווען איר גייט דעם באַרג אַראָפּ.

ווידער זיך געטאָפּטשעט אין טיפן שניי, זיך גליטשנדיק אויף די אייזערנע גוליעס. טראַגנדיק דאָס עסן איז מיר געווען וואַרעם אין די הענט, ווייל איך האָב דאָס פּעקל אַלעמאָל געביטן פון איין האַנט צו דער צווייטער, ניט קענענדיק פאַרגעסן ווי אַזוי ער האַנדלט. אָבער פון וואַנען האָט ער געוואוסט, וואו איך בין געגאַנגען עסן? ער האָט געמוזט רופן פון „באָקס־אָפיס״, און זיי ווייסן אַז איך עס אַלעמאָל אין אַ כשרן רעסטאָראַן. איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט מיר גלייך ניט געוואָלט זאָגן אַז איך זאָל דאָס נעמען. האָט זי מיר דערציילט אַ מעשה אַז זי וואַרט פאַר איר זון, וועלכער וועט אפשר היינט דאָרט אינגאַנצן ניט אַרויפקומען. אַזוי טראַכטנדיק וועגן מאָריס שוואַרצן, ווי אַזוי ער מאַנעווורירט, האָב איך אויפגעגעבן דעם געדאַנק, וואָס מ׳וועט זאָגן ווען מ׳וועט מיך באַגעגענען מיט אַ פּעקל, וועמענס געשעפט איז דאָס וואָס איך טראָג? און ווידער, היינט איז דאָך אַ פּרעמיערע. אַ וועלכער אַקטיאָר טראָגט ניט עפּעס אין טעאַטער אַריין צו דער ערשטער פאָרשטעלונג, בפרט נאָך אויף דער פּראָווינץ.

איך גילטש מיך כמעט אַראָפּ דעם באַרג אויף סט. קעטרין גאַס, און ווער באַשפּרינקלט מיט אַ נייעם פרישן שניי. ס׳געפעלט מיר דער פראָסט וועלכער איז דאָס מאָל ניט אַזוי שטאַרק, גלעט מיר דאָס פּנים. אונטערן מאַנטל פיל איך אַ וואַרעמקייט, עס דערמאָנט מיך אין דעם אַמאָל ווען איך האָב דאָ געשפּילט אַ גאַנצן סעזאָן, און מיר פלעגן ביינאַכט נאָכן שפּילן זיך אַריינזעצן אין אַ שליטן און אַרויפפאָרן דעם גרויסן באַרג וואָס האָט געפירט צום אייזערנעם צלם. דאַן בין איך דאָ געווען, מאָריס שוואַרץ, סעמיועל גאָלדענבערג, און ווער ניט... אָבער היינט זאָלן שוין אַלע דענקען וואָס זיי ווילן, וואָס איך האָב היינט פון אים געזען, האָט ער דעם ווערט אַז אפילו איך זאָל אים ברענגען דאָס עסן. און ווידער, ער איז ניט וואָס ער איז געווען, אַ נייער מענטש אַזעלכן האָב איך ליב. מיט זיין האַנדלונג איז ער אין מיינע אויגן אויסגעוואַקסן ווי אַ ריז, איינער וואָס איז ניט נאָר אַ גרויסער קינסט־

לער, נאָר טאַקע אַ טיף־פאַרטראַכטנדיקער מענטש אין דער פּראָפּעסיע. אַזעלכער האָט דעם ווערט וואָס מ׳טוט פאַר אים, אַרט מיך שוין ניט אַז מ׳וועט וויסן אַז איך האָב געבראַכט עסן פאַר אים. און אַז מ׳וועט רעדן? זאָלן זיי, אפילו פון היינט ביז מאָרגן זיך זאָרגן וועגן דעם וועל איך מיך ניט, ווייל איך פיל אַז דאָס איז מענטשלעך געהאַנדלט. איך האָב זיך אַ גליטש געטאָן, דאָס איז אויך גאָרניט, אַבי איך פאַל ניט.

אַריינקומענדיק אין מאָריס שוואַרצעס גאַרדעראָב־צימער, האָב איך אַלץ אַרויסגענומען פון דעם פּעקל, דאָס אָוועקגעשטעלט אויפן טיש און צוגע־גרייט ער זאָל זיך אַוועקזעצן עסן. ער האָט ברייט אויפגעמאַכט זיינע גרויסע אויגן, און מיך אָנגעקוקט אָן אַ וואָרט האָט ער זיך גענומען צו דער אכילה. האָב איך גלייך פאַרלאָזט זיין צימער, אַוועק זיך צוגרייטן פאַר דער ערשטער פאָרשטעלונג.

פאַראַן מענטשן וואָס זיינען קיינמאָל ניט אין צייט, אַ סך מאָל אפילו ביי די וויכטיקסטע באַשטעלונגען אַזוי אויך זיינען פאַראַן אַקטיאָרן., דאַכט זיך אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, אין טעאַטער קומען זיי שפּעט, און ווען זיי קומען שוין יאָ, איז די לעצטע מינוט. וואָס ס׳האַלט זיי אָפּ צו זיין אין צייט, ווייסט קיינער ניט, נאָר אַזוי איז עס.

פּערזענלעך האָב איך קיינמאָל ניט געהאַלטן דערפון, איבערהויפּט ווען איך האָב באַדאַרפט זיין אין טעאַטער. אַלע מאָל האָב איך געגלויבט אַז ס׳איז אַ מוז צו זיין פרי אין גאַרדעראָב. ס׳איז אַ פאַקט אַז מ׳קען מער אויפטאָן, ווען מ׳האָט מער צייט, מ׳קען זיך ריכטיק גרימירן, זיך אָנטאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין. איבערהויפּט אויף דער פּראָווינץ, וואו מ׳דאַרף אַליין זיך אַלץ פאַרזאָרגן. אַלע מאָל האָב איך געהאַלטן אַז פון איילעניש, קומט קיינמאָל גאָרניט אַרויס. פאַראַן אַזעלכע אַקטיאָרן וואָס לויפן אַריין די לעצטע מינוט אין גאַרדעראָב, אַ סך מאָל שטיינדיק שמירן זיך אויס, כאַפּן אויף זיך אַרויף די קליידער, און זיינען שוין פאַרטיק צו גיין שפּילן אויף דער בינע. די אַקטיאָרן זיינען ביי מיר ניט מער ווי שוויצער. און אפשר מאַכן זיי דאָס דערפּטר ווייל זיי קענען ניט בעסער. אַ סך מאָל האָט מען מיך געפרעגט:

— פאַרוואָס אַזוי פרי?

— ס׳איז קיינמאָל ניט צו פרי צו קומען אין טעאַטער. טאַלאַנט, זאָגט מען, איז אַ גאָט זאַך. נאָר אויב איך דאַרף זיין אויף דער בינע פאַר אַן עולם,

טאָר איך ניט מאַכן קיין נאַר פון זיך. ערשטנס מוז איך קענען מיין ראָל וואָס איך שפּיל, און מוז האָבן גענוג צייט פאַרן גרימירן זיך, ווייל ס׳איז זייער וויכטיק צו שטעלן דעם געווינטשטן טיפּ ער זאָל זיין קאָרעקט כאָטש אין אויסזען, און איך מוז זיין אָנגעטאָן ווי די ראָל פאַרלאַנגט. אויב מ׳גיט זיך אָפּ מיט די דריי זאַכן, מיינט דאָס שוין האַלב אָפּגעשפּילט. דאָס איבעריקע איז שוין פאַרן עולם און די קריטיקער וואָס זיי וועלן זאָגן.

דאָס מאָל אָבער, ווען איך בין אַראָפּ אין מיין גאַרדעראָב־צימער, און זיך פּיבעריש גענומען גרייטן צו דער ערשטער פאָרשטעלונג, האָט זיך מיר געדאַכט אַז איך בין זייער שפּעט, און ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן און אַריינגעקוקט אין שפּיגל, האָב איך באַלד דערזען, אַז ס׳איז ניט דאָס וואָס איך האָב אין זינען געהאַט צו שאַפן. פאַר איבער גרימירן זיך איז שוין קיין צייט ניט געווען. דערפאַר בין איך הינטער דער בינע געווען אין צייט און באַדאַרפט וואַרטן פאַר די אַנדערע. ווי אַ געניטער פאַכמאַן האָב איך אַלץ באַטראַכט. ניט זייענדיק אָנגעשטעלט אַלס דער בינע־פאַרוואַלטער, האָב איך געזען אַז אַלץ זאָל זיך געפינען אויפן ריכטיקן פלאַץ. דורכגע־גאַנגען די אינספּעקציע, האָב איך אַוועקגעשטעלט די כלי־זיין, וועלכע מען האָט באַדאַרפט צו דער פאָרשטעלונג פאַר די סיגנאַלן. דערנאָך האָב איך גענומען אַ בענקל און עס אַוועקגעשטעלט לעבן דעם „סוויטשבאָרד״, און זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן. הינטער די קוליסן איז נאָך געווען פינצטער, בלויז אַ קליינער שיין האָט אָנגעוויזן ווי אַזוי מ׳קען אַריבערגיין פון איין זייט בינע צו דער צווייטער זייט בינע. האָב איך געוואַרט ביז מ׳וועט זיך צוזאַ־מענקומען. דער זייגער וועלכער האָט זיך געפונען איבערן „סוויטשבבאָרד״ האָט געוויזן אַז לאַנג וואַרטן וועל איך ניט דאַרפן. די וועלכע האָבן באַדאַרפט זיין פון די ערשטע, ווען דער פאָרהאַנג וועט זיך עפענען האָבן זיך שוין גע־נומען באַווייזן. צוערשט זייער שאָטנס, דערנאָך זייער געשטאַלט, און אַ יעדער איז געווען פאַרטיפט אין זיך. זיי האָבן מיך אפילו ניט באַמערקט. קיינער האָט ניט געוואַגט אַרויסצורעדן אַ וואָרט. ס׳איז די ערשטע פאָר־שטעלונג, מ׳דאַרף גוט אין זינען האָבן וואָס מ׳דאַרף זאָגן אויף דער בינע, און אַ יעדער האָט גוט אין זינען געהאַט אַז מ׳גייט שפּילן מיט מאָריס שוואַרץ.

אַ זייער ברייט ליכט האָט זיך אַדורכגעריסן פון דער נאָר וואָס אויפ־געמאַכטער טיר, דורך וועלכער מאָריס שוואַרץ איז אַרויסגעקומען. אין יענער זייט האַלבער בינע איז געוואָרן ליכטיק. ער האָט גלייך גענומען מיט

אַלעמען שפּאַסן, און באַלד אַריינגעבראַכט אַ פריינדלעכע אַטמאָספערע, מיט זיין נאַטירלעכן געזונטן הומאָר. ס'האָט זיך גלייך געגומען פילן הינטער דער בינע וואו די גאַנצע טרופּע האָט שוין געשפּילט אין דער פּיעסע צענדליקער מאָל, ניט ווי ס'איז ערשט היינט די ערשטע פאָרשטעלונג. אַזאַ כוח האָט נאָר פאַרמאָגט איין מאָריס שוואַרץ.

דער קליינער טומל, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום אים, פון די, וועלכע דאַרפן זיין די ערשטע אויף דער בינע, איז געווען מיט ליבע און גרויס רעספּעקט, ווייל מ'איז געגאַנגען שפּילן אַ פאָרשטעלונג מיטן דירעקטאָר פון דעם געוועזענעם יידישן קונסט־טעאַטער. ס'איז ניט געווען וויכטיק וואָס, נאָר מיט וועמען.

וואו איך בין איצט געזעסן, האָב איך אַלעמען געקענט זען און באַוואונדערן, אויך דעם גדול פון יידישן טעאַטער מאָריס שוואַרץ, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג געווען דאָ, זיך ניט אָוועקגעזעצט פאַר איין מינוט, דאָס עסן וואָס איך האָב אים געבראַכט, האָט ער ווי אָפּגעכאַפּט, און אָט איז ער שוין גרימירט, זעט אויס זייער שיין אין די געפּאַסטע קליידער, און איז אַזוי פריש און מונטער, ווי ער וואָלט ערשט אַריינגעקומען פון אַ לאַנגער וואַקאַציע, און ווי מענטשלעך ער באַנעמט זיך צו אַלעמען, אַ מלאך אין מענטשן־געשטאַלט, גאָרניט דער זעלבער וועלכן איך האָב געקענט אין יענע יאָרן, ווען ער האָט געפילמירט ז. ליבינס פּיעסע „די געבראָכענע הערצער". און אפילו אין דעם קליינעם טומל אַרום אים, וואָס מ'האָט געמאַכט, האָט געהערשט אַ זעלבסט־פאַרשטענדיקע דיסציפּלין, און אַזוי גיך ווי מ'האָט געלאָזט וויסן, אַז מ'דאַרף שוין אָנהויבן, איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מ'האָט געקענט הערן, ווי ביי יעדן האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ, ווען די בוזיטיקע סיגנאַלן זיינען געגעבן געוואָרן, האָב איך נאָך צייט געהאַט צו זען, אויב אַלץ איז אין אָרדענונג, און פאַרטיק אָנצוהויבן. דאָך האָב איך ניט פאַרפעלט צו זען ווי מאָריס שוואַרץ האָט מיט אַלעמען גערעדט, געשפּאַסט, און דאָך געהאַלטן איין אויג אויף אַלץ און אַלעמען, און מיך אויך ניט פאַרזען. ער זעט און הערט אַלץ. האָב איך געטראַכט. ענדלעך איז דער פאָרלאַנג אַרויף, און דער טעלעפאָן האָט געגומען שטאַרק קלינגען.

ווי מאָריס שוואַרץ האָט די פּיעסע אַוועקגעשטעלט, אַזוי האָט זיך די פאָרשטעלונג אָנגעהויבן, מיטן טאָן און דער ריכטיקער טעמפּאָ, ביז צו זיין אויפטריט, איז שוין דאָס שפּילן געווען גוט אָנגעוואַרעמט, ווייל די אַלע

וואָס זיינען איצט געווען אויף דער בינע, האָבן אַלע געוואָלט גוטמאַכן, דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען ביי די פּרויען, זיי האָבן זיך אַלע געגעבן די מי, צו זיין גוט, בעסער, און נאָך בעסער. אפשר ניט אַזוי פאַרן עולם, ווי זיי האָבן געוואָלט שטאַרק געפעלן ווערן מאָריס שוואַרצן מיט זייער שפּילן, וויסנדיק אַז ער האָט ניט קיין טעאַטער, נאָר האָבן דעם כבוד צו שפּילן מיט אים, האָבן אַלע געוואָלט.

ווידער אַן איבעראַשונג פאַר מיר, ווען ס׳איז געקומען דער רעפּליק פאַר מאָריס שוואַרצן אויפטריט, האָב איך ניט געהאַט קיין צייכן פאַר אַ ליכט־עפעקט, דאָך האָט זיין דערשיינונג אויף דער בינע אַריינגעבראַכט אַ סך ליכט אין אַ יעדער ווינקעלע, זיין אויפנאַמע האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט, די פּאַוזע איז געווען אַ לאַנגע ביז ער איז געקומען צום וואָרט, קוקנדיק אויף אים, האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז ער זעט אויס אַ סך יינגער, כאָטש ער האָט געטראָגן אַ זייער עלעגאַנטן גרויען פאַרוק, און מיט זיין פיגור האָט ער אויסגעפילט די גאַנצע בינע, און ווען ער האָט גענומען רעדן, האָב איך באַמערקט ווי אַנדערש ער איז געוואָרן, ס׳איז ניט דער זעלבער מאָריס שוואַרץ.

צו מיר האָט דאָס אויסגעזען, ווי ער האָט אין גאַנצן פון זיך אַראָפּגע־וואָרפן די שווערע לאַסט פון זיין פאַר אַלץ און אַלעמען פאַראַנטוואָרטלעך, וועלכע ער האָט אַלע יאָרן אַליין געטראָגן אויף די אייגענע פּלייצעס, דאָס האָט שטאַרק פאַרביטערט זיין געמיט, ס׳איז גאַנץ פאַרשטענדלעך אַז ס׳איז שווער צו גיין מיט באָרוועסע פיס אויף האַרטע רידער און מיט ליידיקע הענט איז ניט גרינג אַוועקשאַרן שווערע שטיינער, וועלכע האָבן אַלע מאָל פאַרשטעלט די האָפענונג זיינע צו דערגרייכונג, האָט די גרויסע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, ווען ער האָט שוין אַלץ דערגרייכט, האָט אים ווי מיט אייזער־נע קייטן געשמידט, דערפאַר האָט ער זיך אַ סך מאָל ניט געקענט רירן, און דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ סך יאָרן.

איצט, ווען ער האָט אַלץ פון זיך אַרונטערגעוואָרפן, איז ער געוואָרן אַ נייער מענטש, אַ גוטער מענטש, אַ גאָר אינטערעסאַנטער מענטש צו אַלעמען. זיין באַנעמונג אין דער טרופּע איז געווען ווי ער האָט אַלעמען אַרומגענומען און אויף יעדן אַכטונג געגעבן, קיינער זאָל זיך חלילה ניט אויסגליטשן, ווי מ׳וואָלט געשטאַנען אויף די גוליס וואָס געפינען זיך אין דרויסן הינטערן שניי, אויף אַלעמען און אויף אַלץ, האָט ער זיינע אויגן געהאַלטן אָפן, גאָר־

ניט פֿאַרפֿעלט און דאָך געגעבן אַ וואונדערבאַרע פֿאָרשטעלונג.

איך האָב דערפֿילט אַז איך בין איצט מיט אים אַ סך זיכערער, ווי ווען איך האָב מיט אים געשפּילט אין „שמידס טעכטער״. כאָטש איך בין דאָס מאָל ניט געווען אַזוי זיכער מיט מיין ראָלע ווי איך בין דאַן געווען.

אמת די ראָלע איז מיר ניט געווען צום האַרצן, אָבער שפּילן מוז מען. מיין ערשטער אויפֿטריט איז אַ סצענע ווי מ׳שטעלט מיך פֿאָר פֿאַר אים, און ווען מיר האָבן זיך געדריקט די הענט, האָט ער מיך אַזוי פֿריינדלעך באַגריסט, אַז איך האָב גלייך דערפֿילט אַזאַ וואַרעמקייט ווי איך וואָלט געווען ביי זיך אין דער היים, דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די אַנדערע און דערפֿאַר איז די פֿאָרשטעלונג, פֿאַר אַן ערשטער נאַכט, מיט אַזוי ווייניק פּראָבן, געווען אַ הונדערט פּראָצענטיקער דערפֿאָלג, ווען דער פֿאָרהאַנג איז געפֿאַלן ביים שלוס פֿון דער פּיעסע, האָט ער אַ גליקלעכער פֿאַר אַלעמען געזאָגט:

— די בעסטע פֿאָרשטעלונג וואָס איך האָב ווען געשפּילט די ערשטע נאַכט, אַלץ איז דורך אָן אַ פּגימה, אפֿילו אין מיין קונסט־טעאַטער האָט דאָס זעלטן געטראָפֿן, איבערהויפּט די טעכנישע זייט, בראַוואָ, דעם קרעדיט קומט דענקן. פֿאַרגעסט ניט מאָרגן דריי אַ זייגער פּראָבע.

## דינטי מאָאָרעס למד

קיין גרויסער פֿילאָסאָף דאַרף מען ניט זיין צו פֿאַרשטיין, אַז נאָך אַזאַ לאַנגן שווערן טאָג אַרבעט ווי מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט, וועט ער זיכער אַזוי גיך ווי ער וועט פֿאַרטיק ווערן גיין אַהיים, און וויבאַלד אַזוי דאַרף איך מיך ניט יאָגן, ווייל איך פֿיל כמעט דאָס זעלבע פֿון ליגן דאָ אַ גאַנצן טאָג, מעג איך מיר נעמען אַ ביסל מער צייט, ווער אויף מיין אָרט וואָלט דאָס נאָך אַן ערשטע פֿאָרשטעלונג ניט געטאָן? נאָר אַזוי גיך ווי איך האָב אַראָפּגענומען דעם שמינק פֿון פּנים, און איבערגעטאָן זיך, האָב איך געכאַפּט מיין מאַנטל און באַלד געווען לעבן ווען איך האָב געטראָפֿן אויף דער בינע הינטער די קוליסן, די מענער זיינען געשטאַנען אין אַ ווינקל. בין איך צוגעגאַנגען און געפֿרעגט:

— וואָס שטייט איר דאָ, אויף וועמען וואַרט איר?

— ווערסט באַלד וויסן. — האָט סעם גערטלער צו מיר געזאָגט.

— שוואַרץ ווערט באַלד פּאַרטיק, — האָט יודל דובינסקי אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ ווי ער וואָלט עפּעס אַרונטערגעשלונגען, און די אויגלעך האָבן געגומען ביי אים גלאַנצן.

— איז וואָס וועט זיין? ער האָט געהאַט אַ שווערן טאָג.

— אָ, קענסט נאָך ניט מאָריס שוואַרץ. — האָט מוני סערעבראָוו געזאָגט.

— איך מיין אַז דאָס וואַרטן איז אומזיסט, ער וועט זיכער באַלד אַהיים גיין. ווייסט איר וואָס פאַר אַ שווערן טאָג ער האָט דאָ היינט געהאַט.

— ביי שוואַרצן איז דאָס ניט קיין נייעס, מיר ווייסן שוין, אַז ער האָט דאָס ליב. פאַרוואָס בין איך ניט געקומען צו פּראָבע היינט, ווייל איך האָב גע־וואוסט אַז ער וועט ניט פּאַרטיק ווערן פריער ווי זעקס אַ זייגער.

— פון ניין אין דער פרי ביז איצט, ווי שפּעט איז שוין?

— מיר וועלן באַלד וויסן.

דורך דער צייט זיינען הינטער דער בינע פאַרשיידענע מענטשן אַרויפ־געקומען, אַלע האָבן גערעדט בלויז געציילטע ווערטער, ביז מאָריס שוואַרץ איז אַרויסגעקומען פון זיין גאַרדעראָב, זיי האָבן מיט אים געהאַט אַ קורצן געשפּרעך, דערנאָך האָבן זיי פאַרלאָזט די בינע.

אין דרויסן האָט מען זיך פאַר אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, די פריינד האָבן זיך געזעגנט און זיינען אַוועק, און די טרופּע האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ פּאָר „טעקסי קעבס" און זיי האָבן אונדז צוגעפירט ביז 1236 סט. קעטרין, וועסט מאָנטרעאָל.

אַ ברייטע גלעזערנע טיר האָט זיך אויפגעעפנט, אַ צווייטע גלעזערנע טיר האָט זיך צוגעמאַכט, און אַלע זיינען אַריינגעגאַנגען אין רעסטאָראַן. אַ בלאָנדע פרוי, געוויס די „האָסטעס", האָט אונדז אַדורכגעפירט די גאַנצע לענג פון רעסטאָראַן צו דער רעכטער זייט, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ גרויסן געדעקטן טיש, וועלכער איז געווען ווייס ווי אַן ערשט געפאַלענער שניי, און איז געשטאַנען ניט ווייט פון זייער אַ גרויסער „באַר". אין הינ־טערגרונט, און איז געווען איינגעטונקען אין פאַרשיידענע ליכט־קאָלירן, מיט אַ סך ליקערן פון אַלע סאָרטן, און געוואונקען צו אונדז, סעם גערטלער האָט זיי דער ערשטער דערזען, און מיט אַ געמאַכט שמייכל געזאָגט:

— ס'איז דאָ זייער ראָמאַנטיש...

— די וואָס זיצן דאָרט, אָדער די פלעשלעך? — האָב איך געזאָגט.

— דו באַמערקסט אַלץ.

— איך האָב אַ ווייטן קוק.

איינע פון די דריי פּרויען, וועלכע זיינען געווען געקליידט אין שוואַרצן מיט ווייסע פאַרטעכער האָט אונדז איבערגעשלאָגן פרעגנדיק וואָס מיר ווילן? אַלע זיינען שוין געזעסן ביים טיש, און געמאַכט באַשטעלונגען פון די אַנדערע צוויי פּרויען, וועלכע האָבן צו דער זעלבער צייט אַוועקגע־שטעלט וואַסער און פאַרשיידענע אַנדערע זאַכן אויפן טיש. מאָריס שוואַרץ און זיין פרוי זיינען געזעסן וואו זיי האָבן אַלץ געקענט זען וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר, און וואו איך בין געזעסן, רעכטס, האָב איך אויך געקענט אַלץ באַמערקן, און ביז מ׳האָט מיר צוגעבראַכט וואָס איך האָב דאָרט באַשטעלט, האָב איך באַמערקט דאָס פאָלגנדע.

די געפאַרבטע איז געזעסן אַנטקעגן מיר, און האָט קאָקעטיש מיט אַ גע־מאַכטן שמייכל זיך געהנדלט צו מאָריס שוואַרצן, וועלכער איז איצט געווען פאַרנומען צו זען וואָס ס׳קומט פאָר ביים טיש, אַלע זיינען געווען באַשעפטיקט, ווער מיט געבן אַן אָרדער, ווער מיט טרינקען, און ווער מיט אַנדערע זאַכן, דאָ ערשט האָב איך געהאַט אַ בעסערע געלעגנהייט צו באַטראַכטן מאָריס שוואַרצן, ווו נעמט ער אַזוי פיל כוח? האָב איך געטראַכט. וואָס פאַר אַ ריז ער איז עס, ער פאַרמאָגט נאָך איצט אַ וועלט מיט ענערגיע, ער איז ווירקלעך אַ וואונדער, ביי די יאָרן, און קען נאָך אַזוי פיל באַווייזן, ניט אַנדערש ווי אַן איבערמענטש. אפילו וואָס ער האָט היינט באַוויזן, איז אים צום באַוואונ־דערן, און ס׳איז שוין באַלד נאָך האַלבער נאַכט, זיצט ער דאָ און שפּאַסט, גלייך ווי ער וואָלט געקומען פון אַ פאָרשטעלונג וועלכע ער האָט געזען, ניט אַליין געשפּילט, און מאַכט אַלעמען לאַכן, און שמייכלט אַליין זייער געשמאַק, ביז מ׳האָט אַלעמען דערלאַנגט וואָס מ׳האָט באַשטעלט, און מ׳האָט זיך גענומען צו דער אכילה.

אויך דאָ פאַרפעלט מאָריס שוואַרץ גאָרניט, ער זעט אין אַלעמענס טע־לער וואָס ס׳טוט זיך דאָרט, און אויף אַ יעדן, און אויף אַלץ האָט ער וואָס צו זאָגן, ער געפעלט מיר ווייל ער איז אַ מענטש מיט אַ ים נאַטירלעכן הומאָר, און ווייסט דאָס ווי אַזוי אויסצונוצן, פאַרזייט גאָרניט אַרום זיך מאַכט שכלדיקע באַמערקונגען אויף אַ יעדן, און די אַקטיאָרן קוועלן פון אים אָן. דערפאַר אפשר איז די צייט אַזוי שנעל אַנטלאָפן.

פאַרוואַרלאָזט דעם רעסטאָראַן האָבן מיר שפּעט, און גייענדיק אַהיים,

האָב איך נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרגעסן דעם היינטיקן טאָג, און באַלד אַ גאַנצע נאַכט, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן ס'איז געווען מיט אים צו פאַר־ברענגען, ווער נאָך וואָלט דאָס געקענט באַווייזן? אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצן טאָג, און געזעסן ביז איצט, אַן אַנדערער וואָלט דאָך אַוועקגעפאַלן, ס'איז דאָך שוין באַלד טאָג.

אָפּטמאָל פון צופיל מידקייט, קען מען אויך ניט שלאָפן, דאָס מאָל אַ סך וויניקער ווי אַ נאַכט פריער, האָב איך אָבער געהאַט פון וואָס צו טראַכטן. מערקווירדיק ווי ער האָט אַלץ באַמערקט, אפילו וואָס ביי אַ יעדן אויפן טעלער טוט זיך. „דענק ווייסט וואָס צו עסען ביינאַכט, ניט נאָר איז דאָס גוט, נאָר טאַקע געזונט אויך. וואָס דען ווי סערעבראָוו, שטאָפּט זיך מיט גרינס. דער סעם גערטלער, טרינקט אַ וואוילן „סאַפּער". ער האָט דאָס געזאָגט זייער שטיל, בלויז אַ פּאָר האָבן דאָס געהערט, און גענומען שמייכלען", דאָ האָט די געפּאַרבטע געהאַט אַ מעגלעכקייט צו ווייזן אירע גרויסע ציין, וועלכע זיינען געווען ווי פאַרבלוטיקט פון דער רויטער פאַרב וואָס זי האָט געהאַט אויף אירע ליפּן, אירע אויגן זיינען געווען אַ ביסל קאָקעטיש גע־שלאָסן, אָפּן געגנוג אַלץ צו זען וואָס ס'האָט זיך איר געלוינט, איך וואָלט געשוואוירן, אַז זי האָט שיר געחלשט, שוואַרץ זאָל עפּעס באַמערקן אין איר טעלער, ס'איז שוין דאָרט אָבער גאָרניט געווען, זי פילט ניט אַזוי גוט, טאָר זי קיין סך ניט עסן... ער אָבער האָט זיך דאָס מאָל, אפילו ניט אומגע־קוקט אויף איר.

ס'האָט שוין גענומען גוט טאָגן אין דרויסן, און איך קען נאָך אַלץ ניט איינשלאָפן, וויסנדיק אַז מיר זיינען נאָך אין גאַנצן ניט פאַרטיק מיט דער פּיעסע, מ'וועט נאָך באַדאַרפן געוויסע פלעצער דאָרט אויסבעסערן. און זי, זיין פרוי, דאַכט מיר, אַ קלוגע, באַמערקט גאָרניט? און אפשר וויל זי ניט באַמערקן. סעם גערטלער וועלכער איז איצט געווען צופרידן מיט זיך, קוקנדיק אויפן גלעזל וואָס האָט זיך געפונען אויפן טיש, ניט ליידיק. האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, איך האָב אַ שמייכל געטאָן, זיך דער־מאָנענדיק אין דעם פאָלקס־ווערטל, וואָס ביי אַ ניכטערן איז אויף דער לונג, איז ביי אַ שיכור אויף דער צונג... איך האָב מיך גענומען דרייען אויף אַלע זייטן, געוואָלט איינשלאָפן ווייל דריי אַזייגער מוז איך זיין אין טעאַטער.

*
**

אין דער גאַנצער וועלט, פּירט מען זיך אַזוי, איבערהויפּט אין דעם בעסערן טעאַטער, אַז באַלד נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג, קומט מען זיך צוזאַמען אין טעאַטער, אויסצובעסערן וואָס איז פריער פאַרזייט געוואָרן, מעג מען מאַכן ווי לאַנג פּראָבע, ס׳זאָל אפילו נעמען חדשים, און די ערשטע פאָרשטעלונג מעג זיין ווי גוט, אפילו די בעסטע מוז מען אַלץ זיך צוזאַמענ־קומען פאַר אויסבעסערן קלייניקייטן וועלכע זיינען אפילו פון דעם בעסטן אין גרעסטן רעזשיסאָר פאַרזען געוואָרן, זיי שווימען ערשט אַרויף ביים שפּילן, אַמאָל ווערן געמאַכט צו לאַנגע פּאַוזעס, דאַרף מען זיי פאַרקירצן, אויסבעסערן געוויסע שטעלונגען, אַרויסוואַרפן ווערטער וואָס שלעפּן זיך נאָך, אַזוי רייניקט מען אַ פּיעסע ביז ס׳קומט אַרויס אַ גאַנץ ריינע פאָרשטעלונג, אַ סך מאָל בייט מען אפילו קליידער, גרים, אָדער אַ פּאַרוק, צוליב דעם זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען אין טעאַטער.

איך בין קיינמאָל ניט נתפּעל געוואָרן פון די ענגלישע קריטיקער וואָס קומען אין יידישן טעאַטער, אפילו ווען זיי שרייבן אַ גוטע קריטיק, אפילו ווען ער איז אַ ייד, פאַרשטייט ער אויך זייער ווייניק וואָס ס׳קומט פאָר אין דער פּיעסע וואָס ער זעט, בפרט אַ גויאישער קריטיקער, אים מוז מען פאַרטייטשן אַ יעדעס וואָרט, האָט דאָס אַ טעם ווי אַ גלח זאָל פּסקענען אַ שאלה איבער אַ געשחטענעם אָקס, אין יידישן טעאַטער האָט מען זיך אַלע מאָל געגעבן אַן עצה, אַזוי ווי ס׳איז פאַראַן אַן ענגלישער אַגענט אין טעאַטער. „אַ פּאָבליסיטי מענטש וואָס פאַרטרעט די ענגלישע צייטונגען". איז דאָס זיין הויפּט־אויפגאַבע, אַז צו דער ערשטער פאָרשטעלונג, זאָל זיין דער ענגלי־שער קריטיקער, און אַזוי ווי ער איז זיין גאַסט, זיצט ער לעבן אים, און גיט אים איבער דעם „סוזשעט" דאָס מיינט די האַנדלונג פון דער פּיעסע, ווי אויך אַ יעדעס וואָרט, וואָס ער אַליין פאַרשטייט זייער ווייניק, זיצט דער קריטיקער אַזוי לאַנג ווי ער האָט געדולד, און זייער אָפט טרעפט אַז ער פאַרשווינדט נאָכן ערשטן אַקט, זאָגנדיק דעם פּאָבליסיטי מאַן, אַז ער זאָל אָנשרייבן דאָס איבעריקע און דאָס אים צושיקן. דער אָנגעשטעלטער איז טאַקע פון דעם טעאַטער, אָבער אין זינען האָט ער בלויז איין מענטשן, און דאָס איז דעם סטאַר.

אַזעלכן האָט מאָריס שוואַרץ מיט זיך מיטגעפירט אויף דער פּראָווינץ,

איינעם וועלכער האָט זיך נאָך אַריינגעצויגן צו אים אין טעאַטער אין שיקאַגאָ. און וואוינט דאָרט ביזן היינטיקן טאָג, אַ געשוואוירענער ט... ל... וועלכער האָט זיך זעלבסט געקרוינט פאַר זיין יושר, אפילו פון דעם גראָז וואָס וואַקסט שוין אויף זיין קבר, און הינטערן פאַרטוך פון דער פרוי, נעמט ער זיך דאָס רעכט אפילו עפנטלעך צו באַליידיקן מענטשן. אמת, פאַר מאָריס שוואַרצן ווען ער האָט געלעבט, איז ער פאַר אים געווען אַ גרויסע מציאה, האָבנדיק אים לעבן זיך, האָט ער זיך איינגעבראַכט אַ סך, ווייל ער האָט זיך אָן אים אויך געקענט באַגיין, ווען ניט די יוניאָן.

ווייל אַזוי גוט ווי מאָריס שוואַרץ האָט געקענט די אַנדערע זאַכן, האָט ער אויך זייער גוט געקענט שרייבן פּאָבליסיטי, און פאַרשטייט זיך אַז יענער האָט דאָס נאָר באַדאַרפט אַוועקטראָגן אין דער רעדאַקציע, כאָטש איך נעם ניט אַוועק זיינע קענטעניש, איז ער אַלץ געווען ניט מער ווי אַ שיק־יינגל, מער האָט ער אים ניט באַדאַרפט, ווייל אין דער קאַסע וואו ער האָט באַדאַרפט זיין לויט נאָך די באַשלוסן פון דער יוניאָן, האָט מען אים אפילו דאָרט ניט אַריינגעלאָזט, ווייל אַלס קאַסירערין איז מיטגעפאָרן מאַדאַם שוואַרץ.

קען מען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס אַזעלכער האָט איבערגעגעבן דעם גויאישן קריטיקער. ער האָט דאָך פאַרן נעמען אומזיסט באַצאָלט, עפּעס געמוזט טאָן, אָבער באַהיט זאָל מען ווערן, ווען אַזעלכער האָט אַ בייז האַרץ אויף אַ שוישפּילער, דאָ רעכנט ער זיך שוין מיט אים אָפּ פאַר אַלע צייטן אַ סך מאָל אַפילו פאַר גאָרניט, בלויז אַמאָל דערפאַר ווייל ער איז אים ניט געפעלן ווייל ער האָט אים אפשר ניט אַזוי גוט באַגריסט ווי ער וואָלט געוואָלט, אָדער אַ סך מאָל ווייל ער איז קראַנק אויף טעאַטער און גלויבט זייער שטאַרק אַז ער וואָלט געקענט בעסער שפּילן די ראָלע, פאַרוואָס זאָל ער זיך אַרומדרייען מיט גאָרניט, ווען ניט דער אָדער אַ צווייטער אַקטיאָר וואָלט ער זיכער געשפּילט און נאָך מער פאַרדינט, אין צווייען איז דאָך שטאַרקער, אַ געבוירענער סקעב. מיט אַקטריסעס רעכנט ער זיך אָפּ פאַר אַנדערע זאַכן. און די וועלכע ער פּרובירט מ׳זאָל לויבן, איז דאָס אַ פאָרשלאָג... דערפאַר גיט ער אָבער גוט אַכטונג, אַז דער באַרימטער קריטיקער זאָל אַלע מאָל אַריינשטעלן וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַרן באַלעבאָס־לעבן, מאַכט שוין ניט אויס ווען ער וועט אפילו די גאַנצע טרופּע פאַרזען.

פון לאַנגע יאָרן דערפאַרונג, ווייס איך פאַר וועמען איבערהויפּט,

דער ענגלישער פּאַבליסיטי אַגענט ווערט אין טעאַטער אָנגעשטעלט, ווער שמועסט נאָך אַז דער סטאַר איז אַליין דער באַלעבאָס פון טעאַטער, מעג שוין אפילו זיין איינער וואָס קען גאָרניט, וועלן שוין די צייטונגען זיין פאַר־פלייצט מיט זיין נאָמען, און די קריטיק וועט אַלע מאָל זיין די בעסטע, און די איבעריקע מעגן זיין ווי גוט, מיינט דאָס גאָרניט.

אַריינקומענדיק אין דער לאָבי פון דעם מאָניומענט נאַציאָנאַל טעאַ־טער, איז נאָך קיין דריי דער זייגער ניט געווען, און דאָך שוין געטראָפן די גאַנצע טרופּע דאָרט, האָט זיך מיר נאָר געדאַכט אַז מ׳וואַרט בלויז פאַר מיר, נאָר אַזוי ווי אַלע זיינען דאָרט געשטאַנען מיט איינגעבויגענע קעפּ, מיט דער נאָז אין די ענגלישע צייטונגען, ווי אָסטריטשעס מיטן קאָפּ אין זאַמד, האָב איך פאַר אַ ווײַלע געוואַרט, ביז זיי האָבן מיך באַמערקט, האָב איך אַלעמען באַגריסט, און זיך לאָזנדיק צו די ווייס־מאַרמאָרנע טרעפּ, האָט מיך מאָריס שוואַרץ אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— צו וואָס האָט איר דאָס באַדאַרפט.

— וואָס, מר. שוואַרץ?

— איר האָט נאָך ווייזט אויס די צייטונג ניט געזען.

— וועלכע צייטונג?

— פאַראַן דאָ אַ קריטיק. — אָנווייזנדיק אויף דער צייטונג, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

— איז דאָך גוט, וואָס שרייבט מען דאָרט?

— אַלע זיינען גוט, נאָר...

— מיר ביידע טויגן ניט. — האָט איינער פאַרדריסלעך געזאָגט.

— האָב איך דאָך אַ שותף אין פאַרברעכן.

— וואָס מיינט איר? — האָט שוואַרץ מיך געפרעגט.

— צו מיר מיינט עס גאָרניט, איך האַלט ווען מ׳שפּילט יידיש טעאַטער, דאַרף מען זיך רעכענען מיט דער יידישער פרעסע, וואָס ווייסט אַ גויאישער קריטיקער?

— ער ווייסט שוין גאָר. — האָט דער באַטרעפנדער זיך געבייזערט.

— אויב אַזוי, בין איך נאָך פאַר דער ענגלישער בינע ניט פאַרטיק.

— אַנדערע אפשר יאָ...

— פאַרגין איך זיי, דאָס מיינט נאָך ניט, אַז איך מוז מיך רעכענען

מיט אַן איינצלנע מיינונג פון אַ גוי, ער איז אויף יידיש טעאַטער אַזאַ מבין ווי אַ חזיר אויף הייוון.

— ווילט איר דאָך זיין אַנדערש...

— יאָ, קיינער קען מיר ניט איינרעדן, אַז דאָס איז דעם קריטיקערס ערלעכע מיינונג, ער זאָגט ניט וואָס ער פאַרשטייט, ווי אַזוי קען ער? אַ גוי פאַרשטייט ניט וואָס מיר רעדן, אפשר פאַרשטייט ער טעאַטער אָבער זיכער ניט קיין יידיש טעאַטער, זיי הויבן ניט אָן צו וויסן וואָס ס׳טוט זיך אויף דער יידישער בינע. און איר, מר. שוואַרץ, ווייסט וואָס איך מיין, איז בעסער שלעפּט מיך ניט ביי דער צונג, קומט אַרויף און פאַררעכט וואָס מ׳דאַרף, און לאָמיר געבן אַ בעסערע פאָרשטעלונג.

מיר זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף דער בינע, האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט, מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעמאַכט דעם טעקסט, גענומען בלעטערן, דערנאָך זיך אַ ביסל פאַרטראַכט, דאָרט עפּעס פאַרצייכנט, געכאַפּט אַלע מאָל אַ קוק צו דער טרופּע, ווידער פאַרצייכנט, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער געמאַכט אַ דערקלערונג, וואָס ער האָט אויסגעבעסערט, און אַזוי בלייבט דאָס.

ס׳איז שוין געווען אַן אָנגענומענער כלל, ווער ס׳האָט געשפּילט מיט מאָריס שוואַרצן, האָט געוואָלט מאַכן גוט, אפילו אין דער קלענסטער ראָל, ניט אַלע מאָל געלינגט דאָס, פאַראַנען דערפאַר טויזנטער סיבות. דער אַקטיאָר, איז געווען פון די, וועלכער האָט געהאַלטן פון די ענגלישע קריטיקער, ביי אים איז ער געווען דער גרעסטער, און וואָס ער האָט אָנגעשריבן, איז תורת־לאָקשן.

ניט קענען פאַרנעמען דעם אמת, איז ער געזעסן און ס׳האָט אין אים געקאָכט ווי אין אַ קעסל, האָט ער געזוכט מיט וועמען צו פאַרטשעפּען זיך, מיינענדיק אַז אַזוי אַרום וועט ער קענען אויף וועמען אַרויפוואַרפן די שולד, פאַר זיין דורכפאַל מעג עס אפילו זיין אויף אַ פריינד, האָט ער מיט אַ ביסל חניפה אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, מר. שוואַרץ, ווען די „קאָרעשקעס" ווערן געמאַכט פריער, וואָלט ער ניט געשריבן אַזוי שלעכט.

— ווער זאָגט אַז ער האָט געשריבן שלעכט?

די פּיעסע איז אים געפעלן.

— פאַרשטיי איך אַז, ס׳איז די שולד פון דעם אַנסאַמבל.

אַלע האָבן אים איצט אָנגעקוקט, איינע פון די פרויען האָט אַ ברום געטאָן, אָבער קיינער האָט גאָרניט געזאָגט. האָב איך געטראַכט, אַז דאָס איז שוין צופיל, איך בין זיכער, אַז ס׳איז ניט אַזוי, ווייל איך גלויב, אַז אַ יעדער האָט געקראָגן, וואָס ער אָדער זי האָט פאַרדינט, איז פאַרוואָס וואַרפן די שולד אויף יענעם? זיי האָבן זיך פאָרט אויסגעצייכנט אין זייערע ראָלן.

איך ווייס ניט, איך בין קיינמאָל ניט נתפעל געוואָרן פון אַ גוטער קריטיק, און אויך ניט אַנטוישט געוואָרן פון אַ שלעכטער, איבערהויפּט אויף די פּראָווינציעלע קריטיקער האָב איך מיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזט, דאָס קען טרעפן ביים גרעסטן קינסטלער.

— איר מיינט דאָך ניט, אַז ער איז דער גרעסטער? — האָט שוואַרץ אונטערגעכאַפּט, און אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— איך מיין וואו שטייט עס געשריבן, אַז מען מוז אין אַלץ זיין גוט? ער מאַכט דערפון אַ טראַגעדיע ווי די וועלט וועט צוליב דעם אונטערגיין, מעגסט זיכער זיין, אַז אין ניו־יאָרק, האָט נאָך קיינער די צייטונג ניט געלייענט.

ס׳איז געוואָרן אַ שטיקל טומל, ביז מיר האָבן פאַרלאָזט דעם טעאַטער, אַרונטערגייענדיק די טרעפּ, האָט סעם גערטלער מיר אַ וואונק געטאָן מיר זאָלן בלייבן אין דער לאַבי, האָבן מיר געוואַרט ביז אַלע זיינען אַוועק.

## געשעפט איז געשעפט

מיר זיינען געבליבן שטיין ביי דער גלעזערנער טיר, און געוואַרט ביז אַלע זיינען פאַרשוואונדן, האָט סעם אויף מיר אַ קוק געטאָן, זיך באַלעקט ווי ער וואָלט געוועזן זייער דאָרשטיק, דערנאָך האָט ער צו מיר געזאָגט:

— האָסט אים גוט אַריינגעזאָגט, דוד, איך מוז אַריבערגיין, שפּעטער וועל איך דיר עפּעס דערציילן.

— פאַרוואָס שפּעטער?

— איך מוז אַוועקגיין.

בלייבנדיק דאָרט אַליין, האָב איך מיך אָנגעשפּאַרט אין דער קאַסע, (באָקס־אָפיס) און געטראַכט, צו וואָס אַן אַקטיאָר איז אַלץ אונטערוואָרפן, אַפילו צו אַ פּראָווינציעלן גויאישן קריטיקער, וואָס פאַרשטייט אַליין קיין וואָרט ניט, הערט זיך צו וואָס דער פּאָבליסיטי מאַן זאָגט אים, און ווי ס׳גע־

פעלט יענעם אים דאָס איבערצוגעבן, דערפאַר דאַרף מען אַרומגיין מיט האַרץ־ווייטיק, און דער פאַרדרוס און בושה פאַר דער טרופּע איז נאָך אַ סך גרעסער... ווייניק ליידט מען פון די יידישע קריטיקער, דאַרף מען זיי נאָך האָבן, וויפל אומאָנגענעמלעכקייטן מען פאַרשאַפט דעם אָרעמען אַקטיאָר, און פאַרוואָס? וויל ער דען ניט זיין גוט, אין דעם וואָס ער שפּילט? ווי ווייניק מ׳פאַרשטייט אים, אָבער ניט שטענדיק קען דאָס געלינגען.

איך האָב געגומען שמייכלען ווען איך האָב מיך דערמאָנט, ווען דער אַקטיאָר גוסטאַוו שאַכט, האָט אַמאָל געזאָגט צו אַ יידישן קריטיקער, ווען ער האָט זיך מיט אים געטראָפן אויף דער עוועניו, האָט ער אים אָפּגעשטעלט, און געזאָגט:

— מילא, אַז איר שרייבט אַז איך בין גוט, פאַרשטיי איך אַז איר ווייסט ניט בעסער, אָבער גזלן, ווען איר שרייבט אַז איך בין שלעכט, לייענט מען דאָך. איז וואו איז יושר?

שולדיק אין דעם איז אָפּטמאָל געווען דער ניט ריכטיקער סיסטעם וואָס ס׳האָט אַלע יאָרן געהערשט אין יידישן טעאַטער, קיינמאָל ניט אויס־גערעכנט, אַלע מאָל איז געווען אַ כאַפּעניש, און ווער ס׳האָט זיך פאַרלאָזט אויף דער לעצטער מינוט, האָט שוין געמוזט כאַפּן וועמען ער האָט געקענט קריגן, איז ניט דעם אַקטיאָר, איז אַ צווייטן, האָט די פראַגע פון פאַסן געמוזט אַוועקפאַלן, אָבי די קוואָטע איז געווען פאַרפולט, האָט די הפקר פעטרישקע סיסטעם, האָט אַ סך אַקטיאָרן „פאַרקריפּלט" ווייל אַ סך טרופּן זיינען געווען ווי צוזאַמענגעוואָרפן און אומבאַדינגט פאַרן גאַנצן סעזאָן, ניט פאַר די ראָלן וואָס מ׳האָט באַדאַרפט צו די פּיעסן, האָבן דערפאַר אַ סך אַק־טיאָרן געוואוסט אַז מ׳דאַרף אָפּשפּילן אַ סעזאָן, האָט שוין ביי זיי ניט אויס־געמאַכט וואָס זיי שפּילן, דערפאַר איז פאַרן יידישן אַקטיאָר אַ סך מאָל געווען זייער שווער, ווען ס׳איז אים אַריינגעפאַלן אַ ראָלע וועלכע איז אים ניט געווען צום האַרצן, און שפּילן האָט ער געמוזט.

מאָריס שוואַרץ האָט דאָך אָבער יאָ געקליבן, ער האָט דאָך יאָ געוואוסט ווי אַזוי צוצופּאַסן אַקטיאָרן פאַר דער פּיעסע וואָס ער האָט אויפגעפירט, און מיט וויפל וואָכן צוריק ער האָט זיך דערפאַר געגומען צוגרייטן, ווייזט אויס אַז דאָס מאָל איז עס אים ניט געלונגען, אָדער אפשר האָט ער זיך שוין ניט געקענט העלפן, אמת, ער האָט זיך טאַקע לאַנג געקליבן, אָבער ביז ס׳איז געקומען צו דער ערשטער פּראָבע, זיינען שוין אַ סך געווען פאַרנומען,

און אַנדערע האָבן זיך באַרעכנט אַז פאַר איין וואָך לוינט זיך זיי ניט צו ברעכן דעם קאָפּ.

אפשר איז זייער טענה געווען אַ גערעכטע, אַ לעבן דאַרף מען דאָך מאַכן אַ גאַנץ יאָר, וויפל מאָל האָט שוין געטראָפן, אַז מ׳איז אפילו מיט דער וואָך אויך ניט געווען זיכער, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט זיך די לעצטע צייטן אַרומגעטראָגן מיט מער פּלענער, וויפל די גרעסטע עקספּערטן האָבן געקענט צוטראַכטן, דערפאַר איז אים די לעצטע מינוט אויסגעקומען צו נעמען ווער ס׳האָט געוואָלט פאָרן, אַ סך מאָל ניט די וועלכע ער האָט געוואָלט, נאָר די וועלכע ער האָט געקענט קריגן.

אַפילו צו דעם האָט ער מזל געהאַט, עס האָבן זיך נאָך געפונען אַזעלכע, וועלכע זיינען פאַרבליבן זיינע געשוואוירענע, און האָבן ניט נאָר געוואַרט פאַר זיין איין וואָך צו שפּילן, נאָר האָבן אפילו אויפגעגעבן עטלעכע וואָכן צו שפּילן אין אַן אַנדער טרופּע, וואו זיי וואָלטן פאַרדינט אַ סך מער, אָבער ס׳פאַרשטייט זיך ס׳וואָלט ניט געווען דער טעאַטער געשפּילט ווי מיט מאָריס שוואַרצן.

האָט מיך טאַקע דאָ אַ ביסל געוואונדערט, דער אַקטיאָר איז דאָך איי־נער פון די, וועלכער האָט מיט אים לאַנגע יאָרן געשפּילט, כמעט געווען זיינער אַ געשוואוירענער אַקטיאָר, איינער וועלכער האָט זיך אין זיין טעאַטער אין די בעסערע פּיעסן שטאַרק אויסגעצייכנט, שפּילט דאָ אַ גרעסערע ראָלע אפילו פון שוואַרצן אַליין, און איז ניט שלעכט וואָס איך האָב באַמערקט אין דער נעכטיקער ערשטער פאָרשטעלונג, און דאָך אַזאַ שלעכטע קריטיק, פאַרוואָס? ער איז דאָך פאַרט אַ גוטער אַקטיאָר, איינער פון די פיינסטע שוישפּילער אין יידישן טעאַטער, אַ פאַרשטענדלעכער, אַ שיינער מענטש, גלייך ווי אַ סטרונע, פּאַסט זיך זייער פאַר דער ראָלע, אים דאַרף דאָך מאָריס שוואַרץ אַלע מאָל האָבן אין זיין טרופּע, ער איז אויך איינער פון יענע? איז וואָס האָט ער געמיינט דערמיט ווען ער האָט געזאָגט צו שוואַרצן, — „ווען איך האָב אים געזען שפּילן אין „דעטה אָוו עי סעילעסמאַן״, דאָס האָט ער מיך געמיינט. איז ער געווען „אַ נאַטשוראַל״? איז פאַרוואָס האָט ער היינט געזוכט צו וואַרפן די שולד, אפשר האָט ער טאַקע מיך געמיינט? דאָס דאַרף מען אויך קענען, אָבער איך האָב אים ניט פאַרשוויגן, איך האָב דאָס זעלבע געטראַכט פון אים, וויפל מאָל איך האָב אים געזען שפּילן אין קונסט־טעאַטער, אַפילו אין קלענערע ראָלן, איז ער געווען אויסגעצייכנט, און

דאָ, ניט אַנדערש ווי די מאַנטרעאַלער לופט האָט אים פֿאַרשאַדט.

אַ פּאָר מאָל האָט מען מיר דערציילט, ווען צוויי אַקטיאָרן האָבן זיך צעווערטלט, און ווען מאָריס שוואַרץ איז דערביי געווען, האָט ער אַלע מאָל ליב געהאַט, אונטערצובלאָזן דאָס פֿייער, אַז דער אַרגומענט זאָל ווערן גרעסער, און אויף זייער חשבון האָט ער זיך געחכמהט, אַ סך האָבן נאָך אונטערגעשטראָכן, אַז ער האָט דערפֿון געהאַט אַ סך פֿאַרגעניגן.

איז ווי קומט עס וואָס דאָס מאָל האָט ער אַלץ אויסגעהערט און ניט מער ווי בלויז אַ קורצן שמייכל געטאָן? בין איך ווידער געווען אין אַ פֿאַרלעגנהייט צו גלויבן די וועלכע האָבן גערעדט, ווייל איך האָב דאָך דאָס אַליין בייגעוואוינט, ערשט ניט לאַנג צוריק. „זאָל איך דאָס צורעכענען צום גוטן טאָג וואָס ער האָט געהאַט, מיינענדיק דעם גוטן קריטיק וואָס ער האָט געהאַט, אמת טאַקע אין ענגליש, אָבער אים קען דאָס גאָרניט שאַטן, און ניט נאָר פֿאַר זיין גוט שפּילן, נאָר אויך פֿאַר זיין קינסטלערישער רעזשי... און ווער ווייסט נאָך וואָס ער האָט היינט געהאַט... ווער ווייסט ווי לאַנג איך וואָלט אַזוי געשטאַנען און געטראַכט, ווען מ'שלאָגט מיר ניט איבער.

— וואָס אַזוי פֿאַרטראַכט, דוד? — האָט מיך סעם גערטלער געפֿרעגט.

— ביסט שוין דאָ צוריק, סעם?

— וואָס מיינסטו שוין? איך גיי שוין אַרויף אין טעאַטער.

— אַזוי שפּעט איז שוין?

— פֿאַר מיר איצט צו גיין אַהיים איז שוין שפּעט, וועל איך זיין אַ ביסל פֿריער אין „דרעסינג־רום".

— נו, אויב ס'איז נאָך פֿרי, איז וואָס האָסטו מיר געוואָלט דערציילן?

— יאָ, דאָס מוזטו וויסן, איך קען נאָר ניט פֿאַרשטיין, וואו נעמט ער אַזוי פֿיל כּוח?

— ווער מיינסטו?

— דיר דאַרף איך אויך אַריינלייגן אַ פֿינגער אין מויל, וועמען אַ שטייגער מיין איך? ביסט דאָך נעכטן געווען מיט אים אַ גאַנצן טאָג אין טעאַטער, און דערנאָך אַזאַ שווערע פֿאָרשטעלונג, געזעסן אין דינטי מאָאָרעס ביז פֿאַרטאָג, און באַלד אין דער פֿרי, האָט ער געהאַט אַ באַשטעלונג וועגן געשעפֿט.

— אַ וואונדער איבער וואונדער, אָבער פֿון וואַנען ווייסטו דאָס?

— זי אַליין האָט דאָס מיר דערציילט.

— ווער?

— די מרס. שוואַרץ. איך האָב איר אין דער פּרי געטראָפן אין דער קאַפעטעריע, האָב איך געפרעגט, אַליין גאָר? האָט זי מיר געענטפערט אַז מאָריס, איז אַוועק באַלד אין דער פּרי, ער האָט געהאַט אַ באַשטעלונג וועגן געשעפט.

— וואָס פאַר אַ געשעפט? האָסטו שוין אויסגעפונען?

— באַלד ווי איך האָב באַגעגנט איינע פון די מיידלעך, ווייסט דאָך וועמען, זי שטייט אין דעם זעלבן האָטעל וואו יודל וואוינט, איז דאָך עס ניט ווייט פון איר האָטעל.

— נו, איז וואָס?...

— האָט זי אים פון דאָרט געזען אַרויסגיין.

— האָט זי דאָך רעכט געהאַט די מרס., ער איז אַוועק וועגן געשעפט...

***

אין דער פּראָפעסיע זיינען פאַראַן אַ סך, וואָס האָבן ליב צו איבער־טרייבן, פון וואָס, אָדער פון וועמען זיי זאָלן ניט רעדן, אַ קראַנקייט מיט וועלכע געוויסע מענטשן ווערן געבוירן, קיין סך שפּראַך פאַרמאָגן זיי ניט, און זייער אָפּט באַנוצן זיי זיך מיט די צוויי ווערטער, וועלכע זיינען זייער פאַלשע אויסדרוקן.

ווען זיי ווילן איינעם אָנרופן שלעכט, איז קיין אַנדער וואָרט ביי זיי ניט פאַראַן, ווי ער איז אַ אוריאַל־מזיק. און אַ צווייטן, פון וועמען זיי האַלטן שטאַרק, ער איז דאָך אַ מלאך. ס׳איז אויך פאַראַן אַזעלכע וועלכע גייען נאָך העכער, אַ בעסערער אַקטיאָר, איז ביי זיי ניט ווייניקער ווי אַ גאָט. און פון דעם וואָס זיי האַלטן ניט, איז אין גאַנצן אַ גאָרניט, מעג ער זיין דער בעס־טער איז וואָס ער שפּילט טויג ניט, מעג אפילו די גאַנצע וועלט שרייען אַז ער איז גרויס, איז דעם בעסטן קאָמפּראָמיס וואָס זיי קענען מאַכן איז זאָגן: „נו, איז אים דאָס מאָל געלונגען”. פון דעם ווידער וואָס זיי האַלטן, מעג ער שוין אפילו זיין ביטער ווי גאַל און פאַרמאָגן די גאַנצע וועלט מיט חסרונות, וועלן זיי שוין געפינען אַ תירוץ אים צו פאַרטיידיקן, און אַזעלכע האָב איך אַ סך מאָל געהערט זיך אויסדריקן וועגן שוואַרצן.

— אוי איז דאָס אַ שוואַרצעניו, אוי איז דאָס אַ אוריאַל־מזיק, ער מאַכט דאָך אַלעמען אַזוי קליין.

— ניט אַלעמען, ס׳איז אָבער שווער מיט אים אויסצוקומען...

אַזעלכע און אַנדערע באַמערקונגען האָט מען אָפט געקענט הערן אין קורטן שטיבל, אָדער אין קעלער וואו די יוניאָן געפינט זיך, און ניט איין מאָל אפילו אין די לאָביס פון די טעאַטערס, ווען די דאָזיקע זיינען זיך צו־זאַמענגעקומען, פאַרשטייט זיך אַז איך האָב אַלעמען אויסגעהערט, און לאַנג געוואַרט פאַר אַ געלעגנהייט אויסצוגעפינען וויפל אמת ס׳איז פאַראַן אין דעם.

איך האָב מיך דערוואַרט, איך בין אין מאָריס שוואַרץ טרופּע, מאַך מיט אים אַ יעדן אָוונט פּראָבע, און אָט שפּילן מיר שוין באַלד אַ האַלבע וואָך אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. מיר פאַרברענגען אַ יעדער נאַכט, טרעף זיך מיט אים אַ יעדן טאָג, און איך גיב ניט אויף צו זוכן אין אים דעם אוריאל מזיק, פון וועלכן זיי האָבן אַזוי פיל גערעדט און באַרעדט, און איך קען אים ניט געפינען, אַ וואו איז ער? טראַכט איך ווען איך בין מיט אים, און ביי אַ יעדער געלעגנהייט וואָס ס׳קומט מיר אויס צו זיין אין זיין געזעלשאַפט. „האָט אים די צייט איבערגעמאַכט? אָדער אפשר האָט די עלטער אים קליגער געמאַכט? אָט שפּילן מיר דאָ אַלע נאַכט, און ווען ער האָט צייט, איבערהויפּט פאַר דער פאָרשטעלונג הינטער דער בינע, אונטער האַלט ער אַלעמען מיט זיין נאַ־טירלעכן הומאָר, און אַלע אַקטיאָרן קאַטשען זיך פון געלעכטער. מוז איך מיך מודה־זיין, אַז מיך האָט ער באַלד געוואונען אויף זיין זייט, און דערפאַר אפשר האָט צו מיר די גאַנצע וואָך אויסגעזען ווי איין טאָג, איך האָב פשוט געבענקט צו זיין אין זיין געזעלשאַפט, ווייל ער האָט מיט זיין פּער־זענלעכקייט און חכמה פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן.

אַזוי ווי כ׳האָב ניט געוואונט ווייט פונעם האָטעל וואו ער איז איינגעשטאַנען האָב איך מיך אַ יעדן אין דער פרי, דאָרט אַריינגעכאַפּט אין דער קאַפעטעריע פאַר „ברעקפעסט״. דאָרט האָב איך זייער אָפט געטראָפן מאָריס שוואַרץ מיט זיין פרוי אַננאַ. האָב איך זיי באַגריסט, און אַלע מאָל צוריקגעקראָגן פון זיי אַ וואַרעמען פריינדלעכן שמייכל, און טראָגנדיק זיך מיטן טעצל עסן צו אַ טישל, האָט זי באַמערקט:

— פאַרוואָס דאָרט? דאָ איז פאַראַן גענוג פּלאַץ.

— געוויס, קומט אַהער. האָט ער געזאָגט. פאַר וואָס זיצן דאָרט אַליין.

ערשט ווען מאָריס שוואַרץ האָט דאָס געזאָגט, בין איך צוגעגאַנגען

צו זייער טיש, און אַוועקשטעלנדיק דאָס עסן האָב איך געזאָגט:

— אפשר ווילט איר עפּעס רעדן פּריוואַט?

— וואָס איך האָב דאָ צו זאָגן מיין ווייב, מעגט איר אויך הערן.

ס׳איז שוין איצט געווען נאָך דער יידישער רעצענזיע, וועלכן איז געווען זייער אַ גוטע, אַלע זיינען געלויבט געוואָרן ביזן הימל, האָט מאָריס שוואַרץ זיך גענומען וויצלען איבער דער גויאישער קריטיק, און אַ שיין ביסל געמאַכט שפּאַס פון די וועלכע האָבן זיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן דערפון, און דאָ האָב איך ווידער געהאַט אַ געלעגנהייט מער צו לאַכן ווי צו עסן, ווען איך בין דאָרט פּאַרטיק געוואָרן, און זיך אויפגעהויבן אַוועק־צוגיין, האָב איך נאָך געהערט ווי ער האָט צו איר געזאָגט:

— פאַרגעס ניט אַננאַ, וועגן וואָס מיר האָבן ערשט גערעדט.

ווען איך בין שוין געווען אין דרויסן, האָב איך מיך דערמאָנט אַז די טענות וואָס מ׳האָט געהאַט צו אים, קיין בעסערע געלעגנהייט ווי דאָ האָב איך ניט געקענט האָבן, האָב איך געזוכט דעם אוריאל מזיק, אָבער מיין מי איז געווען אומזיסט, ווייל מער ווי מענטש האָב איך אין אים ניט געזען, אַלע מאָל מיט אַ פריינדלעכן שמייכל, ווי ס׳האָט געפּאַסט פאַר אַזאַ קינסטלער ווי מאָריס שוואַרץ.

## אַ שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער

מיטוואָך נאָך דער פאָרשטעלונג, זיינען מיר ווידער אין דינטי מאָאָרעס רעסטאָראַן, מיר פאַרברענגען דאָרט, ביז אַלע פרעמדע צעגייען זיך, און ס׳בלייבט מאָריס שוואַרץ טרופּע, איינער איז נאָך געבליבן ביי דער „באַר״, און די וועלכע זיינען פאַרבליבן אין דעם אונטערשטן טייל פון רעסטאָראַן, זיינען מיט זיך געווען פאַרנומען, און האָבן אפילו ניט געוואוסט, אויב מיר זיינען דאָרט דאָ, ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, איז נאָך געווען פרי, האָט זיך מאָריס שוואַרץ אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, געזען אַז מיר זיינען דאָרטן געבליבן אַליין, האָט ער געגעבן אַ וואונק צו די קאָלעגן שוישפּילער, האָט דאָס געמיינט אַז מ׳דאַרף זיך לאָזן וואוילגיין, יודל דור־בינסקי האָט גלייך אויפגעכאַפּט זיין וואונק, האָט ער צוערשט, ווי זיין טבע איז אַלע מאָל געווען, אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי איינער וואָלט אָדער אויסגעדרייט זיין קראַגן אָדער עפּעס אָרונטערגעשלונגען, און די כיטרע איי־

געלעך זיינע האָבן גענומען שטאַרק פינקלען, און שמייכלענדיק גענומען קיבעצן.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען וועמען ער מיינט, און מ׳האָט גענומען לאַכן, דער איינציקער וואָס האָט ניט געוואָלט דאָס אָננעמען פאַר אַ שפּאַס איז געווען דער געקריוודעטער פון דער ענגלישער פּרעסע, האָט ער זיך באַלד אויפֿגעהויבן, און אַרויסגעשאָסן אַ פּאָר ניט פאַראַנטוואָרטלעכע ווערטער און פאַרלאָזט.

דאָס האָט אַרויסגעבראַכט נאָך אַ גרעסערן געלעכטער, ווייל מ׳האָט דאָ ניט געזוכט וועמען ווי צו טאָן, אין דער אמתן האָט זיך דער אָוונט פאַרענדיקט זייער אינטערעסאַנט, מ׳האָט אַ פּראָסטן מיטוואָך פאַרוואַנדלט אין אַ יום־טוב, אפילו געהאַלטן דרשות און געהאַט אַ סך שפּאַס, און אַרויסגעקומען איז דאָס, וואָס איינער האָט געוואָלט דעם צווייטן איבערחכמענען, האָט מען זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, ביז מאָריס שוואַרץ איז אַלעמען געקומען צו הילף, און זיי אַרויסגעשלעפּט ס׳זאָל ניט קומען צו אַן ערנסט, דאָס האָט נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, און דאָס געלעכטער איז געוואָרן העכער.

אין זיין שאַרפן אַריינזאָגן איז געווען אַ סך וויסן און צום פּונקט. ווען דער שטורעם איז געווען פאַריבער, האָט זיך פאַרענדיקט אַ אומפאַרגעסלעכע נאַכט, און אַרויסקומענדיק אין דרויסן האָבן מיר געטראָפן דעם ברוגזן זיך אַרומדרייען, ער האָט אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון די גרויסע געשעפטן, ווען מאָריס שוואַרץ האָט דאָס געזען, האָט ער צו אונדז געזאָגט:

— איך פאַרשטייט פאַרוואָס זיינע קליידער זיינען פון דער לעצטער מאָדע, ווייל ער קוקט אין די פענצטער ביינאַכט, און בייטאָג פאַרגעסט ער עפּעס צו קויפן.

— דערפאַר איז ער געבליבן ביי דער לעצטער מאָדע.

האָט זיך דערהערט אַ שטימע פון עולם, אַלע האָבן געלאַכט.

— פאַרגעסט ניט אַז מאָרגן דאַרפן אַלע זיין אין דער יידישער לייברערי.

*
**

איך האָב שוין פון לאַנג געוואוסט, אַז ס׳איז ניט וואָס מ׳שפּילט, אויך ניט וואו מ׳שפּילט, נאָר מיט וועמען מ׳שפּילט, איך זאָג דאָס, ווייל מיר איז כמעט אויסגעקומען צו שפּילן מיט אַלעמען. נאָר אַזאַ דיסציפּלין ווי ס׳האָט דאָ געהערשט, און געשאַפן האָט זי זיך פון זיך אַליין, און ניט פאַר מורא,

נאָר פאַר גרויס רעספּעקט צום דירעקטאָר, דאָס איז מיר געפעלן, מ׳האָט זיך ניט אָפּגערעדט, דאָך זיינען אַלע ווי איינער געווען דאַנקערשטיק צו דער באַשטימטער צייט אין דער לאָבי פון האָטעל, פון דאָרט זיינען מיר געפאָרן אין דער יידישער לייברערי. אַ קאָמיטע האָט אונדז פריינד־לעך אויפגענומען, דורכגעפירט אַלע צימערן, ביז מיר זיינען אַריינגעקומען אין אַ גרויסן צימער, האָט מען זיך אויסגעזעצט און גענומען אַ בילד.



די טרופע איז דאָ באַשטאַנען פון די פאָלגנדע שוישפּילער: מאָריס שוואַרץ, ראָזעטאַ ביאַליס, מוני סערעבראָוו, סילוויאַ פישמאַן, יודל דובינסקי, סאַראַ גינגאָלד, סעם גערטלער, פריידל ליפשיץ און דוד דענק. אויך אויפן בילד געפינט זיך מאַדאַם אַננאַ שוואַרץ, און דער שרייבער מלך ראַוויטש.

***

פאַרטיק געוואָרן מיטן נעמען דאָס בילד, האָבן מיר זיך אַלע אַרומגע־שטעלט ביז מאָריס שוואַרץ וועט פאַרטיק ווערן, האָב איך געהערט ווי ער האָט געזאָגט:

— נו, און מירביידע אין אַ בילד, מאָריס שוואַרץ און מלך ראַוויטש, וועט דאָך עפּעס מיינען, און ניט גלאַט אַ בילד, מיר דאַרפן אַריינקוקן אין עפּעס, וואו איז דאָ... פאַראַן אַ בוך דאָ?

מיר האָבן זיך אַלע גענומען שטיקן פון געלעכטער, שטייענדיק אין אַזאַ גרויסער לייברערי וועלכע פאַרמאָגט אַזוי פיל ביכער, פרעגט ער אויב

ס׳איז דאָ פֿאַראַן אַ בוך. און ווי „סעריאָזנע״ ער איז געווען האָט ער דאָך אַרויסגעבראַכט אַ וועלט מיט הומאָר, און בלויז מיר אַקטיאָרן האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען.

פּאַרטיק געוואָרן אין דער לייבערערי, איז בלויז געבליבן צייט מיר זאָלן גיין עסן, און פֿון דאָרט אין טעאַטער, זיינען מיר געפֿאָרן אין יידישן רעסטאָראַן.

איבער דער גאַנצער פּראָווינץ וואו ס׳איז מיר אויסגעקומען צו שפּילן, איז ווען מיר זיינען פּאַרטיק געוואָרן מיט דער פֿאָרשטעלונג, איז אַ יעדער רעסטאָראַן וואו מיר זיינען אַריין האָט פֿאַר מיר ניט געטויגט, איך האָב זיך אַלע מאָל געמוזט באַקלאָגן, אַז זיי זיינען ניט גיך גענוג פֿאַר מיר, ס׳האָט זיך מיר אַלע מאָל געדאַכט, אַז די מענטשן קריכן דאָרט, און זיך אָפּט באַ־קלאָגט, אַז זיי נעמען אַוועק אומזיסטיקע צייט, פֿאַר מיר האָט בלויז עק־סיסטירט איין שטאָט, וואו אַלץ ווערט געמאַכט גיך, דאָס איז ניו־יאָרק.

נאָר ווי אַזוי אין דעם רעסטאָראַן ס׳איז אַזוי גיך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער טיש, און מ׳האָט אויך אים אַוועקגעשטעלט אַלץ וואָס מ׳האָט באַדאַרפֿט, האָט מיך ווירקלעך איבערראַשט, דאָס האָט גענומען גיי־כער ווי מיר האָבן אויסגעטאָן די מאַנטלען, מ׳קען זאָגן אַז אַלץ איז געווען פּאַרטיק, נאָך איידער מ׳האָט באַשטעלט.

אַ געדעקטער סדר אין אַ פּראָסטן דאָנערשטיק, דעם 25טן פֿעברואַר אין יאָר 1954 און דער גרויסער מאָריס שוואַרץ איז געזעסן ווי אַ קעניג. דאָ איז ער געווען אַ מענטש פּונקט ווי מיר אַלע, און האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין טעלער, טאַקע ניט מער ווי פֿאַרזוכט, אָבער פֿון אַלץ וואָס ס׳איז געשטאַנען אויפֿן טיש, און אַלץ וואָס ער האָט אַרונטערגעשלונגען, איז גע־ווען אַ פֿאַרוואָס, ער איז געווען הונגעריק, און ס׳האָט אים געשמעקט, ער האָט אויך ניט פֿאַרגעסן צו מאַכן פֿאַרשיידענע באַמערקונגען פֿאַרוואָס ער עסט אַזויפֿיל, האָבן אַלע הארציק געלאַכט.

זייער אינטערעסאַנט איז געווען ווי אַלע האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין, ווי ער האָט עסנדיק אונדז געלעקטשורט, אַז צופֿיל עסן איז ניט געזונט, קען מען זיך פֿאָרשטעלן וויפֿל שפּאַס מיר האָבן דאָרט געהאַט, ביז מיר זיינען געגאַנגען אין טעאַטער.

די פֿאָרשטעלונג וועל איך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן, ווייל זי איז געווען די בעסטע, אין דער געשיכטע פֿון יידיש טעאַטער.

# אפשר איז דאָ אַ טעות?

מיר ווילן זיך אומקערן צו דער צייט, ווען מ׳האָט אין יידישן טעאַטער געזוכט אַ פּאָר וואָכן פאַר אָפּרוען זיך, אין יענע יאָרן איז מיר אויסגעקומען צו שפּילן, מיט אַזעלכע קינסטלער ווי סעמיועל גאָלדענבערג, לודוויג זאַטץ, באָריס טאָמאַשעפסקי, יאָזעף קעסלער, יעקב בן־עמי, מיכל מיכאַלעסקאָ, לעאָן בלאַנק, מאַקס געביל, אהרן לעבעדעוו, מישאַ און לוסי גערמאַן, סאַראַ אַדלער, דזשעני גאָלדשטיין, ציליי אַדלער, קלאַראַ יאַנג, דזשעני וואליר, סטעלאַ אַדלער, רעגינא פּראַגער, מעי סיימאָן, לוסי לעווין, העלען זעלינסקי, דיינא פיינמאַן, בערטא גערסטין, מאלי פּיקאָן, און אַ סך אַנדערע. מיט זיי האָב איך געשפּילט אַ סך מער, אָבער אַזאַ וואָך ווי מיט מאָריס שוואַרצן, האָב איך ניט געהאַט, ס׳איז געווען פּונקט דער היפּוך, וואָס מ׳האָט די אַלע יאָרן גערעדט אויף אים, ער איז אפילו ניט געווען דער, ווען איך האָב געקענט פון אַמאָל, צו מיר האָט דאָס אויסגעזען, ווי מ׳האָט מיר אונטער־געוואָרפן אַ נייעם מאָריס שוואַרץ, און סוף וואָך, איז פאַר מיר געווען גאָר אַ גרויסע איבעראַשונג.

אויב איך האָב די גאַנצע וואָך געהאַט איבעראַשונגען, האָב איך זונטיק נאָכן שפּילן, ניט געקענט גלויבן מיינע אויגן, וואָס איך האָב געטראָפן אין דעם געלן פּאַפּירענעם בייטעלע, ווען איך האָב דאָס אויפגעמאַכט, ס׳איז דאָרט געווען מער וויפל מיר איז געקומען פאַר דער וואָך.

איך בין געווען כמעט זיכער, אַז דאָ איז געמאַכט געוואָרן אַ טעות, האָב איך גענומען דרייען דאָס בייטעלע אויף אַלע זייטן, אפשר איז דאָס ניט פאַר מיר? איז דאָך מיין נאָמען אויף דעם. „פאַרוואָס־זשע האָט מען די אַלע יאָרן גערעדט אויף אים? איז דאָך עס ניט אמת, אָט האָב איך אַ גוטן באַווייז, ס׳איז פאַראַן מער וויפל מיר קומט, פאַרוואָס? ווי אַזוי וועל איך דאָס אַמאָל קענען באַווייזן? ווער וועט מיר גלויבן? ווידער דאָס ניט דער־מאָנען, איז ערשטנס וועט דאָס ניט זיין מענטשלעך, צווייטנס ווילן זיי דאָך בלייבן די גערעכטע, זיי ווידער יאָ זאָגן, קענען זיי אַמאָל אַרויסלאָזן אַ קלאַנג, אַז איך האָב דאָס אויסגעטראַכט, אָדער אַז איך זאָג ניט דעם אמת, וועט דאָס מיך נאָך מער ווי טאָן, און אויב מ׳וועט מיר יאָ גלויבן, קען מען דאָס אַמאָל אָננעמען פאַר אַ באַרימעריי, פון ווילכן איך האָב קיינמאָל ניט

געהאַלטן, אויב אָבער אַ טעות דאַרף איך דאָס צוריקגעבן, אָבער ווי אַזוי? איך וויל טאַקע ניט וואָס ס׳קומט מיר ניט, אָבער ווי אַזוי געפינט מען דאָס אויס, און וועמען פרעגט מען? ווי אַזוי זאָל איך דאָ האַנדלען?...

מאַנטיק איז שוין מאָריס שוואַרץ געווען אין ניו־יאָרק. און די טרופּע צוזאַמען מיט מרס. שוואַרץ זיינען צוריקגעפאָרן מיטן באַן. און אַזוי ווי אַלע מאָל, אַריינקומענדיק אין דער באַן, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער.

און טויזנטער פאַרשיידענע געדאַנקען זיינען אַדורכגעלאָפן אין מיין מוח, און דאָך ניט געקענט פאַרגעסן דאָס איבעריקע געלט, וואָס איך האָב געפונען אין מיין גאַזשע, ביז איך האָב באַשלאָסן צו פרעגן ביי דער מרס. שוואַרץ.

אָבער ווי אַזוי? זי איז דאָך אַרומגערינגלט מיט אַלע פרויען, אַ פּאָר געווים פּרובירן צו פאַרשטעלן זייער פאַלשקייט, דורך אונטערשמייכלען זיך, אַזוי זיינען שוין די וועלכע פילן זיך שולדיק אין עפּעס... מוז איך וואַרטן...

ענדלעך ווען מיר זיינען שוין אַליין, הויב איך ניט אָן צו וויסן, ווי אַזוי איר צו פרעגן, ס׳פלאָגט מיך אָבער, אפשר איז דאָ אַ טעות, פאַרוואָס זאָל דאָ ווער ליידן, איך טאָר דאָס ניט דערלאָזן, ניט דורך מיר וועט ווער ליידן, דורך דער צייט האָבן זיך אונדזערע בליקן באַגעגנט, און ווען זי האָט צו מיר אַ שמייכל געטאָן, האָט דאָס מיר געגעבן מוט, און איך בין צוגעגאַנגען.

— איר זענט גאָר אַליין? — האָט זי מיך געפרעגט.

— איר זענט דאָך געווען מיט אַלע דאָ פאַרנומען, האָב איך געוואַרט, וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן, מר. שוואַרץ מוז שוין זיין אין ניו־יאָרק?

— יאָ, ער האָט דאָרט איין אַפּוינטמענט.

— וועגן געשעפט געווים.

— מיין מאָריס האַלט זייער פון אייך, ער האָט מיר אַ פּאָר מאָל אָנגעזאָגט ניט צו פאַרגעסן.

— איר מיינט... ס׳איז ניט געווען קיין טעות?

— ניין, איר האָט דאָס ערלעך פאַרדינט, האָט ער געזאָגט.

ווידער בין איך אין מיין ווינקל ביים פענצטער, און שטאַרק פאַרטראַכט, און פאַר קיין פאַל זיך ניט געקענט דערטראַכטן, פאַרוואָס אַקטיאָרן האָבן וועגן אים געהאַט אַזאַ שלעכטע מיינונג, עפּעס האָט זיך דאָ ניט געגראַמט, פאַקטיש אַז אַלע זיינען דאָ געווען צופרידן, אפילו די, וועלכע איך האָב

גלייך ביי דער ערשטער פּראָבע באַמערקט, אַז זיי זיינען אים ניט צום האַרצן, איך האָב דאָס גלייך דערקענט, אין זיין אַמאָליקן בליק, ווי אַזוי ער האָט אויף זיי געקוקט, אָבער דאָס מאָל, גאָרניט געזאָגט, און די האָבן געקראָגן גוטע רעצענזיעס פון דער ענגלישער פּרעס. „דאָס האָבן זיי געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם פּאָבליסיטי אַגענט, אויף זייער חשבון האָט ער זיך געלערנט שרייבן קריטיק, אָדער אפשר האָט ער עפּעס אין זינען געהאַט״... אַ קראַנקייט פון וועלכע זיי ליידן, אָבער ס׳העלפט זיי זייער ווייניק... און טראַכטנדיק אַזוי פון שוואַרצן, בין איך געקומען צו דעם באַשלוס.

ער האָט ניט מער די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ער איז ווי מ׳זאָגט, אַ פרייע פויגל, נעמט ער דערפאַר אַלץ זייער לייכט, ער פילט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, די איינציקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ער האָט נאָך, איז פאַר זיך, און מ׳גלויבט אים, האָט ער טאַקע באַהערשט די גאַנצע בינע, ער איז ניט נאָר געווען דער סטאַר, נאָר אויך דער קאָמיקער, דער טראַגיקער, און אַז ער האָט געוואָלט, ביי אַ סצענע אין טעלעפאָן איז ער אויך געווען די כאַראַקטער־שוישפּילערין, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט פאַר דער ראָלע געהאַט אַן ערשט־קלאַסיקע אַקטריסע ווי ראָזעטאַ ביאַליס, און נאָך מיין לאַנגן טראַכטן, האָב איך צו זיך געזאָגט: „ער וועט די פּיעסע אין ניו־יאָרק ניט שפּילן״. פאַרשטאַנען האָב איך דאָס אין דער באַמערקונג וואָס ער האָט געמאַכט. „אויב איך וועל אַמאָל באַשליסן צו שפּילן די פּיעסע אין ניו־יאָרק, וועל איך בייטן דעם נאָמען, איך וועל דאָס רופן „נחת פון קינדער״. „אפילו צו מעלאָדראַמאַטיש פאַר אַזאַ ווי מאָריס שוואַרץ, אָבער דאָס האַרץ איז מיר גרינג, ער וועט די פּיעסע אין ניו־יאָרק ניט שפּילן, אמת ס׳איז געווען גוט אַוועקגעשטעלט, און נאָך בעסער געשפּילט, ווי ס׳פּאַסט פאַר מאָריס שוואַרצן, דעם אַמאָליקן דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעאַטער, אָבער ס׳וועט פאַר אים, זיכער ניט פּאַסטן צו שפּילן דאָס אין ניו־יאָרק.

## ווידער צום אַלטן רעפּערטואַר

מ׳זאָגט, ווער עס שטייט אויף פרי, דעם העלפט גאָט. אפשר דערפאַר האָט מאָריס שוואַרץ, אַזוי פרי פאַרלאָזט מאָנטרעאָל. ס׳האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז פון דעם גרויסן אַפּוינטמענט וואָס ער האָט געהאַט אין ניו־יאָרק, איז גאָרנישט געוואָרן, האָט ער ווידער גענומען וואַנדערן, דאָס מאָל פאַר אַ לענגערע צייט.

אַזוי גיך אָבער ווי ס׳האָבן זיך גענומען באַווייזן נאָטיצן אין אַלע צייטונגען, וואו ער געפינט זיך, ווי גרויס זיין דערפאָלג איז, און וואָס פאַר אַ ריזיקע געשעפטן ער מאַכט, האָב איך שוין פאַרשטאַנען אַז ער פּאַקט זיך אַהיים צו קומען.

און באַלד טאַקע איז דער סוד אַרויס, אין דער יוניאָן האָט מען שוין אָפן גערעדט, אַז מאָריס שוואַרץ קומט, ווייל ער האָט אָפּגעמאַכט צו שפּילן פיר וואָכן אין דעם עלזמיר טעאַטער אין די בראָנקס.

— וויבאַלד אַזוי, — האָב איך צו זיך געזאָגט, — האָט ער באַשלאָסן אויפצופירן די פּיעסע וואָס מיר האָבן געשפּילט אין מאָנטרעאָל. „דער משפט״. אין ניו־יאָרק, וועט דאָס גיין אונטערן נאָמען „נחת פון קינדער״.

ס׳איז אַוועק אַ פּאָר וואָכן, ביז איך בין ווידער אין דער יוניאָן. איך האָב אויסגעפונען, אַז ער פירט ניט אויף די פּיעסע, אין וועלכער איך בין אַ געשפּילטער, נאָר ער עפנט דאָס טעאַטער מיט זיין אַלטן רעפּערטואַר, אַ יעדע וואָך אַן אַנדער פּיעסע, די ערשטע וועט זיין י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב״.

איך בין זיכער אַז ער דאַרף מיך ניט, ווייל ס׳איז פאַראַן גענוג געשפּילטע אַקטיאָרן פאַר אַלע זיינע פּיעסן. מיט דעם בין איך אַוועק פון דער יוניאָן.

ווען אפילו מ׳פירט זיך דאָס גאַנצע לעבן מיט אַ סיסטעם, קומט אַמאָל אַ צייט ווען מ׳פאַרפּלאָנטערט זיך, און געשען איז דאָס אַזוי. מיינע אַלע באַשטעלונגען זיינען ביי מיר פאַרשריבן, די טעג וואָס איך בין פאַרנומען, וואו איך דאַרף זיין, ווען איך דאַרף שפּילן, מיט וועמען איך דאַרף מיך טרעפן, און בין איך פאַרנומען וועל איך אַ צווייטן אַנגאַזשמאַ ניט אָננעמען פאַר קיין געלט אין דער וועלט, איצט נאָך זייענדיק זיכער אַז מאָריס שוואַרץ דאַרף מיך ניט אין דעם רעפּערטואַר וואָס ער גייט איצט שפּילן, ווערט מען אַמאָל איבערראַשט פון אַן אומדערוואַרטעטן טעלעפאָן־קלונג.

די וואָך וואָס ס׳איז געווען באַשטימט, ווען מאָריס שוואַרץ וועט עפענען דעם עלזמיר טעאַטער, בין איך געווען פאַרנומען, האָב איך שוין אפילו ניט געטראַכט וועגן דעם, אָבער אַ צען טאָג פאַר דער דערעפענונג, האָט געקלונגען מיין טעלעפאָן, און מאָריס שוואַרץ רופט מיך צו פּראָבע. פאַר גרויס איבעראַשונג האָב איך פאַרגעסן וואָס ביי מיר איז פאַרשריבן, און גלייך צוגעשטימט צו זיין פאַרלאַנג.

פאַר אַ ווײַלע בין איך געבליבן שטיין ביים טעלעפאָן זייער אַ צופרידענער, „איך האָב געמיינט אַז שוואַרץ דאַרף מיך ניט אין זיין אַלטן רעפּער־

טואַר, האָבנדיק אַזוי פיל געשפּילטע אַקטיאָרן, איז ווער פעלט אים? וואָס פאַר אַ ראָלע קען דאָס זיין? אָבער אַז ער האָט מיך גערופן דאַרף ער מיך געוויס.

די אַלע יאָרן וואָס איך שפּיל טעאַטער, איז מיר קיינמאָל ניט אויסגעקו־מען צו שפּילן צוויי ראָלן אין דער זעלבער פּיעסע, פאַרשיידענע ראָלן אין דער זעלבער פּיעסע יאָ, צום ביישפּיל ווען איך האָב געשפּילט מיט סעמיועל גאָלדענבערג אין „סאַנין״ בין איך געווען אַ געשפּילטער, אין צוויי ראָלן, זאַרודין און איוואַנאָוו, און ס׳איז געווען איינגעטיילט לויט דער טרופּע ווי זי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט. מיין טענה איז אַלע מאָל געווען, איך וויל בעסער זיין גוט אין איין ראָלע, איידער שלעכט אין צוויי, און קיינער האָט דאָס ביי מיר ניט געקענט פּועלן, איך האָב מיך אפילו געשטעלט דאָס ניט אָנגענומען ווען איך בין נאָך אין דער יוניאָן ניט געווען, און איינמאָל האָט דאָס שוין געהאַלטן איך זאָל פאַרלאָזן דאָס טעאַטער, און ניט געשפּילט קיין צוויי ראָלן.

איך האָב מיך נאָך אַלץ ניט געכאַפּט, אַז איך בין פאַרנומען, און בין מאָנטיק פרי געקומען צו פּראָבע, אַריינקומענדיק אין דער יוניאָן האָב איך דאָרט געטראָפן אַזעלכע אַקטיאָרן אויף וועלכע איך האָב מיך ניט גע־ריכט אַז מאָריס שוואַרץ זאָל זיי אַנגאַזשירן, האָב איך אויפן מאָמענט געמיינט, אפשר מאַכט דאָ פּראָבע אַ צווייטע טרופּע, נאָר ביז מאָריס שוואַרץ איז געקומען, בין איך שוין געווען זיכער אַז דאָס איז די קאָמפּאַני.

חיים האָפּענבערג איז געווען אָנגעשטעלט פאַרן סופלאָר ביי פּראָבע, און פאַרן בינע־פאַרוואַלטער ביים שפּילן, איז ער שמייכלענדיק צוגעקומען צו מיר, זאָגנדיק:

— פּונקט דיך האָט ער אויסגעקליבן צו שפּילן צוויי ראָלן.

— האָב איך פאַר דיר נייס.

— וואָס?

— איך וועל אפילו קיין איין ראָלע אויך ניט שפּילן.

— פאַרוואָס?

— ערשטנס ווער וויס נאָך אַזוי גוט ווי דו, אַז איך וועל קיין צוויי ראָלן ניט שפּילן, צווייטנס בין איך פאַרנומען די וואָך וואָס מ׳עפנט דאָס טעאַטער, ווען מאָריס שוואַרץ האָט צו מיר גערעדט טעלעפאָניש, האָב איך דאָס אים פאַרגעסן צו זאָגן.

— איך האָב מיינס געטאָן, דו נעם די ראָלן, און גיי זאָג אים וואָס דו ווילסט.

פּאַר אַ ווײַלע בין איך געבליבן זיצן אין אַ פאַרלעגנהייט. דעם אמת גע־זאָגט, האָב איך ניט געוואָלט צוריקגעבן די ראָלן, איך האָב אָבער קיין ברירה ניט געהאַט, ס'איז שוין געווען פון לאַנג אָפּגעמאַכט.

איך האָב געקוקט אויף די ראָלן טראַכטנדיק, איך וועל דערפאַר פאַר־לירן פיר וואָכן, איצט איז דאָס זייער אַ סך, אַחוץ דעם ווען קען זיך מאַכן נאָך אַזאַ געלעגנהייט, אַז אין פיר וואָכן זאָל איך ווערן רעפּערטואַרנע אין פיר פאַרשיידענע פּיעסן? אַקטיאָרן האָבן אויף זיי געאַרבעט גאַנצע סעזאָנען, און ווי אַזוי דערקלערט מען דאָס אים? ס'וועט גאָרניט העלפן, איך מוז דאָס אים אַליין צוגיין און זאָגן.

ווען איך בין צוגעקומען צו אים, האָט ער מיך אָנגעקוקט פאַרשטייענ־דיק אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, ביז איך האָב צו אים געזאָגט:

— מר. שוואַרץ, כ'ווייס ניט ווי אַזוי מ'דערקלערט דאָס אײַך, די וואָך ווען איר עפנט דעם עלזמיר טעאַטער, קען איך ניט זיין מיט אײַך.

— פאַרוואָס ניט? — האָט ער קאַלט געפרעגט.

— ווייל, גראָד די וואָך בין איך פאַרנומען.

— איך האָב דאָך אײַך געפרעגט...

— אמת, איך ווייס אָבער ניט פאַרוואָס, איך האָב מיך אויפן מאָמענט פאַרגעסן ווען איך האָב מיך געכאַפּט, איז שוין געווען שפּעט, איר האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, דערפאַר בין איך אַרונטערגעקומען אײַך דאָס זאָגן, גלויבט מיר אַז ס'פאַרדריסט מיך, אָבער איך קען מיר ניט העלפן.

— איצט דאַרף איך מיר העלפן.

— פאַראַן גענוג אַקטיאָרן, אפשר וועט איר געפינען אַ געשפּילטן, ס'איז דאָך ערשט היינט מאָנטיק.

ער האָט מיך שטאַרק אָנגעקוקט ווען איך האָב די ראָלן אַוועקגעלייגט אויפן טיש, אים געוואונטשן גליק און בין אַרויס פון דאָרט. אַרויסקומענ־דיק אין דרויסן האָב איך מיך אָנגעטראָפן מיט מאַדאַם אַננאַ אַפּעל, האָבן מיר זיך באַגריסט, זי איז אַרונטערגעגאַנגען מאַכן פראָבע, און איך בין אַוועק מיט פאַרדראָס. פאַרלוירן אַזאַ געלעגנהייט צו שפּילן מיט מאָריס שוואַרץ אין ניו־יאָרק. נאָך גרעסער איז מיין פאַרדרוס געווען, וואָס ער וועט דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און ער וועט זיין גערעכט. האָט ווער אַמאָל געזאָגט

אים צוריקצואווייזן אַ ראָלע, און דאָ האָב איך אים אָפּגעגעבן צוויי ראָלן, פֿאַרפֿאַלן, צו שפּעט חרטה צו האָבן.

גייענדיק האָב איך מיך אָן עפּעס דערמאָנט, ווי קומט עס פֿון די אַלע וואָס האָבן אין מאָנטרעאָל געקראָגן אַזעלכע גוטע מאַניופֿעקטשורטע רע־צענזיעס, זיינען דאָ ניטאָ? און איך, ווען איך בין ניט פֿאַרנומען, וואָלט דאָרט יאָ געווען.

## ווער האָט אויפֿגעגעבן דאָס פֿאַך?

ווי אַזוי ס'איז אין אַנדערע פֿאַכן ווייס איך ניט, אָבער אין דער טעאַ־טער־פּראָפֿעסיע, און דאַכט מיר אויך ביי די שרייבער, קוקט מען אַרויס אויף דער נייעס, ווי אַ גוטער ייד אויף משיחן, אַז מ'זאָל קענען אָנווייזן אַז דער אָדער אַ צווייטער אַקטיאָר, איז אין גאַנצן אַרויס פֿון פֿאַך.

אין דעם, ווען מ'קען כאַפּט מען זיך אָן, אין דער קלענסטער באַווייז, ווערט צעבלאָזן אין מיליאָנען פֿונקען, דאָס ווערט אין דער פּראָפֿעסיע אַזוי גיך פֿאַרשפּרייט, אפילו ווען דער קלאַנג איז אַ פֿאַלשער. פֿאַרשטייט זיך, אַז די וואָס פֿאַרשפּרייטן דאָס, האָבן איין געדאַנק דערביי, אַז דאָס טעאַ־טער־פֿעלד וועט פֿאַר זיי ווערן גרעסער, האָב איך געהאַט צוויי אַזעלכע פֿאַלן.

אַלע מיינע יאָרן ווען איך האָב געשפּילט אויף דער פּראָווינץ, האָב איך צו געוויסע ראָלן זיך פֿאַרשאַפֿט אייגענע קליידער, פּאַרוקן, און אַפֿילו געוויסע „פּראַפּס". איך האָב דאָס געטאָן צוליב צוויי אורזאַכן, איינס, ווייל ניט אין אַ יעדער שטאָט האָב איך געקענט קריגן וואָס איך האָב באַדאַרפֿט, און ווען יאָ, קומט מען אַמאָל אַריין אַזוי שפּעט אין דער שטאָט, אַז ס'איז פּשוט ניטאָ קיין צייט צו גיין נאָך דעם. צווייטנס, ווייל איך האָב קיינמאָל ניט געקענט פֿאַרטראָגן יענעמס קליידער אויף זיך, ווער שמועסט נאָך פּאַ־רוקן... האָב איך אַלע יאָרן געפֿירט אייגענע זאַכן, האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעקליבן גאַנצע 6 גרויסע קאָסטנס מיט אַלץ וואָס איין אַקטיאָר באַדאַרף אויף דער פּראָווינץ, ס'זאָל אים גאָרניט פֿעלן צו געוויסע ראָלן.

און אַ יעדן זומער האָב איך געהאַט די אמתע אַרבעט, אויפֿמאַכן די קאָסטנס, אַרויסנעמען און איבערלייגן די קליידער, איינקאַנפֿערן די פּאַרוקן,

צוריק פאַרמאַכן און דאָס געהאַלטן אַזוי לאַנג ווי איך האָב דאָס באַדאַרפט האָבן.

ווען די סעזאָנען זיינען געוואָרן קלענער, און טעאַטערס ווייניקער, זיינען שוין די גרויס־געפּאַקטע קאָסטנס געוואָרן אַ לאַסט, אָבער וואָס טוט מען מיט אַזוי פיל קליידער? און ווען האָב איך דאָס דערפילט, ווען איך האָב מיך באַדאַרפט איבערציען אין אַ נייער דירה, אָדער באַדאַרפט אַוועקפאָרן פאַרן זומער, אָבער ווען איך האָב זיך גענומען צו די קאָסטנס, האָט דאָס מיך דערמאָנט אין דער קיינמאָל־פאַרגעסענער פאַרגאַנגענהייט, און וויפל מאָל האָט דאָס ביי מיר אַרויסגערופן אַ טיפע בענקעניש נאָך דעם אַמאָל. שפּעטער אַ ביסל אויך אַ ווייטיק, אַ סך מאָל האָט מיר אַ קלעם געטאָן פאַרן האַרצן, ווען איך האָב עפּעס גענומען אין דער האַנט אַריין, ס'האָט מיך אַלע מאָל, אין עפּעס דערמאָנט.

מיט דער, האָב איך געשפּילט אין אַ פּיעסע, וואו מיר האָבן געהאַט די, אָדער אַן אַנדער סצענע, וועלכע לאָזט זיך ניט פאַרגעסן... ניט איין מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ס'מאַכט מיך קראַנק, און דאָך דאָס געהאַלטן, ביז איך האָב שוין מער ניט געקענט.

איין זומער האָב איך באַדאַרפט אַוועקפאָרן, און ס'וואָלט זיכער גע־ווען זינלאָז זיך צו שלעפּן מיט אַלץ, האָב איך אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן, און באַשלאָסן אַ סך זאַכן צו פאַרקויפן, ווער דאָס מיר ניט געלינגען, וועל איך דאָס אַוועקגעבן, ווייל ס'איז שוין מער ניט פאַראַן קיין פּראָווינץ, פון דאָרט האָט זיך דאָס אָנגעהויבן, כ'ווייס אפילו וועמענס שולד דאָס איז געווען וואָס מ'האָט דאָרט פאַרמאַכט די טעאַטערס, שפּעטער האָט דאָס שטאַרק געווירקט אויף דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק.

פאַר מיין צייט איז נאָך געווען 12 גרויסע טעאַטערס אָבער איצט בין איך שוין זיכער, אַז אַ סך פון מיינע זאַכן, וועל איך שוין ניט באַדאַרפן, אויב ס'וועט מיר נאָך אויסקומען צו שפּילן אין אַ ניו־יאָרקער טעאַטער, וועט שוין דער גאַרדעראָבער אַלץ פאַרזאָרגן, ניין, איך גלויב ניט אין קיין תחית־המתים פאַרן יידישן טעאַטער, כמעט ווי זיכער אַז די אַמאָליקע טעאַטער־זון וועט מער ניט אויפגיין, און זייענדיק מיין גאַנץ לעבן אין דעם פּאַך, קען מען זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי איך האָב געפילט, ווען מיר איז אויסגעקומען זיך צו שיידן מיט די זאַכן, נאָך אַזויפיל יאָרן.

אַ פּאָר טאָג פריער, איידער דער גאַרדעראָבער איז געקומען אַלץ

אַוועקנעמען, האָב איך צום לעצטן מאָל אַרויסגענומען די זאַכן פון די קאָסטנס, מיטן געדאַנק אפשר וועל איך נאָך עפּעס איבערלאָזן, אויפגעשלאָסן און צעעפנט די קאָסטנס, האָט אַ שאַרפער גערוך פון דעם נאַפטאַלין זיך באַלד צעשפּרייט איבערן צימער, האָב איך אויפגעמאַכט דאָס פענצטער, גראָד איז אַחוץ מיר קיינער אין הויז ניט געווען, און דעם ערשטן קאָסטיום וואָס איך האָב אַרויסגענומען, האָט מיך דערמאָנט, ווען איך האָב געשפּילט אין קליוולאַנד, אין דעם דאָטשעס טעאַטער. אַ צווייטער קאָסטיום, האָט מיך דערמאָנט, אין גליקמאַנס פּאַלאַס טעאַטער אין שיקאַגאָ. די הויזן האָב איך געלאָזט מאַכן אין מאָנטרעאָל. פאַר אַ געוויסער פּיעסע, ווייל, אָבער צו וואָס זיך אין אַלץ און אַלעמען דערמאָנען... וואָס איך האָב דאָרט אַרויסגענומען, האָב איך אין כמעט אַ יעדער זאַך, געזען אַנדערע צייטן, און אַזוי פיל איבערלעבונגען... פאַרשיידענע קאָלירן האָר, אויגן, שיער ניט דער־פילט דעם גערוך פון זייערע פאַרשיידענע פאַרפיומען, היינט די ראָלן אין וועלכע איך בין שטאַרק געווען פאַרליבט, און דערפאַר האָב איך אָנגעקויפט אַזוי פיל זאַכן... פון אַ באַזונדער קעסטעלע, האָב איך אַרויסגענומען אַ שניפּס, לאַנג געקוקט אויף אים, אַ מתנה פון... ווער ווייסט וואו זי איז. דאָס האָט מיר געגעבן סטעלאַ! ווי טייער איך האָב באַצאָלט דערפאַר. די שטעק־שיך האָט מיר געבראַכט די קליינע... און דאָס האָב איך געקראָגן פון איינער, וועלכע איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, וויגוט זי איז געווען צו מיר... און ווי פיל שטעקנס איך האָב, דעם האָב איך געקראָגן, ווען איך האָב געשפּילט אין אָדיאָן טעאַטער. שוין עטלעכע און דרייסיק יאָר, ווי גיך די צייט איז אַוועק. דעם שטעקן האָב איך געקראָגן אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. אויך שוין אַ שיין ביסל יאָרן, נאָך אין 1927 און ווער האָט מיר געגעבן אָט דעם צעקרימטן שטעקן? צו וואָס דאַרף איך אים איצט, וואָס וועט ער אויס־שטיין? ווי שווער ס'איז מיר צו שיידן זיך מיט אַלץ, איך מוז אָבער, ווייל איך פאָר אַוועק, און ווען איך פאָר נישט, וועט זיך דען די לאַגע אין יידישן טעאַטער פאַרבעסערן?

פאַרשטייט זיך אַז איך האָב ניט געוואָלט מ'זאָל וויסן פון דער טראַנזאַק־ציע מיטן גאַרדעראָבער, אָבער אין גאַנצן זיך באַהאַלטן איז ניט מעגלעך געווען, ווייל אויף אַלע זאַכן וואָס איך האָב אים פאַרקויפט, איז געווען מיין נאָמען, און ווער ס'האָט עפּעס דערטאַפּט וואָס ס'איז געווען מיינס האָט מען באַלד פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך האָב אויפגעגעבן דאָס פאַך, באַווייזן האָבן

זיי געהאַט מיט דעם וואָס איך האָב אַלץ פּאַרקויפט, און נאָך אַ בעסערן באַוויַיז, וואָס איך האָב מיך אָפּגעזאָגט צו שפּילן מיט מאָריס שוואַרצן, אָבער ווי אַזוי איך האָב דאָן געשפּילט, דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט, ס׳איז ווירק־לעך געווען לאַך פּאַיאַץ לאַך.

די אומשטענדן אין טעאַטער האָבן זיך אַזוי געביטן, אַז אַ יעדער איינער האָט געמוזט עפּעס זוכן מ׳זאָל זיך קענען פּאַרזאָרגן, מ׳האָט געכאַפּט וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט, און דערפאַר האָב איך די לעצטע פאָרשטעלונגען מיט מאָריס שוואַרצן ניט געקענט שפּילן.

געווען זיינען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געוואָלט זיין זיכער, האָבן זיי מיך פּערזענלעך געפרעגט, מאַכנדיק דערפון שפּאַס:

— דענק, מוזט האָבן אַ סך געלט.

— פון וואַנען איז דאָס געדרונגען?

— דאַכט מיר אַז דו האָסט שוין אויפגעגעבן דאָס פּאַך.

— איך האָב דאָס נאָך קיינעם ניט געזאָגט.

— וואָס מיינסטו? האָסט דען ניט פאַרקויפט אַלע דיינע זאַכן?

— אפשר האָב איך מיך געענויטיקט אין געלט?...

— פון דעם האָב איך גאָרניט געטראַכט.

— דאָס פּאַך, האָב איך נאָך ניט אויפגעגעבן, און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל ס׳האָט מיך אויפגעגעבן.

— ניט אמת, מ׳ווייסט אַז מאָריס שוואַרץ האָט דיך געוואָלט, און דו האָסט אים אָפּגעזאָגט, דאָס מיינט, אַז דו דאַרפסט דאָס ניט מער.

— וויבאַלד אַזוי, ווערט מיר שוין אַלץ קלאָר, מ׳האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז איך האָב אויפגעגעבן דאָס פּאַך, און נאָר דערפאַר ווייל איך האָב פאַרקויפט אַ פּאָר זאַכן, דאָס וואָס איך האָב ניט געקענט שפּילן מיט שוואַרצן, בין איך גראָד די וואָך געווען פאַרנומען, ווייל איך אַז איר זאָלט אַלע וויסן, אַז ניט מיר גיבן אויף דאָס פּאַך, נאָר דאָס פּאַך האָט אונדז אויפגעגעבן, זייט ניט איינגערעדט ס׳איז ניטאָ מער קיין פּאַך, און נאָך מער, מיר האָבן שוין ניט באַלד מיט וועמען צו שפּילן, ס׳איז אַ „פאַזשאַר" און אַלע דאַרפן זיך ראַטעווען.

# דער קינסטלער ווערט אַ מלמד

מאָריס שוואַרץ האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ סוד, און דאָס קען זיין האָט אים אומרואיק געמאַכט, ווייל ס׳איז געווען פון די סודות וואָס מ׳האָט ניט געקענט זיי פאַרשפּרייטן אין די צייטונגען, און אַז מאָריס שוואַרץ זאָל פאָרן און די וועלט זאָל דערפון ניט וויסן, איז דאָס געווען פאַר אים אַ צו גרויסע „פּיל״ אַרונטערצושלינגען.

און אפשר האָט אים אַ ביסל געפּלאָגט וואָס ס׳וועט אים אויסקומען צו שפּילן מיט בלויז אַמאַטאָרן וואו ער וועט זיך אָפּשטעלן, ער האָט גוט געוואוסט אַז קיין גרינגע אַרבעט איז דאָס ניט, איבערהויפּט פאַר אים.

צוערשט האָט ער זיך באַדאַרפט אָפּשטעלן אין קליוולאַנד. און אַ פּאָר חדשים לאַנג דאָרט זיצן און איינחזרן מיט אַ גרופּע, ווי אַזוי צו גיין, און וואו צו שטיין, און ווי אַזוי מ׳זאָל זיך אַליין ניט פאַרשטעלן דאָס פּנים, און אַזאַ אַרבעט איז אפילו מיט פּראָפעסיאָנאַלע אַקטיאָרן ניט קיין גרינגע זאַך, איבערהויפּט ווען מ׳וויל אַז עס זאָל זיין ווי ער מאָריס שוואַרץ האָט דאָס געזען און פאַרשטאַנען.

נאָך לאַנגע, שווערע, גרויסע נעכט אַרבעט, איז ער ענדלעך פאַרטיק געוואָרן מיט זיי, אָפּגעשפּילט עטלעכע פאָרשטעלונגען, און ער דאַרף זיך שוין ווידער פּאַקן, דאָס מאָל נאָך קאַליפאָרניע. ווידער אַמאָל אָנהייבן פון דאָס ניי, ווייטער אַרבעטן אַ 6 חדשים אָדער מער אויף דער זעלבער פּיעסע, האָט דאָס פּשוט געמיינט אַז דער געוועזענער דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער, דער גרויסער קינסטלער און רעזשיסאָר מאָריס שוואַרץ, איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ מלמד.

דאָס איז שוין זיכער ניט געווען פאַר אים, און מ׳קען זיך זייער לייכט פאָרשטעלן, וואָס ער האָט דורך דער צייט איבערגעלעבט, דאָס האָב איך שפּעטער דערקענט אויף זיין פּנים, ווען ער איז אַהיים געקומען.

ווי זאָגט מען, ווען אַ לערער ווערט אַ פּראָפעסאָר, איז דאָס זייער נאַטירלעך, נאָר פון אַ פּראָפעסאָר ווערן אַ מלמד, איז דאָס פאַרדריסלעך שווער, און פריער אָדער שפּעטער רופן זיך דאָס אָפּ אויפן געזונט, אפילו פאַר אַזאַ קינסטלער ווי מאָריס שוואַרץ, איז דאָס געווען שווער צו פאַרשטעלן בלויז ווען ער האָט נאָר אַ טראַכט געטאָן, וואָס י. י. זינגער, האָט מיט 26 יאָר

צוריק וועגן אים געשריבן, פון זיין ענערגישע אַרבעט אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, ווי אַזוי די פּראָבן זיינען דאָרט אָנגעגאַנגען, איז אויב ער האָט מיט פּאַכלייט געאַרבעט פּאַר צען, וויפל האָט ער שוין באַדאַרפט אַריינ־לייגן אַרבעט מיט ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע, מיט וועלכע מען באַדאַרף כמעט אָנהויבן פון דעם אלף בית.

היינט דאָס אַרומשלעפּן זיך, אין זיינע יאָרן, און דאָס אַלע מאָל זיך אָפּשטעלן און דאַרפן איינקנעלן מיט אַ נייער גרופּע, פּאַר אים איז דאָס שוין זיכער געווען צו שווער, דאָך האָט ער עס געטאָן, ווייל אפילו אונטער די שלעכטע אומשטענדן, איז מאָריס שוואַרץ ניט געפאַלן, ער האָט דאָס געוויזן מיט זיינע לעצטע פּאַרבאַרייטונגען.

***

זיין אַרומשלעפּן זיך, האָט זיכער אָנגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר, און ווען ער האָט אויף זיין אופן געלאָזט וויסן אַז ער קומט צוריק אַהיים, האָט ער זיכער געהאָפט, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין זיכער אַזוי גיך זיך ניט דאַרפן פּאַקן.

ס'איז שוין אָבער פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אויף וואָס פאַר אַ מדרגה דאָס יידישע טעאַטער האָט זיך שוין געפונען, דעמאָלט האָט מען שוין זיך געזוכט אָנצוכאַפּן אין אַ שטרוי, בפרט אַז עס גייט זיך אַראָפּלאָזן אַזאַ שטערן ווי מאָריס שוואַרץ, וועט דאָך זיכער אַ סך ווערן ליכטיק אין די אויגן, און מער נאָך אפשר אין די קעשענעס, דערפאַר איז געווען נאַטיר־לעך, ס'זאָל ווערן יום־טובדיק אויף דער טעאַטער עוועניו.

אַזוי גיך ווי נייעס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַז מאָריס שוואַרץ קומט, האָט די אַקטיאָרן יוניאָן, וועלכע האָט שוין כמעט ווי איינגעשלאָפן, מיט־אַמאָל דערוואַכט, און האָט אָנגעהויבן גיין אויף רעדלעך, אַלע האָבן גערעדט, אַלע האָבן געזאָגט, נאַטירלעך וואָס זיי האָבן געוואָלט, אַלע האָבן פּרובירט צו טרעפן, גרופּעס האָבן זיך געשאַפן אין אַלע ווינקעלעך, און ווי דער שטייגער איז, האָט מען זיך שוין געגומען סודן, מיט איין וואָרט, מאָריס שוואַרץ אַהיים קומען איז געוואָרן דער געשפּרעך פון טאָג.

באַלד האָבן זיך באַוויזן אין דער יוניאָן אַקטיאָרן, וועלכע מ'האָט שוין אפילו אויף דער עוועניו לאַנג ניט געזען, אויך די וועלכע האָבן מיט מאָריס שוואַרצן קיינמאָל ניט געשפּילט, זיינען געקומען אויף דעם חשבון זיך צו ווייצלען, ס'איז כמעט געוואָרן אַ קאָנקורס, פון פּראַגן און ענטפערס. איינער

האָט געוואָלט ביים צווייטן עפּעס אויסגעפינען, האָבן אַלע גערעדט, געזאָגט, זיך געטומלט, און פּרובירט צו טרעפן, און קיינער האָט ניט געוואוסט, מיט וועלכע פּלענער מאָריס שוואַרץ קומט אַהיים.

אין דער זעלבער צייט, איז אַ יעדער געווען פאַראינטערעסירט, אויב ס׳איז פאַראַן אַ האָפענונג פאַר עפּעס...

*
**

אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָב איך געטראָפן מאָריס שוואַרצן אין אָפיס פון דער יוניאָן, און קיינער האָט מיר ניט באַדאַרפט זאָגן ווי אַזוי ער פילט, איך האָב דאָס גלייך דערקענט, ווען מיר האָבן זיך באַגריסט:

— וואָס מאַכט איר ,דענק? — האָט ער מיך געפרעגט, מיט אַ גע־מאַכטן קוראַזש.

— פיין, מר. שוואַרץ...

— וואָס האָב איך געהערט, איר האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך?

— יאָ, מר. שוואַרץ. — ניט אַראָפּנעמענדיק מיינע אויגן פון אים.

— האָט איר שוין אַלע פאַרקויפט?

— פאַר אייך האָב איך נאָך אַ בוך.

ווען איך בין אַוועק ברענגען פאַר אים דעם בוך, האָב איך צו זיך אין דער שטיל גערעדט: „ניין, ס׳איז ניט דער זעלבער מאָריס שוואַרץ, ניט דער, וועלכן איך האָב געקענט, אָפּגערעדט פון יענע יאָרן איז אפילו קיין שפּור ניט פאַרבליבן, אפילו ניט פון דער צייט ווען מיר זיינען געווען אין מאָנטרעאָל. דאָס איז בלויז עטלעכע יאָר און זיך אַזוי פאַרענדערט? נו, יאָ, געוויס פון דעם אַרומשלעפּן זיך, ער איז שוין פיזיש ניט מער קיין ריז, האָט דאָס געווירקט אויף אים, אָבער אַזוי שטאַרק, אַז ס׳איז אים ניט צו דערקענען, די אָנשטרענגונג איצט אויף דער פּראָווינץ, האָבן אויף זיין פּנים איבערגעלאָזט זייער שאַרפע שטריכן, מידקייט און זאָרג. ניין, ער קען שוין מער אַזוי ניט אַרבעטן.

ביי אַ צווייטער באַגעגעניש, דאָס איז געווען „אויף גרענד סטריט” וואו ער איז געשטאַנען און עפּעס גערדרשנט, פאַר קאָלעגן שוישפּילער, וועלכע זיינען דאָרט געווען פאַרזאַמלט, אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט מיך געזען צו־קומען, האָט ער באַלד באַמערקט זאָגנדיק:

— פון אים האַלט איך. — אַלע האָבן זיך אומגעקוקט. — דענק, איר

האָט אַ פּאָר גוטע דערציילונגען אין אייער בוך, איך האָב זיי אַדורכגע־לייענט.

איך האָב אים מיט פאַרוואונדערונג אָנגעקוקט, ווי גוט ער האָט דאָס מאָל אויסגעזען, און געפילט זייער געשמייכלט, ווי אַזוי ער האָט דאָ גערעדט וועגן מיין בוך, ווייל אַ סך פון די וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, האָבן דעם בוך נאָך ניט געהאַט. ווייזט אויס, האָב איך געטראַכט, אַז איך בין געווען גערעכט, ער טאָר שוין מער ניט אַרומפאָרן, איך האָב דאָס איצט דערקענט אין זיין האַלטונג, ווי אויך אין זיין גוט אויסזען, ווי מונטער און פריש ער איז, שוין לאַנג ווי איך האָב אים אַזוי ניט געזען און אפשר איז דאָס בלויז אַן אָנ־שטעל, ווייל מיר האָבן זיך געטראָפן ביי גוסטאַוו בערגערס לוויה.

לאַנג האָט אָבער זיין גוטער אויסזען ניט אָנגעהאַלטן, ווייל ס'איז ווי אַ דונער אַרונטערגעפאַלן אין אומאָנגענעמלעכקייט, וואָס האָט אים שטאַרק געטראָפן, און דאָס האָט אים ניט נאָר פאַרדראָסן, נאָר טאַקע גוט וויי געטאָן.

# דער יידישער קאָנגרעס

אַזוי ווי אַ בייזע שטורמישע כוואַליע, האָט זיך צעגאָסן איבער דער גאַנצער טעאַטער־גאַס,און אַרום דער יוניאָן, איז אָנגעגאַנגען אַן אויפּרעגנ־דיקער טומל, וועלכער האָט אפילו פאַרטונקלט, צוליב וואָס מאָריס שוואַרץ איז אַהיים געקומען, וואו איך האָב מיך אַ קערעווע געטאָן, האָט מען גערעדט פון איין זאַך, מאָריס שוואַרץ און דער יידישער קאָנגרעס, צוליב וואָס, און פאַרוואָס דער טומל איז אָנגעגאַנגען, האָב איך ניט אָנגעהויבן וויסן.

איינמאָל אַרונטערקומענדיק אין אָפיס פון דער יוניאָן, האָב איך שוין ניט פאַרכאַפּט די פראַגע, נאָר וואָס דער פרעזידענט האָט געפרעגט:

— און וואָס וועט זיין, אַז מאָריס שוואַרץ וועט ניט וועלן?

— וואָס הייסט ער וועט ניט וועלן?...

— ער וועט ניט וועלן שפּילן, צווינגען קען מען אים ניט.

— ער איז דאָך אַדווערטייזט.

— נו, איז וואָס?

— איז ער ניט פאַראַנטוואָרטלעך?

— ניין, פאַראַנטוואָרטלעך זענט איר, אָדער בעסער געזאָגט, מיר אַלע

זיינען פאַראַנטוואָרטלעך, ער האָט קיינעם ניט געצוואונגען מ׳זאָל אים אַד־וערטייזן, איך גלויב אַז ער האָט דאָ זייער שיין געהאַנדלט, און געווען אַ „דזשענטלמאַן״ וואָס ער האָט דאָס אָנגענומען, דערפאַר גלויב איך, דאָס איז מיין מיינונג אַז מ׳האָט קעגן אים ניט ריכטיק געהאַנדלט.

ווען איך האָב גענומען אויספרעגן וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך, האָב איך אויסגעפונען דאָס פאָלגנדע. מ׳האָט געמאַכט אַ סימפּאָזיום, וועלכער איז פאָרגעקומען אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, און געהאַנדלט האָט זיך דאָרט וועגן דעם מצב פון דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

— איז וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מאָריס שוואַרץ? — האָב איך געפרעגט.

— ס׳איז אַ סברה אַז מאָריס שוואַרץ האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, און איז שטאַרק ברוגז פאַרוואָס מ׳האָט אים ניט איינגעלאַדן צו דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס.

— איך מיין אַז ער איז גערעכט, ווייל ווער נאָך אַחוץ אים, האָט אַזוי פיל וויסן וועגן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע? אויף מאָריס שוואַרצן, קען מען דאָך יאָ זאָגן, אַז ער איז דאָס יידישע טעאַטער אין אַמעריקע. אדרבה ווער קען זיך פאַרגלייכן מיט אים? איבערהויפּט מיט אַזאַ פאַרנעם, און איך וועל נאָך גיין ווייטער, ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר וואו ער האָט געשפּילט, דאַכט מיר וואו ס׳זיינען נאָר געווען יידן האָט מאָריס שוואַרץ געשפּילט, ווייל ווער האָט דאָס ניט געוואָלט זען מאָריס שוואַרץ שפּילן אין זיין גאָלדענעם רעפּערטואַר, כמעט פון אַלע קלאַסיקער אין יידיש. זיינע רייזעס האָט ער דאָך אָנגעהויבן נאָך אין יאָר 1924. דורך דער צייט איז ער זעקס מאָל געווען אין אַרגענטינע. פיר מאָל אין לאָנדאָן. פיר מאָל אין פּאַריז. צוויי מאָל אין ווין. צוויי מאָל אין וואַרשע. געמאַכט אַזוי פיל טורן אין קאַנאַדע. נאָך מערערע מאָל איבער די פאַראייניקטע שטאַטן. געווען אין דרום־אַמעריקע. מעקסיקע. בראַזיל. און אפילו אין דרום־אַפריקע. ווי אויך דריי מאָל אין מדינת־ישראל. שטעלט מען אַוועק דעם ריז פון יידישן טעאַטער אין אַ זייט, און מ׳וויל זיך באַגנוגענען צו אַזאַ סימפּאָזיום ניט גלאַט אַ פּאָר אַקטיאָרן, וועלכע זיינען דאַכט מיר ווייטער פון איסט־בראָדוויי ניט געגנגען... פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז ניט נאָר אַ שטאַרקער פאַרדרוס, נאָר ס׳מוז אים גוט ווי טאָן.

און דאָס איז שוין איצט ניט געווען גוט פאַר אים, פאַר זיין געזונט

זיכער ניט, ווייל אויב ס׳איז געווען אַ פּראַגע וועגן דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, האָט זיכער מאָריס שוואַרצן קיינער ניט געקענט פאַרטרעטן, ניט נאָר גלאַט צוויי אַקטיאָרן, נאָר אפילו ווען דאָרט וואָלט געווען אַ האַלבע יוניאָן פון די בעסטע... זיכער בין איך ניט. נאָר אויב די יוניאָן האָט זיי אויסגעקליבן פאַר אַ קאָמיטעט, האָבן זיי דאָ געמאַכט אַ ביטערן טעות.

מ׳האָט מיר אויך איבערגעגעבן אַ ביסל שפּעטער, אַז ס׳האָבן זיך געפונען אַ פּאָר אַקטיאָרן, וואָס זיינען געווען קעגן, אַז מאָריס שוואַרץ זאָל דאָרט זיין, זייער טענה איז געווען, אַז ער וועט ניט פאַרטרעטן דאָס יידישע טעאַטער. ער וועט רעדן פון מאָריס שוואַרצן, דער גאַנצער סימפּאָזיום וועט זיין פאַר־נומען מיט דער טעמע מאָריס שוואַרץ.

— ווען אַפילו יאָ, וואו איז די עוולה? ווייסט מען דען ניט אַז ער האָט געהאַט אַ סך פּערזענלעכע פאַרדינסטן אין יידישן טעאַטער? ווען ער וואָלט אפילו גערעדט פון זיך, וואָלט דאָס אויך געווען אַ גרויסער כבוד פאַר דער גאַנצער פּראָפעסיע.

— מיר האָבן געוואָלט אַ קאָמיטעט וואָס זאָל פאַרטרעטן דאָס אַלגע־מיינע יידישע טעאַטער אין אַמעריקע. האָט איינער ווערנדיק שטאַרק רויט, געזאָגט. און נאָך צוגעגעבן, כ׳מיין וואו מ׳זינגט, און מ׳טאַנצט, און אַלץ וואָס ס׳האָט צו טאָן מיטן טעאַטער אין אַלגעמיין, ניט נאָר מיט שוואַרצן אַליין.

— אפילו פאַר דעם אַלעמען, וואָלט דער נאָמען מאָריס שוואַרץ אַ סך מער געמיינט ווי אייערע צען קאָמיטעטן, ווייל אויב רעדן פאַרן אַלגעמיינעם טעאַטער אפילו, ווער פון אייך ווייסט מער פון מאָריס שוואַרצן? פאַרוואָס האָט איר איצט אים געלאָזט אַזוי גרויס אַנאָנסירן אין אַלע צייטונגען, אַז מאָריס שוואַרץ וועט אויפטרעטן אין אַן אַקט פון זיין קרוין־ראָלע „טוביה דער מילכיקער״. דערמיט באַווייזט איר, אַז ס׳איז קיין גרעסערס פון אים ניט פאַראַן, איז ווי אַזוי קען איך איינשטימען מיט אייך?

— דאָס איז דאָך פאַר דער יוניאָן.

— אין דער סימפּאָזיום, דער אַרויסטריט פאַר דער וועלט, מיינט גאָר־ניט פאַר דער יוניאָן? נעמט דאָס ניט אַריין אונדזער גאַנצע פּראָפעסיע, איר זענט ניט גערעכט, דאָס איז ניט נאָר אַ שאַנדע, נאָר איך האַלט דאָס פאַר אַ גרויס פאַרברעכן, ווי אַזוי איר האָט געהאַנדלט קעגן אים, און ווען ער זאָל זיך איצט אָפּזאָגן און ניט וועלן שפּילן, דענקט איר ניט אַז ס׳וועט

זיין אַ גרויסער פאַרלוסט, און ווען וועמען וועט איר דערפאַר באַשולדיקן? קיינעם נאָר זיך אַליין.

פאַרשטייט זיך אַז מ׳האָט אַ סך גערעדט, נאָר ווייניק געטראַכט וועגן דעם אַלעמען, ביז ס׳האָט זיך אונטערגערוקט די צייט פון דער יאָריקער פאַרשטעלונג, דאָ האָט מען זיך שוין ניט געקענט העלפן, און מ׳האָט גערופן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג אין דער יוניאָן. און מ׳האָט איינגעלאַדן דעם מיט רעכט ברוגזן מאָריס שוואַרץ.

*
**

פאָרגעקומען איז די פאַרזאַמלונג אין אָוונט, מ׳האָט געוואָלט אַז אַלע זאָלן דאָרט זיין, אפילו די וואָס אַרבעטן ביי אַנדערע פאַכן בייטאָג, און ווען איך בין געקומען צו דער פאַרזאַמלונג, איז אין אָפיס פון דער יוניאָן געווען אַ גרויסער טומל, בין איך גיך אַרויף די טרעפּ און אַריינקומענדיק אין זאַל וועלכער איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן, איז באַלד אַרויפגעלאָפן דער פּרעזידענט מיט אַ גרויסער גדולה און שמייכלענדיק געזאָגט:

— ענדלעך איז מיר געלונגען, ער קומט שוין אַרויף.

אַזוי ווי מ׳האָט געוואוסט וועמען ער מיינט, האָבן זיך אַלע גענומען אַוועקזעצן אויף די צערוקטע בענקלעך, אין דער צייט איז דער פּרעזידענט צוגעגאַנגען צו זיין פּלאַץ און דאָרט געשטאַנען ביז אַלע וועלן זיך אויס־זעצן. ביים גרויסן טיש אין דער רעכטער זייט, האָב איך פאַרנומען מיין פּלאַץ. נאָך אַלץ טראַכטנדיק אַז מאָריס שוואַרץ איז גערעכט, און ס׳וועט ניט זיין קיין גרויסע עוולה, ווען ער וועט זיך אָפּזאָגן צו שפּילן, פאַרוואָס יאָ?

אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער קאָמיטע איז מאָריס שוואַרץ אַריינ־געקומען אין זאַל, זיי האָבן אים צוגעפירט צום גרויסן טיש און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, ערשט איצט האָב איך געזען זיין אויפרעגונג, די אויגן ביי אים זיינען געווען רויט, ווי זיי וואָלטן געווען פאַרלאָפן מיט בלוט, און אַרום די דינינקע פּעדימלעך האָט ווי מיט פייער געשפּריצט אויף אַלץ און אויף אַלעמען, צוערשט האָט ער אַ יעדן באַזונדער באַטראַכט, ווי ער וואָלט וועמען געזוכט.

פון דער אַנדערער זייט טיש, איז געשטאַנען אַ רעדל אַרום דעם פּרע־זידענט, און מ׳האָט זיך דאָרט עפּעס געסודעט, קוקנדיק אויף אים פון דער

זייט, האָב איך דאָך אין זיין אויפרעגונג געזען מאָריס שוואַרץ דעם מענטש, ער איז צו גרויס אַפילו צו טראַכטן פון פאַרפירן אַן עולם, ער האָט דאָך אַזוי פיל יאָרן געאַרבעט מ׳זאָל אים גלויבן, איז ביי מיר געווען איין פראַגע, ווי אַזוי קען ער דאָ האַנדלען אַנדערש? ער האָט אָבער זייער גוט געוואוסט, צוליב וועמען די גרויסע פאָרשטעלונג ווערט געמאַכט, ס׳איז פאַר דער קראַנקן־קאַסע פון דער יוניאָן, צו קענען דערהאַלטן די נשמה פון דעם קראַנקן אַלטן אַקטיאָר, וועמען ער האָט אַלע יאָרן געהאָלפן אין דער שווערער אַרבעט פאַר אַ בעסער טעאַטער.

ווי אַזוי קען ער דאָס איצט אָפּזאָגן, עס וואָלט דאָך פאַר אים געמיינט אויפצוגעבן די לעצטע מעגלעכקייט מיט עפּעס צו העלפן, וואָלט ער זיך אַמאָל געקענט פאַרגעבן? דאָך מוז ער אַרויסזאָגן וואָס ער פילט איצט, און דאָ האָט ער די מעגלעכקייט. מיין אויג האָט נאָכגעפאָלגט זיין יעדע באַוועגונג, ווי ער האָט פאַר קיין פאַל זיך ניט געקענט באַרואיקן, ס׳האָט אין אים געקאָכט ווי אין אַ קעסל, ער וואַרט ביז ער וועט קריגן דאָס וואָרט.

גאָר ניט דער זעלבער מאָריס שוואַרץ. האָב איך געטראַכט.. ווייל ניט לאַנג צוריק זיינען מיר געווען צו אַ פּרימאָרגן צוזאַמענקונפט, ס׳איז געווען אין אַ זונטאָג דעם 12טן אַפּריל 1959, מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צום ליטעראַרישן פרישטיק, וואו די פּני פון דער ניו־יאָרקער ניט־פּאַרטייאישער אינטעליגענץ האָט זיך פאַרזאַמלט צו פרייען זיך מיט דעם 25־יאָריקן יובל פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״.

דער רעדאַקטאָר, יצחק ליבמאַן, האָט פאָרגעשטעלט מאָריס שוואַרצן, ניט נאָר אַלס דער פעסט־רעדנער פון פרימאָרגן, נאָר אַלס איינער פון די ערשטע און לאַנגיאָריקע מיטאַרבעטער, פון וואָכנבלאַט.

אויך האָב איך מיך דערמאָנט, ווען יצחק ליבמאַן האָט געשילדערט אַ רייע עפּיזאָדן אין לעבן פון וואָכנבלאַט, וואו מאָריס שוואַרץ איז געווען אַ הויפּט־שפּילער ניט נאָר אַ שוישפּילער. ער האָט דערביי אויך איראָניזירט איבער די דריי „הענט״ וועלכע האָבן זיך געהויבן קעגן איינלאַדן „ארי שבחבורת״ דעם ריז פון יידישן טעאַטער.

דאָס האָט מען קיינמאָל ניט געזאָגט וועגן אַנדערע... צו דער על־רגל־אחתדיקער מיסיע וועגן ענין־טעאַטער ביים לעצטן צוזאַמענפאָר פון קול־טור־קאָנגרעס.

און אָט זיצן מיר ווידער צוזאַמען אין דער יוניאָן, דער זאַל איז שוין

איצט איבערגעפּאַקט, און ס׳וואונדערט מיך, איז נאָך פאַראַן אַזוי פיל? אַלע אַרבעטן דאָך... באַלד וועט מען נעמען האַנדלען, דאַכט זיך דער זעלבער ענין, אָבער ווער וועט דאָ קענען זאָגן, וואָס איצחק ליבמאַן האָט געזאָגט ביי יענעם פרישטיק? „אַז קעגן די דריי אָדער פיר הענט וואָס האָבן אין וואַגונג, זיך אַ הויב געטאָן קעגן דעם כהן גדול פון יידישן טעאַטער־טעמפּל, קאָן מען מאָביליזירן מיליאָנען הערצער, אין וועלכע עס פלאַטערט אַ וואַרעמקייט און אַ דאַנקבאַרקייט צו מאָריס שוואַרץ, פאַר זיין ריינעם און קלאָרן רעקאָרד פון 32 יאָר יידיש קונסט־טעאַטער, דער שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן האָט דאָס באַשטעטיקט... אָבער דאָ?

דורך דער צייט איז די רעדל קאָמיטע פאַרטיק געוואָרן, און דער פּרעזידענט עפנט די פאַרזאַמלונג, מיט געבן דאָס ערשטע וואָרט צו מאָריס שוואַרץ, וועלכער אָנהאַלטנדיק זיך אין טיש, שטעלט זיך אויף, דאַכט זיך אַז ער איז געוואָרן העכער, און מיט אַ שאַרפן בליק נעמט ער אַלעמען אַרום, ער באַטראַכט די וואָס געפינען זיך אין זאַל, דערנאָך שפּאַרט ער זיך מיטביידע הענט אָן אין טיש, טראַכט אַ סעקונדע, און ער הויבט אָן:

— נו, געוויס פאַרשטייט איר אַלע, ווען ס׳האַנדלט זיך ניט, אין די אינטערעסן פון דעם „עמאָרדזשענסי פאָנד״ כ׳מיין די קראַנקן־קאַסע פון דער יוניאָן, וואָס זי האָט איינגעפירט פאַר די עלטערע קראַנקע אַקטיאָרן, וואָלט איך דאָ זיכער היינט ניט געווען, ווייל איך האָב פון בעט ניט געקענט אַרויסגיין, וואָס ס׳האָט מיך געמאַכט קומען אַהער, איז בלויז צוליב דעם, אַז איר זאָלט וויסן, אַז דאָ זיינען פאַראַן אַ פּאָר מיטגלידער, וועלכע זוכן ניט צו טאָן קיין גוטס פאַר אייך, כ׳וויים ניט וועלכע שטעלונג אַ יוניאָן קען נעמען קעגן אַזעלכע וועלכע ברענגען ניט קיין גוטעס פאַר דער אָרגאַניזאַציע, אָבער ס׳איז אונדז שוין גוט באַקאַנט דער פאַקט, אַז זיי האָבן אַזוי געמאַכט, אַז מ׳זאָל מיך מאָריס שוואַרץ, ניט איינלאַדן צום קולטור־קאָנגרעס, און ווען? פּונקט ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן מצב פון דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. וואָס קען מען זאָגן וועגן דעם? ס׳איז זיכער ניט קיין גרויסער כבוד פאַר דער גאַנצער פּראָפעסיע. ווייל אויב ס׳איז געווען אַ פראַגע וועגן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, ווער פון זיי ווייסט בעסער פון מאָריס שוואַרץ? אפשר, נאָך אַלעמען זיינען זיי דאָך געווען פאַרבונדן אין איסט־בראָדוויי. כ׳מיין ניט דעם „פאָרווערטס״, זיי זיינען דאָס געווען קעגן מיר און די באַלאַנגען נאָך צו דער יוניאָן. שוין אַ פּאָר מאָל, ווי איך האָב זיך אַליין גע־

פרעגט, וואָס זענט איר געקומען צו מיר, אַז איך זאָל אייך העלפן? וואו איז יושר? גלויבט איר טאַקע אַז אַזוי איז רעכט צו האַנדלען קעגן מיר? און ווער, און פאַרוואָס? און זיי געפינען זיך נאָך אין זאַל, שעמען זיי זיך גאָרניט? ווי אַזוי האָבן זיי דאָס געוואַגט צו הויבן אַ האַנט קעגן מיר, ווי אַזוי פרעג איך?

ער האָט זיך פאַר אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, און געכאַפּט דעם אָטעם. מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן? האָב איך איצט געטראַכט. ווען ער האָט ווידער אָנגעהויבן:

— איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, אַז איך בין נאָך דערוויל מאָריס שוואַרץ, און אַז איך בין אַנאָנסירט, וועל איך ניט אַנטוישן דעם עולם, זיי אָט די, וואָלטן דאָס זיכער געטאָן, יאָ אויף זיי קען מען שוין אַלץ גלויבן ווי אַזוי ס׳זאָל שוין ניט זיין, אונטער וועלכע אומשטענדן, וועל איך מאָריס שוואַרץ, ניט לאָזן פאַלן די יוניאָן. איר מוזט מיר אָבער צוזאָגן, אַז די וועלכע האָבן אַזוי געהאַנדלט קעגן מיר, זאָלן ניט וואַגן אַרויפצוקומען הינטער דער בינע, אין צייט פון דער פאָרשטעלונג, איך וויל זיי פאַר מיינע אויגן ניט זען. אָנווייזנדיק אויף מיר מיטן פינגער, אים וויל איך, איך מוז אים האָבן אין דער פּיעסע.

— מר. שוואַרץ, — האָט דער פּרעזידענט געזאָגט, — איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט האָבן וועמען איר ווילט, און אַלץ וואָס איר דאַרפט, וועט איר קריגן...

— נאָר אים דאַרף איך.

— וואָס זאָגסטו, דענק? — האָט דער פּרעזידענט מיך געפרעגט.

— ס׳איז דאָך פאַר דער יוניאָן.

— דענק, איך וועל אייך צושיקן די ראָלע.

ער האָט אַלץ געזאָגט אין איין אָטעם, עפּעס ווי ער וואָלט געוואָלט אַלץ אַריינכאַפּן, ער האָט נאָך ווייזט אויס געגלויבט, צו דערגרייכן דאָס, וואָס אַנדערע האָבן שוין ניט געקענט, זיין פאַרלאַנג איז געווען זייער אַ גרויסער, און די אָנשטרענגונג זיינע נאָך גרעסער, און פאַר איין מענטשן, איז דאָס שוין געווען שווער אַריבערצוטראָגן.

ווען איך האָב פאַרלאָזט דעם זאַל, האָב איך ניט געקענט פאַרגעסן ווי אַזוי מאָריס שוואַרץ האָט אויסגעזען, אויך וועלכע ראָלע ס׳פעלט אים וואָס דאַרף ער מיך, ווען ס׳זיינען פאַראַן אַזוי פיל געשפּילטע אַקטיאָרן?

# אַלע ווילן רעזשיסירן

פאַסט זיך דאָ זייער גוט אַריין דאָס ווערטל וואָס ס׳איז פאַראַן, פון אַ סך בעל־הביתטעס, ווערט פאַרברענט דאָס עסן, און וואַרטנדיק באַלד אַ גאַנצע וואָך, בין איך שוין געווען זיכער, אַז מ׳האָט געפונען אַ געשפּילטן אַקטיאָר פאַר דער ראָלע, און מ׳דאַרף מיך שוין ניט, ווייל וועלכער אַקטיאָר וועט זיך דאָס אָפּזאָגן צו שפּילן מיט מאָריס שוואַרצן, און איבערהויפּט ווען ס׳איז פאַר אַזאַ וויכטיקן צוועק, אָבער פאַרוואָס מ׳לאָזט מיר ניט וויסן וועגן דעם, האָט מיך נאָך מער פאַרדראָסן, ביז דער אָפּיס האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז דאָנערשטאָג אין אָוונט וועל איך האָבן פּראָבע, צו שפּילן שבת אָוונט.

דאָנערשטאָג אָוונט, צו דער באַשטימטער צייט, בין איך אַרונטערגע־קומען צו פּראָבע, אָבער קיין ראָלע, האָב איך נאָך ניט געהאַט, און מאָריס שוואַרץ איז אויך ניט געווען, איז מיר באַלד געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, ווען איך האָב דאָרט יאָ געטראָפן, ריסא! זיין טאָכטער, וועלכע האָט מיר באַלד געגעבן דעם טעקסט, און צו מיר געזאָגט:

— מר. דענק.

— יעס.

— מיין טאַטע האָט ניט געקענט קומען.

— פאַרוואָס?

— ווייל ער איז קראַנק.

— אַ שאָד...

— האָט ער מיך געשיקט, איך זאָל אייך זאָגן, דאָ האָט איר דעם טעקסט, און שרייבט אייך אויס די ראָלע.

— און פּראָבע, ווען וועט מען מאַכן?

— אַזוי גיך, ווי איר וועט פאַרטיק ווערן.

— אַזוי לאַנג וועט איר וואַרטן?

— ס׳איז ניט פאַראַן קיין סך.

— און וואָס איז וועגן פּאַפּיר?

— אָט דאָ האָט איר אַ שטיקל פּאַפּיר.

— איך פאַרשטיי אַז דאָ איז זייער וויכטיק די שטעלונגען.

— ווערט פאַרטיק, וועלן מיר זיי מאַכן.

איך האָב מיך גלייך געגומען איבערשרייבן די ראָלע, אין דער צייט זיי־נען געקומען די אַנדערע וועלכע מ׳האָט באַשטעלט, און ווען איך האָב זיי דערהערט רעדן, האָב איך באַלד געוואוסט אַז ס׳וועט ניט טויגן, מאָריס שוואַרץ איז ניטאָ ביי פּראָבע, וועט שוין פון דער גאַנצער אַרבעט גאָרניט אַרויסקומען, איך קען מיך שוין ריכטן ווי אין די אַנדערע טעאַטערס, דער סופלאָר וועט זאָגן, און אַלע וועלן נאָכזאָגן, און אויף דעם האָב איך מיך ניט געריכט, איז ערשטנס איז ער קראַנק, צווייטנס איז עס פּאַר דער יוניאָן. איז פאַרפאַלן וואָס עס וועט זיין, וועט שוין זיין.

ווען אַ רעזשיסאָר קומט ניט אַמאָל צו פּראָבע, און די טרופּע איז גע־שפּילט אין דער פּיעסע, און בלויז איינער איז ניט געשפּילט, טרעפט זיך דאָס בלויז אין יידישן טעאַטער, וואו אַלע ווערן רעזשיסאָרן. אַ יעדער וויל ווייזן, ווי אַזוי יענער זאָל שפּילן, אויך דאָ איז געווען דאָס זעלבע, אַזוי ווי היישעריקע זיינען זיי מיך באַפאַלן, און אַ יעדער האָט מיך געוואָלט לערנען ווי צו גיין, וואו צו שטיין, מיט איין מאָל זיינען אַלע געוואָרן רע־זשיסאָרן אויף מיין חשבון, און זאָל גאָט שומר־ומציל זיין ווען מ׳וואָלט איי־נעם געשטערט, מעג ער דאָס אַפילו מאַכן פאַרקערט, דאָס איז אַ קרענק אויף וועלכער די גאַנצע פּראָפעסיע ליידט, ווייל אַ יעדער אַקטיאָר וויל נאָר זיין אַ רעזשיסאָר, ווייזן ווי אַזוי יענער זאָל שפּילן, אָבער אַליין?... און שטערט מען אים, האָט ער אַ פאַרטיקן ענטפער:

— איך בין דאָך אַ געשפּילטער אַזוי פיל מאָל.

דאָס האָבן אַ פּאָר געזאָגט צו ריסאַן, זי האָט זיי אָנגעקוקט און זיי ניט געענטפערט, איז דאָס אָבער אַזאַ מין אָנשטעקעניש, ווען איינער דער־לויבט זיך, נעמט זיך שוין אַ צווייטער אויך דאָס רעכט, דערנאָך אַ דריטער, און עס ווערט געזאָגט, און גערעדט, און מ׳נעמט זיך שפּאַרן ווער ס׳גע־דענקט בעסער, און אַלע רעזשיסירן און ס׳קומט גאָרניט אַרויס.

איז אַז מאָריס שוואַרץ האָט ניט געקענט קומען צו פּראָבע, האָב איך געמוזט שווייגן, און וואַרטן ביז שבת. געקומען אין טעאַטער בין איך אַ סך פריער ווי אַלע מאָל, האָט שוין מאָריס שוואַרץ געוואַרט, מיר האָבן זיך באַגריסט, האָט ער גלייך געזאָגט:

— אויף אייך טאַקע וואַרט איך.

— בין איך דאָ, מר. שוואַרץ.

— קומט מיט מיר אין גאַרדעראָב־צימער. — מיר האָבן זיך געלאָזט

גיין. — איר ווייסט דאָך פאַרוואָס איך האָב ניט געקענט זיין ביי פּראָבע?

— אייער טאָכטער האָט מיר געזאָגט.

— בין איך טאַקע אַזוי פריי דאָ. שפּילן מוז מען דאָך.

— געוויס.

— קענט איר די פּראָזע?

— אַזוי גלויב איך, אָבער ס׳איז ניט גענוג, די הויפּט־זאַך וואָס איך וויל וויסן איז די שטעלונגען, וואו דאַרף איך מיך געפינען אויף דער בינע?

— דאָס וועלן מיר גלייך אַדורכגיין.

מיר זיינען גלייך אַוועק אין גאַרדעראָב, און זיך גענומען צו מאַכן פּראָבע, שטייענדיק איינער קעגן אַנדערן, איז דאָס געמאַכט געוואָרן אויף איין פוס, ער האָט געקוקט אין ביכל, און איך האָב געזאָגט וואָס איך האָב געדענקט, באַלד האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, דאָס האָט געמיינט גענוג, צו דער זעלבער צייט האָט ער מיך געפרעגט:

— האָט איר אַלץ וואָס איר דאַרפט?

— איך גלויב אַז דער גאַרדעראָבער האָט אַלץ באַזאָרגט.

— דאַרפט איר בלויז זיך קלעפּן אַ באָרד.

— אַ באָרד?...

— יאָ, אויב איר קענט ניט, וועל איך דאָס פאַר אייך טאָן.

— איך האָב געמיינט, — האָב איך אַ קורצן שמייכל געטאָן. — אַז איך דאַרף בלויז אַ פּאָר וואָנסן, און דאָס האָב איך געבראַכט.

— איך האָב דאָ גענוג קראַפּעי.

— וועגן פּיקן אַ באָרד, לאָזט דאָס איבער צו מיר מר. שוואַרץ, איך מוז האָבן אַ פּאָר קאָלירן, פאַר שאַטירן. איר מעגט דאָס וויסן, מיר האָט נאָך קיינער ניט געקלעפּט, איך האָב אויך אַמאָל געהאַט אַ גוטן רבין, איבערהויפּט וועגן גרים און קלעפּן. — ער האָט מיר געגעבן די קראַפּעי. — אַז איר ווילט אַ באָרד, וועט זיין אַ באָרד, און ניט גלאַט צוגעקלעפּט.

איך האָב דערקענט אין זיין בליק, ער האָט דאָס אָבער ניט געזאָגט. „דאָס וועלן מיר שוין זען", ער מיינט אַז ער רעדט צו די אַמאַטאָרן„ האָב איך געטראַכט. ער איז באַלד געוואָרן פאַרנומען מיט אַ צווייטן אַקטיאָר, האָב איך נאָך צוגעגעבן:

— איך מוז צוערשט אויסגעפינען, וואו איך דאַרף מיך אָנטאָן.

אַרויסקומענדיק האָב איך ביי די טרעפּ וואָס פירן צו די אַנדערע גאַר־דעראָב־צימערן, געטראָפן נייטענען דעם גאַרדעראָבער.

— וואו דאַרף איך גיין?

— בויעלע, דו טוסט זיך אָן „אַפּ־סטערז", אַ רום פאַר דיר אַליין, הייִנט זיינען דאָ אַלע סטאַרס, מיר קריגן אַלע גלייך באַצאָלט.

— זיינען שוין מיינע קליידער דאָרט? — האָב איך געשמייכלט.

— אַלץ איז דאָרט, בויעלע.

איך בין אַרויף די טרעפּ, וויסנדיק אַז ס'איז נאָך פרי, האָב איך מיר גענומען צייט, ביז איך בין געווען אינגאַנצן פאַרטיק, האָב איך זיך אַ פּאָר מאָל אָנגעקוקט אין שפּיגל, און ווען איך בין זיך אַליין געפעלן, בין איך שוין געווען זיכער, אַז איך מעג אַרונטערגיין. איך האָב דאָס געמאַכט זייער לאַנג־זאַם, געוואָלט אויסגעפינען אויב מ'וועט מיך דערקענען, ס'איז אָבער קיי־נער ניט געווען, האָט מען מיך ניט באַמערקט, האָב איך זייער שטיל אָנ־געקלאַפּט אין דער טיר, און אַ פרויען־שטימע האָט געזאָגט:

— אַריין.

פאַר אַ מאָמענט בין איך געבליבן שטיין, געמאַכט זיכער אויב איך בין ביי דער טיר פון מאָריס שוואַרץ צימער, האָב איך לאַנגזאַם אויפגעמאַכט, און דאָרט שוין געטראָפן מאַדאַם אַננאַ שוואַרץ מיט זייער טאָכטער ריסא, וועלכע איז שוין געווען אָנגעטאָן אין די קליידער צו שפּילן, איך האָב זיי באַגריסט, האָבן זיי מיך אָנגעקוקט מיט אַ בליק פון אַ פראַגע „ווער איז ער?" איך בין זיי פאַרבייגעגאַנגען, און געבליבן שטיין הינטער דעם בענקל, וואו מאָריס שוואַרץ איז געזעסן און אַריינגעקוקט אין שפּיגל, ער האָט מיך אַזוי אַרום באַטראַכט, ביז ער האָט געכאַפּט אַ זייטיקן קוק צו די פרויען, זאָגנדיק:

— יאָ, ס'איז נאָך פאַראַן מיט וועמען צו שפּילן.

***

דער אָוונט איז פאַררעכנט אין דער פּראָפעסיע, פאַרן גרעסטן יום־טוב פון יאָר, דערפאַר איז כמעט די גאַנצע יוניאָן פאַרטראָטן, ווייל אַלע זיינען דאָך מחותנים, פאַרשטייט זיך אַז ניט אַלע קענען זיך באַטייליקן אין דער פאָרשטעלונג וואָס מ'שפּילט, דערפאַר געפינט מען אַקטיאָרן וואו נאָר מ'גיט זיך אַ דריי, אַלע ווילן צולייגן אַ האַנט, און דער וואָס שפּילט ניט, האָט די

בעסטע געלעגנהייט צו קריטיקירן... אַנדערע נוצן אויס די געלעגנהייט צו ברענגען זייערע פריינד אין טעאַטער און מ׳וויל זיי ווייזן, אַז ס׳איז זייער יום־טוב, ברענגט מען אַ סך פון זיי אַרויף, און מ׳ווייזט זיי אויך וואָס ס׳טוט זיך הינטער דער בינע, דאָס גיט מאַנכע פון זיי אַ צווייטע געלעגנהייט, כאָטש קיינער פרעגט זיי ניט, וויפל בילעטן זיי האָבן פאַרקויפט, און וואָס פאַר אַ גרויסע פּאַטריאָטן זיי זיינען פאַרן יידישן טעאַטער. דער בעסטער באַווייז, ווען מ׳שיקט זיי אַריין בילעטן קומען זיי, אַלע יאָר. פאַראַנען אויך אַזעלכע וואָס האָבן ליב צו פרעגן, און אַלע מאָל אַ צווייטן, וואָס איז אויך אַ פרעמדער: „ווער איז דער?״ קוקט אים יענער אָן, און ווייסט ניט וואָס צו זאָגן, אַ סך האָבן אויך מורא צו ענטפערן, מ׳זאָל זיי ניט דערקענען אַז זיי באַלאַנגען ניט דאָ, אַקטיאָרן וועלכע דערקענען אַז ס׳איז פרעמדע, וועט גאָרניט זאָגן, ווייל ס׳איז פאַר דער יוניאָן. דרייען זיך אַ פּאָר אַרום הינ־טער דער בינע, און דערגייען די יאָרן די נערווירטע אַקטיאָרן וואָס דאַרפן זיין פאַרנומען מיט זיך אַליין ווייל וואָס מ׳שפּילט איז דאָך אויפגעכאַפּט, ווייל מען כאָטש געדענקען וואָס מ׳דאַרף זאָגן, אָדער וואו מ׳דאַרף שטיין, אָדער איבערגיין, און קענען זיך ניט פאַרגינען צו זיין געשטערט פון קיינעם.

אויך זיינען צו אַזאַ אָוונט פאַראַן אַזעלכע, וואָס רעדן און ענטפערן זיך אַליין, און אויב איינער פון די אַקטיאָרן באַמערקט דאָס, געפעלט אים ניט וואָס ער קוקט אים אָן, גיט ער אַ זאָג:

— וואָס קוקט איר מיך אָן? איך האָב פאַרמיין בילעט באַצאָלט פונקט ווי אַ יעדער, היינט בין איך ניט געקומען אומזיסט, מיך לאָזט מען אַלע מאָל אַריין אָן באַצאָלט.

אָט די פריינד, אָדער פּאַטריאָטן פון דעם יידישן טעאַטער, איר קענט זיי רופן ווי איר ווילט, ווילן ניט פאַרשטיין, ווי שטאַרק אין וועג זיי זיינען אַלעמען, איבערהויפּט אין אַזאַ אָוונט, זיי פּלאָנטערן זיך פּשוט פאַר די פיס, פונקט דאַן ווען אַקטיאָרן זיינען אויפגערעגט זיך אַליין אין זינען צו האָבן, קומט מען צו זיי מיט פראַגן וואָס דער אַקטיאָר איז טויזנטער מיילן אַוועק, און ניט איינמאָל ווערט מען אַזוי פאַרפּלאָנטערט אַז די בעסטע פאַרשטעלונג קען דורך אַזעלכע אָנשיקענישן געשטערט ווערן.

פאַראַן אויך אַזעלכע, אויב מען ענטפערט זיי ניט, ווערן זיי שטאַרק ברוגז, און גייען אָפּטמאָל אַוועק מיטן געדאַנק, אַז דער אַקטיאָר האָט ניט געוואָלט רעדן צו אים, שטעלט זיך ניט איינמאָל אַזעלכער אַוועק מיט אַזאַ

טענה: „וואָס איז, אַז ער שפּילט מיט מאָריס שוואַרצן, דאַרף ער שוין צו קיינעם ניט רעדן? שוין גרויס געוואָרן ביי זיך, איך געדענק ווען ער האָט געשפּילט מיט אַנדערע אַקטיאָרן".

נייטן דער גאַרדעראָבער האָט דערזען אַזויפיל מענטשן הינטער דער בינע, האָט ער צעוואָרפן די קליידער אין די צימערן, און זיך וואו באַהאַלטן, דערפאַר האָב איך מיינע קליידער אין וועלכע איך האָב באַדאַרפט שפּילן געטראָפן אויפן בוידעם, און אַז איך בין שוין געווען הינטער דער בינע, האָב איך באַשלאָסן ניט מער אַרויפצוגיין, כאָטש איך האָב נאָך געהאָט אַ סך צייט ביז צו מיין אויפטריט, האָב איך מיך אַרומגעדרייט און געטראַכט וואָס איך באַדאַרף טאָן אויף דער בינע, דאָס ניט האָבן אַ ריכטיקע פּראָבע, האָט מיך זייער נערווירט, מיט אַמאָל דערהער איך ווי איינער פרעגט אַ צווייטן וואָס זיינען געשטאַנען און באַוואונדערט דאָס פינצטערניש פון הינטער דער בינע:

— און ווער איז דער?

איך האָב אים אין דער פינצטער באַטראַכט ניט וויסנדיק ווער דאָס איז, האָב איך מיך גלייך אַוועקגעדרייט, איז אים דאָס, פאַרשטיי איך, ניט געפעלן, כאַפּט ער אָן אַ צווייטן, און פרעגט אַנווייזנדיק אויף מיר:

— ווער איז ער?

— דערקענסט אים ניט?

— ניין.

— ס'איז דאָך מר. דענק.

— דאָס איז... ער קוקט דאָך אויס... איך וואָלט געשוואוירן אַז ס'איז דער פּאָליצמייסטער פון וואַנען איך קום, ווען איך באַגעגן אים אין גאַס, וואָלט איך מיך זיכער דערשראָקן, זע נאָר ווי בייז ער זעט אויס, פּונקט ווי יענער, ווי אַן אמתער פּריצידאַטעל, ווען גייט ער דאָ „אַרעסטן"? איך האָב אַ שמייכל געטאָן. און ווען דערהערט מ'האָט דערמאָנט מיין נאָמען, האָב איך מיך צוערשט אַרומגעקוקט, און זיך גלייך געכאַפּט אַז מרים קרעסין רעכנט אויס די נעמען פון פּערסאָנאַל וואָס גייען אָנטייל נעמען אין דעם אַקט וואָס מ'גייט שפּילן מיט מאָריס שוואַרץ, ווען איך האָב באַלד דורך אַ ברייטע שפּאַרונע געזען שטיין אויף דער בינע, און געהאָלפן אַלץ צוזאַמענ־צושטעלן, איך האָב ניט געגלויבט אַז איך זע דאָס, ער איז דאָך

אַ חולה־מסוכן, אפילו צו פּראָבע ניט געקענט קומען, האָט ער זיך אין אַלץ פאַרגעסן, ווען ס׳איז געקומען צום שפּילן.

וואָס פאַר אַ קראַפט די בינע האָט, אפילו מיט דריי בינע־פּאַרוואַלטער, פאַר בלויז איין אַקט צו שפּילן, פאַרלאָזט זיך ניט שוואַרץ, ווי ער וואָלט געווען דער געזינדסטער מענטש, העלפט ער אַלץ אַוועקשטעלן דאָרט וואו ער איז געוואוינט דאָס צו טרעפן ביים שפּילן, און מיט אַזאַ פלינקייט אַז עס דאַכט זיך אַז ער יאָגט אַלעמען אַריבער, האָב איך זיך באַלד אַוועקגעשטעלט הינטער דער טיר, און גענומען וואַרטן פאַר מיין אויפטריט, שטייענדיק דאָרט, ווי איינער ביי שמונה־עשרה, און מאַכנדיק זיכער אַז איך קען מיין פראַזע, און די הויפּט־זאַך וואָס איך וויל געדענקען די שטעלונגען, ווייל דאָס איז זייער וויכטיק ווען מ׳ווייסט וואו מ׳דאַרף זיין ווען מ׳איז אויף דער בינע, וואו צו זיצן, ווען זיך אויפצוהויבן, וואו אַריבערצוגיין, און נאָך וויכטיקער ווען פון דער בינע אָפּצוגיין, דאָס אַלץ איז אַדורכגעלאָפן אין מיין מוח, ווען איך האָב דערפילט ווי מ׳שטייט הינטער מיינע פּלייצעס, ס׳איז אָבער געווען אַזוי פינצטער, אַז איך האָב גלייך ניט באַמערקט ווער דאָס איז, נאָר ווען ס׳איז געוואָרן אַ קליינער טומל, האָב איך זיך אַליין גע־פרעגט: „ווען גיי איך? באַלד, באַלד. האָב איך דערהערט אַ שטימע, האָב איך מיך אויסגעדרייט און דערקענט ווער דאָס איז. ריסאַ, איז דאָרט גע־שטאַנען און געוואַרט פאַר מיין רעפּליק, זי זאָל מיך אַריינשיקן אין צייט, דער טומל אָבער האָט מיך אַ ביסל צעטרייסלט. מורא האָבנדיק איך זאָל ניט פאַרשפּעטיקן, האָב איך איר ווידער געפרעגט: „ווען גיי איך?״ באַלד. זאָגט זי צו מיר זייער שטיל. און הערט זיך איין וואָס ס׳קומט פאַר אויף דער בינע, פרעג איך נאָך אַמאָל: „ווען?״ „גייט אַריין״, האָט זי געזאָגט.

איך האָב גיך אויפגעמאַכט די טיר, און בין אַריינגעקומען. אַ ברייטער „ספאָט״ האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין די אויגן, און איך האָב דערזען אַ גרויסן שוואַרצן גרוב פון וואַנען ס׳האָבן אַרויסגעשיינט עטלעכע טויזנט אויגן, און פון זייער ווייט אַ פּאָר עלעקטרישע לעמפּלעך, מאָריס שוואַרץ, אַלס טוביה איז געשטאַנען הינטער דעם טיש, איינגעטונקען אין אַ גאָלדע־נעם ליכט, פון אַ צווייטן „ספאָט״ די איבעריקע וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען זיינען געווען פאַרטונקלט, וואָס איך האָב יאָ געזען איז דאָס שיינען פון דעם בלעכל, וואָס דער „סאָצקע״ האָט געטראָגן, און ווי נאָר איך האָב אויפגעמאַכט דאָס מויל צו רעדן, האָט מאָריס שוואַרץ אויסגעכאַפּט די ווערטער ביי מיר,

אין דער סעקונדע האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מ׳סופלירט מיר, און ווען איך בין צוגעקומען צום טיש, האָט ער מיר אָנגעוויזן וואו איך זאָל מיך אַוועקזעצן, ערשט דאָ האָב איך מיך געכאַפּט וואָס דאָ גייט פאָר, וויסנדיק ווי אַזוי ער פילט, האָב איך געמאַכט אַ שווייג ביז נאָך דער סצענע מיטן פעדער וואו מ׳גיט מיר אַ שפּריץ און איך ווער באַגאָסן מיט טינט, האָב איך נאָך אַ פּאָר ווערטער, האָב איך זיי אָפּגעזאָגט און בין אַראָפּ פון דער בינע.

הינטער די קוליסן האָט זיך איצט נאָך מער געטומלט, ווייל אַלע האָבן זיך באַקלאָגט, אַז ער, מאָריס שוואַרץ, לאָזט קיינעם ניט קומען צום וואָרט. כמעט אַלע זיינען געווען געשפּילטע אַ סך מאָל אין דער פּיעסע. ווער ווייסט, האָב איך איצט געטראַכט, אפשר רעדט ער, און ווייסט ניט וואָס עס טוט זיך מיט אים, ער איז דאָך קראַנק. ס׳איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב געשפּילט מיט מאָריס שוואַרצן.



מאָריס שוואַרץ אַלס „טביה דער מילכיקער״

דער פּריסטאַוו טראָגט ניט קיין באָרד.

# אַ מענעדזשער פון ישראל

אַזוי לאַנג ווי איך באַלאַנג צו דער יידישער אַקטיאָרן־יוניאָן, איז אַ יעדער טעאַטער־געשעפט, געמאַכט געוואָרן דורך דער יוניאָן, דערפאַר איז אַלע מאָל געווען אַ געשריבענער קאָנטראַקט, אונטערגעשריבן פוןביידע צדדים, און דאָס איז געווען אַ פאַרזיגלונג הונדע־ט פּראָצענט, דערפאַר האָט אַחוץ די וועלכע זיינען געווען פאַרמישט אין דעם אָפּמאַך, ניט געוואוסט, פאַר וויפל, פאַר ווי לאַנג, און אַ סך מאָל פאַר ווען, ביז די אונטערגעשריבענע האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן.

פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע, וואָס ווילן ניט אַז דער אָפּיס זאָל אפילו וויסן זייער אָפּמאַך מיט אַ מענעדזשער, דאָ וואו ביידע צדדים מאַכן אַ לעגאַלן טעות, ווייל ביידע קענען אָן פאַרוואָס חרטה האָבן, און קיינער קען זיי ניט העלפן.

האָב איך טאַקע אַזאַ פּאָרל איין מאָל געטראָפן זיצן און פאַרהאַנדלען מיטן ישראל אימפּרעסאַרער, און האָבן מיט אים עפּעס אָפּגעמאַכט, און ווען איך בין זיי פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, און אַזוי גיך ווי דאָס פּאָרל האָט פאַרלאָזט, האָט דער אימפּרעסאַרער גענומען צוזאַמענלייגן די פּאַפּירן וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן איבערן טיש, בין איך צוגעגאַנגען און אים געפרעגט:

— נאָר מוזיקאַלישע פּיעסן שפּילט מען ביי אייך אין ישראל?

— פאַרוואָס? — ערשט איצט האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן און מיך אָנגעקוקט.

— ווייל, איר האָט מיט זיי, פאַרשטיי איך, אָפּגעמאַכט.

— כמעט, ווי אַזוי...

— זיי זיינען זייער גוט, זי איז גרויס אין אַ מוזיקאַלישער זאַך.

— אָט דאָס וואָס איך דאַרף, כ׳מיין פאַר שפּעטער.

— פאַר שפּעטער, וואָס מיינט איר?

— פאַר עפענען דעם סעזאָן, האָב איך שוין אָפּגעמאַכט מיט מאָריס שוואַרץ.

— וויבאַלד אַזוי, האָט איר דעם בעסטן אַטרעקשאָן...

— אַזוי גלויב איך אויך.

— איך בין זיכער.

— ער וועט עפענען מיט „יאָשע קאַלב".

— זייער גוט, און ווי אַזוי פילט ער?

— ער האָט דאָך אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט.

— זאָל אייך זיין מיט גליק.

— אַ דאַנק, און וואָס איז אייער מיינונג וועגן דער קליינער?

— אין וואָס זי וועט שפּילן, איבערהויפּט אין אַ מוזיקאַלישער פּיעסע, איז זי אַ פּלאַם פייער.

— אויב אַזוי וועט זי אָנהויבן ווען שוואַרץ וועט פאַרענדיקן.

— גאָרניט שלעכט, זי וועט קומען מיט אַ מוזיקאַלישער אויפפירונג נאָך שוואַרצן, וויבאַלד אַזוי באַלאַנסירט איר זייער גוט.

— ווען איך וואָלט געהאַט מער צייט, וואָלט איך נאָך גערעדט מיט אייך, איך מוז אָבער באַלד אָפּפליען קיין שיקאַגאָ.

— ווינטש איך אייך אַ סך דערפאָלג, און וועמען האָט איר אין שיקאַגאָ?

— אַן אייגענע, מוז איך איר זען, דינה האַלפּערן.

— אַזוי, זייט אַזוי גוט און גיט איר איבער אַ האַרציקן גערוס פון מיר.

— געוויס, איך מוז נאָך אַרונטערגיין אין אָפיס.

ס'איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר, פאַרוואָס ער איז פאַרבונדן מיטן יידישן טעאַטער, אָט דאָס איז דער אימפּרעסאַרער פון דעם יידישן טעאַטער אין ישראל. און דערפאַר איז ער דאָ אין אַמעריקע. צו שליסן קאָנטראַקטן מיט די בעסטע וואָס ער קען דאָ קריגן.

***

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָך אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט וואָס מ'האָט פאַר אים געמאַכט, וואו די גאַנצע פּרעסע, פריינד און אַלע קולטור־טרעגער זיינען געווען דאָרט פאַרטראָטן, האָבן זיך אַפילו שפּעטער אויסגעדריקט אַז זיי האָבן געהאַט אַ געפיל אַז זיי וועלן זיך שוין מיט מאָריס שוואַרצן מער ניט זען, האָבן זיי זיך מיט אים געזעגנט, און צוזאַמען מיט זיין פרוי אַננאַ, אַרויסבאַגלייט נאָך מדינת ישראל.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען, און ס'האָבן זיך גענומען באַווייזן אין די

יידישע צייטונגען, בריוו, וואָס פּערזענלעכע פריינד האָבן דערהאַלטן, ווי אויך די וועלכע די קינדער האָבן געקראָגן.

מאָריס שוואַרץ האָט שוין צוזאַמענגעשטעלט אַ גרויסע טרופּע, און ער מאַכט שוין פּראָבע, ביי טאָג און ביי נאַכט.

מאָריס שוואַרץ וועט האָבן די גרעסטע דערפּענונג, וואָס ישראל האָט ווען געהאַט אין יידישן טעאַטער. די נאָכפראַגע פאַר בילעטן איז דאָרט זייער גרויס.

מאָריס שוואַרץ פּלאַנירט שוין וועגן אַ שטענדיקן יידישן טעאַטער אין ישראל. ערשטע פאָרשטעלונג שוין אויספאַרקויפט.

מאָריס שוואַרץ האָט די גרעסטע פּראָבלעם איצט, די זאַלן אין וועלכע ער דאַרף איצט געבן זיינע ערשטע פאָרשטעלונגען זיינען ניט גרויס גענוג, אַזאַ גרויסער עולם פרעגט זיך נאָך פאַר בילעטן, אַלע ווילן זען מאָריס שוואַרץ, אין זיין ערשטער גרויסער אויפפירונג פון יאָשע קאַלב, אין ישראל.

מאָריס שוואַרץ אַרבעט שווער, ווערט באַלד פאַרטיק מיט זיין גרויסער אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב". די פאָרבאַרייטונג פאַר דער ערשטער נאַכט, איז אַזוי גרויס, ווי ס'וואָלט געווען אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב אין ישראל. אויך קומען אָן פון אַנדערע שטעט וואו מ'וויל אַז מאָריס שוואַרץ מיט זיין גרויסער טרופּע זאָל קומען שפּילן, אַ יעדער איינער וויל זען דעם גרויסן קינסטלער פון אַמעריקע, דעם דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער, אין זיין גרויסער אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב". צוזאַמען מיטן גרעסטן אַנסאַמבל, וואָס מ'האָט אַמאָל צוזאַמענגעשטעלט אין יידישן טעאַטער אין ישראל.

אַחוץ מיר גלויב איך אַז אַנדערע האָבן פּונקט אַזוי גוט ווי איך גע־וואוסט, אין וואָס פאַר אַ לאַגע מאָריס שוואַרץ איז געפאָרן, און ווען ס'האָבן זיך באַוויזן אַזעלכע גערוכן, בין איך געווען צופרידן ווייסנדיק אַז ס'איז ניט מער ווי רעקלאַמע, אָבער אַ טרייסט איז דאָס געווען אַז ער איז פאַר־נומען, און איז אפשר ניט אַזוי געפערלעך ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט, אויך אַנדערע גרוסן האָב איך אָפּגענומען פון פריינד און קאָלעגן שוישפּילער וועלכע האָבן זיך מיט אים אַדורכגעשריבן.

***

ווידער זיינען אָנגעקומען גוטע באַריכטן פון ישראל.

מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג.

מאָריס שוואַרץ האָט געהאַלטן אַ וואונדערבאַרע רעדע ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג, און האָט אַ סך צוגעזאָגט, צווישן אַנדערע גוטע זאַכן, אויך אַז ער גלויבט, אַז מ׳קען עטאַבלירן דאָ אין ישראל אַ שטענדיק יידיש קונסט־טעאַטער, און אַמאָל, אויך זיין אַ גאַסט אין אַמעריקע. ווי אויך אין אַנדערע לענדער וואו ער האָט שוין געשפּילט.

אפשר וועט ער דאָרט דערגרייכן זיין לאַנג־יאָריקן חלום? אַזוי האָב איך גענומען גלויבן, ווען מ׳האָט מיר דערציילט וואָס ער האָט געזאָגט, נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג, דערביי האָט מען מיר אויך אַריינגעראַמט אַ סוד אין אויער, אַז די אַנדערע צייטונגען וואָס האַלטן ניט פון יידיש, רייסן אים געוואַלדיק אַרונטער... דאָס האָב איך געטראַכט איז פאַר מאָריס שוואַרצן ניט גוט, איבערהויפּט פאַר זיין געזונט, אָבער ווי ס׳פירט זיך אין דער פּראָפעסיע, לאָזט מען נאָר וויסן דאָס וואָס ס׳איז גוט פאַרן געשעפט, ווען אפילו דאָ האַנדלט זיך אין אַזאַ גרויסער פּערזענלעכקייט ווי פון דעם דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעאַטער אין אַמעריקע, מעג ער זיין דער גרויסער מאָריס שוואַרץ אַליין, מוז עס באַהאַלטן ווערן, צוליב די, וועלכע אינוועסטירן דעם קאַפּיטאַל, ווייל זיי האָבן מורא פאַר זייער אינוועסטמענט, דאָס האָב איך אויסגעפונען שפּעטער, ווען איך האָב מיך געטראָפן מיטן פּרעזידענט, און ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געקראָגן אַ בריוו פון מאָריס שוואַרצן, און אַז ער באַקלאָגט זיך, ווי מ׳דערגייט אים דאָרט די יאָרן... און ווי שווער ער אַרבעט דאָרט, באַדאַרף זיך אַרומשלעפּן אַלע טאָג אין אַן אַנדער שטאָט, און אַהיים קומען נאָך האַלבער נאַכט, און באַלד אין דערפרי מאַכן פּראָבע.

— איך האָב אים וועגן די אַלע זאַכן געוואָרנט. — האָט ער נאָך צו־געגעבן. — וואָס איך האָב אויסגעפונען ווען איך בין געווען אין ישראל.

אַלץ וואָלט גוט געווען, פּונקט ווי ער האָט זיך פאָרגענומען, ס׳איז געווען פאַר אים אַ גוטע געלעגנהייט, די איינגאַמעס ביי זיינען פאָרשטעלונגען, זיינען געווען גרויסע, דעם כבוד וואָס מ׳האָט אים אָפּגעגעבן נאָך גרעסער, די מעגלעכקייטן פאַר עפּעס גרעסערס און שענערס דאָ צו שאַפן, האָט זיך

אָנגעהויבן צו וואַרעמען, איז ער אָבער אַ פּאָר מאָל איינגעפּאַלן, און מ׳האָט געמוזט שפּילן אָן אים, האָט דאָס באַלד געבראָכן דעם גלויבן פון עולם, איבערהויפּט אין די אַרומיקע שטעטלעך, וואו מ׳האָט געגלויבט אַז ער דער גרויסער מאָריס שוואַרץ וועט קומען שפּילן.

שכלדיקער וואָלט געווען, ווען מ׳לייגט אין גאַנצן אָפּ די פאָרשטעלונגען, ביז מאָריס שוואַרץ וועט געזונט ווערן, וואָלט אַמווייניקסטנס ניט פאַרלוירן געגאַנגען דער צוטרוי וואָס מ׳האָט געהאַט צו אים.

אַזוי אָבער האָט דער גרויסער בויער און קינסטלער, וועלכער איז אויף אַלע געביטן אין טעאַטער געווען כמעט אַ פּערפעקשיאָניסט, דאָ פאַרענדיקט זיין ניט דערגרייכטע מיסיע.



# דריטער טייל

## דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט

די פּינצטערע נייס וואָס ס'איז אָנגעקומען, אַז דער כהן גדול פון דעם בעסערן יידישן טעאַטער־טעמפּל, איז מער ניטאָ, האָט אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן די טעאַטער וועלט.

מיין ווייניקייט איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, נישט איך האָב געקענט וויינען, אויך ניט לאַכן, אַ סך מענטשן פאַלן אַריין אין אַ היסטעריע פון לאַכן, ווען מ'זאָגט זיי אָן אַ שלעכטע בשורה, איך האָב אָבער זייער שטאַרק גע־פילט דעם גרויסן פאַרלוסט, פון איינעם פאַר וועלכן איך האָב געהאַט גרויס דרך־ארץ, איך האָב דאַכט מיר אויף אַ יעדן געקוקט מיט פאַרדאַכט, געוואָלט וויסן ווער ס'איז געווען זיין פריינד, צוליב די פאַרשיידענע מיי־נונגען וואָס מ'האָט וועגן אים געהאַט, איבערהויפּט די אַקטיאָרן... זיין טויט האָט מיך אַזוי פאַרדראָסן, אַז איך האָב קיין זאַך ניט אַדורכגעלאָזט, וואָס זאָגט די פּרעסע?

**„פאָרווערטס", מיטוואָך, מאַי 11טן 1960.**

**מאָריס שוואַרץ געשטאָרבן**

וועלט־באַרימטער שוישפּילער און רעזשיסאָר, גרינדער און אָנפירער פון יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, האָט מיט אַ חודש צוריק געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע אין מדינת ישראל. איז אַלט געווען 72 יאָר. אָרון וועט גע־בראַכט ווערן קיין ניו־יאָרק.

— ס'וואָלט זיך אַזוי ניט געוואָלט גלויבן, ס'איז אָבער אמת.

ווי מ'וואָלט איבערגעריסן אַ גאָלדענע שנור, וועלכע ציט זיך שוין באַלד אַ האַלב יאָרהונדערט, פאַרלוירן דאָס גרעסטע וואָס מיר האָבן פאַר־מאָגט, און ס'פילט זיך אַזוי יתומדיק ווען איך נעם די צייטונג.

**דער טאָג־מאָרגן זשורנאַל (דעם זעלבן טאָג)**

**מאָריס שוואַרץ שטאַרבט אין ישראל.**

באַרימטער יידישער שוישפּילער און דירעקטאָר פון קונסט־טעאַטער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 72 יאָר. די לוויה זונטאָג, 1 אַזייגער בייטאָג

אין ניו־יאָרק. ספּעציעלער באַריכט צום „טאָג מאָרגן זשורנאַל" פון דר. נ. סווערדלין.

— אמת, דר. נ. סווערדלין, פאָלקאָמען איינשטימען מיט אייך, „דער יידישער קונסט־טעאַטער איז געווען מאָריס שוואַרצס קרוין". נו, און איצט ווער וועט זי טראָגן?

פערזענלעך דאַכט מיר, אַז איך וואָלט געקענט אַזוי פיל דערציילן, איך מוז אָבער וואַרטן, איצט וועלן דאָך אַלע זאָגן, אָבער וואָס איך ווייס, און ווי אַזוי איך האָב אים געקענט, וועט אַלע מאָל זיין אינטערעסאַנט.

**„פרייהייט", דאָנערשטאָג מאַי 12, 1960.**

**מאָרים שוואַרצעס טויט רופט אַרויס טרויער.**

די נייעס וועגן דעם פּלוצעמדיקן טויט פון דעם באַרימטן יידישן שוי־שפּילער און יאָרנלאַנגן דירעקטאָר פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, מאָריס שוואַרץ, האָט אַרויסגערופן גרויסן טרויער אין אַלע קרייזן פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די זעלבע טרויעריקע נייס לייען איך אין אַלע צייטונגען, אין דער טאַימס, וועלכע מאַכט אים יינגער מיט דריי יאָר, דאָס זעלבע אין דער העראַלד טריביון, די „דעילי ניוס" לייגט אים צו דריי יאָר, די ניו־יאָרקער „פּאָסט" דערציילט זיינס אַ חכמה, ווער עס שרייבט מער ווער ווייניקער, דער פאַקט בלייבט דער זעלבער, מיר האָבן ניט מער דעם גרויסן קינסטלער מאָריס שוואַרץ.

צוליב דעם אָבער וואָס מ׳ברענגט אים פון ישראל נאָך ניו־יאָרק, האָט מיך אַ פאָר נעכט ניט געלאָזט איינשלאָפן, פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַר־שטיין, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, וויסנדיק אַז זיין פאָטער איז באַערדיקט אין ישראל. און וויפל פאָרן דאָרט צו בלייבן... שוואַרץ איז דאַכט מיר געווען אַ גוטער ייד, אַ יידישער אַקטיאָר, אַ קינסטלער פון זיין פאָלק, און איז גע־שטאָרבן אין ישראל, און מ׳ברענגט אים קיין ניו־יאָרק? אַ בעלן צו זען וואָס די עדיטאָריעלס זאָגן.

***

ווען איך האָב צוזאַמענגענומען אַלע צייטונגען, האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז אַ יעדער האָט זיך זיין מיינונג, זיין געשמאַק, און זיין פאַר־שטאַנד, וועגן גרויסקייטן פון קינסטלער אין אַלגעמיין, מ׳זעט אַמאָל פאַקטן פאַר די אויגן, און מ׳גלויבט אויך ניט אין זיי, פונקט ווי איך פיל איצט,

נאָך דעם ווי איך האָב שוין אַדורכגעבלעטערט אַלע צייטונגען, שטייט אַ גרויסער פֿראַגע־צייכן פאַר מיינע אויגן, איז דאָס אמת? ווייל ער האָט צו מיר אויסגעזען אומשטערבלעך, ווען האָט אַזאַ מענטש צייט געהאַט צו שטאַרבן? ער איז דאָך אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט נייע פּלענער, לייענען פּיעסן, מאַכן פּראָבע, שפּילן.

און ווי מ׳שרייבט אין די צייטונגען איז ער געפאַלן ביים שפּילן, אַזאַ ריז... איך האָב גענומען זוכן אין די צייטונגען אפשר וועל איך עפּעס געפינען, בלויז אפילו אַ שפּור וועט זיין גענוג פאַר מיר, און אַזוי האָב איך מיך גענומען גריבלען וואָס ס׳איז מיר געקומען אונטער דער האַנט: „וואָס איז אין דעם עדיטאָריעל, אין פּאַרווערטס און דאָנערשטאָג, דעם 12טן מאַי 1960.

## מאָריס שוואַרץ

די נייס וועגן דעם טויט פון מאָריס שוואַרץ אין ישראל האָט אַרויסגערופן טיפן טרויער אין דער יידישער וועלט. מיטן נאָמען מאָריס שוואַרץ, איז ענג פאַרבונדן דער אויפבלי און דער ווייטערדיקער וועג און גורל פון בעסערן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. זיין נאָמען איז געוואָרן ווי אַ מין סימבאָל פון דעם קינסטלערישן יידישן טעאַטער, וועלכן ער האָט געהאָלפן אויפצובויען און אַנטוויקלען מיט אַזוי פיל ענערגיע, מוט און געדולד. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון זיין „קונסט־טעאַטער" מיט אַ מערקווירדיקן ברען, ביז וואַנען ער האָט אים דערהויבן צו אַ גרויסער קינסטלערישער הויך.

מאָריס שוואַרץ, אַזוי ווי די גאַנצע יידישע וועלט, האָט באמת געקענט שטאָלצירן מיט זיינע דערגרייכונגען אויף דעם געביט פון יידיש־טעאַטער און זיין באַרימטקייט האָט איבערגעוואַקסן די ענגע גרענעצן פון דעם יידישן טעאַטער, ער איז געוואָרן באַוואוסט אויך אין דער אַלגעמיינער טעאַטער־וועלט.

מאָריס שוואַרץ איז באַרימט געוואָרן ניט נאָר אַלס גרינדער, פירער און רעזשיסאָר פון זיין „קונסט־טעאַטער". ער איז געווען אויך איינער פון די בעסטע טאַלאַנטפולסטע אַקטיאָרן אויף דער יידישער בינע. מיט זיינע פאַרשיידנאַרטיקע ראָלן אין זיינע אויפפירונגען אויף דער בינע האָט ער באַרימט און באַליבט געמאַכט ביי דעם יידישן עולם געשטאַלטן, וואָס ער האָט גע־

שאַפן אין זיינע ראָלן, האָבן זיך אַריינגעקריצט אין די מוחות און הערצער פון די טויזנטער באַזוכער פון דעם יידישן טעאַטער.

מ׳קען זאָגן אָן איבערטרייבונג, אַז מאָריס שוואַרץ האָט ממש געלעבט און געאָטעמט מיט דער לופט פון טעאַטער אין פאַרלויף פון יאָרן, זיין דינאַמישע און טעמפּעראַמענטפולע נאַטור און זיין קינסטלערישער טאַלאַנט האָבן געקראָגן אַ פולן און פילזייטיקן אויסדרוק אין זיין אַרבעט אַלס אַרטיסט און רעזשיסאָר. ער איז אויך געווען אַ מענטש, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס אין אַלע פראַגן פון יידישער קולטור און פון יידישן לעבן בכלל, אויף וועלכן ער האָט זיך שטענדיק אָפּגערופן מיט וואַרעמקייט סיי מינדלעך, סיי שריפטלעך.

די לעזער פון „פאָרווערטס״ איז ער געווען גוט באַקאַנט אויך מיט זיינע אינטערעסאַנטע אַרטיקלען, וואָס ער פלעגט דרוקן פון צייט צו צייט אין אונזער צייטונג.

מאָריס שוואַרץ האָט איבערגעלעבט פאַר די לעצטע יאָרן שווערע אַנטוישונגען צוליב דעם טרויעריקן באַרג־אַראָפּ פון יידישן טעאַטער, מיט וועלכן ער האָט געלעבט און געאָטעמט. דאָס האָט געוויס געווירקט אויף זיין געמיט, כאָטש ער האָט ביזן סוף פון זיין לעבן זיך ניט געלאָזט באַהערשן פון שעדלעכן פּעסימיזם און האָט ביזן סוף פון זיין לעבן געמאַכט אַלערליי פאַרזוכן אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט אויפצובויען און אָנצוהאַלטן אַ יידישן קינסטלערישן טעאַטער. און ביי אַזאַ מין לעצטן פאַרזוך אויפצובויען אויך אין ישראל אַ יידישן קונסט־טעאַטער, האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. מיר וועלן אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

אין זעלבן נומער פאָרווערטס, האָב איך אויך געפונען זייער אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל געשריבן פון חיים עהרענרייך.

## מאָריס שוואַרץ — דער מענטש און קינסטלער

וואָס איך נעם דערפון אַרויס, איז וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געזאָגט צום שרייבער:

— איך האָב אַוועקגעשיקט נאָך מדינת ישראל קאָסטנס גאַנצע מיט רעקוויזיטן — קאָסטיומען, פּראָזשעקטאָרן, בינע־לאָמפּן.

— ווי אַזוי וועט איר דאָס אַלץ נאָכדעם ברענגען צוריק? עס וועט אייך קאָסטן אַ מאַיאָנטעק מיט געלט?

— איך וועל דאָס אַלץ שוין דאָרט איבערלאָזן, ער האָט זיך פאַר

אַ מאָמענט פֿאַרטראַכט זאָגנדיק: קיין בעסער פּלאַץ פֿאַר דעם ווי ביי די דאָרטיקע קינסטלער וועל איך ניט געפֿינען. ווער דאַרף עס דאָ?

צי ער האָט געהאַט פֿאָרגעפֿיל פֿון דעם נאָענטן סוף, צי ניט, קיין אַנדער טויט וואָלט מאָריס שוואַרץ ניט געוואָלט — ער איז געשטאָרבן אַרבעטנדיק. ער האָט געשפּילט כמעט ביזן לעצטן טאָג פֿון זיין לעבן, געווען אין באַרירונג מיטן טעאַטער־עולם ביזן סאַמע סוף.

וועגן מאָריס שוואַרצן דעם מענטש און דעם קינסטלער וועט איין אַרטיקל ניט סטאַיען. וויל איך דאָ, צוגעבן עטלעכע ווערטער וועגן זיין טעאַטער טעטיקייט. פֿון אַלע גרויסע שוישפּילער וואָס דער יידישער טעאַטער האָט אין זיינע קנאַפּע הונדערט יאָר געהאַט, איז מאָריס שוואַרץ געווען דער פּראָדוקטיווסטער און דער שעפֿערישסטער אין דעם זין וואָס ער האָט במשך פֿון עטלעכע און דרייסיק יאָר געהויבן דעם ניוואָ פֿון דער יידישער בינע און צוגעטראָגן גאָר גאָר אַ סך צום פּרעסטיזש פֿון אונדזער טעאַטער, געווען אַ צייט, ווען מען איז פֿון בראָדוויי געגאַנגען אין יידישן קונסט־טעאַטער זיך קוויקן מיט די אויפֿפֿירונגען פֿון שלום־עליכם, פֿון הירשביינס, גאָגאָלס און גאָרקיס ווערק, פּראָפֿעסאָרן פֿון דראַמע און טעאַטער האָבן געשיקט זייערע סטודענטן אין יידישן קונסט־טעאַטער. ס׳וועט ניט זיין איבערטריבן, אַז ביז דעם ערשטן באַזוך דאָ פֿון מאָסקווער קונסט־טעאַטער מיט סטאַניסלאַווסקין, מאָסקווינען, קאַטשאַלאָוון, קניפּער־טשעכאָוון בראש — ביז דעמאָלט איז דער יידישער קונסט־טעאַטער געשטאַנען קינסטלעריש העכער, אויב ניט נאָך העכער, פֿון דעם בראָדווייער טעאַטער. מאָריס שוואַרץ אַלס אַקטיאָר איז ניט געווען פֿון די סאַמע גרעסטע, ווייל ער האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך צו פֿאַרטיפֿן אין אַ ראָל. סעמיועל גאָלדינבורג, איז געווען אַלזייטיקער פֿון אים, דאָך וועלן אַ גאָר־גרויסע צאָל פֿון די געשטאַלטן וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געשאַפֿן פֿאַרבלייבן „אויף אייביק" אין דער כאַראַקטערן גאַלערי פֿון דער יידישער בינע.

זיין טוביה דער מילכיקער, זיין מרדכי מאזע פֿון לייוויקס „שמאַטעס", זיין נעשעווער רבי פֿון י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב", זיין דוד שאַפּירא פֿון שלום עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד" וועלן שוין אויף שטענדיק זיין די פּראָטאָטיפּן, דינען אַלס מוסטער פֿאַר אַקטיאָרן וועלכע וועלן אין דער צוקונפֿט זיי שפּילן.

מאָריס שוואַרץ האָט אַלס אַקטיאָר, און אַלס רעזשיסאָר אַרויסגעלייגט

זיין חותם (שטעמפל) אויפן יידישן טעאַטער פון זיין דור. איצט, אַז ער איז, ליידער, פון אונדז אַוועק, וועלן אַפילו זיינע קעגנער באַגרייפן, וואָס פאַר אַ גרויסן פאַרלוסט דער יידישער טעאַטער און מיט אים אונדזער גאַנצע קולטור־וועלט, האָט געליטן.

ער איז געווען אַ גרויס געווינס פאַרן יידישן טעאַטער, אַ שעפערישער קינסטלער, אַ קאַלירפול געשטאַלט. די יידישע טעאַטער־וועלט וועט נאָך אַזאַ ווי ער לאַנג־לאַנג ניט האָבן.

---

איך ווייס ניט, אויב אין דער גאַנצער פראַפעסיע, האָבן זיך געפונען מער ווי אַ פיר אָדער אפשר פינף, פאַר וועמען איך האָב געהאַט אַ גרעסערן דרך־ארץ ווי פאַר מאָריס שוואַרצן, עפעס אַ מין פאַרוויקלונג פון רעספעקט און ליבע פאַרן קינסטלער, וואָס האָט אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַרן יידישן טעאַטער.

אָט דעם סוד, האָב איך אַלע יאָרן געהאַלטן אין מיר, און ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָב איך צו אים אַרויפגעקוקט ווי זיינער אַ גרויסער פאַרערער, און די לעצטע צייט וואו מיר האָבן זיך געטראָפן, האָב איך מיך געפילט געשמייכלט פון זיינע באַמערקונגען: „איך האַלט פון אייך דענק, אַ שאָד פאַר־וואָס איך האָב אייך פאַרזען". וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם, האָב איך קיינמאָל ניט אויסגעפונען. בלעטערנדיק די אַנדערע צייטונג, האָב איך גע־פונען אַ צווייטע מיינונג וועגן אים אין טאָג פון דר. נ. סווערדלין.

## ראָל פון מאָריס שוואַרץ אין יידישע טעאַטער.

אין וואָס באַשטייען די פאַרדינסטן פון מאָריס שוואַרץ אַלס שוישפילער, רעזשיסאָר, און דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעאַטער. — זיינע אויפטועז און פאַרמעסטן — שוואַרץ דער בעל מנגן און רעדנער. — אַ קאָלירפולע פער־זענלעכקייט. — שוואַרצס טויט איז אַ שווערער פאַרלוסט פאַר דעם יידישן טעאַטער.

אויב ס'איז ריכטיק דער זאָג, אַז די וועלט איז אַ בינע און יעדער מענטש איז אַן אַקטיאָר וואָס שפּילט זיין ראָל, האָט שוין מאָריס שוואַרץ זיין ראָל אין לעבן און זיין ראָל אויף דער בינע אָפּגעשפּילט.

זעלטן ווען מען האָט אפילו צווישן אַקטיאָרן געקענט טרעפן אַזאַ מאָריס שוואַרץ, וועלכער איז געווען אַ דינאַמאָ. אָנגעלאָדן מיט אַן אומדער־שעפּלעכער ענערגיע און התמדה און עקשנות. ער איז געווען גרייט צו אַר־בעטן 20 שעה אין מעת־לעת — און אַזוי פיל האָט ער לערך געאַרבעט. ער איז

געווען אַן אָרגאַניזאַטאָר מיט פֿאַנטאַזיע און ברען און גרויסע פֿליגלען. אפשר איינער פֿון די בעסטע און פֿייערדיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן, וואָס די יידישע בינע האָט ווען עס איז פֿאַרמאָגט. מאָריס שוואַרץ איז געווען אַ שוישפּילער, איינער פֿון די גרעסטע שוישפּילער פֿון דער יידישער בינע. וואָס האָט געשאַפֿן אומפֿאַרגעסלעכע קרעאַציעס. אַ רעזשיסאָר, מיט וועמענס לייסטונגען און דערגרייכונגען און איינפֿאַלן מ׳האָט צומאָל געקאָנט שטאָלצירן. שוואַרץ האָט אויף דער בינע פֿון קונסט־טעאַטער אין לויף פֿון יאָרן און יאָרן אויפֿגעפֿירט פּיעסן פֿון די גרעסטע יידישע שרייבער און אויך פֿון וועלטלעכן רעפּערטואַר. שוואַרץ אַליין האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין שלום עליכמס פּיעסן. דאָ איז ער געווען אַ חד במינו, און קיין איין יידישער שוישפּילער האָט זיך צו אים נישט געקאָנט גלייכן.

מאָריס שוואַרץ איז פֿון די געציילטע יידישע אַקטיאָרן אפשר דער איינציקער — וואָס האָט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַ סימבאָל פֿון דעם בעסערן יידישן טעאַטער: צו דער שטופֿע פֿון אַ בויער, באַשאַפֿער, קעמפֿער און פֿירשפּרעכער פֿון דער יידישער קינסטלערישער בינע.

דער יידישער טעאַטער האָט פֿאַרלוירן אַ דינאַמאָ, אַ ריז.

ווער וועט זיין פּלאַץ פֿאַרנעמען?

ווער קאָן זיין פּלאַץ פֿאַרנעמען?

ס׳ווערט דאָ אויך דערמאָנט, אַז ס׳האָט זיך אים געוואָלט ווערן אַ שרייבער. דאָס אַלץ ווייס איך דאָך, און קוקנדיק אין די צייטונגען, האָט דאָס מיך דערמאָנט, אין די צוזאַמענשטויסן וואָס ער האָט אַ סך מאָל געהאַט מיט דער יוניאָן, און מיט אַקטיאָרן צוליב זיין פֿאַנטאַסטישער פֿאַרקלערונג. ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען צו שפּילן מיט אים, און וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען ביי פּראָבע, אָדער הינטער די קוליסן ביים שפּילן, האָב איך קיינמאָל ניט ווי אַנדערע גערעדט, אָדער געהאַט טענות צו אים, אפשר דערפֿאַר ווייל איך האָב געגלויבט, און געווען אַ סך מאָל זיכער, אַז וואָס מאָריס שוואַרץ האָט פֿאַרטראַכט, וועט ער דאָס אַדורכפֿירן, האָט דאָס אים ניט געלונגען, בין איך אויך געווען זיכער, אַז ס׳איז ניט געווען אין גאַנצן זיין שולד, געוואוסט האָב איך אַז ער קאָן, ער ווייסט, ער פּרובירט, און די הויפּט־זאַך ער וויל. און אויב ס׳איז ניט געלונגען, איז דאָס אפשר אַ סך מאָל געווען דערפֿאַר, ווייל נאָך איידער ער איז געווען אין גאַנצן זיכער מיט דעם וואָס ער האָט פֿאַרטראַכט, האָט ער שוין אַרויסגעלאָזט די קאַץ פֿון זאַק, ער פֿאָרט אויפֿבויען דעם יידישן קונסט־טעאַטער.

איידער ער האָט דאָס לעצטע מאָל פאַרלאָזט ניו־יאָרק. און איז געפאָרן קיין אַרגענטינע, האָט ער אין דער יוניאָן ביי אַ פאַרזאַמלונג געמאַכט אַזאַ „סטייטמענט״.

— איך וועל אייך זאָגן וואָס איך האָב בדעה, צו מאַכן די היים פון יידישן קונסט־טעאַטער אין אַרגענטינע. און אויב ס׳וועט מיר געלינגען צו שאַפן אַ נייעם רעפּערטואַר, וויל איך אַז די יוניאָן זאָל מיר ניט שטערן ווען ס׳וועט מיר אויסקומען צו קומען דאָ אין ניו־יאָרק צו גאַסטראָלירן, און ברענגען אַ פּאָר געשפּילטע מענטשן פון דאָרטן.

אַזאַ אָפענער סטייטמענט, האָט אַלע מאָל אַרויסגעבראַכט אַ פּאַרדריס־לעכן פּראָטעסט ביי די אַקטיאָרן, און אַ סך האָבן זיך ניט צוריקגעהאַלטן און אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, און איינער האָט צו מיר געזאָגט:

— וואָס איז, דאָ האָט ער שוין ניט מיט וועמען צו שפּילן?

— טאַקע, וואָס איז דאָס פּאַר אַ פאַרלאַנג? — האָט זיך אַ צווייטער אַריינגעמישט.

— אַזוי זיכער איז ער שוין אַז דאָרט וועט אים געלינגען? — האָט זיך שוין אַ פרוי אַריינגעמישט.

— ער וועט גאָט דאַנקען, ווען ער וועט קריגן אַזעלכע אַקטיאָרן ווי דאָ. — האָט זיך שוין דער ערשטער גענומען קאָכן, און דער צווייטער האָט אים אַרויסגעהאָלפן:

— יאָ, ווי געפעלט ער אייך? מיר גייען דאָ אַרום און האָבן ניט וואו צו שפּילן און אים פעלן אויס אַקטיאָרן.

— ס׳איז שוין גענוג אַז מיר וועלן דאַרפן וואַרטן ביז ער וועט אַמאָל צוריקקומען. — האָט די פרוי געזאָגט.

— און ווער ווייסט ווי לאַנג דאָס וועט נעמען.

— יאָ...

— וויל ער נאָך...

— ניט אַנדערש, ווי ער האָט זיך פאַרלייגט אויף אונדז...

— אַזוי טאַקע זעט עס אויס.

האָט דער לעצטער צו אַלץ צוגעשטימט, וואָס די אַנדערע האָבן געזאָגט, ער האָט נאָך מיט מאָריס שוואַרצן קיינמאָל ניט געשפּילט, האָט ער גלאַט געוואָלט צולייגן אַ פּאָר קוילן צום פייער, צו מאַכן דעם פּראָטעסט גרעסער און שטאַרקער.

דורך דער צייט האָב איך געטראַכט ווער פון זיי איז דאָ גערעכט, אַוודאי איז מאָריס שוואַרץ פּלאַן ניט קיין שלעכטער, ס'דאַרף אים נאָר געלינגען, מען מעג דאָך אַמאָל אויך גלויבן, און משנה מקום, משנה מזל. אפשר וועט דאָרט זיין גוט? האָט ער דאַכט מיר פאַרכאַפּט די פּיש פאַר דער נעץ, מיטן וועלן זיך פאַרזיכערן. לויט אַלע געזעצן פון דער יוניאָן, זיינען זיי הונדערט פּראָצענט גערעכט, ווייל אויב ס'זאָל אים געלינגען, און ער קומט מיט אַ נייעם רעפּערטואַר, מיינט דאָס שוין פאַר קיינעם גאָר ניט, דאָס קען נאָר מיינען אַרויסרייסן דעם לעצטן ביסן פון מויל, דאָס וואָלט זיכער געווען אַ גרויסע עוולה, וואָס ס'פאַרדריסט מיך אויף זיי, ווייל זיי האַנדלען ניט טאַקטיש, פאַרוואָס אַזוי פייערן אויף אים? זאָל ער פאָרן. אַזוי לייכט געפינט מען אַ נייעם רעפּערטואַר? ס'איז זייער גרינג צו רעדן, האַנדלט מען דאָך אָבער מיט אַקטיאָרן, און ביידע פאַרמאָגן פאַנטאַזיע, און ווי מאָריס שוואַרץ האָט דאָס פאַר זיי געמאָלן, האָבן זיי דאָס שוין געזען פאַר זייערע אויגן, אָט פאָרט ער שוין, און באַלד קומט ער מיט אַ שפּאָגל נייעם רעפּערטואַר, און ברענגט מיט זיך אַמווייניקסטנס צען נייע אַקטיאָרן. „ביי מאָריס שוואַרץ איז דאָך אַלץ מעגלעך", האָט נאָך איינער געזאָגט, און ס'איז ווידער געוואָרן אַ שטיקל טומל, פאַרשטייט זיך אַז זיי האָבן אַפילו ניט געוואָלט זיך צוהערן וואָס ער זאָגט, מאָריס שוואַרץ האָט דאָס גלייך דערפילט, און האָט פאַרשטאַנען וואָס ס'קומט פאַר אין זאַל, האָט ער באַלד גענומען אַן אַנדער שטעלונג זיי צו דערקלערן, פאַרוואָס ער האָט דאָס אין זינען צו טאָן. ער האָט ווידער אַמאָל פאַרגלאַנצט זיינע אויגן זאָגנדיק:

— לאָזט מיך ענדיקן וועט איר אפשר פאַרשטיין וואָס איך מיין דערמיט, ווייס איך דען ניט אַז דאָ פעלן ניט אויס קיין אַקטיאָרן, מיר האָבן דאָ זייער גוטע אַקטיאָרן, איך וועל נאָך גיין ווייטער און זאָגן, אַז איך בין נאָך ניט זיכער, אויב איך וועל דאָרט געפינען אַזעלכע גוטע אַקטיאָרן ווי מיר האָבן דאָ אין דער יוניאָן, און פאַרוואָס איך וואָלט דאָס געוואָלט טאָן, איז אפשר מער פאַר אייער טובה־וועגן, מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן אַז מיר נוי־טיקן זיך זייער שטאַרק אין אַ נייעם פּנים, דער עולם וויל עפּעס נייעס, אייך דאַרף איך דאָך ניט זאָגן אַז דער עולם האָט אונדז שוין געזען, איר פאַרשטייט זייער גוט וואָס איך מיין, דערפאַר בין איך זיכער, אַז זיי ווילן עפּעס נייעס, עפּעס אַנדערש, מ'זאָל זיי קענען ברענגען אין טעאַטער.

מ'האָט געזאָגט און גערעדט, און מ'האָט זיך געטומלט, און ס'איז דערפון

גאָרניט געוואָרן. ס׳איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מאָריס שוואַרץ איז געקומען אין דער יוניאָן מיט פאַנטאַסטישע פּלענער, וועלכע ער האָט געוואָלט פאַרווירקלעכן.

ניט איינמאָל בין איך פון אַזאַ פאַרזאַמלונג אַוועק טראַכטנדיק, מאָריס שוואַרץ איז זייער אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר, און מיר דאַכט זיך אַז ער גאַלאָפּירט דערמיט אַריבער זיין פּראַקטישקייט, און אפשר פאַרשטיי איך בעסער פון די אַנדערע וואו ער צילט? אפשר האָט ער דערביי אין זינען, אַז די יוניאָן זאָל צעברעכן דעם אַלטן געזעץ, אַז מער ווי איין אַקטיאָר קען מען ניט אַריינברענגען, און דער מוז אויך זיין אַ באַרימטער סטאַר. איז ווער קען דאָרט זיין גרעסער פון מאָריס שוואַרץ?

ווען איך בין שוין געווען ביי דער טיר אַרויסצוגיין, האָט מיך איינער אָפּגעשטעלט, און מיך געפרעגט:

— דענק, וואָס איז דיין מיינונג וועגן מאָריס שוואַרץ נייע פּלענער?

— שטותים, ס׳וועט דערפון גאָרניט ווערן.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך גלויב ניט ס׳זאָל מעגלעך זיין, ווען ס׳זאָל אים אפילו געלינגען, ווייל ס׳וועט זיך ניט לוינען, איר פאַרגעסט אייך ווען מאָריס שוואַרץ וועט זיין אַוועק פון ניו־יאָרק אַ פּאָר יאָר, וועט דאָס אים קיין גוטעס ניט טאָן, צווייטנס וועט ער דאָך וועלן צוריקקומען מיט עפּעס, וואָס זאָל זיין גרעסער ווי ער האָט אפילו ביז היינט אויפגעפירט, שטעלט זיך אַ פראַגע, וואו וועט ער נעמען אַזאַ פּיעסע? און ווען אפילו יאָ, ווייסט איר דאָך שוין מאָריס שוואַרץ פאַרנעם, ס׳וועט דאָך דאַרפן זיין ניט נאָר גרויס, נאָר גרעסער פון גרויס, און פון דאָרט פירן אַ גאַנצן פּראָדאַקשן מיט נייע מענטשן דאַרף דאָך דאָס קאָסטן אַ פאַרמעגן, ווער קען זיך דאָס אונטערנעמען? און ווער וועט אים פאַרזיכערן אפילו ווען די פּיעסע וועט דאָרט זיין אַ סוקסעס, אויב זי וועט דאָ ניט אַדורכפאַלן, מיר האָבן שוין אַזעלכע זאַכן געזען, מיין איך אַז ס׳וועט גאָרניט זיין פון דער גאַנצער זאַך.

— ווען אַלע וואָלטן אַזוי געטראַכט...

— וואָלט דאָך קיין טומל, איבער גאָרניט געווען.

ווידער האָב איך אַריינגעקוקט אין דער צייטונג, און מיין בליק איז געפאַלן אויף דער שורה. און ער וואָלט געוואָלט, אַז מ׳זאָל אים אויך האַלטן פאַר אַ שרייבער. „פאַרוואָס נישט? אויב ער איז געווען אַזאַ גרויסע פּערזענ־

לעכקייט, פֿאַרוואָס איז ער ניט באַרעכטיקט צו שרייבן? פֿעסטצושטעלן ווער ס׳איז דאָ גערעכט, גיב איך איבער איין דערינערונג וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געשריבן אין „פֿאָרווערטס״ פֿון פֿרייטאָג דעם 28טן אויגוסט 1959. זאָל דער לייענער זיך באַקענען מיט מאָריס שוואַרצס שרייבן.

# לעאָן קרישטאָל אין דעם יידישן קונסט־טעאַטער פֿון מאָריס שוואַרץ

## (די יאָרן ווען קרישטאָל איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם טעאַטער)

ווען לעאָן קרישטאָל וואָלט ניט געוואָרן אין זיינע יונגע יאָרן אַ מיטאַר־בעטער פֿון „פֿאָרווערטס״, וואָלט ער זיכער געקענט ווערן אַ גוטער אַדוואָקאַט, אָדער אַ פּאָליטישער פֿירער. ער האָט פֿאַרמאָגט אַן איבערמענטשלעכע ענער־גיע, באַגלייט פֿון שכל הישר. ער איז ניט נאָר געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, נאָר זייער אַ קלוגער מענטש. איך האָב אָפּט געשטוינט פֿון זיינע קלוגע ענטפֿערס, ווען איך האָב אים געשטעלט פֿראַגן. די עצות וועלכע ער האָט מיר אין זיינע יונגע יאָרן געגעבן, זיינען געווען פּראַקטישע און נוצלעכע. קרישטאָל וואָלט אויך געווען אַ גוטער אַקטיאָר. ער האָט געשפּילט די ראָלע פֿון „פּניעכעם״ אין משה נאַדירס „סוקסעס״ מיט אַזוי פֿיל טאַקט און אינטעליגענץ, אַז ס׳איז געווען ממש צום שטוינען, ווי אַזוי אַ ניט געשולטער טעאַטער־מענטש, זאָל אַזוי באַהערשן די בינע. קרישטאָל איז געווען פֿאַר־בונדן מיט מיר אין „אירווינג פּלעיס טעאַטער״ און נאָכדעם אין „קונסט־טעאַטער״ אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען. און וואָלט דער „פֿאָרווערטס״ אים ניט צוגענומען פֿון מיר, וואָלט איך אין אים געהאַט דעם פּראַקטישסטן טעאַטער־פֿאַרוואַלטער, ער האָט געוואוסט ווי צו רעדן מיט אָרגאַניזאַציע־פֿאַרטרעטער פֿאַר בענעפֿיטס. ער האָט געוואוסט ווי צו רעדן מיט די אַקטיאָרן און ער איז געווען דער פּיפּיקסטער רעפּרעזענטאַנט פֿון קונסט־טעאַטער אין די אַלע יאָרן פֿון זיין עקסיסטענץ. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען ער, משה נאַדיר, משה לייב האַלפּערן און איך זיינען געווען אַ האַרמאָנישער קוואַרטעט. אָבער ער האָט געהאַלטן דעם קאָנטראָל איבער אונדז און אונדזער טעטיקייט. מיר האָבן אים געפֿאָלגט, ווייל ער איז געווען קלוג און פּראַקטיש. קרישטאָל האָט ליב געהאַט דעם בעסערן יידישן טעאַטער. און איך בין זיכער, אַז דער מצב פֿון טעאַטער וואָלט געווען אַ געזינטערער, ווען קרישטאָל וואָלט ביי אים

געבליבן. זייענדיק אַ וועלט־מענטש, האָט ער צוגעצויגן צום קונסט־טעאַטער ניט נאָר נייע דראַמאַטורגן, נאָר אויך די גרעסטע ענגלישע קריטיקער פון יענער צייט.

אין אַ שיינעם טאָג האָט ער מיר געבראַכט דעם דיכטער ה. לייוויק און מיך ממש געצוואונגען צו לייענען זיין פּיעסע „שמאַטעס". די פּיעסע איז געווען אַ צאַרטע, אַ געפילפולטע און פאַר יענער צייט, ווען דער יידישער טעאַטער האָט זיך געיאָגט נאָך בראָדוויי־אימיטאַציעס און געשפּילט נאַרישע אָפּערעטן, איז געווען אַ גרויס געפאַר אַוועקצושטעלן לייוויקס עכט־ליטעראַרישע דראַמע. ווען איך האָב געלייענט די פּיעסע, האָב איך אים געזאָגט, אַז עס פאָדערט זיך אַן אַריינפּיר, אַ מין נאַראַטאָר, וועלכער זאָל באַקענען דעם עולם מיט דעם נייעם שוואונג פון ניו־יאָרק, ווייל דאַן האָט זיך שוין גענומען באַווייזן פאַר אונדז אַ נייער עולם אין טעאַטער, וועלכן מען האָט געדאַרפט אויפקלערן און צוגרייטן פאַר אַזאַ סאָרט אויפפירונג. קרישטאָל האָט צוגעגרייט אַ מין פאָררעדע, ערב דעם אָנהויב פון דער פאָרשטעלונג. דאָרט איז געזאָגט געוואָרן, אַז מיר געפינען זיך אין אַ הויז אויף דער איסט־סאַיד, וואו אַ פאַמיליע לעבט ניט אינערלעך רואיק: אַז דער העלד מרדכי מאָזע איז אַ זיידענער ייד, אַ בן־תורה, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אינעם קעסל פון ניו־יאָרק און די צייט וויל אים אַסימילירן, אָבער ער לאָזט זיך ניט. ער איז גרייט צו ווערן אַ שמאַטע־אַרבעטער אין אַ שאָפּ, כדי צו בלייבן מרדכי מאָזע, מיט דעם שטאָלץ און יחוס מיט וועלכן ער איז געקומען אין דעם צערודערטן גאָלדענעם לאַנד.

ווען קרישטאָל ברענגט ניט לייוויקן, וואָלט לייוויק אַליין ניט געקומען, ווייל ער איז געווען אַ צו באַשיידענער מענטש, און דיכטונג איז פאַר אים געווען וויכטיקער, ווי שרייבן פאַרן טעאַטער. איך געדענק ווי קרישטאָל האָט דעמאָלט געבראַכט אַב. קאַהאַנען אין „קונסט־טעאַטער" צו דער פּרע־מיערע פון „שמאַטעס". ווען קאַהאַן איז געקומען, איז קרישטאָל אַרויף אויף דער בינע און געזאָגט צו די אַקטיאָרן: „קינדער, אויב מ'וועט ניט שפּילן מיט האַרץ און נשמה, וועט קאַהאַן אַוועקגיין אַן אַנטוישטער און ער וועט שרייבן, אַז ס'איז גלאַט אַ פּיעסע, ניט שלעכט געשפּילט".

דעם אמת געזעדט, האָבן די אַקטיאָרן ניט שטאַרק געגלויבט אין דעם דערפאָלג פון דער דראַמע. נאָר קרישטאָל און איך האָבן געגלויבט, אַז לייוויק ברענגט אַ נייעם טאָן פאַר דער יידישער בינע; אַז „שמאַטעס", כאָטש

ניט קיין גיגאַנטישער ספּעקטאַקל, פֿאַרמאָגט אין זיך דעם לעבנס־אָטעם פֿון יענער צייט, ווען די שמאַטע יידן זיינען דאָ געוואָרן אָדער שמאַטע־אַרבעטער, אָדער באַנק־קוועטשער אין בית־המדרש, אָדער פּעדלערס מיט פּושקאַרטס.

קרישטאָל האָט דערפֿילט, אַז דער העלד מרדכי מאזע וועט קיין פּעדלער ניט ווערן — אַז דער זיידענער שטילער מענטש — דער טרוימער פֿון אַן ערלעך יידיש לעבן איז שטאַרק און וועט זיך ניט לאָזן בויגן. איך גלויב, אַז די באַגעגענישן פֿון קרישטאָלן מיט קאָהאַנען, אין פֿאַרבינדונג מיט דער אויפֿפֿירונג פֿון „שמאַטעס" האָט געפֿירט דערצו, אַז ער, אַב. קאָהאַן, מיט זיין זעלטענעם חוש, זאָל דערפֿילן אַז דער יונגערמאַן קאָן זיין אַ געווינס פֿאַרן „פֿאָרווערטס" און ער האָט אים צוגענומען פֿון „קונסט־טעאַטער", ווי נאָר דער סעזאָן האָט זיך געענדיקט. פֿאַרן טעאַטער איז עס געווען אַ גרויסער פֿאַרלוסט, ווייל ווען ער איז געווען פֿאַרוואַלטער, האָב איך זיך געקאָנט אינגאַנצן אָפּגעבן מיט דער בינע. ער האָט שוין אַלץ פֿאַרזאָרגט, אפֿילו די ענגלישע פּובליסיטי, ווייל קרישטאָל האָט געקאָנט זייער גוט ענגליש. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער אָפּט געשריבן טעאַטער־רעצענזיעס אין דער „ניו־יאָרק סאָן". און וואָלט ער ניט געווען אַזוי פֿאַרליבט אין דעם יידישן לשון, וואָלט ער פֿאַרבליבן ביי דער ענגלישער זשורנאַליסטיק. קרישטאָל איז גע־בליבן פֿאַרבונדן מיטן „קונסט־טעאַטער" אויך שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ שרייבער אין „פֿאָרווערטס". מיר האָבן זיך אָפּט געטראָפֿן און גע־פּלאַנט דעם רעפּערטואַר פֿון „קונסט־טעאַטער", גערעדט פֿון אַקטיאָרן, מו־זיקער, מאָלער, א.ד.גל., אָבער ווען מדינת ישראל איז פּראָקלאַמירט גע־וואָרן, האָט קרישטאָל זיין גאַנצע ענערגיע און פֿייער אָפּגעגעבן פֿאַר ישראל. איך האָב אים אָפּט געטראָפֿן און אים געוואָרנט, אַז ער אַרבעט צו שווער. אַז ער וואַרפֿט זיך אויף אַלע זייטן צו קומען צום אויסדרוק. איך האָב גוט געדענקט, אַז מיט אַן ערך 28 יאָר צוריק האָט ער דורכגעמאַכט אַ האַרץ־אַטאַקע און איז געלעגן אין שפּיטאָל חדשים־לאַנג. מיינע ווערטער זיינען אָבער געפֿאַלן ווי אין טיפֿן ים אַריין. זיין ענטפֿער איז געווען: „איך אַרבעט שווערער פֿון מיר — איך קעמפֿט פֿאַר אַ יידישן קונסט־טעאַטער אין אַ שטאָט וואו שונד און נאַרישע מאַכערייקעס פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן ביים יידישן טעאַטער־עולם".

— קרישטאָל האָט מיר געהאָלפֿן אַרויסברענגען אַ טעאַטער־זשורנאַל —

„אונדזער יידישער טעאַטער״, פון וועלכן ער איז געווען רעדאַקטאָר. דער זשורנאַל האָט געמאַכט אַ רושם. קרישטאָל האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז מ׳דאַרף זען אַז טאָמאַשעפסקי זאָל אויפהערן אַרומגיין מיט אַ צילינדער אין מיטן העלן טאָג. ס׳איז פשוט פריקרע צו קוקן ווי ער קומט אַריין אין ראָיאַל קאַפע מיטן צילינדער.

מיר האָבן באַשלאָסן צו דרוקן אין אונדזער זשורנאַל אַ בילד פון טאָ־מאַשעפסקין, אָנגעטאָן אין צילינדער און פוטער, מיט אַן אונטערשריפט: „ווי לאַנג, מר. טאָמאַשעפסקי?״ ווען טאָמאַשעפסקי האָט זיך דערזען אין אונדזער טעאַטער זשורנאַל אויף דעם בילד — האָט ער אויף צו מאָרגנס אַוועקגעוואָרפן דעם צילינדער און אָנגעטאָן אַ געוויינלעכן הוט, און ווען ער איז אַריינגעקומען אין ראָיאַל קאַפע, האָבן אים די אַקטיאָרן אַפּלאָדירט און סעם קעסטין האָט אים געדריקט די האַנט, זאָגנדיק: „איצט מר. טאָ־מאַשעפסקי, זעט איר אויס ווי אַ נאַש־בראַט״. טאָמאַשעפסקי האָט מער דעם צילינדער ניט געטראָגן.

⁂

דעם אמת גערעדט, מאַכט אין די לעצטע יאָרן אויף מיר דער טויט קיין שטאַרקן איינדרוק ניט, ווייל אַזוי פיל נאָענטע און וויכטיקע מענטשן גייען אַוועק. מען לייענט יעדן טאָג וועגן דער געפאַר פון אַן אַטאָמישער מלחמה, טראַכט מען, אַז דאָס לעבן איז סיי־ווי ניט ווערט קיין גראָשן. אָבער קרישטאָלס טויט האָט מיך שטאַרק צערודערט. איך האָב געפילט, ווי מען האָט גענומען אַ בוים, וועמעס צווייגן האָבן זיך הויך צעוואַקסן, און אים פּלוצעם אונטערגעהאַקט. איך בין געווען אין די בערג, בעת דאָס אומגליק איז געשען. און בין געקומען שוין נאָך דער לוויה. פאַר מיינע אויגן שטייט נאָך דער לעבעדיקער, ענערגישער, שפּרודלדיקער לעאָן קרישטאָל, אַזוי ווי איך וועל אים שטענדיק געדענקען.

דאָס לאָז איך איבער צום לייענער, ער זאָל האָבן זיין אייגענע מיי־נונג, וועגן מאָריס שוואַרץ אַלס שרייבער. איך האָב זיך שוין איבערצייגט, אַז טעאַטער שפּילן, און שרייבן, זיינען די צוויי פאַרשאָלטענע פּראָפעסיעס, אַ יעדער איינער ביי זיך גלויבט, אַז ער איז בעסער פון דעם צווייטן. איך בין געווען ביי לעאָן קרישטאָלס לוויה, אין „פּאַרק וועסט מעמאָריאַל טשאַפּל״. ווער ווייסט אפשר האָב איך דאָרט פאַרטראָטן זיין בעסטן פריינד, מאָריס שוואַרץ?

⁂

אַזוי טראַכטנדיק האָב איך געבלעטערט די פאַרשיידענע צייטונגען, און דערזען דעם עדיטאָריעל פון דאָנערשטאָג דעם 12 מאַי 1960.

## „מאָרגן פרייהייט"

## דער טויט פון מאָרים שוואַרץ.

מיטן טויט פון מאָריס שוואַרץ, איז אַוועק פון יידישן טעאַטער, און פון דער יידישער קולטור־וועלט בכלל, אַ באַדייטנדיקע פיגור. עס איז אַוועק אַ טעאַטער־קינסטלער מיט גרויסע פאַרדינסטן. ניט געקוקט אויף ערנסטע חסרונות, סיי אַלס שפּילער און נאָך מער אַלס דירעקטאָר — און וועגן דעם וועט אויסקומען צו רעדן באַזונדער — האָט מאָריס שוואַרץ אַריינגע־שריבן זיין נאָמען אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער דורך דעם יידישן קונסט־טעאַטער, וואָס ער האָט געהאַט געגרינדעט מיט אַן ערך פערציק יאָר צוריק, אַ טעאַטער פון בעסערן רעפּערטואַר. מיט דעם טעאַטער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייער פּעריאָד אין דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. דאָס איז געווען אַ זאַמלפּונקט פאַר פיל פון די בעסטע קרעפטן אין דער יידישער טעאַטער־וועלט, וועלכע האָבן געשטרעבט אויפצוהאַלטן און אַנטוויקלען יידיש טעאַטער, וואָס זאָל זיין ריין פון שונד און וואָס זאָל ברענגען דעם יידישן עולם די ווערק פון יידישע דראַמאַטורגן ווי פון די קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז אויך געווען אַ טעאַטער, וואָס האָט געהאָלפן אַנט־וויקלען יונגע טאַלאַנטן, צווישן זיי אַזעלכע ווי מוני וויזענפריינד — דער איצטיקער פּאָול מוני — און אַנדערע. דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט אויסגעאיבט זיין השפעה אויך אויסער ניו־יאָרק און די אַנדערע שטעט אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וואוהין מאָריס שוואַרץ פלעגט קומען מיט זיין טרופּע. דורך זיינע באַזוכן אין אייראָפּע, אין דרום־אַמעריקע, ספּעציעל אין אַרגענטינע, האָט מאָריס שוואַרץ, דירעקט און אומדירעקט, אין אַ באַשטימטן זין באַ־איינפלוסט דעם גאַנג פונעם יידישן טעאַטער. די לעצטע יאָרן האָבן ליידער אַרויסגערוקט מער די נעגאַטיווע מאָמענטן אין דער ראָל פון מאָריס שוואַרצן פאַרן יידישן טעאַטער — דעם סטאַריזם, דעם צו שטאַרקן אינדי־ווידואַליזם, וואָס האָט בייגעטראָגן דערצו עס זאָל ניט איינגעשטעלט ווערן אַ געזעלשאַפטלעך יידיש טעאַטער. דער עיקר איז דאָ געווען און פאַרבליבן שולדיק די געזעלשאַפטלעכקייט גופא, די ביטערע קעגנערשאַפט צו אייניקייט

אינעם יידישן לעבן, אייניקייט פון אַלע עלעמענטן, וואָס ווילן אַ בעסער יידיש טעאַטער. די שווערע יאָרן, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט לעצטנס איבערגעלעבט, האָבן שאַרף אונטערגעשטראָכן די דאָזיקע מכה אין דער יידישער קולטור־וועלט. אַ גרויסע פיגור פון דער יידישער טעאַטער־וועלט און דער קולטור־וועלט בכלל איז איצט אַוועק מיטן טויט פון מאָריס שוואַרץ. די אַלע וואָס גאַרן נאָך אַ בעסערן יידישן טעאַטער וועלן מיט דאַנקבאַרקייט געדענקען די גרויסע בייטראָגן, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געמאַכט צו דער יידישער בינע און צו דער יידישער קולטור בכלל.

זייענדיק פאַרטיפט אין די עדיטאָריעלס, האָב איך אַפילו ניט באַמערקט, וואָס פאַר אַ קאַרטל טשאַרלס קאָהען, האָט מיר דערלאַנגט, האָב איך אים אָנגעקוקט פרעגנדיק:

— וואָס איז דאָס?

— אָן דעם, וועט מען אפילו מיך אויך ניט אַריינלאָזן.

YIDDISH THEATRICAL ALLIANCE
CHARLES COHAN, Sec. Treas.

Admittance to Chapel

*For the last rites to our departed*

**MAURICE SCHWARTZ**

**מאָריס שווארץ ע״ה**

*Tuesday May 17, 1960, 12 noon sharp*

*Gramercy Park Memorial Chapel*

*152 Second Ave. at 10th St. New York*

*Please come to Chapel not later than 11 a. m.*

YIDDISH THEATRICAL ALLIANCE
CHARLES COHAN, Sec. Treas.

איך האָב גענומען דאָס קאַרטל, דאָס באַטראַכט, און מיט אַ שטאַרקן זיפץ אים געפרעגט:

— דענקסטו ניט טשאַרלי, אַז מ׳מאַכט אַ פּראָדאַקשן פון זיין לוויה?

— וואָס רעדסטו, ווי אַזוי קען מען דאָס אַנדערש מאַכן, ווייסטו אַז דאָרט וועט זיין גאַנץ ניו־יאָרק?

— גאַנץ ניו־יאָרק דאַרף דאָרט זיין.

— געקערעכט ביסטו, אָבער וואו וועסטו זיי אַריינלאָזן?

— וואָס הייסט...

— מער ווי פינף הונדערט, וועט מען ניט אַריינלאָזן.

— איך בין זיכער, אַז ס׳וועט זיין אַ סך מער.

— וועט מען זיי טאַקע ניט אַריינלאָזן, וואָס קוקסטו מיך אָן, דאָס געזעץ זאָגט, אַז מ׳זאָל מער ניט אַריינלאָזן, דערפאַר מוז איך זען אַז אַ יעדער מיט־גליד זאָל צוערשט זיין באַזאָרגט מיט אַ בילעט...

— פאַרן לעצטן ספּעקטאַקל פון מאָריס שוואַרץ, גלויב איך אַז טאַקע גאַנץ ניו־יאָרק, וואָלט דאָרט באַדאַרפט זיין, ווייס איך טאַקע ניט פאַרוואָס מ׳האָט ניט געטראַכט פון אַ גרעסערן פּלאַץ, אַלע דאַרפן קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד צו מאָריס שייאַרץ, וועד, וועד, ער האָט דאָס זיכער פאַרדינט. געדענקסטו טשאַרלי, די לוויה פון דייוויד קעסלער? דאַכט מיר ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטן געווען. פרייטאָג דעם 14טן מאַי אין יאָר 1920. דאָס וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, לעבן טעאַטער אויף 33 צווייטע עוועניו, איז געווען אַ רעסטאָראַן, זיינען מיר געשטאַנען אַ גרופּע און געוואַרט, ווייל גאָלד־בערג, די „בייבי״, האָט גערופן דעם שפּיטאָל אויסצוגעפינען וואָס ער מאַכט, האָט מען אים אָנגעזאָגט די גוטע נייעס, האָסטו געמעגט זען אַ סצענע, ווי אַזוי ער איז געבליבן שטיין, די טרייבל איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט, און וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן. ביי זיין לוויה איז זיכער געווען גאַנץ ניו־יאָרק. ס׳האָט זיך געצויגן, פון 108 צווייטע עוועניו ביז צום דייוויד קעסלער טעאַטער. דאָרט זיינען זיכער געווען מער ווי צוויי טויזנט מענטשן, און נאָך דער לאַנגער אזכרה האָט מען אים אַרויסבאַגלייט ביז דער וויליאַמסבורג בריק, און ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דעם וואַשינגטאָנער בית־עולם, איז שוין געווען נאָך אַלעמען, און ס׳האָבן זיך נאָך אַלץ געצויגן לאַנגע ליניעס מיט מענטשן פוןביידע זייטן צוקומענדיק צום בית־עולם. שטעל איך מיר פאָר וואָס ס׳וועט זיין דעם קומענדיקן דינסטאָג ביי מאָריס שוואַרץ לוויה, ער האָט דאָך יאָ דערפירט דאָס יידישע טעאַטער צו אַ הויכן ניוואָ, דער „טשאַפּעל״ וועט זיכער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גאָרטן.

— ניין מ׳האָט שוין אַלעמען געלאָזט וויסן אַז מ׳זאָל ניט שיקן קיין בלומען.

— ס׳וועט געוויס דאָרט זיין ערד טרעטעניש.

— דערפאַר דאַרפן מיר די קאַרטלעך.

— יאָ, ניט לאַנג צוריק האָט ער געשפּילט „אַ לאָך אין קאָפּ“. און איצט האָבן מיר אַ לאָך אין האַרצן.

— דאָס איז געווען זיין לעצטע פּיעסע.

צוזאַמענגענומען אַלע צייטונגען און פאַרנדיק אַהיים, האָב איך די גאַנצע צייט געטראַכט פון זיין לעצטער פּיעסע וואָס ער האָט דאָ געשפּילט.

## די לעצטע פּיעסע

מאָריס שוואַרץ איז ניט נתפעל געוואָרן פון אַ ניט־געלונגענעם פּלאַן. ער האָט באַלד אַוועקגעשאַרט דעם פאַרדרוס און זיך ווידער אַרויסגעלאָזט עפּעס נייעס צו דערגרייכן, אַוועק אין די נייע מקומות און ווידער גענומען קנעלן, דאָס מאָל מיט וועמען עס האָט זיך געמאַכט... ביז ער האָט דער־טאַפּט עפּעס נייעס. דאָס איז געווען די לעצטע פּיעסע זיינע, „אַ לאָך אין קאָפּ“, פון א. שולמאַן. חדשים־לאַנג האָט מען אָנגעהאַלטן אַ טרעוואָגע אין די צייטונגען וועגן דעם ווערק, פּשוט געלעכערט די אויערן, אַז מאָריס שוואַרץ קומט אויפפירן אויף יידיש די נייע ענגלישע סענסאַציע „אַ לאָך אין קאָפּ“.

1. די פּיעסע ווערט ספּעציעל איבערזעצט פאַר מאָריס שוואַרצן, און ער וועט איר שפּילן בלויז פיר וואָכן, דאַרף זיך אַ יעדער באַזאָרגן מיט בילעטן, ס׳איז אַ קאָמעדיע, און מאָריס שוואַרץ שפּילט אַ כאַראַקטער־ראָל.

2. פאַר דער פּיעסע ווערן שוין געמאַכט נייע דעקאָראַציעס, וועלכע מאָריס שוואַרץ וועט באַלד אויפפירן אין ניו־יאָרק — „אַ לאָך אין קאָפּ“.

מאָריס שוואַרץ, וועט אין דער נייער אויפפירונג, „אַ לאָך אין קאָפּ“, פון א. שולמאַן, שפּילן אַ ראָל, אין וועלכער מ׳האָט אים נאָך אויף דער יידישער בינע ניט געזען.

4. בלויז פיר וואָכן וועט די פּיעסע „אַ לאָך אין קאָפּ“ געשפּילט ווערן, מיט מאָריס שוואַרץ אין דער הויפּט־ראָל.

5. מאָריס שוואַרץ איז שוין דאָ אין ניו־יאָרק. ער פאַרנעמט זיך שוין צוזאַמענשטעלן די טרופּע פאַר זיין נייער אויפפירונג „אַ לאָך אין קאָפּ“. באַזאָרגט זיך גלייך מיט בילעטן, ווייל די פּיעסע וועט מער ווי פיר וואָכן

ניט געשפּילט ווערן. ס׳וועט זיין אינטערעסאַנט צו זען די פּיעסע אין יידיש, מיט אַזאַ קינסטלער ווי מאָריס שוואַרץ, פאַר וועמען מ׳האָט די פּיעסע ספּעציעל איבערזעצט.

6. די גאַנצע טרופּע פאַר „אַ לאָך אין קאָפּ" איז שוין צוזאַמענגעשטעלט. מאָריס שוואַרץ הייבט שוין אָן מאַכן פּראָבן. די פאָרבאַרייטונג פאַר דער פּיעסע איז זייער גרויס. די נאָכפראַגע פאַר בילעטן איז נאָך גרעסער. די וועלכע דרייען זיך אַרום מאָריס שוואַרצן, גיבן צו, אַז אין יידיש וועט די פּיעסע זיין אַ סך בעסער, ווי אפילו אין אָריגינאַל. אַזוי ווי מ׳וועט די פּיעסע מער ווי פיר וואָכן ניט שפּילן, דאַרפט איר אייך שוין באַזאָרגן מיט בילעטן.

אָן אַלטע געוואוינהייט מיינע נאָכצופאָלגן אַלץ וואָס מ׳האָט געשריבן, אָדער געזאָגט וועגן מאָריס שוואַרצן, האָב איך שוין געוואוסט אַז ס׳הייבן זיך אָן באַוויזן אין די צייטונגען:

מאָריס שוואַרץ מאַכט גרויס דערפאָלג;

מאָריס שוואַרץ גרייט צו עפּעס.

פון זיכערע קוועלן ווייסן מיר אַז די פּיעסע וואָס מ׳שפּילט אין ענגליש, וועט באַלד געשפּילט ווערן אין יידיש.

האָב איך שוין פאַרשטאַנען אַז מאָריס שוואַרץ האָט שוין די פּיעסע, און ער גרייט זיך שוין אַהיימצוקומען, אויב ער איז שוין ניט אין ניו־יאָרק, און אַרבעט שוין אויף דער פּיעסע.

אָבער צו וואָס האָט די אַלע נאַרישע רעקלאַמען? דער גרויסער קינסטלער מאָריס שוואַרץ, וועלכער האָט זיך זיין גרויסן נאָמען געמאַכט דורך קונסט און ליטעראַטור, האָט זיך אויף דער עלטער אַראָפּגעלאָזט אויף דער אַלטער־אויסגעטראָטענער־סטעשקע, אויף וועלכער אַלע זיינען געגאַנגען זייער גאַנץ לעבן. ווייזט אויס, אַז ער גייט אין זיין רבנס שפּאַן.

וואָס ס׳קומט פאָר הינטער די קוליסן, האָט דער אַלגעמיינער עולם קיינמאָל ניט געוואוסט. אין די פּראָפעסיאָנעלע קרייזן אָבער, זיינען קיין סודות ניט געווען. פריער אָדער שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, און אַז מ׳האָט געוואָלט, אָדער ס׳האָט זיך פאַר וועמען געלוינט, האָט מען דערפון געמאַכט אַ גרויסע זאַך. דאָס מיינט, מ׳האָט דאָס צעלייגט אויף טויזנטער טעלער, און אַ יעדער האָט דערפון געקענט עפּעס נאַשן... ס׳איז אָבער אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט זייער גרויסן טאַלאַנט,

אַלץ געקענט פֿאַרשטעלן, דער עולם האָט דאָס קיינמאָל ניט באַמערקט, און ניט אַלע אַקטיאָרן האָבן דאָס געקענט.

אַלע האָבן געוואוסט אַז דייוויד קעסלער איז געווען אַ גרויסער אַקטיאָר, אין זיין צייט אפשר דער גרעסטער, ער איז אויך געווען אַ גוטער זינגער, ס׳איז געווען אַ גרויס פֿאַרגעניגן צו זיין אין טעאַטער, ווען ער האָט געוואָלט שפּילן און זינגען.

ווען ס׳איז געקומען זיך צו גרימירן, איז ער געווען זייער שטימפּיק מיט די פֿאַרבן. ס׳איז טאַקע זייער גוט אַז מ׳קען דאָס. עס שטייט אָבער ניט געשריבן אַז מען מוז דאָס קענען. דערפֿאַר זיינען דאָ גרימירער גאָר גרויסע ספּעציאַליסטן, וואָס קענען צושטעלן אַ וועלכע מאַסקע מ׳דאַרף. דאָס איז אַ באַזונדערע קונסט, וואָס ניט אַ יעדער קען דאָס, און דערפֿאַר זיינען אין דער פּראָפֿעסיע פֿאַראַן זייער ווייניק, וואָס זיינען פּערפֿעקט אויף דעם געביט. פֿאַראַן זייער אַ קליינער פּראָצענט, וואָס קענען זיך גוט גרימירן. דערפֿאַר קענען זיך אַלע אויסשמירן... און מ׳רופֿט דאָס גרימירן.

אין דייוויד קעסלערס צייטן האָט מען זיך נאָך באַנוצט מיט טיטולן. אַ יעדע נייע פּיעסע וואָס מ׳האָט דעמאָלט אויפֿגעפֿירט איז אַרויסגעהאַנגען געוואָרן אַפֿישן מיט זייער גרויסע בוכשטאַבן, אַז דער קעניג פֿון יידישן טעאַטער, וועט אויפֿטרעטן אין דער ראָל פֿון אַ בעטלער.

אָדער דער פּרינץ פֿון יידישן טעאַטער, וועט היינט אָוונט שפּילן די ראָל פֿון דעם אייזמאַן. און ווען אַלע טיטולן האָבן זיך שוין אויסגעלאָזט, געדענק איך אַזאַ רעקלאַמע, ווען מ׳האָט אין דייוויד קעסלערס טעאַטער אויפֿגעפֿירט די פּיעססע פֿון ז. ליבין, „מענער און פֿרויען״: דייוויד קעסלער שפּילט אַ פּראָפֿעסאָר; קומט באַוואונדערן דעם גרויסן קינסטלער אין זיין נייעם טיפֿ וועלכן ער האָט געשאַפֿן, טראַגנדיק אַ באָרד מיט צוויי שפּיצן.

אַזוי האָט צו מיר געקלונגען די לעצטע רעקלאַמען פֿון מאָריס שוואַרץ, נאָר לאַכן האָב איך ניט געקענט. דערפֿאַר אָבער האָט דאָס מיך גוט פֿאַר־דראָסן, ס׳האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז ס׳איז פֿאַרלוירן געוואָרן דער דרך ארץ פֿאַרן יידישן קונסט־טעאַטער. נאָר אַזוי ווי ס׳איז ניט געווען קיין אַנדערער ווי מאָריס שוואַרץ, בין איך געגאַנגען זען די פּיעסע.

זיצנדיק אין טעאַטער האָב איך פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס דאָס קען ניט זיין קיין דערפֿאָלג, און ס׳איז געווען אַ גוטע אורזאַך פֿאַרוואָס ס׳זאָל דעם עולם ניט געפֿעלן. דער יידישער עולם איז געוואוינט געווען צו זען דעם

גרויסן קינסטלער מאָריס שוואַרץ אין אַ בעסערער פּיעסע, אין אַ גרעסערער און בעסערער ראָל ווי ער האָט דאָ געשפּילט, אין אַ מער גרעסערער און ספּעקטאַקולערער אויפפירונג, איבערהויפּט ווען ער איז געקומען אויף דער עווענױ, האָט ער אַלע מאָל געבראַכט דאָס בעסטע און שענסטע פון זיין גאָלדענעם רעפּערטואַר.

צוליב דעם איז געווען גענוג צו לאָזן וויסן אַז מאָריס שוואַרץ קומט. ס׳וואָלט זיכער ניט קאַליע געמאַכט. אַזוי אָבער האָט ער אויף דער זעל־ביקער עווענױ, וואו ער האָט גענומען קלעטערן אויפן לייטער פון קונסט, זיך אויף דער עלטער אַ ביסל אַרויסגעגליטשט און האָט מיט דעם פאַרענ־דיקט זיין אומדערמידלעכע קינסטלערישע אַרבעט פון שפּילן, אויפפירן, רעזשי, שרייבן, און זיין דער דירעקטאָר פון אַ יידישער טרופּע אין אַמעריקע.

ס׳איז דאָך אָבער פּאַרט געווען מאָריס שוואַרץ, איז זיין לעצטער גרויסער פאַרבעם, געווען אין מדינת ישראל. ליידער האָט זיך אַריינגעמישט דער מלאך־המות, און צו אַלץ געמאַכט אַ סוף און דער גרויסער בויער, דער ריזיקער טאַלאַנט, דער גרעסטער אונטערנעמער אין יידישן טעאַטער, דער פילפאַכיקער קינסטלער, האָט פאַרענדיקט זיינע גאַסטראָלן אין מדינת ישראל.

# דער כהן גדול איז געפאַלן

אַזוי האָב איך געטראַכט, ווען איך בין דינסטיק דעם 17טן מאַי גע־פאָרן צו מאָריס שוואַרצעס לוויה. ס׳גליובט זיך גאָרניט אַז ס׳איז שוין היינט אַ וואָך, ווען די טרויעריקע נייס איז געקומען, אַז דער דינאַמישער ריז איז געפאַלן, דער כהן גדול פון יידישן טעאַטער־טעמפּל איז מער ניט פאַראַן. ווי די וועלט וואָלט איינגעפאַלן, אַזוי האָט דאָס אויפן מאָמענט מיך געטראָפן. איך בין געבליבן אָן לשון. און פאַר אַ גאַנצער וואָך האָט זיך אַלעמען געדאַכט, אַז איך בין ברוגז אויף זיי. איך האָב אויף זייערע פראַגעס ניט געענטפערט, ניט ווייל איך האָב ניט געוואָלט, נאָר פּשוט ניט געקענט. איך האָב מיר פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז ער, מאָריס שוואַרץ, זאָל צייט האָבן צו שטאַרבן. און ווען? אין מיטן שפּילן, מאַכנדיק פּראָבע פאַר אַ צווייטער פּיעסע, שלום אַשס „קידוש השם״, די

ראָל פון דעם שניידערל דעם לאַמעד־וואָווניק, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט. אַז ס׳איז אמת, האָב איך ניט געוואָלט גלויבן, אַ מענטש מיט אַזוי פיל מעלות, איינער וועלכער איז אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט גרויסע פלענער, דער בויער פון דעם בעסטן יידישן טעאַטער. ער האָט צייט געהאַט אונדז אַזוי פרי פאַרלאָזן? ס׳גלויבט זיך ניט. נאָר ווען איך קוק אויף מיין האַנט־זייגער, דערמאָנט ער מיך אַז איך דאַרף דאָרט זיין 11 אַזייגער אין „טשאפּל״. וועלן זיין אין צייט, האָט מיך דאָס פאָרן אַ ביסל נערווירט, ווייל ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער עקספּרעס גייט ניט גיך גענוג, איך מוז נאָך זען אַ פּאָר פריינט איידער איך גיי אַריין. ענדלעך בין איך ביי דער 14טער גאַס, דאָ האָט זיך דער עקספּרעס אָפּגעשטעלט. בין איך אַרויס, געכאַפּט דעם לאָקאַל, און האָט בין איך ביי דער 8טער גאַס. אויפן ראָג פון דער 9טער און צווייטער עוועניו, בין איך שטיין געבליבן און געוואַרט. ס׳האָט אָבער גענומען לענגער ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, האָב איך דערפילט ווי די ערד ברענט הינטער מיינע פיס. איך קוק אין אַלע זייטן, ווי מענטשן קומען פון אַלע גאַסן, נאָר ניט די אויף וועמען איך וואַרט. פאַר פאַרדרוס האָב איך גענומען רעדן צו זיך: „פאַרוואָס קומען זיי ניט? אַלע זיינען דאָ אין צייט, נאָר ניט די וועלכע דאַרפן זיין״? וואָס לענגער איך בין דאָרט געשטאַנען, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער עולם. האָט זיך מיר שוין גענומען דאַכטן, אַז אפילו מיטן קאַרטל וועל איך שוין ניט קענען אַריינגיין. ס׳איז שוין אַ פּאָר מינוט צו 11. האָב איך באַשלאָסן מער ניט צו וואַרטן און זיך גענומען אַדורכשטופּן, ביז איך בין צוגעקומען צו דעם פּאָליסמאַן וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, געוויזן אים דאָס קאַרטל, האָט ער אַלעמען אַוועקגעשטופּט און מיך אַדורכגעלאָזט.

איך בין אַריין אין צימער וואו די פאַמיליע, מיט דער גאַנצער משפחה זיינען געווען, אָבער צוקומען צו זיי איז ניט געווען מעגלעך. האָב איך מיך אַרומגעקוקט און אַריין אין „טשאפּל״. דאָרט איז שוין געווען איבער־געפּאַקט מיט מענטשן. אַלע פלעצער זיינען שוין געווען פאַרנומען, אַ חוץ די ערשטע דריי רייען, וועלכע זיינען געווען פאַרצוימט, רעזערווירט פאַר דער פאַמיליע און דער משפחה. אַ לאַנגע ריי פון מענטשן האָט זיך די גאַנצע צייט געצויגן פאַרבייגייענדיק דעם ארון, וועלכער איז געווען אָפן, און ס׳האָבן זיך געהערט שטילע זיפצן און קרעכצן פון די פאַרבייגייער.

מ׳האָט מיר באַלד איבערגעגעבן איך זאָל שטיין אַלס ערן־וואַך. דאָ

האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם גרויסן וועלט־קינסט־לער פֿון דער יידישער בינע, ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען אין זיין לעצטן שלאָף.

ווייס ווי אַ לילי, מיט אַ געלבלעכע שאַטירונג, די האָר זיינען געווען צעשפּרייט אין בײדע זייטן, די נאָז אין איין זייט איז געווען אַ ביסל איינגע־פּלעטשט, געוויס פֿון דעם פֿליען, ווען מ׳האָט אים געבראַכט פֿון ישראל.

אין זיין אייביקן שלאָף האָט ער איצט גערוט, ווי איינער וואָס ס׳איז געקומען פֿון זייער אַ ווייטן וועג, אויף וועלכן ס׳איז אים ניט איינמאָל אויס־געקומען צו שפּאַנען, איבער דערנער, שפּיציקע שטיינער, וועלכע ער האָט אַליין באַדאַרפֿט אָװעקשאַרן מיט די הענט, ביז ער האָט דערגרייכט צו דער גרויסקייט און אָנערקענונג פֿאַרן גרעסטן יידישן קינסטלער. יאָ, ער האָט דערגרייכט צו אַ וועלט־באַרימטקייט. אָבער פֿאַרוואָס איז דאָ ניט פֿאַראַן אפילו קיין איין בלום? אויף דעם שפּיגלדיקן טיף־רויטן קאַסטן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק פֿייער, סימבאָליש פּונקט ווי זיין לעבן, איין גרויסער פֿלאַם, מיט וועלכן ער האָט אָנגעצונדן אַ וועלט. זיין ענערגיע איז געווען ווי אַ פֿייערדיקע לאַוואַ, וואָס האָט געשפּריצט און זיך צעשפּרייט אין אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט, וואו ס׳איז נאָר געווען אַ יידיש טעאַטער, און איבערגעלאָזט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס אַזאַ גרויסער קינסט־לער האָט פֿאַרמאָגט. מיר דאַרפֿן זיין שטאָלץ, ווייל ער איז געווען אַ יידישער קינסטלער, פֿון אונדזער יידישן טעאַטער. ווער זאָגט, אַז ס׳איז דאָ ניט פֿאַראַן קיין בלומען? אמת, קיינער זעט זיי ניט, איך אָבער געפֿין זיי אין די שפּאַלטן פֿון די צייטונגען.

די נייעס וועגן דעם טויט פֿון מאָריס שוואַרץ אין ישראל האָט אַרויסגערופֿן טיפֿן טרויער אין דער יידישער וועלט. מיטן נאָמען „מאָריס שוואַרץ״ איז ענג פֿאַרבונדן דער אויפֿבלי און דער ווייטערדיקער וועג און גורל פֿון דעם בעסערן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

זיין נאָמען איז געוואָרן ווי אַ מין סימבאָל פֿון דעם קינסטלערישן יידישן טעאַטער, וועלכן ער האָט געהאָלפֿן אויפֿצובויען און אַנטוויקלען מיט אַזוי פֿיל ענערגיע, מוט און געדולד.

ער האָט זיך אַרייַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט פֿון זיין „קונסט־טעאַטער״ מיט אַ מערקווירדיקן ברען, ביז וואַנען ער האָט אים דערהויבן צו אַ גרויסער קינסטלערישער הויך. מאָריס שוואַרץ, אַזוי ווי די גאַנצע וועלט, האָט באמת געקענט שטאָלצירן מיט זיינע דערגרייכונגען אויף דעם געביט פֿון יידישן

טעאַטער, און זיין באַרימטקייט האָט איבערגעוואַקסן די ענגע גרענעצן פון דעם יידישן טעאַטער, ער איז געוואָרן באַוואוסט אויך אין דער אַלגעמיינער טעאַטער־וועלט.

מאָריס שוואַרץ איז באַרימט געוואָרן ניט נאָר אַלס גרינדער, פירער און רעזשיסאָר פון זיין „קונסט־טעאַטער”, ער איז געווען אויך איינער פון די בעסטע, טאַלאַנטפולסטע אַקטיאָרן אויף דער יידישער בינע.

מיט זיינע פאַרשיידנאַרטיקע ראָלן און זיינע אויפפירונגען אויף דער בינע האָט ער זיך באַרימט און באַליבט געמאַכט ביי דעם יידישן עולום.

די געשטאַלטן וואָס ער האָט געשאַפן מיט זיינע ראָלן, האָבן זיך איינגע־קריצט אין די מוחות און הערצער פון די טויזנטער באַזוכער פון דעם יידישן טעאַטער.

מ׳קען זאָגן אָן איבערטרייבונג, אַז מאָריס שוואַרץ האָט ממש געלעבט און געאָטעמט מיט דער לופט פון טעאַטער אין פאַרלויף פון יאָרן, זיין דינאַ־מישע און טעמפעראַמענטפולע נאַטור און זיין קינסטלערישער טאַלאַנט האָבן געקראָגן אַ פולן און פילזייטיקן אויסדרוק אין זיין אַרבעט אַלס אַרטיסט און רעזשיסאָר.

ער איז אויך געווען אַ מענטש, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינ־טערעס אין אַלע פראַגן פון יידישער קולטור און פון יידישן לעבן בכלל, אויף וועלכע ער האָט זיך שטענדיק אָפגערופן מיט וואַרעמקייט סיי מינדלעך, סיי שריפטלעך.

מאָריס שוואַרץ האָט איבערגעלעבט פאַר די לעצטע יאָרן שווערע אַנ־טוישונגען צוליב דעם טרויעריקן באַרג־אַראָפּ פון יידישן אַטעאַטער, מיט וועלכן ער האָט געלעבט און געאָטעמט.

דאָס האָט געוויס געווירקט אויף זיין געמיט, כאָטש ער האָט ביזן סוף פון זיין לעבן זיך ניט געלאָזט באַהערשן פון שעדלעכן פעסימיזם און האָט ביזן סוף פון זיין לעבן געמאַכט אַלערליי פאַרזוכן אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט אויפצובויען און אָנצוהאַלטן אַ יידישן קינסטלערישן טעאַטער.

און ביי אַזאַ מין לעצטן פאַרזוך אויפצובויען אויך אין ישראל אַ יידישן קונסט־טעאַטער, האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

מיר וועלן אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

אין דעם בין איך זיכער, ווען אפילו ס׳וועט מער ניט בלייבן ווי איין

טעאַטער אין דער גאַנצער וועלט, וואו מ׳וועט שפּילן יידיש, וועט מען דער־מאָנען דעם נאָמען מאָריס שוואַרץ.

אַזוי האָב איך געטראַכט, ווען איך בין געשטאַנען ביים ארון, אַז אַלץ וואָס מ׳שרייבט, איז אמת. דאַרף מען דען נאָך בעסערע און גרעסערע לאָרבער־קראַנצן ?

ווען אַ יעדעס וואָרט וואָס מ׳האָט וועגן אים געשריבן, וואָלט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ בלום, וואָלט מען געקענט אָנפילן עטלעכע גרויסע טעאַטערס, אין וועלכע מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט. איז וואָס וועט זיך דאָ אָנזען אַ קרענצעלע ? ווען ס׳זאָל אפילו זיין דאָס גרעסטע.

וויפל איך בין געווען פאַרטיפט אין מיין מחשבה, און וועגן אַלץ וואָס ס׳קומט פאָר אין „טשאפּל״, וואָס די צייטונגען זאָגן, און פון די אַלע פאַר־שיידענע מיינונגען, וואָס מענטשן האָבן אין דער שטיל, פאַרבייגייענדיק אַ מורמל געטאָן, ווי זיי וואָלטן אים ניט געוואָלט שטערן זיין אייביקן שלאָף, האָב איך דאָך אַ פּאָר מאָל זיך אומגעקוקט אויף דער פיגור וואָס איז דאָרט געשטאַנען איינגעוויקלט אין שוואַרצן, פון דער מינוט וואָס איך בין אַריינגעקו־מען, און זי האָט ניט אַראָפּגענומען אירע אויגן פונעם מת. ס׳האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז זי וואַרט פאַר אַ געוויסן ענטפער... אָבער פאַרוואָס וואַגט זי ניט צו קומען ? פאַרוואָס שטייט זי פון וויטן ? זי האָט מיט אים אַזוי פיל יאָרן געשפּילט, אַ פּאָר מאָל געווען מיט אים אין איראָפּע, און איצט פון דער וויטנס... הונדערטער מענטשן זיינען שוין פאַרבייגעגאַנגען און זי שטייט נאָך אַלץ אויפן זעלבן פּלאַץ און רירט זיך ניט. זי האָט זיך אַוועקגע־שטעלט מיט אַ פּאָר אויסגעשטאַרטשעטע אויגן ווי גלאָז, און נעמט זיי ניט אַרונטער פון אים.

איך האָב איר אָנגעהויבן באַוואונדערן, ס׳אַרט איר גאָרניט וואו זי געפינט זיך, וועד ס׳גייט איר פאַרביי, וואָס דאָ קומט פאָר, זי האָט אויסגעזען ווי צו זיין אין אַ וועלט פאַר זיך אַליין.

ווען מ׳האָט דעם ארון פאַרמאַכט, האָט זי געמאַכט אַ קורצן שפּאַן, אויסגעצויגן איר וויס־צאַרטע האַנט, און אַ גלעט געטאָן דעם קאַסטן, און גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן, אַריינפאַלנדיק אין דעם גרויסן עולם ווי אין ים אַריין.

אַזוי האָט זי זיך געזעגנט מיט איר רבין, וועלכער האָט פאַר אַ סך יאָרן פון איר קיין אויג ניט אַראָפּגענומען. אמת, ער האָט אַ סך געטאָן פאַר

איר ביז ער האָט איר דערפירט צו דער גרויסקייט, זי זאָל אַריינגערעכנט ווערן אין די רייען פון אַ ערשטע דאַמע אין יידישן טעאַטער.

מ׳האָט זיך גענומען פּאָרן, אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד, איז פּאַר אַ סעקונדע געוואָרן אַ געררויש, ביז מ׳האָט זיך איינגעטיילט מיטן פּערזענלעכן כבוד, ווער ס׳זאָל זיין דער ערשטער, און ווער דער לעצטער.

פאַראַן אַזעלכע אין דער פּראָפעסיע וואָס נוצן אויס די געלעגנהייט, ווען ס׳איז דאָ אַ גרויסער עולם, זאָל מען הערן וואָס זיי האָבן צו זאָגן, אפילו ווען מ׳דאַרף דאָס ניט. ס׳איז אָבער די איינציקע געלעגנהייט וואָס זיי האָבן איצט, אַז אַ גרויסער עולם זאָל זיי אויסהערן. פּערזענלעך בין איך קיינמאָל ניט געווען באַגייסטערט פון די „קאַזיאָנע הספדים״, איבערהויפּט ווען מ׳האַלט ביי אַ יידישער לוויה אַ הספד אין ענגליש. דאָך האָב איך מיט גרויס אינטע־רעס אויסגעהערט וואָס דזשאָרדזש דזשעסעל האָט געזאָגט וועגן מאָריס שוואַרצן, פאַרטרעטנדיק אַלע ענגלישע אַקטיאָרן פון בראָדוועי. ווי אַ צוגעקלעפּטער בין איך געשטאַנען, און ניט געקענט אַוועקגיין. איך האָב אַלעמען אויסגעהערט אפילו די מיט וועלכע איך בין ניט געווען איינשטימיק.

איך האָב מיך שפּעטער דערמאָנט, ווען איך האָב געלייענט, וואָס נחמן מייזל האָט וועגן דעם געשריבן:

„מ׳האָט געהאַלטן רעדעס, ׳שפּיטשעס׳, אָבער ווען מען טוט בחייו, ביי זיין לעבן כאָטש אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס מ׳האָט געזאָגט און צוגעזאָגט, וואָלט ער נאָך אפשר געלעבט אַ צען־פופצן יאָר. אַזוי האָט מען אים פאַרגאָסן דאָס בלוט און דערמיט אים פאַרקירצט די יאָרן. און פון וועמען? איינער וואָס האָט אונדז אַזוי פיל געגעבן. איצט אָבער האָט זיך פאַרענדיקט אַ וויכטיקע גרויסע עפּאָכע אין דער געשיכטע פונעם בעסערן, פונעם גוטן יידישן טעאַטער״.

אויסגעהערט די אַלע צוזאָגענישן האָב איך מיך געכאַפּט, אַז איך דאַרף זיין ביים אַרויסטראָגן דעם ארון, דאָס איז באַשטימט געוואָרן פון פריער, האָב איך איבערגעוואַרט ביז חזן קוסעוויצקי האָט געמאַכט די מלא.

דער געדראַנג פון די מענטשן, אפשר אין די טויזנטער, איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, מיר וועלן קיינמאָל ניט צוקומען צום טויטן־וואָגן, ס׳האָט גענומען זייער לאַנג, ביז די לוויה האָט זיך אָנגעהויבן. מ׳פירט אים, און מיר גייען צו דער יוניאָן. איך האָב געוואוסט אַז אַלץ

איז צוגעגרייט, דאָך האָב איך מיך אַרויסגעדרייט און געלאָפֿן זען אַז אַלץ זאָל דאָרט זיין אין אָרדענונג.

איך האָב מיך געדרייט אין אַלע זייטן זיך צו קענען באַפרייען פון דעם גרויסן עולם, וועלכע האָבן מיר פאַרשטעלט דעם צוגאַנג צו דער יוניאָן.

מ׳קען זיי גאָרניט זאָגן, ווייל זיי באַגלייטן זייער באַליבטן גרויסן קינסט־לער מאָריס שוואַרץ. גייענדיק כאַפּ איך אַ קוקט צו האוסטאָן סטריט. דאָרט אַרום זיינען געשטאַנען די צוויי גרעסטע יידישע טעאַטערס, דאָרט האָט מאָריס שוואַרץ זיך באַוויזן אַלס אַקטיאָר. שפּעטער האָט ער דאָרט אויך אויפגעפירט זיינע בעסטע און גרעסטע קינסטלערישע ספּעקטאַקלען. איך זע בלויז די גאַס, ווייל די טעאַטערס זיינען שוין אויך נישטאָ. איך האָב מיך ווי עס איז אַרויסגעדרייט, און ווען די לאַנגע גרויסע לוויה איז צוגעקומען, בין איך שוין דאָרט געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער, פון וואַנען קאָלעגע און פריינט חזן מרדכי ירדני, האָט געמאַכט אַ מלא, מיט אַזוי פיל האַרץ און נשמה, אַז ס׳האָט געקענט שפּאַלטן די הימלען. אַ פאַרגליווערטער בין איך לעבן אים געשטאַנען, אַרונטערגעקוקט אויף דער אָפענער טיר פון דעם טויטן־וואָגן, „הוירסט״. ווען מען האָט די טיר פאַרמאַכט, האָב איך אַ ציטער געטאָן. ירדני האָט דאָס באַמערקט, האָט ער גיך געזאָגט:

— קומט דענק, מיר דאַרפן געפינען אונדזערע קאַרס.

— ס׳מאַכט מיר ניט אויס אין וועלכער קאַר איך וועל פאָרן.

אַרונטערקומענדיק אין גאַס, איז ירדני פאַרשוואונדן געוואָרן, און צוליב דעם גרויסן עולם וואָס איז דאָרטן געווען, האָט מען קיין קאַר ניט געזען, ביז דער וואָגן האָט גענומען אַוועקפאָרן זיינען אַ סך פון די מענטשן נאָכ־געגאַנגען. האָב איך ערשט געקענט זען די גרויסע לענג פון קאַרס וואָס האָבן אים באַגלייט. דאָס אויג האָט ניט געקענט אַלע פאַרכאַפּן. אָבער אין אַ וועלכער קאַר איך האָב באַדאַרפט פאָרן, האָב איך ניט געזען. האָב איך גענומען זוכן, וואו דאַרף איך דאָ אַריינגיין? פאַרבייפאָרנדיק האָט עמעצער אויפגעמאַכט די טיר און מיך געפרעגט:

— ווען זוכט איר, מר. דענק?

— איך ווייס ניט אין אַ וועלכער קאַר איך דאַרף זיין.

— וואָס איז דער אונטערשייד, קומט אַריין.

איך בין באַלד אַריין, ניט וועלנדיק אָפּהאַלטן די לענג פון די קאַרס, וועלכע האָבן זיך באַלד גענומען שלענגלען פון איין גאַס אין דער צווייטער,

ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דער 34טער גאַס זיינען מיר אַריין אין דעם טונעל, און ווען מיר זיינען פון דאָרט אַרויס, זיינען מיר שוין געווען אין פלאַשינג, פון דאָרט ביז צום בית־עולם.

מיר פאָרן אַריין אין טויער פון דעם „מ׳ט העבראַן בית־עולם״, און פון דאָרט צום בלאָק 67, דאָ שטעלט מען זיך אָפּ. אַלע גייען אַרויס פון די קאַרס. און דורך דער אייזערנער טיר, אָדער ווי מ׳רופט דאָס „גערט״, גייט מען אַדורך אויף דער לאַנג־צעמענטענער סטעשקע, וואו פון ביידע זייטן זיינען פאַראַן שטיינערנע בענק, וואָס זיינען אויסגעשטעלט ביז צום פאַרצווייגטן גרויסן בוים, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט אַ צעמענט אויסגעגאָסענער קיילעכדיקער וואַנט, וועלכע פאַרמאָגט אויך אַ קיילעכדיקע באַנק. אין אַ הייסן טאָג, ווער ס׳דאַרף דאָרט זיין, זיינען די צווייגן פון בוים אַזוי ברייט צעוואַקסן, אַז זיי פאַרשטעלן די זון און מ׳קען זיך דאָרט אָפּקילן. טיף אין דער וואַנט, הינטערן גרויסן בוים, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע מצבה, אַ מאָנומענט פאַר די אַקטיאָרן, וועלכע זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידן, פון דעם ימח שמו וזכרו, ס׳איז אַן אָנדייט פאַר די הייליקע קדושים. בלויז איין שפּאַן פון די הייליקע איז אַ פריש אָפענער קבר פאַר דעם גרויסן, אויב ניט דער גרעסטער פון אַלע צייטן, דער וויר־טואָז פון דער יידישער בינע, מאָריס שוואַרץ.

אַלע שטייען אין טרויער אַרום דעם אָפענעם קבר. איצט איז ער איבער־געצויגן מיט אַ גרינער אימיטאַציע, וואָס זעט אויס ווי גראָז. הינטער דעם ענגט דער ארון, וועלכער וועט זיך באַלד אַרונטערלאָזן און אויף אייביק פאַרשווינדן ווערן, מיטנעמענדיק אין דער אייביקייט דעם בויער, גרינדער פון דעם בעסערן יידישן טעאַטער.

די קברות־לייט האָבן געקראָגן אַ וואונק, און זיי האָבן זיך גענומען פאָרן. דורך דער צייט, האָט חזן ירדני גענומען צוגרייטן שוואַרצעס זון, מנחמען, ער זאָל זאָגן קדיש. דאָ ערשט האָב איך מיך געמוזט אַוועקדרייען, מיין פנים איז געוואָרן נאַס פון אַ פאַר הייסע טרערן.

דער רויש פון אַ דורכפליענדיקן עראָפּלאַן האָט פאַר אַ ווייל געשטערט די הייליקע שטילקייט, וואָס ס׳האָט איצט געהערשט אויפן הייליקן אָרט. און אויסווישנדיק מיינע אויגן, האָב איך פאַרטראַכט אַרויפגעקוקט, און איך האָב עפּעס באַוואונדערט: ווי לויטער דער הימל זעט איצט אויס. דאַכט זיך מיר, אַז איך זע וואָס דאָרט קומט פאָר. קלאָר־ווייסע וואָלקנס, ווי ריינער

ווייסער פֿוך אין געשטאַלט פֿון מלאכים, לויפֿן הין און צוריק. זיי גרייטן זיך אויפֿצונעמען אַ גרויסן גאַסט, ווי קען דאָס אַנדערש זיין... דער וואַרעמער מאַי־ווינט האָט געבלאָזן, קריכנדיק אין דער נאָז, ווי אַ פֿרישער אַראָמאַט. פֿון דעם אַרויסשפּראָצנדיקן גראָז, וועלכעס ס׳האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון דער געלבלעכער ערד, אין אויסמיש מיט ווייס געלע שטיינדעלעך, און דער הוי־כער באַרג ערד, וועלכער איז איצט מיט דעם גרינעם צודעק, דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז אַ ביסל טונקעלער, ווי דער פֿאָרהאַנג וועלכער איז אַלע יאָרן געהאַנ־גען אין דעם דייוויד קעסלער טעאַטער, וואו מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט, באַלד פֿופֿציק יאָר. ווי אַנדערש ס׳איז געווען, דאָרט אַז דער פֿאָרהאַנג איז געפֿאַלן, האָט מען אים נאָך געקענט אַרויפֿציען. דאָ אָבער וועט ער שוין אויף אייביק פֿאַרמאַכן דעם קבר. אַ צווייטן מאָל וועט ער קיינמאָל ניט אַרויפֿ־געצויגן ווערן, דאָס איז דער שלוס, פֿיניטאַ־לאַ־קאָמידיאַ.

מיר וועלן דעם, וועלכער האָט אַזוי פֿיל געבויט, און אַוועקגעשטעלט דאָס יידישע טעאַטער, אין דער ריי מיט די גרעסטע טעאַטערס אין דער וועלט, האָט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַ סימבאָל, מער ניט זען.

מיר האָבן פֿאַרלוירן אַ קאָלירפֿולע פּערזענלעכקייט, אַ דינאַמאָ, אַ ריז, און קיינער וועט זיין פּלאַץ ניט קענען פֿאַרנעמען. דאָס זאָגן קדיש פֿון זיין זון, האָט מיך ווי פֿון עפּעס אויפֿגעוועקט, האָבן זיך מיינע אויגן ווידער אָנ־געפֿילט, און ווי אַזוי איך האָב דאַן געפֿילט, האָב איך נאָר אַליין געוואוסט, זוען מ׳האָט גענומען פֿאַרלאָזן דעם בית־עולם.

ווען מ׳פֿאָרט פֿון אַ לוויה, מעג זי זיין ווי גרויס, פֿילט מען אויף צוריק־וועגס, ווי מ׳איז געבליבן אַליין. אַלע צעפֿאָרן זיך, אויך דאָס מאָל איז פֿון דער גרויסער לוויה כמעט גאָרניט געבליבן. בין איך אַליין אין אַ פּריוואַטער קאַר, געטריבן פֿון דעם פֿריינט על הערים. שוין זייענדיק אַוועק ווייט פֿון בית־עולם, האָב איך מיך געכאַפּט: פֿאַרוואָס בין איך ניט צוריקפֿאָרן מיט דער קאַר, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר מיר? און זיך אַליין פֿאַרענטפֿערט: וואָס איז דער אונטערשייד? ער האָט דאָך מיך געבראַכט, דאַרף איך מיט אים צוריקפֿאָרן. געוויס אויף מיין אָרט איז געפֿאָרן איינער וואָס האָט ניט געהאַט קיין אַנדער קאַר. און אויב ער האָט דאָרט געוואָלט זיין, פֿאַרוואָס זאָל דאָס מיך פֿאַרדריסן? זאָל נאָר אַ מלאך אים אַנטקעגנקומען...

פֿאָרנדיק דורך אַ גאַנץ אַנדערן וועג, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער קלאָרער הימל, וועלכער איז ערשט געווען אַזוי לויטער ווי קרישטאָל, איז

מיטאַמאָל פאַרכמאַרעט געוואָרן. האָבן זיך אַזוי גיך די טויערן פון גן־עדן פאַרמאַכט? ס׳איז געווען דאָס גרין־פּלאַקירטע גלאָז, דורך וועלכן איך האָב אַרויסגעקוקט, זיצנדיק לעבן חבר על העריס.

אין דער זעלבער קאַר איז געזעסן אַ פרעמדע פרוי, וועלכע חבר העריס האָט ניט געקענט איר אָפּזאָגן און איר מיטגענומען אויפן בית־עולם. טאַקע צוליב דער פרוי, האָט ער געמוזט פאָרן דורך וויליאַמסבורג.

איך געדענק ניט אויב איך האָב אפילו די פרוי באַמערקט אין דער קאַר ווען איך בין אַריין, נאָר פאַרנדיק אויף צוריק, האָט זי אַזוי פיל גערעדט, אַז איך האָב שוין געמוזט פרעגן:

— אײערע אַ באַקאַנטע?

— ווייס איך וואָס, שטייענדיק לעבן דער יוניאָן, האָט זי זיך אַריינגעכאַפּט אין דער קאַר, זי וויל פאָרן אויפן בית־עולם. נו, וועל איך איר ניט נעמען? ווי אַזוי קען מען אָפּזאָגן אַ דאַמע?

— אָפּזאָגן טאַקע ניט, אָבער פאַרוואָס רעדט אַזוי פיל?

— איך מוז איר נאָך אָפּפירן, ווייל זי וואוינט, האָט זי מיר געזאָגט, אין וויליאַמסבורג.

— דערפאַר לייגט איר אָן אַזוי פיל וועג.

— וואָס זאָל איך טאָן, זי האָט מיך געבעטן צו פאָרן דורך וויליאַמסבורג.

— הערט נאָר וואָס זי רעדט.

— איך וואָלט זיך דאָס קיינמאָל ניט געקענט פאַרגעבן, אַז איך זאָל ניט זיין ביי דער לוויה, — האָט זי געזאָגט. — איך האָב שוואַרצן געזען אין אַלע שטיק וואָס ער האָט געשפּילט... אַך, וואָס פאַר אַ טייערער זינגער ער איז געווען. און ווי שטאַרק ער איז דאָס געווען פאַרליבט אין דער מאָלי פּיקאָן.

— וואָס רעדט איר?

— און וויפל מאָל בין איך געווען אין דעם „ליבערטי טעאַטער״, ווען ער האָט געשפּילט דעם גאָלדענעם סאָלדאַט, און דעם יידישן גענעראַל. און ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען אין שולמית, דאָס וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

ס׳האָט שוין העריסן גענומען פאַרדריסן, ווען מיר ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט, האָט ער צו איר געזאָגט, זייער פאַרזיכטיק:

— ווען האָט שוואַרץ געזונגען?

— וואָס הייסט ווען, אַלע מאָל ווען ער האָט געשפּילט, האָט ער אויך

געזונגען. וואָס פֿרעגט איר, אין ציגײַנער מיידל איז ער געווען אַזוי גוט, אַז ס׳איז אים געקומען זען מער מענטשן אין טעאַטער, ווי היינט ביי דער לוויה, אַזוי האָט ער געשפּילט.

— וואו געשפּילט? — האָט ער שוין פֿאַרדריסלעך גענומען אונטער־שמייכלען.

— וואָס מיינט איר וואו? וואָס־זשע, איר גייט קיינמאָל ניט אין טעאַטער?

— אַ מאָל, ווען איך האָב צייט, כאַפּ איך מיך אַריין...

— פֿון אַ מאָל, קען מען ניט וויסן.

— אָבער פֿון אַ וועלכן טעאַטער רעדט איר?

—וואָס הייסט פֿון וועלכן, „סעקאָנד עוועניו טעאַטער״, ווער ווייסט דאָס ניט אַז שוואַרץ האָט געשפּילט מיט מאַלי פּיקאָן?

— איר וועט מיר מוזן מוחל זיין, דאַכט זיך אַז איר ווייסט ניט וואָס איר רעדט.

— אָט דאָס איז גוט, איך ווייס ניט וואָס איך רעדט...

— ניין, איר ווייסט טאַקע ניט, מאָריס שוואַרץ האָט קיינמאָל ניט גע־שפּילט מיט מאַלי פּיקאָן.

— זאָלט איר מיר געזונט זיין, איך האָב דאָך אים אַליין געזען.

— וואו האָט איר אים געזען? — האָב איך מיך שוין אַריינגעמישט.

— אין טעאַטער.

— ניט דעם שוואַרצן.

— דער שוואַרץ איז געווען פֿון דעם יידישן קונסט־טעאַטער.

— וואו איז דאָס געווען?

— אויף דער צווייטער עוועניו און צוועלפֿטע גאַס.

— פֿון דעם האָב איך גאָרניט געוואוסט, ס׳איז געווען נאָך אַ שוואַרץ?

מיר האָבן זיך ווידער אַמאָל איבערגעקוקט, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אַ דאָ גיי איך אַראָפּ.

זי איז אַרויס פֿון קאַר און מיר זיינען אַוועקגעפֿאָרן אויף דער בריק. זאָגט ער צו מיר מיט פֿאַרדראָס:

— איר זעט שוין, וואָס פֿאַר אַן עולם מיר האָבן נאָך איצט.

— ס׳איז גאָרניט קיין נייס ביי מיר, איך האָב באַגעגנט אַ סך אַזעלכע. וואָלט איך ניט געווען אין אַזאַ געדריקטער שטימונג, וואָלט איר געמעגט הערן וואָס איך וואָלט איר געזאָגט.

— וואָלט דאָס דען געהאָלפן? ווי אַזוי זי קומט אין מיין קאָר, הייב איך ניט אָן צו געדענקען.

— איר קענט איר ניט?

— פון וואַנען?

ווען זי האָט געפרעגט ביי מיר אויב איך פאָר אויפן בית־עולם? האָב איך געטראַכט, זי מוז געוויס זיין אַ פאַרערערין פון מאָריס שוואַרץ, פאַרוואָס זאָל איך איר ניט מיטנעמען. גיי וויס אַז זי האָט גאָר געמיינט אַן אַנדער שוואַרצן.

איך האָב זיך פאַרטראַכט, קוקנדיק די גאַנצע צייט אויף דער ברוקלין בריק. האָט ער זייער שטיל געפרעגט:

— וואָס אַזוי פאַרטראַכט? ס׳איז דאָך שוין נאָך אַלעמען.

— אמת פריינט, ס׳איז שוין נאָך אַלעמען. אָבער ס׳איז נאָך פאַראַן פון זייער אַ סך צו טראַכטן... איר זעט יענע בריק?

— איר מיינט די ברוקלין בריק?

— די בריק דערמאָנט מיך אין זייער אַ סך. איך האָב דאָס אויך היינט באַמערקט אין „טשאפל”, ווען איך האָב, אין יאָר 1929, געוואוינט אין קוני־איילאַנד, איז מיר אַ סך מאָל אויסגעקומען צו פאָרן אויף יענער בריק.

— איז וואָס פלוצעם האָט איר איך דערמאָנט?

— צוליב אַ געוויסע פּערזאָן, וועמען איך האָב געזען אין „טשאפל”.

— שוין אַ שיין ביסל יאָר אין דעם.

— יאָ, שוין 31 יאָר.

— און איר געדענקט נאָך? זייט איר דאָך טאַקע אַ וואונדער...

— פאַראַן מיין פריינט, געוויסע זאַכן אין לעבן, וואָס פאַרגעסן זיך קיינמאָל ניט. עס ווייזט זיך בלויז אויס אַז מ׳האָט זיי פאַרגעסן, און ווען עס טרעפט אַזאַ פאַל ווי היינט, און איר באַגעגנט זיך מיט דער פּערזאָן, קומט אַלץ צוריק. ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטן געווען. שטעלט אייך פאָר, נאָך 31 יאָר, און איך זע אַלץ אַזוי קלאָר. ס׳איז געווען אין אַ שיינעם זומער־טאָג, האָב איך מיך דערמאָנט אַז איך האָב מיט אַ נאַכט פריער עפּעס פאַרגעסן אין טעאַטער, און ניט קוקנדיק אויף דעם זייער הייסן טאָג, בין איך אַוועק...

— וואָרט נאָר חבר, זומער אין קוני־איילאַנד, אַ טעאַטער?

— יאָ, וואָס וואונדערט איר זיך? מיר האָבן דאָרט געשפּילט אַ גאַנצן זומער טעאַטער, אין דער טרופּע איז דאָרט אויך געווען אַ יונג מיידל, זייער

אַ טאַלאַנטירטע. ס׳דאַרף איך ניט וואונדערן, ווייל זי שטאַמט פון אַזאַ פאַמיליע, איר טאַטע, אפילו איר באָבע האָט געשפּילט טעאַטער. אמת, איר טאַטע איז געווען אַ פיינער אַקטיאָר. איך האָב אַ מאָל מיט אים געשפּילט, אָבער ס׳איז שוין לאַנג אין דעם. איך בין געווען זיכער אַז אין אַזאַ הייסן טאָג, זיינען אַלע ביים ים. ווי איבערראַשט איך בין געוואָרן, ווען איך האָב איר דאָרט געטראָפן אין איינער פון די „דרעסינג־רומס״.

— דאָס ביסטו דייוויד? — האָט זי זיך אַ צאַפּל געטאָן. — ווען זי האָט מיך דאָרט געזען.

— יאָ, פאַרגעסן נעכטן אַהיימצונעמען דעם רעוואָלווער, און דאָ איז אַלץ אָפן, אָבער וואָס...

— וואָס איך טו דאָ אין מיטן הייסן טאָג, ווילסטו וויסן? מוז איך דיר זאָגן, אַז אַלץ קען טרעפן אין לעבן.

— וואָס אַזוינס האָט געטראָפן? — האָב איך איר געפרעגט.

— קום אַהער, דייוויד, דיר וועל איך זאָגן, איך האָב גוטע נייס פאַר דיר.

— וואָס אַזוינס?

— דיך, בין איך זיכער, וועט דאָס אויך פרייען.

—נו, זאָג שוין וואָס...

— מאָריס שוואַרץ וויל מיך זען.

— איצט פאַרשטיי איך, פאַרוואָס דו מאַכסט זיך שיין.

— פאַרגעס ניט דייוויד, ס׳איז נאָר דאָ איין מאָריס שוואַרץ.

— אמת, ווינטש איך דיר גליק.

— דאָס וואָס איך דאַרף. אוי, דייוויד, ביסטו אַ זיסער חבר.

— און זי האָט דאָס געהאַט? — האָט הערים געפרעגט.

— אין אַ גרויסער מאָס. אויף איר קען מען יאָ זאָגן, אַז מאָריס שוואַרץ האָט פון איר געמאַכט דאָס וואָס זי איז, אַ זייער גוטע אַקטריסע. ניט נאָר האָט זי מיט אים געשפּילט אין ניו־יאָרק, נאָר נאָך אַ יעדן סעזאָן מיט אים געפאָרן אויפן טור, און אפילו נאָך אייראָפּע ווען ער איז געפאָרן. איז טאַקע קיין וואונדער ניט פאַרוואָס זי איז דאָרט געשטאַנען אַזוי פאַרשטיינערט. ווער קען וויסן, אפשר אין איר שווייגן איז געלעגן מער צער, ווי אין די, וועלכע האָבן געערדט. ווער ווייסט וואָס אין איר מוח איז אין דער צייט אַדורכגעגאַנגען, ווי מיסטעריעז דאָס גאַנצע לעבן איז.

— יאָ, זייער. כ׳מיין אַז אַ סך וועלן אים אַזוי גיך ניט פאַרגעסן. די

קאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט, און אָט זיינען מיר דאָ. ווען איך בין אַרויסגע־גאַנגען פון דער קאַר, האָט ער נאָך צוגעגעבן, מיר זאָלן זיך טרעפן נאָר אויף שמחות.

*
**

שבחים זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן זייער אַ סך, און ס׳האָט מיך גע־מאַכט פאַר וואָכן און חדשים ניט אַדורכצולאָזן די צייטונגען און זשורנאַלן. וואָס איך האָב דערטאַפּט האָב איך געלייענט. געוואָלט וויסן וואָס מ׳שרייבט וועגן מאָריס שוואַרץ, האָט דאָס אפילו געמעגט זיין ניט מער ווי צוויי שורות, האָט דאָס מיך פאַראינטערעסירט. איך האָב גערעכנט מיט מיינונגען, אָבער ניט מיט אַלעמען בין איך געווען איינשטימיק.

אַ סך וועלכע האָבן געשריבן, האָבן מאָריס שוואַרצן ניט פאַרכאַפּט פון דער צייט וואָס מיר האָבן אים געקענט, נאָר עט ווייט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, און מיט אַזעלכן בין איך אין גאַנצן ניט איינשטימיק. איז דאָס ניט אַמאָל דערפאַר, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט דאָך געשפּילט וויליאַם שעקספּירס „קעניג ליר" אין אַ גוטער איבערזעצונג.

אין „ניו־יאָרק וואָכנבלאַט", נומער 535 איז פאַראַן אַ זייער אינטערע־סאַנטער זאָג, פון מאָריס שוואַרצעס פאָטער, נאָכדעם ווי ער האָט געזען די סצענע פון אָנצינדן די הבדלה אין „טביה דער מילכיקער". — איך צינד אָן די הבדלה פאַר זיך און דו צינדסט זי אָן פאַר דער גאַנצער וועלט.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן ווען מ׳האָט ביי אים געפּועלט, נאָך אַ סך יאָרן, צו זען זיין באַרימטן זון מאָריס שוואַרץ אויף דער בינע פון יידישן קונסט־טעאַטער.

אין דעם זעלביקן נומער איז אויך פאַראַן אַ בריוו, וואָס מאָריס שוואַרץ שרייבט צו אַ פריינט פון ישראל:

„ליבער פריינט!

„גלויבט מיר אַז איך האָב שוין אַ סך מאָל געוואָלט צו אייך שרייבן, אָבער די צייט דערלויבט ממש ניט. איך שפּיל יעדע נאַכט אין אַן אַנדער שטאָט. מען קומט אַהיים דריי אַזייגער אינדערפרי, פּראָבעס, און דער קלי־מאַט איז דאָ אַזאַ, אַז מ׳מוז זיך צולייגן כאָטש פאַר איין שעה יעדן טאָג. קומט מיר דערפאַר אויס צו פאַרנאַכלעסיקן די בעסטע פריינט און איך רעכן אייך ווי איינעם פון מיינע בעסטע. דער דערפאָלג איז דאָ אויסערגעוויינלעך

# *Maurice Schwartz, Actor, Dead; Founder of Yiddish Art Theatre*

### *Genre's Leading Figure Was Noted for Broad Style—Set Up Company in Israel*

Special to The New York Times.

JERUSALEM, (Israeli sector), May 10—Maurice Schwartz, the leading figure of the Yiddish Theatre, died of a heart attack today in Beilinson Hospital in Petah Tikva near Tel Aviv. He was 69 years old.

Mr. Schwartz suffered a heart attack a month ago in Tel Aviv while preparing a production of "Kiddush Hashem" by Sholem Asch. He had suffered eleven attacks since.

Until his New York Yiddish Art Theatre was closed down several years ago it had gained stature by producing such actors as Paul Muni, Stella Adler, Kurt Katch and Joseph Buloff. After touring with part of his company and then making guest appearances in many parts of the world, Mr. Schwartz arrived in Israel last January, bent on establishing a center for Yiddish art.

Within a week of his arrival he had drawn together a company of thirty Israeli actors and plunged into rehearsals for his first show, I. J. Singer's "Yoshe Kalb." It opened early in March, with Mr. Schwartz playing the lead role of Reb Malech.

**Broad-Mannered Performer**

Mr. Schwartz often was called the John Barrymore of the Yiddish theatre. An actor in the broad fashion, he was not parsimonious in use of voice or gesture.

Although identified mainly with the Yiddish Art Theatre, which he founded in 1918 and which was a Mecca for Jewish theatregoers on New York's Lower East Side until it was disbanded in 1950, Mr. Schwartz was a frequent performer in Yiddish theatres throughout the world.

Writing in 1947 about Mr. Schwartz and his theatre, Brooks Atkinson, drama critic of The New York Times, said:

"The Yiddish Art Theatre has continued to stand for something worth respecting. Something of the traditional theatre survives under his auspices. He gives his audiences story, colorful costumes, beards, lots of scenery, music and acting. For he is not afraid of the theatre.



Maurice Schwartz



Alfredo Valente

Mr. Schwartz as King Lear

in "The Brothers Ashkenazi," Gaev in Chekhov's "The Cherry Orchard," Shylock in "The Merchant of Venice" and as King Lear.

גרויס. דאָ קען זיכער זיין די היים פון יידישן קונסט־טעאַטער, אָבער מען מוז האָבן אַ טעאַטער אין תל־אביב. ס׳איז אַ גרויס געשעפט, בעסער ווי אומעטום אין דער וועלט, אָבער עס מוז זיין אַ טעאַטער און מען זאָל זיך ניט דאַרפן וואַלגערן פון איין פּראָבע־זאַל אין אַ צווייטן. חוץ דעם מוז מען פאָרן יעדע נאַכט אין אַן אַנדער שטאָט און דאָס מיינט יעדע נאַכט אַ פּרעמיערע, ענ־דערן ליכט, דעקאָראַציעס א. אַז. וו. אַזוי אַז עס בלייבט ניט קיין צייט אויף פּראָבן. ס׳איז אַ מין איילעניש, מ׳לעבט אונטעריראווענגס און איך בין אין ספק צי מען קען דעם וועג ענדערן. אַזוי איז דאָ איינגעפירט. דער העב־רעאישער טעאַטער האָט צוויי טרופּעס. איינע פאָרט און אַ צווייטע רוט. אָבער מיר דאַרפן אַלץ מיטפירן, פון אַ נאָדל ביז אַ פּיאַנע אפילו.

„ס׳איז גוט און מער ווי גוט, אָבער זייער שלעכט פאַר אַן ערנסטן קינסטלער. היינט ווערט דאָ איינגעפירט די זעלבע טעאַטער־פּאָליטיק ווי ביי אונדז (ניו־יאָרק) אָדער אין בוענאָס־איירעס. קיין נייע יונגע טאַאַלנטן לאָזט מען ניט צו אין דער יוניאָן. ׳איך קום פריער׳, איז דער לאָזונג. דערי־בער זיינען ניטאָ קיין יונגע מענטשן אין טעאַטער. אַלע יונגען מענטשן לויפן אין העברעאישן טעאַטער ווי ביי אונדז צום ענגלישן.

„מיר מאַכן איצט פּראָבן אויף „קידוש השם". די פּרעמיערע וועט זיין דעם 28טן מאַי. איך וואָלט געקענט שרייבן אַ ריי אַרטיקלען אָבער איך האָב ניט קיין מינוט צייט. דער יידישער טעאַטער דאָ איז אַ מין לעגיטימער־ניט־לעגיטימער טעאַטער. מ׳וואָלט געוואָלט פּטור ווערן פון דעם, נאָר מען קען זיך ניט העלפן צוליב דער יידיש־רעדנדיקער וועלט . . .

„אָט האָט מען מיר טעלעפאָנירט, אַז איך דאַרף באַלד זיין גרייט צו פאָרן קיין באר־שבע. צוויי שעה אַהין און צוויי שעה צוריק . . . איך וואָלט זייער געוואָלט איר זאָלט קומען אַהער און איר וועט ווידער שפּילן און אויך אָנפירן מיט אַ סך אַנדערע אַרבעטן. דאָס לעבן דאָ איז גייסטיק. איר וועט זיכער זיך אַריינפּאַסן אין דעם לעבן. די איינצאַמעס מיינע האָבן געבראָכן יעדן ׳רעקאָרד׳ דאָ, סיי אין יידיש און סיי אין העברעאיש, אָבער קיין רו איז נשטאָ. אַ קאַרוסעל, מען פאָרט און מען פאָרט.

„גאָלדע מאיר האָט מיך און די טרופּע אויפגענומען אין איר היים. מיר האָבן וואונדערלעך פאַרבראַכט. אַ זעלטענע פרוי, — זי האָט ניט פיינט דאָס יידישע לשון. איך האָב גערעדט דאָ מיט שאַפּיראָן, און אַלע פילן אַז

ייִדיש איז אַ גלות־שפּראַך וואָס מוז פֿאַרגעסן ווערן און דאָך שטראָמען דאָ ייִדן (ניט קיין יונגע) צו די פֿאָרשטעלונגען זיך צו קוויקן מיט אַ מאכל וואָס איז געשמאַק.





אין גאָלדע מאירס הויז מיט מאָריס שוואַרץ און זיין טרופּע.

„כדי צו פּרעזערווירן דאָ דאָס יידישע לשון מוז אַ טעאַטער געבויט ווערן וואָס זאָל איבערשטייגן דעם ׳הבימה׳־בנין. מיט אַ דראַמאַטישער שול, אַ ביבליאָטעק, אַ מין צענטער פאַר יידיש מיט אַ גרויסער שול צו לערנען יידיש פאַר קינדער. איצט מיט מיין זיין דאָ איז דער ריכטיקער מאָמענט. אָבער דער דראַנג מוז קומען פון חוץ־לארץ, פון פאַרבאַנד„ פון אַרבעטער־רינג, די שלום־עליכם פאָלקס־שולן, פון אַ סך אָרגאַניזאַציעס. דאָ דאַרף מען אַן אָסיפ וואָלינסקי, וואָס זאָל זיך שטעלן בראש פון דער גרויסער אַר־בעט. דאָס קען זיכער געטאָן און רעאַליזירט ווערן. דאָ קען ווערע די היים פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער. דאָ קען מיין נאָמען און מיין אַרבעט פאַר־אייביקט ווערן. דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער נצחון, קעגן וועלכן קיינער וואָלט זיך דאָ ניט געשטעלט אַנטקעגן.

„די יידישע פּרעסע און די יידישע וועלט איז מאַכטלאָז. מ׳גיט אויס מיליאָנען נאָר מ׳לאָזט ניט אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן אום חנוכה ניט אַרויסברענגען אַ יידיש וואָרט. דאָ אין די שולן לערנט מען ענגליש, אַראַביש, פראַנצויזיש, אָבער יידיש איז דאָ אַ סוד. מ׳פילט זיך דאָ זייער מאָדנע, כמעט אַ פרעמדער, פרעמדער ווי אין אַמעריקע אָדער אין אַרגענטינע. איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי פיל ניט געליטן פאַר דעם יידישן לשון ווי שפּי־לנדיק דאָ.

„איך גיי אין גאַס און קוק אויף די קינדערלעך וואָס רעדן און שפּילן זיך אויף העברעאיש. איך רעד צו זיי און פרעג ביי זיי: ׳אתם מדברים או אתם אידית׳? — ׳לא, לא׳ — ענטפערן זיי בקול רם. און אָט די ליבע יידישע קינדערלעך קוקן מיר אויס ווי פרעמדע. ס׳איז אַן ערנסטער ענין.

„דער אויטאָבוס טרובעט שוין. באר־שבע וואַרט. מיר וועלן זען אברהמס זיבן ברונעמער. ווי נאָענט מיר איז דאָ אַלץ און דאָך ווי ווייט״.

איער מיט פריינטשאַפט,

מאָריס שוואַרץ.

יאָ, ער האָט אָנגעצונדן די הבדלה פאַר אַלע יידן. דער פלאַם דאַרף אייביק אָנהאַלטן.

אין דעם זעלבן נומער „וואָכנבלאַט״, געפין איך אַן אָפּשאַצונג פון אַ גאַנצן מענטש, וועגן מאָריס שוואַרצן, אונטער אַ גרויסן קאָפּ:

## „אַ טרער נאָכן גרויסן יידישן זון".

די אַלע דרייסיק יאָר וואָס איך האָב געקענט מאָריס שוואַרצן זיינען מיר געווען ענג פאַרבונדן. אין הונדערטער בריוו האָט ער פאַר מיר אָפּט אויס־געגאָסן זיין וויטיק און אויך זיינע פריידן. אין הונדערטער געשפּרעכן האָט ער פאַר מיר אויסגעשפּונען זיינע פאַנטאַזיעס. און אויב אין פאַרהאַרעוועטן ניו־יאָרק האָבן מיר באַוויזן צו זיין זייער נאָענט, האָט לאָס־אַנדזשעלעס, וואו ער האָט עטלעכע סעזאָנען געשפּילט, אונדז נאָך ענגער צונויפגעקניפּט. אַזוי, אַז גאַנץ אָפּט האָט ער געעפנט פאַר מיר זיין האַרץ. דאָך האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז איך זאָל אים ניט טיטולירן „מר. שוואַרץ". איינמאָל, אין אַ גאָר איטימען שמועס, ווען ער האָט ווי אַ קינד מיך געפּאָלגט אין אַ געוויסן ענין, האָב איך דערפילט ווי ער וואָלט אין מיין טיטולירן אים זאָל איך ווערן נעענטער. האָב איך אים געזאָגט: „מר. שוואַרץ, איך ווייס ווי נאָענט איר פילט צו מיר, און איך אַזוי צו אייך, אָבער דאָס קאָן ניט אָפּווישן דעם דרך ארץ וואָס איך פיל צו אייך אַלס גרויסער יידישער קינסטלער און איך קאָן ניט ביי מיר פועלן אייך אַנדערש צו רופן ווי 'מיסטער שוואַרץ' ".

אַ סך יידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן ניט געטאָרט שטיין אין זיינע דלד־אמות, האָבן אים ניט גערופן „מר. שוואַרץ", נאָר „שוואַרץ" און האָבן אים אפילו ניט פאַרגינען זיין נאָמען מאָריס, וואָס ער האָט ליב געהאַט אויסצו־לייגן דווקא לויטן פראַנצויזישן „מאָוריס", נאָר פּשוט גערופן משה,, פּונקט ווי משה וואָלט געווען עפּעס ניט קיין שיינער נאָמען, און זייער כוונה איז געווען אים ניט צוצוטיילן קיין כבוד, מיינענדיק אַז משה שמעקט מיט היימיש־קייט, מיט סעקאָנד עוועניו...

***

ער האָט טיילמאָל זאַכן, וואָס האָבן זיך ניט געלייגט אויפן שכל. אָבער מען האָט אויף אים ניט געקאָנט האָבן קיין פאַראיבל, ווייל ער האָט גע־גלויבט אין זיי.

ער האָט געהאַט אַ גרויסן אַפּעטיט, ניט צום עסן, נאָר צו מעשים פאַרן טעאַטער. ער האָט נאָך ניט פאַרענדיקט דעם פּלאַן פון איין אויפפירונג, ווי ער האָט שוין געחלומט וועגן אַן אַנדערער. ער האָט געשפּילט אין איין שטאָט מיט גרויס דערפאָלג, און מיטן געדאַנק האָט ער זיך דערזען אין דער

זעלבער צייט אין אַן אַנדער אָרט. ער האָט געהאַט די אייגנשאַפט פון טראַכטן גלייכצייטיק וועגן עטלעכע זאַכן מיטאַמאָל. זיין מוח איז געווען געבויט ווי שופלאָדן, וואָס האָבן געקאָנט זיין אָפט עטלעכע מיטאַמאָל.

ער האָט זיך געקענט גרימירן, רעדן מיט אַ מענטשן און אין דער זעלבער צייט, אין זיין „דרעסינג־רום״, הערן וואָס עס גייט אָן אויף דער בינע. ער האָט געמאַכט עטלעכע פּלענער מיטאַמאָל און גלייכצייטיק געאַרבעט אויף זיי.

אָט ערשט דאָ ניט לאַנג, בעת ער האָט געשפּילט אַ יידישע פּיעסע אויף ענגליש אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט ער געליטן אַ דורכפאַל. עס איז אָבער געווען קלאָר, אַז ווען ער זאָל ניט מיד ווערן, ניט אָפּלאָזן, נאָר שטעלן אַן אַנדערע פּיעסע, וועט ער צוריק פאַרבעסערן זיין מערכה. אָבער ער איז שוין געזעסן און געשריבן בריוו און געשיקט טעלעגראַמעס קיין אַרגענטינע, קיין ארץ ישראל און קיין קעיפּ־טאַון, און אין דער זעלבער צייט געפּלאַנט וועגן אַ פילם אין האָליוואוד.

זייענדיק מיר געזעסן עטלעכע שעה אין זיין האָטעל. מיר האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס וועגן טעאַטער. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן עפּיזאָדן פון אַמאָליקן יידישן טעאַטער. ער האָט אָנגעהויבן קאָפּירן אַמאָליקע אַקטיאָרן, און זיין געמיט איז געוואָרן אַזוי פריידיק, ווי ער וואָלט געווען נאָכן גרעסטן „סוקסעס״. מיר האָבן זיך געכאַפּט אַז עס איז שוין פאַרטאָג, און ער איז אַראָפּגעגאַנגען מיך באַגלייטן.

די גאַנצע צייט האָב איך געטראַכט וועגן דעם וואָס ער איז ניט דויערהאַפט, וואָס ער בויט אויף פּלענער און לאָזט זיי שנעל פאַלן, און איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט צו אים:

— מר. שוואַרץ, איך דאַרף פאַר אייך ערשט ניט דעקלאַרירן מיין ריינשאַפט, האָף איך, אַז איר וועט ניט האָבן אויף מיר קיין פאַראיבל ווען איך וועל אַמאָל רעדן צו אייך גאָר אָפנהאַרציק. וואָס טוט איר? איר רואינירט זיך דאָך. באַשליסט אַז איר טוט איין זאַך און קעמפט פאַר איר, און איר וועט זיכער זיין דערפאָלגרייך. אָבער אַז איר טוט עטלעכע זאַכן מיטאַמאָל, ווי קאָנט איר זיין דערפאָלגרייך? איר ווייסט אַז איר זייט אַ מנחם־מענדל?!

ערשט אַז איך האָב אַרויסגעזאָגט דאָס לעצטע וואָרט, האָב איך זיך אַליין דערשראָקן, ווי איך וואָלט אים שטאַרק באַליידיקט. אָבער ווי איבער־

ראַשט בין איך געוואָרן ווי ער האָט מיר אויסגעשטרעקט אַ וואַרעמע האַנט און געזאָגט:

— איר ווייסט, מר. ז... (אויך ער האָט מיך אַזוי טיטולירט „מר.״), אַז איר זייט גערעכט. איך בין אַ מנחם־מענדל. איר ווייסט אַז איך האָב מורא, אַז איך בין אַ פאַנטאַזיאָר, איך רעד מיר אַליין איין זאַכן, איך באַגייסטער זיך אַליין און גלויב אַז עס איז אַ ווירקלעכקייט.

*
**

עס האָבן אים זייער ווי געטאָן לעצטנס עטלעכע זאַכן. ער האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן, וואָס צו גרויסע יידישע נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען, נעמט מען ניט קיין יידישע קינסטלער, נאָר גויים...

ער האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן וואָס צו שלום־עליכמס פּיעסן אויף ענגליש האָט מען אים, דעם אמתן שלום־עליכם־אַקטיאָר, איגנאָרירט...

ער האָט ניט געקאָנט פאַרגעבן מדינת־ישראל, וואָס צו געוויסע גרויסע פייערונגען, האָט מען דאָרט איינגעלאַדן ניט־יידישע קינסטלער און זיי גוט באַצאָלט און אים, וואָס האָט רעפּרעזענטירט דעם קינסטלערישן דרוק פון יידישן וואָרט, וואָס האָט פאַרטראָטן די שעפערישקייט פון עטלעכע הונדערט יאָר יידיש לעבן אין יידיש, האָט מען צוגעשטימט, אַז ער מעג קומען אויף זיינע אייגענע קאָסטן, אויב ער וויל זיך באַטייליקן אין אַזאַ פייערונג. ער האָט געפילט אין דעם אַ פּאַטש צום יידישן פאָלקס־לשון.

אָבער באַזונדערס האָט ער געווייטיקט פאַרן מצב פון יידישן טעאַטער אין מדינת־ישראל. ער האָט ניט געקאָנט זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז יידיש טעאַטער דאָרט זאָל פערזאָניפיצירט ווערן מיט דעם כאַפּ־לאַפּ, ביליקן טעאַטער, וואָס ווערט געשפּילט פון אָרטיקע אַקטיאָרן און אַמערי־קאַנער גאַסטראָליאָרן. ער האָט דאָס באַטראַכט ממש ווי אַ חילול־השם, און עס איז אים געגאַנגען פּשוט אין לעבן אַראָפּצונעמען אָט דעם שאַנד־פלעק.

דאָ האָט זיך צעשפּילט זיין פאַנטאַזיע און ער האָט שוין געזען אין זיין וויזיע ווי דורך זיינע קינסטלערישע פאָרשטעלונגען וועט ער אַרויסרופן אַזאַ דרך ארץ צו יידיש, אַז די רעגירונג און די פּני פון מדינת־ישראל וועלן ניט נאָר דערלויבן דאָרט ווייטער צו שפּילן יידיש, נאָר מען וועט בויען דאָרט אַ טעאַטער־בינין פאַר יידיש טעאַטער און אויף אַזאַ אופן וועט ער ברענגען

צו אַ תחית־המתים פון יידישן טעאַטער דווקא אין מדינת־ישראל. ער וועט דאָס זיין דער וואָס וועט היסטאָריש האָבן דאָס גרויסע פאַרדינסט וואָס וועט דערפירן צו דער פולשטענדיקער אָנערקענונג פון יידיש אין יידישן לאַנד. דאָס וואָלט געווען זיין גרעסטער שכר פאַר אַלע זיינע אַרבעטן.

איז ער געפאָרן קיין מדינת־ישראל אויף קידוש־יידיש און איז געפאַלן ווי אַ קדוש.

זאָל זיין נאָמען אַריינגיין אין רייסטער פון אונדזערע טייערסטע זין, פון די גרויסע, געטרייע קינדער פון יידישן פאָלק.

זלמן זילבערצווייג.

***

אַזוי שרייבן טעאַטער־מענטשן וועגן אַ קינסטלער, איבערהויפּט אַזעלכן ווי מאָריס שוואַרץ. מיט מער דרך ארץ. אויב ס׳וועט נאָר זיין אין יידיש טעאַטער וועט מען זוכן די וויכטיקסטע שאַפונגען פון מאָריס שוואַרצן, צו קענען גיין אין זיין גלייכער ליניע פאַר אַ בעסערן יידישן טעאַטער.

***

נאָך אַ פריינט וואָס שרייבט אונטערן קאָפּ אין דעם זעלביקן נומער:

## „שוואַרצעס ראָל אין יידישן טעאַטער".

דער טויט פון מאָריס שוואַרץ האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער אומע־טום וואו יידן לעבן, ווייל מאָריס שוואַרץ האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס גוטע און דאָס שאַפערישע אין יידישן טעאַטער. מען קען זאָגן, אַז ביז שוואַרץ האָט זיך באַוויזן איז דאָס יידישע טעאַטער כמעט אינגאַנצן געשטאַנען אונ־טער דעם צייכן פון שונד. שוואַרץ האָט דער ערשטער זיך פאַרמאָסטן צו געבן דעם יידישן טעאַטער דעם כאַראַקטער פון אַ קונסט־אינסטיטוציע. געטאָן האָט דער דאָס ניט אַזוי ווייט מיטן וויסן ווי מיטן אינסטינקט, ווייל שוואַרץ אַליין איז אַרויסגעוואַקסן פון די זעלבע פרימיטיווע וואָרצלען וואָס האָבן געבוירן דעם שונדישן טעאַטער.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש אַז די אַקטיאָרן־יוניאָן האָט אַ לאַנגע צייט ניט געוואָלט אַריינגעמען שוואַרצן פאַר קיין מיטגליד. ער איז געווען פאַר זיי צו ווייניק מעלאָדראַמאַטיש. נאָכדעם ווי שוואַרץ איז צוויי מאָל דורכגעפאַלן

ביים עקזאַמען — און ער האָט געוואוסט אַז אַ דריטער דורכפֿאַל וועט פֿאַר אים אויף שטענדיק זיין פֿאַרשלאָסן די טיר פֿון דער אַקטיאָרן־יוניאָן — איז ער אַוועק צו אב. קאַהאַנען אין דער רעדאַקציע פֿון „פֿאָרווערטס" און פֿאַר אים דאָרט אָפּגעשפּילט אַ באַקאַנטע ראָל צו ווייזן דעם רעדאַקטאָר, אַז ער האָט טאַלאַנט און איז ווערט אָנגענומען צו ווערן אין דער אַקטיאָרן־יוניאָן. דאָס האָט געווירקט. אויף קאַהאַנס רעקאָמענדאַציע איז שוואַרץ געוואָרן אַ מיטגליד.

באַלד איז געשען דאָס וואָס עס געשעט אַזוי אָפֿט מיט טאַלאַנטן, פֿון עמעצן וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר און מ׳האָט אים ניט געוואָלט אַריינלאָזן, איז ער כמעט איבערנאַכט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זייל פֿון יידישן טעאַטער. ווי עס שטייט: „אבן הבונים היתה לראש פינה". דער שטיין וואָס די בויער האָבן פֿאַר אים פֿאַרמיאוסט איז געוואָרן דער פֿונדאַמענט־שטיין!

שוואַרץ איז ווייט אַוועק פֿון דער אַלטער אָנגענומענער אָפּערעטע אָדער מעלאָדראַמע ווי עס געשעט אָפֿט מיט רעוואָלוציאָנערן, האָט ער איבערגענומען אַ היפּש ביסל פֿון דעם צד קעגן וועלכן ער האָט רעוואָלטירט און ער האָט פּאַקטיש זיך ניט געקאָנט באַפֿרייען דערפֿון ביז צום סוף פֿון זיין לעבן. שוואַרץ האָט געוואָלט דראַמע, עכטע דראַמע, אָבער זי האָט געמוזט האָבן אַ סך פֿאַרב. ער האָט, קאָן מען זאָגן, אַלע יאָר געזוכט אַ פּשרה צווישן דראַמע און דער אָפּערעטע, און די פּשרה איז באַשטאַנען אין דעם ספּעקטאַקל. אַ ספּעקטאַקל איז אַ דראַמע מיט דער פֿאַרביקייט פֿון אַ מעלאָדראַמע. דער אַקצענט ווערט ניט געלייגט אויף אַן איינצלנעם מענטש און זיינע ראַנגלענישן, נאָר אויף אַ קאָלעקטיוו, אַ סביבה. מאָריס שוואַרץ איז געווען פֿאַרליבט אין קאָליר און אין מאַסן־סצענעס. די מוזיקע ליבן האָט אויך געהאַט אַ פּראַקטישן קוואַל. דער יידישער עולם איז ווייט ניט געווען צוגעגרייט פֿאַר דעם סאָרט פּיעסן וואָס מ׳שפּילט אויף דער אייראָפּעאישער בינע. אפֿילו דער יידישער אינטעליגענט וויל מער פֿון אַ יידישער פּיעסע ווי די שילדערונג פֿון אַ געראַנגל פֿון עטלעכע פּערזאָנען.

ער קומט אין טעאַטער אויף דעם זעלבן שטייגער און מיט דער זעלבער שטימונג ווי ער קומט יום־כיפּור צו כל נדרי, אָדער ווי ער קומט צו אַ יזכור־אָוונט, אָדער צו עפּעס אַ ספּעציעלע פֿייערונג. פּאַקטיש וויל ער פֿון טעאַטער אַלץ מיט אַמאָל: טראַגעדיע און קאָמעדיע, אפּיקורסות און רעליגיע. ער וויל זען אין טעאַטער דאָס אַלץ וואָס עס שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם מאָדער־

נעם ייד און דעם אַלטמאָדישן ייד. ער קומט באַלד מיט אַזויפיל פּאַרלאַנגען, אַז עס איז כמעט אוממעגלעך אים צופרידנצושטעלן. דאָס יידישע טעאַטער־פּובליקום וויל פּאַקטיש דאָס אוממעגלעכע...

דערביי איז דער יידישער טעטאַער־גייער ווייניקער דיסציפּלינירט ווי יעדער אַנדערער טעאַטער־גייער. ער קומט שפּעט. ער איז אָפּט אַ טייל פון אַ בענעפיט־פאַרשטעלונג וואו ער טרעפט קרובים און לאַנדסלייט. ער איז ניט געניגט צו שווייגן. דער אַקטיאָר מוז אים איבערשרייען, אָדער מען מוז געבן אויף דער בינע אַ „שטאָף" וואָס מאַכט אויף אים אַזאַ געוואַלדיקן איינדרוק, אַז ער ווערט אַנטשוויגן קעגן זיין ווילן.

מאָריס שוואַרץ איז ניט בלויז געווען אַ טאַלאַנטירטער אַקטיאָר און אַ פעיקער רעזשיסאָר, נאָר איז אויך געווען אַ קענער פון דעם טעאַטער־געשעפט, פון דעם ספּעציעלן עולם מיט וועלכן ער האָט געהאַט צו טאָן. שוואַרץ האָט געוואוסט, אַז יידיש טעאַטער קאָן האָבן דערפאָלג בלויז מיט „שטאַרקע" פּיעסן, דאָס הייסט, פּיעסן וואו עס קומען פאָר געוואַלדיקע זאַכן, וויכטיקע דראַמאַטישע קאָנפליקטן. ס'איז כמעט געווען קלאָר פאַר אים אַז אַ יידישע פּיעסע — מעג זי זיין ווי קינסטלעריש — מוז האָבן אַ חתונה, אַ קדיש־זאָגן, אַן אלמ מלא רחמים, אַ חרם, און נאָך אַזוינע עלעמענטן וואָס ווירקן צו יעדער צייט און וואָס רופן אַרויס ביים עולם פּחד, בענקשאַפט, פרייד.

אין די פּיעסען פון שלום אַש, זינגער און נאָך אַ ריי שרייבער האָט שוואַרץ געפונען דאָס וואָס ער האָט געזוכט. אָבער די דאָזיקע שרייבער זיינען ווייט ניט געווען צוגעגרייט צו מאַכן מיט דעם פּובליקום יענע פּשרות, וואָס אין זיי האָט זיך געניטיקט דאָס יידישע טעאַטער, און שוואַרץ האָט באַשלאָסן אַז די בעסטע זאַך פאַר אים וועט זיין צו ווערן אַליין אַ פּיעסן־שרייבער, אָדער איבער־שרייבער.

שוואַרץ איז געווען איבערצייגט, אַז פאַרן יידישן טעאַטער קאָן בלויז שרייבן עמעצער וואָס קאָן דאָס יידישע טעאַטער פון אַלע זייטן און שטאַנד־פונקט. און ווער האָט אַזוי געקאָנט דאָס יידישע טעאַטער ווי שוואַרץ? שוואַרץ האָט אָנגעהויבן איבערשרייבן פּיעסן און באַלד איז ער דערגאַנגען צו אַ שטופע אַז ער האָט מער ניט איבערגעשריבן, נאָר אַליין געשריבן. ער האָט געהאַלטן די פען און די אויגן זיינע זיינען דערביי געווען געווענדט

צום פּובליקום. ער האָט געזען כּסדר דעם עולם. ער האָט געהערט די אַפּלאָדיסמענטן וואָס יעדער זאַך אָדער יעדע סצענע קאָן אַרויסרופֿן.

די מחברים האָבן געשריגן געוואַלד אַז שוואַרץ מאַכט אַ תּל פֿון זייערע פּיעסן, אָבער שוואַרץ איז געווען זיכער אַז ער איז גערעכט, ניט זיי. וואָס שווערער עס זיינען געוואָרן די באַדינגונגען פֿון יידישן טעאַטער, וואָס קלע־נער דער עולם, וואָס גרעסער די קאָסטן, אַלץ מער האָט זיך דאָס יידישע טעאַטער געגנויטיקט אין גרויסע דערפֿאָלגן, אין פּאַרביקע און רוישיקע ספּעקטאַקלען.

און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קאָנען די בינע איז איין זאַך און קאָנען שרייבן אַ פּיעסע — איז גאָר עפּעס אַנדערש. די גאָר גרויסע דראַ־מאַטורגן זיינען גאָרניט געווען אַזוי אויסגעבונדן אין אַלע קאַפּריזן פֿון דער בינע־טעכניק און פֿון עולם. ווען אַ קונסט הייבט זיך אָן צופֿיל צוצופּאַסן צו טעכנישע דריידלעך און צו די קאַפּריזן פֿון עולם, ווערט זי דעגענערירט. שוואַרץ האָט אָנגעהויבן דורכפֿאַלן אין פּיעסן וואָס לויט זיין חשבון האָבן זיי געדאַרפֿט זיין קאָלאָסאַלע דערפֿאָלגן.

אין די לעצטע יאָרן האָט שוואַרץ קעגן זיין אייגענעם ווילן זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו יענעם סאָרט טעאַטער קעגן וועלכן ער האָט זיך פֿריער געבונטעוועט. עס איז אַן אַלטע טראַגעדיע, רעוואָלוציאָנערן קייקלען זיך אָפֿט אַליין צוריק קעגן דעם וואָס זיי האָבן באַקעמפֿט . . .

עס איז ניט געווען אינגאַנצן שוואַרצעס שולד. יידישע שרייבער האָבן די לעצטע יאָרן כמעט אויפֿגעהערט צו שרייבן פּיעסן און די פּיעסן וואָס זיי האָבן געשריבן האָבן אינגאַנצן ניט קיין שייכות מיט יידישן לעבן און מיט לעבן איבערהויפּט.

שוואַרץ, וואָס האָט געהאָלפֿן דעם יידישן טעאַטער דערגרייכן זיין העכסטע שטופֿע, האָט צוגעזען זיין נידעריקסטן פֿאַל. יידן האָבן זיך אַסימי־לירט שפּראַכלעך און אויפֿגעהערט גיין אין יידישן טעאַטער. עס איז מער ניט געווען קיין פּובליקום, קיין פּיעסן. ס׳האָבן אפֿילו אָנגעהויבן אויספּעלן יונגע אַקטיאָרן. דאָס קאַפּעע „ראָיאַל" איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גע־וועלב צו ריניקן מלבושים. סעקאָנד עוועניו האָט פֿאַרלוירן איר פּובלי־קום, איר יידישן חן . . .

שוואַרצעס לעצטע יאָרן זיינען געווען טראַגישע. אָבער שוואַרץ איז

ניט געווען פון די מענטשן וואָס קאָנען רעזיגנירן. ער האָט געפּרואווט פירן אַ קאַמף איינער אַליין קעגן אַ גזר־דין פון דער געשיכטע...

ווי מאָדנע, נאָר האַרט פאַרן סוף האָט אויפגעבליצט פאַר מאָריס שוואַרצן אַ נייע האָפענונג: ישראל! ער האָט מיטמאָל איינגעזען אַז תל־אביב קאָן פאַרנעמען דאָס אָרט פון אַמאָליקן ניו־יאָרק. דאָרט, אין דער העברע־אישער מדינה, לעבט יידיש טעאַטער מער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער.

איך האָב זיך געזעגנט מיט שוואַרצן איידער ער איז אַוועקגעפאָרן קיין ישראל און ער איז געווען פול מיט האָפענונג. ער האָט זיך געגרייט ווידער אָנצוהייבן אַלץ פונדאָסניי. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז שוואַרץ האָט גע־שפּילט אין תל־אביב מיט גרויס דערפאָלג „יאָשע קאַלב", אַ פּיעסע וואָס איז ביידע, אַ קינסטלעריש ווערק און אַ רייכער ספּעקטאַקל.

דאָ איז שוואַרץ געווען ביי זיך אין דער היים. דאָ האָט דאָס יידישע פּובליקום ווידער דערפילט דעם טעם פון טעאַטער. אָבער שוואַרץ האָט מער ניט געהאַט די פיזישע כוחות. עס איז געווען צו שווער דער קאַמף.

מיט מאָריס שוואַרצן איז אַוועק אַ וויכטיקע עפּאָכע אין יידישן טעאַטער. פּעסימיסטן זאָגן אפילו, אַז דאָס גאַנצע יידישע טעאַטער איז געשטאָרבן צוזאַמען מיט אים. איינס איז זיכער: די עפּאָכע פון די ספּעקטאַקלען איז אַריבער. אויב עס איז נאָך פאַראַן עפּעס אַ שאַנס פאַר יידיש טעאַטער, איז עס צו גיין אויף גאַנץ נייע וועגן. אָבער ווער וועט גיין? און מיט וועמען וועט מען גיין!...

***

דאָס איז כמעט איבערגעחזרט, וואָס איך האָב שוין דאָ געזאָגט, וויל איך אָבער ווייזן דעם לייענער, אַז מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט אַ סך גוטע פריינט, וועלכע האָבן וועגן אים געוואוסט אַ סך מער, ווי דער וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפן אויף אַ וויילע, און אויף אים אויס־געגאָסן אַ ים מיט גאַל פאַר אַ מייל. ביי זיינע פריינט שטייט מאָריס שוואַרץ אַ סך העכער אפילו פון דעם בעסטן קריטיקער וואָס האָבן וועגן אים געשריבן, אַ קינסט־לער דאַרף מען פאַרשטיין.

פון אַ פילאַדעלפיער פריינט, אין דעם זעלביקן נומער, אונטער דעם קאָפּ:

# „מאָרים שוואַרצעס ערשטע רייזע אין ארץ־ישראל".

(ווי אַזוי ער האָט זיך צוגעגרייט פאַר זיין אויפטריט דאָרט).

דאָס האַרץ וויינט ווען מען דערמאָנט זיך, אַז מען שרייבט שוין איצט זכרונות און נעקראָלאָגן וועגן דער פּערזאָן, וואָס קיינער האָט זיך ניט געקענט גלויבן, אַז אַזוי שנעל וועט ער פאַרשניטן ווערן, ווען ער האָט נאָך געהאַט אַזוי פיל פּלענער און ער איז געווען דער בעל־בטוח די פּלענער דורכצופירן. ער האָט נאָך געהאַט מער ווי איין מזמור. אָבער די סטרונעס זיינען איבערגעריסן געוואָרן: די האַרפע אַרויסגעשלאָגן פון האַנט און דאָס ליד אָפּגעהאַקט אין מיטן און דער גרויסער מזמור איז געבליבן ניט פאַרענדיקט.

מאָריס שוואַרץ קען מיט רעכט באַצייכנט ווערן אַלס אַ מענטשלעכע עלעקטרישע דינאַמאָ און אפשר מער פון דעם. וויפל ער האָט ניט געטאָן, איז אים אַלץ ניט געווען גענוג. עפּעס איז ער געטריבן געוואָרן פון אַן אינערלעכער און אומדערזעטלעכער קראַפט און ער האָט געוואָלט אַדורכפירן וואָס מער געביטן: אַקטיאָר, רעזשיסאָר, פּראָדוצירער, געשעפטספאַרוואַלטער, דראַמאַטורג, שרייבער, מוזיקער — יאָ, מוזיקער; טעאַטערדיפּלאָמאַט — און דאָס איז אים אַלץ ניט געווען גענוג.

צו די אַלע אומציילליקע געביטן וואָס ער האָט טיילוויז באַהערשט איז אים צוגעקומען נאָך אַ גאַנץ נייער געביט: העברעאיש. לערנען און דערלערנען די העברעאישע שפּראַך, איבערהויפּט דורכן גערעדטן וואָרט. ס'איז גאָרניט קיין לייכטע זאַך ביי די 50ער יאָרן אָנהייבן זיך לערנען אַ נייע און שווערע שפּראַך.

אָבער די ברויזנדיקע שוואַרץ־אַמביציע האָט ניט געוואוסט פון אַזעלכע זאַכן ווי שוועריקייטן און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין פּראָיעקט מיט זיין כאַראַקטעריסטישן ענטוזיאַזם און עקשנות. זינט יענעם טאָג אָן, ווען דער באַשלוס איז פון אים געמאַכט געוואָרן, האָט ער שוין געזוכט, ביי יעדער געלעגנהייט, אויסצונוצן אַלע מעגלעכקייטן. אויף צו דעראָבערן זיין נייעם ציל, האָט ער זיך באַגעגנט מיט עמעצן וואָס האָט געקענט רעדן העברעאיש, האָט שוין קיין אַנדער שפּראַך פאַר אים ניט עקזיסטירט און קיינע שוועריקייטן און מכשולים האָט אים ניט געקענט פאַרצאַמען דעם וועג.

וואָס האָט אים אָבער געטריבן צו דעם שריט און צו אַזאַ געוואַגטער אונטערנעמונג? דער אמת איז, אַז מען וואָלט דאָ געקענט אָנווייזן אויף עטלעכע סיבות, וואָס אייניקע פון זיי ווּאָרצלען אפשר טיף אין דער ספּע־ציפישער פּסיכאָלאָגיע פון אָט דעם אומדערזעטיקטן קינסטלער, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט אָנזעטיקן געגוג, איבערהויפּט מיט דער טעאַטער־קונסט.

מיר וועלן אָבער אויסלאָזן די סיבות און מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בלויז אויף צוויי פון זיי: ערשטנס, זיין גרויסע ליבע פאַרן יידישן פאָלק און זיינע גייסטיקע פאָלקסווערטן און זיין טיפער פאַרערונג אין יראת־הכבוד פאַר די מיסטישע לאַבירינטן פון דער העברעאישער שפּראַך.

וועגן דער צווייטער סיבה וועלן מיר מוזן זיך פאַררופן אויף אַ שמועס, וואָס איז געפירט געוואָרן צווישן מיר און אים, טאַקע וועגן דעם ענין. ער האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער האָט געהאַט געשפּילט מיט אַ טרופּע „אוריאל אַקאָסטאַ" אין העברעאיש, און שפּילנדיק די טיטל־ראָל איז אים אויסגעקומען צו האַלטן אַ לאַנגן מאָנאָלאָג און ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן איז זיין דערפאָלג געווען גרויס, טראָץ דעם וואָס ער האָט די שפּראַך ניט באַהערשט. אויף דעם איז מאָריס שוואַרץ געווען אַ צו גרויסער אַקטיאָר, אַז ער זאָל צוליב אַזאַ זאַך דורכפאַלן. אָבער איין זאַך האָט אים איבערגע־לאָזט אַנטוישט און דאָס איז, וואָס די פירנדיקע העברעער צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער וועלט־באַרימטער ציון־פירער, נחום סאָקאָלאָוו, זיינען נאָכן שפּילן אַרונטערגעלאָפן הינטער די קוליסן אים צו באַגריסן, און באַגריסט האָבן זיי אים אין העברעאיש און ער האָט זיי ניט געקענט ענטפערן. דאָס האָט אים אָנגערירט זיין שטאָלץ און האָט אים פאַרוויטיקט. דאָס זאָל האָבן געווען דער ערשטער שטויס זיך צו נעמען לערנען העברעאיש.

איין באַשלוס האָט אויך געשלעפּט דעם צווייטן און די שוואַרץ־אַמביציע האָט אים געטריבן צו מאַכן דעם ווייטן געוואַגטן באַשלוס, — אויפטרעטן מיט אַ קאָנצערט אין העברעאיש און יידיש אין ארץ־ישראל. און אויב איך מעג דאָ צוגעבן, אַז איך בין געווען דער פריווילעגירטער און דער „קרבן" אויסצואַרבעטן מיט אים די פּראָגראַם פאַר זיין נייעם טריאומף־צוג אין ארץ־ישראל, מיט וועלכע צען יאָר פאַר דעם אויפקום פון מדינת־ישראל.

מיין אויסדערווײלקייט פאַר דעם איז געקומען אַלס רעזולטאַט וואָס

שוואַרץ האָט אָנגענומען מיין פאָרשלאַג אַז איינע פון די הויפּט־נומערן זאָל זיין די פּאָעמע, „ברוך ממגנצה", פון דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער, שאול טשערניכאָווסקי. שוואַרץ האָט זיך אויך צופעליק דערוואוסט, אַז ביי דער געלעגנהייט ווען ס'איז דאָ געפייערט געוואָרן דער 60־יאָריקער יובילייאום פון טשערניכאָווסקין, האָבן די היגע העברעער אַראַנזשירט אַ פייערונג לכבוד דעם גרויסן דיכטער און איך בין אויפגעטראָטן אין דער פּאָעמע אין גרים, און די פּאַסיקע דעקאָראַציעס.

נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעגעבן שוואַרצן דעם אינהאַלט פון דער פּאָעמע איז ער באַגייסטערט געוואָרן פון מיין פאָרשלאַג און איך בין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיין „קרבן" און אין זיין „שקלאַף" פון יענעם מאָמענט אָן, האָט שוואַרץ פאַרווענדט זיין יעדע פרייע מינוט און האָט זיך געווידמעט צו דער פּאָעמע און דער בוך „שירי טשערניכאָווסקי" זיינען אים פון האַנט ניט אַרויס. שוואַרץ איז ניט געווען פון די יעניקע וואָס לייגן אָפּ אויף שפּעטער אַן אַרבעט, און ער האָט באַלד באַשטעלט, אַז איך זאָל זיך טרעפן מיט אים אין דער פרי פאַר פרישטיק.

איך בין נאַטירלעך געקומען צו דער באַשטימטער מינוט און שוואַרץ איז געזעסן אין דעם רייכן האָטעל עס־צימער, מיטן בוך אין האַנט. וועגן שוואַרצעס דינאַמישע און ריזיקע, גייסטיקע און פיזישע כוחות, וועגן זיין געוואַלדיקן מוט, עקשנות און אויסדויער, איז שוין פיל געשריבן געוואָרן און וועט נאָך מסתמא געשריבן ווערן. אָבער נאָר די וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק מיט אים מיטצואַרבעטן קענען פאַרשטיין, און ריכטיקער אָפּשאַצן אָט די גרויסע כוחות, וואָס ער איז באַזעסן.

קיינמאָל פריער האָב איך ניט באַגריפן זיין פולע גרויסקייט. אָבער איצט האָב איך דערזען אַז ער איז באַזעסן אָט די אַלע נויטיקע עלעמענטן וואָס גרענעצן זיך מיט גאונות אין זיין פאַך.

ווי אַזוי האָט שוואַרץ באַוויזן אויסצולערנען אַ פּאָעמע אין אַ פרעמדער שפּראַך פאַר אים, וואָס אַנטהאַלט 27 לאַנגע זייטן פון אַ הויך־פּאָעטישן לשון? דאָ האָב איך דערזען אַ נאַכט שפּעטער, ווען איך בין אַריינגעקומען אין זיין „גאַרדעראָב"־צימער און אויפן דיל, האָב איך געזען ליגן צענדליקער שטיקער פאַרשריבן פּאַפּיר. איך האָב אויפגעהויבן איינעם פון יענעם פּאַפּירלעך און פאַר מיר איז געוואָרן קלאָר, דער מיטל וואָס שוואַרץ באַנוצט אויף צו דערלערנען אַזאַ שווערע עברי. צענדליקער מאָל זיינען געווען איבערגעשריבן

די זעלביקע שטראָפן אויפן פּאַפּיר, און אַזוי האָט ער זיי אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון פּאַרטייטשן יעדעס וואָרט, ביז ער איז געווען זיכער, אַז ער ווייסט וואָס ער רעדט. ער האָט ניט געוואָלט דורכלאָזן קיין איין זילבע און איבערהויפּט זיינען אַנטשטאַנען שוועריקייטן מיט דער עברי הספרדית. פאַרוואָס זאָגט מען דאָ מיט אַ פּתח און דאָ מיט אַ קמץ און איך בין געווען געצוואונגען צו דערקלערן יעדן גראַמאַטישן געזעץ וועגן יעדן פּינטעלע.

דאָס איז געווען נאָר איין מיטל ווי צו דערלערנען דעם טעקסט. דער קומענדיקער שריט איז געווען צו גיין מיט אים אין האָטעל, נאָך דער פאַר־שטעלונג, איינס ביינאַכט. איך בין שנעל מיד געוואָרן. אָבער ניט דער פּיזישער ריז, מאָריס ווישאַרץ. אָט האָט ער פאַרלוירן דעם קאָפּ, און פּלוצעם האָט ער ווי אַ לייב אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ און ווידער צו דער אַרבעט, און אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

דערלערנט דעם טעקסט האָט מען געדאַרפט מאַכן דעם קומענדיקן שריט, אַריינבלאָזן אַ רוח־חיים אין די ווערטער. פאַר דעם האָט זיך געפאָ־דערט אַ לאַבאָראַטאָריע, אַ פּיאַנע, אַ מוזיקער און אַ פּיאַניסט. און אַזוי איז מיין הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער טעאַטער־לאַבאָראַטאָריע, וואו די קומענדיקע פּראָגראַם, מיט וועלכער מאָריס שוואַרץ האָט זיך אַרויסגעלאָזט קיין ארץ־ישראל, איז געשאַפן געוואָרן.

שוואַרץ האָט פאַרמאָגט אַ מאַגנעטישע קראַפט און געקענט באַצויבערן יעדן איינעם וואָס איז געקומען מיט אים אין באַרירונג. און דאָ האָט ער אויסגעפירט דאָס גאַנצע הויז און אַלע וואָס זיינען דאָרט געווען זיינען גע־שטאַנען גרייט אים צו דינען, מיין פרוי, מיינע קינדער און נאַטירלעך איך אַליין.

האָט מען געדאַרפט אַ מוזיקער, האָב איך פאַר אים געקראָגן אַ היגן באַקאַנטן מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר, גדליה ראַבינאָוויץ, וועלכער האָט גע־שריבן די מוזיק, וואָס שוואַרץ האָט ספּאָנטאַן געשאַפן, און צוגעפּאַסט צו די פאַרשיידענע סיטואַציעס, וואָס טשערניכאָווסקי האָט געמאָלן אין דער וואונ־דערבאַרער פּאָעמע.

עס האָט זיך אויך געפאָדערט איינער, וואָס זאָל גלייך מאַכן די מוזיק וואָס איז געשאַפן געוואָרן, לעבעדיק, שפּילבאַר און הערבאַר. דער איצטיקער ראַבאַי, מאַרטין בערקאָוויץ, וועלכער איז אויך אַ באַקאַנטער מוזיקער און

קאָמפּאָזיטאָר און האָט זיך אין יענער צייט אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט מוזיק, און איז אַן אויסגעצייכנטער פּיאַניסט און אַקאָמפּאַניסט, האָט גלייך אויפן אָרט געשפּילט די מוזיק, וואָס שוואַרץ האָט געשאַפן פאַר אונדזערע אויגן, און ראַבינאָוויץ האָט עס פאַרצייכנט. דאַכט זיך אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, אָבער ניט פאַר שוואַרצן. איך האָב אפילו ניט חושד געווען אַז מיך דערוואַרטעט אַ מערקווירדיקע איבעראַשונג: איצט האָט שוואַרץ פאַר־לאַנגט, אַז איך זאָל פאַר אים פאָרטראָגן די פּאָעמע, ווי איך האָב איר געהאַט פאָרגעטראָגן ביים טשערניכאָווסקי־יובילײ. איך בין זיך מודה, אַז דער מאַמעס מילך איז מיר אַנטרונען: ווי אַזוי וועל איך וואַגן פאַר דעם גרויסן אַקטיאָר מאָריס שוואַרץ זיך נאַריש מאַכן און דערשיינען אין אַ לעכערלעכן ליכט? עס האָט אָבער ניט געהאָלפן מיינע טענות און זיך בעטן ביי אים, איך האָב זיך געמוזט אונטערגעבן. אויך פון דעם האָט ער געוואָלט געווינען און זיך דערגרונטעווען צו דעם סאַמע תוך, אין זין פון דער פּאָעמע, און גלייך אויפן אָרט האָט ער אָפּגעשפּילט איר לעצטע סצענע, ווי ברוך בעט זיך ביי זיין טויטער פרוי, אַז זי זאָל צו אים אַרויס פון קבר, און מיר זיינען אַלע געבליבן געפּלעפט, ווייל מיר האָבן פאַר זיך דערזען אַ פרוי, ווי שוואַרץ האָט איר ממש אויפגעבראַכט פון קבר.

דער ענין האָט זיך געצויגן די גאַנצע צייט אין די עטלעכע וואָכן וואָס שוואַרץ האָט דאָ געשפּילט, און די אַרבעט איז פאַרגעזעצט געוואָרן יעדע נאַכט, ביז די זאַך איז פאַרטיק געוואָרן.

איצט האָט שוואַרץ אָנגעהויבן מיט מיר אַ נייעם קאַפּיטל. ער האָט געטענהט, ווי אַזוי קען איך קומען קיין ארץ־ישראל אָן אַ פּאָעמע פון ביאַליקן? איך האָב אים פאַרשפּראָכן צו שיקן די פּאָעמע, „לייזער־מענדל מלמד". שוואַרץ איז אָבער באַשטאַנען, אַז איך זאָל קומען מיט דער ביאַליק־פּאָעמע קיין נוי־יאָרק. עס איז ניט נויטיק דאָ צו פאַרלענגערן די איינצל־הייטן און איך מוז זאָגן, אַז דאָ האָב איך זיך אונטערגעגעבן זיין ווילן. איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק און האָב אים געטראָפן שפּילן דעם „וואַסער־טרעגער". ערשט דאָ האָט זיך פאַר מיר, פונדאַסניי אַנטפּלעקט שוואַרץ, דער געוואַלדיקער מתמיד, וועלכער פאַרלירט ניט קיין מינוט פון זיין צייט. אין דער פּיעסע קומט אים אויס די מערסטע צייט צו זיצן אין אַ בוידעם־שטיבל, און אויפן בוידעם־שטיבל איז געשטאַנען אַן אימפּראָוויזירטער „דעסק" און אַ לעמפּל, וואו ער האָט דערווייל געטאָן זיין אַרבעט.

ערשט נאָך דער פאַרשטעלונג איז מען געפאָרן פון ברוקלין אויף בראָד־וועי, און אַרויסגייענדיק פון דער „טעקסי" האָט זיך מיר פאַרוואָלט אים אַ פרעג טאָן צי ער קען שוין די פּאָעמע. דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אַנדער שטריך וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר שוואַרצן דעם שוישפּי־לער: דער גרויסער שטיפער. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס, צווישן דעם געלויף פון צענדליקער מאַשינען און „טעקסיס" און האָט אָפּ־דעקלאַמירט פאַר מיר כמעט די גאַנצע פּאָעמע, מיט אַלע זשעסטן און באַ־וועגונגען.

שוואַרץ האָט איצט פאַרלאַנגט פון מיר נאָך צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז איך זאָל מיטפאָרן מיט אים קיין ארץ־ישראל. — ווי אַזוי וועל איך קענען אַליין פאָרן דאָרט אָן אייך — האָט ער געטענהט — און איך וועל דאָ מוזן האַלטן אַ רעדע אין העברעאיש, ווען די שיף וועט אָנקומען. די ערשטע פּראָבלעם איז געלייזט געוואָרן דורך דעם, וואָס עס איז אים צוגעשטעלט געוואָרן אַ רעדע אין העברעאיש. די צווייטע פּראָבלעם איז געלייזט געוואָרן, וואָס אָנשטאָט איך זאָל פאָרן מיט אים, איז ברוך בערגער, דער געוועזענער לייטער פון דעם לאָקאַלן „מאָרגן־זשורנאַל", מיט אים געפאָרן.

בערגער האָט מיר איבערגעגבן, וואָס פאַר אַ טריאומף שוואַרץ האָט געהאַט אין ארץ־ישראל, מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג ער איז דאָרט אויפ־גענומען געוואָרן מיט זיין פּראָגראַם, וואָס איז באַשטאַנען פון „יאָשע קאַלב", אין זלמן שניאורס איבערזעצונג אין העברעאיש אין מאָנאָשפּיל: ביאַליקס „לייזער־מענדל"; „ברוך ממגנצה" און עטלעכע נומערן פון שלום־עליכם, אין יידיש.

עס קען זיין, אַז איניקע וועלן זאָגן, אַז מיין באַגייסטערונג פאַר מאָריס שוואַרץ איז אַריבער אַלע גרענעצן, ווייל איך בין געווען זיינער אַ חסיד, איז אמת. איך גיב צו מיטן פולן מויל, אַז דאָס איז אמת און איך בין זייער שטאָלץ מיט דעם וואָס איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין זיינער אַ הייסער חסיד.

אָבער דאָס האַרץ בלוטיקט פאַר ווייטיק, וואָס דער רבי איז טויט. זיינע אמתע, הונדערטער טויזנטער חסידים, פּשוטע יידישע מענטשן, איבער אַלע יידישע ישובים פון דער וועלט, וועט ער שטאַרק פעלן. ער וועט זיי מער ניט קענען ברענגען די טיפע געהויבענע פון גייסטיקער פרייד און עכט אינטעלעקטועלן געניס. די האַרפע איז ביי אים אַרויסגעריסן געוואָרן פון

זיינע הענט... און זיין גרויסער מזמור איז איבערגעהאַקט געוואָרן. און ווי גרויס איז דער צער. ער האָט דאָך נאָך געהאַלטן אין מיטן פון דעם מזמור, און איצט איז דער מזמור פאַרלוירן אויף אייביק... פאַרלוירן אויף אייביק...

***

אַזעלכע אמתע פריינט, וועלכע האָבן מאָריס שוואַרצן גוט געקענט, און אָט איז נאָך אַ פּאָר שורות פון אַ פריינט, וועלכער טרויערט אויף דעם פאַרלוסט פון מאָריס שוואַרץ:

און אים געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושאַצן, האָט ער געהאַט אַ סך. די וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק מיט אים מיטצואַרבעטן קענען פאַרשטיין, און ריכטיק אָפּשאַצן אָט די גרויסע כוחות, וואָס ער איז באַזעסן. אָט איז נאָך אַ פּאָר שורות פון אַ פריינט, וועלכער טרויערט אויף דעם פאַרלוסט פון מאָריס שוואַרץ:

## „געפאַלן דער פאַרהאַנג״:

„איז שוין מאָריס שוואַרץ אויך נישטאָ!

„מיט זיין טויט אין ישראל אין דעם בייליסאָן שפּיטאָל פון תל־אביב, האָט דער פאָרהאַנג פון בעסערן יידישע טעאַטער זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן רעכטן אמת, ווייל ס׳איז נישטאָ נאָך איינער מיט זיין טאַלאַנט, זיין עקשנות, זיין ענערגיע, זיין אויסערגעוויינלעכע אַרבעטזאַמקייט, זיין פעאיקייט זיך צו ראַנגלען מיט שוועריקייטן און אויך ניט מיט זיין פּרעסטיזש, וואָס איז אים היפּשלעך בייגעשטאַנען אין זיין שווערן קאַמף״.

„מען קאָן זאָגן, אַז פאַר די לעצטע 10־15 יאָר האָט מאָריס שוואַרץ „גע־שפּילט טעאַטער״ מיט זיין ווילן אויפהאַלטן די אילוזיע פון אַ נאָך עקזיס־טירנדיקן יידישן קונסט־טעאַטער. ביי זיך אַליין איז ער וועגן דעם ניט געווען גענאַרט. ער האָט געוואוסט, אַז זינט ער איז אונטערן דרוק פון אומ־שטענדן, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט בייקומען, געווען געצוואונגען צו שליסן זיין יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, האָט ער פאַרלוירן דעם באָדן פון אונטער זיינע פיס און אַלץ, וואָס ער האָט זינט דאַן געפּרואווט אָפּראַ־טעווען פאַר זיך און פאַרן בעסערן יידישן טעאַטער אין זיין ראָל פון אַ וואַנ־דערנדיקן אַקטיאָר, איז געווען געבויט אויף אַ זאַמדיקער צייטווייליקייט, אויף אַ חיי־שעה קוים געגנוג די נשמה צו דערהאַלטן.

„ער האָט געזוכט אַאַזיסן אין דעם מדבר. איינער פון די אַאַזיסן, צו וועלכע ער פלעגט פון צייט־צו־צייט קומען אויפשטעלן זיין טעאַטער־געצעלט, איז געווען אונדזער שטאָט מאָנטרעאָל. אַ צווייטער אַאַזיס איז געווען בוענאָס־איירעס, די הויפּט־שטאָט פון אַרגענטינע. אַ דריטער אַאַזיס איז געווען יאָהאַנעסבורג, זיד־אַפריקע און צו לעצט דער סאַמע צוזאָגנדיקסטער פון אַלע — תל־אביב, ישראל.

„ביי יעדן אָפּשטעל זיינעם אין איינעם פון די אַאַזיסן האָט ער געפּרואווט זיך אַריינשפּילן אין עפּעס אַ ׳גראַנדיעזן׳ חלום, אַז אפשר איז דאָס ניט קיין ציטוויייליקע אכסניה פאַר יידיש טעאַטער, נאָר טאַקע אַ ׳פאַרשפּראָכן לאַנד׳. אַ נייע טעאַריע צו בויען דעם קונסט־טעאַטער פון דאָס ניי.

„אַ צייטווייליקער דערפּאָלג האָט אים פאַרשיכורט. ס׳האָט אָבער ניט גענומען לאַנג ביז דער חלום איז צערונען געוואָרן און ער האָט ווינער געאוונדערט. ניט קענענדיק אפילו אויפהאַלטן אַ שטענדיקע וואַנדער־טרופּע, האָט אַלץ געמוזט טראָגן אַן אימפּראָוויזרטן און צופעליקן כאַראַקטער און במילא איז שוין דער וואַנדערנדיקער קונסט־טעאַטער געווען ניט מער ווי אַ בלאַסער אָפּשיין פון דעם, וואָס ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט כל־זמן ער האָט באמת עקזיסטירט ווי אַן אינסטיטוציע מיט אַ שטענדיקער היים אין גרויסן צענטער פון ניו־יאָרק״.

***

ער האָט די לעצטע יאָרן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן און געזוכט אַלערליי תרופות. אָט האָט ער זיך געוואָרפן צו אַ פּלאַן פון שפּילן יידיש טעאַטער אויף ענגליש. איין מאָל האָט עס אַ ביסל אָפּגעגליקט מיט זיין אויפפירן שלום־עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד״ אויף ענגליש, האָט ער דאָס זעלבע געפּרואווט טאָן מיט „יאָשע קאַלב״ און ס׳איז געווען אַ דורכפאַל פון אַלע שטאַנדפּונקטן.

מען מעג שוין איצט אויסזאָגן דעם סוד: ביי דער אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב״ אויף ענגליש ביי אונדז אין שטאָט לעצטן דעצעמבער, האָט מאָריס שוואַרץ פאַרלוירן איבער זעקס טויזנט דאָלער. מיט דעם האָט ביי אים אויסגערונען דער חלום, אַז די ישועה פאַר יידיש טעאַטער זאָל קענען קומען דורך ענגליש. זיין לעצטע האָפענונג איז געווען מדינת־ישראל און דאָרטן

האָט ער באמת געקענט קומען צו זיך און טאַקע נאָך עפּעס אויפֿטאָן אויך, אָבער דאָ איז שוין דער מלאך המוות געשטאַנען הינטער אים און אינמיטן פֿון פֿיבערהאַפֿטע צוגרייטונגען צו אַן אויפֿפֿירונג פֿון שלום אַשס דראַמע, „קידוש השם", האָט ער געליטן אַ האַרץ־אַטאַקע. אַ חודש צייט האָט ער זיך געראַנגלט מיטן טויט, אָבער זיין שיקזאַל איז שוין דאָס מאָל געווען טראַגיש פֿאַרזיגלט.

די שווערעקייט פֿון דעם פֿאַרלוסט איז אָן לשער, ווייל קיין אַנדער מאָריס שוואַרץ איז ניטאָ און קען שוין, אונטער נייע אומשטענדן מער ניט זיין. געוויס זיינען פֿאַראַן און עס וועט זיין אַנדערע גרויסע יידישע שוישפּי־לער, אָבער זיי געהערן שוין ניט צו אונדזער יידישער קולטור־ספֿערע און דער פֿאַראיבלטער און פֿאַריתומטער יידישער טעאַטער האָט פֿון זיי ווייניק אָדער גאָרנישט וואָס צו דערוואַרטן. ער איז געווען דער לעצטער פֿון אַ גאָלדענער עפּאָכע, איינער פֿון אַ דור, וואָס האָט אויפֿגעטאָן אין דער שאַפֿונג פֿון אַן אייגנאַרטיקער און פֿיל־פֿאַצווייגטער קולטור אויף דער יידישער שפּראַך. אין דעם טעאַטראַלן צווייג פֿון דער דאָזיקער קולטור איז מאָריס שוואַרץ געווען ממש אַ פֿענאָמענאַלע דערשיינונג און גרעסטער שעפֿערישער כוח זינט דעם פּעריאָד פֿון יעקב גאָרדין און די גרויסע שוישפּילער פֿון יענער צייט.

***

האָבנדיק געקומען פֿון די טיפֿענישן פֿון יידישן מאַסן־לעבן, האָט מאָריס שוואַרץ געהאַט אַלע מעלות און חסרונות פֿון דעם „סעלף מעיד מען". צו אַלץ וואָס ער האָט דערגרייכט אין זיין פֿאַרבנרייכער קאַריערע האָט ער זיך דערשלאָגן מער מיט זיין שאַרפֿער אינטואיציע, ווי מיט גרונטיקן וויסן.

ער איז געווען אַ גרויסער קענער פֿון „מעיק בעליוו" ניט נאָר אויף דער בינע, נאָר אויך אין לעבן. ער האָט געקענט זיך אַריינשפּילן אין יעדער ראָל, וואָס האָט געפֿאָדערט אַ סך מער וויסן וויפֿל ער האָט באמת געהאַט. אין דעם האָט אים אַ סך געהאָלפֿן זיין נאַטירלעכע אינטעליגענץ און מער ווי אַלץ זיין שטענדיקע גרייטקייט צו אַרבעטן אויף זיך און אַרום זיך. זיין ענערגיע האָט אויסגעזען צו זיין אומדערשעפּלעך, אָבער ער האָט סוף־כל־סוף געצאָלט אַ שווערן פּרייז, ווען זיין האַרץ האָט געפּלאַצט אונטער דער שווע־רער משא.

ער האָט פאַרנומען אַן אָרט אין סאַמע אויבנאָן ניט נאָר אין דער גע־שיכטע פון טעאַטער, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער יידישער קולטור־גע־שיכטע, אָבער אין יידישן לעבן לאָזט זיין טויט איבער אַ בלויז, וואָס וועט זיך ניט לאָזן אויספילן. כבוד זיין אָנדענק!

ישראל ראַבינאָוויטש.

***

אין די 80 שורות איז געזאָגט געוואָרן מער אמת ווי פּאָעזיע. נאָר פון די אַלע טויזנטער פריינט, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט, איז איינער פון זיי געווען דער, מיט וועמען מאָריס שוואַרץ האָט אַלע זיינע יאָרן געהאַנדלט, און פון אים קען מען וויסן אַ סך אמת. דאָס איז געווען אין דעם נומער 540 „וואָכנבלאַט״, דעצעמבער 1960, אין דעם לעצטן נומער וואָס איז דער־שינען, אונטער דעם קאָפּ,

## „מיין פריינט מאָרים שוואַרץ ע״ה״:

„עס איז שוין אַזוי פיל געשריבן געוואָרן וועגן דעם פאַרלוסט פון דעם גרויסן שוישפילער און רעזשיסאָר מאָריס שוואַרץ, און עס וועט נאָך מסתמא זייער פיל געשריבן ווערן. ווייל וואָס לענגער עס גייט אַוועק די צייט פון זיין פלוצעמדיקן אומדערוואַרטעטן טויט, אַלץ גרעסער זעט זיך אָן דער חלל פון אונדזער יידישער טעאַטער־וועלט אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער יידישער וועלט.

„ערשט איצט זעט מען איין אַז טראָץ די אַלע טענות און מענות וואָס מ׳האָט געהאַט צו אים ווען ווען ער האָט געלעבט און געשאַפן זיינע פּראַכטפולע אויפפירונגען פון די גרעסטע יידישע און וועלט־קינסטלער, קאָן מען ערשט אָפּשאַצן זיין אומדערמידלעכע ענערגיע און ליבשאַפט פאַר אַ בעסערן יידישן טעטאַטער.

אָבער עס איז מערקווירדיק אַז טראָץ זיינע כסדרדיקע אָנשטרענגונגען און שווערע פיזישע און גייסטיקע אַרבעט, האָט דער גרויסער קינסטלער געהאַט צייט אָנצוהאַלטן אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר און ביי יעדער געלעגנ־הייט צווישן פריינט און שוישפילער אַרויסזאָגן אָפטע אמת־סאַטירישע ווערט־לעך און באַמערקונגען מיט וועלכע ער האָט זיך קונה־שם געווען ביי זיינע מיטשפילער און נאָענטע פריינט.

„אָפּטמאָל אין די אָנגעשטרענגסטע מינוטן ביי אַ רעפּיטיציע אָדער ביים פֿאַרלייענען אַ דראַמע, פֿלעגט ער עפּעס באַמערקן ביי איינעם אָדער איינער פֿון דער טרופּע וועלכעס האָט אים אויסגעוויזן אַלס אַ דיסאָנאַנץ, האָט ער גלייך אויף אַ גוטמוטיקן אופֿן זיך דערמאָנט אין אַ קאָמישן עפּיזאָד, און מיט אַן ערנסטער מינע אַרויסגעזאָגט אַ זייטיקע באַמערקונג, אַז אַלע האָבן אַרויס־געשאָסן מיט אַ האַרציקן געלעכטער, און דאָס ערנסקייט איז מיטאַמאָל פֿאַרשוואונדן".

דער שרייבער פֿון די דערינערונגען איז געווען באַפֿריינדעט מיט מאָריס שוואַרצן, זינט דער גרינדונג פֿון זיין „קונסט־טעאַטער" אין „אוירווינג פּלעיס טעאַטער" און שפּעטער אין „מעדיסאָן סקווער גאַרדן".

דער אמת איז, אַז ער פֿלעגט מיך רופֿן ווי ער האָט גענומען אַ טעאַטער, און מיר זאָגן אַז איך בין דער ערשטער וועמען ער האָט אַראַנזשירט פֿאַרן סעזאָן.

דאָס איז געווען אַ באַמערקונג צו זיין ייִנגערן ברודער, מאַרטין, וועל־כער איז געווען אַ געשעפֿטס־פֿאַרוואַלטער גלייך צו באַשטעלן די אַפֿישן, צירקולאַרן, פּראָגראַמען, דרוק־אַרבעט אין טעאַטער, נאָר ביי מיר.

און אַזוי פֿלעגט עס זיין יעדן נייעם סעזאָן. דער אמת מוז געזאָגט ווערן, אַז ניט אַלע סעזאָנען זיינען אין די ערשטע יאָרן געווען דערפֿאָלגרייך פּי־נאַנציעל, און מען האָט מיך געוואָרנט אַז איך וועל פֿאַרלירן ביי שוואַרצן — און עס איז געווען צייטן ווען אַ סעזאָן האָט זיך געענדיקט מיט אַ דעפֿיציט לגבי מיר — אָבער ביים אָנהייב פֿונעם נייעם סעזאָן, ביי מיין נייער „אַנגאַזשמע", האָט ער צוגערופֿן זיין ליבע פֿרוי אַנאַ, אויסגערעכנט וויפֿל עס קומט מיר, און איר געהייסן, אַז יעדע וואָך דאַרף איך קריגן באַצאָלט פֿאַר דער נייער אַרבעט און אַזוי און אַזויפֿיל אויפֿן אַלטן חוב — און כּך־הווה. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביזן סאַמע סוף, מיינע שותּפֿים האָבן געוואוסט אַז ווען און וויפֿל שוואַרץ באַשטעלט — וועט באַצאָלט ווערן.

ווען מיר פֿלעגן זיך טרעפֿן ביי אַ באַנקעט אָדער אַן אַקטיאָרסקע שמחה, פֿלעגט ער זיך שוין באַרימען פֿאַר מיר אַז ער האָט אַלץ באַצאָלט. איך האָב נאָך זיין טויט געפֿונען אין מיין טיש־קאַסטן אַ פּאָר בריוולעך זיינע, וועלכע ער פֿלעגט מיר פֿון צייט־צו־צייט שיקן פֿון אונטערוועגנס, וועלכע ווען וויזן וואָס איך מיין ווען איך זאָג אַז זיין חוש פֿאַר הומאָר האָט אים אַ סך געהאָלפֿן אָנצוהאַלטן זיין קינסטלערישן גלייכגעוויכט.

אין 1943 איז מאָריס שוואַרץ אָנגעגריפן געוואָרן פון אַ שטאַרקע אַטאַקע פון בראָנקיטיס, און ער איז געלעגן אין שפיטאָל פאַר גאַנצע צען טעג. מיר האָבן באַשטעלט ביים טעאַטראַלישן בלומען־הענדלער, פרעד ספיטץ, אים צוצושיקן אַ בוקעט בלומען פון אונדז אין שפיטאָל אַריין — מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר דערהאַלטן דאָס פּאָלגנדיקע בריוול פון לעיקוואוד:

„טייערער פריינט מאַרקאָוויטש און פליישער:

„אַ האַרציקן דאַנק פאַר די בלומען. איך בין נישט קיין פרימאַדאָנע וועלכע צערטלט זיך אין בלומען — אָבער גראָד איצט זיינען זיי געקומען אין דער ריטכיקער צייט — ווייל זיי האָבן מיט זיך געבראַכט די ליבע און

„זייט דערפאַר ביידע געזונט מיט אייערע פאַמיליעס, קינדער און קינדס־קינדער — און לאָמיר שפּילן טעאַטער — מאַכן פרינטינג, באַצאָלן די בילס, און בלייבן גוטע פריינט. אייער, מאָריס שוואַרץ״.

נאָך אַ פאַל פון זיין הומאָר איז באַשטאַנען אַז ווען ער פלעגט שיקן אַ טשעק פאַר אַ פאָר הונדערט דאָלער האָט ער געשריבן אַז ער שיקט אַ פאָר טויזנט — מחמת די געשעפטן זיינען אַזוי גלענצנדיק אַז יעדער דאָלער איז ביי אים, אַ צענערל — ווי עס ווייזט דער בריוו פון שיקאַגע אין 1950:

„ליבער פריינט מר. מאַרקאָוויטש:

„איך שיק אייך אַ טויזנטער — וואָס מיינט ביי אייך בלויז אַ הונדערטער — זייט זיכער, אַז איך באַטראַכט אייך און פליישערן פאַר אמתע גוטע פריינט. האָט אַ גליקלעך און פריילעך יאָר. אייער, מאָריס שוואַרץ״.

און אָט איז נאָך אַ בריוו מיט אַ חודש שפּעטער:

„ליבער פריינט מר. מאַרקאָוויטש:

„איך שיק אייך דאָ נאָכאַמאָל $3000 (דריי טויזנט) — דאָס הייסט $300 (דריי הונדערט) און די איבעריקע $300 (דריי הונדערט) וועל איך אייך שיקן אַזוי גיך ווי איך וועל קאָנען. אונדזער פריינטשאַפט איז תמיד געשטאַנען אויף אַ הויכער ניוואָ — און אַזוי וועט דאָס בלייבן פאַר יאָרן־לאַנג. איר ווייסט וואָס פאַר אַ שווערן קאַמף איך האָב געפירט אין די 31 יאָר, אָבער מ׳דאַרף שטענדיק בלייבן דער ערלעכער פריינט אפילו ביי געשעפט. גריסט אייערע צוויי שותפים און לאָמיר הערן גוטע בשורות איינער פון אַנדערן.

אייער פריינט, מאָריס שוואַרץ״.

און אָט איז אַ בריוו אַזש פון האָליוואוד, ווען שוואַרץ האָט זיך אַוועקגע־לאָזט קיין קאַליפאָרניע מיט זיין טרופּע, אונטער דער פירערשאַפט פון דעם דעמאָלטיקן מענעדזשער, עדווין א. רעלקין:

„ליבער פריינט מאַרקאָוויטש:

מיינט נישט אַז מיר זיצן דאָ און פרעגלען זיך אונטער דער זון און מיר האָבן אין אייך פאַרגעסן. איך זיץ דאָ צוליב מיין פרוי, וועלכע פילט דאָ בעסער אויף אירע „סיינעס"־צושטאַנד.

ווי איר ווייסט איז די נסיעה געווען קאַטאַסטראָפאַל — ווי אַ דאַן קיכאָט האָט זיך געלאָזט פירן פון סאַנטשע פאַנטשען — און פאַרלוירן אַ פאַרמעגן — באַגראָבן אין דער בלאָטע — — — אָבער מיט אייך האָט דאָס נישט צו טאָן — זייט זיכער אַז וואָס ס׳קומט אייך וועט מיט כבוד באַצאָלט ווערן. איך גלויב אַז איך וועל זיין אין אַ צען טעג אין ניו־יאָרק, וועלן מיר זיך זען און אַלץ אַראַנזשירן. מיר האַנדלען שוין 31 יאָר צוזאַמען און איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיין גרעסטער נחת איז צו באַצאָלן חובות — און איך צאָל און וועל אַלעמען באַצאָלן — זייט רואיק. מיין פרוי גריסט אייך מיט אייערע שותפים זייער האַרציק. (דאָ פאַרעגסט ער פון זיין קאָלאָסאַלער קאַטאַסטראָפע, און וויצלט זיך אויף רעלקינס חשבון — בזה הלשון): ׳רעלקין ברענט דאָ אַ וועלט — אַלע פילם־סטאַרס און סטאַרעכעס ווילן געמענעדזשט ווערן פון אים אין באָסטאָן אָפּערע הויז, באַלטימאָר טעאַטער און אויך אין סאַן־פראַנ־ציסקאָ. די ווייבער פאַלן פאַר אים ווי שטרוי, — מ׳וויל אים אויסכאַפּן אין די מואוויס צו שפּילן די ליבהאָבערס — ווי לער נישט — און אַז ער וויל נישט, וויל ער נישט —אפשר קאָנט איר אים בעטן צו ראַטעווען די מעטראָ גאָלדווין מאיער קאָמפּאַני און מאַכן פאַר זיי אַ ׳פּיקטשעלע׳.

זייט געזונט, מיט פריינטשאַפט, מאָריס שוואַרץ".

יאָ, עס איז שווער זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז מאָריס שוואַרץ, דער גרויסער יידישער טעאַטער־קינסטלער, איז מער נישטאָ, זיין פריינט־שאַפט פעלט מיר שטאַרק אויס...

לואי מאַרקאָוויטש.

ווייזט אויס אַז די וועלכע ווילן שרייבן, אַז מאָריס שוואַרצעס געלט־השגות פאַר יענעם זיינען ניט געווען פון די ברייטסטע. האָט די בריוו זיכער ניט געלייענט.

מיר ווייסן אַז מאָריס שוואַרץ איז קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען ריידן פאַרן פאָרהאַנג אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, נאָר דאַן ווען ער האָט געוואוסט, אַז זיין אַרויסגיין אַמאָל, וועט העלפן אַ פריינד, איז זיין ווילן צו העלפן געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אפילו געבראָכן אַ טראַדיציע, און געטאָן האָט ער דאָס מיט ליבשאַפט:

חשובער עולם!

איך גלויב נישט אין קיין רעדעס נאָך אַ פאָרשטעלונג — ווייל יעדע פאָרשטעלונג פון „קונסט־טעאַטער" רעדט פאַר זיך אַליין. אָבער היינט אָוונט פיל איך, אַז איך דאַרף עפּעס זאָגן צו דעם אינטערעסאַנטן עולם, וועלכער איז געקומען באַגריסן דעם דיכטער און רעדאַקטאָר.

איך קלייב זיך צו שרייבן אַן אָפּשאַצונג איבער זיין וואונדערלעכער אַרבעט, וועלכע ווערט געלויבט ניט נאָר אין אונדזער אַמעריקע, נאָר אין אַלע לענדער וואו איך שפּיל יידיש טעאַטער.

מיין צייט איז באַגרענעצט — איך מוז אָפט שיקן טעלעגראַמעס צו פריינד, אָנשטאָט בריוו, וועלכע זיינען נויטיק צו ענטפערן, נאָר אין מיין פאַרנומע־נער צייט טראַכט איך און באַוואונדער דעם גייסטיקן גיגאַנט. ס'איז דאָך צו באַוואונדערן זיין טאַלאַנט, און זיין איבערמענטשלעכע ענערגיע: איינער אַליין צו קאָנען אַרויסגעבן אַזאַ וויכטיקן זשורנאַל, ווי אַזוי ער פאַלט ניט פון זיינע כוחות איז צום באַוואונדערן.

און מיט וויפל אינטערעסאַנטע, טאַלאַנטפולע שרייבער ער האָט זיך אַרומגערינגלט! איך גלויב קוים אויב איינער פון די שרייבער פאָדערט פון אים האָנאָראַרן — ווייל יעדער פון זיי איז פאַראינטערעסירט אַז דער זעלטענער זשורנאַל זאָל, חלילה, ניט אונטערגיין.

מיר לעבן אין אַ צייט פון שפּראַך־אַסימילאַציע; ווען דער שטן שטייט מיט דער שאַרפער שווערד, און האַקט איבער די קעפּ, אַז מ'זאָל אויפהערן לייענען יידיש, רעדן יידיש — ניט גיין אין יידישן טעאַטער — אָבער דער מוטיקער ענערגישער מענטש שטעלט זיך קעגן דעם שטן און לאַכט אים אויס!

ער רופט אָן יידיש — „יידיש קודש". ביי אים איז דאָס לשון הייליק, ער וויל אַז דאָס לשון, וואָס איז איצט דערהויבן געוואָרן צו אַ וועלט־שפּראַך זאָל ניט אונטערגיין.

וואָס־זשע קאָנען מיר, זיינע פריינד, טאָן אים צו העלפן, אַז ער זאָל

ניט דאַרפן פירן אַזאַ שווערן ביטערן קאַמף פאַר עקסיסטענץ? ס׳איז מיין מיינונג, אַז ס׳מוז געשאַפן ווערן אַ קאָמיטעט פון 7 אָדער 9 קולטור־טוער, וועלכע זאָלן זיך ווענדן צו די אָרגאַניזאַציעס, און יחידים, אַז מ׳זאָל שאַפן אַ פאָנד, כדי מ׳זאָל קאָנען אָנגיין מיט דער וויכטיקער אַרבעט.

איך וויל מיט פאַרגעניגן זיין איינער פון דעם קאָמיטעט. איך בין איבערצייגט אַז ס׳געפינען זיך אַ סך אַזעלכע אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד — ווי אויך אין קאַנאַדע — וועלכע וועלן מיט פאַרגעניגן העלפן שאַפן דעם פאָנד.

דער עולם וועלכער איז היינט געקומען, האָט מען ניט געדאַרפט צווינגען צו קויפן בילעטן! זיי זיינען געקומען מיט פרייד, און די אַקטיאָרן האָבן היינט געשפילט מיט באַגייסטערונג, ווייל זיי ווייסן וואָס פאַר אַ פריינד איר זענט אַלע פון דעם בעסערן יידישן טעאַטער. אָבער בלויז אָפּקומען מיט אייער וויזיט היינט אָוונט איז ניט גענוג. יעדער פון אייך דאַרף זיין גרייט צו העלפן אין דער באַוועגונג צו שאַפן דעם פאָנד, דער היינטיקער אָוונט איז אייגנטלעך אַ פראָלאָג, אַן אָנהויב פאַר דער גרויסער אַקציע.

פאַר דעם אַרויסטריט צו העלפן דער אינסטיטוציע, האָב איך אין אַ נומער געטראָפן אַ קריטיק פון מאָריס שוואַרץ לעצטער אויפפירונג, כאָטש פערזענלעך בין איך ניט געווען באַגייסטערט פאַר דער פיעסע, אפשר איז עס דערפאַר ווייל איך האָב אין מאָריס שוואַרץ יידישן קונסט־טעאַטער געזען אַ סך בעסערע פיעסן, און בעסער געשפילט.

דאָך בין איך מיטן קריטיקער איינפאַרשטאַנען פאַר צוויי אורזאַכן, איינס, אין וואָס פאַר אַ לאַגע דאָס יידישע טעאַטער געפינט זיך, צוויי, וועלכער איז דער הויפט־מאָטיוו, מאָריס שוואַרץ. ס׳איז נאָך אַלץ פאַראַן אַזעלכע וועלכע געדענקען, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געטאָן פאַרן יידישן טעאַטער.

## זיין לעצטע אויפפירונג

יעדער איינער וואָס לייגט נאָר צו אַ האַנט איצט צום יידישן טעאַטער אין אַמעריקע דאַרף האַרציק באַגריסט ווערן — בפרט אַזאַ בינע־פערזענלעכקייט ווי מאָריס שוואַרץ.

זיין דינאַמישקייט הן ווי אַ שוישפילער און הן ווי אַ דירעקטאָר און אונטערנעמער האָט שטאַרק אויסגעפעלט ביים יידישן טעאַטער. מיר האָבן

ניט קיין סך מאָריס שוואַרצעס — און זיין נייסטע אויפפירונג אינעם אַנדערסאָן טעאַטער אויף דער צווייטער עוועניו „אַ לאָך אין קאָפּ״, אַ קאָמעדיע פון אַרנאָלד שולמאַן, אַדאַפּטירט פון ענגליש פאַר דער יידישער בינע און רע־זשיסירט פון מאָריס שוואַרץ, איז אַ קלאָרע באַשטעטיקונג און אַ דערפרישונג פאַר דער אַמאָליקער יידישער צווייטער עוועניו, וואָס האָט געשפרודלט מיט יידישע טעאַטערס, יידישע אַקטיאָרן, שרייבער, מוזיקער און טעאַטער־ליבהאָבער.

„אַ לאָך אין קאָפּ״ איז אַ קאָ־מעדיע מיט אַ דורכאויס יידישן אינ־האַלט, וואָס שפּילט זיך אין מיאַמי־ביטש וואו שוויבלט און גריבלט מיט יידן. אין שוואַרצעס אַדאַפּטירונג איז די פּיעסע נאָך מער פאַריידישט גע־וואָרן ווי זי איז לכתחילה געשריבן געוואָרן פון אַרנאָלד שולמאַנען.

דער אינהאַלט האָט זיך ממש געבעטן אַז מען זאָל אים אַרויפ־נעמען אויף דער יידישער בינע און שוואַרץ האָט דער פּיעסע גע־געבע אַן אמתן יידישן תיקון. דער־צו האָט זיך שוואַרץ באַוואָרנט אויך מיט אַ גרופּע יידישע אַקטיאָרן וואָס פּאַסן זיך גאָר שטאַרק פאַר די אָנ־געצייכנטע ראָלן. מוני סערעבראָוו אַלס סידני איז אי שטימונגספול און אי קאָלירפול. און ראָזעטאַ ביאַליס אַלס סאָפי איז אויסגעצייכנט אין איר ראָל; זי גיט אייך דעם פולן טעם פון אַ פרוי און אַ מאַמע אין יעדן ריר און קער אירן. זי איז אַ קרעפטיקע שוישפּילערין און קען געשטאַלטיקן אַ כאַראַקטער מיט בולטע פאַרבן.



מאָריס שוואַרץ אין דער ראָל אַלס „מעקס״ פון „אַ לאָך אין קאָפּ״.

פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט־ראָל ווערט געשפּילט פון מאָריס שוואַרצן אַליין: זיין מעקס איז ווי אויסגעהאַמערט און איז אַ געמיש פון קאָמעדיע און טראַגעדיע; אַ פול־בלוטיקער מענטש־מענטשעלע מיט אַלע זיינע שטריכן, שטאַרקע און שוואַכע; אַ לעבעדיק געצייכנטער טיפּ פון אַן אימיגראַנטישן

ייד וואָס לעבט שוין לאַנג אין אַמעריקע — איר טאַפּט אים ממש אָן מיט אייערע פינגער. עס איז אַ כאַראַקטער ראָל און מאָריס שוואַרץ קען אויס־געצייכנט שפּילן אויף דער דאָזיקער סטרונע.

אַחוץ די דערמאָנטע אַקטיאָרן, שפּילן אויך מיט גאַנץ געראָטן: יודל דובינסקי, פּסח בורשטיין, ליליען לוקס, מאָטל בורשטיין, און סילוויאַ פישמאַן.

נו יאָ, „אַ לאַך אין קאָפּ״ איז נישט קיין „יאָשע קאַלב״, און אַוודאי ניט קיין „ברידער אשכנזי״ אָדער „ייד זוס״, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק באַ־שיינט דעם יידישן קונסט־טעאַטער, אָבער עס איז אַ פּיעסע וואָס דאַרף געזען ווערן פון יעדן יידישן טעאַטער־ליבהאָבער.

מ. יוד.

פּאַרטיק געוואָרן לייענען מאָריס שוואַרץ דרשה, און די קריטיק. האָב איך מיך דערמאָנט אין אַ געשפּרעך וואָס איז פּאָרגעקומען אין 41 יוניאָן־סקווער, און וואָס דער רעדאַקטאָר האָט דערציילט. דאָס איז ניט געווען גלאַט גערעדט, איין מאָל בין איך פּערזענלעך געווען דערביי, וואו מאָריס שוואַרץ האָט געטאָן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אַז אַנדערע זאָלן טאָן, צו פּאַרשטאַרקן די אינסטיטוציע.

אין דעם נומער 523 „וואָכנבלאַט״, פון דינסטאָג דעם 28טן אַפּריל 1959 איז דאָרט אויסגערעכנט וויפל אַ יעדער האָט צוגעטראָגן, נאָך דעם ווי מאָריס שוואַרץ איז פּאַרטיק געוואָרן מיט דער גלענצנדער דרשה, בין איך געווען דערביי ווי מאָריס שוואַרץ אַליין האָט דערלאַנגט זיין טשעק פּאַר 50 דאָלאַר. דאָס איז שוין דער צווייטער באַווייז, אַז ס׳איז ווייט ניט אמת וואָס מ׳האָט וועגן אים געזאָגט, אָדער געשריבן.

איך גיב דאָ איבער בלויז דעם שלוס פון זיין רעדע ווייל ס׳איז געזאַמלט געוואָרן אַזוי פיל געלט, האָט ער פּאַרענדיקט מיט דעם:

„איצט, ווען אַלץ ברעכט זיך — ווען דער שטן שאַרפט די שווערד אומצוברענגען אונדזער יידיש לשון — איצט דאַרף יעדער ייד וואָס האָט ליב אונדזער לשון זיך אַליין אָפּגעבן חשבון — און זיך אַליין פרעגן: „זאָל איך איצט שטיין פון דער ווייטן און לאָזן אומקומען אַ צייטשריפט וועלכע קעמפט פּאַר דעם ערלעכן יידישן וואָרט?״ איר און איך און אַלע וועלכע ווייסן ווי צו שאַצן דעם מענטשן וועלכער האָט געהאָלפן אַ סך קרומע וועגן אויס־גלייכן — מיר דאַרפן מיטגיין מיט אים אויף שריט און טריט.

ראָזעטאַ ביאַליס, וועלכע איז איינע פון אונדזערע גאָר פיינע אַקטריסעס פון קונסט־טעאַטער האָט צוגעשיקט איר בײשטייערונג און מיך געפרעגט, פאַר וואָס איך רוף ניט דאָס פאַלק צו העלפן דעם קונסט־טעאַטער — ווי איך טו דאָס איצט פאַרן „וואָכנבלאַט". מיין ענטפער איז, אַז איך קאָן גיכער בעטן הילף פאַר אַ צווייטן ווי פאַר זיך; ניט איך האָב באַדאַרפט בעטן הילף, ווייל אָן סובסידיעס האָב איך דעם קונסט־טעאַטער אויסגעהאַלטן 31 יאָר — מיט מיינע פאַרדינסטן פון אַרגענטינע און אַנדערע לענדער, פון פילמען אין האָליוואוד, פון קאָנצערטן אין פאַרשיידענע לענדער — אָבער אַלע פאַר־דינסטן זיינען אַריין אין דער קעשענע פון אַלע ביים טעאַטער חוץ דעם אַקטיאָר. צוואַנציק יאָר אַז מ׳ברענגט אום אונדזער יידיש לשון אויף דער בינע, מאַכנדיק דערפון אַ יידיש־ענגלישן זשאַרגאָן, אַ מישמאַש־לשון, וואָס האָט אומגעבראַכט די יידישע טעאַטערס, און זעלטן ווען ס׳איז געווען אַן אַל־געמיינער פּראָטעסט פון טעאַטער־עולם און פון דער יידישער פּרעסע. דאָ און דאָרט אַ באַמערקונג — אָבער ניט קיין פּראָטעסט. אונטער אַזעלכע אומ־שטענדן קאָן דער קונסט־טעאַטער ניט עקזיסטירן. ס׳איז שווער צו פירן אַן איין־מענטש מלחמה — קעגן אַזוי פיל אומברענגער פון אונדזער לשון.

ס׳איז מיין וואונטש אַז דער היינטיקער פּרימאָרגן זאָל ברענגען די געוואונטשענע רעזולטאַטן: און מ׳זאָל קאָנען אָנגיין מיט דער גרויסער אַרבעט, וועלכע ברענגט ליכט אין אונדזער קולטור־לעבן. איך בעט ניט קיין נדבות! איך בעט אייער הילף, אַז מ׳זאָל קאָנען דערפילן אַז מ׳איז אַרומ־געringelט מיט קולטור־פריינד, וועלכע שטייען גרייט צו העלפן אַז די אי־דעאַלן זאָלן רעאַליזירט ווערן.

אַזוי האָט מאָריס שוואַרץ גערעדט און געהאַנדלט, ווען ער האָט געוואָלט העלפן, אָדער עפּעס גוטעס טאָן פאַר אַ שרייבער, פאַרשטייט זיך אַז ער האָט דאָס ניט געטאָן פאַר אַבי ווער, און האָט ער גערעדט, אָדער ווי מ׳זאָגט אַפּעלירט האָט דאָס אַ סך געמיינט, און האָט נאָך צוגעצאָלט מיט אַ טשעק, און דאָס איז ניט געווען קיין אָנגעשטעלטע זאַך, ווייל ער האָט שפּעטער אַזאַ קאָליר „טשעק" מיר צוגעשיקט פאַר מיין בוך, „הינטער די קוליסן".

און מיט וואָס פאַר אַ דרך־ארץ מאָריס שוואַרץ האָט אַלע מאָל גערעדט פון און וועגן שרייבער, ווי אַזוי קען מען דאָס פאַרגעסן? דאַכט זיך וויפל טענות די אַקטיאָרן האָבן צושוואַרצן געהאַט אין די אַלע יאָרן, טראָגנדיק אַ סך

מאָל אַ בייז האַרץ אויף אים, האָבן ניט געוואַגט און וועלן ניט וואַגן צו זאָגן דאָס, וואָס איין גיפטיקע פען האָט אָנגעפּאַטשקעט.

אינטערעסאַנט צו לייענען איין אַרטיקל פון נחמן מייזיל:

## מאָריס שוואַרץ, דער מענטש און קינסטלער

1. שוין, מיר האָבן שוין אויך מאָריס שוואַרצן פאַרלוירן! געפאָרן קיין מדינת ישראל, זיך דאָרטן גאָר פיין צעלייגט, ווי „ביים טאַטן אין ווייגאָרטן", געשפּילט אויף זיין ברייטן אופן י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב", זיך גענומען פאַר שלום אַשס „קידוש השם", וואו ער האָט געשפּילט זיין באַליבטע ראָלע פון דעם שניידערל, דעם לאַמעד וואָווניק, און, ווי זיין שטייגער אַלע מאָל, זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט געגעבן און געקאָנט געבן, נאָר גלייך זיך פאַרמאָסטן אָנשטאָט אַ צייטווייליקן משכון־טעאַטער, פאַר לייגן גאָר אַן אמתן טעאַטער־בית־המקדש, וואָס זיין פונדאַ־מענט און בנין זאָל זיך געפינען אויף דער ישראל־ערד, און זיין ליכט זאָל שיינען און לייכטן פאַר דער גאָרער יידישער וועלט.

ווער עס האָט זיך באַגנוגנט מיט אַ טעאַטער־דלמטה, אויף דעם האַרטן באָדן, און ער, מאָריס שוואַרץ, האָט שטענדיק, אויך אין די סאַמע שווער־סטע מאָמענטן, געהאַט השגות צו בויען אַ יידיש טעאַטער דלמעלה... אַלץ העכער, און אויב נישט נאָך העכער.

האָבן מיר שוין מאָריס שוואַרצן אויך פאַרלוירן!

און הגם ער איז די לעצטע יאָרן געווען אַ בלאָנדזשענדיקער שטערן, איז אָבער קיין ספק נישט, אַז מיר זיינען געוואָרן נאָך זיין אַוועקגיין אָרע־מער, נידעריקער, נעבעכדיקער מיט אונדזער יידישן טעאַטער.

אויף דער לוויה, וואָס יידן זיינען אויף דעם אַלע מאָל גרויסע בריהס, האָט מען געהאַלטן רעדעס און „ספּיטשעס", אָבער ווען מען טוט בחייו, ביי זיין לעבן, כאָטש אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס מען האָט געזאָגט און צו־געזאָגט, וואָלט ער נאָך אפשר געלעבט, געלעבט נאָך אַ צען־פופצן יאָר.

וואָלט ער נישט געמוזט לעבן ממש ווי אַ ציגיינער און יעדע פאַר חדשים אויפשטעלן נייע געצעלטן און זיי ווידער פאַנאַנדערנעמען, אָט אין קליוולאַנד, און אָט אין קאַנאַדע, אָט אין האָליוואוד, און פלוצעם — גאָר אין בוענאָס־איירעס, מאָנטעווידעאָ, פאַריז, בריסעל, און באַלד אין תל־אביב א.אז.וו..

און ער וואָלט נאָך מאריך ימים געווען. עס איז דאָ אַ געפיל, אַז „מיר האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט", מיר האָבן אים פאַרקירצט די יאָרן! און זייענדיק אויף דער לוויה, האָט זיך געטראַכט, אַז אויסער די געהויבענע לויב־געזאַנגען און הספד־רעדעס, וואָס מען האָט ביים געזעגענען זיך מיט אים, געהאַלטן, וואָלט מען גלייכצייטיק געדאַרפט קלאַפּן זיך אין האַרצן, — און נישט נאָר די עטלעכע געציילטע פאָרשטייער פון אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען, נאָר אויך די יידישע פאָלקס־מאַסן פון אַמעריקע, פון ניו־יאָרק, די צענער טויזנטער יידן, אַלט און יונג, מאַן און פרוי — קלאַפּן זיך „על חטא" און זאָגן:

מיר האָבן געזינדיקט קעגן אים, קעגן דעם גרויסן מענטש, ייד און קינסטלער — „שחטאנו", וואָס מיר האָבן געזינדיקט קעגן דיר, און נישט געהאַט קיין פאַרשטאַנד און נישט באַגריפן, וואָס דו ביסט געווען פאַר אונדז און וואָס, ביי לייטישע נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלסטו נאָך געקאָנט זיין ביי אונדז, אין אונדזער פאַרוואָרלאָזטער יידישער טעאַטער־וועלט!

מאָריס שוואַרץ גופא איז געווען אַ גרויס ווערק. אַ ווערק פון פיל טיילן און פיל קאַפּיטלען, אַ ווערק, וואָס ער האָט עס פּאַמעלעך און בהדרגה געשאַפן אין לויף פון פיל יאָרן.

און וויפל ער האָט נישט געשאַפן, ווי אַ דראַמאַטיזירער, אַ פאַרפאַסער, וויפל ער האָט נישט אַרויסגעבראַכט ווי אַ רעזשיסער, ווי אַ שוישפּילער און טעאַטער־דירעקטאָר, וועלטן, אויפפירונגען, איז עס אים געווען ווייניק, און ער האָט באַדאַרפט נאָך און נאָך און זיך געיאָגט נאָך נייס. ווער עס קלויבט אייגענע און פרעמדע ברעקלעך־שיריים, אָבער שוואַרץ האָט גענומען און געשעפּט מיט פולע עמערס. און „מיטן עסן איז ביי אים שטענדיק געוואַקסן דער אַפּעטיט".

ער האָט נישט געקאָנט רוען, נישט געקאָנט „שניידן קיין פאַרטיקע קופּאָנעס", נאָר כסדר געשטרעבט צו נאָך און נאָך און אַלעמאָל געקלעטערט אַלץ העכער און העכער.

ער האָט זיך זאַט נישט געקאָנט אָנעסן און נישט געווען באַפרידיקט מיט וואָס ער האָט שוין דערגרייכט.

ווי אַנדערש ער איז אין תוך נישט געווען פון שלום אַשן, — ער — אַ וואָלינער, יענער — אַ פּוילישער, ער — אַ טעאַטער מענטש און יענער אַ פען־קינסטלער, אָבער די, וואָס האָבן געקענט זיי ביידן און געהאַט לאַנג־

יאָריקע פאַרבינדונגען און בשותפותדיקע אַרבעטן מיט דעם און מיט יענעם, ווייסן גוט, וויפל געמיינשאַפטלעכס און ענלעכס עס איז געווען ביי די צוויי גאַנץ־פאַרשיידנאַרטיקע קינסטלער־שאַפער. ביידע האָבן זיי פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקע סטיכישע גבורה, ביידע זיינען זיי קיינמאָל נישט געווען אָנגעזע־טיקט מיט דעם, וואָס זיי האָבן געשאַפן, און ביידע האָבן, קודם־כל, און מער פון אַלץ, געשעפּט פון זיך, פון זיך גופא. און אויב איר ווילט, קאָן מען צוגעבן צו זיי נאָך איינעם אַ גרויסן יידישן קינסטלער־דיכטער, — דאָס איז ח. נ. ביאַליק — דער, וואָס האָט אויך פאַרמאָגט וואונדערבאַרע פאָלקס־גבורה, און וועלכער האָט אויך, ווי אַש און שוואַרץ, געגראָבן אין אייגענע און פאָלקס־טיפן און קיינמאָל, בעיקר אין זיין ריידן, מער ווי אין שרייבן, אין זיין בעל־פה, מער ווי אין זיין בכתב, נישט געווען באַפרידיקט.

האָט סיי אַש און סיי שוואַרץ געקאָנט זאָגן, ווי ח. נ. ביאַליק:

„לא זכיתי באור מן הפקר,
אף לא בא לי בירושה מאבי,
כי מסלעי ומצורי נקרתיו
וחצבתיו מלבבי”.

(זעצט איבער אין יידיש י. י. שוואַרץ)

„ניט פון הפקר איז ס׳ליד מיר געקומען,
ניט פון טאַטן בירושה געקראָגן;
נאָר פון אייגענעם פעלז אים געשפּאָלטן,
פון מיין האַרצן אַרויס אים געשלאָגן.
— — — — — — — — — — — — — — —
אונטערן האַמער פון ליידן פון גרויסע,
ווען מיין האַרץ, שטאַרקער פעלז, טוט זיך שפּאַלטן —
פליט דער פונק און שפּריצט אַפּ אין מיין אויג זיך
טוט פון אויג אין מיין פערז זיך באַהאַלטן...”

פאַרבייט דאָס וואָרט „פערז” אויף „געשטאַלט”, אויף לעבעדיקע ווענזנס, און איר דערזעט און דערשפּירט דאָ מאָריס שוואַרצן, וועלכער האָט ניט פאַרפּאַסט קיין לידער, קיין פּאָעמעס, דיכטערישע פערזן, נאָר אַרויסגעבראַכט לעבעדיקע, פאַרקערפּערטע געשטאַלטן פון פאַרשיידענעם מין און כאַראַקטער, פון פאַרשיידענע גרויסע מענטשלעכע גייסטער און פערזענלעכקייטן. נאָך

אין 1933, ווען מען האָט געפייערט דעם 15טן יאָרטאָג זינט דעם אויפקום פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, האָט שוין מאָריס שוואַרץ געהאַט אַ רשימה פון 134 פּיעסן (און די רשימה איז ווייט ניט געווען קיין פולע!) פון 72 דראַ־מאַטורגן, וואָס ער האָט אויפגעפירט.

אין יעדער פון די פּיעסן, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט פאַר די 15 טעאַטער־סעזאָנען, איז ער געווען „סאַם כאַזאַאין — סאַם סאַפּאָזשניק" (אַליין דער באַלעבאָס און אַליין דער שוסטער). ער איז אָפּט געווען דער אי־בערזעצער, דער צושניידער, דראַמאַטיזירער, דער רעזשיסער, דער שוישפּי־לער און דער „הכל בכל מכל כל" — אַלץ מיט אַלעמען... און דערצו דער דירעקטאָר, דער אויפזעער אויף ליכט, אויף קליידער, אויף אויסשטאַטונג, און דערביי — עפּעס צוגעשריבן, אָדער מקצר געווען, און אויסער דעם — פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען, געהאַלטן רעדעס און אַזוי ווייטער.

ער איז געווען אַ פענאָמען מיט זיין פאַרנעם, מיט זיין ענערגיע, מיט זיין אומדערמידלעכקייט, מיט זיינע פּלענער און פאַנטאַזיעס. עס איז אינטערע־סאַנט צו באַטראַכטן די אַלע 134 אויפגעפירטע פּיעסעס, — און זען, ס'אַראַ פאַרשיידענע וועלטן זיי האָבן אַרויסגעבראַכט, ס'אַראַ פאַרשיידנאַרטיקע כאַ־ראַקטערן עס זיינען פון זיי אַרויסגעוואַקסן, סאַראַ סטילן, טיפּן, סביבות, קרייזן עס זיינען געווען אין די־אַ 134 פאַרשטעלונגען! און דאָס אַלץ האָט דאָך געבראַכט שטאָף און מאַטעריאַל, געווען אָנגעפּילט מיט אינהאַלט, מיט ברען, מיט אַלערליי סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע און שטייגערישע מאָטיוון און עלעמענטן.

און ווידעראַמאָל דערמאָנט עס אין שלום אַשן, וועלכער האָט אויך געשאַפן איין ווערק נאָכן אַנדערן, געשעפּט מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע וועלטן, פון כלערליי תקופות און סביבות, און אומעטום האָט ער זיך גע־פילט היימיש, אייגן, זיך גלייך אַריינגעלעבט אין די ניי־געשאַפענע דורך אים וועלטן. און אַזוי אויך, אויף זיין אופן — מאָריס שוואַרץ, — ער איז איבערגעוואַנדלט געוואָרן אין לויף פון אַ קורצער צייט אין גאָר נייע פאַר אים וועלטן.

און עס איז געווען צו שטוינען, ווי אַזוי ער האָט עס דערגרייכט, אין וועלכע „אוניווערסיטעטן" האָט ער עס געלערנט און ווי אַרום ער איז דערגאַנגען צו דעם אַלעמען!

2. מיר איז אויסגעקומען צו זיין נאָענט צו מאָריס שוואַרץ אַ לענגערע

צייט, כ׳בין בייגעווען ביי זיינע שאַפונגס־אַרבעטן, געווען אַן עדות ווי ער האָט שנעל און האַסטיק געבויט סצענישע וועלטן און ווי קונציק ער האָט גע־קנאָטן, ווי ליים, נישט נאָר זיך גופא, נאָר אויך די שוישפּילער, וועלכע ער האָט צוגעצויגן ווי שותפים צו זיינען אַן אויפפירונג.

ער האָט געקאָנט שאַפן אַ „יש מאין״ — אַרויסברענגען עפּעס פון גאַנץ שוואַכן מאַטעריאַל. און מערקווירדיק, ווי ער האָט אויף די פּראָבעס פיר־געשפּילט פאַר יעדן טיפּ, פאַר יעדן כאַראַקטער. ער האָט אויך געוויזן און געלערנט טענץ, געזאַנג, געלערנט יונגע פרויען ווי צו גיין, שטיין, זיך האַלטן אין דער געגעבענער ראָלע.

און דערביי איז ער קיינמאָל ניט מיד געוואָרן, ניט גערוט. איך געדענק אַזאַ סצענע: מיר האָבן אין 1935 באַגעגנט מאָריס שוואַרצן אויפן וואַרשע־ווער לופט־פעלד, געווען אויך מ. מזאה, דער פריערדיקער פירער פון דער „ווילנער טרופּע״, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די אַדמיניסטראַטיווע אַר־בעט פון דער טרופּע.

מאָריס שוואַרץ איז האַסטיק אַראָפּ פונעם עראָפּלאַן. ער האָט זיך מיט אונדז באַגריסט, און מזאה האָט אַ זאָג געטאָן שוואַרצן, ער זאָל אַ פאָר טעג זיך אָפּרוען, און דערנאָך וועט מען זיך נעמען צו דער אַרבעט, צונויפצושטעלן די טרופּע פאַר „יאָשע קאַלב״ און אָנהויבן רעפּעטירן. האָט מאָריס שוואַרץ אויף אים אַ קוק געטאָן מיט ביטול. און מזאה איז ביי אים אין די אויגן גלייך געפאַלן.

רוען גאָר! ניין! שוין היינט הויבן מיר אָן די אַרבעט! „און ער האָט פיל מאָל איבערגעחזרט דערנאָך פאַר מיר מזאהס פאָרשלאָג: „ער שיקט מיר זיך אָפּרוען!...״

און נאָך אַ סצענע, וואָס כאַראַקטעריזירט מאָריס שוואַרצן.

ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק מיט די פּראָבן, וועלכע זיינען געגאַנגען טאָג און נאַכט, כמעט אָן איבעררייס, איז אָנגעקומען פון ניו־יאָרק קיין גדאַנסק (דאַנציג, אַ האַפן־שטאָט) די גרויסע עלעקטרישע ליכט־מאַשין. דער צאָל־אַמט האָט פאַרלאַנגט 50 טויזנט זלאָטעס ערבות־געלט, אַז די מאַשין זאָל צוריקגעשיקט ווערן קיין אַמעריקע.

רופט מיך אָפּ מאָריס שוואַרץ גאַנץ פרי, עס איז געווען שבת, אַז עס איז שלעכט, ער לאָזט אַלץ איבער און פאָרט גלייך אַוועק, ווייל וואו קאָן ער נעמען 50 טויזנט זלאָטעס אויף ערבות־געלט! קום איך גלייך צולויפן

צו אים אין האָטעל. ער איז צערודערט, ווי אַלע שיפן וואָלטן אונטער־געגאַנגען. פאַלט מיר איין, מיר זאָלן צופאָרן צו רפאל שערעשעווסקי, דעם גרויסן יידישן באַנקיר, און אים בעטן, אַז זיין באַנק זאָל אַרויסגעבן אַ פאַר־זיכערונג־בריוו, אַז די עלעקטרישע באַלייכטונג־מאַשין וועט גיין צוריק קיין אַמעריקע. קומען מיר, שוואַרץ, מזאה און איך, צו שערעשעווסקין. ער איז זיך געזעסן רואיק אין זיין קאַבינעט און געבלעטערט, כלומרשט פאַר־טיפט, אַ פּאַק מיט וועקסלען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דריי יידן קומען צו אים שבת פרי, איז עס ניט קיין וואַזשנער באַנק־געשעפט... לסוף האָט דער באַנקיר אויפגעהויבן זיינע אויגן און געפרעגט, וואָס מיר פאַרלאַנגען.

האָבן מיר דערקלערט, אַז מיר ווילן פון דער באַנק אַ בריוו, וואָס וועט אים, דעם באַנקיר, גאָרנישט קאָסטן, און שוואַרץ זאָל קאָנען אַרויסבאַקו־מען די מאַשין אָן דער פאַרלאַנגטער פאַנטאַסטישער סומע. און די צייט איז קורץ, אין עטלעכע טעג אַרום דאַרף מען אָנהויבן די פאָרשטעלונגען פון „יאָשע קאַלב״. אָבער אונדזער אַפּעלירן האָט אָנגעטראָפן אויף אַ טויבן אויער... דער באַנקיר קאָן נישט, ער וויל נישט!... זיינען מיר אַוועק פאַר־לוירענע און ברוגזע. אין גאַס, ביים אַרויסגאַנג, שטעלט זיך אָפּ שוואַרץ, שטעלט אָן אויף מיר אַ פּאָר רויטע, בייזע אויגן:

— און פאַר די־אָ יידן, ווילט איר, איך זאָל שפּילן טעאַטער?

— ניין, מאָריס שוואַרץ, עס וועלן קומען טויזנטער פאָלקס־מענטשן און וועלן אייך טראָגן אויף די הענט...

האָבן מיטאַמאָל אַ גלאַנץ געטאָן ביי אים די אויגן, און ער האָט שוין געבעטן רחמים: וואָס־זשע טוט מען? זיינען מיר אַוועק צו אַ יידן אַן עקס־פּעדיטאָר. אים דערציילט אונדזער ביטער האַרץ, זיך פאַרקלאָגט אויף דעם גביר אַדיר רפאל שערעשעווסקי, וואָס האָט אָפּגעזאָגט אַרויסצוהעלפן. הקיצור, דער ייד, דער עקספּעדיטאָר, אויף סענאַטאָרסקע גאַס, האָט גענומען דעם טעלעפאָן־טרייבל, אָפּגערופן אין גדאַנסק זיין פאָרשטייער און באַפוילן אים גלייך אַריינלייגן אַן ערבות־בריוו.

אין צוויי טעג אַרום איז אָנגעקומען די מאַשין, מען האָט גענומען שפּילן „יאָשע קאַלב״, וואָס איז געגאַנגען חדשים לאַנג ביי פול־געפּאַקטע הייזער...

עס איז דאָ פיל צו דערציילן וועגן דער גרויסער, ריזיקער פאַר די וואַרשעווער באַדינגונגען און געלט־מעגלעכקייטן „יאָשע קאַלב״ אויפפירונג. דער אַלטער קאַמינסקי־טעאַטער, וואו די גאַסטשפּילן זיינען פאָרגעקומען, איז

נישט געווען צוגעפּאַסט פֿאַר אַזאַ פֿאַרנעם. דער הייך־קעסל איז געווען נישט אין אָרדענונג, האָט שוואַרץ געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, און נישט איין מאָל האָט מען געמיינט, אַז עס וועט נישט דערגיין צו דער פּרעמיערע.

איין מאָל פֿאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, כאַפּ איך זיך אַראָפּ אין טעאַטער, וואו שוואַרץ האָט צום ווייפֿלטן מאָל רעפּעטירט אַ סעצענע, אַן עפּיזאָד, אַן אויפֿטריט אין „יאָשע קאַלב". איך האָב מיר אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל אין טונקעלן טעאַטער, און געגאַפֿט און געוואונדערט זיך, ווי שוואַרץ שלאָגט אַרויס טענער, קריגט אַרויס באַוועגונגען ביי פֿאַרשיידענע יידישע אַקטיאָרן, וואָס איך האָב גוט געקענט פֿון זייער פֿריערדיקן שפּילן.

דערזען מיך פֿון דער בינע, רייסט שוואַרץ איבער די פּראָבן, גייט אַראָפּ צו מיר:

— גוט וואָס איר זייט געקומען! איך האָב היינט יאָרצייט, מיר מוזן גיין זוכן אַ שול, צו זאָגן קדיש!

זיינען מיר אַוועק. געקומען צו גזשיבאָווסקע גאַס, דאָרטן געפּאַקט אַ חסידיש שטיבל, וואו עס זיינען פֿאַרנאַכט־צייט געזעסן אַ פּאָר יידן. אייניקע האָבן אַריינגעקוקט אין ספרים און אַנדערע געשמועסט צווישן זיך, ווי אין די אַמאָליקע שטעטלעך הינטערן אויוון... דערזען צוויי מענטשן, „דאַטשן", האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן, דערלאַנגט „שלום" און טאַקע באַלד זיך געשטעלט דאַווענען מנחה... נאָכן קדיש, האָט שוואַרץ געגעבן די יידן אויף „תיקון", געטרונקען פֿאַר דער „עלית נשמה", און מיר האָבן צוריקגעאיילט צום טעאַטער, וואו אַקטיאָרן, פּונקט ווי אין חדר, ווען דער רבי גייט אַוועק, האָבן געשטיפֿט...

און אָט איז ערב יום־כפּור. די טעג צו דער פּרעמיערע זיינען גע־ציילטע, און ווי עס האָט זיך שוואַרצן נישט געוואָלט, האָט ער דאָך געמוזט פֿאַרזעצן די פּראָבעס. אין אָוונט, נאָך „כל נדרי", קום איך אין טעאַטער. איך ברענג מיט זיך אַ פּעקל צוקערקעס, אָנגעפּילט מיט איינגעמאַכטס. נאָך אַ שעה און צוויי, בעת אַ קורצע איבעררייס, גיי איך אַרויף אויף דער בינע, נעם אַרויס מיינע צוקערקעס און טייל פֿאַנאַנדער די שוישפּילער און שוי־שפּילערינס. אָבער שוואַרץ נעמט נישט, ער פֿאַסט אַ גאַנצן אָוונט און טאָג. וואָס איז צו גאָט איז צו גאָט, וואָס איז צו לייטן איז צו לייטן!... פּרובירן, באין ברירה, מוז מען. אָבער עפּעס טועם זיין — דאָס נישט!

3. די אַמעריקאַנער יידישע שרייבער און טוער שטעלן זיך גאָרנישט

פאַר, וואָס מאָריס שוואַרץ און זיין קונסט־טעאַטער האָבן באַדייט פאַר אונדז, שרייבער און טוער פון יידישן פוילן מיט 35 יאָר צוריק, ווען עס זיינען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות און פּרטים וועגן אים און וועגן זיין טעאַטער. ער, ווי דער יידישער אַמעריקאַנער ישוב, זיינען פאַר אונדז געווען ממש ווי ניסים.

און באמת! לאָמיר נאָר אַ בלעטער טאָן אויף צוריק אַ דריי־פיר יאָר־צענדליק אין אונדזער זכרון, און זען, ווי די יידישע אַמעריקע האָט אויסגע־זען אין אונדזערע אויגן פון ווייטנס, לויט די אָפּגעריסענע, איינצלנע גרוסן, וואָס מיר האָבן געהאַט, און וואָס מיר האָבן אַזוי גרינג אויפגענומען.

דער גרויסער יידישער ישוב אין אַמעריקע — איז דאָך פון די אויס־טערלישסטע וואונדער, וואָס זיינען געשען אין אונדזער יידישער געשיכטע. אין לויף פון עטלעכע צענדליק יאָר איז אויפגעקומען אַ פיל־מיליאָניקער יידישער קיבוץ, און פון דעם — איבער צוויי מיליאָן אין איין ניו־יאָרק גופא. אַנטלאָפענע, אַרויסגעשטויסענע יידישע יחידים פון די אַלטע היימען — על־פּי־רוב פון די „נידעריקסטע" שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, — האָבן אין אַזאַ קורצער צייט געשאַפן דאָס אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס האָט באַוויזן אויפצושטעלן אַזעלכע קאָלאָסאַלע הימל־קראַצערישע יידישע ווירטשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, וועלכע פאַראייניקן אַרום זיך, און האָבן אַ השפּעה אויף דער פיר־מיליאָניקער יידישער באַפעלקערונג.

ממש ווי אין רבה בר בר חנאס פאַנטאַסטישע גוזמאות:

האָט אַ פויגל אַריינגעשטעקט אַ פוס אין אַ זייער טיפן אָרט אינעם ים אוקינוס, האָט אָנגעהויבן אַרום דעם פויגל־פיסל זיך קלויבן אַ זעמדעלע צו אַ זאַמד, און עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער אינדזל...

אָט די אַלע איינצלנע יידישע זעמדעלעך און זאַמדן, וואָס האָבן זיך געקליבן אין אַמעריקע, האָבן קיין אָנפירער און אָנווייזער נישט געהאַט. להיפוך: אָנשטאָט פירער — אָן אַ שיעור פאַרפירער, לייקענער און פאַר־לייקענער פון אַן אייגן יידיש לעבן, קעגנער פון יידישער שפּראַך און יידישער קולטור. די לעבנסגעשיכטע פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַמעריקע, זייער מאַטעריעלער און גייסטיקער „אַרויפאַרבעטן זיך" — איז דאָך דער באַשיימפּערלעכסטער באַווייז פונעם לעבנס־כּוח פון דער פיל־געפּלאָגטער און דורך דער אייגענער אינטעליגענץ באַשפּיגענער יידישער מאַסע.

און די לעגענדע מאָריס שוואַרץ?

עפּעס אַ ייד, אַ תבואה־סוחר פון סודליקאָוו, וואָלינער גובערניע, יצחק אייזיק שוואַרץ, האָט זיך אַמאָל געלאָזט פון זיין אַלטער היים וואוהין די אויגן טראָגן, — קיין אַמעריקע, שפּעטער האָט ער צוביסלעך אַראָפּגענומען אַהין זיין פאַמיליע, און צווישן זיי — אויך זיין יינגל אברהם משה.

אָט דאָס יינגל מאַכט נאָך דורך אויפן וועג קיין ניו־יאָרק אַ שווערן „גלגול־מחילות" פון די אַמאָליקע יידישע עמיגראַנטן — דורך לאָנדאָן, עפּעס ענלעך צו דעם, ווי מאָטל פּייסי דעם חזנס ביי שלום עליכמען, דער סודלי־קאָווער תבואה־סוחר ר' יצחק אייזיק שוואַרץ פאַרנעמט זיך די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע מיט שמאַטעס־אָפּפאַל פון די שניידער־שעפּער, און זיין זון אברהם משה אַרבעט ביים פאָטער.

און גאָר גיך קומט פאָר אַ ווייטערדיקער גלגול ביי דעם יונגן שוואַרץ פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס", צו „בלאָנדזשענדיקע יידישע שטערן". דער וועג, דער קינסטלערישער וועג פון אַ יידיש פאָלקס־קינד, פון אַ יידישן יונגג־מאַן, וואָס שלאָגט זיך דורך אינעם ווילדוואַלד פון אַמעריקאַנער לעבן.

דער שאַפונגס־וועג פון מאָריס שוואַרץ אינעם אַמעריקאַנער יידישן טעאַ־טער — איז נישט בלויז דער שאַפונגס־וועג פון מאָריס שוואַרץ. עס איז פיל, פיל ברייטער, עס איז דער גרויסער, ברייטער דרך־המלך פון גאָר דעם יידישן שאַפן אין דעם ניי־אויפגעקומענעם יידישן אַמעריקאַנער ישוב. ווי אין דער לעגענדע מיטן דור המדבר: אין משך פון די פערציק יאָר אַרומ־בלאָנדזשען אין מדבר, זיינען די קליידער געוואָקסן צוזאַמען מיטן דור... פון ז. ליבינס „דער מאַן און זיין שאָטן", ביז... ביז די גלענצנדע אויפפי־רונגען פון שלום עליכם, שלום אַש, פּרץ הירשביין, ה. לייוויק און י. י. זינ־גער — איז פאָלג מיך אַ גאַנג.

ממש לעגענדאַרישעס איז פאַראַן אין דעם אַלעם!

פאַנטאַסטישער קפיצת־הדרך, ווען מען מאַכט דורך אין אַ קורצער צייט אַזעלכע ווייטע קינסטלערישע שטרעקעס! נישט אַנדערש, ווי געהיימע, באַהאַלטענע כוחות, נסתרים טוען פאַר אים אָט־די גאַנצע אַרבעט, וואָס איז אָנגעמאָסטן פאַר עטלעכע גרויסע אויפטוער צוזאַמען.

אין דער יידישער לעגענדע קומען מלאכים און לערנען זיי שבעים לשונות און שבע חכמות. נישט אַנדערש, ווי אָט־די לעגענדאַרישע מלאכים

קומען אַראָפּ צו מאָריס שוואַרצן און לערנען אים די אַלע שבע־חכמות פון טעאַטער און העלפן אים אַרויס אין זיין אַרבעט.

מאָריס שוואַרץ האָט אויך גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער דראַמאַטורגיע. יידיש טעאַטער און יידיש ליטעראַטור זיינען אַ צייט לאַנג זיך געגאַנגען אויף פאַרשיידענע וועגן. ווען אין דער יידישער ליטעראַטור זיינען שוין אויפגעגאַנגען די זונען פון מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, איז דאָס טעאַטער נאָך גאָלדפאַדענען געלעגן אין די זומפּן פון י. לאַטיינער, פּראָפּ. האָרוויץ, הערמאַלין און זייערע אַלע „ווירדיקע עפּיגאָנען”. מאָריס שוואַרץ האָט דאָס פאַרוואָרלאָזט יידישע טעאַטער צוריק אַרויפגעשלאָגן אויפן וועג פון קינסטלערישער דראַמאַטורגיע. דורך גאָרדינען איז ער געקומען צו פּינסקין, צו שלום עליכמען, צו פּרצן און צו הירשביינען און צו שלום אַשן און צו לייוויקן. אין דער צייט, וואָס דאָס רוב פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע האָט געצאָלט און צאָלט כסדר צינזן דעם שונד־ראָמאַן און כמעט די אַלע יידישע טעאַטערן אין אַמעריקע האָבן געפינקלט און געלאָקט דעם עולם מיט די פאַלשע קאָלירן און פאַרבן פון דער מעלאָדראַמע און אָפּערעטקעס, האָט מען געדאַרפט האָבן געניג אינעווייניקסטע גבורה און קולטור און עקשנות צו שפּילן ראָלאַנס „וועלף”, שעקספּירס „אָטעלאָ”, טשעכאָווס „אָנקל וואַניאָ”, מערעזשקאָווסקיס „פּעטער דער גרויסער” און לאָפּע־דע־וועגאַס „דעם גערט־נערס הונט”. איז דאָס אַלץ אויף אונדזערע מיסטן אויסגעוואַקסן? און ווי אַזוי קומט אברהם משה, דער זון פון יצחק אייזיק שוואַרץ פון סודליקאָוו, מיט אייגענע כוחות דאָס אַלץ אַרויסצוברענגען? וואונדערבאַר זיינען די וועגן פון דעם יידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, און וואונדערבאַר זיינען די קינסטלערישע וועגן פון אברהם משה — מאָריס שוואַרץ! און דאָס איז צום מייסטן צו באַוואונדערן:

מאָריס שוואַרץ איז דורכאויס אַן אינדיווידועל־אויסגעשפּראָכענע פּער־זענלעכקייט, אַ קאָנצענטרירטע אין זיך, אָפּטמאָל — אַן עגאָצענטרישע, ווי עס טרעפט אָפּט ביי אַזעלכע שטאַרקע נאַטורן, און דאָך האָט ער זיין אַרבעט כסדר געפירט בציבור. ער האָט געשאַפן און געבויט דורך קאָלעקטיוו־אַנסאַמבלען. איז דאָך דער יידישער ניו־יאָרקער קונסט־טעאַטער זיין ווערק, און זיינען דאָך פיל, פיל יידישע אַקטיאָרן פון דער יידישער אַמעריקע — ווערק פון מאָריס שוואַרץ דעם שאַפער.

„את הנפש אשר בניו־יורק” — קאָן דאָך שוואַרץ זאָגן וועגן פיל יידי־

שע אַקטיאָרן, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן אונטער זיין דאַך און האָבן גע־פונען זיין קינסטלעריש־סצענישן תיקון אונטער זיינע הענט.

און נישט אומזיסט גרויסן זיך די יידישע אַרטיסטן מיט דער „שוואַרץ מאַרקע", און דערמאָנען זיך די אַלע יאָרן, וואָס זיי זיינען געווען אַרום שוואַרצן, מיט רירנדיקער אַכטונג און פיעטעט צו דעם „דיקטאַטאָר" שוואַרץ, — מעג דער אָדער יענער האָבן די אָדער אַנדערע טענות צו אים.

מאָריס שוואַרץ האָט דערהויבן דע מערכה פונעם יידישן טעאַטער ניט בלויז אין אַמעריקע. מיר זיינען שטענדיק געווען אין פוילן, שטאַרקער, זי־כערער, ווען דאָרט, אין אַמעריקע, האָט געשפּילט דער קונסט־טעאַטער. זיין השפּעה אויף דעם יידישן טעאַטער אין אייראָפּע, אויף דער יידישער דראַמאַטורגיע איז געווען פיל, פיל גרעסער ווי מיר שטעלן זיך גאָר פאָר, — הגם ער מיט זיין אַנסאַמבל איז נאָך קיינמאָל דאָ נישט געווען. וויפל יידישע דיכטער זיינען געטריבן געווען פון דער אַמביציע צו שאַפן אַ פּיעסע פאַר מאָריס שוואַרצן, און וויפל בעסערע יידישע אַרטיסטן פון אייראָפּע האָבן גע־טרוימט דורכצושלאָגן זיך אַ וועג צו אים, צו שוואַרצן אין „קונסט־טעאַטער"?

און אַ פּאָר ווערטער וועגן מאָריס שוואַרץ ווי אַ שרייבער, נישט־פאַרגינער און רכילות־טרייבער האָבן אָפט געטענהט און געשושקעט, אַז מאָריס שוואַרץ גיט נאָר זיין חתימה, אָבער שרייבן שרייבט פאַר אים זיינע אַרטיקלען „עמעץ". קאָן איך עדות זאָגן.

אני הגיבור, מיר איז אויסגעקומען פיל מאָל צו זיין אַן עדות, ווי מאָריס שוואַרץ האָט פאַר מיינע אויגן געשריבן אַליין, און וואָס ער האָט גע־שריבן, איז געווען געדרוקט וואָרט אין וואָרט, אָן דער מיטהילף אָדער גוט־מאַכונג פון דעם רעדאַקטאָר.

מאָריס שוואַרץ איז געווען אַן אָפטער אָנגעלייגטער מיטאַרבעטער פון די „ליטעראַרישע בלעטער" וואו עס זיינען געווען געדרוקט זיינע פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע אַרטיקלען.

ער האָט גערן געשריבן, איך האָב נאָך גערנער געדרוקט, און דער יידי־שער וואַכזאַמער און דאַנקבאַרער לייענער האָט מיט אינטערעס זיי געלייענט.

ווען מאָריס שוואַרץ איז געווען אין וואַרשע עטלעכע חדשים, און „יאָשע קאַלב" איז געגאַנגען כסדר ביי פול־געפּאַקטע הייזער, האָט ער סוף 1935 פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אינטערעסאַנטע אַרטיקלען: „מיין ערשטע אויפ־פירונג אין וואַרשע", „אויף וועלכע טעמעס דאַרפן דראַמאַטורגן שאַפן", „די

פילאָסאָפיע און יושר פון שוישפילער", „דער פּראָצעס פון אויפפּאַסן ראָלן", „אָטעם, פּלאַסטיק, גרים, קאָסטיומען", „רעזשי", וועגן פויכטוואַנגערס יוד זיס", „שלום עליכם אַלס דראַמאַטורג", „צום יידישן עולם אין פּוילן", „ביי די שוואַרצע אַקטיאָרן אין לאָנדאָן", א. אַנ.:

די אַרטיקלען האָבן אַרויסגערופן גרויס פאַראינטערעסירונג. און יידישע שרייבער און שוישפּילער פלעגן מיר קוקן אין די אויגן און איראָניש פרעגן:

„נו, אַוודאי, אייער האַנט איז דאָ אינמיטן!..." באַדאַרף איך דערקלערן, אַז די אַרטיקלען האָט שוואַרץ געשריבן הינטער די קוליסן, אין פּולן גרים און טראַכט פון נישעוועט רבין, צווישן איין אַקט און צווייטן צווישן איין סצענע־אויפטריט און אַנדערן. אויף גרויסע בויגנס פּאַפּיר, ביים גרים־טישל האָט זיי שוואַרץ געשריבן, פון דער ערשטער האַנט, און פרישערהייט האָב איך זיי גענומען... דער טינט האָט נאָך נישט געהאַט אויסגעטריקנט, עס וואָלט געווען אַ יושר, ווען די מאָריס שוואַרץ־יורשים זאַמלען צונויף און פאַרעפנטלעכן די אַרטיקלען און זכרונות פון מאָריס שוואַרץ...

מען קאָן נאָך און נאָך דערציילן וועגן שוואַרצן, אָבער זאָל עס זיין אויף אַ צווייטן מאָל.

איך וויל ציטירן אייניקע שורות פון אַן אַרטיקל, געשריבן אויף דער הייסער מינוט, אין 1932 ווען שוואַרץ האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט וואַרשע און איז אויפגעטראָטן אַליין אין אַ וואָרט־קאָנצערט אין דעם גרויסן פרעכטיקן פילהאַרמאָניק זאַל.

איך האָב דאַן אויף דער הייסער מינוט געשריבן:

„מיר האָבן דעם קונסט־טעאַטער נישט געזען. נישט געזען שוואַרצן אינעם קונסט־טעאַטער. נאָר אָן קיין ספק:

מאָריס שוואַרץ איז אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, אויב אין לויף פון אַזוי פיל יאָרן איז ער נישט צעריבן געוואָרן צווישן די גרויסע ווערק און ווערטן פונעם קונסט־טעאַטער. עס טרעפט זיך דאָך אָפט, אַז אַ קינסטלער ווערט בטל ומבוטל צווישן די אייגענע ווערק, וואָס ער שאַפט, אָבער מאָריס שוואַרץ איז שטענדיק געבליבן מאָריס שוואַרץ, נישט פאַרלוירן געגאַנגען צווישן די גרויסע שאַפונגען פון זיין קונסט־טעאַטער. אַנדערע האָבן אין דעם איינגעזען אַ חסרון, אָבער דאָס איז געוויס שוואַרצס גבורה, שוואַרצס מעלה,

ער האָט געבויט דאָס טעאַטער, געשטאַלטיקט טיפּן, אויסגעפֿורעמט פֿאַר־שטעלונגען, געשאַפֿן סצעניש סינטעזן, אָבער ער גופֿא איז נאָך אַלץ פֿאַר־בליבן גאַנץ אומבאַריר, נישט־אויסשעפּנדיק. ער איז פֿריש און מונטער, ער איז גרייט צו פֿאַרמעסטן זיך אויף אַלץ נייע און נייע אויפֿטוען, עס שלאָגט פֿון אים אַ קוואַל פֿון שאַפֿונגס־ענערגיע, פֿון גלויבן, פֿון דראַנג צו אַרבעטן. און וואָס איז ווערט אָט־דער צאַפּלדיקער, דערמונטערנדיקער ווילן אין דער איצטיקער צייט פֿון דערשלאָגנקייט און דעפּרעסיע...

דאָס זיינען ווערטער געשריבן מיט אַ 28 יאָר צוריק, ווען דאָס יידישע פּוילן איז געווען אַ גרויסער שאַפֿנדיקער און קעמפּערישער ישוב מיט אַ דריי מיליאָן יידן און דערצו — מיט די שכנישע יידישע ישובים אַרום פּוילן, וואָס האָבן געוואָקסן פֿון פּוילן, געגעבן און גערן גענומען. עס איז לייכט זיך פֿאָרצושטעלן, ווי אַזוי ענערגישע, לעבנס־פֿולע, פֿול־בלוטיקע נאַטור ווי מאָריס שוואַרץ, ווי ער האָט פֿריי און ברייט אָפּגעאָטעמט אינעם יידישן פּוילן. עס איז אויך פֿאַרשטענדלעך, ווי אויך אין פּוילן, וואו ער האָט דער־פֿילט דעם באַרג־אַרויף, האָט ער, ווי זיין שטייגער איז אַלע מאָל געווען, פֿאַרזיכערט, אַז ער בלייבט אין פּוילן, ער נעמט זיך לייגן אַ פֿונדאַמענט און אויפֿבויען דאָ זיין טעאַטער־טעמפּל... אָבער זיין אומרואיקע נאַטור האָט אים נישט געלאָזט איינזיצן אויף איין אָרט. גאָר אינגיכן האָט ער איינגעפּאַקט זיינע זאַכן און אַוועקגעפֿלויגן אין אַנדערע לענדער, וואו פֿון דאָס ניי און פֿון סאַמע אָנהויב ווידער געפּרואווט פֿאַנאַנדערשפּרייטן זיינע געצעלטן.

און אַזוי כסדר, און אַזוי אַלע ווייטערדיקע יאָרן.

אָפּט איז אים די לעצטע 15 יאָר געגאַנגען „מיט דער פּוטער אַראָפּ". אָבער ער האָט געפֿונען אין זיך אַלץ נייע כּוחות פֿאַר נייע פֿאַרמעסטן. ער האָט זיך ווידער פֿאַנאַנדערגעבליט מיט „ברידער אַשכּנזי", מיט די „דריי שטעט", דערנאָך מיט „משפּחה קאַרנאָווסקי" א.אַז.וו. ער האָט געמאַכט פֿאַר־שיידענע עקספּערימענטן, און אַדורכגעפֿאַלן און איין אויפֿפֿירונג, האָט ער גלייך זיך פֿאַרמאָסטן אויף אַן אַנדערער, וואָס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלע ענערגיע און נערוון קראַפֿט ער האָט געפּטרט אויף די אַלע פּרואוון ביי די זייער שווערע אומגינסטיקע באַדינגונגען, — דאָס ווייסן די אַלע, וואָס האָבן געזען ווי שווער און ביטער ער האָט זיך געראַנגלט. אָפּט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט „אָן אַ שטרוי" און געמיינט און געהאָפֿט זיך און זיין טעאַטער ראַטעווען. און וויפֿל קלעפּ ער האָט נישט געכאַפּט, אָפּטמאָל פֿון גאָר „אייגענע", פֿון כּלומרשטע

גוטע פריינד, האָט ער זיך אָבער שנעל „פאַנאַנדערגעטשוכעט" און ווידער אָנגעהויבן פון אָנפאַנג.

צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט ער געמיינט, אַז פון בוענאָס־איירעס וועט קומען די הילף; דאָס לעצטע יאָר האָט ער געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף מדינת ישראל, און ס'האָט געהאַלטן דערביי, אַז פון תל־אביב, פון ירושלים זאָל קומען די גאולה און די ישועה פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער.

אָבער דער מלאך המות האָט אים נאָכגעיאָגט.

שוואַרץ איז שוין געווען מיד, שטאַרק אויסגעשעפּט. ער האָט באַ־דאַרפט רוען, זיך צוריקציען פון זיינע אָנגעשטרענגטע, געשפּאַנטע פאַר־מעסטונגען וואָס זיינען געווען איבער זיינע כוחות.

און אין תל־אביב, וואו ער האָט געהאָפט אָנצוהויבן אַ גאָר נייעם קאַפּיטל אין זיין לעבן, אין זיין שאַפן, — דאָרט איז געקומען דער סוף, דער טראַגישער אָפּשלוס פון אַ לאַנגן אינטערעסאַנטן קאָלירפולן לעבן פון דעם מענטש־קינסטלער מאָריס שוואַרץ.

מיטן טויט פון מאָריס שוואַרץ ווערט פאַרענדיקט אַ וויכטיקע, גרויסע עפּאָכע אין דער געשיכטע פונעם בעסערן, פונעם גוטן יידישן טעאַטער.

און די געשיכטע פונעם יידישן קונסט־טעאַטער איז די לעבנס־גע־שיכטע פון מאָריס שוואַרץ, און די געשיכטע פון מאָריס שוואַרץ איז די היסטאָריע פונעם יידישן קונסט־טעאַטער. זיי פאָדערן, זיי פאַרלאַנגען אַן ערנסטע שטודיע.

וועלן מיר האָבן כוחות און מעגלעכקייטן אין אונדזער יידישער טעאַטער־וועלט אָנצוהויבן אַ נייעם קאַפּיטל? ווער ווייסט. און דעריבער איז מאָריס שוואַרצס אַוועקגיין — אַ זייער גרויסע אבידה.

אמת, אַ יעדער אַקטיאָר וואָס שפּילט, דאַרף זיין אונטער קריטיק. ס'דאַרף אָבער זיין דער ערלעכער קריטיקער, וואָס זאָל פאַרמאָגן די פאָלגנדע מעלות, פאַרשטיין טעאַטער, וויסן ווי אַזוי צו שעצן אַן אמתן טאַלאַנט און די הויפּט־זאַך, צו וויסן און פאַרשטיין ווען מ'דאַרף קענען אָנווייזן דעם אַקטיאָר וואו ער איז גוט, און וואו ער קען זיין בעסער, ער טאָר פאַר קיין פאַל ניט זיין פאַרטייאיש, דערמיט פירט מען אַ סך מאָל אַראָפּ דעם עולם פון גלייכן וועג, מ'טאָר פאַר קיין פאַל ניט שרייבן, אַז דער און דער איז גרויס, דערפאַר ווייל ער איז דער סטאַר פון טעאַטער, אָדער דער מענעדזשער וואָס קען באַלד סטראַשען מיטן אַרויסנעמען די רעקלאַמעס פון דער צייטונג, ניט

אין טעאַטער האָט זיך שוין צוליב דעם געשלאָסן, ווייל די שרייבער האָבן אין זייער קריטיק איבערטריבן... און דער עולם האָט זיי געכאַפּט ביי דער האַנט, אַזוי לאַנג ווי איך געדענק, האָבן די יידישע קריטיקער מער ווי צוויי ווערטער פאַר אַ קריטיק ניט פאַרמאָגט, „אָדער ער איז געווען אין פּלאַץ", אָדער „ער איז געווען קאָרעקט". — וואָס קאָרעקט? אין שפּילן? אין גרים? אין זיין האַלטונג? אין זיין קליידן זיך? אין זיין אויסטייטשונג פון דער ראָל? אין זיין שפּראַך? זייער קאָרעקט האָט קיינמאָל גאָרניט גע־מיינט. — זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט, אָנצואווייזן אויב דער אַקטיאָר האָט זיין כאַראַקטער געשאַפן ריכטיק, נאַטירלעך ווי אַ מענטש אין לעבן דאַרף זיין, וואָס פאַר אַ טיפּ־מענטש ער איז, פּאַסן אים די קליידער וואָס ער טראָגט פאַר דעם כאַראַקטער, איז זיין גרים דער פּאַסנדער פאַר דעם טיפּ וואָס ער שפּילט, איז זיין באַטאָנונג אַ ריכטיקע, און נאָך... אויף די אַלע וויכטיקע און נויטיקע פאַקטן, האָט זיך קיינער קיינמאָל ניט אָפּ־געשטעלט, האָב איך דאָס אַלע מאָל אָנגענומען אַז זיי ווייסן ניט, אָדער פאַרשטייען ניט, דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן יאָ געוואוסט, איז צו דערציילן דעם עולם, דעם אינהאַלט פון דער פּיעסע, גוט אָדער שלעכט, איז געווען לויט געשמאַק, און אַלע מאָל אויסגעלאָזט מיט דעם, אַז דער איז אַם פּלאַץ, און דער איז קאָרעקט. וואונדערט מיך גאָרניט, וואָס איינער פון דעם רעכטן פליגל, האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קריטיקער, און האָט מיט אַ לאַנגן קריץ פון זיין גיפטיקער פּען, פּרובירנדיק אומצוואוואַרפן דעם גרעסטן ריז וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, דעם אויפבויער פון דעם בעסטן יידישן טעאַטער אין דער גאַנצער וועלט. (אויף יידיש איז ניטאָ קיין גלייכן צו אים) ער פאַרבלייבט דער בעסטער יידישער אַקטיאָר אין דער וועלט.

איך האַלט דאָס פאַר אַ גרויס גליק, אַחוץ מיין פּערזענלעכע מיינונג אַלס אַ שוישפּילער פאַר די לעצטע 50 יאָר, האָב איך נאָך איינעם צו מיר וועלכער איז ערלעך גענוג צו זאָגן דעם אמת וועגן מאָריס שוואַרצן, און דאָס איז נחמן מייזיל, וועלכער האָט פּונקט ווי איך אַרויסגעבראַכט אמתע פאַקטן, און ניט פון פינגער אויסגעזויגן, ער איז געווען דערביי, פּונקט ווי אַ סך מאָל בין איך געווען דערביי. איז ווער ווייסט דעם אמת?

# דער איקוף טרויערט אויפן טויט פון מאָריס שוואַרץ.

איך גיב דאָס איבער ווי ס׳איז געדרוקט.

דער פריצייטיקער און אומדערוואַרטעטער טויט פון מאָריס שוואַרץ האָט אונדז אַלעמען אויפגעטרייסלט. מאָריס שוואַרץ איז געווען איינער פון די וואונדערבאַרסטע דערשיינונגען אין דער יידישער קולטור־שאַפערישער וועלט. אַ קינד פון אַ וואָלינער יידיש שטעטל, איז ער געקומען אַהער אין עלטער פון 10 יאָר און אַדורכגעמאַכט דעם שווערן און לײדנספולן וועג פון די אַלע יידישע עמיגראַנטן, וועלכע זיינען געקומען אַהער מיט 50־60 יאָר צוריק. ער האָט אויפגענומען די ליכט און שאָטן און אַדורכגעמאַכט די באַרג־אַרויפן און באַרג־אַראָפן פונעם היגן יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז צום באַוואונדערן, ווי ער האָט דערנאָך געקאָנט אַרויסוואַקסן אין אַזאַ גרויסער קאַלירפולער פערזענלעכקייט און אויפפירן ווי אַ שוי־שפילער און רעזשיסאָר די גרעסטע יידישע ווערק, ווי אויך די ווערק פון וועלט־קלאַסישן רעפּערטואַר. מען וועט לאַנגע יאָרן שטודירן און פאָרשן דעם וואונדערבאַרן שאַפונגס־וועג פון דעם פּשוטן יידישן יונגנמאַן, וועלכער האָט זיך דערהויבן און אויך דערהויבן דאָס יידישע טעאַטער.

די אבידה איז באַזונדערס גרויס, וואָס מיר שטייען איצט מיטן יידישן טעאַטער אין זייער אַ שווערער לאַגע, און מיר זעען נישט די כוחות, וועלכע זאָלן קאָנען ענדערן די שווערע לאַגע.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז מאָריס שוואַרץ איז געווען איינער פון די מיטגרינדער און טוער פונעם איקוף. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער איקוף־פאַרוואַלטונג. נישט איין מאָל האָט ער געגעבן פאָרשטעלונגען לטובת דעם איקוף.

פרעזידיום פון איקוף. — רעדאַקציע „יידישע קולטור״

צוליב פּינקטלעכקייט וויל איך דאָ פאַרצייכענען, אַז מאָריס שוואַרץ האָט אין די ערשטע 15 יאָר פון קונסט־טעאַטער, אויפגעפירט 134 פּיעסעס פון 72 מחברים. פון זיי זיינען 30 יידישע דראַמאַטורגן און 6 יידן־דראַ־מאַטורגן, „וואָס האָבן פאַרפאַסט זייערע ווערק אין אַנדערע שפּראַכן״. ווייטער קומען רוסישע דראַמאַטורגן — 8 דייטשישע — דריי פון זיי יידן! — 10 — יעקב גאָרדין. 10 — שלום עליכם. 8 — שלום אַש. 8 אָסיפּ דימאָוו.

5 פּרץ הירשבײן. 4 — לײוויק. 4 — דוד פּינסקי. 4 — ל. קאָברין. 4 — ל. אַנ־דרעיעוו. א.אַז.וו..

די גרעסטע צאָל פּיעסעס זײַנען אויפגעפירט געוואָרן דורכן קונסט־טעאַטער פאַר די יאָרן 1918־1933.

איך איז ווערט אָנצואווייזן, אַז אַחוץ דעם פילם, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געמאַכט אין יאָר 1925 אין וועלכן מײַן ווייניקייט באַטייליקט זיך דאָרט אין ז. ליבינס „געבראָכענע הערצער״, האָב איך אויך צו ווייזן אין וועלכע נאָך פילמען מאָריס שוואַרץ האָט געמאַכט און זיך אַליין אויך באַטייליקט.

1. „איך האָב אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר ערנסט שטודירט די פילם־קונסט. איך בין געוואָרן אַ גרויסער חסיד פון אָט־דעם נײַעם כּישוף־קונסט, וואָס קאָן ממש אויפטאָן וואונדער״.

די דאָזיקע באַמערקונג האָט מאָריס שוואַרץ געמאַכט אין אַ געשפּרעך מיטן שרײַבער פון די שורות מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען עס איז אַרומ־גערעדט געוואָרן זײַן קאַריערע אַלס אַ פילם־פּראָדוצירער און פילם־שוישפּילער.

„איך מוז צוגעבן״, האָט מאָריס שוואַרץ אונטערגעשטראָכן, „אַז דער טעאַטער איז מיר נעענטער ווי דער פילם. איך האָב דאָך אויפגעפירט און געשפּילט אין העכער הונדערט טעאַטער־פאָרשטעלונגען. סיי ביי די צו־גרייטונגען, סיי ביי די אויפפירונגען האָב איך געפיבערט מיט אינערלעכע איבערלעבונגען. דער קאָנטאַקט מיטן עולם האָט תמיד ביי מיר אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע באַגייסטערונג״.

מאָריס שוואַרץ האָט פאָרגעזעצט: איך האָב אַליין פּראָדוצירט אַ צאָל פילמען און האָב אָנטייל גענומען אין אַנדערע פילמס אַלס אַ שוישפּילער, און מײַן באַשיידענע דערפאַרונג האָט מיך תמיד געפירט צו באַוואונדערן די זעל־טענע מעגלעכקייטן, וואָס די קאַמערע גיט דעם שוישפּילער, און די הויכע קונסט, וואָס קען דערגרייכט ווערן אין פילמס דורך אַן ערנסטן צוגאַנג צו אָט־דער נײַער קונסט־פאָרם״.

„יעדער פילם״, האָט מאָריס שוואַרץ פאַרענדיקט דעם געשפּרעך, „מוז געבן דעם צושויער פאַרווײַלונג, אָבער גלײַכצײַטיק מוז ער אויך לערנען אים, אַז דאָס לעבן איז אַן ערנסטע שפּיל, וואָס קאָן געפינען איר אויסדרוק אין דער קונסט. יאָ, דאָס טעאַטער און דער פילם דאַרפן, דורך זײַערע באַ־זונדערע קונסט־מיטלען, העלפן בויען דאָס שיינע, אינהאַלטרײַכע לעבן״.

פונקט ווי אויף דער לעבעדיקער בינע, איז מאָריס שוואַרץ אויך אויפן געביט פון ערנסטן יידישן פילם געווען דער פּיאָנער, וואָס האָט דורך זיין אומאויסשעפּלעכער ענערגיע און גרויסן טאַלאַנט, באַרייכערט די יידישע קולטור דורך אַ צאָל וויכטיקע פילמס. און אָנטייל גענומען אין זעקס פילמס. זיי זיינען: 1) „יזכור״, לויט הערי סעקלערס דראַמע, רעזשי פון סידני גאָלדין, פּראָדוצירט אין 1924 אין ווין, עסטרייך, מיטן אָנטייל פון די שוישפּי־לער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, צווישן זיי: איזידאָר קעשיר, אליהו טענענהאָלץ, מאַרק שווייד, לאַזאַר פריד, חנה אַפּעל, בערטאַ גערסטין און משה שטראַסבערג. 2) „אָנקל מאָזעס״, לויט שלום אַש, רעזשי פון סידני גאָל־דין, פּראָדוצירט אין אַ סטודיאָ אין ניו־דזשוירזי, אין 1932, מיטן אָנטייל פון די שוישפּילער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, צווישן זיי: יעקב מעסטעל, מאַרק שווייד און יהודית אַבאַרבאַנעל. 3) „טביה דער מילכיקער״, לויט שלום עליכם, פּראָדוצירט און רעזשיסירט פון מאָריס שוואַרץ, לויט זיין איי־גענער סצענאַריאָ פון שלום עליכמס ווערק, אין ניו־יאָרק, אין 1939, מיטן אָנטייל פון: מאָריס שוואַרץ, מרים ריסעל, לעאָן ליבגאָלד, רבקה וויינ־טרויב, וויקי און בעטי מאַרקוס, יוליוס אַדלער, דוד פּאַפּער, משה שטראַסבערג, פּאָלאַ לובעלסקי, דוד הערים, סאל קרויזע, ש. לערער און העלען גראָסמאַן. מוזיק פון שלום סעקונדא. ענגלישע אויפשריפטן פון ל. קרישטאָל. אויך עטלעכע הונדערט סטאַטיסטן. 4) „שליחות קיין מאָסקווע״ (מישאָן טו מאָסקאָו), לויטן בוך פון דזשאָזעף דייוויס, געוועזענער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ספ״ב. פּראָדוצירט אין האָליוואוד, אין 1943, דורך די וואָרנער־ברידער. 5) „פויגלען פון גן־עדן״ (בוירדז אָוו פּאַראַדאַיז), פּראָדוצירט אין האָליוואוד, אין 1951, דורך דער „20 סענטשורי פּאָקס״, מיטן אָנטייל פון לואיס דזשאָר־דאָן, דעברא פּעידזשעס און דזשעף טשאַנדלער. 6) „שקלאַפן פון בבל״ (סלעיווס אָוו באַבילאָן), פּראָדוצירט אין האָליוואוד, אין 1953, דורך דער „קאָלאָמביאַ קאָמפּאַני״, מיטן אָנטייל פון ריטשאַרד קאַנטע און לינדאַ קריס־טשיען.

אַ באַקאַנטער שרייבער און טעאַטראַל, וועלכער איז געווען פאַרבונדן אין משך פון פיל יאָרן מיט דעם יידישן קונסט־טעאַטער און איז געווען אַ נאָענ־טער פריינד פון שוואַרצן, דערציילט, אַז מאָריס שוואַרץ האָט זיך אַרומ־געטראָגן מיט אַ טרוים אַריינצוברענגען די רייכע אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור קיין האָליוואוד. דער דאָזיקער טרוים האָט געהאַלטן ביים פאַר־ווירקלעכט ווערן אין 1934.

אין יענעם יאָר איז מאָריס שוואַרץ אָנגעקומען מיט זיין יידישן קונסט־טעאַטער קיין לאָס־אַנדזשעלעס, וואו ער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זיין „יאָשע קאַלב״. אין האָליוואוד איז מען אויך געווען באַקאַנט מיט שוואַרצס פילמס „יזכור״ און „אָנקל מאָזעס״, איז קיין וואונדער ניט, וואָס די „מעטראָ־גאָלדווין־מאַיער״ קאָנפּאַני האָט פאַרהאַנדלט מיט אים וועגן שאַפן אַ צאָל וויכטיקע פילמס. אין משך פון זיבן חדשים האָט מאָריס שוואַרץ געקראָגן געהאַלט ביי דער האָליוואוד־קאָמפּאַני און צוגעשטעלט איר פאַר־שיידענע פלענער פאַר פילמס, וואָס האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די די־רעקטאָרן. ליידער האָט זיך עס אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. דער דינאַמישער מאָריס שוואַרץ האָט געוואָלט שפּילן טעאַטער, שאַפן פילמס, און אין האָליוואוד האָט מען אים כסדר געבעטן וואַרטן. אַגב, איז אויך געווען אַ מניעה, וואָס דער שטאָלצער יידישער בינע־קינסטלער, מאָריס שוואַרץ, האָט, לויט די רייד פון דעם פריינד, בשום אופן ניט געוואָלט נאָכגעבן דער פילם־קאָמפּאַני און בייטן זיין נאָמען.

מאָריס שוואַרץ האָט מיט שווערן געמיט אויפגעגעבן זיין קאָנטראַקט מיט דער האָליוואוד קאָמפּאַני און זיך ווידער אַוועקגעלאָזט מיט זיינע שוי־שפּילער אויף זיין וואַנדער־וועג איבער דער וועלט.

2) אין די ערשטע דריי פילמס — „יזכור״, „אָנקל מאָזעס״ און „טביה״ — איז געקומען צום אויסדרוק אויפן לייוונט די פערזענלעכקייט פון מאָריס שוואַרץ: זיין ערנסטע באַציאונג צו דער יידישער ליטעראַטור, זיין אייגנ־אַרטיק — צייטנווייז ניט ריכטיקע — אויסטייטשונג פון דער טעמע, און זיין נאָענטע פאַרבונדנקייט מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן.

„יזכור״ איז געווען אַ פּאַטעטישע לעגענדע וועגן אַ ליבע צווישן דער טאָכטער פון אַ פּריץ אין וואָלין און אַ יידישן אָרעמען יונגנמאַן. שוואַרצס אויפפירונג פון דער דראַמע אויף דער לעבעדיקער בינע איז שטאַרק געלויבט געוואָרן אין אַמעריקע און אין אייראָפּע. דער פילם „יזכור״ איז געווען דער ערשטער יידישער פילם אין אַמעריקע פון אַן ערנסטן כאַראַקטער. ער איז געבראַכט געוואָרן צו די ברייטע מאַסן אין אַמעריקע, ווען ער איז געוויזן געוואָרן אין לאָועס טעאַטערס איבערן לאַנד, אין יאַנואַר 1925.

אין אַ לענגערער אָפּשאַצונג פונעם פילם „יזכור״, וואָס איז דערשינען אין דער ניו־יאָרקער „פרייהייט״, דעם 30טן יאַנואַר 1925, ווערט דערקלערט צווישן אַנדערן:

„דער פילם „יזכור" האָט אַלע סימנים פון אַ דערפאָלג... דער סוזשעט גופא רייסט מיט און וואַרפט אָן אויפן עולם אַ שטימונג פון פּאַטעטישן טרויער. אפילו די „אויסגעגרינטע" טעאַטראַלן, וואָס זיינען געווען (ביי דער פאָר־שטעלונג) האָבן זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן אונטערגעוויינט צו קאָפּעטשקעס. אויף די ניט־יידן דאַרף די מעשה מאַכן גאָר אַ שטאַרקן איינ־דרוק, ווייל אַחוץ דער שפּאַנונג... וועלן זיי געפינען אויך דעם רייץ פון פרעמדקייט, דעם צויבער פון אומבאַקאַנטן פאָלקלאָר"...

דער שרייבער פון דער רעצענזיע שטרייכט גלייכצייטיק אונטער, אַז דער פילם איז „אָרעם אין אויסשטאַטונג" און אַז בכלל גענומען האָבן די שוישפּי־לער פון יידישן קונסט־טעאַטער — אַלע טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן — ניט אַרויס־געוויזן „די אינערלעכע איבערלעבונגען" פון די העלדן, ווייל די נייע פילם־קונסט איז זיי נאָך געווען פרעמד.

וועגן מאָריס שוואַרצן אַליין דערקלערט דער רעצענזיע־שרייבער, אַז ער „האָט געמאַכט אינטערעסאַנטע פּרואוון אַריבערצוטראָגן די מעטאָדן פון לעבעדיקן שפּיל אויפן לייוונט".

„יזכור" איז געווען אַ שטומער פילם. מאָריס שוואַרץ איז אויך געווען דער פּיאָנער אויפן געביט פון יידישן קלאַנגפילם. זיין „אָנקל מאָזעס" איז געווען דער ערשטער ערנסטער יידישער קלאַנג־פילם.

די פּרעמיערע פונעם פילם „אָנקל מאָזעס" איז געגעבן געוואָרן פּסח־צייט 1932, אין דעם קלינטאָן טעאַטער אויף דער איסט־סייד אין ניו־יאָרק. בכלל גענומען האָט די קריטיק אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם אויך דעם פילם „אָנקל מאָזעס". אָבער אייניקע קריטיקער האָבן דאָס מאָל אויך דערמאָנט דעם הויפּט־חסרון פון „יזכור", אַז דער מואווי־געביט איז, קאָנטיק, נאָך פרעמד די שוישפּילער פון שוואַרצס טרופּע". אויך דאָס, וואָס די שטימען פון אַ צאָל שוישפּילער אין „אָנקל מאָזעס" זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער פילם־קונסט. קינסטלעריש איז אָבער „אָנקל מאָזעס" געשטאַנען פיל העכער פון די אַנדערע יידישע קלאַנג־פילמען פון יענער צייט.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ניו־יאָרק צו די „ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע וועגן „אָנקל מאָזעס" האָט דער שרייבער ל. מלאך דערקלערט:

„דאָס בילד (פילם „אָנקל מאָזעס") אין אַלגעמיין איז אימפּאָזאַנט, מיט אַ ברייטער האַנט אויסגעפירט און מיט באמת אַ פיינער פאַרטראַכטונג און פאַרטיפונג... די אַלע באַקאַנטע טיפּן, וואָס מיר באַגעגענען אין (אַשס)

ראָמאַנען און וואָס מיר האָבן געזען אויף דער בינע, נאָר מיט מער פּאַרנעם, מיט די ברייטערע מעגלעכקייטן, וואָס דער פילם גיט — צו מאַכן מער פּלאַץ פאַר דעם שאַפּ. די אַלערליי ווינקעלעך פון אַן אָפיס — דאָס אַלץ איז אויסגענוצט געוואָרן פון דער רעזשי" („ליטעראַרישע בלעטער", 3 יוני, 1932).

אין זיין קאָרעספּאָנדענץ אונטערשטרייכט נאָך ל. מלאך, אַז אין דעם פילם „אָנקל מאָזעס" האָט זיך איינגעגעבן מאָריס שוואַרצן און דעם רעזשיסער אַרויסצוברענגען אויפן לייוונט דעם סאַמע־עיקר אין אַשס ווערק. „די קאָנפליקטן זיינען בולטע", שרייבט מלאך, „און די אונטערגעשטראָכענע סאָציאַלע מאָטיוון קלאָר־אונטערשיידן זעען זיך אָן אויף שריט און טריט... חוץ דעם סאָציאַלן מאָמענט האָט זיך די רעזשי אויך באַמיט צו ברענגען דאָס פאָלקסטימלעכע ? דאָס יידישלעכע און דאָס איז איר אויך געלונגען... דעם הויך־פּונקט אין זיין קאַריערע אַלס פילם־פּראָדוצירער און שוישפּילער האָט מאָריס שוואַרץ דערגרייכט, אָן ספק, אינעם פילם „טביה". פאַר דעם פילם האָט שוואַרץ באַנוצט די מאָדערנסטע האָליוואוד־טעכניק און איינריכטונגען. אין דעם פילם „טביה" האָט זיך אָבער אָפּגעשפּיגלט שוואַרצס הויפּט־חסרון — אויך אויף דער לעבעדיקער בינע. אין דעם פילם האָט שוואַרץ כמעט ווי אינגאַנצן מקריב געווען שלום עליכמס וועלט־באַנעם. דער טביה, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געבראַכט אויפן לייוונט, האָט קיין שייכות ניט געהאַט מיט שלום עליכמס באַליבטן העלד.

וועגן שוואַרצעס טביה האָט דער באַוואוסטער טעאַטער־קריטיקער ג. בוכוואַלד דאַן געשריבן : „ס'איז אַ שטאַרקער פילם, וואָס וועט אייך האַלטן געשפּאַנט און אייך מאַכן צו וויינען. ס'איז אַ פילם, וואו די צענטראַלע ראָל (געשפּילט דורך מאָריס שוואַרץ) ווערט געשפּילט מיט טיפער פאַרשטענדעניש פאַר טביהן און מיט פיינער קינסטלערישער שפּירונג. ס'איז אָבער ניט „טביה דער מילכיקער", נאָר עפּעס אַנדערש און עפּעס ערגערס".

אין די דריי האָליוואוד פילמס האָט שוואַרץ געשפּילט בלויז מינדערוויכטיקע ראָלן. אין דעם ערנסטן פילם „די שליחות קיין מאָסקווע" האָט שוואַרץ געשפּילט די ראָל פון אַ דאָקטאָר. אין „פויגלען פון גן־עדן" — די ראָל פון אַ כישוף־מאַכער ביי אַ ווילדן שבט אין פּאַסיפיק. אין דעם אויבערפלעכלעכן ביבלישן פילם „שקלאַפן פון בבל" האָט שוואַרץ געשפּילט די ראָל פון דניאלן.

מאָריס שוואַרץ, דער קלאַסיקער פון דער יידישער טעאַטער־קונסט

אין אַמעריקע, איז זיכער ניט געקומען צום אויסדרוק אין די דערמאָנטע דריי האָליוואוד־פילמס.

3) מיטן טויט פון מאָריס שוואַרץ, דעם 10טן מאַי 1960, אין תל־אביב, ישראל, איז אויך געשטאָרבן זיין ניט פאַרווירקלעכטער טרוים. נאָך מיט אַ 23 יאָר צוריק, דעם 17טן דעצעמבער, 1937, האָט פרוי שלום עליכם פאַר־עפנטלעכט אין דער פרעסע אַ מעלדונג, וואָס האָט זיך געלייענט טיילווייז אַזוי: „איך וועל אָפיציעל באַשטעטיקן, אַז איך האָב פאַרקויפט צו מאָריס שוואַרצן שלום עליכמס פיר ווערק: „טביה דער מילכיקער", „שווער צו זיין אַ ייד", „דאָס גרויסע געווינס" און „סטעמפעניו" מיט די פולסטע רעכט צו מאַכן פון זיי יידיש־רעדנדיקע פילמס... שוואַרץ האָט אויף דער בינע זיך באַצויגן מיט יראת הכבוד צו שלום עליכמס ווערק און איך האָף, אַז אין פילם וועט עס אים געבן נאָך גרעסערע מעגלעכקייטן אַרויסצוברענגען קינסטלעריש שלום־עליכמס פאָלקס־העלדן".

אָנהויב 1959 האָט מאָריס שוואַרץ געשפּילט אין אַנדערסאָן טעאַטער אויף סעקאָנד עוועניו, ניו־יאָרק, „אַ לאָך אין קאָפּ", פון אַרנאָלד שולמאַן. דאָס איז געווען שוואַרצס לעצטע אויפפירונג אין ניו־יאָרק. יענעם יאָר האָט די גאָרע וועלט געפייערט, לויט דער איניציאַטיוו פון אַלוועלטלעכן שלום־ראַט, דעם הונדערטסטן געבוירנטאָג פון שלום־עליכם.

ס'איז געווען אַ מאָנטיק אָוונט. אַ מידער איז מאָריס שוואַרץ אַריין נאָך דער פאָרשטעלונג אין זיין גאַרדעראָב־צימער, וואו ס'האָבן אויף אים גע־וואַרט זיין פרוי און די באַרימטע שוישפּילערין בערטאַ גערסטין. שוואַרץ האָט לאַנגזאַם אַראָפּגענומען דעם גרים פון פּנים און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

„ווען האָליוואוד וואָלט נאָר געוואָלט... האָליוואוד פאַרמאָגט אַלץ — טעכנישע מיטלען, וואונדערבאַרע שוישפּילער, און אַמאָל אויך פאַרשטענ־דעניש... ווען האָליוואוד וואָלט בלויז פאַרשטאַנען אונדזער שלום עליכמען, זיין באַדייט פאַר דער וועלט. זיין באַדייט פאַר אונדז יידן, זיין באַדייט פאַר דער מענטשהייט... ווען האָליוואוד וויל, וואָלטן מיר צו שלום עליכמס הונ־דערטסטן געבוירנטאָג געקאָנט שאַפן קונסט־ווערק אין פילם, וואָס וואָלטן באַ־צויבערט מיליאָנען"...

# „אינטערוויוס מיט יידישע טעאַטראַלן".

פון מרדכי ירדני, וואָס איז געווען געדרוקט אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", דעם 30טן סעפּטעמבער 1955, פון וועלכער מיר נעמען אַרויס די פאָלגנדיקע אויסצוגן:



„די געשיכטע פון מאָריס שוואַרצעס קאַריערע, סיי ווי אַ שוישפּילער, סיי ווי אַ רעזשיסאָר, סצענאַריאָ־שרייבער, דראַמאַטיזירער, גרינדער און דירעקטאָר, פון יידישן קונסט־טעאַטער אין אַמעריקע, איז אַ אָפּענער בוך — אַ בוך, וואָס האָט שוין לאַנג געדאַרפט אָנגעשריבן ווערן. מחמת ניט יעדן טאָג אין דער יידישער אַמעריקע ווערן געבאָרן סיי מאָריס שוואַרצעס און סיי יידישע קונסט־טעאַטערס.

דער אויפשטייג דאָ פון מאָריס שוואַרצן, אַזוי גוט ווי פונעם געבורט פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, זיינען פונקט אַזעלכע חידושים אויפן האַרטן שטיינערנעם באָדן פון דער יידישער אַמעריקע, ווי עס איז דאָ געווען דער אויפשטייג און פאַנאַנדערבלי פון דער יידישער ליטעראַטור, ספּעציעל פון דער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט אַזויפיל באַרייכערט דער גאָרער יידישער ליטעראַטור אין דער וועלט; ווי עס איז דאָ געווען דער אויפשטייג און פאַנאַנדערוואוקס פון יידישע פאָלקס־כאָרן איבער גאַנץ אַמעריקע; אָדער דער אויפשטייג און פאַנאַנדערוואוקס פון די גרויסע פאָלקס־אָרדנס, פּאַרטייען, באַוועגונגען, קולטור־אינסטיטוציעס, צייטונגען, זשורנאַלן, גרויסע צאָלן יידישע טעאַטערס, דראַמאַטישע פאַראיינען, קלובן, לאַנדסמאַנשאַפטן וכדומה.

„דער גרויסער ביישטייער פון מאָריס שוואַרצן, הן ווי אַ שוישפּילער, הן ווי אַ רעזשיסאָר, סצענאַריאָ־שרייבער, דראַמאַטיזירער, גרינדער, דירעק־

טאָר, בויער און שאַפער פון יידישן קונסט־טעאַטער אין אַמעריקע צו דעם אַלגעמיינעם וואוקס און פּאַנאַנדערבלי פון דער יידישער טעאַטער־קונסט סיי דאָ־הי און סיי איבער גאָר דער וועלט, איז אַ קאַפּיטל, וואָס וועט פאַר־צייכנט ווערן מיט גאָלדענע אותיות אינעם יידישן קולטורעלן לעבן סיי פון אַמעריקע און סיי פון איבער דער וועלט.

זיינע פילע בינע־געשטאַלטן, ווי טוביה אין שלום עליכמס „טוביה דער מילכיקער", אָדער דוד שאַפּיראָ אין שלום עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד", דאָס שניידערל אין שלום אַשס „קידוש השם", און נאָך אַנדערע ענלעכע ממש סקולפּטאָריש־אויסגעהאַמערטע העלדן־פּאָרטרעטן פון דראַמעס, קאָמע־דיעס, און גרויסע ספּעקטאַקלען; זיינע רעזשיסאָרישע קרעאַציעס מיט גרופּן, מאַסן־סצענעס און איינצלנע שוישפּילער, ווי אין אַנסקיס „דיבוק", י. י. זינ־גערס „יאָשע קאַלב", אהרן צייטלינס „בעלעמער חכמים" און נאָך אַ סך אַנדערע דראַמעס, קאָמעדיעס און ספּעקטאַקלען, ווען אַלעמאָל ווייט־ווייט אַריבערוועגן די אַלע טענות, וואָס דער אָדער אַ צווייטער האָט אין פאַרשיי־דענע צייטן אַרויסגעשטעלט קעגן אים — אַמאָל מיט אמתער כוונה און אויפריכטיקייט, און גאָר אַ סך מאָל צוליב ריין פּערזענלעכע אינטערעסן, קנאה־געפיל און אַנדערע קליינלעכע פאַריבלען.

„מאָריס שוואַרץ האָט צווישן די סאַמע ערשטע, אויב ניט טאַקע דער ערשטער, אַריינגעטראָגן אויף דער יידישער בינע פון אַמעריקע אַ געהויבע־נעם קינסטלערישן טאָן; דעם ריינעם, געשליפענעם יידישן ליטעראַרישן וואָרט; דעם פיינעם שטעל; דעם געמאָסטענעם זשעסט און מאַניער, דעם פאַרקלערטן יידישן געדאַנק, שמועס, וויכוח, טאַנאַציע, ווי אַ שוישפּילער, און האָט צווישן די סאַמע ערשטע, אויב ניט טאַקע דער ערשטער, אַריינ־געפירט אויף דער יידישער בינע פון אַמעריקע עכטע יידישע אַטמאָספערע, שטייגער, קאָליר, יידישן גוסט און גייסט, טאַקט און וואָג, תנועה און לימיע, שטימונגען און געפילן, אָנרעגונגען און שטימונגען, פאַרלאַנגען און באַגערן, אידייען און אידעאַלן, יידישע חשיבות, ווירדע און ווערטן, ווי אַ רעזשיסאָר".

## מיט די בעסטע אַקטיאָרן

אַלץ איבערגעלייענט, אַלעמען אויסגעהערט, און אין גאַנצן ניט געווען צופרידן, ווייל אַז מ׳וויל וויסן דעם אמת, דאַרף מען אַלע מאָל זיין דאָרט וואו עס טרעפט.

מיר ווייסן אַז אַ סך יידן פאָרן נאָך ישראל ספּעציעל דאָרט צו בלייבן, איז ווי קומט עס וואָס מ׳האָט מאָריס שוואַרצן אַהיימגעבראַכט? דאָס האָט מען פאַרשוויגן.

ווען מיר זיך פאַר אַ ווייל אומקערן צום יאָר פון 1918 ווען מאָריס שוואַרץ האָט אָנגעהויבן אין דעם אירווינג פּלעיס טעאַטער, און שפּעטער אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, מיט וועלכע אַקטיאָרן ער האָט די אַלע יאָרן געשפּילט, ס׳איז דאָ ניט וויכטיק אויב זיי זיינען ביי אים, אָדער דורך אים געוואָרן גרויס, דער פאַקט איז, אַז ביי מאָריס שוואַרץ אין יידישן קונסט־טעאַטער, זיינען אַלע מאָל געווען די בעסטע יידישע אַקטיאָרן וואָס אַמעריקע האָט פאַרמאָגט, אום צו דערפרישן דעם זכרון פון דעם לייענער, וועל איך אויסרעכענען וויפל איך געדענק.

לודוויג זאַטץ, יחיאל גאָלדסמיט, לאַזאַר פריד, יעקב בן־עמי, מוני וויזענפריינד, יודל דובינסקי, פּאָול באַראַטאָוו, יוסף בולאָף, איזידאָר קעשיר, מישאַ גערמאַן, סעמיועל גאָלדענבערג, לעאָן פוקס, גוסטאָוו בערגער, מוני סערעבראָוו, יעקב מעסטעל, לייב קאַדיסאָן, מיכל ראָזענבערג, ציליע אַדלער, בערטאַ גערסטין, אַנאַ אַפּעל, העלען זעלינסקי, לאה נעמי, סטעלא אַדלער, שאַרלאָט גאָלדשטיין, ליזא זילבערט, אַנאַ טייטעלבוים, לוסי גערמאַן, ראָזעטאַ ביאַליס און אַ סך אַנדערע.

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז זיכער געווען נאָך מער ווי הונדערט אַקטיאָרן אין אַמעריקע וואָס האָבן געשפּילט מיט מאָריס שוואַרצן אין זיין יידישן קונסט־טעאַטער, און אין אַנדערע טעאַטערס, און ניט אַלץ האָב איך אפילו געקענט געפינען אין די צייטונגען, האָב איך איין מאָל באַשלאָסן אָפּצו־קלינגען מאַדאַם אַנאַ שוואַרץ, אפשר וועל איך מיך קענען עפּעס דערוויסן דורך איר, האָט זי מיך דורכן טעלעפאָן פאַרזיכערט, אַז איך ווייס מער וועגן מאָריס שוואַרץ ווי זי ווייסט, האָב איך איר גלייך געענטפערט: „אויב ניט אַלץ, וועל איך דאָס אויסגעפינען, ווייל איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן נאָך ישראל.

דעם 14טן אַפּריל 1961, 11 אַזייגער אין אָוונט בין איך אָפּגעשוואומען מיט דער ס.ס. אַטלאַנטיק, נאָך חיפה, דעם 27טן בין איך אַראָפּ פון שיף, און בין גלייך אָפּגעפאָרן אין אַ לעמאָזין נאָך תל־אביב.

איך בין געווען באַזאָרגט מיט אַדרעסן פון אַיעדן אָרט וואו איך קען זיך באַגעגענען מיט יידישע אַקטיאָרן, און דערפאַר אַזוי גיך ווי איך בין

געווען באַזאָרגט מיט מיין צימער אין דעם סאַוואָי האָטעל, בין איך באַלד אַוועק אין דער קאַפע כסיט.

די הויפּט־גאַס אין תל־אביב, איז ר״ח דיזינגאָף, וואו מ׳טרעפט אין די צענדליקע קאַפע־הייזער, וואָס געפינען זיך פוןביידע זייטן, אַלע אין דרויסן מער אויף די „טראָטואַרן״ ווי אין דער קאַפע, פון ערשטן בליק, האָט דאָס צו מיר אויסגעזען, ווי מ׳האָט זיי אַלעמען אַרויסגעשטעלט. אַזוי פיל בענקלעך מיט טישלעך, ווי מ׳זעט דאָרט איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס, האָב איך אפילו ניט געזען אין פּאַריז און ווין, צוזאַמען מיט אַטענס, גריכנלאַנד.

דער איינציקער קאַפע וואָס איז אַלע מאָל פאַרנומען מיט פּראָפעסיאָנעלע מענטשן, ווי מאָלער, שרייבער, טענצער, זינגער און איבער־הויפּט אַקטיאָרן וועלכע שפּילן טעאַטער אין עברית, איז די קאַפע כליט. ניט צו גרויס, דערפאַר האָב איך גלייך באַמערקט די גרויסע געמאָלענע בילדער וואָס הענגען דאָרט, געמאָלן אין טונקעלע פאַרבן, און ווען די קאַפע איז פול מיט מענטשן, זעט מען די בילדער ניט אַרויס, ווייל מ׳זיצט דאָרט כמעט אויף די ווענט, ווען ניט דאָס צעשפּרייטן זיך אין דרויסן, וואָלט מען דאָרט געקענט דערשטיקט ווערן, אויב אַ סך קענען דאָרט אַריין אפשר אַ צוויי טוצן מענטשן, און אַז מ׳זיצט שוין אין דרויסן, קען מען אָפטמאָל טרעפן דאָרט פאַרשיידענע מענטשן כמעט פון דער גאַנצער וועלט, אַזוי ווי אַמאָל אין ניו־יאָרקער ראָיאַל קאַפע. מער פון אַלץ וואָס האָט מיך שטאַרק געוואונדערט, איז דער אָפּטייל פון די יידישע אַקטיאָרן, וואָס מ׳טרעפט דאָרט, ווען איך בין אין אָוונט צוגעקומען צו דער קאַפע כסיט, האָב איך באַדאַרפט נאָך גיין אַ האַלבן „בלאָק״ ביז איך בין צו זיי צוגעקומען, אַזוי ווייט זיינען זיי אַוועק פון דעם פאַראַדנעם אַריינגאַנג, מיר האָט זיך אַלע מאָל געדאַכט, אַז די יידישע אַקטיאָרן זיינען דאָרט פרעמדע, ס׳האָט מיך אָפט דערמאָנט אין דעם אַמאָל ווען די אַקטיאָרן פון לאָקאַל נומ. 1 האָבן ניט געוואָלט זיך צוזאַמענטרעפן מיט די אַקטיאָרן פון לאָקאַל נומ. 5 איז מען אַלע מאָל געווען אַוועק איינער פון צווייטן פאַר מיילן ווייט... פּונקט אַזוי זיינען די יידישע אַקטיאָרן אין קאַפע כסיט, וואָס געפינט זיך אין תל־אביב, ווען מיר איז אויסגעקומען דאָרט צו זיין האָט זיך מיר געדאַכט, כאָטש מיר זיצן אין מיטן פון דער גרויסער גאַס, וואו טויזנטער פאַרשיידענע מענטשן גייען פאַרביי, האָבן מיר, די גרופּע יידישע אַקטיאָרן גאָרניט צו טאָן מיט דער

קאַפע, ווייל אונדזער טישל און בענקלעך זיינען אַזוי ווייט, ווי מיר וואָלטן גאָר קיין שייכות ניט געהאַט מיט דער פּראָפעסיע.

ביי מיין ערשטן באַזוך דאָרט, האָב איך געטראָפן, דעם פּאַרטרעטער הערש האַרט וועלכער איז געזעסן מיט זיין פרוי און געראויכערט אַ פּאַפּיראָס, ווייסנדיק אַז ער איז דער פירער פון דער יוניאָן, האָב איך מיך פאַר אים פאָר־געשטעלט. האָט ער אויף מיר געקוקט, ווי דורך אַ פּאָר גלעזערנע אויגן, זיין פּנים האָט זיך ניט באַוועגט, ווי אַ פּאַרגליווערטער האָט ער אויסגעצויגן זיין האַנט צו מיר צוגעבנדיק: „דאָס איז מיין פרוי”. זיין באַגריסן מיך איז געווען אַזאַ קאַלטער, ניט ווי איך וואָלט געווען אַ גאַסט פון אַמעריקע, נאָר ווי איינער וואָס איז דאָרט פאַרבייגעגאַנגען, און אים צוגעוואָרפן אַ באַגריסונג.

פּאַרשטייט זיך אַז ס׳האָט מיר גענומען פּאַרדריסן, טראַכטנדיק, „צוליב דעם האָב איך מיך באַדאַרפט יאָגן? אַזוי קאַלט, פאַרוואָס? ער האָט זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט, האָט ער אַרויסגענומען דעם פּאַפּיראָס פון מויל, און מיר אָנ־געוויזן אויף אַ בענקל. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט פּונקט אַנטקעגן אים, און געוואַרט, ביז ער וועט מיך עפּעס פרעגן . . . מענטשן גייען פאַרביי, צו מיר איז דאָס אַן איבעראַשונג, צוליב דעם וואָס מען זאָגט אַ קליינע מדינה, און דאָ זע איך קיין עין הרע אַזוי פיל מענטשן, מיר זיצן כמעט אויפן ״סיידוואָק״, הינטער אַ בלויען לויטערן הימל, מיט אַ סך עלעקטרישע באַלייכטונג און מ׳שווייגט, האָב איך אַ שמייכל געטאָן, ווען איך האָב געטראַכט, אָט דאָס זיינען די יידישע אַקטיאָרן אין ישראל? ענלעך האָט ער זיך געכאַפּט, אָדער דערמאָנט אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאַסט ביים טיש, האָט ער זיך גענומען פאַר מיר פאָרשטעלן, און דערביי ניט פאַרגעסן אַ ביסל צו איבערטרייבן, אַ געוואוינהייט פון אַ סך אַקטיאָרן, ווי ער וואָלט גערעדט צו איינעם, וואָס קען ניט קיין אַקטיאָרן, אָדער ווייס ניט, וואָס ס׳קומט פאָר אין דער פּראָפעסיע, מיינענדיק אַז וואָס ער זאָגט מיר, נעם איך דאָס אָן פאַר גוט געלט, צוערשט ווער און וואָס ער איז אין ישראל.

— איר פאַרשטייט, דאָ בין איך, ווי זאָל איך אייך זאָגן? ווי אייער גוסקין איז געווען אין אַמעריקע, ער האָט דאָרט פאַרטראָטן אייער יוניאָן, און דאָ פאַרנעם איך זיין אָרט, איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, אַז איך בין געווען ביי אייך אין ניו־יאָרק, און דער זעלבער גוסקין, האָט מיך שטאַרק געבעטן איך זאָל בלייבן, האָב איך געזאָגט ניין, איך פאָר קיין ישראל. ער

האָט מיך אַפילו געוואָלט פֿאַרזאָרגן מיט אַ „דזשאָב” ווי מ׳זאָגט ביי אייך, אמת ער האָט מיך זייער פיין אויפגענומען, מיר אַ פּאָר מאָל געזאָגט, אויב איך וויל בלייבן קען איך, ער וועט שוין מיך באַזאָרגן. ס׳איז אים פשוט געגאַנגען אין לעבן, איך זאָל דאָרט אַריין אין אַ טעאַטער, איך האָב ניט געוואָלט, צו־וואָס דאַרף איך דאָס, האָב איך אים געזאָגט, איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין מדינת ישראל. און איך וועל מיין באַשלוס ניט בייטן, איר פאַרשטייט דאָך פאַרוואָס? ווייל דאָ בין איך גוסקין, קאָן שפּילן וואו איך וויל... און ניט נאָר אין יידיש, נאָר אין וואָס פאַר אַ שפּראַך איך וויל, ווייסט איר אַז מיר האָבן דאָ פיר יידישע טעאַטערס און באַלד וועט זיין אַ פינפטער, און וואָס האָט איר? אין אייער רייכער אַמעריקע האָט איר דאָך גאָרנישט.

— וויפל טעאַטערס זיינען דאָרט געווען? ווען איר זענט געווען אין אַמעריקע.

— אַ סך, און דאָך, ניט געוואָלט בלייבן, איצט האָט איר גאָרניט, און מיר וועלן באַלד האָבן פינף טעאַטערס, ווייסט איר וויפל מענטשן עס זיינען באַשעפטיקט... נאָך עפּעס אײדער איך פאַרגעס, פאַרוואָס שיקט איר צו אונדז, אַזעלכע שלעכטע אַקטיאָרן פאַר סטאַרס?

— ווער שיקט?

— די יוניאָן.

— איר מאַכט אַ טעות, אַ סך מאָל ווייסט אַפילו ניט די יוניאָן, ווער ס׳איז געפאָרן צו אייך ביז זיי שרייבן, אַז זיי זיינען דאָ.

— און איך האָב געמיינט, אַז איר ווייסט יאָ ווער ס׳קומט אַהער.

— ווי אַזוי? אַזוי גיך ווי די טעאַטערס פאַרמאַכן זיך, צעלויפן זיי זיך און ווער ווייסט וואו זיי לויפן, מיט אַמאָל קומט אָן אַ בריוו, אַז דער איז דאָ, און אַ צווייטער איז דאָרט, דאַרף די יוניאָן זיין פאַראַנטוואָרטלעך וואו זיי זיינען אָדער וואָס זיי טוען.

איך האָב דאָס אַלץ געזאָגט, ווייל איך האָב געוואָלט וויסן וואָס ער וועט נאָך זאָגן וועגן אונדזער אַמעריקע, און וויפל ער ווייסט וואָס ס׳קומט פאָר ביי אונדז אין דער יוניאָן, און איבערהויפּט אין דער טעאַטער פּראָפעסיע, וועלכע איז פאַר זיי אין גאַנצן ניט קלאָר, איך האָב דאָס אַרויסגענומען דערפון ווען ער האָט געזאָגט, אַז ביי אונדז איז שוין גאָר קיין טעאַטער ניט פאַראַן.

— עס איז אמת, אַז מיר אין אַמעריקע, האָבן ניט מער קיין סך

טעאַטערס אָבער, ס׳איז נאָך זייער ווייט פון דעם וואָס איר זאָגט, אַז מיר האָבן שוין גאָרניט, מיר פאַרמאָגן נאָך פונקט אַזוי פיל יידישע טעאַטערס ווי אַ יעדער לאַנד אין דער וועלט, דער ענדערסאָן טעאַטער וואָס געפינט זיך אויף דער עוועניו, האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ גוטן סעזאָן, ס׳איז אויך פאַראַן אַ קלענערער טעאַטער, אויף איסט בראָדוועי, וואָס מאַכט ניט שלעכט, מיר האָבן אויך אַ פאָלקס־בינע, וואָס שפילט אַ לאַנגע צייט אַ פיעסע, דערצו האָבן מיר אין ניו־יאָרק, צוויי אָרגאַניזאַציעס, דער פאַרבאַנד, און דער אַר־בעטער־רינג, וועלכע באַשעפטיקן אַ יעדן סעזאָן אַ 12 ביז 14 אַקטיאָרן, וועלכע שפּילן ביז שפּעט אין חודש מאַי, דערנאָך הויבט זיך אָן דער זומער־סעזאָן, אמת דאָרט ווערן נאָר באַשעפטיקט די וואָס קאָנען זינגען און טאַנצן, און די וויל איך אַז איר זאָלט וויסן, זיינען אויך גוטע אַקטיאָרן, און ווי מ׳זאָגט ביי אונדז, זיי דאַרפן אויך מאַכן אַ לעבן, איז ווי אַזוי קאָנט איר זאָגן, אַז ס׳איז שוין גאָרניט ביי אונדז, ס׳איז טאַקע ניט דאָס וואָס ס׳איז געווען, איך געדענק ווען מיר האָבן געהאַט 22 יידישע טעאַטערס אין אַמעריקע, אַחוץ קלענערע וואָדעוויל טעאַטערס, ניו־יאָרק אַליין האָט געהאַט 12 גרויסע טעאַטערס, און די איבעריקע זיינען געווען אויף דער פּראָווינץ, וואו מ׳האָט געשפּילט גאַנצע סעזאָנען אין אַ יעדן שטאָט, דאָס האָט געמיינט גאַנצע 36 וואָכן, און דערנאָך ערשט איז מען אַרויסגעפאָרן גאַסטראָלירן. אין אייער טענה פריינד האַרט, אַז מיר שיקן אייך שלעכטע סטאַרס, קען איך אייך פאַר־זיכערן, אַז דאָס איז ניט דער יוניאָנס שולד, און אַזוי ווי די יוניאָן ווייסט ניט ווער און וואו זיי פאָרן, אַזוי קען זי ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, ווייל די געשעפטן וואָס די דאָזיקע זעלבסט־געמאַכטע־סטאַרס מאַכן, איז דאָס ניט דורך דער יוניאָן, מערערע מאָל, ווייסט אפילו ניט די יוניאָן, וואו זיי ווערן פאַרשוואונדן, און מיט איין מאָל קומט אָן אַ בריוו, אַז דער און דער געפינט זיך אין ישראל, ער שפּילט און מאַכט גלענצנדע געשעפטן, פאַרשטייט זיך אַז די יוניאָן איז מער ווי צופרידן, וואָס אַקטיאָרן שפּילן און מאַכן גוט. איר ווידער זאָגט, אַז זיי טויגן ניט, שטעלט זיך אַ פראַגע, פאַרוואָס מאַכן זיי דאָ אַזויפיל געלט? מיר מוזן זיי גלויבן, ווייל זיי קומען אַהער נאָך אַמאָל, און ווידער אַמאָל, און מאַכן ווידער, איז אויב זיי טויגן ניט, ווי איר זאָגט, פאַרוואָס ברענגט מען זיי? איך בין ניט זיכער אויב דאָ זיינען פאַראַן אַזעלכע מענעדזשערס, וואָס ווילן אַלע מאָל דערלייגן.

האַרט, פאַרצויגן דעם פּאַפּיראָס און האָט אַרויסגעבלאָזן דעם רויך, זיין

פרוי האָט געקוקט אויף אים, ווי איינע זאָגט, און דו האָסט גאָרניט וואָס צו זאָגן? האָט ער צונויפגעשנורעוועט זיינע דינע ליפּן, מיך אָנגעקוקט ווי ער וואָלט געזוכט אַ וואָרט, ער זאָל מיר קענען אַזוי טרעפן, אַז איך זאָל קיין ענטפער ניט האָבן פאַר אים, ס׳האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער שטויסט זיך אָן, אַז ניט אַלץ וואָס ער זאָגט, גלויב איך, אָבער נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ טעאַטער, האָט איר דאָרט אין אייער אַמעריקע?

— וואָס מיינט איר?

— איר שפּילט דאָרט, פאַר ווי רופט מען דאָס ביי אייך, „בענעפיטן".

— זיי באַצאָלן דערפאַר, און וואָס מיינט איר איז אויף דעם גרויסן בראָד־וועי? זיי שפּילן אויך פאַר פאַרקויפטע בענעפיטס, און איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, אַז ס׳איז זייער גוט געלט...

— מיר דאַרפן דאָס ניט, דאָ קומט מען צו דער קאַסע, און מ׳צאָלט פאַר בילעטן.

— אזוי איז אויך געווען אַמאָל ביי אונדז אין אַמעריקע, ווען יידן זיינען געקומען, ס׳איז דאַן געווען אַ צייט וואו ס׳האָט געשטראָמט מיט אימיגראַציע, ווי איצט דאָ.

— יאָ, דאָס איז געווען אַמאָל...

— און ווי לאַנג דענקט איר, וועט דאָס דאָ אָנהאַלטן? אַלע די וואָס קומען דאָ צו בלייבן, וועלן זיך זייער גיך אויסגרינען, זיי דאַרפן נאָר קענען די שפּראַך פון לאַנד, און איר זענט פאַרטיק מיט אייער טעאַטער, נאָר דאָ וועט זיין אַ סך ערגער ווי ביי אונדז, איר וועט קיין בענעפיטס אויך ניט האָבן, ווייל איר האָט דאָ ניט די אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווילן מאַכן געלט, צו העלפן ישראל.

— ווער זאָגט אַז מיר האָבן ניט קיין אינסטיטוציעס?

— דאָס האָב איך ניט געזאָגט, איך האָב געזאָגט אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָלן מאַכן געלט אַרויסצושיקן, צו וועמען? איך גלויב אַז אַלע יידן ביז דאַן וועלן שוין זיין אין ישראל.

— דאָס וועט נאָך נעמען זייער לאַנג.

— אַזוי האָבן מיר אויך געגלויבט, מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז ס׳וועט קומען אַזוי גיך, ווייסט איר אַז ס׳איז געווען אַ צייט, ווען אַקטיאָרן זיינען אַנגאַזשירט געוואָרן אין יאַנואַר פאַר דעם קומענדיקן

סעזאָן? מ׳האָט נאָך דעם סעזאָן ניט פאַרענדיקט, האָבן שוין אַ סך אַקטיאָרן געוואוסט, וואו זיי וועלן שפּילן דעם קומענדיקן סעזאָן, און ווען דער מע־נעדזשער האָט געוואָלט זיין זיכער מיטן אַקטיאָר, האָט ער אים געגעבן וויפל פאַרשוס ער האָט געוואָלט...

— וואָס איז דאָס?

— האַנט־געלט...

— אָ, דאָס ווייס איך.

— ניין מיין פריינד, די צייט וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן.

ער האָט ווידער געצויגן דעם פּאַפּיראָס, און אַרויסגעבלאָזן דעם רויך נאָך אַלץ קוקנדיק אויף מיר, ביז ער האָט אַ קורצן שמייכל געטאָן, מיט דעם האָט ער אפשר געמיינט, וועט ער אַלץ אַוועקמאַכן, און נאָך צוגעגעבן:

— און מיט וואָס פאַר אַ פּיעסן אייערע סטאַרס קומען אַהער.

— פאַרגעסט ניט, אַז זיי זיינען ניט מאָריס שוואַרץ.

איך האָב מיך אויפגעהויבן פון בענקל: „פאַר היינט גלויב איך וועט זיין גענוג, איך דאַרף נאָך מאָרגן מאַכן אַ טור, מ׳וועט מיך פירן ווייזן די שטאָט, וועלן מיר זיך זען אפשר מאָרגן, שלום״.

# מיינע טורן אין ישראל

פרייטאָג אין דער פרי, איז געווען מיין ערשטער טור, האָט מען מיך געפירט, אַרום דער נייער שטאָט תל־אביב, און אַרום דער אַלטער שטאָט אין יפה. ס׳האָט בלויז גענומען אַ האַלבן טאָג, ווייל פיר אַזייגער איז שוין שבת אין ישראל.

זונטאָג פרי איז געווען מיין צווייטער טור, און זיך צוריקגעקערט דינסטאָג פאַרנאַכט, איך האָב באַזוכט די פאָלגנדע געגענטן, טבריה, עכו, צפת, חיפה, און נאַזאַרעט. און פאַרשיידענע געגנטן וועלכע זיינען געווען זייער אינ־טערעסאַנט, דאָס האָט גענומען גאַנצע דריי טעג אַרומפאָרן, און דעריבער בין איך געווען אַ ביסל מיד, פונדעסטוועגן, אַזוי גיך ווי איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך מיך באַלד איבערגעטאָן, זיך אָפּגעפרישט מיט אַ שפּריץ, און אַוועק אין דער קאָפע.

ביים זעלבן טישל, האָב איך דאָרט געטראָפן אַחוץ דעם פאַרזאָרגער, פון די יידישע אַקטיאָרן אין ישראל, אויך אַנדערע, ווער זיי זיינען, האָב איך ניט געוואוסט, בין איך געבליבן שטיין פאַר אַ ליידיק בענקל, געוואַרט אפשר

וועט ער מיך פאַרשטעלן פאַר זיי, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען ווען זיי זיצן מיט אים מוזן זיי זיין אַקטיאָרן, אָדער מענטשן פון דער פּראָפעסיע, האָב איך געוואַרט, ביז ער האָט שטיל געזאָגט, „זיצט״.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט, און אַזוי ווי אַלע האָבן גע־שוויגן, האָב איך אויך געשוויגן. ער האָט ווידער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, מיך באַטראַכט דאָס מאָל אין זייטיק, ביז ער האָט מיך געפרעגט:

— וואָס האָט איר שוין געזען דאָ?

— געווען אַוועק פאַר דריי טעג, געזען טבריה, צפת, חיפה, עכו, נאַזאַרעט.

אַלע האָבן מיך אָנגעקוקט, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז זיי ווילן וויסן, ווער דאָס איז, האָב איך צוגעגעבן, פאַרשטייט מיין פריינד, איך בין ניט געקומען דאָ שפּילן טעאַטער, איך קום טאַקע פון אַמעריקע, פון דעם שטעטל ניו־יאָרק. און ווי איר האָט מיר מיט עטלעכע טעג צוריק געזאָגט, אַז ביי אונדז איז שוין קיין יידיש טעאַטער נישטאָ, פונדעסטוועגן, קען איך מיך פאַרגינען צו קומען אַהער און אָנקוקן דאָס לאַנד, נאָך מער אויך מאַכן אַ טור אַרום דער וועלט, אָבער צוערשט בין איך געקומען אַהער פאַר גאַנצע זעקס וואָכן, פון דאַנען וועל איך פליען נאָך איסטאַנבול. און פון דאָרט, נאָך גריכנלאַנד, דערנאָך איטאַליע. איך וועל מיך אויך אַריינכאַפּן אין עסטרייך, שווייצאַריע, פראַנקרייך, און פאַרענדיקן מיין רייזע וועל איך אין לאָנדאָן. ווייל דעם ערשטן אויגוסט דאַרף איך זיין אין ניו־יאָרק.

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט, און דער מר. האַרט, האָט אויף זיי גע־קוקט, ווי איינער וואָלט געזאָגט, איז דאָך ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, ערשט איצט האָט ער פריי גענומען שמייכלען, אָנגערופן זיי ביי די נעמען, אָבער ניט פאָרגעשטעלט, האָב איך גלייך גענומען פאַרשטאַרקן מיין פּאָזיציע, דערמיט וואָס איך האָב אַרויסגענומען מיינע אַלע בילעטן און שיפסקאַרטן, און זיי געוויזן, און האָב צוגעגעבן:

— איר זעט, פאַר אַלץ איז באַצאָלט אין פאָרויס, דאָס קען זיך נאָר פאַרגינען אַ יידישער אַקטיאָר פון אַמעריקע, פאַרשטייט זיך ווען מיר פאַר־מאָגן איצט מער טעאַטערס ווי מיר האָבן, וואָלט איך דאָס ניט געקענט באַוויזן, ווייל איך וואָלט אפשר געווען פאַרנומען.

זיי האָבן געשוויגן, ביז זיי האָבן גענומען רעדן אין פּויליש, בין איך גע־זעסן און זיך צוגעהערט, זיי זיינען געווען זיכער, אַז איך ווייס ניט וואָס זיי

רעדן, אין דער צייט איז דער קעלנער צוגעקומען, האָב איך אַלעמען גע־פרעגט:

— זאָגט וואָס איר ווילט. קיינער האָט גאָרניט געוואָלט נעמען. אדונים איין קאַווע פאַר מיר. ער איז אַוועק, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די אַלע וואָס זיצן דאָ, זיינען ברוגז אויף מיר, האָב איך געוואַרט, ביז מ׳האָט מיר געבראַכט די זייער ניט געשמאַקע קאַווע, און אַזוי גיך ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָב איך מיך אויפגעהויבן, צו אַלעמען געזאָגט שלום, און אַוועק.

גייענדיק אַהיים, האָב איך געטראַכט, וואָס פאַר אַן אַקטיאָרן זיינען זיי? און מיט אַזעלכע האָט מאָריס שוואַרץ באַדאַרפט שפּילן? זיינען זיי טאַקע אַזוי גוט? אָבער וואָס פאַר אַ מענטשן זיינען זיי? איך מוז מיך אַרונטער־כאַפּן אין דעם צווייטן קאַפע, וואו אַלע קומען זיך צוזאַמען אין דער פרי.

קאַפע נגע, געפינט זיך אין מוגרבי, אַ מאָדערנער סעקאָנד עוועניו, וואו אַלץ קומט זיך צוזאַמען, אַקטיאָרן, מוזיקער, טענצער, מענעדזשערס, בינע־אַרבעטער, קאַסירער, די וועלכע פירן די אַקטיאָרן, ווען זיי דאַרפן פאָרן שפּילן, די וועלכע הענגען אויס די אַפישן, די וואָס אַרבעטן אין די באָקס־אָפיסעס, אַלע ליגל־ און עצה־געבערס, וואָס און ווען מ׳וויל טרעפט מען אין דער קאַפע, אפילו פון אַנדערע שטעט די, וועלכע קומען פאַרדינגען זייערע טעאַטערס.

מיטוואָך 11 אַזייגער, בין איך געווען אין קאַפע נגע. אַ ביסל צו פרי. קיין סך מענטשן האָב איך דאָרט ניט געטראָפן, האָב איך צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן און זען וואָס פאַר אַ פּלאַץ דאָס איז, האָב איך אין אַ ווינקל געטראָפן זיצן דעם אַקטיאָר מאַקס פּערלמאַן, מיט זיין מענעדזשער, און נאָך אַ מאַן, ער האָט זיי געלאָזט זיצן און איז צוגעקומען צו מיר, האָבן מיר זיך פריינדלעך באַגריסט, און ער האָט מיך גלייך געמאַכט פילן, אַז איך בין ניט אין דער פרעמד, נאָך אידער איך האָב אים געוואָלט עפּעס פרעגן, האָט ער גלייך גערופן דעם קעלנער און באַשטעלט צוויי קאָניאַקס, מיט שוואַרצע קאַווע. מ׳האָט דאָס גלייך צוגעבראַכט, האָב איך צו אים געזאָגט:

— לאָמיר זיין געזונט.

— לחיים.

די גאַנצע צייט האָט ער געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט עפּעס ניט

געוועז זיכער, ביז ער האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט, האָט ער גענומען לאַכן, זאָגנדיק:

— מיר האָבן זיך געטראָפן אין ניו־יאָרק.

— נישט לאַנג צוריק.

— איר האָט אָנגעשריבן אַ בוך.

— יאָ.

— איצט האָב איך אייך ערשט דערקענט.

— וויבאַלד אַזוי, איז וואו איז דער קעלנער, זאָל ער דערלאַנגען נאָך צוויי.

— ניין. ערשטנס זענט איר אַ גאַסט, צווייטנס מוז איך שוין גיין, באַקענט אייך, דאָס איז מיין מענעדזשער שלמה ברייטשטיין, אַ גאַסט פון אַמעריקע מר. דענק, ווען ער וועט קומען אין טעאַטער, מאַכט פּלאַץ פאַר אים... שלום, מיר מוזן שוין גיין.

געבליבן אַליין. שוין אַ ביסל פריילעכער אויפן האַרצן, כאָטש געפונען איינעם וואָס קען מיך, איך קוק מיך ווידער אַרום, ס'איז שוין פאַראַן מער מענטשן ווי פריער, אָבער ניט קיין איינער וואָס איך קען, איך האָב זיי אַלעמען גענומען באַטראַכטן, געוואָלט דערקענען ווער ס'איז ווער, אָבער ווייס איך וואָס, אַז אפילו קיין איינער פון זיי, האָט צו מיר ניט אויסגעזעען ווי אַן אַקטיאָר, מ'האָט אויף זיי אַלץ געקענט זאָגן, נאָר ניט אַז דאָס זיינען אַקטיאָרן.

דעם צווייטן וואָס איך האָב דאָרטן געטראָפן, איז געווען דעם אימ־פּרעסאַריער יוסף ליכטענבערג, ווען איך האָב שוין געקענט פון ניו־יאָרק, ווען ער האָט אָפּגעמאַכט מיט מאָריס שוואַרץ צו שפּילן אין ישראל. ער ווידער האָט מיך באַגריסט, ווי ער וואָלט מיך דאָרט געזען אַ יעדן טאָג... האָב איך מיך דאָרט אַרומגעדרייט, ביז ס'איז געוואָרן אַזוי געפּאַקט מיט פאַרשיידענע מענטשן, ס'איז שוין פּשוט ניט געווען וואו זיך אַ קער צו טאָן, דערצו איז דער טומל געוואָרן גרויס, וואָס זיי האָבן גערעדט, האָב איך ניט פאַרשטאַנען, און אַזוי ווי איך האָב דאָרט קיינעם ניט געקענט, האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט ווי פון אַ ווילדן עולם, טראַכטנדיק, „וואָס פאַר אַ מין אַקטיאָרן זיינען זיי? ניט זיי ריידן, ניט זיי שמייכלען, אַלע גייען אַרום אַזוי אָנגעבלאָזן, איך בין דאָ ניט געקומען ביי זיי עפּעס אָוועקנעמען, ס'איז אַ גוטע זאַך, וואָס איך האָב ניט געפאָלגט דר. נ. סווערדלין, און

מ'ט זיך גאָרניט מיטגענומען, ווי ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז די אַקטיאָרן אין ישראל וועלן זיין גליקלעך ווען זיי וועלן טרעפן אַן אַקטיאָר פון אַמע־ריקע, איך זאָל ניט פאַרגעסן און מיטנעמען אַ פּאָר פּיעסן, און נאָך אַנ־דערע זאַכן וואָס איך דאַרף. אמת איך האָב אַלץ איינגעפּאַקט, אָבער ווי מ'וואָלט מיר אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין, פאָרסט דאָך פאַר עפּעס, נאָך וואָס זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ, מיט שפּילן? און ווידער, איך וועל דען האָבן צייט דערפאַר? איך וויל דאָך זען דאָס לאַנד, ווען וועל איך האָבן צייט פאַר פראָבעס, און אַנדערע זאַכן, ניין איך נעם גאָרניט, אין אַ טאָג פאָרן פאָרן, האָב איך אַלץ אויסגעפּאַקט. אָבער דאָ האָט מיך פאַרדראָסן עפּעס אַנ־דערש, איך בין דאָך צוליב עפּער געקומען, און אויסגעפינען קען איך נאָר דורך די אַקטיאָרן. איז קיינער ניט פריינדלעך צו מיר, איך ווייס ביי אונדז אין אַמעריקע, ווען אַן אַקטיאָר קומט נעמט מען אים אויף מיט אַזוי פיל פריינדלעכקייט, פון וואַנען ער זאָל ניט קומען, מ'לאַדט אים איין אין דער יוניאָן צו אַן אָפענעם מיטינג, מ'שטעלט אים פאַר אַלעמען פאָר, און ווען ער איז ניט אַזוי פינאַנציעל באַזאָרגט, זוכט מען צו מאַכן אַן אויפטריט פאַר אים, מ'זוכט זיך מיט אים צו באַקענען ניט נאָר אַלס מענטש, נאָר אויך אַלס קינסטלער, און דאָ, אפילו שוין נאָך מיין דערקלערונג, אַז איך בין דאָ ניט געקומען ביי זיי עפּעס נעמען, דאָך איז זייער אָנשטעל ווי איך וואָלט זיי דאָ געשטאַנען אין וועג, קוקן אויף מיר אַזוי מאָדנע, רעדן ניט, איז ניט, איך וויל דאָך עפּעס אויסגעפינען, האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט וואָס עס זאָל ניט זיין, איך מוז דאָ אַזוי לאַנג קומען אין דער קאַפע, ביז איך וועל טרעפן איינעם, ביי וועמען איך וועל קאָנען עפּעס אויסגעפינען, איך מוז וויסן וואָס איך וויל.

ווען איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט, איבערהויפּט נאָך אַ טור, בין איך באַלד געווען אין מוגרבי, באַדאַרפט זיין אין „צלומי ארדה״, ערדע פאָטאָס, וואָס געפינט זיך אין תל־אביב, רחוב פינסקר 2, אַ שפּאַן פון דער קאַפע נגע.

איין טאָג, ווען איך בין דאָרט געזעסן, גייט פאַרביי איינער, און באַ־גריסט מיך, מיין איך אַז ער קען מיך, גייט ער אָבער ווייטער, און איך בלייב שוין ווידער אַליין, ס'נעמט אָבער ניט מער ווי אַ פּאָר מינוט, קומט ער צו, זעצט זיך אַוועק, דערנאָך פרעגט ער:

— מעג איך?

— איר זיצט דאָך שוין.

— אָ, — גיט ער זיך אַ כאַפּ און וויל זיך אויפשטעלן.

— זיצט. מיט פאַרגעניגן.

— איר זענט אַן אַמעריקאַנער ?

— אַ ניו־יאָרקער.

— אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען, אפשר פון פאַך ?

— איר מיינט פון טעאַטער פאַך, באַלד אַ האַלב יאָרהונדערט.. איר גלויבט ניט.

— פאַרוואָס ?

— איך זע ווי איר שאָקלט מיטן קאָפּ.

— איר קוקט דאָס זיכער ניט אויס.

— איר מיינט, אַז איך זע ניט אויס ווי אַן אַקטיאָר ?

— חלילה, איר זעט ניט אויס, שוין צו זיין אַזוי לאַנג אין פאַך.

— פאַרוואָס ניט ?

— ווייל איר זעט אויס אַזוי יונג.

— אַ דאַנק פאַר דעם קאָמפּלימענט, און וואָס איז מיט מיינע ווייס־גרויע האָר, איך האָב אָנגעהויבן צו שפּילן יידיש טעאַטער אין 1912, איז ווי ווייט איז דאָס צו 50 יאָר ?

— און איך בין שוין אַזוי לאַנג אין יידישן טעאַטער, אַז איך האָב שוין פאַרגעסן, ווען איך האָב אָנגעהויבן, יאָ, שוין אַ סך יאָרן אַוועק, מ׳קאָן זאָגן, מיט אַ שמיץ אַריבער די 50, און קוקט מיך אָן.

— איר זעט אויס זייער פיין, נאַטירלעך ווערן מיר ניט יינגער...

— איך ווייס. — איז ער מיר אַריינגעפאַלן אין די רייד. — אָבער פאַר־עלטערט מיין פריינד, בין איך געוואָרן דאָ, ווער איך בין געוועזן, וואָלט גע־נומען צו לאַנג צו דערציילן, אָבער דאָס איז געוועזן אין וואַרשע, דאָ מאַכט מען פון מיר גאָרנישט, נאָך אַזוי פיל יאָרן שפּילן יידיש טעאַטער, געוועזן דאָס גאַנצע לעבן אַן אַקטיאָר, איך וויל שוין ניט רעדן, וואָס פאַר אַן אַקטיאָר, און וואָס איך בין אַמאָל געוועזן, אַ סך פון זיי האָבן זיך ביי מיר געלערנט, און דאָ פאַרשטעלן זיי מיר אַלע וועגן, אַז איך זאָל ניט קענען צוקומען צו אַ טעאַטער, זיי לאָזן מיך ניט צו, לאָך איך מיך אויס פון זיי, זיי זיינען יינגלעך, און וועלן קיינמאָל ניט זיין דאָס וואָס איך בין שוין געוועזן, אָבער טאַקע קיינמאָל ניט, איר האָט זיי שוין געזען שפּילן ?

— ניין.

— אַ שאָד, אַ שאָד. כאָטש ווי מ׳זאָגט, איר האָט גאָרניט אָנגעוואוירן, און זיי שפּילן... אוי ווילן זיי וויסן, וואו איך נעם אויסצוקומען, אָבער זיי וועלן דאָס קיינמאָל ניט וויסן, און ווי איר זעט לעב איך, פון וואָס ? דאָס דאַרף קיינער ניט וויסן, און אָט גרייט איך מיך צו אַ גרויסן אָוונט.

— זיינען מיר דאָך קאָלעגן, טאָרט איר מיר ניט אָפּזאָגן, און נעמען עפּעס.

— אָבער ניט קיין סך.

— וויפל און וואָס איר ווילט.

— גרישאַ, אַזוי רופן מיר אים, ווייל מיר קענען אים שוין אַזוי לאַנג. ער איז צוגעקומען. פאַר מיר אַ האַלבע פּאָרציע, ווייסט דאָך שוין וואָס איך וויל. ער איז אַוועק ברענגען זיין באַשטעלונג. קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער עסער, און דאָ האָב איך מיך שוין אַזוי צוגעוואוינט אַז וואָס ווייני־קער, וועל איך צו קיינעם ניט באַדאַרפן אָנקומען, ווייל איך האָב אַלע מיינע יאָרן ליב געהאַט צו געבן, און ניט נעמען.

— איר נעמט גאָרניט, ס׳איז פאַר מיר אַ כבוד.

— באַלד, באַלד, וועל איך האָבן מיין אָוונט, און מאַכן גענוג אויסצו־קומען פאַר אַ לאַנגער צייט.

— ווען וועט דאָס זיין ?

— אַזוי גיך, ווי אַלע וועלן פאַרענדיקן שפּילן, איצט זיינען זיי דאָך פאַרנומען, וואו אַ גאָרניט, איז איצט פאַרנומען, נו יאָ, אַלע שפּילן דאָ, אַזאַ פּנים האָט דאָס, איך מוז זיך אַרומדרייען, און זיי שפּילן טעאַטער, און איך טאָר נאָך גאָרניט זאָגן, ווייל איך וועל דאָך באַלד דאַרפן אָנקומען צו זיי, ניט אַלע, אָבער אַ פּאָר באַדאַרף איך, ווי לאַנג דענקט איר דאָ צו פאַר־בלייבן ?

— נאָך אַ פיר וואָכן.

— אַ שאָד, אַ שאָד. און אויספילן אַ גאַנצן פּראָגראַם, איז שוין צו שווער פאַר מיר, ווייזט אויס אַז אַזוי איז עס שוין, ווען מ׳קומט אין די יאָרן, מעג מען אפילו זיין אין אַן אייגן לאַנד, איז מען אַ פרעמדער.

גרישאַ דער וועיטער, האָט צוגעבראַכט אַ קאַווע, מיט צוויי קליינע זע־מעלעך. דאָס האָט געמיינט די האַלבע פּאָרציע, און ווען איך בין געווען אין אייראָפּע האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס מיינט אַ „קאָנטינענטאַל ברעקפעסט״,

האָב איך אים באַטראַכט אין דער צייט ווען ער האָט געגעסן. אַ קליין, דאַר מענטשעלע, וועלכער האָט אַוועקגעגעבן זיין יוגנט, זיין געזונט, און איצט, לאָזט מען אים אפילו ניט פאַרדינען, ער זאָל האָבן מיט וואָס אויס־צוקומען דעם טאָג, אַ טעאַטער־טראַגעדיע, פון וועלכער קיינער ווייסט ניט, ווייל ער איז שטאָלץ ביי זיך, פאַרט דער אַמאָליקער קינסטלער... און דאָס מאָל, ווייזט אויס, אַז ער האָט שוין מער ניט געקענט פאַרטראָגן, דערפאַר איז ער צוגעקומען צו מיין טיש, דאָס האָט נאָך מער צערייצט מיין אַפּעטיט זיי צו זען שפּילן, און אויסגעפינען וואָס פאַר אַ סאָרט קינסטלער זיי זיינען, איך מוז אָבער וואַרטן ביז שבת.

שוין זייענדיק אין ניו־יאָרק, האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון זיגמונד טורקאָוו, אין וועלכן ער האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז דער אַלטער אַקטיאָר, מיכאל קליין, איז שוין אויך נישטאָ. איך האָב דעם בריוו דערהאַלטן דעם 26טן דעצעמבער 1961, האָב איך לאַנג געקוקט אויף דעם נאָמען מיכאל קליין, טראַכטנדיק, אפשר איז ער דאָרט אויסגעאַנגען פון הונגער, ווער ווייסט ?

מיין ערשטן טור וואָס איך האָב געמאַכט אין תל־אביב, האָט מען זיך אויך אָפּגעשטעלט, צו זען דעם ב.צ.א. דאָס איז אַ פּרעכטיקע ציוניסטישע אינסטיטוציע, מיר איז דאָס שטאַרק געפעלן, און באַזוכנדיק דעם קאָנסעשיאָן פון געוויסע ישראל אַנטיקן, האָבן מיר אַ היים געשיקט פאַרשיידענע צאַצקעס, פאַרטיק געוואָרן האָט מען אונדז אַרויפגעפירט אויף אַ צווייטן עטאַזש, וואו ס'איז פאַראַן אַ גאַנצע רייע פון אַלע אַמעריקאַנער פּרעזידענטן, און די צוויי פון ישראל. מיט דוד בן־גוריון, אויף דעם עטאַזש איז אויך פאַראַן אַ קליינער טעאַטער, האָט מען אונדז אַריינגעפירט און געוויזן פאַרשיידענע בילדער, אַנווייזנדיק וואָס ישראל פאַרמאָגט און וואָס מ'טוט אַלץ אויף אין זין פון פּראָגרעס, איבערהויפּט זיינען דאָרט זייער שטאַרק אינטערעסאַנט די פּרויען וואָס פירן אייך דאָרט אַרום, און דערקלערן אַ יעדן וואָס זייער אַרבעט מיינט פאַר דער אינסטיטוציע, די וועלכע האָט אונדז אַרומגעפירט, איז אַ הויכע בלאָנדינקע, מיט אַ געשמאַקן יידישן שמייכל, און ווען איך האָב געקוקט אויף איר, האָט זי מיך צוגעפירט צו אַ גרויס פענצטער, און מיר געוויזן, וואָס פאַר אַ גרויסן טעאַטער זיי פאַרמאָגן אין גאָרטן, און צו מיר געזאָגט : „פאַרגעסט ניט צו קומען פרייטאָג נאַכט, ווען מיר פירן אַדורך

אַן עונג־שבת״. אַ פּאָר מאָל בין איך דאָרט שפּעטער געווען, און פון דעם עונג־שבת, געהאַט אַ סך פאַרגעניגן.

פאַרשטייט זיך, ווען איך בין געגאַנגען זען די ערשטע פאָרשטעלונג אין ישראל, איז געווען די פּיעסע „פּרנסה״ פון חנא גאָטעספעלד. בין איך געווען אונטערן איינדרוק, אַז מ׳שפּילט די פּיעסע אין גאָרטן, אַריינקומענדיק אין דער לאַבי איז נאָך פאַר מיר געווען צו פרי, ווייל מ׳האָט נאָך ניט פאַרענדיקט די ערשטע פאָרשטעלונג, בין איך אַרויף אויף דעם צווייטן עטאַזש, צו באַוואונדערן דעם עקסיבישאָן פון פאַרשיידענע קונסט־ווערק, וואָס געפינען זיך דאָרט, פון מאָלער און סקולפּטאָרן, אין דער צייט וואָס איך בין דאָרט געשטאַנען, האָבן זיך אויפגעמאַכט אַלע טירן, און די מענטשן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון טעאַטער, ווען אַלץ איז שוין געווען אַוועק, האָט זיך פון דער זייט, פון הינטער אַ דינעם פאָרהאַנג אַרויסגערוקט אין גרים מאַקס פּערלמאַן, און מיך באַגריסט אַריינפירנדיק אין גאַרדעראָב־צימער. אויך ער האָט מיך פאַר קיינעם ניט פאָרגעשטעלט, נאָר דערמאָנט זיין פרוי גוטאַ, ווער איך בין, ווייל זיי ביידע האָבן פאַרנומען דעם זעלבן צימער, און אַזוי ווי זיי זיינען שוין געווען גרימירט און אָנגעטאָן פאַר דער צווייטער פאָרשטעלונג, בין איך זיי ניט געווען אין וועג, בין איך דאָרט געשטאַנען, ווי זיי וואָלטן מיך פאַר וועמען אויסבאַהאַלטן.

אַ פאָר מאָל איז פּערלמאַן אַרויסגעלאָפן, און ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט צו זיין פרוי: „ס׳וועט היינט אויך ניט זיין וואו אַריינצולאָזן די מענטשן, אַזוינע געשעפטן מאַך איך״. האָט ער געזאָגט צו מיר, און ווידער איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן, וואָס האָט מיך געוואונדערט, ווי זיי האָבן מיך געזען זיך אַרומדרייען, און קיינער פון דער טרופּע האָט זיך ניט אינטערעסירט ווער דער פרעמדער איז, וואָס דרייט זיך אַרום אין סטאַרס גאַרדעראָב־צימער, בלויז איין עלטערער אַקטיאָר, האָט צו מיר אַ פאָר מאָל געשמייכלט, ווי איינער וואָלט געזאָגט, מיר ווייסן ווער איר זייט, נאָר צוגעקומען צו מיר איז קיינער, איך האָב גענומען פילן זייער מאָדנע, וואָלט איך געווען אין דרויסן, בין איך שוין לאַנג אויס די צייט, נאָר אַזוי ווי איך האָב זיי געוואָלט זען שפּילן, האָב איך געמוטשט וואַרטן...

ענדלעך איז פּערלמאַן אַריינגעלאָפן, און זיך גענומען גרייטן, באַלד טאַקע איז אַריינגעקומען זיין מענעדזשער, אים עפּעס געזאָגט, האָט ער אים אָנגעוויזן אויף מיר, בין איך שוין מיטן מענעדזשער אַרויס פון גאַרדעראָב און

נאָך אַ ווײַלע וואַרטן, האָט ער מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און אַרײַנגעפֿירט אין טעאַטער, וועלכער איז געווען איבערגעפּאַקט, אַ יעדער בענקל איז געווען פֿאַרנומען, האָב איך געמוזט וואַרטן ביז מ׳האָט געבראַכט אַ בענקל פֿאַר מיר, און דאָס אַוועקגעשטעלט ניט ווײַט פֿון דער בינע, אָבער אַזוי נאָענט אַז מענטשן האָבן זיך אַרומגעקוקט ווען איך האָב מיך דאָרט אַוועקגעזעצט. געוואַרט אַ ביסל.

ענדלעך האָט זיך די פּרעדסטאַוולעניע אָנגעהויבן, אַקטיאָרן האָבן זיך באַוויזן אויף דער בינע, מ׳האָט גערעדט, מ׳האָט געזונגען, מ׳האָט אַלץ געטאָן, צו מאַכן טעאַטער, אָבער מער ווי איין אַקטיאָר, האָב איך דאָרט ניט געזען, ער איז דאָרט אַלץ, און שפּילט פֿאַר אַלעמען, אָט איז ער טראַגיש, און באַלד ווערט ער קאָמיש, אַ מינוט שפּעטער, סטראַדאַיעט ער שוין און איז פֿאַרליבט, דאָ איז ער דער העלד, און זינגט, באַלד ווערט ער אַנעבעכל, און שרעקט זיך פֿאַר אַ שטרוי, פֿאַר אײַנעם וואָס טראָגט אַ דוירבי, און האָט אַ צעקאַליעטשעט פּנים, אַזוי שטעלן זיי זיך פֿאָר די אונטער־וועלט מענטשן פֿון אַמעריקע, פֿאַר שרעק זינגט ער אַ דראַמאַטישן „סאָנג״. ער איז דאָרט ניט נאָר דער סטאַר, נאָר טאַקע די גאַנצע פּרנסה״. די איבעריקע וואָס ווירקן מיט, טשוטשעלעס, פּלעקער, שטיפּטן. זיי נאָר אין אַ פּאָדעשווע אַרײַנקלאַפּן... וואָס טוט זיך דאָ? אָט דאָס רופֿן זיי טעאַטער? וואו איז פֿאַרלוירן געגאַנגען דער קאָנדוקטאָר חבר בליץ? אַ ראָל וואָס אַקטיאָרן האָבן זיך באַרימט געמאַכט, בײַ אונדז אין אַמעריקע. דאָ דרייט זיך אײנער אַרום, מיט אַ בלוי רעקל, און וואָס ער זאָגט, ווייס איך ניט, און פֿאַרשטיי ניט אַ וואָרט, ער זעט מיר אויס, ווי מ׳האָט אים געצוואונגען אַרויפֿצוגיין אויף דער בינע, און מ׳פּילט אַ צופֿרידנקייט, ווען ער גייט אַראָפּ. ענדלעך איז געפֿאַלן דער פֿאָרהאַנג פֿון ערשטן אַקט, דער זייגער איז באַלד 11.

איך האָב מיך אויפֿגעשטעלט, דער עולם גייט אַרויס פֿון טעאַטער, און איך קען זען, אַז די קאַפּאַסיטי דאָ איז אַרום 400, האָט מען זיך ניט געקענט אויסדרייען. ווען דער פֿאָרהאַנג איז געפֿאַלן פֿאַרן צווייטן אַקט, איז שוין געווען 12.15 און אַזוי ווי איך האָב מיך באַדאַרפֿט נאָך גרייטן פֿאַר אַ טור, דעם אַנדערן טאָג, בין איך באַלד אַוועק פֿון טעאַטער.

געווען פֿאַרנומען מיט אַרומפֿאָרן זען ישראל, דאָך קען איך ניט פֿאַרגעסן די פֿאָרשטעלונג, טראַכטנדיק אַז מיט אַזעלכע אַקטיאָרן האָט מאָריס שוואַרץ געשפּילט? אפשר אין אַ צווייטער פּיעסע וועלן זיי זײַן בעסער, ווער ווייסט, דאָס זאָל זײַן דאָס יידיש טעאַטער אין ישראל.

וויפל איך בין ניט געווען פאַרנומען האָב איך אַלע מאָל געפונען צייט, און בין געווען אין דער קאַפע, אפשר וועל איך פּאָרט ווען געפינען, וואָס האָט געשפּילט אין דער טרופּע, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט דאָרט צוזאַמענ־געשטעלט, דערפאַר בין איך דאָרט אַלע מאָל געווען אין אַן אַנדער שעה, ניט נאָר אין אַן אַנדער טאָג. איך האָב געוואָלט זיך טרעפן מיט מער אַקטיאָרן, אָבער גיי דערקען ווער ס׳איז דאָרט אַן אַקטיאָר, אַלע זעען דאָרט אויס דאָס זעלבע, ס׳איז בלויז פאַראַן אַן אונטערשייד, וואָס דאָרט דרייען זיך אויך אַרום אַ סך ברוין־הויטיקע, און אויך שוואַרצע, אַ גרויסע צאָל פון זיי זייַנען באַבערדלט, אַלע טראָגן דאָס העמד איבער די הויזן, צעכראַסטעט און אפילו ניט פאַרקאַמט, איז פאָלג מיך אַ גאַנג, וויפל מיילן מ׳דאַרף גיין ביז מ׳וועט דערקענען ווער ס׳איז צווישן זיי אַ יידישער אַקטיאָר, דערצו ריידן זיי דאָרט אַלע שפּראַכן פון דער וועלט, נאָר ניט קיין יידיש.

ס׳האָט מיר גענומען וויינקער צייט אויספאָרן דאָס לאַנד, ווי צו געפינען אַיין יידישן אַקטיאָר, וואָס זאָל מי רקענען אָנווייזן וואָס איך האָב געזוכט, ווייל מיט ווען איך האָב גערעדט מיט מאָריס שוואַרצן, האָבן זיי מיך אָנגעקוקט, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז די האָבן מיט אים ניט געשפּילט. ביז איין מאָל זיך איך אין דרויסן, ווייל פאַר דעם אינעווייניק האָב איך שוין פאַרלוירן מיין געדולד, קומט צו אייַנער, דאַכט מיר, אַז מ׳האָט מיך שוין פאַר אים איין מאָל פאַרגעשטעלט, באַגריסט מיך און פרעגט:

— מעג איך?

— מיט פאַרגעניגן, ביי אונדז זאָגט מען מיט „פּלעזשור״, זיצט.

— איך ווייס, ווי אַזוי מ׳זאָגט ביי אייך, כאָטש איך בין דאָרט קיין מאָל ניט געווען, דאָס הייסט איך האָב געזאָלט זיין, אין דעם איז שוין אַ לאַנגע צייט, אייערער אַ מענעדזשער האָט מיך געזאָלט ברענגען פון וואַרשע, ווען מ׳האָט דאָרט באַדאַרפט אויפמאַכן אַ נייעם טעאַטער.

— אַ וועלכן טעאַטער?

— איך געדענק ניט דעם נאָמען פון טעאַטער, איך ווייס בלויז אַז איך האָב ניט געוואָלט פאָרן, האָט מען געבראַכט איינעם מיטן נאָמען אַפּעל־בוים.

— איר מיינט דעם פּאָבליק טעאַטער.

— אַזוי דאַכט מיר הייסט ער...

— ניט מער, דער טעאַטער איז שוין געווען אַזוי קראַנק, אַז מ׳האָט געמוזט בייטן דעם נאָמען, איצט הייסט דער טעאַטער, דער ענדערסאָן.

— אַזוי גאָר, קענט איר פּרענציס אַדלער?

— פון די אַדלערס קאָן איך דאַכט מיר אַלעמען.

— איך האָב זיך מיט איר געטראָפן אין וואַרשע, איך קען כמעט אַלע די וועלכע זיינען געקומען גאַסטראָלירן אין וואַרשע. (ער האָט באַמערקט אויפן טיש איז געלעגן מיין בוך, האָט ער אויסגעצויגן זיין האַנט און גע־פרעגט:

— מעג איך דאָס זען?

— פאַרוואָס ניט. איך האָב אים געגעבן דעם בוך.

ער האָט אים צוערשט באַטראַכט פון אַלע זייטן, גענומען בלעטערן, זיך אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט, ווען ער האָט אויפגעמישט דאָרט וואו ס׳איז געווען אַ בילד, פון אַן אַקטיאָר אָדער אַקטריסע, צו דער זעלבער צייט, האָט ער אַ פּאָר מאָל אויך געקוקט אויף מיר, וועלנדיק פאַרשטיי איך פאַרגלייכן די טיפן וואָס ער האָט דאָרט געטראָפן פון מיר, ביז ער האָט געפרעגט:

— איז דאָס דער איינציקער בוך וואָס איר האָט?

— איך האָב נאָך אַ פּאָר.

— קען איך האָבן דעם בוך?

— פאַרוואָס ניט.

— וויל איך טאַקע וויסן, ווען וועט איר דאָ זיין נאָך אַמאָל?

— אויב וועגן אַ וויכטיקער זאַך, וועל איך אפילו אָפּלייגן אַ טור, איר זאָגט מיר ווען איר ווילט מיך זען.

— פאַר מיר ספּעציעל איז ניט וויכטיק, כ׳מיין ווען קומט איר אַהער נאָך אַמאָל, איך וויל אייך מיטגעבן אַ גערוס, מיר זיינען אין וואַרשע געוואָרן זייער גוט באַפריינדעט, דאָס איז טאַקע געווען אין יענער צייט, ווען מ׳האָט מיך געוואָלט האָבן פאַרן נייעם טעאַטער.

— אַ שאָד וואָס איר זענט דאַן ניט געקומען...

— צוליב געוויסע סיבות האָב איך ניט געקענט אַוועקפאָרן, איז אַפּעל־בוים געפאָרן, און אַזוי גוט געמאַכט.

— איר מיינט אין „באַיאַדעראַ״.

— יאָ, מיט זינאַ גאָלדשטיין, דאַכט מיר אַז פאַר איר האָט מען גע־בויט דאָס טעאַטער, האָט איר מיך באַדאַרפט צו יענער צייט, הערן זינגען,

גאָט וואָס פאַר אַ שטימע איך האָב געהאַט, איצט איז אויך ניט צום פאַר־זינדיקן, אָבער פאַרשטייט זיך ס׳איז ניט אַמאָל, איר דאַרפט ניט פאַרגעסן שוין אין דעם אַזוי פיל יאָרן.

— יאָ, שוין אַ סך יאָרן אַוועק, דאַכט מיר ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטן געווען דאָס טעאַטער האָט איצט אונטער זיך אַ גרויסע פאַרגאַנגענהייט, איך געדענק זייער גוט, די גרויסע סוקסעסן וואָס מ׳האָט דאָרט געשפּילט, און ווער ס׳האָט דאָרט געשפּילט, זייער גרויסע און גוטע אַקטיאָרן, איצט איז עס דער ענדערסאָן טעאַטער.

— אָט דאָס איז עס?

— יאָ. און ווער ס׳כאַפּט זיך נאָך איצט דאָרט אַריין, שפּאָרט נאָך אָפּ אַ שיינע עטלעכע טויזנט דאָלער דורך אפילו דעם קורצן סעזאָן וואָס זיי האָבן דאָרט.

— אַזוי? איר... מ׳שפּילט נאָך אַלץ טעאַטער אין אַמעריקע?

— און ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מ׳שפּילט ניט?

— די אַלע וואָס קומען אַהער, נו די סטאַרס ווי מ׳רופט זיי ביי אייך. (איך האָב אַ שמייכל געטאָן), — אַזוי האָבן זיי געזאָגט, אַז ביי אייך אין אַמעריקע, איז שוין מער נישטאָ קיין יידיש טעאַטער.

— פאַר זיי איז שוין זיכער נישטאָ.

— וואָס מיינט איר?

— פאַרשטייט, ס׳איז אַמאָל געווען גאַנצע דריי יוניאָנס, אַזוי פיל אַקטיאָרן זיינען געווען אין אַמעריקע, און אַחוץ ניו־יאָרק איז פאַראַן נאָך אַ פּאָר גרויסע שטעט, וואָס אַ סך פון זיין האָבן געהאַט מער ווי איין טעאַטער.

— וויל איך טאַקע וויסן, פאַרוואָס ריידן זיי אַזוי?

— ווייל אין אַמעריקע, קענען זיי ניט סטאַרעווען.

— פאַרוואָס?

— וואָס מיינט איר פאַרוואָס, ווער מיינט איר וועט אויף זיי אינוועס־טירן, אַ 12 טויזנט דאָלאַר אַ וואָך פאַר אויסגאַבן, און אַליין זיך דאָס אונטער־נעמען, דאַרף מען זיין אַזוי גרויס ווי מאָריס שוואַרץ.

— פון דעם האָב איך גאָרניט געוואוסט, ווען איך דאַרף ניט גיין, וואָלט איך נאָך געוואָלט פאַרברענגען מיט אייך, יאָ וועגן בוך, דאַרף איך אָפּ־נעמען . . .

— איך פאַרשטיי. גייט געזונט, איך וועל נאָך דאָ זיין.

— איז וויפל וועל איך אייך קומען ?
— מאַכט אייער אייגענעם פּרייז.
— וועל איך אייך מוזן זען אַ צווייטן מאָל, ווייל...
— גייט וואו איר דאַרפט, און זאָרגט אייך ניט, איך פאָר נאָך ניט אַוועק.
— שלום.

פאַר אַ ווײַלע בין איך געבליבן זיצן ביז דער טומל איז דאָרט געוואָרן ווי אַלעמאָל זייער גרויס, האָב איך מיך אויפגעהויבן, און דורך ר״ח פּינסקי, אַוועק ביז ר״ח דיזינגאָף, גייענדיק האָב איך מיך דערמאָנט, וואָס ס׳קומט אַלץ פאָר אין דעם קאַפע נגע, ווי מ׳רעדט איינער אויפן צווייטן, און באַלד באַגריסט מען זיך, און מ׳שמייכלט איינער צום צווייטן, ווי די ציגיינער, ס׳איז דאָרט אַ ווילדער יאַריד, און אַ סך זעען טאַקע אויס ווי ציגיינער.

## מיט יידישע שרייבער

פרייטאָג 12 אַזייגער בייטאָג, זיינען זיך די יידישע שרייבער, מיטן רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „היימיש״ צוזאַמענגעקומען אין קאַפע „חן״. וועלכע געפינט זיך אויף ר״ח דיזענגאָף 144, דאָרט האָט מען פאַר־בראַכט ביז אַרום צוויי אַזייגער, איז דאָס געווען די אינטערעסאַנטסטע פאָר שעה, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין תל־אביב.

איך האָב אָנגעקוואָלן פון דעם פאַרגעניגן וואָס דער רעדאַק־טאָר משה גראָסמאַן ז״ל, האָט געהאַט ווען ער האָט זיך אַרומגעקוקט און קוים געקאָנט אַרויסזאָגן: „וואָס פאַר אַ טייערע יידן מיר האָבן״. דערביי האָט ער אונטערגעשמייכלט מיט אַזאַ צופרידנהייט אַז זיין פנים איז באַלויכטן געוואָרן פון פרייד, אַ גרויסער שאָד וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אַזאַ איידעלן מענטשן.

אַ פרייטאָג אין דער פרי, קלינגט ביי מיר דער טעלעפאָן, און איינער פרעגט מיך: „קען איך רעדן צו הער דענק ?״ „איר רעדט צו מיר״, זאָג איך אים, „איך וויל אייך זען אַזוי גיך ווי מעגלעך״. פרעג איך אים: „מעג איך וויסן, מיט וועמען איך רעד ? און וואו ווילט איר מיך זען ?״ „און אַז איך וועל אייך זאָגן ווער איך בין, וועט איר מיך אַלץ מוזן פריער זען, איז וואו ווילט איר זאָל איך אייך טרעפן ?״ „מאַכט דאָס

אַרום 11 אַזייגער אין קאַפּע חן״. זאָג איך אים וואָס פאַר אַ קליידער איך וועל טראָגן, און ווי אַזוי ער קען מיך דערקענען.

11 אַזייגער בין איך צוגעקומען צו דער קאַפּע חן, איז ער מיר אַנטקעגנגעקומען, און מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— איר זענט דוד דענק?

— מיט וועמען האָב איך דעם כבוד?

— מיין נאָמען איז חיים אַבראַן, שלום.

— שלום...

— איך בין דער אימפּרעסאַריער פון דער רומענישער טרופּע.

— אין ישראל, שפּילט מען אויף רומעניש?

— ניין, מ׳שפּילט אויף יידיש, נאָר מיין טרופּע קומט פון רומעניע.

— ווי באַלד אַזוי, קומט אַריין.

מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין דעם זייטיקן צימער וואָס געפינט זיך דאָרטן, זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל, איך האָב געהאַט אַ פּעקל מיט ביכער, האָב איך זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש, האָט ער מיך געפרעגט:

— וואָס ווילט איר הער דענק?

— איך בין ערשט פאַרטיק געוואָרן מיט פרישטיק, אָבער מ׳קען דאָך ניט זיצן דאָ, און גאָרניט נעמען, וועל איך האָבן אַ קאַפּע, וואָס ווילט איר?

— דאָס זעלבע, אַחוץ טעאַטער פאַרשטיי איך, אַז איר גיט אייך אויך אָפּ מיט שרייבן.

— געטראָפן, אָט דאָ האָב איך מיין ערשטן בוך.

— קען איך אים זען?

— פאַרוואָס ניט.

איך האָב אויפגעמאַכט דאָס פּעקל, אַרויסגענומען אַ בוך, און אים דערלאַנגט, ער איז באַלד געוואָרן באַשעפטיקט מיטן בוך, האָט דאָס מיר געגעבן אַ געלעגנהייט, אים צו באַטראַכטן, אין דער צייט, האָט דאָס מיידל צוגעבראַכט צוויי קאַפּעס, האָב איך געטראַכט: „וואָס דאַרף ער מיך? און ווער האָט אים געשיקט צו מיר? און ווי אַזוי האָט ער געוואוסט מיין טעלעפאָן? אַז איך אַליין ווייס נאָך ניט, אין תל־אביב, איז נאָך אַ פּראָבלעם ווען מ׳דאַרף טעלעפאָנירן, איבערהויפּט פאַר איינעם וואָס קען נאָך ניט די שפּראַך, אין דער צייט איז ער פאַרטיק געוואָרן מיטן איבערקוקן דעם בוך, און ווען ער האָט אים אַוועקגעלייגט לעבן זיך, האָט ער געפרעגט:

— ווי לאַנג גייט איר פֿאַרבלייבן אין ישׂראל?

— ביז דעם 8טן יוני.

— געקומען פֿאַר געשעפֿט?

— ניט אָפֿיציעל, איך מאַך איצט אַ רייזע אַרום דער וועלט, האָב איך זיך צוערשט אָפּגעשטעלט אין אונדזער לאַנד, פֿון דאַנען וועל איך פֿאָרן ווייטער, איך דאַרף ערשט זיין אין ניו־יאָרק דעם 1טן אויגוסט.

— זאָגט מיר פֿריינד דענק, איז אפֿשר פֿאַראַן אַ מעגלעכקייט דורך אייך זיך פֿאַרבינדן מיט דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן אין אַמעריקע?

— פֿאַרוואָס ניט, די פֿראַגע איז, צוליב וואָס זוכט איר אַ פֿאַרבינדונג מיט דער יוניאָן פֿון אַמעריקע? וועגן וואָס האַנדלט זיך עס?

— וויפֿל צייט האָט איר?

— ביז אַלע וועלן זיך צוזאַמענקומען, מיר האָבן דאָ אַ זיצונג.

— וועל איך דאָס פּרובירן מאַכן קורץ, איך האָב פֿריער באַמערקט אייער בליק אויף מיר, ווייל איך אַז איר זאָלט וויסן, איך בין נאָך טאַקע יונג, אָבער איך האָב שוין אַ ים מיט דערפֿאַרונג אין דעם יידישן טעאַטער, אויך אין דעם רומענישן טעאַטער, שוין אַפֿילו אַרויסגעגעבן אַ בוך, אין רומעניש.

— וויבאַלד אַזוי, פֿאַרשטיי איך אַז איר זענט אַ רומענישער...

— אָבער איך בין שוין לאַנג דאָ, און פֿאַרנעם זיך די גאַנצע צייט מיט טעאַטער.

— איר מיינט יידיש טעאַטער?

— שוין אַפֿילו פּרובירט צו שפּילן אין רומעניש אויך, דאָס איז געווען אַ רעווי, אַ פּאָר נומערן זיינען אויך געווען אין יידיש, ווייל איך שרייב אַליין די ליריקס, דערפֿאַר אפֿשר האָב איך אַ סך שונאים, ווייל ניט אַלע מאָל קען מען אָנשרייבן אַ שלאַגער, דערפֿאַר זיינען מיינע אויפֿפֿירונגען, ווי מ׳זאָגט, מער מאָדערנע, איר פֿאַרשטייט מיין רעזשי איז אַנדערש, האָט איר שוין וועמען דאָ געזען שפּילן?

— אין פֿאַרשטעלונג, האָב איך שוין געזען...

— איך וויל אַוועק פֿון דעם אַלטן וועג, כאַפּן אַבי וועמען, אָדער אַבי וואָס, און גיין שפּילן, טאַקע דאָס האָט מיך געבראַכט צו אייך, איך וויל מיך האַלטן אַן עצה מיט אייך.

— וועגן וואָס?

— וועגן זיך פֿאַרבינדן מיט דער יוניאָן פֿון אַמעריקע.

— וואָס טוט איר איצט?

— איך פֿאַרענדיק שוין מיט דער רומענישער טרופּע.

— איר מיינט די, וואָס ליכטנבערג נעמט איבער?

— בין איך מיט זיי שוין פֿאַרטיק, דאַרף איך מיך צוגרייטן פֿאַר דעם נייעם סעזאָן.

— איז וואָס ווילט איר פֿון מיר?

— בלויז אייער פֿריינדשאַפֿט, איך זאָל האָבן צו וועמען זיך צו ווענדן, ווען איך וועל עפּעס דאַרפֿן פֿון אַמעריקע, אָבער דאָס ערשטע וויל איך אַז איר זאָלט מיך באַקענען מיט דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן.

— האָט איר מיין פֿריינדשאַפֿט, ווי אַזוי איז געווען דער סעזאָן?

— איך בין ניט קיין באַרימער, איך דאַרף נאָך אָפּשפּילן עטלעכע פֿאַרשטעלונגען, איז ווי ווייניק איך וועל איינגעמען, קען איך שוין ניט דער־לייגן.

— דאָס מיינט, אַז מ׳דערלייגט ניט, האָט מען פֿאַרדינט, אַזוי זאָגט מען ביי אונדז אין אַמעריקע, דאָס דערמאָנט מיך אין אַ וויץ, ס׳איז אַמאָל געקומען אַ מענעדזשער אין דער יוניאָן, און האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער דערלייגט צו פֿיל. האָט מען אים געפֿרעגט, „וואָס ווילסטו זאָל די יוניאָן טאָן פֿאַר דיר? וואָס איר זאָלט טאָן פֿאַר מיר, פֿאַרקלענערט מיינע אויסגאַבן. „און אַז מיר וועלן אַראָפּנעמען אַ געוויסע סומע, וועט דיר נאָך אַלץ אויסקומען צו דער־לייגן, ווי דו אַליין ווייזסט אָן, אַמווינציקסטן דריי הונדערט דאָלער אַ וואָך. „אויב נישט מער ווי דריי הונדערט דאָלער אַ וואָך, וועל איך נאָך אַלץ קע־נען מאַכן אַ לעבן״.

— פֿריינד דענק, אַזאַ עצה וואָלט איך באַדאַרפֿט. יאָ, וואָס קום איך אייך פֿאַרן בוך?

— דאָ מיין פֿריינד, קען איך ניט מאַכן קיין פּרייז, ווייל וואָס דער בוך קאָסט צו מאַכן אין אַמעריקע, קען מען אים דאָ ניט פֿאַרקויפֿן, נאָר ווער ס׳וויל אים האָבן, פֿאַרלאָז איך מיך אויף יענעמס יושר.

ער האָט אַוועקגעלייגט אַ בלעטל מיט אַ גרויסן ציפֿער, און געזאָגט:

— וועט דאָס דעקן?

— אַ דאַנק.

— איצט זאָגט מיר, וועמען קען איך ברענגען פֿון ניו־יאָרק?

פאַר אַ ווײַלע האָב איך מיך פאַרטראַכט. ביז איך האָב צו אים געזאָגט:

— גיט מיר אַ פּאָר טעג צייט, איך וועל צוערשט אָנפרעגן איידער איך זאָג אייך ווענען, און ניט פריער ווי זונטאָג וועט אַוועקגיין אַ בריוו.

— גוט. וואָס טוט איר מאָרגן?

— מאָרגן איז דאָך שבת.

— איך מיין אין אָוונט.

— בין איך פריי.

— ניין, איר זענט שוין ניט מער פריי, איך וויל אייך זען אין מיין טעאַטער מאָרגן אָוונט. איך וועל וואַרטן פאַר אייך אין טעאַטער.

— ס'האָט מיך געפרייט אייער באַקאַנטשאַפט.

— מיך אויך, זייט זיכער אַז איך וועל שוין אַלץ באַזאָרגן.

— אַ דאַנק, שלום.

***

איך האָב דעם שבת אין ישראל, געהאַלטן אַ הונדערט פּראָצענט, דער־פאַר בין איך אַרויס פרי פון מיין האָטעל, און גענומען אַ שפּאַציר צום טעאַטער, חיים אברון, האָט שוין געוואַרט, און ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער פריינדלעך געשמייכלט צו מיר, ער האָט מיך זייער וואַרעם באַגריסט, דערנאָך האָט ער מיך גענומען אונטער דער האַנט, און אַריבערגעפירט אויף דער אַנדערער זייט פון גאַס, און ביי אַן אָפענעם פּלאַץ, ווי אין אַן אַמע־ריקאַנער „קענדי סטאָר", געאָרדערט צוויי ביסלעך בראָנפן, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט נאָר געפרעגט פאַר פאַפּיראָסן, און ווען דער מאַן האָט דאָס צוגעבראַכט, האָב איך מיך אַרומגעקוקט, און זיך געוואונדערט, ווי מענטשן שטייען אין דרויסן און טרינקען, איך האָב געוואָלט באַשטעלן נאָך צוויי, האָט ער ניט געלאָזט:

— היינט זענט איר מיין גאַסט, איצט קומט אַריבער, — ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ זייטיקער טיר, איז דאָרט אַזוי ני־דעריק אַז איך האָב זיך געמוזט אָנבויגן, פון דאָרט אין דער טעאַטער קאַסע, וועלכע געפינט זיך אין אַ זייט, מיט אַ קליין פענצטערל וואו מען פאַרקויפט די בילעטן, וועלכע מ'רייסט פון אַ ביכל, און מען שרייבט אָן דעם דאַטום, דאָס יאָר, דעם פּלאַץ וואו צו זיצן, ער האָט מיך דאָרט פאַר־געשטעלט פאַר אַ זייער הויכן מאַן, וועלכער האָט זיך באַלד אויפגעשטעלט, ווען ער האָט אים געזאָגט ווער איך בין, ערשט איצט האָב איך זיך געוואונ־

דערט קוקנדיק אויף אים, ווי אַזוי קומט ער אַריין אַהער, און איצט וואָלט איך געשוואוירן, אַז ער האַלט אונטער דעם „סילינג" (די סטעליע). און ער האָט ווייטער גערעדט: „די גרעסטע און בעסטע מעלה, וואָס ער פאַרמאָגט, וואָס ער האָט ליב דאָס יידישע טעאַטער, כאָטש אַליין פאַרשטייט ער ניט אַ וואָרט יידיש. אויף אַ קליין טישל איז געלעגן אַ פרייע קאַרטע פאַר מיר, צוגעשפיליעט צו אַ פּראָגראַם. ווייל דאָרטן באַצאָלט מען פאַר אַ פּראָגראַם. ווען ער האָט דאָס מיר דערלאַנגט, און מיר געוויזן וואו איך דאַרף דערמיט אַריינגיין, האָט ער זיך אַ פּאָר מאָל אַנטשולדיקט: „איך האָב אַ באַשטעלונג מיט מיין פרוי, איך דאַרף איר באַלד טרעפן, וועט איר מיך מוחל זיין, וואָס איך קען ניט זיין איצט מיט אייך, מיר וועלן זיך זען מאָרגן אין דער נגע.

— אפשר, אויב איך וועל ניט זיין פאַרנומען, שלום.

איך האָב באַטראַכט דעם פּעס, וועלכער האָט זיך געלייענט: תיאטרון העולים בע"מ כרטיס הזמנה 354 לכ. מר. דוד דנק. 20/5/61.1 שורה 8, כסא 8.

די געביידע פון דעם טעאַטער איז זייער אַ גרויסע, געבויט פאַר אַ קינאָ, ניט פאַר יידיש, מ'ווייזט דאָרט פאַרשיידענע אַמעריקאַנער בילדער, נאָר ווי מיר האָט זיך געדאַכט, האָבן זיי ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיטן „סעלער" האָט מען דאָרט געמאַכט אַ שטיקל פּלאַץ פאַר יידיש טעאַטער, האָב איך פאַרדריסלעך געטראַכט, אויב אין יידיש דאַרף עס זיין אין דער ערד. דער אַריינגאַנג איז אַ זייטיקער, מ'דאַרף אַראָפּגיין עטלעכע טרעפּ, און ווען מ'איז ביי דער טיר, מוז מען זיך אַריינרוקן זייטיק, צוליב דער וואַנט וואָס געפינט זיך פונקט אין מיטן פון אַריינגאַנג, ס'מאַכט אַ ביסל נערוועז ווען מ'דאַרף אַדורכגיין... אַ הילצערנע פּאַסקע שווין מיט דער באַלקאָני, וועלכע פאַרמאָגט דריי רייען בענקלעך, מוז דאָרט זיין אפשר אַ 500 זיץ־פּלעצער, אָבער ביים ערשטן בליק דאַכט זיך אַז ס'איז פאַראַן אַ סך ווייניקער, בענקלעך אויף וועלכע מ'קען זיך נאָר צוזעצן, ווייל לאַנג זיצן אויף זיי קען מען זיך ניט אויפהויבן... דאָס איז דער יידישער טעאַטער־טעמפּל אין תל־אביב. און ס'איז אַלע מאָל פאַרנומען, ווייל די יידישע מענדעזשערס, אַנטשולדיקט, איך מיין די אימפּרעסאַריאָס, רייסן זיך איבער דעם... איך האָב פאַרנומען מיין נומער 8 פּלאַץ, און זיך גענומען אַרומקוקן, ווער דער עולם איז דאָ, אַזוי ווי קיין סך מענטשן זיינען ביי דער פאָרשטעלונג ניט געווען, אָבער גענוג צעוואָרפן אַז די אַקטיאָרן זאָל זיך דאַכטן אַז ס'איז אַ גרויסער עולם,

די קונץ לערנען זיי זיך גיך אויס, און וואַרטנדיק פאַר דער „פּרעדסטאַווּ־לעניע" ביז דער „זאַנאַוועס" וועט אַמאָל אַרויפגיין, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין געוואָרן מיט אַ יאָר 45 יינגער, און אפשר טאַקע מיט גאַנצע 50 יאָר, און איך בין אין בראָנזוויל, אין דעם אַמאָליקן „זינגער האָלל" און וואַרט פאַר דער פאָרשטעלונג, דערוויל באַמערק איך ווי איין פרוי וועלכע זיצט אין דער צווייטער רייע, נעמט עפּעס אַרויס פון אַ פּאַפּיר, און איז מכבד אַ צווייטער פרוי וואָס זיצט לעבן איר,ביידע פּאַסמאַקעווען זיך מיט עפּעס, און וועלנדיק זען וואָס דאָס איז, ווערט פינצטער אין טעאַטער.

דער קאַפּעלמייסטער איז אַרויסגעקומען, געבליבן שטיין, פּונקט אין מיטן, וואו די זעקס מוזיקער זיינען געזעסן, ער האָט באַלד אַ מאַך געטאָן מיט די הענט, און אויף גיך האָט מען אָפּגעטראַסקעט איין אָווערטיור, צו־זאַמענגעשטעלט פון די לידלעך, וואָס מ׳האָט דורכן שפּילן געזונגען אין דער פּיעסע.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, האָב איך די זעלבע פּיעסע געשפּילט מיט מאַלי פּיקאָן, האָב איך געוואוסט ווי אַזוי די פּיעסע הויבט זיך אָן, וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר, און ווי אַזוי מ׳דאַרף די פּיעסע שפּילן, און מיט וואָס זי באַדאַרף זיך ענדיקן, קענענדיק דאָס אַלץ, איז מיר דאָך געווען אינטערעסאַנט צו זען די יידישע אַקטיאָרן, ווי אַזוי זיי וועלן שפּילן די פּיעסע אין ישראל.

איבערהויפּט, ווען איך האָב געזען אויפן פּראָגראַם, אַז ס׳איז מיטן אָנטייל פון דער שוישפּילערין פון דער קיעווער און בוקאַרעסטער מלוכה־טעאַטער. האָב איך שוין פאַרשטייט זיך געוואַרט, ביז די פאָרשטעלונג וועט זיך אָנהויבן, דערצו בין איך דאָך אַן איינגעלאַדענער גאַסט, די אָווערטיורע, האָט זיך פאַרענדיקט, און דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, גלייך האָב איך באַמערקט, אַז אַלץ איז פאַרקערט, און די בעסטע אָריגינעלע סצענעס, האָבן דאָ אינגאַנצן געפעלט, איבערהויפּט די וועלכע איך האָב דערוואַרטעט צו זען, וואָס איך האָב געהאַט ווען איך האָב געשפּילט מיט מאַלי פּיקאָן. אַפילו דער אָנהויב פון דער פּיעסע גלייך ווי דער פאָרהאַנג איז אַרויף, האָב איך גלייך באַמערקט אַ נאַרישקייט, מ׳האָט דורך אַ נאַראַטאָר געלאָזט וויסן, וואָס אין דעם גרויסן ווערק וועט פאָרקומען, ווי אין טעאַטער וואָלטן געזעסן קעפּלעך קרויט... און דער אַקטיאָר וואָס איז אַרויסגעקומען מיטן צוגעשריבענעם מאָנאָלאָג, האָט דאָס געגעבן אַ זאָג אַראָפּ ווי איינער וואָלט זיך באַרימט: „נאַ, זע וואָס איך קאָן", איך האָב אַ קורצן שמייכל געטאָן,

פון דעם קינדערשן איינפאַל, איין אַקטיאָר דאָרט, האָט יאָ געמאַכט אַן איינדרוק, האָט ער זיך אָבער באַנוצט מיט אַ סך ביליקע קונצן, האָט דאָס אָבער אים געפּאַסט, ער איז זיכער געווען בעסער און מער אויסגעהאַלטן, ווי דער, וועלכער האָט מיט אונדז געשפּילט אין ניו־יאָרק. דעם איינדרוק וואָס די גאַנצע שפּיל האָט אויף מיר געמאַכט, ווען איך בין ניט קיין גאַסט, וואָלט איך נאָכן ערשטן אַקט אַוועק פון טעאַטער, און קיינער וואָלט אַפילו ניט געוואוסט, אַז איך בין דאָרט געווען, אַזוי אָבער, האָב איך נאָך באַדאַרפט אַרונטערגיין הינטער דער בינע, ווייל מ׳האָט זיי געלאָזט וויסן, אַז איך בין דאָ אין טעאַטער, האָב איך מיך מיט אַ פּאָר באַגריסט, זיי אַלעמען גע־וואונטשן סוקסעס, און באַלד פאַרלאָזט.ביים אַרויסגיין פון הינטער די קוליסן, האָב איך געטראָפן שטיין די גלאַוונע שוישפּילערין, מיט איר מאַן, האָב איך פאַרשטאַנען אַז זיי וואַרטן אויף מיר, האָב איך זיי באַגריסט, און זיך גוט איינגעקוקט אין איר, מוז איך צוגעבן, אַז הינטער דער בינע, האָט זי אויסגעזען אַ סך שענער, יינגער זיכער ווי אויף דער בינע, אַ שאָד וואָס זי מאַכט קאַליע שמינק, האָב איך דאַן געטראַכט, ווינטשענדיק איר, אַז נאָר איין גאָט זאָל איר העלפן. פריער אָדער שפּעטער, וועט זי דאָס זיכער דאַרפן.

איך האָב זיי פאַרלאָזט, און גלייך פאַרגעסן, וואָס איך האָב דאָרט געזען, זונטאָג פרי האָב איך באַשלאָסן וואָס צו שרייבן אין דער יוניאָן, ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן בין איך אַוועק אין קאַפע נגע, איך האָב מיך אַוועקגע־זעצט ביי אַ טישל, ס׳איז צוגעקומען דער אַקטיאָר, וואָס האָט גענומען דאָס בוך ביי מיר. „זיצט״. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, און מיר גענומען דערציילן פון זיין גרויסקייט, וואָס ער איז אַמאָל געווען, און ווייל איך האָב אים גע־לאָזט רעדן, איז ער געוואָרן מער פריינדלעך צו מיר, דערלאַנגענדיק אַ צע־טעלע, איך זאָל דאָס, למען־השם ניט פאַרגעסן, און דאָס איבערגעבן, ווען איך וועל זיין אין ניו־יאָרק. איך האָב דאָס ביי אים גענומען, געזען צו וועמען דאָס איז, האָט ער מיך געפרעגט, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דער־מאָנט:

— איר זענט נעכטן געווען ביי אונדז אין טעאַטער?

— יאָ, אָבער איר האָט ניט געשפּילט.

— ניין, אין דער פּיעסע בייטן מיר זיך, דערפאַר אָבער אין דער פּיעסע וואָס גייט די וואָך, מוז איך שוין שפּילן, ס׳איז געווען די ערשטע פּיעסע, מעגט איר דאָס זען.

— אויב איך וועל זיין אין תל־אביב דעם טאָג, פאַרוואָס נעמט איר ניט עפּעס? — ער האָט זיך אַרומגעקוקט. — ווייסט איר אפשר, ווי אַזוי איך קען צוקומען צום שפּיטאָל וואו מאָריס שוואַרץ איז געווען?

— איר מיינט, דעם ביילינסאָן שפּיטאָל.

— דאָרט טאַקע גלויב איך, איז ער געווען.

— זיכער דאָרט, מ׳דאַרף צופאָרן, ווייל ער געפינט זיך אין פּתח־תקוה.

— איך בין שוין דאַכט מיר אַ פּאָר מאָל דורכגעפאָרן, נאָר ווי אַזוי מ׳פאָרט פון דאַנען, ווייס איך ניט, און אַמאָל טרעפן אַזעלכע, מיר זאָלן זיך ניט פאַרשטיין, וועט מיין פאָרן זיין אומזיסט.

— איך פאַרשטיי, אויב איך האָב ניט קיין פּראָבע דעם זונטאָג, וועל איך מיט אייך צופאָרן, זונטאָג איז דאָרט דער בעסטער טאָג.

— ווען וועל איך דאָס וויסן?

— דורך דער וואָך.

— גוט, אָבער פאַרוואָס נעמט איר ניט עפּעס?

— דאָס זעלבע וויל איך אויך. וואו איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן?

⁂

אין אָוונט האָב איך צוגעגרייט מיין פּראָגראַם פאַר דער וואָך, ווייל איך האָב באַדאַרפט זיין אין די פאָלגנדע פלעצער, מאָנטאָג און דינסטאָג, אין אילאַט. מיטוואָך אין רחובות, און אין הדר־רמתים. דאָנערשטאָג אָוונט אין פּתח־תקוה. ביי פריינד.

פרייטאָג בין איך געווען אין קאַפע נגע, אים געטראָפן, האָבן מיר זיך באַשטעלט, פאַר זונטאָג 9 אין דער פרי, באַלד איז אָנגעקומען דער אימ־פּרעסאַריער מר. ליכטענבערג, דערהערנדיק וועגן וואָס מיר רעדן, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— ווייסט איר, אַז איך בין דער איינציקער, וואָס האָב אַ בילד פון מאָריס שוואַרצן, מען האָט דאָס גענומען ביי גאָלדע מאיר אין הויז, ווען מיר האָבן געשפּילט אין ירושלים.

— אַזאַ בילד זוך איך, קען איך דאָס האָבן?

— מער ווי דאָס איינציקע בילד האָב איך ניט, נאָר אויב איר ווילט, וועל איך אייך געבן דעם אַדרעס פון דער סטודיאָ, דעם נומער פון דעם

בילד, און ווען איר וועט זיין אין ירושלים, קענט איר דאָרט קריגן וויפל איר ווילט.

— ווען וועל איך דאָס אַלץ קריגן?

— שוין, זיי אַזוי גוט. — האָט ער געזאָגט צום אַקטיאָר, — כאַפּ זיך אַרויף צו מיר אין הויז, און זאָג מיין פרוי, זי זאָל דיר געבן דאָס בילד פון שוואַרצן, און ברענג דאָס אַראָפּ.

ער איז באַלד אַוועק, און ס'האָט ניט גענומען לאַנג, איז ער געווען צו־ריק מיטן בילד, האָב איך דאָס באַטראַכט, אַרונטערגענומען דעם אַדרעס פון דער סטודיאָ „ראָס פאָטאָ", ר"ח הנביאים 43, ירושלים א/8 1155־62884. פאַרטיק געוואָרן האָב איך אים געדאַנקט:

— ס'איז ניט קיין שלעכט בילד, אַלע זיינען דאָ אַרויסגעקומען גוט, מאָנטאָג וועל איך דאָרטן זיין.

— טרעפן מיר זיך זונטאָג פרי. — האָט דער אַקטיאָר צו מיר געזאָגט. — שלום.

ער איז אַוועק, בין איך נאָך פאַר אַ ווילע פאַרבליבן, זייער צופרידן, וואָס איך האָב שוין אַ שפּור, צו דעם וואָס איך זוך, איך האָב פאַרלאָזט, און אַוועק צו דער קאַפּע חן, וואו קאָלעגן שרייבער קומען זיך צוזאַמען.

## שוואַרץ אויף ווייס

זונטאָג בין איך געווען פונקט 9 אין דער פרי, וואו מיר האָבן זיך באַ־שטעלט, ער איז אויך געווען אין צייט, זיינען מיר אַוועק נעמען דעם אויטאָבוס, וועלכער האָט אונדז אַוועקגעפירט נאָך פּתח־תקוה, מיר זיינען אַראָפּ, ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון דעם שפּיטאָל, האָט ער גענומען לויפן, און איך האָב אים באַדאַרפט אָניאָגן, ביז צום אייזערנעם טויער, וואו מיר האָבן באַדאַרפט אַריינגיין, ער האָט עפּעס געזאָגט דעם וועכטער, האָט ער מיך אָנגעקוקט און גלייך אַדורכגעלאָזט. פאַרן „דעסק" וואו מיר זיינען געשטאַנען, זיינען דאָרט געווען צוויי קראַנקן־שוועסטער, האָט ער זיי עפּעס געזאָגט, האָבן זיי זיךביידע איבערגעקוקט, דערנאָך געמאַכט אַ פּאָר באַמערקונגען, מיך באַטראַכט און באַלד איז איינע פאַר־שוואונדן געוואָרן, מיר וואַרטן, די וועלכע איז געבליבן זיצן, איז שוין פאַרנומען מיט אַנדערע מענטשן, וואָס פרעגן פראַגן, און זי ווערט גלייך פאַרנומען זוכנדיק אין די ביכער, וואָס ליגן אויפן „דעסק", אָנגעוואָרפן,

איך באַטראַכט אַלץ וואָס דאָ טוט זיך אַרום אונדז וואַרטנדיק פאַר דער צווייטער קראַנקן־שוועסטער, און איך כאַפּ מיך גלייך, „וואָס קען איך שוין דאָ אויסגעפינען, ווען ס׳איז שוין אַריבער אַ יאָר? מ׳האָט דאָך אים שוין געשטעלט אַ מצבה, און ווער ווייסט, צי זי וועט אינגאַנצן צוריקקומען, מיר דאַכט זיך, אַז עס איז שוין אַזוי לאַנג, זייט זי איז אַוועק, ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זי עפּעס געזאָגט דער צווייטער קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָט אַ קורצן שמייכל געטאָן, און צו מיר האָט זי געזאָגט, אין ענגליש:

— דאָס האָט מען געפונען. ווייזנדיק מיר אַ קאַרטל. אָבער ס׳איז ניט אונטער דעם נאָמען, וואָס איך פרעג.

— ניין?

— ניין.

— אונטער וועלכן? — האָט ער געפרעגט.

— אונטערן נאָמען ווייס.

מיר האָבן זיך אַלע איבערגעקוקט, האָט די וועלכע איז געזעסן, איר עפּעס געזאָגט, האָט זי אונדז געוויזן וואו מיר זאָלן מיט איר גיין, אין דער שטיל, האָב איך באַמערקט צו מיין באַגלייטער:

— וויבאַלד אַזוי, איז דאָך שוואַרץ אויף ווייס.

— זענט איר זיכער, אַז מאָריס שוואַרץ איז געשטאָרבן?

— זיכער. מיר האָבן דאָס גלייך געוואוסט.

— ווי אַזוי?

— ווען דער „גאָנג" האָט געפּלאַצט.

— דאָס פאַרשטיי איך ניט...

— מאָריס שוואַרץ, האָט אַלע מאָל מיטגעפירט מיט זיך אַ „גאָנג", און ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען נאָך באַדאַרפט אָפּשפּילן אַ פּאָר פאָרשטעלונגען.

— אָן אים?

— יאָ, און ביי איין פאָרשטעלונג ווען דער „גאָנג" האָט געפּלאַצט, האָט מען גלייך געוואוסט, אַז מאָריס שוואַרץ, איז ניט מער צווישן די לעבע־דיקע. דאָס איז געווען דער לעצטער קלונג.

די טיר פון אַן עלעוויטאָר האָט זיך אויפגעמאַכט, און מיר זיינען זאַלבעדריט אַריין, האָט מען אונדז אַרויפגעפירט אויפן פינפטן שטאָק, ווען

מיר זיינען אַרויס פון עלעוויטאָר, האָט אונדז די קראַנקן־שוועסטער צו־געפירט צום צימער נומער 519־בי, די טיר איז געווען אָפן, אַן עלטערע פרוי איז דאָרט געזעסן אויפן בעט, און ווען מיר זיינען צוגעקומען, האָט זי שמייכלענדיק מיך געפרעגט:

— זענט איר אפשר פון ניו־יאָרק?

— געטראָפן...

— איך קום פון די בראָנקס, קראַנק זיין, איז אפילו ניט גוט אין ישראל.

— ניט געזאָרגט טייערינקע, איר וועט באַלד האָבן אַ רפואה, און ווען איר וועט אַהיים קומען, וועט איר דאָס דערציילן אין פריידן.

— אַ האַרציקן דאַנק אייך טייערער מענטש, זייט אויך געזונט, אַזעלכע מענטשן דאַרפן זיין געזונט, און לאַנג לעבן.

אויך דאָ האָב איך מיך אַרומגעקוקט, וואו זי האָט מיך געפירט, אַזוי אַרום האָב איך מיך בעסער באַקענט מיט דער קראַנקן־שוועסטער, ביים פאַרלאָזן, האָב איך פאַרשריבן איר נאָמען און אַדרעס, מיסס ווערא סעדאן. נאָך דעם ווי איך האָב איר פאַר אַלץ געדאַנקט, זיינען מיר אַרויס פון שפיטאָל.

דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער, האָב איך באַשלאָסן אַהיים צו גיין, אַזוי אַרום האָב איך מיך באַקענט מיט די גאַסן, און געקענט זייער אַ סך באַמערקן.

איך האָב מיך געמוזט אָפרוען, מאָנטאָג אין דער פרי, איז געווען באַ־שטימט מיין טור נאָך ירושלים. אַריינקומענדיק אין דער אַלטער שטאָט ירושלים, האָב איך אין אַלץ פאַרגעסן, בלויז צוויי זאַכן, האָב איך גוט גע־דענקט, אַז איך דאַרף זיין, אין ראָס פאָטאָ, און דאַרף קריגן איין אַריינגאַנגס־קאַרטע צום גרויסן פראָצעס.

דער „שערוועט" אין ירושלים, האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט ווייט פון דעם „אור־גיל האָטעל". בין איך אַרויס, און צוגעגאַנגען, ס'איז דאַכט מיר ניט ווייט, דאָך נעמט מיר לאַנג ביז איך קום צום האָטעל, איך קוק מיך אַרום, אין אַלע זייטן, און באַוואונדער אַלץ וואָס קומט מיר אַנטקעגן, די קליינע שמאָלע געסלעך, קליינע און אַ ביסל גרעסערע געשעפטן אַ סך צעקרימטע הייזער, מיט אָפענע טירן, אייניקע האָבן פאַרמאָגט זייער מאָדנע שלעסער, פאַרלאָזטע הויפן, מיט צעבראָכענע טראָטואַרן, מ'קען

זיך אויסדרייען אַ פוס, דאָך איז צו מיר אַלץ געווען פאַנטאַסטיש ניי, אפילו די שטיינדעלעך וואָס האָבן זיך געפונען אין די זייטן פון די גאַסן, צו מיר האָבן זיי אויסגעזען ווי טייערע בריליאַנטן, זיי האָבן דאַכט מיר, געשיינט אין מיינע אויגן, ווען איך בין אַדורכגעגאַנגען ר״ל הילל.

אַריינקומענדיק אין האָטעל, האָט מען מיך באַלד באַזאָרגט מיט אַ צימער און איך האָב זיך גענומען אויספּאַקן, איז פון דעם וואַליז, אַרויסגעפאַלן אַ בריוו, האָב איך אים אויפגעהויבן, און זיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף אים דאָ איבערגעגעבן צו אַ ישיבה בחור, אָבער ווי אַזוי קום איך דאָ צו, וואו דער בחור געפינט זיך? איך וועל אַ פרעג טאָן ביים „דעסק". אַזוי גיך ווי איך האָב אַלץ געהאַט אויף אָן אָרט בין איך שוין געווען ביים „דעסק" און שוין גע־וואוסט, אַז אין ר״ח יאפה, באַדאַרף איך נעמען דעם אָמניבוס נומער 15.

איך האָב מיך אַרומגעדרייט, ווייל איך האָב ניט געפרעגט אויף וועלכער זייט איך דאַרף נעמען דעם אויטאָבוס. האָב איך מיך אַרומגעקוקט און קיינעם ניט אַדורכגעלאָזט, כמעט אַ יעדער איינער, איז ביי מיר דאָ געווען אַ וואונדער, אַ סך פון זיי געדענק איך נאָך פון דער אַלטער היים, זיי האָבן מיך דערמאָנט אין חדר און די מלמדים וואָס איך האָב געהאַט, געוויס מער ווי איינעם, איך כאַפּ מיך וואו איך בין, און וויפל יאָרן עס זיינען שוין אַוועק, אפילו מאָריס שוואַרץ איז שוין ניטאָ. דערמאָן איך מיך נאָך וואָס איך בין דאָ געקומען, אפשר איז דאָ וואו די ראָס פאָטאָ? און איך הויב מיך אָן אַרומצוקוקן, קומט אָן דער אויטאָבוס נומער15.

איך כאַפּ מיך אַרויף, מ׳שטופּט זיך, איך ווייז דעם אַדרעס, און פרעג:

— וואו דאַרף איך אַראָפּגיין?

ער קוקט ניט אפילו צו מיר, ער איז פאַרנומען מיט נעמען געלט, און געבן די קוויטלעך, וואַרט איך, ביז אַ פרוי, וועלכע זיצט ניט ווייט פון דעם געלט נעמער, דערפאַר קען זי הערן וואָס מ׳פרעגט אים, ענטפערט זי:

— וואָס זוכט איר? אפשר קען איך אייך אַרויסהעלפן?

איך ווייז איר דעם אַדרעס, פרעגנדיק:

— איר רעדט יידיש?

— וואו דאָס איז, ווייס איך. זעץ איך מיך צו לעבן איר, זי רעדט און איך קוק איר אָן, וואָס פאַר אַ יידיש רעדט זי, אַ געמיש מיט דייטשמעריש, ביז איך הויב אָן פאַרשטיין, אַז זי קומט פון אונגאַרן, האָט זי אַזוי לאַנג גערעדט, און איך האָב געפּרואווט אַזוי לאַנג איר צו פאַרשטיין, ביז איך

האָב שוין באַדאַרפט אַראָפּגיין, האָט זיך אַ צווייטע פרוי אויפגעהויבן און צו מיר געזאָגט:

— אָט אָ דאָ איז עס, קומט אַראָפּ, וועל איך אייך ווייזן וואו צו גיין.

מיר זיינען ביידע אַראָפּ פון אויטאָבוס, האָט זי מיר אָנגעוויזן, וואו איך זאָל גיין, איך האָב באַלד געטראָפן צו דער ישיבה, און אַלעמען געזען, נאָר ניט דעם, וועמען איך האָב באַדאַרפט, שוין אַריבער אַ וואָך, אַז ער געפינט זיך שוין אין אַ מיליטער קעמפּ, איך האָב געקראָגן זיין אַדרעס, האָב איך באַשלאָסן אים שרייבן אַ בריוו. אומזיסט געפאָרן, פאַרלוירן צייט, און גאָרנישט אויפגעטאָן, אָבער מענטשן פאַרלאַנגען מ׳זאָל מיטנעמען... כ׳האָב וועגן דעם געטראַכט, ביז איך בין צוגעקומען צום ראָג, באַלד איז אָנגעקומען דער אויטאָבוס, בין איך אַרויף און ווען איך האָב באַצאָלט האָב איך מיך ערשט געכאַפּט, פאָרנדיק אין דער ישיבה האָט מען ביי מיר גענומען צוויי מאָל אַזוי פיל, פאַרוואָס? ניט אַנדערש ווי ער האָט געמיינט, אַז די פרוי וועלכע האָט זיך אַריינגעמישט, און מיר געוואָלט העלפן, האָט זיך געהאָלפן.... און איידער איך האָב צייט געהאַט זיך צו באַרעכענען, בין איך שוין געווען אויפן ראָג, וואו איך האָב באַדאַרפט אַרונטערגיין.

איך בין שטיין געבליבן אין מיטן שטאָט פון ירושלים, האָב איך באַשלאָסן, איך בין שוין דאָ, פאַרוואָס ניט צוגיין אין „ראָס פּאָטאָ״? אָבער וואו איז דאָ ר״ח הנביאים 43? כ׳האָב צוערשט געדאַרפט אויסגעפינען וואו איך דאַרף גיין, און ווען כ׳האָב זיך שוין אַרומגעדרייט אונטער דער ברענענדיקער זון, אַ לאַנגע צייט, פון איין ראָג צום צווייטן, האָב איך ענדלעך געפונען די גאַס, וועלכע איז כמעט געווען אונטער מיינע אויגן, די צווייטע גאַס וואו איך בין גע־שטאַנען, נאָר וועמען איך האָב געפרעגט, האָט קיינער ניט געוואוסט.

און ווען איך האָב געפונען די לאַנגע שמאָלע גאַס, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ זוכעניש, צו געפינען דעם נומער 43. איך בין זיכער פאַרבייגעגאַנגען דעם אייזערנעם טויער אפשר 10 מאָל, און ניט גע־קענט געפינען דעם נומער, און וועמען איך פרעג, קיינער ווייס ניט, איז מיר אויסגעקומען צו ווערן אַ „אָדיני״ אפילו זיך פאַרצושטעלן, אַז הינטער אַ האַלב־צעבראָכענעם טויער, וואו מ׳דאַרף אַראָפּגיין אַ פּאָר שטיינערנע טרעפּלעך, דערנאָך זיך פאַרקירעווען רעכטס, קען מען זען, ווי אויף אַ קליי־נעם אַ ביסל באַוואַקסן מיט גראָז קיילעכדיקן „לאָון״, שטעקט אַ געלע שילד, וואָס ווייזט אָן אַז דאָרט איז „ראָס פּאָטאָ״.

ענדלעך בין איך דאָ, און ווען איך האָב שוין געטראָפן, האָב איך ניט געטראָפן, מ׳האָט דאָרט „רעמאָנטירט דאָס הויז״ האָט מיר מר. ראָס, דער־קלערט:

— איך קען איצט ניט צוקומען צו קיין זאַך, די פּאַטאַס זיינען גענומען געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק, ווייס איך ניט וואו די „נעגאַטיוון״ געפינען זיך, אויב איר קענט צוריקקומען, ניט פריער ווי אין אַ וואָך אַרום, וועל איך פּרובירן זיי צו געפינען.

— איך בין דאָ פּאָר דריי טאָג, געקומען פון תל־אביב, מיינט דאָס צו מאַכן איין עקסטרא רייזע.

— איך פאַרשטיי, אָבער איצט קען איך גאָרניט טאָן.

געזאָגט האָט ער דאָס מיט אַזאַ קאַלטקייט, ווי ער וואָלט מיר עפּעס באַדאַרפט געבן אומזיסט, אָדער ווי איינער וואָלט געזאָגט, אויב דו דאַרפסט זיי, וועסטו קומען נאָך אַמאָל, מעגסט זיין וואו דו ווילסט, האָב איך דען געהאַט אַ ברירה? האָב איך צוגעגעבן:

— טרעפן מיר זיך, אין אַ וואָך אַרום.

פון דאָרט, איז שוין ניט געווען ווייט, בין איך אַוועק צו קריגן אַן אַריינגאַנגס־קאַרטע צו דעם אייכמאַן־פּראָצעס, צוקומענדיק דאָרט, האָב איך געטראָפן אַזאַ גרויסן עולם, אַז איך האָב מיך דערשראָקן, דאָרט איז דער „פּאָליס סטיישאָן״, זיינען דאָרט געווען דריי גרויסע שורות מיט מענטשן, האָב איך געמיינט, גאָט ווייסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָב איך גע־וואָלט וועמען פרעגן:

— וואָס קומט דאָ פאָר?

אָבער וועמען פרעגט מען דאָ? אַז מ׳רעדט דאָ אַלע לשונות, נאָר ניט קיין יידיש, איז טאַקע אין ירושלים געווען שווערער עפּעס אויסצוגע־פינען, ווי אין די אַנדערע גרויסע שטעט, איך האָב גלייך פאַרשטאַנען אַז איך וועל דאָ דאַרפן שטיין זייער לאַנג, ביז איך וועל קענען צוקומען צום פענצטער, האָב איך באַשלאָסן, איך וועל בעסער איצט גיין צוריק אין האָטעל, ווען איך האָב מיך אויסגעדרייט אַהיים צו גיין, האָב איך דערזען, אַ רוסישע „צערקווע״, ווי קומט דאָס אַהער? האָב איך געטראַכט, וואָס פאַר אַ שמעלקע איז אַ רוסישע „צערקווע״ מיט דער פּאָליציי פון דער יידישער מדינה? ס׳האָט מיך פאַרדראָסן, ווען איך בין אַוועק פון דאָרט.

פרייטאָג דעם 26טן מאַי, בין איך ווידער געווען אין ירושלים. און

ווען איך בין צוגעקומען צום „פּאַליס־סטיישאַן" זיינען געווען מענטשן, אָבער ניט אַזוי פיל, איך בין באַלד געווען ביים פענצטער, און מ'האָט מיר אַרויסגעגעבן דאָס קאַרטל נומער 521366 שער 4, דנק דוד ת. ז. מסי 046915/ב ביתהעם, ירושלים. דאָס מאָל האָב איך מיך באַקענט מיט אַ פּאָר אַמעריקאַנער סטודענטן, און מיר זיינען צוזאַמען אַוועק צום פּראָצעס.

פון דאָרט בין איך אַוועק אין דער „ראָס פּאָטאָ", אים ניט געטראָפן, און געמוזט קומען נאָך אַמאָל, ס'צווייטע מאָל ווען ער האָט מיך געזען אַראָפּגיין די טרעפּ, האָט ער מיך פאַר אַ ווײַלע געלאָזט שטיין אין דרויסן, און האָט אַרויסגעבראַכט די בילדער, איך האָב אים באַצאָלט, וויפל ער האָט פאַרלאַנגט, פון דאָרט, האָב איך געמוזט גיין צום „שערועט", פונקט דריי אַ זייגער, בין איך געווען ביי מיר אין האָטעל.

די זעקס וואָכן אין ישראל, אין דער הויפּט־שטאָט תל־אביב, האָב איך ניט פאַרפעלט אַ נאַכט צו זיין אין קאַפּע כסית. אַלע מאָל געטראָפן אַ פּאָר אַקטיאָרן דאָרט, און ביי אַ געלעגנהייט פאַר פירט מיט זיי אַ געשפּרעך וועגן מאָריס שוואַרצן, איך האָב געפּרואווט אויסגעפינען, ווער ס'האָט מיט אים געשפּילט, געוואָלט וויסן זייער מיינונג וועגן אים, אַ יעדער איינער, האָט עפּעס געהאַט וואָס צו דערציילן, האָט זיך אָבער איינער גענומען דרייען בשעת ער האָט גערעדט וועגן מאָריס שוואַרצן, האָב איך אויף אים געהאַלטן אַן אויג, פון דער ערשטער מינוט, ווען איך האָב אים געטראָפן.. איז ער צוגעקומען צום טיש, ניט פרעגנדיק און אַריינגעשטופּט זיין שפּיציקע נאָז, אַ פאַמיליען פע־לער, שמעקן וואָס ביי יענעם קאָכט זיך... ווען איך האָב דערמאָנט מאָריס שוואַרץ נאָמען, האָט ער אַלע מאָל געענטפערט מיט אַ שטאָך, דאָס פאַרשטייט זיך האָט מיך פאַרדראָסן, ווי אַזעלכער וואַגט צו רעדן, פון מאָריס שוואַרצן. איך האָב אָבער געשוויגן, וויסנדיק פריער אָדער שפּעטער, וועט ער דער־מאָנען וואָס ס'איז פאָרגעקומען הינטער די קוליסן וואו מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט, איין מאָל גיט ער אַ זאָג צו מיר:

— שוין אַוועק אַ יאָר.

— אַז וואָס ?

— אַז מאָריס שוואַרץ איז אַוועק פון אונדז.

— יאָ, פאַראַכטאָגן זונטאָג, האָט מען אויפגעדעקט זיין מצבה.

— שטעלט אייך פאָר, וואָס דאָ וואָלט זיך אָפּגעטאָן.

— נישט מער ווי אין ניו־יאָרק.

— וואָס רעדט איר? וואָס וואָלט זיך דאָ אָפּגעטאָן? איין זאַך ווייס איך, אַז איר האָט דאָ ליב צו באַגראָבן, וואונדערט מיך זייער אויף אייך, איר האָט דאָך אַן אייגענעם אין אַמעריקע, וועלכער האָט זיך איינגערעדט אַז ער איז דער איינציקער יורש פון מאָריס שוואַרץ.

— אויב איר מיינט מיין פעטער, האָב איך אים אין אַמעריקע...

ער האָט מיך דערמאָנט אין אײנעם, וואָס מיר האָבן אַמאָל געהאַט, וועלכער האָט זיך אויך אַלע יאָרן אַרומגעדרייט אין דער ראָיאַל קאַפע, ביי די טיש־לעך, און אָנגעשטרענגט זיין אויער וואָס מ׳רעדט, אויף מאָרגן האָט דער אָפּיס פון דער יוניאָן, געוואוסט ווער, און וואָס מ׳האָט גערעדט, האָט מען אים גערופן דער גע.פּע.או. פון דער יוניאָן. און דער איז גלאַט אַ זלידני...

## ווען רעגנט אין ישראל?

פון אַלע יידישע אַקטיאָרן וואָס איך האָב געטראָפן אין ישראל, איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן קאָלעגיאַלע פריינדשאַפט, ברייטן שמייכל, מיך געמאַכט פילן אַז ער איז איין אמתער פריינד, און ווען ער האָט מיך באַגעגנט, האָט ער מיך איינגעלאַדן אין טעאַטער.

שבת האָב איך מיך געגרייט, צו גיין זען די נייע אויפפירונג, פאַרנאַכט האָב איך מיך אויסגעפּוצט, און גענומען אַ שפּאַציר, צוגעקומען צום גאָרטן, האָב איך דאָרט געטראָפן דעם אימפּרעסאַרער שלמה ברייטשטיין ביים אַריינגאַנג, האָב איך אים באַגריסט, האָט ער גלייך אָנגעשריבן אַ „פּעס" און מיר אים דערלאַנגט, האָב איך בלויז צייט געהאַט אים צו פרעגן:

— ווי אַזוי זיינען די געשעפטן?

— ניט צו פאַרזינדיקן, היינט וועט גאָר זיין גוט.

— ס׳איז אַ גרויס פּלאַץ.

— גייט אַריין וועט איר זען. — ער האָט מיר דערלאַנגט דעם „פּעס".

„1כרטיס הומנה נומער 748 — ביום 6/5/61, שורה 9 כסא 45 שלב".

— אַ דאַנק.

אַריינקומענדיק אין גאָרטן, האָב איך ערשט געזען ווי גרויס ער איז ס׳איז דאָרט פאַראַן אַ „קאַפּעסיטי פון אַ 16 אָדער טאַקע גאַנצע 17 הונדערט

פלעצער", אַלע הילצערנע האַרטע בענקלעך, אַזוי צוזאַמען, ווען מ'זעצט זיך דאָרט אַוועק, קען מען זיך ניט אַ ריר טאָן, דערצו האָב איך נאָך געהאַט צוויי אידעלע דאַמען, וועלכע האָבן געקענט פאַרנעמען גאַנצע דריי פּלעצער... האָב איך טאַקע געפילט, ווי איך בין אַ לעבעדיקער „סענדוויטש".

אָבער ווען דער גאָרטן פילט זיך אָן, איז דאָ אַ גרויסע איינגאַמע, ס'איז אַ וואַרעמער אָוונט, כאַפּ איך אַ קוק אויף מיין האַנט־זייגער, מ'האָט שוין געמעגט אָנהויבן, דערווייל רעשט זיך נאָך, דער עולם גייט, קומט אין טעאַטער אַ ביסל שפּעט, דאָ איז אַלץ אָפן, דער ווינט שאָקלט שטאַרק דעם פאָרהאַנג, פון ביידע זייטן בינע שטייען צוויי גרויסע רעפלעקטאָרן, זיי געבן דאָס גאַנצע ליכט אויף דער בינע, און ווייבאַלד דער גאָרטן איז אָפן, ווילט זיך אַרויפקוקן, ס'איז עפּעס ניט דער זעלבער הימל, וואָס איך זע דאָ אַלע אָוונט און שפּעט אין דער נאַכט... ענדלעך באַווייזט זיך דער קאַפּעלמייסטער, שטעלט זיך אַוועק אין מיטן, גיט אַ קלאַפּ מיטן באַטון, און דער זעלבער אָרקעסטער פון 6 שפּילן שוין ווידער, איך כאַפּ אַ קוק הינטער מיר, דער עולם גייט נאָך.

ענדלעך האָבן זיך אָנגעצונדן די צוויי גרויסע רעפלעקטאָרס, איז געוואָרן פינצטער אין טעאַטער, האָט דער באַטאָן אַ קלאַפּ געטאָן, און אונטער דעם קלאַנג פון מוזיק איז דער פאָרהאַנג אַרויף, און די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן.

ס'איז די זעלבע אַקטיאָרן, וויל איך בלויז וויסן, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, און וואָס וועט דאָ מיין פריינד מאַקס פּערלמאַן באַווייזן? דאָס צוזאַמענשפּילן פון דער גאַנצער טרופּע, איז דאָס מאָל געווען אַ סך בעסער, מען זינגט, מען טאַנצט, מען רעדט, אָבער איך ווייס ניט וואָס, ביז דער פאָרהאַנג גייט אַראָפּ און עס ווערט ליכטיק,אייניקע פון עולם הויבן זיך אויף, די איבעריקע בלייבן זיצן, אַלע וואַרטן פאַרן צווייטן אַקט, אין דער צייט האָב איך באַמערקט אַ פּאָר ליידיקע בענקלעך, רוק איך מיך אַרויס, גלייך זיך אויס, און גיי זיך אַ ביסל אַדורך דעם גאָרטן, מענטשן גייען, ווער פאַר אַ טרונק, ווער פאַר אַ פּאַפּיראָס צו פאַררויכערן, אַנדערע גייען בלויז פאַרביי דעם בופעט, וואָס געפינט זי אין דער הינטערשטער טייל פון גאָרטן, דער אַנטראַקט איז דאָ געוואָרן ווי אַ קליינער יאַריד, האָב איך מיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, און באַטראַכט די מענטשן וואָס זיינען געקומען אין יידישן טעאַטער, און ס'איז מיר געפעלן, פאַר אַ מאָמענט האָט זיך מיר

געדאַכט, אַז איך געפין זיך אויף דער צווייטער עוועניו, אין די גוטע אַלטע צייטן, ווען ס׳איז דאָרט געווען אַ דריי אָדער פיר, גרויסע טעאַטערס.

פון אַלע וואונדער, וואָס איך האָב געזען אין ישראל, און ס׳איז פאַראַן אַ סך צו באַוואונדערן, איז כמעט דאָס איין־און־איינציקע, וואָס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן, איז נאָך מיין מיינונג, דער אַכטער וואונדער אין דער וועלט, די וואונדערבאַרע שיינע קינדערלעך, וואָס געפינען זיך דאָרטן, אַזעלכע שיינע משהלעך, שלמהלעך און יאָסעלעך, וועלכע זיינען ווי שיינע פרי־שינקע מאַי־בלומען, אין קינדער־געשטאַלט, האָב איך אין קיין שום לאַנד ניט באַגעגנט, זיי זיינען ווי פריש־געקליבענע ראָזעווע עפּל, וועלכע מ׳האָט ערשט אַרונטערגענומען פון בוים, ווען, און וואו איך האָב זיי באַגעגנט, האָב איך מיך זאַט ניט געקענט אָנקוקן אין זיי, ס׳האָט זיך מיר נאָר געוואָלט זיי איינבייסן ווי אין אַ וויניקן עפּל, מיט אַזאַ געשמאַקער פרישקייט בליען זיי דאָרט.

ס׳איז ווידער געוואָרן פינצטער, דער אָרקעסטער שפּילט, דער עולם פאַרנעמט זייערע פּלעצער, עטלעכע פאַרבלאָנדזשען און זוכן זיך אויף אַנדערע בענקלעך, איך פאַרנעם שוין אַ בענקל העט ווייט אַוועק פון דער בינע, און דער צווייטער אַקט הויבט זיך אָן.

אויף דער בינע באַווייזן זיך צוויי קינדער, זיי זאָגן עפּעס, זינגען אַ דועט, איך פיל אַז איך ווער דענערווירט, נעם איך מיך דרייען אויפן בענקל, מ׳קוקט אויף מיר, פּרוביר איך מיך באַרואיקן, אין דער צייט איז אַרויפגעקומען אַן אַקטיאָר, וועלכער איז ניט שלעכט געווען אין דער ראָל. איך רוק מיך זייער שטיל אַרויס. אפשר פון ווייטן וועל איך ניט אַזוי שטאַרק באַמערקן דאָס כמעט פאַרזעעניש... וואָלט מאָריס שוואַרץ אַזוי צוזאַמענ־פון דאַנען, אַז קיינער זאָל מיך ניט באַמערקן? ניט ווייט פון אַרויס־פון דאַנען, אַז קיינער זאָל מיך ניט באַמערקן? ווייל ניט ווייט פון אַרויס־גאַנג, זיינען געשטאַנען אַלע אימפּרעסאַריאָס פון ישראל.

אָבער אַז גאָט וויל איינעם העלפן, ווייסט מען ניט פון וואַנען עס קומט, נאָך איידער מ׳האָט פאַרענדיקט דעם אַקט, האָט זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ אַ רעגן, און דער גאַנצער עולם האָט גענומען לויפן, און איך, מיינענדיק, אַז הינטערן טעאַטער, בעסער געזאָגט דער בינע, וועט מיר זיין בעסער צו גיין אַהיים, לויף איך אין יענער זייט, און ביז איך קום צו דער בינע, קען איך שוין ווייטער ניט גיין, און מוז אַרונטערגיין הינטער דער בינע, צוליב

דעם רעגן, איך האָב דאָרט געטראָפן נאָך אַנדערע פּריוואַטע מענטשן, אַלע אַקטיאָרן זיינען שוין געווען אין די גאַרדעראָב־צימערן, וועלכע גע־פינען זיך אין אַ קעלער, אַלע טומלען זיך, מאַקס פּערלמאַן ערגערט זיך, פאַרוואָס דער עולם האָט ניט געזען דעם שלוס פון דער פּיעסע, אין אַ ווינקל זיינען געשטאַנען דריי אַקטיאָרן, פּאַרטיק אַהיימצוגיין, נאָר דער רעגן האַלט זיי צוריק, זיי האָבן געקוקט אויף מיר, אָבער קיינער האָט גאָר ניט געזאָגט, בלויז דער וואָס האָט געשפּילט דעם פאַרמער, האָט זיך פון ווייטן געלאָזט הערן, ווען פערזענלעכע פריינד, האָבן אים געמאַכט די הינטער־קוסילן קאָמפּלימענטן. האָב איך געוואַרט ביז דער רעגן איז געוואָרן שוואַ־כער, בין איך אַוועק, און אַזוי ווי איך האָב קיין פּראָגראַם ניט געהאַט, ווייס איך ניט ווער ס׳האָט דאָרט געשפּילט.

⁂

מיין אַריינקומען קיין ישראל, איז פון פריער געווען אַלץ פאַרזאָרגט, און אַזוי ווי מיין „אינטינערע״ איז געווען אַ גרויסע, אַזוי איז מיין באַגאַזש און בילעטן, אויך געווען גרויס, דאָס איינציקע וואָס ס׳האָט מיר געפעלט, איז פריינדשאַפט, און דאָס האָב איך דערוואַרטעט צו טרעפן ביי די יידישע אַקטיאָרן, ווייל איך בין דאָך ניט געקומען ביי זיי עפּעס צונעמען, בלויז דורך פריינדשאַפט אויסגעפינען וואָס איך זוך דאָ, און זיך פילן אַז איך בין ניט אין דער פרעמד, ווייל ס׳זיינען פאַראַן פריינד.

אָבער ווי אַזוי זיי האָבן געהאַנדלט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַחוץ די צוויי וועלכע איך האָב שוין דערמאָנט, איז אין דער יידישער טעאַטער־פּראָ־פעסיע אין ישראל ניט פאַראַן, דערפאַר אפשר זיינען די צוויי, פאַרבליבן ביי מיר אין זכרון פאַר אַ לאַנגער צייט, און ווען חיים אבראַן האָט מיך באַגעגנט אין גאַס, האָט ער וויזט אויס, אויף מיר דערקענט אַז איך בין ניט געווען שטאַרק באַגייסטערט פון זיין ערשטער פאָרשטעלונג, האָט ער זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר מיר:

— דאָס וואָס איר האָט געזען, פריינד דענק, איז ניט פון די געלונגנסטע פאָרשטעלונגען, איר ווייסט דאָך, ס׳מאַכט זיך, דאַנק איך שוין דעם ליבן גאָט, וואָס ס׳האָט זיך שוין פאַרענדיקט, דערפאַר זענט איר ביי מיר איינגעלאַדן, פאַר דעם מיטוואָך דעם 24טן מאַי צו זען די ערשטע פּיעסע, וואָס איך האָב

אויפגעפירט, איך שטעל דאָס בלויז פאַר עטלעכע פאָרשטעלונגען און איך בין פאַרטיק מיט דער טרופּע.

— אויב איך וועל ניט זיין פאַרנומען, וועל איך דאָרט זיין.

— דאָס איז ניט אַלץ, איר מוזט קומען צו מיר אַהיים, איר זענט מיין גאַסט דעם פרייטאָג, איך וויל אייך באַקענען מיט מיין פאַמיליע און איר קענט מיר דאָס ניט אָפּזאָגן.

ס׳איזווירקלעך געווען אַן אומפאַרגעסלעכער פרייטאָג אָוונט, די אויפ־נאַמע איז געווען אַזאַ פריינדלעכע, אַזאַ וואַרעמע פון זיי ביידן, אַז ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט זיי צו פאַרברענגען, פאַרענדיקט האָט זיך דער אָוונט, וואָס מיר זיינען זאַלבעדריט, באַלד נאָכן עסן, אַוועק אין אַן אַריס־טאָקראַטישן קאַבאַרעט, דאָרט פאַרבראַכט אַ ביסל, און פון דאָרט, אין אַ מער ראַשיקן קאַבאַרעט... ווען מיר זיינען אַרויס פון דאָרט, איז שוין געווען גוט שפּעט, האָבן זיי מיך אַ היימגעפירט.

***

דעם צווייטן מאָל, ווען איך בין געגאַנגען אין דעם זעלבן טעאַטער נאָר זען אַ בעסערע און שענערע פאָרשטעלונג, אַזוי האָט מען מיר פאַרזי־כערט, בין איך שוין ניט געגאַנגען אַליין, און דאָס מאָל, האָב איך אויך געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען מיין נייעם פריינד שפּילן, דער וועלכער, האָט מיך געפירט אין שפּיטאָל, אינטערעסאַנט צו זען אים שפּילן, צוקומענדיק צום טעאַ־טער, האָט מיין פריינט אבראָן, געוואַרט און אַזוי גיך ווי מיר האָבן זיך באַגריסט, איז מיטן שלום געקומען דער „פּעס״ וועלכן ער האָט אויפן אָרט פאַרצייכנט פאַר צוויי, און מיר אים דערלאַנגט מיט אַ פּראָגראַם.

„תיאטרון העולים, כרטיס נומער 297, מר. דוד דענק 2. 24/5/61, שורה 2. כסא 10־9 בשעה 8:30.

צוליב דעם גאַסט וואָס איך האָב געבראַכט, בין איך געווען צופרידן, וואָס מיר זיצן ניט ווייט פון דער בינע, און וואַרטנדיק פאַרן עולם, האָב איך גענומען פאַרשטיין, וואָס מיין פריינד האָט געמיינט, ווען ער האָט מיר אין דרויסן געזאָגט: „פאַר דער היינטיקער קאַסע, זאָרג איך מיך שוין ניט, אַלץ דאַנקען גאָט, איז באַצאָלט״. ווען איך האָב מיך אַרומגעקוקט ווי גרויס דער עולם איז אין טעאַטער, האָט מיר שוין אַלץ פאַר־ענטפערט, און אָט קומט ווידער אַרויס פון זעלבן ווינקל, דער קאַפּעלמייסטער,

קוקט זיך אַרום מיט אַ בליק, צי עס לוינט זיך אים איינגאַנצן צו שפּילן, און נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט זיך אויסצודרייען, איז שוין די אָוועד־טיורע געווען פאַרענדיקט, און דער פאָרהאַנג איז אַרויף.

נאָך דער מאָדערנער אויפפירונג, אין וואָס פאַר אַ דעקאָראַציע זיי האָבן די פּיעסע געשפּילט, האָב איך מיך באַלד ניט געכאַפּט וואָס דאָס איז, ערשט ווען מיין פריינד איז אַרויף אויף דער בינע, האָב איך זייער שטיל געזאָגט, צו מיין באַגלייטערין: „אַ באַקאַנטע פּיעסע, נאָר מ׳האָט דאָ עפּעס שלעכט פאַרדרייט, און דערצו ווערט דאָס זייער ביטער געשפּילט, זאָל דאָס זיין דערפאַר, ווייל ס׳איז ניטאָ קיין עולם? אָדער זיי קענען טאַקע ניט בעסער, ענדלעך האָב איך דערקענט די גאַנצע פּיעסע, איך האָב אין איר געשפּילט מיט 31 יאָר צוריק, אין „אָדעאָן טעאַטער" אויף קלינטן סטריט. דער מחבר אַליין האָט זי אויפגעפירט מיטן אָריגינעלן נאָמען „וואָס יעדער מיידל דאַרף וויסן". דאָ האָט מען דאָס גערופן, „די שיכורטע", זיץ איך און וואַרט פאַר דער שיכורטע, און דערווייל דערמאָן איך מיך ווער די טרופּע איז געווען און ווער ס׳האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם חזן, וואָס מיין בייער פריינד איבעראַשט מיך, איך האָב זיך דערמאָנט, ס׳איז געווען דוד לעווינסאָן, איך האָב אים נאָך געדענקט פון שיקאַגאָ, געווען ביי עליאַס גליקמאַן אין פּאַלאַס־טעאַטער, דער הויפּט־אַקטיאָר, און ווען מיר האָבן צוזאַמען פאַרבונ־מען אַ צימער אין דעם „אָדעאָן טעאַטער", האָב איך ערשט אויסגעפונען, אַז אַחוץ אַ גוטער אַקטיאָר, איז ער געווען אַ טייערער ליבער מענטש, דער אמתער חבר אין אַ טרופּע, און ווען ער האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם חזן, אַ ייד וואָס וואוינט אויף דער איסט־סייד, און מאַכט קוים אַ לעבן, און זיין טאָכטער ווערט אַראָפּגעפירט פון וועג, צוליב אַ קאַריערע וואָס אַ שווינדלער זאָגט איר צו, און ביי דער סצענע, וואו דער אָרעמער טאַטע, בייט זיך ביי דעם שווינדלער, ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון זיין טאָכטער, האָט ער מיט זיין נאַטירלעכקייט ביי מיר אַלע מאָל אַרויסגערופן אַ טרער, אַ צווייטן צו אים, אַזוי צו שפּילן, האָט מען אַזוי גיך ניט געפונען, איז ווי קען איך דאָס טרעפן אין אַ טעאַטער אין תל־אביב? אין די אַנדערע שטעט, האָב איך קיין יידיש טעאַטער, ניט געטראָפן אין ישראל.

נאָך דער האַנדלונג קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז ס׳קומט פאַר ביי דעם אָרעמען חזן אין הויז, און עס דאַרף זיין אַ פּשוט צימער, איבערהויפּט נאָך, מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, אָבער ניט אין ישראל. דאָ מאַכט מען דאָס

מאָדערנע, נאָך דער לעצטער מאָדע פון קונסט. דערפאַר געפינט זיך אין הינטער־גרונט אַ שוואַרצע צעקלאַראַמע, און איבער דער גאַנצער לענג, ווי אויך אין דער ברייט, פון דער בינע, ווייסע־הוילע לאַסטן, מיט אַ סך אָפענע אַריינגאַנגען, דערפאַר קומט אויס דעם אַקטיאָר אַדורכצוגיין ביז ער קומט צו דעם געוואונטשטן פּלאַץ, וואו ער דאַרף שוין אַריינקומען אין הויז אַריין, נעמט דאָס אַזוי לאַנג, אַז עס הויבט אָן צו שווינדלען אין די אויגן, און אַלע מאָל דאַכט זיך, אַז אָט וועט ער אָדער זי, אַריינקומען דורכן קוימען, אמת ס׳דאַרף פאָרשטעלן אַ קאָרידאָר, און דערנאָך דער צימער, און ביז איינער קומט אַריין, קען מען דאָך אָפּשפּילן אַ פּיעסע, די האַנדלונג ווערט פאַרלוירן, ווייל ס׳איז פאַלש, פאַלש, און נאָך אַמאָל פאַלש.

הינטער מיין פּלייצע, האָב איך געהערט ווי אַ פרוי האָט באַמערקט: „וואָס דרייען זיי זיך? ווייסן זיי נאָך אַלץ ניט דורך וועלכן לאָך אַדורכצו־גיין?".

דער נייער פריינד, איז ניט קיין שלעכטער, געוועזענער אַקטיאָר, אפשר אין זיין צייט, איז ער אַמאָל געווען גוט אויך, ווען ער פאָלגט מיך, דאַרף ער זיך ניט באַרימען מיטן אַמאָל, דער נעכטן איז אַוועק, איצט וויל מען זען, וואָס דו קענסט פאַרקויפן היינט.

דערפאַר האָב איך דאָרט שוין ניט געקענט איינזיצן, אָבער געמוזט, ערשטנס צוליב מיין גאַסט, צווייטנס האָבן מיך שוין אַלע געזען פון דער בינע, האָב איך שוין געמוזט דאָרט בלייבן ביז נאָך דער פאָרשטעלונג, מיין גאַסט איז דערנאָך געווען אַ גוטער תירוץ, פאַרוואָס איך בין ניט אַרונטער־געקומען הינטער דער בינע, נאָכן שפּילן.

## די לעצטע פּאָר טעג אין ישראל

ווען איך האָב זיך גענומען פּאַקן, האָב איך די אַרבעט געטאָן אין דער פרי, האָבנדיק אַ סך זאַכן מיט מיר, האָב איך איניקע פּעקלעך געמוזט אַוועק־שיקן פריער, איידער איך פאַרלאָז ישראל.

ווייל פון דעם 8טן יוני וועט מיר אויסקומען מער צו פליען, טאָר מען מער ווי 44 פונט באַגאַזש ניט האָבן, דערפאַר האָב איך געהאַט אַ סך קליינע פּעקלעך, „מיט סטרעפּס" וואָס האָבן געקענט הענגען אויף מיינע אַקסלען.

האָב איך דערפאַר צייט געהאַט אַ גאַנצן טאָג, און געקענט זיין וואו

איך האָב באַדאַרפט, און ווי איך בין געווען פאַרנומען, האָט דאָס געמעגט זיין אין נתניה, רחובות, הדר רמתים, באר־שבע, נהריה, עכו, חיפה, אפילו אין ירושלים. בין איך אין אָונט געווען אין קאַפע־כסית.

און פונקט די לעצטע וואָך, האָב איך אין דער קאַפע געטראָפן מער אַקטיאָרן, ווי די גאַנצע צייט, וואָס איך בין דאָרט געוועזן, אַ סך פון זיי האָב איך צום ערשטן מאָל געזען, און כמעט אַלע האָבן געהאַט טענות...

אַ סך מאָל האָט דאָס מיך פאַרדראָסן, זיצנדיק דאָרט, איז מיר אַדורכ־געלאָפן אין מיין מוח, פופציק יאָר יידיש טעאַטער געשפּילט, אַמאָל געווען גוט אין זיי, אַמאָל ניט אַזוי גוט, און דאָך קיינמאָל ניט געהאַט קיין טענות, איך האָב געשפּילט, מיט אַלעמען, סיי מיט די גרויסע, און אויך מיט אַ סך ניט אַזוי גרויס... איך האָב אויך דורך די אַלע יאָרן זיך געטראָפן מיט פאַרשיידענע אַקטיאָרן, און פון קיינעם ניט גע־הערט, וואָס איך הער דאָ, איך האָב אויך אין מיין זיין אין דער פּראָפעסיע, געהאַט גוטע צייטן, אַ סך מאָל, אַ שיין ביסל „אונטערגעסטראַדאַיעט" אָבער קיין מאָל ניט, זיך פאַר וועמען באַקלאָגט, דאָס פאַך איז מיר געווען ליב, און נאָך מער, איך האָב ליב געהאַט צו שפּילן טעאַטער, איבערהויפּט ווען איך האָב שוין געשפּילט אין די גרויסע טעאַטערס, מיט די גאָר גרויסע קינסטלער, און צו יענער צייט, פאַר אַ סך אַ גרעסערן עולם, ביי וועלכן מיר זיינען געווען באַליבט, זיי האָבן זיך דאַן געוואָרעמט אַרום די אַקטיאָרן, און נאָך מער, אַרום די אַקטריסעס... פאַרן טעאַטער איז דאָס געווען גוט... אַזוי גיך ווי די וואַרעמקייט האָט זיך אָפּגעקילט, האָט אַלץ מיטן טעאַטער גענומען גיין באַרג אַראָפּ, האָבן מיר דאָס באַדאַרפט נעמען ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, ווייל קיין יוגנט איז ניט צוגעקומען, די גרויסע טעאַטערס, האָט מען אין גאַנצן אַרונטערגעוואָרפן, דער עולם איז ניט נאָר געוואָרן אַמעריקאַ־ניזירט, נאָר ער האָט אויך אָנגעהויבן אַריינקריגן צו זיך אין הויז, פריי אונטערהאַלטונג, צוערשט דורך ראַדיאָ און דערנאָך דורך טעלעוויזיע, מיר זיינען עלטער געוואָרן, די געגנטן האָבן זיך געביטן, די גרויסע אַקטיאָרן זיי־נען אויסגעשטאָרבן, קיין אַנדערע זאָלן קענען פאַרנעמען זייערע פּלעצער, איז ליידער נישטאָ, איז צו וועמען קען מען האָבן טענות? דאָ, גיבן זיי גאָרניט, און ווילן אַ סך. מיר האָבן אַמווייניקסטנס פאַרמאָגט גרויסע שיינע טעאַטערס, נייע גוטע פּיעסן, די גרעסטע יידישע אַקטיאָרן, ווי אַ יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער, באָריס טאָמאַשעפסקי, זיגמונד מאָגו־

לעסקאָ, רודאָלף שילדקרויט, מאָריס מאָריסאָן, לעאָן בלאַנק, יוזעף קעסלער, סעמיועל ראָזענשטיין, לודוויג זאַץ, סעמיועל גאָלדענבורג, אהרן לעבעדעוו, מיכל מיכאַלעסקאָ, מאָריס מאָסקאָוויטש, יצחק פעלד, יוזעף שיינגאָלד, גוסטאַוו שאַכט און צענדליקער אַנדערע גרויסע אַקטיאָרן, בערטאַ קאַליש, קעני ליפּצין, סאַראַ אַדלער, מאַלווינאַ לאָבעל, קלאַראַ יאַנג, ראָזאַ קאַרפּ, רעגינאַ פּראַגער, בינאַ אַבראַמאָוויטש און אסתר־רחל קאַמינסקי און פיל אַנדערע, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל ניט געזען, און איך בין זיכער, אַז אַ סך פון זיי האָבן אַפילו ניט געהערט פון זיי.

זיינען אָנגעלאָפענע פון אומעטום, און טראָגן זיך אַרום מיט פאַלשע פּאַספּאָרטן. דאָס צושרייבן אויפן פּראָגראַם, פון וואַנען מ׳קומט, און וואו מ׳האָט אָנטייל גענומען, קיעווער, אָדער בוקאַרעשטער מלוכה־טעאַטער, קען איך קיין סך ניט מיינען, אויב מ׳האָט אַליין ניט גענוג טאַלאַנט, צו ווערן פאַר זיך אַ גאַנצע מלוכה... דערפאַר זאָל זיך קיינער ניט וואונדערן, פאַרוואָס איך בין דאָ געזעסן, און שטאַרק באַדויערט אונדזער גרויסן קינסטלער מאָריס שוואַרץ. אַ מענטש מיט אַזאַ פאַרנעם, וועלכער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן פאַרן יידישן טעאַטער, דאָס צו פאַרגרעסערן, פאַרשענערן, פאַרבעסערן, און אויף וויפל ס׳איז אים געלונגען, דאָס אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכן ניוואָ, איז אָנערקענט געוואָרן ביי דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָט געלעבט און געאָטעמט מיט יידיש, דערפירט זיין טעאַטער אין דער זעלבער רייע פון דעם מאָסקווער־קונסט־טעאַטער, האָט דאָ באַדאַרפט פאַרענדיקן, מיט אַזעלכע פלעקער... ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס ער איז דאָרט געלעגן אונטערן נאָמען וויים, ער האָט זיך זיכער געשעמט, מ׳זאָל וויסן, מיט וועמען ער האָט דאָ געשפּילט.

— וואָס מיינט איר? — האָט איינער געפרעגט דערשראָקן.

— דאָס וואָס איר הערט, ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט, אַזוי צו רעדן?

— ער איז דאָך שוין טויט...

— פאַר אייך, אָבער ניט פאַר אונדז, ביי די יידישע אַקטיאָרן אין אַמע־ריקע וועט ער אייביק בלייבן מאָריס שוואַרץ, דער גרויסער יידישער וועלט־קינסטלער, און איר רעדט פון אים, ווי ער וואָלט געווען איינער פון אייערע, קענט איר מיר ווייזן אַ צווייטן צו אים אין יידישן טעאַטער? מיט וועמען האָט איר אין אייער גאַנצער קאַריערע, אויב איר האָט אַזעלכעס געשפּילט, וואָס איז געווען בעסער, ווי אַזוי נעמט איר אייך דאָס רעכט, איבערהויפּט

צו רעדן פון אַזאַ גרויסן קינסטלער, ווען איר האָט בלויז געקענט אַ פּאָר חדשים, און ווען? ווען איך זיך דערביי, וואָס האָב דעם מענטשן געקענט באַלד 50 יאָר, יאָ, פון 1912. קענט איר מיר באַווייזן, אַז איר האָט מיט וועמען געשפּילט בעסער טעאַטער, ביז שוואַרץ איז געקומען אַהער? און ווען ער איז קראַנק געוואָרן, וואָס האָט איר געמיינט אָן אים? און ווען איר שפּילט דאָ יידיש טעאַטער אייער גאַנץ לעבן, וואָלט איר אַמאָל געקענט זיין ביי גאָלדע מאיר אין הויז, ווען ניט פאַר מאָריס שוואַרץ? וואו נאָך האָט מען אין דער טעאַטער פּראָפעסיע אין אַמעריקע, וועט דאָס ניט אַפּלייקענען, איצט גלויב איך, איז שוין צייט פאַר מיר צו גיין, איך דאַרף נאָך מאָרגן זיין אין הדר רמתים.

— האָט איר נאָך אַ געלעגנהייט צו זען דאָרט די נייע טרופּע. — האָט איינער געזאָגט.

— דעם אמת געזאָגט, פאַר איך דאָרט, זיך געזעגענען מיט מיינע פריינד, וועל איך אפשר זיך אַריינכאַפּן אין טעאַטער.

— פאַרגעסט ניט, מיר ווילן וויסן, ווי די פּיעסע מיטן נייעם...

— קענסט נאָך ניט איר טאַלאַנט? — האָט זיך אַ צווייטער אָנגערופן.

— וויבאַלד אַזוי, וועל איך אייך שוין ברענגען אַ פּאַרטיקן רעפּאָרט, שלום.

***

צו מאָרגן פאַרנאַכט, בין איך געוועזן ביי מיינע פריינד אין הדר רמתים, מיט זיי פאַרבראַכט ביז אַרום 8:15 און אַזוי ווי איך האָב זיי געזאָגט, אַז היינט שפּילט מען דאָ יידיש טעאַטער, און איך וויל זיי זען שפּילן, האָבן זיי מיך צוגעפירט צום טעאַטער. אַליין וואָלט איך קיינמאָל ניט געפונען וואו דאָס איז, ס'איז דאָרט פאַררוקט אין אַ ווינקל ס'וואָלט מיר גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז דאָרט געפינט זיך אַ טעאַטער, שפּאַצירנדיק האָב איך זיי געפרעגט: „איר ווילט זען אַ יידישע פאָרשטעלונג, וועל איך אייך אַריינגעמען", זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פאַרגעניגן. ביים טעאַטער, אויב מ'קען דאָס אַזוי אָנרופן, האָב איך מיך מיט זיי געזעגנט, זיי האַרציק באַדאַנקט פאַר זייער פריינדלעכע האָספּיטאַליטי, און ווען זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, בין איך צוגעגאַנגען ביז צו דער טיר, און זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט וויסן וואו די קאַסע געפינט זיך, און ווען איך האָב מיך געלאָזט גיין, איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ הויכער, שיינער מאַן, און מיך געפרעגט:

— וויפל זענט איר דאָ?

— איר קענט מיך? — האָב איך פאַרוואונדערט געפרעגט.

— געוויס ווייסן מיר, ווער איר זענט, ס׳איז זייער פיין פון אייך אַרויסצוקומען אַהער, וויפל דאַרפט איר?

— איך בין אַליין געקומען.

— איין מינוט, איך בין באַלד מיט אייך.

ווען ער איז פאַר אַ ווײַלע אַוועק, האָב איך ניט געקענט פאַרגעסן „פון וואַנען קען ער מיך? איך זע דאָך אים צום ערשטן מאָל, קיינמאָל פריער ניט באַגעגנט, און ער קען מיך, ווייסט מען דאָך יאָ ווער איך בין, נאָר זיי מאַכן זיך ניט ווויסנדיק, איז פאַרפאַלן, איך פאָר דאָך שוין אַוועק.

ווען דער מאַן איז צוריקגעקומען, האָט ער מיר געבראַכט אַ „פעס״.

„תיאטרון מוזיקלי הדש באודיש, 1. כרטיס כניסה להצגת, בעבע שפיצער באופרטה, הזמנה: שורה 3: כסא 5״.

איך האָב אים באַדאַנקט, אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגער, און בין אַריינגעגאַנגען אין טעאַטער, אָדער בעסער געזאָגט, אין אַ לאַנגער לײַדיקער שטאַל, אין דער טיפעניש וואו די אָפענע בינע איז געווען, איז געהאַנגען אַ ברייטער טונקל־בלויער פאָרהאַנג, דאָך זיינען פוןביידע זייטן פון דער גרויסער שמאַטע, געוועזן אָפן, און די טעכניקער זיינען דורך אַ פאָר צוגע־שטעלטע טרעפלעך, אַלע מאָל, אַרויסגעקומען, עפעס גערעדט מיט די כלי־זמרים, וועלכע זיינען שוין געזעסן ביי דער בינע, ווייל קיין „פיהט״ איז דאָרט ניטאָ, און באַלד צוריק פאַרשוואונדן, אַרויפגייענדיק אויף דער בינע, הינטערן פאָרהאַנג איבערלאָזנדיק אַן אָפענעם לאָך, אַ פאָר פון די כלי־זמר האָבן גערעדט, איינער האָט געגלעט דעם סמיק, און אַ צווייטער האָט עפעס געגעסן, איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף דעם האַרטן, הילצערנעם בענקל, וועלכער איז געווען צוגעבונדן צו אַנדערע פיר בענקלעך, ס׳האָט אַ ביסל אַ סקריפע געטאָן, ווען איך בין דאָרט געבליבן זיצן, זאַלבע צווייט, ווייל איך האָב שוין דאָרט געטראָפן אַ פרוי, באַלד האָט זי געביטן איר בענקל, און ווען זי האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט האָט דאָס אַ שווערן קרעכץ געטאָן, די וואָס זיינען באַשעפטיקט הינטער דער בינע האָבן גענומען לויפן פון דעם אָפענעם לאָך דורך די פאָר טרעפלעך אין טעאַטער, אַז ס׳האָט אַזש גענומען נערווירן, דערצו האָב איך גענומען פילן אַ מורא דאָרט צו זיצן אַליין, ס׳איז שוין 9 אַזייגער, און קיינער קומט ניט. איז ווען קומען זיי? און ווער ווייסט,

ווען מ׳וועט דאָ אָנהויבן און איך דאַרף נאָך פֿאָרן אַזוי ווייט, אויב זיי וועלן באַלד ניט שפּילן, אָדער אָפּזאָגן די פֿאָרשטעלונג, וועל איך בעסער אַהיימ־פֿאָרן, ווייל ווער ווייסט, אויב איך וועל שפּעטער קריגן אַן אויטאָבוס, זיי קענען שפּילן ווי לאַנג זיי ווילן, ווייל זיי האָבן אַן אויטאָבוס, וואָס וואַרט פֿאַר זיי, און ווען זיי וועלן פֿאַרטיק ווערן, מאַכט ניט אויס, איך גיב ווידער אַ נערוועאישן קוק אויף מיין האַנט־זייגער, ס׳איז שוין 10 מינוט נאָך 9, וואָס איז דאָ? אַזוי שפּעט שוין און ס׳איז נאָך קיינער נישטאָ. אין דער מינוט האָבן גענומען לויפן מענטשן, פֿון אַלע זייטן, ווי מ׳וואָלט זיי געטריבן אין אַ „טשערעדע״ און זיי האָבן גענומען פֿאַרכאַפּן די בענקלעך, אַזוי ווי זיי וואָלטן פֿאַרלוירן די נומערן פֿון די בילעטן, עטלעכע זיינען געקראָכן איבער די בענקלעך, ביז זיי האָבן זיך אויסגעזעצט, ווען ס׳איז געוואָרן פֿינצטער און די בענקלעך האָבן אויפֿגעהערט צו סקריפּען, איז געווען פּונקט 9:15. אין אַ סעקונדע אַרום, האָט זיך באַוויזן דער קאַפּעלמייסטער, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן באַטון, און די צוזאַמענגעשטעלטע אָוועֶרטיורע האָט זיך אָנגעהויבן, און נאָך איידער זיי האָבן פֿאַרענדיקט האָט זיך דער לאַנג־דערוואַרטעטער פֿאָר־האַנג אויפֿגעהויבן.

וואָס מ׳האָט דאָרט געשפּילט און ווער ס׳האָט דאָרט געמאַכט טעאַטער, ווייס איך ניט, בלויז אַ פּאָר אַקטיאָרן האָב איך דערקענט, וועלכע איך האָב ביי דער ערשטער פֿאָרשטעלונג געזען אין תל־אביב, אין דעם „תיאטרון העולים״, און גלייך געביטן מיין מיינונג וועגן איינעם, ניט צום גוטן. און נאָכן ערשטן אַקט, בין איך אַנטלאָפֿן.

מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז איך האָב אפילו ניט באַמערקט, דורך וועלכער זייט, איך באַדאַרף אַרויס אין גאַס, ביז אַן אייזל „אַ דאָנקי״ האָט מיך אין דער פֿינצטער באַגריסט, האָב איך עטוואָס מורא געקראָגן און געוואָרן ברוגז אויף אַלץ, ביז איך האָב מיך געפֿונען אויף דער גלאַוונער גאַס, צו מיין מזל איז באַלד אָנגעקומען אַן אויטאָבוס, בין איך אַריין און אַוועקגעפֿאָרן.

וואָס ס׳האָט מיך נאָך מער פֿאַרדראָסן, ווען איך בין נאָך איין מאָל גע־ווען אין קאָפּע־נגע, און דער זעלבער הויכער, שיינער מאַן איז צו מיר צוגעקומען, און געפֿרעגט:

— ווי איז אייך געפֿעלן די פֿאָרשטעלונג?

האָב איך נאָך געמוזט זאָגן ניט דעם אמת, ווייל ער איז דאָך געווען זייער פֿריינדלעך צו מיר:

— פײן, זײער פײן.

ער איז באַלד אַוועק, איך האָב אים נאָכגעקוקט וואו ער איז געגאַנגען, און נאָך אַלץ ניט געוואוסט ווער ער איז, און ווען אַנדערע זײנען צוגעקומען צו מײן טיש, האָבן זײ מיך אַזוי פאַרערדט, אַז איך האָב פאַרגעסן צו פרעגן וועגן אים, זײער שפּעט אין אָוונט, בין איך נאָך געווען אין קאַפע־כסיט, ווײל איך האָב דאָרט געהאַט אַ באַשטעלונג מיט מאַקס פערלמאַן, געטראָפן דאָרט אויך אַנדערע אַקטיאָרן און אַ פּאָר אַקטריסעס, וואָס איך האָב דאָרט פריער ניט געזען, אָבער קײנער האָט מיך פאַר זײ ניט פאָרגעשטעלט, מעגלעך אַז אויך דאָס האָבן זײ ניט פאַרגונען... ס׳איז שוין געווען גוט שפּעט ווען איך האָב זײ פאַרלאָזט, זיך מיט אַלעמען געזעגנט:

— איך ווינטש אײך געזונט, און אַ סך פּרנסה.

די נאַכט בין איך כמעט ניט געשלאָפן, באַדאַרפט אויפשטײן זײער פרי, געהאַט אַ באַשטעלונג, מ׳זאָל מיך צופירן צו דעם „לוד" פון וואַנען איך האָב באַדאַרפט אָפפליען, אָבער ס׳איז מיר אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן, ביז מ׳האָט פאַרריכט דעם גרויסן אל־על, בין איך פון דאָרט אָפּגעפלויגן נאָך איסטאַנבול.

***

מיטוואָך, דעם 6טן סעפּטעמבער, 1961.

בין איך געשטאַנען פאַרן קלײנעם אײזערנעם טויער וואו מ׳קען זען די מצבה וועלכע איז כמעט אײנגעשלאָסן אין זיך מיט מיליאָנען סודות, דאָס איז בלויז אײן אָנווײז אויף די קדושים־קינסטלער, וואָס מ׳האָט זײערע לעבנס פאַרשניטן, פאַר דער צײט, אײנגעוויקלט אין דעם גרויסן פאַרצווײגטן בוים, וועלכער טוליעט צו זיך דעם קאַלטן אָבער הײליקן שטײן, פון די פײערדיקע נשמות, וואָס וועט זיך בײ אונדז יידן, קײנמאָל ניט אויסלעשן, אין אונדזערע הערצער.

בלויז אײן קורצער שפּאַן, צו דער נײער גרויסער מצבה, פון דעם בויער און גרויסן קינסטלער, שאַפער פון דעם יידישן קונסט־טעאַטער מ א ָ ר י ס ש װ א ַ ר ץ.

אַ קינסטלער פון זײן פאָלק.




איך וועל אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

# אינהאַלט



## דריטער טייל

דער ערשטער בוך פון דעם מחבר

„הינטער די קוליסן"

•

צו באַקומען ביי

דוד דענק

אויף דעם זעלבן אַדרעס

